# ביי אונז יודען

## אמעלבוך פאר פאלקלאר און פילאלאגיע

ר ע ד א ג י ר ט

פון

## מ. וואנווילד





תרפ״ג ווארשע 192

ע ר ל א ג  פ נ ח ס  ג ר א ו ב א ר ד

פערגעסען איבערצודרוקען אהן די ערלויבניש
פון די אויטארען.


הילע און פערלאגס-מארקע געצ. פון ה. ווײנטרויב.

די האלצשניטען — פון ש. יודינאוו.

קלישעס—אין דער צינקאגראפיע פון ח. גאלדבערג.

געזעצט בײ א. י. האלטער, ברידער האויציקיע-
וויטש, „די וועלט“, און י. מ. אלטער.

געדרוקט אין דרוקערײ „די וועלט“.

בײדע פארטרעטען פון ש. אנ—סקי, דער פארטרעט
פון נח ריז און די רעפראדוקציעס פון די פורים-
שפילער געדרוקט אין דרוקערײ „עקספרעס“.

אין א פערקלענערטען פארמאט איז דער האלק-שניט
פון ע׳ וד 6 אהן אונזער הספס געדרוקט געווען
אין צווײטען העפט „מילגרוים“.


# „BA YNC JID'N"

KSIĘGA ZBIOROWA
FOLKLORU i FILOLOGJI
REDAGOWAŁ
M. WANWILD.


Drukarnia „Di Welt", Warszawa Nowolipie 7.

דעם אָנדענקען פון מיין אונפערגעסליכען פריינד

## ש. אַנ–סקי (שלמה זיינוויל ראַפּאָפּאָרט)

ווידמע איך די אויסגאַבע פון ‹ביי אונז יודען›

פנחס גראַובאַרד



פאָרטרעט פון ש. אנ—סקי פון 1913 דאָס יאָהר ווען ער איז ארויסגעפאָהרען
מיט דער עטנאָגראפישער עקספעדיציע

# בעמערקונגען פון רעדאַקטאָר

פאָלקלאָר און פילאָלאָגיע געפינען זיך, נאַטירליך, אין גאָהנטע בעציהונגען און צווישען זיי ביידע איז אַ שידוך פון די נאַטירליכע זאַכען. עס בעט זיך פשוט משדך צו זיין. טײלמאָל בעוויזט דאָס מאַטעריאַל אין זײַנע אייגענשאַפטען אַזוי־פיל שותּפותדיגקײט, אַז ס'איז דעמאָלט אוממעגליך צו בעשטימען צי דאָס איז פאָלקלאָר אָדער פילאָלאָגיע. מען ווייסט זיך ממש נישט קיין עצה צו געבען. דער אונטערשיד איז נאָר אַ פאָרמעלער. דאָס רויהע מאַטעריאַל קאָן דינען סיי פאַר די צוועקען פונ'ם פאָלקלאָריסט סיי פאַר די צוועקען פון פילאָלאָג; ס'איז אַ גענעטישע שותּפותדיגקײט. אפילו די ענטשטעהונג פון דער קלאַסישער פילאָלאָגיע האָט אין אַ גרויסער מאָס צו פערדאַנקען דעם פאָלקלאָר. די אַלעקסאַנדרינער גראַמאַטיקער זענען גיכער פון אַלץ פאָלקלאָריסטען. און דער בעגרינדער פון דער מאָדערנער פאָלקלאָריסטיק, יאַקאָב גרים, איז גלייכצייטיג אַ גרינדליכער פילאָלאָג; אפשר מעהר פילאָלאָג ווי פאָלקלאָריסט. מיט גאָר זייטיגע כּונות האָט ער, ווי נישט ווילענדיג, צוזאַמען מיט זיין ברודער ווילהעלם בעשאַפען די וויסענשאַפט פון פאָלקלאָר (אָט דאָס וואָרט האָט נאָך דעמאָלט נישט עקזיסטירט, ס'איז אויפגעקומען ערשט פיל שפּעטער אין ענגלאַנד. דאָס ערשטע מאָל האָט עס זיך בעוויזען אין לאָנדאָנער „אַטהענעאום" פון 22־טען יולי 1846; עס בעשטעהט פון צוויי ווערטער folk–lore און בעטייט: דאָס וויסען פ'ן פאָלק). גרים האָט ענטדעקט דעם פאָלקלאָר אַלס נאַציאָנאַלער בעלעהרטער, וואָס זוכט אויף דעם קוואַל פון היימישען וואָרט, אַלס דייטשער פילאָלאָג. אַ פילאָלאָג פון בערוף איז אויך דער בגרינדער פון רוסישען פאָלקלאָר אי וואַן מיכאַילאָוויטש סניעגירעוו.

פונדעסטוועגען לוינט גאָר נישט דער שידוך.

נאָהנטע בעציהונגען פערבונדען דעם פאָלקלאָר נאָך מיט פיל אַנדערע וויסענשאַפטען, אַזוי אַ שטייגער, מיט אַרכעאָלאָגיע, רעליגיע, עטנאָגראַפיע, פעלקער־פסיכאָלאָגיע, עטיק, רעכט, קולטור־געשיכטע און מיט געשיכטע בכלל. די ביכער פון די אַלטע היסטאָריקער, אָהן אונטערשיד צי ס'האָט זיי געשריבען דער גרעק הערָאָדאָט צי דער דענער סאַקסאָ גראַמאַטיקוס, אָדער גאָר דער דייטש יאָהאַנעס פרעטאָריוס, זיי זענען ס'רוב זאַמלונגען פון פאָלקלאָר. און ביים פאָלקלאָר האָבען זיך אַצינד שוין אויך די מאָדערנע היסטאָריקער אויסגעלערנט צו פרעגען בעשייד אין טויזענד זאַכען.

אפשר נאָך מעהר שייכות ווי מיט פילאָלאָגיע האָט דער פאָלקלאָר מיט ליטעראַטור. דער פאָלקלאָריסט פויל האַמבורגער רעדט איבערצייגענד וועגען דעם פאָלקלאָר פון די ווילדע פאָלינעזיער, מעלאַנעזיער, מיקראָנעזיער און אַלערליי אויסטראַלישע שבטים ווי וועגען אַ ליטעראַטור, הגם די litera פעהלען ביי זיי. אַנ'אויטאָריטעט ווי פרידריך פאָן דער לייען פאָדערט אויסדריקליך דיזעלבע רעכט פאַר דער ליטעראַטור שבעל־פּה ווי פאַר דער ליטעראַטור שבכתב. די תּורה שבעל־פּה פון די פעלקער מוזען אַריינגענומען ווערען צווישען די ווערק פון ליטעראַרישען קאַנאָן. זיי פערדינען עס מיט מעהר רעכט ווי די ווערק פון אונזערע קלאַסיקער. די אַנאָנימע דיכטער, וואָס מיט די פראָדוקטען פון זייער געמיט און זייער פאַנטאַזיע קוויקט זיך דאָס גאַנצע פאָלק און נעהמט זיי אויף ווי אַנ'אייגען גיטס, זיי געהערען צו דער ליטעראַטור־געשיכטע. מיט זיי דאַרף זיך אָפּגעבען אונזער עסטעטיק. נאָך מיט העכער הונדערט יאָהר צוריק איז דער פאָלקלאָר אויפגענומען געוואָרען דורך די בעסטע פאָרשטער פון דער געבילדעטער וועלט ווי אַ קינסטלערישע ענטפלעקונג. גענוג איז צו דערמאָהנען די פייערליכע בעקאַנטשאַפט מיט'ן סערבישען פאָלקס־ליד פון געטע און זיין קרייז. דאָס וואָרט פאָלקס־ליד איז טאַקע אַ דייטשע ערפינדונג. יאָהאַן גאָטפריד פאָן הערדער איז געווען דער ערפינדער דערפון און אַ דאַנק זיין איינפלוס האָט זיך עס איינגעפיהרט אין געברויך.

אָבער געגען שותּפות פון פאָלקלאָר מיט פילאָלאָגיע רעדען באמת נישט אַזוי פּרינציפּיעלע ראיות, נאָר מעהר ריין פּראַקטישע טעמים. דאָס בשותּפותדיגקייט איז פשוט נישט געוואונשען. די שותּפים האָבען ברוך השם אַזעלכע גרויסע הצטרכות'ן, אַז איין פלאַץ פאַר ביידען קאָן בשום אופן נישט גענוג זיין. פונקט ווי די פילאָלאָגיע, איז אויפ'ן פעלד פון דער אַלגעמיינער וויסענשאַפט דער פאָלקלאָר אויסגעוואַקסען אין אַ ריזיגען בוים מיט

אַנ׳אונגעהייערע צאָהל צווייגען און פּראָכטען, וואָס בעדאַרפֿן צו האָבען אַ סך באָדען, אַ סך זאַפטען, אַ סך ליכט. דער פאָרשער פונ׳ם פאָלקלאָר איז שוין לאַנג מעהר נישט בכח צו בעהערשען אפילו נאָר דעם גרעסטען טייל פון זיין געביט. מען בעהעלפט זיך מיט אַ זעהר ווייט-געהענדיגע אַרבייטס-טיילונג און ספּעציאַליזירונג. בכלל איז, קאָן מען זאָגען, היינט-צו-טאָג דער פאָרשער פון שפּריכווערטער אַ קנאַפּער ספּעציאַליסט, למשל, אין פראַגען פון פאָלקס-ליד-פאָרשונג, אין דער פאָרשער פון בבא-מעשות איז, למשל, גאָר ווייניג בעהאַוועגט ווען עס קומט צו פלאַסטישער פאָלקס-קונסט, צו פאָלקס-טענץ, צו פאָלקס-שפּילען.

ליידער איז נאָך דערווייל ביי אונז יודען דאָס אַלץ מיט אַנאַנדער אַ פאַנטאַסטישער לוקסוס הן אין פּרינציפּ, הן אין דער פּראַקטיק. אויבנאָהל דאָס זענען ענינים און קנינים, וואָס בעדייטען פאַר יעדען פאָלק דאָס וויכטיגסטע, דאָס שענסטע, דאָס העכסטע, דאָס אייביגסטע, בעציהט מען זיך דערצו אין דער יודישער געזעלשאַפט מיט בטול. דערויף ציהט מען מיט די אַקסעל. נ״שטאָ קיין אינטערעס. ווייס איך וואָס—אַ קוה איז געפלויגען איבערן דאַך—פאָלקלאָר. עט; אַנ׳עסק פאַר ליידיג-געהער, פוסטעפּאַסניקעס, גרינגע קעפּ. געה דערצעהל זיי, אַז אין די איינפאַכע מעשה׳לעך, גראַמען, לידער, גלייך-ווערטלעך, שפּרוכען, וויצען, רעטענישען, אַנעקדאָטען, קללות, ווינשענישען, אָפּשפּרעכענישען, זאַבאָבאָנעס, סגולות, גלויבונגען, תחנות, משלים, מנהגים, לעגענדען, מיסטעריען, לעבענס-אופנים, שפּילערייען, רייזעלעך, שניצעריי-און בוי-אַרבייט, כלים, שפּילוואַרג... געה דערצעהל זיי, אַז דערין פּרעגט זיך אויס—אָפּט אין אַ זעהר קריסטאַליזירטער פאָרם—דער נאַציאָנאַלער כאַראַקטער אין זיין גאַנצען פערנעהם. צום שטאַרקסטען און טיפסטען הערט מען דאָ ביים פאָלק דעם ריינעם אויסדרוק פון זיינע וואונשען, ליידען, שטרויכלונגען, אינסטינקטען, גלוסטונגען, השגות, נסיונות, דרכים. אין דער אייביגער מלחמה צווישען זיין יצר הרע און יצר טוב גיט ער אונז צו דערקענען אַלע זיינע גוטע און שלעכטע אייגענשאַפטען.

אַ גרויסער שאָדען אין דער בעציהונג צום פאָלקלאָר איז די עברית-אידעאָלאָגיע. דער עבריתניק וויל איבערהויפּט גאָר נישט וויסען פון יודיש. יודיש פּאַסט איהם נישט צום נאַציאָנאַלען רומעל. דער גלות טאָר נישט זיין פּאָזיטיוו. נאָר אויפ׳ן גרונד פון אַזאַ בעציהונג לאָזט זיך עס ערקלערען, וואָס נישט קיין גרינגערער ווי אחד העם גיט דאָ דעם טאָן. אונזער פאָלקספּאָעזיע עקעלט איהם. ווי צו להכעיס פערמאָגט די פאָלקס-פּאָעזיע אַזעלכע וואונדערבאַרע פּערל, ווי למשל, דאָס ליד נומער 52 פון ש. לעהמאַנ׳ס זאַמלונג „אַרבייט און פרייהייט“, וואָס האָט גאַנץ געוויס אַ פיל גרעסערען ווערט פון אַלע אחד העם׳ס מאמרים צוזאַמענגענומען. פון דער שנאה וואָס עס ווייזט אַרויס צום יודישען פאָלקלאָר אַ יוד ווי י. ח. טאַוויאָוו (אַ פאָלקלאָריסט!) איז שוין אָפּגערעדט. איהם נעהמט די שנאה צו יודיש גאָר אינגאַנצען צו דעם שכל.

מיט דער יודישער פילאָלאָגיע פערנעהמען זיך עד היום צופעליגע יחידים און ס׳רוב על פי צופאַל. שמעקט טאַקע פון אַלץ מיט טאַנדייט. מען בלייבט שטעקען אין דילעטאַנטיזם. פון דער ניגונג מאַכט מען נישט קיין בערוף. פאַר׳ן פאָלקלאָר זענען אַזעלכע חסרונות אפשר נישט אַזאַ אומגליק. אַ וויסענשאַפטליכע ערנסטערע אַרבייט, וועי״כ, זאָל ברענגען כאָטש פיל-ווייניג קלאָרקייט אין דער עטיאָלאָגיע, בעדינגונגען, מעטאָדען, אויפגאַבען און פּראָבלעמען פון אונזער פאָלקלאָר, מעג נאָך ניש-קשה אַביסעל וואַרטען. נישט קיין בייז. דער עיקר שבעיקר איז דאָך דאָ דאָס רויהע מאַטעריאַל; דאָס זאַמלען, פערשרייבען, פערעפענטליכען. דאָ קאָן קיין גענוג נישט זיין. וויפיל מען זאָל נישט צונויפקלויבען איז ווייניג, און וואָס מען כאַפּט אַריין האָט אַ ווערט, אַ וועלכען עס איז ווערט. דער פאָלקלאָר ווייסט נישט פון קיין בבל. אַלץ איז אַ סחורה, אַלץ קומט צונוץ. דוקא יענע זאַכען וואָס זעהען אויס איבריג, אומנוצליך, לחלוטין נישט ספּעציפיש, דוקא זיי קאָנען זיין פאַר דעם פאָרשער אַנ׳אמת׳ער אוצר. דעריבער טאַקע, נישט קוקענדיג אויף דעם, וואָס זינט די צייטען פון איגנאַץ בערנשטיין און זינט די צייטען פון ש. מ. גינזבורג און פ. ש. מאַרעק האָט זיך בנוגע דעם פאָלקלאָר אין וויסענשאַפטליכער הינזיכט נישט פיל געענדערט צום גוטען, איז פאָרט פיל אויפגעטון געוואָרען. מיר זענען רייכער געוואָרען מיט אַ קליינער צאָהל גוטע זאַמלער. דעם זעלטענעם פלייס און דעם פיינעם געשמאַק פון י. ל. כהן האָבען מיר צו פערדאַנקען עטליכע הונדערט פאָלקס-לידער מיט מעלאָדיעס. מ. קיפּניס האָט דאָס גליק זיך צו ריהמען מיט אַ שענער פאָלקס-לידער זאַמלונג, אַלע מיט מעלאָדיעס (צום גרעסטען טייל נישט פערעפענטליכט). אַ פילזייטיגע און ביז גאָר אינטערעסאַנטע זאַמעל-אַרבייט האָט ענטוויקעלט נח פּרילוצקי (אויך פון זיינע זאַמלונגען זענען פערעפענטליכט קוים אַ שבוש). יהודה עלזעט זאַמעלט מנהגים, סגולות, זאַבאָבאָנעס (נאָך גאָר נישט פערעפענטליכט). צלם מוסטער-און געוויסענהאַפטער זאַמלער ערשיינט פאַר אונז ש. באַסטאָמסקי. עס פערדינען נאָך דערמאָהנט צו ווערען די זאַמלער א. דרויאַנאָוו, י. ח. ראַוויניצקי, הערשעלע לונסקי. ווייניגער בעקאַנט זענען הורוויץ, וואָלפזאָהן, אָלשוואַנגער. דאָס איז כמעט אַלץ וואָס מיר פערמאָגען.

ביי אַלע קולטור-פעלקער עקזיסטירען צעהנדליגער און הונדערטער ספּעציעלע פאָלקלאָריסטישע געזעלשאַפטען מיט גרויסע געלד-מיטלען, וויסענשאַפטליכע אַקאַדעמיעס, אַ רייכע פאַך-ליטעראַטור, פעריאָדישע אויסגאַבען, מלוכה-פאָנדען; מען האַלט אויס געלעהרטע, עס ווערען געשיקט עקספּעדיציעס, געשטיצט אונטערנעהמונגען. אַזוי למשל, האָט אין אויפטראָג פון דער לאָנדאָנער פאָלקלאָריסטישע געזעלשאַפט דער געלעהרטער ג. ל. גאָום אַרויסגעגעבען זיין „האַנדבוך פאַר פאָלקלאָר“. אָהן דער פרייגעביגער שטיצע צו דער רעכטער צייט וואָלט דער גרעסטער רוסישער זאַמלער פון פאָלקלאָר, דער אַרכעאָלאָג אַלעקסאַנדער ניקאָלאַיעוויטש אַפאַנאַסיעוו נישט צושטאַנד געבראַכט זיינע העכסט ווערטפולע זאַמלונגען, וואָלטען מיר נישט בעקומען די אונשאַצבאַרע זאַמלונגען פון דעם נאָרוועגער פ. צ. אַסביערנסען, נישט די פיל אוצרות פון בעריהמטע אַנדערע זאַמלער אין אַלע וועלט-טיילען (בלויז די רשימה פון זייערע נעמען דאַרף פערנעהמען אַ גאַנץ בוך). יעדע ציווילי-

זירטע אומה איז דאָ פערטרעטען. ביי אונז יודען האָבען די כּחות סך הכּל געקלעקט קוים אויף אַ קליינע אונטערנעהמונג. מיט גרויס מסירת נפש איז ש. אַנ-סקי'ן געלונגען צוזאַמענצושלעפען די הוצאות אויף צו אָרגאַניזירען די יודישע עטנאָגראַפישע עקספּעדיציע. אין משך פון גאָר אַ קורצער צייט האָט אַנ-סקי אָנגעזאַמעלט מאַטעריאַלען פאַר אַנ'ערך פירציג בענדער פון אַלדאָס גוטס (פאָלקלאָר און עטנאָגראַפיע מכּל המינים); אָבער וואָס קומט אַרויס? זיי וואַלגערן זיך ערגעץ און האַרען אויף אַ נס אַ מאָל צו דערזעהען די ליכטיגע שיין.

דער גורל פון אַזעלכע גיטער איז גאָר נישט קיין הימלישער. עס פעהלען נישט קיין סבּות און סכּנות, וואָס מאַכען אַ תּל פון יאָהרען-לאַנגער מיה און אויפאָפּפערונג. למשל, אין דער מלחמה-צייט איז בשעת דער באָמבאַרדירונג פון סאָכאַטשעוו פערברענט און פערניכטעט געוואָרען לגמרי אָהן שום שפור אַ גרויסע פאָלקלאָר-זאַמלונג פון פּנחס גראַובאַרד. אויב עס וועט נישט געפינען ווערען קיין עצה ווי אַזוי צו בעוואָרענען דאָס אָנגעזאַמעלטע גוטס, איז מען כּסדר אויסגעשטעלט אויף פערלוסטען, וועלכע זענען מעהר נישט צוריקצוגעוואונען. אָט קלויבט אַ יונגערמאַן ווי שמואל לעהמאַן נישט מיד צו ווערען שוין העכער פופצעהן יאָהר פאָלקלאָר-זאַכען און זשאַלעוועט נישט קיין צייט, קיין מיה, קיין געלד (כאָטש ער איז קיין גביר נישט), און אויף אַזאַ אופן האָט ער ביז אַצינד אָנגעקליבען געוואַלדיגע חמרים פון אַלע מינים פאָלקלאָר, אין דעם נישט ווייניגער פון פינף טויזענד נומערן ליבע-לידער, דערונטער פינף הונדערט מיט מעלאָדיעס (אַנ'עשירות וואָס איז זיך גאָר שווער פאָרצושטעלען), צוואַנציג טויזענד שפּריכווערטער (בערנשטיינס זאַמלונג ענטהאַלט 3993 נומערן), טויזענדער אַנעקדאָטען, מעשיות, פּורים-שפּילען א. אַז. וו. בקצור, מאַטעריאַל אויף אַ פאָלקלאָר-ביבליאָטעק פון הונדערט בענדער!

ווי דער בעריהמטער דענער ע. ט. קריסטענסען, האָט שמואל לעהמאַן די גרויסע מעלה, וואָס ער איז אַליין אַ קינד פון פאָלק און קומט צום פאָלק נישט ווי קיין פרעמדער. זיינע מאַטעריאַלען זענען אויטענטיש. איהם דאַרף מען נישט אָנרופען דער יודישער קאָלבערג (בעריהמטער פּוילישער זאַמלער), נאָר גיכער קאָלבערג'ען: דער פּוילישער לעהמאַן.

דערווייל שרומפען אַלע מאָל מעהר איין די קוועלען פון וואַנען צו זאַמלען. מעג מען אפילו מסכּים זיין מיט די מיינונגען פון אַזעלכע פאָרשער ווי ווילהעלם וויסער און קאַרל שפּיס, וועלכע בעווייזען בעשיינפערליך, אַז דאָס פאָלק הערט נישט אויף צו שאַפען (צו דער ריכטיגקייט דערפון גיבען גלענצענדע ביישפּילען ש. לעהמאַן און ש. באַסטאָמסקי אין זייער מלחמה-פאָלקלאָר; וואונדערבאַר אינטערעסאַנט איז אין דעם פאַל בעזונדערס לעהמאַנ'ס זאַמלונג „אַרבייט און פרייהייט") און קיינמאָל וועט די פאָלקס-דיכטונג נישט אָפּשטאַרבען; איז אָבער פון דער אַנדערער זייט אַ פאַקט, דאָס סוף כּל סוף האָט מען דאָ צו טון מיט דעם בעקאַנטען אַקומולירונגס-געזעץ, וואָס בעשטעהט אין דעם: נייע זאַכען בויען זיך אויף פון פריהערדיגע עלעמענטען, אויף אַלטע מאָטיווען, פון אַ מעהר אָדער ווייניגער פערטיגען שטאָף; פרישע וואַריאַציעס פון אַלטע פאָרמען, אין טראַדיציאָנעלען סטיל. דאָס לחלוטין נייע איז קוים צו בעמערקען. מיט'ן אַלטען דור געהט דערווייל פערלוירען די גאַנצע שענע וועלט פון פערצייטענס. דעם ריינעם קוואַל דאַרף מען יעצט זוכען מיט ליכט. ווי מען טיילט מיר מיט, ל'עבט היינט אין שטעדטעל אָסטראָוו לאָמזשער קאַנט אַ יוד אַ זקן מיט'ן נאָמען בנציון (בנציון אָס-ראָווער), איינער פון די עלטסטע חסידים אין פּוילען, וועלכער ווייס צו דערצעהלען אַ גוזמא אַלטע מעשיות. ווער האָט זיך די מיה גענומען זיי אויפצוצייכענען? שטאַרבט, חלילה, אַזאַ יוד אַוועק, געהט מיט איהם אויף אייביג מיט אין קבר אַריין דער גאָלדענער כּשוף און די פאַרביגע וואונדער פון אַ סך צייטען. ווי גרויס איז די צאָהל פון די וואָס זענען אַזוי אַוועק? וויפיל איז זיך נעבעך שמואל לעהמאַן אויף אַנ'אמת מצער געווען, ווען איהם זענען פון דער וועלט געגאַנגען, מענשען אינגאַנצען אָנגעשטאָפּט מיט כּל טוב פון פאָלקלאָר, ווי אַ מילגרוים מיט קערנער, אָט אַ שטייגער, נח קובעל (נח ריז), ש. שנייעראָוו, פּערל סרוג.

מיט'ן זאַמעל-בוך „ביי אונז יודען" פון פערלאַג פּנחס גראַובאַרד ווערט געמאַכט דער ערשטער שריט צו גרינדען אַנ'אויסגאַבע פון אַ גרעסערען פערנעהם, דערהויפּט פאַר דעם פאָלקלאָר, וואָס זאָל נומר איינס, געבען דעם שטויס צו ווייטערדיגע גרינדליכע זאַמעל-אַרבייט, און נומר צוויי, דאָס אָנגעקליבענע מאַטעריאַל דורך סיסטעמאַטישע פערעפענטליכונגען צוגענגליך מאַכען פאַר'ן פאָרשער. אינ'ם זאַמעלבוך האָבען געפינען אַנ'אָרט אי פאָלקלאָריסטישע אי פילאָלאָגישע אַרבייטען, הגם דאָס איז, ווי כ'האָב פריהער שוין בעמערקט, פון פּראַקטישען שטאַנדפּונקט גאָר קיין טובה נישט. (ס'האָט זיך אָבער געוואָלט וואָס מעהר געבען). דער פאָלקלאָר פערנעהמט דעם ערשטען פּלאַץ. צום בעדויערן, האָט זיך די אויסגאַבע געגרינדעט אין רעכטען ברען פון דער וועלט-מלחמה, און פון דער צייט ווען ס'איז אָפּגעגעבען געוואָרען צום זעצען דער ערשטער דרוק-בויגען ביז צום טאָג וואָס „ביי אונז יודען" ערשיינט, זענען פערביי אַזוי גרויס ווי קיילעכדיגע זעקס יאָהר. אין משך פון די זעקס יאָהר איז דער פּלאַן און די פיזיאָנאָמיע פונ'ם זאַמעלבוך איינינגע מאָל געביטען געוואָרען און יעטוועדעס מאָל האָבען זיך געשטעלט אין וועג אויפסניי אַנדערע רעדאַקציאָנעלע און טעכנישע שוועריגקייטען. אַ שטיקעמיש-מאַש שטעלט מיט זיך פאָר אויך די אָרטאָגראַפיע פונ'ם זאַמעלבוך. אין אַלגעמיין איז עס די אַזויגערופענע אַלטע אָרטאָגראַפיע, מעהר נישט, וואָס צוליב דעם כּסדרדיגען תּהו ובהו פון דער רעפאָרם-בעוועגונג בין איך געצוואונגען געווען צו מאַכען עטליכע קליינע קאָנצעסיעס און איינע אַ גרעסערע אַרבייט (פּרילוצקי'ס) לאָזען אין דער אָרטאָגראַפיע פון מחבר, ווייל דער זאַץ פון דעם זעלבען האָט געמוזט איבערגעבראָכען ווערען אין עמודים פון אָקטאַוו-פאָרמאַט צו אַ המשך מיט יענער אָרטאָגראַפיע, און אויפסניי איבערזעצען וואָלט צו טייער געקאָסט.

דער פאָלקלאָר איז דאָ נישט איבערגעגעבען געוואָרען מיט פאָנאָגראַפישער גענויקייט. דאָס איז נישט זעהר נויטיג. אַנ'אויסנאַהם איז געמאַכט געוואָרען נאָר פאַר טיפּיש שפּראַכליכע אייגענטימליכקייטען (גראַמאַטישע, סעמאַזיאָלאָגישע, פאָנעטישע) אָדער פאַר דעם גראַם.

בעזונדערס זאָל נאָך אויפמערקזאַם געמאַכט ווערען, אַז אין

דער אַרבייט פון יהודה עלזעט אונטערן נאָמען „אידיאָטיזמען", וועלכע איז דער ערשטער פּרווו צו געבען כאָטש אַ לפי־ערך'דיגען בעגריף פון אונזער אידיאָטיקאָן, וואַרפען זיך דורך מאַנכע פרעמדע רעדענסאַרטען, דייטשע, רוסישע, פּױלישע. זיי זענען אָבער אַ קלײנער פערשווינדענדער טייל, און ס'איז אָנצונעהמען, אַז זיי וועלען נישט קאַליע מאַכען דעם אַלגעמיינעם איינדרוק.

און נאָך אַ קליינע בעמערקונג. צו דער זאַמלונג פון פנחס גראַובאַרד „געזאַנגען פון תהום..." האָט זיך, ליידער, נישט איינגעגעבען צוצוגעבען די נאָטען פון די מעלאָדיעס, ווי ס'איז לכתחלה פּראָיעקטירט געווען (זיי וועלען קומען אַלס ביילאַגע אין צווייטען זאַמעלבוך), וואָס איז אַן עמפּינדליכער חסרון. אויך די הוספות פון ש. לעהמאַן צו דער זעלבער זאַמלונג, וועלכע בעשטעהען פון נייע צוויי הונדערט נומערן, דערונטער הונדערט און צוואַנציג מיט מעלאָדיעס, האָבען נישט געקאָנט אַריין און געמוזט בלייבען אויפ'ן צווייטען זאַמעלבוך.

אַן עמפּינדליכע מניעה איז אויך געווען דער אומשטאַנד, וואָס דאָס יודישע וואַרשא איז טיפּאָגראַפיש אַזוי מיזעראַבל אַוועקגעשטעלט, אַז מען דאַנקט גאָט אויב מיט גרויסע צרות קומט אַרויס אַ געדרוקט יודיש בוך כאָטש בעפרידיגענד.

אין „ביי אונז יודען" איז לייכט צו בעמערקען נאָך פיל אַנדערע חסרונות, וואָס איך דערמאָהן זיי גאָר נישט. אפילו די יעניגע וועגען וועלכע איך רעד יאָ, איז עס נישט מיט דער כונה זיך צו פערענטפערן. אַ תרוץ איז אַ קליינינקייט. אַ תרוץ קאָן מען שטענדיג געפינען. צו מאַכען שלעכט און דערנאָך קומען מיט תרוצים, דאָס איז קיין קונץ נישט. אַ קונץ איז צו מאַכען גוט. האָב איך שלעכט געמאַכט, דאַרף איך, פערשטעהט זיך טראָגען די פעראַנטוואָרטליכקייט.

אַ געוויסער פערדרוס איז נאָר, וואָס אָפט טראָגט אַרויס דעם אורטייל וועגען דעם אַ נישס־בערופענע פערזאָן, אַ מענש וואָס שעפּט זיין גאַנץ ביסעל פאָלקלאָריסטיש וויסען פון... אַנאָנסען, קאַטאַלאָגען, פּראָספּעקטען און ביבליאָגראַפישע נאָטיצען און געהט און פסק'ענט שאלות ווי אַן אַרענדאַר, ווי דאָס איז צום ביישפּיל פאָרגעקומען (זעה ביכער־וועלט 1 № פון 1922) מיט'ן רעצעזענט פון ש. לעהמאַנ'ס זאַמלונג „אַרבייט און פרייהייט", (ערשינען אונטער מיין רעדאַקציע), אַ זאַמלונג, וועלכע איז ווירקליך איינציג אין איהר מין און פון אַ באמת זעלטענעםווערט.

לאָמיר האָפען, אַז עס וועט אינגיכען אַנדערש ווערען.

מ. וו.





פּאָרטרעט פון ש. אנ—סקי פון 1919 דאָס יאָהר ווען ער איז
דאָס לעצטע מאָל געקומען קיין פוילען

# געזאנגען פון תהום...

(לידער פון גנבים, ארעסטאנטען, גאסען-פרויען)

געזאמעלט

פון פנחס גראובארד

# געזאַנגען פון תְהוֹם...

(לידער פון גנבים, אַרעסטאַנטען, גאַסען־פרויען).

## דאָס ליעד פונ'ם גנב:

חדשים האָט מיך מײַן מוטער געטראָגען,
האָט מיך געצויגען (געוויגען? ערצויגען?)
געהאַלטען אויף די הענד;
אוי, הײַנט, אוי, מאַמעליאָ°, דו זאָלסט מײַן פנים אָנקוקען,
לײַדער, דו וואָלסט מײַן פנים נישט געווען דערקענט.

איך הייב° מיך אויף צו מאָרגענס אין דער פריה,
איך שטעל מיך דאַוונען מיט אַ יאָמערליך געוויין,
הײַנט, אוי, מאַמעליאָ°, איז מיר איין „ספּראַווע" 1) פאַרגעקומען,
אין דעם ערשטען „ווידזשאַל" 2) בײַ דעם „סענדושע" 3) מוז איך שטעהן.

אַזוי ווי איך בין נאָר צום „סאָנד" 4) צוגעקומען
מיט „קאָנוואָיגע" 5) בין איך געגאַנגען בעוואַכט.
אַזוי ווי איך בין אויך אין ערשטען „ווידזשאַל" אַרײַנגעקומען,
האָב איך געזעהן, אַז דער „קאָמפּלעט" 6)
איז פאַר מיר שלאַכט (שלעכט).

אַזוי ווי איך בין נאָר אין דעם „סאָנד" אַרײַנגעקומען,
בײַ דעם גרינגעם טיש בין איך געבליבען שטעהן,
און דער „סענדושע" האָט זיך מיר מײַן „וויראָק" 7) פאַרגעלײענט,—
אוי, אוי, דרײַ יאָהר איין „וויראָק" אויסגעהן*.

אַזוי ווי איך בין נאָר פון דעם „סאָנד" אַראָבגעגאַנגען (אַרויסגעגאַנגען),
וועהטם ברידער, אוי, ווי עס איז נישט גיט (גוט)!
אוי, איך האָב דאָך מיר „גאָוגאַטשעט" 8) פון מײַן „וויראָק" פרײַ צו געהן,
אַ סוף פיהרט מען מיך מיט פיער יאָהר צוריק.

אַזוי ווי איך בין נאָר צום „האַרסענאַל" 9) צוגעקומען,
אוי, געטרײַע כלה, זײַ דיך נישט מצער,
אַז גאָט וועט מיר העלפען, אַז איך וועל מײַן „וויראָק" אויסזיצען,
איי ביג וועל איך זײַן אויף די פרײַ.

(II

1.

אין תפיסה בין איך געבוירען,
דאָרט האָט מיך מײַן מוטער געהאַט,
מײַן מוטער האָב איך דאָ פערלוירען,—
מײַן פאָטער אויף קאַטאָרגע בעשטאַט°.

שפּעטער ווען איך בין צו מײַן שכל געקומען,
און אָנגעהויבען אַלעס צו פערשטעהן,
ווי מען האָט מיר מײַן רעכט צוגענומען,
אַ ני'עלענדער אַרעסטאַנט מוז איך זײַן.

2.

מײַן פאָטער האָט זיך אין מײַן מוטער פערליעבט,
נאָר פון אַ חסידיש הויז איז זי געווען,
האָט מען איהר דערפאַר אַרויסגעיאָגט פון שטיב (שטוב),
און עס האָט זיך אויף איהר קיינער נישט געוואָלט אַרומזעהן.

עס האָט מײַן מוטער צו אַלעס געצוואונגען
די ליעבע צו מײַן פאָטער, מיט איהם צוזאַמען זײַן,
דאַן האָט זי פאַר איהר הײַם דאָס אָבשיעד־ליעד געזונגען
און מיט מײַן פאָטער אין די ווײַטע וועלט געטהון געהן.

3.

און די גרויסע נויט, וואָס עס איז גיט געווען אויף קיין ברויט,
האָט זיי געצווינגען גנב'ענען צו געהן,—
מײַן פאָטער פערשיקט,
מײַן מוטער האָט אויך נישט געגליקט
און די תפיסה איז ווײַער סוף געווען.

(III

ווען איך בין נאָך אַ קינד געווען,
איך האָב נאָך פון נאָר נישט געפיהלט,
האָב איך אַ מאָל אין גאַס דערזעהן —
איך האָב זיך דאַמאָס° מיט קינדער געשפּיעלט —
ווי אַ פרוי געהט און צוויי מאַן אונטער (הינטער) איהר
און איינער שטעקט די האַנד אין איהר טאַש אַרײַן.
איהם האַרט (אַרט) ניט וואָס מען זעהט —
און ער ווינקט גלײַך צו מיר,
אַז איך זאָל קיין סליכענער* זײַן.

ווען איך בין עלטער געוואָרען,
איז אויף מיר אויסגעגאָסען נאָמם צאָרען (צאָרן),
אַז איך זאָל אַ גאָרקע* ווערען.
עס איז מיר שלעכט און ביטער,
איך האָב קיין פאָטער, קיין מיטער (מוטער),
איך האָב זיך ניט פון וואָס צו דערנערען.

אין גאַס אַרײַן איך געה
און זוך נאָר זיי,
די „חברה", איך זאָל זיך פערשרײַבען (!);
איך זאָל אויך קענען געבען אַ געשריי
און שווערען בײַ די פּ־ײַ
און אַ גאָרקע* זאָל איך שוין פערבלײַבען.

עס האָט נישט לאַנג געדאָרט°,
ווי נעהמען מיך מיט אויף אַנ'אָרט,
אויף אַ טאַלטעלע* געגאַנגען זענען מיר.
ווי איך קום אין שטוב אַרײַן
און פאַק מיר אַלעס אײַן,—
דערהער איך ווי מען קלאַפּט אין טהיר.

איך פערליר מײַן מוטה
און עס ווערט מיר נישט ניט (גוט).
איך ווייס נישט, וואָס איך זאָל מאַכען.
דאָס פענסטער עפען איך אויף
און פון צווייטען שטאָק איך אַנטלויף
און לאָז דאָרטען איבער אַלע זאַכען.

פון די געשרייען און געוואַלדען,
האָט מען מיך באַלד פערהאַלטען,
אין „אָטשאַסטאָק" 10) אַרײַן פיהרט מען מיר (מיך).
מײַן מענשהײַט (מענשליכע ווירדע?) צוגענומען
און אַ „וויראָק" 7) בעקומען,—
אויף דרײַ מאָנאַטען „זאַקליוטשעניע" 11) גיעט מען מיר.

(IV

ווען איך בין נאָך אַ קליין קינד געוועזען,
פלעג איך מיט מײַן מאַמעליאָ° געהן,
ווער עס האָט נאָר מײַן ביאָגראַפיע געלעזען,
איז דאָך אַ יאָמערליך געוויין.

אַלעס (אַלס) קינד בין איך פון שטוב אַרויסגעגאַנגען°,
מיט חברים האָב איך זיך בעקאַנט,
וויפיעל צרות בין איך אויסגעשטאַנען,
ווען איך בין געגאַנגען° מיט זיי בעגאַנד.

מיר האָבען אָנגעהויבען גנב'ענען צו געהן,
יעדער האָט בעוויזען זײַן טאַלאַנט.
עס איז אָבער אַנ'אומגליק געשעהן —
געכאַפּט האָט מען מיך מיט די כלים אין די (דער) האַנד.

בײַ דעם משא־ומתן* בין איך געשטאַנען,
פּסיכענען* האָב איך געוואָלט,
איז מען פלוצלינג אַראָפּגעגאַנגען°
און אָנגעכאַפּט האָט מיך דער יאָלד*.
ווי איך האָב גאָר דעם יאָלד* דערזעהן
און זײַן חי* האָב איך דערהערט
האָב איך נישט געקוקט, וואָס עס וועט געשעהן

וויַיל דאָס משא-מתן* איז געוואָרען געשטערט.

מיט דעם שאַבער* האָב איך איהם דעם קאָפּ געשפּאָלטען,
און אויסציהען* האָב איך געוואָלט, —
חאַפּט מען מיך אָבער ביַי דעם טויער פֿער-האַלטען
און צוגעפֿיהרט צוריק צו דעם יאָלד*.

ווי איך בין נאָר אין ציַרקעל 12) אַריַינגעקומען,
אַ פּראָטעקאָל ° האָט מען מיר באַלד געמאַכט,
מען האָט ביַי מיר אַלסדינג צוגענומען,
אין ביאָרע ° אַריַין האָט מען מיך געבראַכט.

ווי איך בין נאָר אין ביאָרע ° אַריַין געקומען
און קאָנטעטאָווסקע 13) האָט מיך נאָר אָנגעקוקט (אָנגעקיקט),
האָט מען אַ פֿאָטעגראַף ° פֿון מיר אַראָבגענומען (פֿאָטאָגראַפֿירט),
און אין פּאַוויאַק 14) האָט מען מיך אָבגעשיקט.

(V

באַלד וועל איך מיר מיַין הערץ ערציהען (האָלז פֿערציהען ?)
דאָ בליַיב איך הענגען אויף אַ שריג (אַ שטריק),
קומט אַהער אַלע מיַינע גוטע ברידער:
פֿון מיר יאָסעל „בענקאַט"15) אַ ליעד.

איך בין נאָר געבוירען געוואָרען
ביַי מיַינע עלטערן אין דער היים —
איז אַראָב אויף מיר פֿון גאָט אַיַין צאָרען (צאָרן),
אַ גנב, אַ גאָרקע* מוז איך זיַין.

גנב'ענען בין איך מיר געגאַנגען,
ווען איך בין אַלט געוועזן איין ° צעהן, אין עלפֿטען יאָהר,
אין די פֿינסטערע תפיסה האָב איך מיך „אויפֿ-געלאָדעט" 16)
ביז איך בין אַלט געוואָרען איין און צוואַנציג יאָהר.

אין לעבעדיגען קבר בין איך מיר געלעגען,
צווישען קראַטען און איַיזערנע טהיר;
אין לעבעדיגען קבר בין איך מיר געלעגען:
די ליעבע פֿריַי—זי איז פֿערשטעלט פֿון מיר.

„קאָנוואָי"17) מיט די בלאַנקע שווערדען,
דער עטאַפּ איז שוין אָנגעגרייט;
דאָ נעהמט מען ביַי מיר מיַין טיַיערע האַנד
און מען „קאָוועט"18), ווי דעם הונד אויף דער קייט.

דער עטאַפּ איז שוין אָבגעפֿאָהרען
עטליכע „בענג" (טעג) נאָכאַנאַנד, —
צו מיַינע גוטע ברידער האָב איך געטהון שריַיבען,
אז איך בליַיב איַין עלענדער האַרשטאַנד (אַרעסטאַנט).

איך בין מיט מול קיַין סיביר אַריַינגעקומען,
האָט מען מיך אָבגעלאָזט אויפֿ'ן פֿריַיען פֿעלד אַליַינס (אַליין)
צום וואַנדערן האָב איך מיך גענומען,
וויַיל איך בין געווען עלענד ווי אַ שטיין.

איך בין בשלום קיַין וואַרשע צוריקגעקומען,
אויף דעם אומגליק האָב איך מיך נישט גע-ראַכט (גערעכט);
אין „ביאָרע-שלעסטווע" 19) האָט מען מיך גענומען,
אויף לינקס* אין „דיעלאָ" 20) האָט מען מיר געמאַכט.

(Va
(וואַריאַנט.)

אוי, יעצט וועל איך מיר מיַין האַלז איַינ-ציהען,
דאָ בליַיב איך הענגען אויף אַ שטריק —
אַדיעס ° מיַינע אַלע גוטע ברידער:
פֿון מיר יאָסעל „בענקאַט" 15) אַ ליעד.

אַזוי ווי איך בין נאָר געבוירען געוואָרען,
בין איך געווען ביַי מיַינע עלטערן אין די היים,
איז אַראָב אויף מיר פֿון גאָט אַ צאָרען (אַ צאָרן):
אַ גנב, אַ גנב זאָל איך זיַין.

אַזוי ווי כ'האָב נאָר אָנגעהויבען גנב'ענען,
בין איך אַלט געווען צעהן, אין עלפֿטען יאָהר,
אין די פֿינצטערע ° תפיסות האָב איך מיך „אויפֿ-געלאָועט" 16)
כ'בין אַלט געוואָרען איין און צוואַנציג יאָהר.

אין פֿינצטערן° קבר בין איך מיר געלעגען,
צווישען קראַטען פֿאַרוואָגעלט פֿון דער פֿריַיער וועלט,
וויפֿיעל צענערדיגע° בריעף, האָב איך געטהון שריַיבען,
אוי, די ליבע פֿריַי, זי איז פֿאַר מיר פֿאַר-שטעלט.

כ'בין שוין אָבגעפֿאָהרען
עטליכע טעג דורכאַנאַנד —
גיעט אַ קוק די איַיזערנע קייטען,
וואָס איז „געקאָוועט" 16) אויף מיַין האַנד.

(VI
1.

ווען איך בין נאָך אַ קליַין קינד געווען,
האָט זיך מיר גנב'ענען פֿערגלוסט,
וואָס מיַינע איַינעלטערן האָבען נאָר דערזעהן—
פֿערדינען* האָב איך עס שוין געמוזט.
אַזוי האָט זיך געפֿיהרט אַ שטיקעל ציַיט,
געווען בין איך שטענדיג אויף דער פֿריַי,
צו דער גנבה האָבען מיך די שותפים גענייט (גענויט),
גנב'ענען האָב איך געמוזט נאָר פֿאַר זיַי.

אַ גנב איז אַ תקיף, אַ גנב איז אַ מכה,
אַ גנב איז אַן'אומגליק אויף דער וועלט, ביַיס

2.
אַ מאָל זענען מיר אין גאַס אַרויסגעגאַנגען,
צו אַ משא-מתן* האָבען מיר געוואָלט צו געהן,
איך גיעב אַ קוק איז אַ חלבנה* געשטאַנען
און די שותפים האָבען גאָרנישט דערזעהן.
דעם שאַבער* האָב איך באַלד אַרויסגעצויגען,
צום פּסיבענען* האָב איך זיך איַינגעבויגען,
די מולע* האָב איך אַראָבגענומען —
אין משא-מתן* אַריַין בין איך באַלד אַריַינגע-קומען.

אַ גנב איז אַ תקיף א. אַז. וו.

3.
אַזוי ווי איך האָב מיר אַלעס איַינגעפּאַקט,
וואָס איך האָב געטראָפֿען דאָרט שטעהן;
קליַיפּטאָריע* האָב איך אָנגעליַיגט° אַ פּולען זאַק—
דערזעה איך ווי דער שטימפּ* קומט צו געהן.
אַ חי* געמאַכט האָט ער אָהן אַ שיעור,
דאָס טויער פֿערפּסיבענט* האָט מען באַלד פֿאַר מיר,
און איך האָב ביַי זיך באַלד געטראַכט:
דער קימש* איז שוין פֿאַר מיר יעצט געמאַכט.

אַ גנב איז אַ תקיף א. אַז. וו.

(VII

ווען איך בין געוועזען קליַין, בין איך גנב'ע-נען געגאַנגען
און מיַין פֿאַטער° האָט פֿון גאָר נישט געוויסט (געוואוסט),
ביז מען האָט מיך צום ערשטען מאָל געפֿאַנגען,
פֿון דאַן (דעמאָלט אָן) איז מיַין לעבען פֿער-וויסט.

ווען איך בין געוואָרען גרעסער,
האָב איך אָנגעהויבען האַקען שלעסער,
וויַיל קיַין געלד האָט שוין קיַין ראָליע געשפּיעלט.
גרויס מול געהאַט,
נישט געטראָפען אויף זיך קיַין „שלאַט" 21)
נאָר דאָס גרויסע האָב איך פֿאַרמילט (?).

מען זאָגט אָבער אַ וואָרט, אַז אויף אַלעס קומט אַ ציַיט
און מיַין ציַיט איז אויך שוין געקומען:
איך האָב זיך בעקאַנט מיט די גרויסע "חברה-ליַיט"
און זיי האָבען מיך מיט זיך מיטגענומען.

מען האָט מיר געגעבען אַ רעוואָלווער אין האַנד
און געזאָגט מיר: מוטה דיר מאַך!
דו זאָלסט נישט האָבען קיַין מורא, קיַין שאַנדי
און זיך נישט אָבשרעקען פֿאַר קיַין זאַך.

איך בין געגאַנגען, און די האַנד האָט מיר גע-ציטערט,
עפּעס האָט דאָס האַרץ געפֿיהלט;
דער קאָפּ צובראָכען און דאָס לעבען פֿערבי-טערט —
עפּעס האָט זיך מיט מיר געשפּיעלט.

ווי מיר זענען אין דעם הויז אַריַינגעקומען,

אין די (דער) הויך!"—גיעב איך אַ געשריי.
...אלוועך פון טאַש האָב איך אַרויסגענומען—
ער ליעגט שוין פון זיי.

...ז שיסעריי ווענען מענשען אָנגעלאָפען
געשריען: „האַלט אַ באַנדיט"!
יאָס אומגליק האָט מיך דעם ערשטען געטראָפען,
קייטען האָט מען מיך געשמידט.

(V.

ווען איך בין געוועזען קליין,
ביי דער טאַטע מאַמע אין דערהיים,
וואָס האָב איך דאַמאָס° בעדאַרף (בעדאַרפט).
איך טהו מיך דערמאָהנען,
ווען איך בין אין חדר געגאַנגען°,
דער רבי האָט מיט מיר געלערנט שאַרף.

איך הייב° מיך אויף אין דער פריה,
צו מיינע קאָלעגעס גיעה איך אַהין,
אין חדר אריין האָב איך נישט געוואָלט געהן.
מיין מאַמעליא° שטעהט גרייט,
מען היט מיך אָב צו די צייט,
ני וועהט מיך פון חדר שוין נישט מיין (מעהר)

עס איז שוין פאַרביי,
אַ יאָהר און דריי,
די מאַמע קאָן נישט פערגעסען אין איהר קינד,
פון קינד צו פיעל זאָרגען,
איז דער טאַטעניא° געשטאָרבען,
אַלעס דאָרך° מיינע זינד.

(VIIIa

(וואַריאַנט).

איך בין אַ מאָל געוועזען
יונג און קליין—
וואָס האָט מיר דאַמאָלס געפעהלט?
איך טהו מיך דערמאַהנען,
ווען איך בין אין חדר בעגאַנען (געגאַנגען)
דאָס לערנען האָט מיך געקוועלט.

איך שטעה אויף אין דער פריה
צו מיין חבר געה איך אַהין,
אין חדר האָב איך נישט געוואָלט געהן—
מיין מאַמע שטעהט גרייט,
וואַרט מיך אָב צו דער צייט,
זי זעהט מיך פון חדר נישט אַרויסגעהן.

עס איז פערביי
אַ יאָהר דריי,
די מאַמע קאָן נישט פערגעסען אָן איהר קינד—
פון דעם קינד צופיעל זאָרגען,
איז די מאַמע אָבגעשטאָרבען,
אַלעס נאָך° מיינע זינד.

(IX

אַז איך בין געוועזען קליין און יונג,
קיין עלטערן האָב איך נישט געהאַט,
פאַר הונגער בין איך געוואָרען אַ נאָרקע*,
ביי אַ פאַרטיע* דער קליינער יאַט*.

מען האָט מיר געגעבען אַ לעהרע,
אַ לעקציע ווי אַ לעקעך* צו זיין
און געלערנט מיר° נאָרקע-לשון —
איך זאָל די שפּראַך גוט פערשטעהן.

הער נאָר, דו פאַרשיווער יאַט*,
זאָגט צו מיר מיין רבי אַ שטייגער,
אַז איך וועל צו דיר זאָגען: אַ ונער*,
זאָלסטו וויסען: דאָס איז אַ זייגער.

אַז איך וועל זאָגען: בעלעקעך* דעם יאָלד,
דאַרפסטו פערשטעהן מן הסתמ'ע (מכתמא),
אַז איך האָב געוואָלט,
זאָלסט צו נעהמען ביים פריער* די נשמה.

אַז איך זאָג צו דיר: דו זאָלסט קראַטען*,
מיין איך: קוק מיט די בלאַטע* אויגען;
איך זאָג: מאַרוויכער* דאָס משא-ומתן*.
מיין איך: דער בייטעל זאָל ווערען אַרויס געצויגען.

אַז איך זאָג אַ האַלטלינג*, מיין איך אַ מעסער;
דו זאָלסט נישט שאַכערן*, איז: נישט ריידען*.
אַ בלאַטער*, אַ נאָרקע*, אַ לעקעך*, אַ גנב
דאַרף קאָנען מיט אַ האַלטלינג* אַ קעשענע אויפשניידען.

(X

איך האָב געאַרבייט אין איין „פּראַצאָווניע"[22]
קאַלט ווי אין אַ „לעדאָווניע"[23]) —
איך האָב פערדינט וואָס אַ טאָג מעהר.
מיינע קאָלעגעס טהוען מיך נייטען (נויטען),
איך זאָל אויפהערען צו אַרבייטען,
ווייל די אַרבייט איז פער° מיר צו שווער.

צום גנבישען לעבען,
האָט מען מיך געהייסען שטרעבען,
פיעל גליקען האָבען זיי מיר צוגעזאָגט.
וואָס איך וועל פערדינען, וועט זיין ווי געפינען,
עס וועט מיר זיין בעסער ווי דער טאָג.

אין איין מורא'דיגע נאַכט,
האָט זיך מיר געמאַכט,
אַז גנב'נען האָט איך געמוזט געהן.
טויט ווי די וואַנד,
מיט אַ שאַבער* אין דער האַנד,
איך האָב געמיינט, אַז איך וועל גליקליך זיין.

אַליאַרעם, אַ געשריי: „זלאָדזשעיאַ טשימאַי!"[24]),
און איך קאָן שוין פון דאָרטען נישט אַרויס-געהן.
מענטשען לויפען° אויף מיינע וואונדען,
מען פיהרט מיך געבונדען,
גלייך אין דריטען צירקעל[12]) אַריין.

מען האָט נישט לאַנג געטראַכט,
און מען האָט אַ פּראָטאָקאָל געמאַכט,
און מען האָט מיך אָרבגעזעצט
אין דער פינצטער° אַליינט (אַליין).
איך זיץ מיר אונטער (הינטער) די קראַטען,
און איך דערמאָהן זיך אין מיין טאַטען,
געשטאָרבען איז ער נאָך° מיינע זינד.
גלייכער וואָלט ער מיך אויף דער וועלט נישט געבוירען,
איידער אַזאַ אומשולדיג (!) קינד.

(Xa

(וואַריאַנט).

איך אַרבעט°, אין אַ פּראַצאָווניע[22]),
אין אַ קאַלטע ליאָדאָווניע[23]);
איך פאַרדין וואָס אַ טאָג נאָך מעהר;—
מיין חבר טהוט מיך נייטען (נויטען)
איך זאָל אויפהערען אַרבעטען°,
ווייל די אַרבעט° איז פאַר מיר צו שווער.

צום גנב'ישען לעבען,
הייסט ער מיך איבערגעבען,
פיעל גליקען האָט ער מיר צוגעזאָגט—
וויפיעל איך וועל פאַרדינען,
איז אַזוי ווי געפינען,
עס איז מיר בעסער ווי דער טאָג.

אין אַ וומערדיגע נאַכט,
האָט זיך מיר געמאַכט,
גנב'ענען האָב איך געדאַרפט געהן,
טויט ווי די וואַנד,
מיט דעם שאַבער* אין די האַנד, —
איך האָב געקלערט, אַז איך וועל גליקליך זיין.

איך בין צום טויער צוגעקומען,
האָב איך מיך באַלד גענומען (?)
איך בין געבליבען שטעהן ביי דעם הויז. —
איך האָב דערזעהן ווי אין שטוב איז טינקעל (טונקעל).
האָב איך זיך פאַררוקט°, אין אַ ווינקעל,
איך האָב בעמערקט ווי דער פריער געהט אַרויס.

איך האָב אויפגעמאַכט די טהיר
און איינגעפאַקט אָהן אַ שיער (שעור),
איך בין געוועזען פאַרטיג° צו געהן.
האָב איך באַלד דערזעהן,
ווי עמיצער טהוט געהן —
פאַר שרעק בין איך דאָרט געבליבען שטעהן.

און אַזוי באַלד,
איז געוואָרען אַ געוואַלד,
פיעל מענשען וועגען צו צו דעם הויז —
אַ געטומעל אַ געשריי,
„זלאָדזיעיאַ משימאַי"[24])!
איך קאָן שוין פון דאָרט נישט אַרויס.

מען לויפט אויף מיינע וואונדען,
ווי מען פיהרט מיך געבונדען
אין דעם צעהנטען צערקעל[12]) אַריין.
מען האָט מיך נישט בעטראַכט
נאָר אַ פּראָטעקאָל° געמאַכט
און מען פיהרט מיך אין תפיסה אַריין.

(XI

1.

זיִעבּצעהן יאָהר האָבּ איך אויף דער וועלט געלעבּט,
גאַנץ טײַער איז מיר די גנבה פֿאַרגעקומען,
אויף דעם אַכצעהנטען יאָהר איז מיר געוואָ-
רען מײַן שײַן פֿערשטעלט,
מײַן טײַער לעבּען האָט מיר די תפיסה צוּ-
גענומען.

די גנבה האָט זיך געמאַכט אין מײַן הארץ
אײַן קוואַטיר (קווארטיר),
זי לאָזט° מיר דעם קאָפּ ניט אויפהײבּען°.
זי רעדט מיר אָן, אַז זי איז בּעשאַפֿען פֿאַר°
מיר,
אַז זי קאָן אָהן מיר קײַן מינוט נישט לעבּען.

ווער עס פֿערשטעהט דאָס אומגליק,
דאָס צונעהמט יעדען דאָס אבר —
אײדער מען דערלעבּט° די נחמה,
נעהט אוים די נשמה —
יונגעהײט° מוז מען געהן אין קבר.

2.

אײן גאַנצע° טאָג זיץ איך אין פּאַוויאַק 14)
און געה אַרום און טראַכט.
איך קוק מיך אום: מיט דעם אײַזערנעם שלי-
סעל
פֿערשלאָסען, מיט די פֿיער וועגד—פֿערמאַכט.

איך געה אַרום אַ גאַנצע טאָג
און געה ארום און טראַכט;
איך קוק מיך אום: אינטער (הינטער) אַנ'-
אײַזערנעם שליסעל
פֿערשלאָסען... מיט די פֿיער וועגד—פֿערמאַכט.

פֿערדעסטערוועגען° בּעט איך דיך גאָט אַליין,
דערבּאַרם דיך איבּער מײַן געוויין,
עס זאָל איפֿהערען צוגעהן דאָס° קוואַל טרעה-
רען,
איך וועל מיך היטען פֿון דערוואַמענס,
און פֿאַר גאָט אין פֿאַר לײַטען,
אַז איך זאָל שוין אין תפיסה נישט זיצען.

(XII

1.

ווי געפֿעלט אײַך מײַן לעבּען, ווי געפֿעלט
אײַך מײַן גליק,
אַ גאַרקע* בּין איך געוואָרען —
און ווער עס זאָגט, אַז אַ גאַרקע* איז
נישט גיט (גוט)
אויף דעם בּין איך שטאַרק אין צאָרען (צאָרן).

אין קנײַפּען, רעסטאָראַנען געפֿינט איהר מיך
שטענדיג°,
און עס מיר די בּעסטע זאַכען;
וואו אַ משא-ומתן* — איך אַלעם ווײם,
די בּעסטע געשעפֿטען טהו איך נאָר מאַכען.

2.

אַז אַ יאַט* ער הײבּט° נאָך אָן אין גאַס אַרײַן
צו געהן,
מוז ער באַלד אָנקומען צו מיר;
ווי ער טהוט נאָר מײַן נאָז דערזעהן,
סחורה בּרענגט ער אָהן אַ שיעור.

און אַ מאָל, אַז עס מאַכט° אַז אײנער איז אַ
כוואַט
און ער וויל קײן ווישעל* נישט געבּען,
גייב איך איהם אַ טשאַק* און ווער מיט
איהם „פּאַן-בּראַט" 25)
און מיר הײבּען° אָן צוואַמען צו לעבּען.

(XIII

מיר זענען די בּרידער לעפּקע 26)
פֿינגער.

כאָר: אוי ווײ°, לעפּקע פֿינגער!

אַז אײנעם איז שווער אין קעשענע,
מאַכען מיר עם° גרינגער—

כאָר: אוי ווײ°מאַכען מיר עם° גרינגער!

רעפֿרײן: זינגט-זשע, זינגט-זשע אַלע אײנ-
אײנעם,
פֿון דעם גרעסטען בּיז צום קלײנעם—
אַ גנב איז דאָך גיט°, אַ גנב איז
דאָך גיט (גוט).

און אַז עס מאַכט אײנער, וואָס איז
שווערער° פֿרײער.

כאָר: אוי ווײ°, אַ שווערער פֿרײער!
צוהאַקט מען איהם דעם קאָפּ, בּע-
צאָהלט ער טײַערער

כאָר: אוי ווײ°, בּעצאָהלט ער נאָך
טײַרער.

רעפֿרײן: זינגט-זשע א. אז. וו.

2.

אַז מיר געהן נאָך אין גאַס אַרוים,

כאָר: אוי ווײ°, אין גאַס אַרוים.

אַ משא-ומתן* קוקען מיר אוים.

כאָר: אוי ווײ°, קוקען מיר אוים.

רעפֿרײן: זינגט-זשע א. אז. וו.

איך נעהם דעם שאַבער* און זעץ
איהם אין די טגליע (תולה)*?.

כאָר: אוי ווײ°, זעץ איהם אין די טגליע*.
מיר פֿאַרדינען באַלד אַ בּיסעלע סחורה
וואוילע.

כאָר: אוי ווײ°, סחורה וואוילע.

רעפֿרײן: זינגט-זשע א. אז. וו.

מיר נעהמען דערפֿאַר אַ גיט (אַ גוט)
בּיסעלע געלד.

כאָר: אוי ווײ°, אַ גיט° בּיסעלע געלד.
און מיר לעבּען אַ גיטען° טאָג אויף
דער וועלט

כאָר: אוי ווײ°, טאָג אויף דער וועלט.

רעפֿרײן: זינגט-זשע א. אז. וו.

(XIV

כ'בּין געוועזען אָף° די פֿרײַ,
האָבּ איך נישט געוואָלט פֿאָלגען דעם טאַטען,
הײַנט זיץ איך אין קרימענאַל 27),
און קוק אַרוים פֿון די קראַטען.

אוי, געוואַלד, כ'וועל נישט גנב'ענען, } בּים
נאָר נעהמען און געהמען. }

כ'בּין געוועזען אָף° די פֿרײַ,
האָבּ איך נישט געוואָלט פֿאָלגען דער מאַמען
הײַנט זיץ איך אין „קרימענאַל"
און קוק אַרוים פֿון די יאַמען 28).

אוי געוואַלד... א. אז. וו.

כ'בּין געוועזען אָף° די פֿרײַ,
האָבּ איך נישט געוואָלט פֿאָלגען דעם בּרידער
(בּרודער)
הײַנט זיץ איך אין „קרימענאַל".
און זינג מיר לידער.

אוי, געוואַלד... א. אז. וו.

כ'בּין געוועזען אָף° די פֿרײַ,
האָבּ איך נישט געוואָלט פֿאָלגען דער שוועסטער
הײַנט זיץ איך אין „קרימענאַל"
און כ'בּין מיר דער בּעסטער.

אוי, געוואַלד.. א. אז. וו.

כ'בּין געוועזען אָף° די פֿרײַ,
האָבּ איך געגעסען מיט זילבּערנע לעפֿעל,
הײַנט זיץ איך אין „קרימענאַל"
און עס מיר פֿון שעפֿעל.

אוי, געוואַלד... א. אז. וו.

כ'בּין געוועזען אָף° די פֿרײַ,
האָבּ איך געגאַשט צוקערלעך,
הײַנט זיץ איך אין „קרימענאַל"
און עס קליסקעלעך מיט אַרבּעסלעך.

אוי, געוואַלד... א. אז. וו.

די פֿײגעלעך שטעהן אָף° דעם דאַך
און קוקען אַרונטער,
כ'האָבּ נאָך צו זיצען —
אַ ווינטער מיט אַ ווינטער.

אוי, געוואַלד... א. אז. וו.

כ'בין אַרוים פון „קרימעניאַר״,
פון ° אַ שיינעם ° שטיינער,
דעם ערשטען מצא-מתן * —
אַ גאָלדענעם ווייגער.

אוי, געוואַלד ... א. אז. וו.

(XV

כ'בין געווען אַ קליינאַ ° יאַט *,
האָב איך נישט געוואָלט פאָלגען דעם טאַטען,
היינט זיץ איך אין פּאַוויאַק 14)
און קוק אַרויס ° דורך ° די קראַטען.

אוי, כ'וויל שוין נישט גנב'ענען,
נאָר נעהמען בעגראַנדע ... 29)

ווען כ'בין געווען אַ קליינאַ ° יאַט *
האָב איך נישט געוואָלט לערנען קאַ ° רש״י,
היינט זיץ איך אין „פּאַוויאַק״
און מוז עסען קאַשע.

אוי, כ'וועל שוין נישט ... א. אז. וו.

ווען כ'בין געווען אַ קליינאַ ° יאַט *
האָב איך נישט געוואָלט פאָלגען די מאַמען,
היינט ליעג איך אין „פּאַוויאַק״
מיט אַלע גנבים צוזאַמען.

אוי, כ'וועל שוין נישט א. אז. וו.

(XVI

1.

אַרוים פון דער טורמע °, שוין געווען באַלד נאַכט,
האָב איך מיר באַלד אַ משא-מתן * געמאַכט.

איך וועל שוין מעהר נישט גנב'ענען, } בּים
נאָר נעהמען בעגראַנדע 29).

אַרוים פון די (דער) קרעטשמע,
אַריין צום אַפּטייק (אַפּטייקער)
און תיכף פערדינענט אַ קייט מיט'ן זייגער.

איך וועל שוין מעהר נישט א. אז. וו.

2.

איך פרעג זיך ניט ° מיין (מעהר),
וואָס וועט דער סוף ווערען, —
אַז איידער מען טהוט פון קיטש * אַרויסגעהן,
מוז מען זיך צוריק אומקעהרען.

איך וועל שוין מעהר ניט ° א. אז. וו.

(וואַריאַנט).

איך קום אַריין אין צימער, עפען מיר דאָס שענקעל,
נעהם אַרויס די זאַכען, לייג ° מיר אויף אַ בענקעל.

איך וועל שוין מעהר ניט ° גנב'ענען, } בּים
נאָר נעהמען בעגראַנדע

זעה איך מיר אַ קוויטעל, עס העננט נאָך אַ בעלאָק (ברעלאָק),
דערנאָך נעהם איך מיר די הייזעלעך
מיט דעם שוואַרצען ראָק.

איך וועל שוין מעהר ניט א. אז. וו.

נעהם איך מיר דאָס ציערונג מיט אַלע זאַכען,
און זאָג זיי דאָוויזעניא 30)
און טהו פון זיי לאַכען.

איך וועל שוין מעהר ניט א. אז. וו.

(וואַריאַנט).

כ'בין געווען אַ קליינער יאַט *
האָב איך נישט געוואָלט פאָלגען דעם טאַטען,
היינט זיץ איך אין פּאַוויאַק 14).
און קוק אַרויס דורך די קראַטען.

אוי, געוואַלד כ'על ° שוין נישט גנב'ענען, } בּים
נאָר נעהמען בעגראַנדע!

כ'בין געווען אַ קליינער יאַט *,
האָב איך נישט געוואָלט פאָלגען מיין ברידער (ברודער),
היינט, אַז בין אַרויס אָף ° די פריי,
גנב'עך ° שוין ווידער.

אוי, געוואַלד א. אז. וו.

(XVII

1.

ווען איך געה אַרויס אין גאַס,
און זעה אַ פריער * געהן —
די האַנד ליעגט שוין ביי איהם טאַש,
און דאָס משא-מתן * מוז באַלד זיין.

אוי וועה, אַ נאָרקע *, אַ נאָרקע, אַ נאָרקע } בּים
אַ נאָרקע זאָל מען זיין!

2.

ווען אַ פאַצעט מיט אַ דאַמע געהט,
און טהוען זיך סוד'ען און קישען (קושען), —
דאַן קום איך מיר פון דער זייט
און טהו זיי אַלעס אָפּווישען.

אוי וועה, אַ נאָרקע א. אז. וו.

3.

ווען איך קום אַמאָל אין טיאַטער ° צוגעהן,
דאַן קוק איך מיט אָפענע אויגען,
ווי דער גאַראָד 31) הייבט ° אָן אַ היים צוגעהן
האָב איך שוין אַפּאָר כּיס'לעך * אַרויסגעצויגען.

אוי וועה, אַ נאָרקע א. אז. וו.

(X VIII

איך בין געוואָרען אַיין מאַרווימער *,
און האָב געגנב'עט אויף זיכער, —
דאָס איז מיין האַפענונג און שטרעבען.
איך פערליעג די האַנד
אויף (אויפ'ן) רעכטען פּלאַנט (?)
דאָס איז מיין גאַנצעס לעבען.

איך לעווער * מיר פון אַ זייט,
ווי אַ שענער יאָלד * געהט.
איך בעווייז מיין פּאַרע *
און קניפּ ° איהם אָן אויף רעכטס,
דערביי לאָז איך איהם נישט ° געבען קיין קרעכץ,
און ציה איהם אָב דעם ביטעל פון די שקאַרע 32).

דאָ האָט מיך אַ בעלפער * דערקענט
און מיך געפּוצט * ביי דעם בלענד 33) —
דאָ בין איך שוין פערשיט *.
ציהען * האָב איך געוואָלט,
האָט מיך אָנגעכאַפּט אַ יאָלד *,
דאַן בין איך שוין געבליבען זיצען אויף גיט (גוט).

(XIX

מאַרעווימער *.
קעהר זיך גיכער,
שטעק די האַנד אין טאַש אַריין;
זעה היטס ° זיך,
נישט פאַרשיט * זיך,
קיין פאַרשאַט ° זאָל גאָרנישט זיין!

(XX

1.

לעקעך * הייס איך,
איין אונער * רייס איך
מיט די צייהן צובייס איך,
און אַ משא-מתן * ווייס איך
ווי אזוי צו פערדינען.

איך קען רעוויזירען (ריוויזירען),
דעם טליין * פערשמירען *,
ער זאָל נישט אַרעטירען;
און געלד צו אַפּפירען 34)
מיט'ן פולען מויל.

2.

אַ מאַרווימער * בין איך,
אַ כּיס * פערדינען איך,
אַ פּעקעל פערקעשער * איך,
מיט טשאַכעס * לינק * וועך אויך,
און ס'איז מיר גיט (גוט).
ס'משא-מתן * האַלט איך,
אַז אַ בעלפער * בעפאַלט מיך,
ער פערהאַלט מיך,
דעם קאָפּ איהם צושפּאַלט איך,
איך זאָל נישט זיין פערשיט *.

XXI)

איך בין אַ בלאַטער*,
איך האָב אַ קאַטער,
ווען איך ווער בײַ אַ משא-ומתן* פֿערשוִט*
איך בין אַ יאָרגאָוועַ*, ווען איך דערזעה
אַ סטאַיקאָוועַ 35)
אַ טליוָ,* אַ בעלפֿער*, — ווערט מיר נישט
גוט (גוט).

פֿיעל פֿייגעס (?) ברויט געגעסען,
אין קיטש* שוין געזעסען,
פֿון גאַניאָניעס (?) פֿיעל מאָל געוואָרען ליִנק*
און אַז אַ בעלפֿער* קומט אָן,
ווײַס איך, וואָס איך האָב צו טהון,
איך ריִקט אונטער קען* און גיעב אַ וואונק.

איך רעווקיר (רעווקיר),
איך גנביע און ראַביר,
איך בעלעקעך* דעם (?)
און אַז דער יאָלד איז גאַלע 36)
דער אָרימסטער פֿון אַלע —
נעהם איך בײַ איהם צו
דאָס לעצטע ביסעל טשוכעס*.

XXIII)

איך בין אַ גנב איינגער,
פֿון מיר ווײַסט נישט קיינער,
אַ פֿליִנקער יונג מיט ביינער,
מיט אַ פּאָר לעפּקע 26) הענד.
ווען איך געה אין גאַס אַרוים,
קוק איך באַלד אוים,
וואו דער שוים (?) איז גרוים —
דאָס נעהם איך אַ פּרעזענט.

איך בין באַלד אין דערמיט,
און שפּאַר זיך אויך זעהר ניט (נוט)
און שטופּ מײַן פֿינגער און גליעד
צום יאָלד* אין קעשענע אַרײַן.
איך מאַך צו מײַן כים* און אַנ'עק
און לויף אַ וועק
צום פּאַסער הערש פּיניע,
דאָרט איז מײַן מלוכה*;
אָבער ווען איך קום אַרויף,
דאָרט זעה איך מײַן סוף,
פּאָליציע° קומט אַרויף,
און נעהמט מיך אין קרימינאַל 27).

XXII)

דער גנב קומט אין שטאָדט אַרײַן,
קוקט ער אויף° אַלע פֿיער עקען, —
ער קוקט זיך אום אין אַלע זײַטען,
וואו ער האָט אַ האַנד צו שטעקען.

XXIV)

געה איך מיר אין גאַס אַרוים,
מיט אַ שאַבער* אַ גיטין (גוטען), —
קומט אַ באַסקודנער יאָלד*
און מהוט מיך פֿערשיִבען*.

ער פֿערשיִט* מיך אויף גוט,
ער טהוט אַלעס פֿערצעהלען,
עס קאָכט אין מיר מײַן בלוט
און מען טהוט מיך הוילען*.

איך צענטעוועַ* שוין גאָר אין קיטש* —
מײַן אומגליק איז דאָך גרויס.
דער אדוואָקאַט זאָגט:
איך קום פֿון די ספּראַוועַ 1) לויז.

פֿון די „ספּראַוועַ" לויז, —
דאָס קען גאָרניט° זײַן;
גיכער קען זיך טרעפֿען,
איך זאָל אויף אַ יאָהר געהן.

אַ גרויסער ווירבאָק 7) מוז דאָך זײַן,
מײַן אומגליק איז גרויס —
העלפֿען קען נאָר גאָט אַליין,
איך זאָל קומען לויז.

XXV)

אַ טאַלטעל-געהער* בין איך געוועזען
נאָר די לעצטע צײַט,
און אויף שפּריִנג* פֿלעג איך אויך געהן
און מיט בעלפֿערס* בין איך בלאַט*.

אַמאָל בין איך אויף אַ טאַלטעל* אַרויף
און פּסיכען* מיר אויף די טהיר,
אין דעם דערזעה איך, ווי דער יאָלדס געהט
אַרויף —
קריִעגט ער גלײַך פֿון מיר.

אוי דער שאַבער*, אוי דער שאַבער* —
און ווען דער יאָלד* רעדט אַ סך,
קריעגט ער מיט דעם שאַבער* גלײַך.

אוי דער שאַבער*, געוואַלד דער
שאַבער*, } בּיס.
דער שאַבער איז אַ גוטע זאַך.

XXVI)

וואָס מהוט מען מיט דעם פֿרײַער,
אַז ער איז געוואָרען זעהר געביִפּט*
אין דעם כיס* געפֿינט מען אַ דרײַער,
אויף טאַלטעל*—אַנ'אָבגעבאַרעטען קליִפּט*.

מען פֿלעגט זיך אַמאָל אויף אַ שפּרינג*
אַרײַנכאַפּען,
האָט מען שוין אַ פּעקעל געמאַכט,
וואָס מען האָט נאָר געטהאָן° דערטאַפּען,
האָט מען געפֿילט אין זאַק.

און הײַנט איז דאָך אַ צרה, אַ קלאָג,
עס איז ניט° דאָ וואָס צו מאַכען,
אַז איהר שטעלט פֿאַר אַ גוט משא-ומתן* —
איז אַ געכטיגער טאָג,
און מען פּאַקט אַ ביסעל צוריסענע זאַכען.

XXVII)

איך וואָלט געוואָלט זײַן
אַ גנב פֿון געלד,
נאָר איך ווײַס נישט ווי אַזוי.

איך וואָלט געוואָלט קענען,
שלעסער אָבטרענען* —
נאָר איך ווײַס נישט ווי אַזוי.

איך בין זעהר פֿליִנק, —
צו געהן אויף שפּריִנג*
נאָר איך ווײַס נישט ווי אַזוי.

פֿאַר תפיסה האָב איך נישט קיין מורא,
ווען איך וואָלט געגנב'עט סחורה, —
נאָר איך ווײַס נישט ווי אַזוי.

איך האָב געטהון שפּעקילירען (שפּעקולירען)
און האָב מײַנס געטהון אויספֿיהרען
און איך ווײַס שוין ווי אַזוי.

איך האָב רעזיקירט (ריזיקירט),
און האָב אַ יאָלד* מיט באַש* פֿערפֿיהרט,
ווײַל איך ווײַס שוין ווי אַזוי.

און איך האָב נישט לאַנג געטראַכט,
און איך האָב אַ משא-ומתן* געמאַכט,
ווײַל איך ווײַס שוין ווי אַזוי.

איך זאָג צו מײַן חתן אזיל (?),
אַז איך האָב מורא, אַז איך וועל נישט
האָבען קיין מזל
זאָגט ער: דו ווײַסט דאָך ווי אַזוי.

אין מיטען דריִנגען,
איז דער שטים* אָנגעקומען
און האָט מיר געוויזען ווי אַזוי.

XXVIII)

אוי, דאָרטען יאָגען עס° די יאָלדען*, די
מענטען*, די שמירערס*,
דעם שאַבער* האָלט ער שוין אויפגעמאַכט.
דאָרט לויפֿט ער און לויפֿט אַזוי ווי אַ פֿײַל
פֿון בויגען,
פֿון לויפֿען איז ער שוין אָבגעשוואַכט.

XXIX)

דער ווײַגער, ער וועקט מיך,
אויף די פֿיס — איך כאַפּ זיך
און טהו זיך אָן געשווינד.
די כלים אין די הענד,
און בעוואַוסט מײַן טאַלענט,
געלאָפֿען בין איך זעהר געשווינד.

ווי איך לויף פֿערטראַכט,
אין דער פֿינסטער בײַ נאַכט,
האָב איך ניט* בעמערקט וואָס עס טהוט זיך
אַרום מיר,
ווי איך וויל שוין דאָס חדר אויפֿמאַכען
און אײַנפּאַקען די זאַכען —
האָב איך דערזעהן ווי מען גיט זיך פּלוצלינג
אַ ריהר.

„ווער איז דאָס דאָרט" —
הער איך אַ וואָרט, —
„די הענד הייב° שנעלער אויף!"

איך גיִעב אַ קיִק (אַ קוק),
קאַמאַיאָרים[37]) בליִק,
און געהאַט האָב איך באַלד דעם סוֹף.

(XXX

1.

געה איך אין גאַס אַרײַן,
טהו איך רעוויזיִרען (ריוויזיִרען),
קומט נאָר אַ בעלפֿער* צו —
און טהוט מיִר (מיִך) אַרעסטיִרען.

אַ גנב, אַ גנב איז ביִטער ווי דער טויט,
ס'איז גלײַכער צו עסען טרוקען ברויט.

2.

כ'ביִן געבליִבען שטעהן
טויט ווי די וואַנד —
דער בעלפֿער* האָט מיִך דערשאַבערט*
מיִט° שאַבער* אין דער האַנד.

אַ גנב א. אַ. וו.

3.

אַ גנב אויף די פרײַ
לעבט אַ גוטען טאָג —
ווערט ער אָבער נאָר פֿערשיִט*
איז צו איהם אַ גרויסע קלאָג.

אַ גנב א, אַ. וו.

4.

מקנא ביִן איך ניִשט קײן בלאַטען*,
ער האָט בײַ מיִר קײן ווערט, —
עס זאָל אַ רוח אין דעמס טאַטען,
וואָס האָט אַ נאָרקע* אויסגעקלערט*.

אַ גנב א. אַ. וו.

(XXXI
לאָבעסעס° הערט אוים מײַן גליִק,
וואָס עס האָט מיִך געטראָפֿען הײַנט אַלט טאָג:

איך ביִן אין גאַס געלאָפֿען,
האָב איך יאָסעל קיִלע[38]) געטראָפֿען
און ער זאָגט צו מיִר אָהן אַ שפּאַס:
קום מיִט מיִר אויף דער אָסטראָוסקע גאַס,
דאָרטען וועלען מיִר די כלים נעהמען
און צו אײַן משא-מתן* געגאַנגען (געהן?).

יאָסעל קיִלע פּסיִכעגט* די טהיִר
און לאָזט אַרײַן געהן מיִך.
איך קום אַרײַן אין מציאה-מתן*
און טהו מיִר אַלעס פֿערפּאַקען —
איך ביִן שוין פֿערטיִג צום אַרויסגעהן,
פּריִצליִג° אָבער, אוי ווײַה,
הער איך אַ שטאַג° געשרײַ,
אַ גנב צו כאַפּען און איהם צו קלאַפּען.

עס איז מיִר שוין בעשערט
צו ליִעגען אין דער ערד,
צו האָבען די מיתה,
צו ליִעגען אין תּפיסה.
אין דער זעלבער נאַכט
האָט מען מיִך אין פּאַוויאַק[14]) געבראַכט —
האָב איך געשוואוירען,
אַז צו זײַן אַ גנב
איז מען אײביִג פֿערלוירען.

(XXXII

## דאָס ליִעד פֿונ'ם אַרעסטאַנט.

1.

מײַן הערץ קלאַפּ° בײַ מיִר,
און לאַפּעצעס[29]) קלאַפּען שטאַרק בײַ מײַן טהיִר,
זײַ קומען אַרײַן מיִט די הוילע (?) וועגען,
גלײַך מיִט די אויגען צו מיִר ענקעגען° —
אוי, איך ווײַס ניִשט, וואָס אָהן ווען,
וואָס מיִט מיִר ספּאַסיִרען° קען.
אוי, מײַנע כּחות געהען מיִר אויס,
איך שרעק, איך שרעק, איך האַלט דאָס ניִשט אויס.

2

די „לאַפּעצעס" קומען אַרײַן צו מיִר אין שטוב,
די שאָריע* געפֿיִנט מען אויף דעם הויף אין אײַן גרוב,
ווי נעהמען די שליִסלען פֿון מײַן פֿערמעגען,
ווי טהוען מיִך גאָרניִשט פֿרעגען, —
ווי ניִשטערן אין די שופֿלאָדען אָהן אַ שעור,
און שרײַבען אַלעס אויף אויף אַ בויגען פּאַפּיִר;
ווי ניִשטערן די שאָריע* דאָרבאָם (דורכאויס),
איך שרעק, איך שרעק, איך האַלט דאָס ניִשט אויס.

3

ווײַל איך אַנטלויפֿען קעהרט מען מיִך צוריִק:
גוטער ברודער, דו מוזט מיִט אונז מיִט.
מען נעהמט מיִך אַרײַן אין (?) היִנטער אַ פֿערמאַכטער טהיִר,
דרײַ דרעגאָנגען (דראַגונער ?) אונטער (היִנטער) מיִר;
גלײַך אין פּאַוויאַק[14]) אַרײַן געבראַכט,
טהיִר און טויער איז פֿערמאַכט.
פֿון דעם פֿענצטערע° קוק איך קאַב° צראַס°,
איך שרעק, איך שרעק, איך האַלט עס ניִשט אָס°.

4

טהוט מען מיִך צו מײַן ספּראַווע[1]) פֿיִהרען,
לויפֿען מענשען קוקען ווי איך ווײַז° אויס;
דאָס פּנים טויט, די ליִפּען—בלאָה,
צו מײַן סאָנדושעניע[40]) איז נאָך אַ האַלבע שעה.
איך צײַהל° די מעניִט° און די שעה איז גרויס,
איך שרעק, איך שרעק, איך האַלט ניִשט אויס.

5.

ווי מען האָט מיִך אין סאָנד[4]) אַרײַן געברענגט,
דער אַדוואָקאַט לעבען (נעבען), דער פּראָקאָריאָל (פּראָקוראָר) —
אָנקעגען° מיִר אין דער שטוב—האָקט אַרײַם אויף מיִר.

איך שטעה אונטערן (היִנטערן) ברעטעל מיִט גרויס שרעק,
מען זאָל מיִך ניִשט שיִקען קײַן פּאָשיִלעניע[41])
אוועק;
און דער גראַביאָוש[42]) איז דאָך זעיער° גרויס,
איך שרעק, איך שרעק, איך האַלט דאָס ניִשט אויס.

6.

ווי מען האָט מיִר „פּאָשיִלעניע" אוועקגעגעבען°
האָב איך געמײנט, אַז עס איז אַ סוֹף פֿון מײַן לעבען.
די גוטע בריִדער זענען מיִך געקומען בעלײַטען (בעגלײַטען),
האָבען ווי געטראָפֿען° געשלאָסען אין קײַטען,
אַ פֿוס צו אַ פֿוס און אײַן האַנד צו אײַן האַנד,
מען שיִקט מיִך אוועק פֿון מײַן געבוירען-לאַנד.
מיִר איז אײַן שאָדט
צו פֿערלאָזען אײַן געבוירענער שטאָדט (געבורטס-שטאָדט ?)

7.

ווי מען האָט מיִך אויף דער קאָליע° אַרויפֿגעזעצט,
האָב איך מיִט מײַנע טרעהרען די האַרשטאַנצקע°
קלײדער בענעצט,
די „קאָליע" האָט געגעבען דעם ערשטען פֿײַף
אַזוי האָט מיִר געגעבען אַ ריִם אין מײַן לײַב.

בלײַב געזונד מײַן ווײַב און קיִנד,
מיִר איז וועה און דיִר איז וויִנד.
בלײַב געזונד מײַן געטרײַער פֿאָטער,
דו דאַנקסט דאָך גאָט אַז דו ווערסט מײַנע פּטור.

(XXXIII
פֿיִהרען פֿיִהרט מען מיִך אָף° די גאַס,
די הענד געקאָוועט[18]) מיִט אַ שלאָס;

אַך מײַנע אויגען וועגען מיִר פֿינצטער° } ביִס.
און מײַן פּנים פֿון טרעהרען נאַס.

וויִצען וויִץ איך מיִר אָף° דעם פֿענצטערל°
און קוק אַראָב אָף° די פּאַווע גאַס,

דאָרך° אוא קלײַן כיִס'עלע* } ביִם
זאָל איך וויִצען אין סעקרעטנע[43]) שלאָס.

אוי, וויִצען וויִץ איך מיִר אָף° די נאַרע
און קוועטש מיִר אָב מײַנע בײנער.

כ'איז ניִשטאָ קײן אײן גוטער ברודער, } ביִז
כ'זאָל דאָס קומען אײנער.

אוי, פֿיִהרען פֿיִהרט מען מיִך צום שלעדאָוואַטעל[44])

שטײיט° אַ יאָלד* בײַ דער טהיִר,

אַך און ווײַ° צו מײַנע יאָהרען,
דאָס שטײיט° אַ פֿרעצערל* און ווײַזט } ביִם
אָן אָף° מיִר.

(XXXIV

צײַט° איך בין אַ נאָרקע* געװאָרען,
איז דאָס גליק פֿון מיר פֿערשװאונדען,
װער װײסט װי לאַנג עס װעט נאָך דאַרען
(דױערען),
צו זײַן מיט די גנבה פֿערבונדען.

די גנבה איז ניט גוט (גוט),
װײַל מען װערט פֿערשיט*,
אָרקעװען* מוז מען געהן,
דער אָרקע* שטענדיג טראַכט,
בײַטאָג און בײַ נאַכט,
װאו עס זאָל ערגיץ אַ משא־מתן* שטעהן.

איך האָב דאָס זאַך כלים גענומען
און בין אויף אײן משא־מתן* געגאַנגען —
װי איך בין אין חדר געקומען,
האָט מיך דער שטימפ* אָנגעפֿאַנגען.
איך האָב בײַ איהם ניט געפּועל'ט,
ער האָט מיך באַלד געהוילט*.

װען איך בין שוין אין קיטש* געװען,
האָט מען מיך געפֿיהרט אין סאַנד 4)
און געשטעלט אין אײן קאַנט 45)
פֿיער שנה'ס האָט מען מיר געגען (געגעבען).

(XXXV

צײַט° איך בין אַ גנב געװאָרען,
קײן גליקען האָב איך נישט געהאַט,
איך בין געגאַנגען אין גאַס אַרײַן געלד פֿער-
דינענ

דער שטים* האָט מיר אָנגעמאַכט
אײן תי* אָף° אַ גרויסען הויף,
עס האָט נישט געראָערט° קײן פֿינעף° מינוט,
הער איך אַ געשרײַ גראָדעװאָי! 46)

װי דער „גראָדעװאָי" איז צו מיר צוגעקומען,
אָף° דעם אָרט האָט ער מיך בעזוכט;
ער האָט מיך בײַ דער האַנד אָנגענומען,
אין אוטשאַסטעק 10) אַרײַן געפֿיהרט.

איך בין אין „אוטשאַסטעק" אַרײַנגעקומען,
אזוי האָט מען אַ פּראָטאָקאָל געמאַכט,
מען האָט מיך בײַ דער האַנד אָנגענומען,
אין ביורע שלעסטװע 19) אַרײַן געבראַכט.

איך בין אין „ביורע שלעסטװע" אַרײַן געקומען°
אזוי האָט מען מיר געצאַפּט מײַן בלוט (בלוט),
איך האָב געהאַט אַ פֿאַלשען שותף,
אָף° לינקס* האָט ער מיך פֿערשיט*.

(XXXVI

צו דער פֿרײַ קײן מזל האָב איך ניט,
שטענדיג סענטעװע* איך אַ צײַט.
איך שװער, אז גנב'ענען װעל איך מעהר ניט:
דאָס זאָג איך נאָר ביז איך װער בעפֿרײַט.

אָבער װען איך טהו נאָר אויף דער פֿרײַ
אַרויסקומען,
צו דער גנבה ציהט עס מיך צוריק.
מײַנע צוגתים האָבען מיך באַלד בײַגעקומען,



נאָר װאָס בין איך שולדיג, אז איך האָב
ניט קײן גליק.

צו אַנ'אַרבעט° בין איך געגאַנגען (געגאַנגען)
אַװעק אויף אַ גאַנצע נאַכט, —
פֿיעל אײַזערנע קאַסעס זענען דאָרט געשטאַנען
און איך האָב זײ אַלע אויפֿגעמאַכט.

װי איך האָב שוין געהאַט אַלעס צוגענומען,
באַזשעמטעריע° װאָס איך האָב געטראָפֿען דאָרט,
איז מען פּלוצלינג דאָרך° אַנ'אונטער (הינ-
טער) מהיר געקומען
און מיך צוריקגעפֿיהרט אויף מײַן אָרט.

(XXXVII

איך בין פֿערשיט* געװאָרען,
פֿערשיט* געװאָרען אויף לינקס*,
אַ שאָד מײַנע יונגע יאָהרען —
אַזאַ יונגער יונג.

איך בין פֿערשיט* געװאָרען,
אָך און װייה° איז מיר!
און מען שיקט מיך אַװעק
אין דעם װײַטען סיביר.

אין סיביר אויף אַ יאָהר צײַט
שיקט מען מיך אַװעק באַלד —
אוי, אַ יאָרקע*, אוי, אַ יאָרקע*
דאָרט װאו עס איז שרעקליך קאַלט.

די (דער) פֿראָסט די בײזער שרעקליך ברענט—
דאָרט שיקט מען אַ הין מיך באַלד,
אין קײטען געשלאָסען מײַנע פֿיס און הענד.
דערװײַל ליעג איך אין קיטש*,
ביז מײַן פּאַרטיע װעט פֿול זײַן.

העלף מיר גאָט, אוי, האָב רחמנות,
איך זאָל קענען פליטה געהן —
אוי, העלף מיר גאָט, האָב רחמנות,
איך זאָל קענען פליטה געהן.

(XXXVIII

אויף לינקס* האָט מען מיך צוגענומען,
אַ דיעלאָ 20) האָט מען מיר געמאַכט,
פֿאַרװאָס מיר איז דאָס געקומען —
האָב איך מיר אַלײן געטראַכט.

פֿון מײַן בעט אַרויס,
אַרײַן אין צערקעל 19)־הויז,
אויף כּח רעדט מען מיר דאָרט אײַן,
מען דבר'ט שוין דערפֿין (דערפֿון),
אז איך דער גנב בין —
מײַן שולד װײסט נאָר גאָט און איך אַלײן.

װי איך בין צו דעם סלעדאָװאַטעל 44) געקו-
מען,
אויף פֿינקטען האָט ער מיך געפֿאַסט,
ער האָט מיך גאַנץ אײדעל צוגענומען,
נאָר דאָס בלוט האָט ער פֿון מיר געצאַפּט.



ער זאָגט צו מיר גאַנץ פֿײַן,
איך זאָל זיך מודה זײַן,
פֿרײַ װערסטו מיט דעם אויגענבליק...
איך בין אזוי אַ יאָהר אַװעקגעזעסען,
קײן ענדע האָב איך נאָך ניט געװאוסט,
מײַן פֿרוי און פֿערװאַנדטע° האָבען אָן מיר
פֿערגעסען,
און דאָס לעבען געהמען האָט זיך מיר פֿער-
גלוסט.

איך קלער פֿון מײַן אינקװיזיט (אינקװיזיציע?
אינקװיזיטאָר?),
דאַן הער איך פּלוצלינג טריט,
װי גליקליך בין איך דאַן געװען —
עס האָט ניט לאַנג געדויערט (געדויערט),
צום געריכט האָט מען באַלד מיך געפֿיערט
(געפֿיהרט),
דרײַ יאָהר האָט מען מיר אויף לינקס* געגע-
בען (געגעבען).

(XXXIX

1.

מענשען, בעטראַכט נאָר מײַן לאַגע,
װי ביטער מיר איז אַצינד,
װער קאָן פֿיהלען מײַן װעהטאָג —
איך לײַד דאָך פֿאַר פֿרעמדע זינד.

אויב איהר װילט װיסען װאָס איך האָב
געטהאָן (געטהון),
פֿאַרװאָס דאַרף איך לײַדען פֿאַר יענעם,—
עס װערט מיר קאַלט, איך קלאַפּ אַ צאָהן אָן
אַ צאָהן,
װען איך דערצעהל — הײבט° מיך אָן בײַ
מײַן לײַב צו קלעמען.

2.

אוי, מענשען, זיצט נאָר בערויט (בערוהט)
און הערט די זאַך גוט אויס:
עס קומט צו מיר אַרײַן אַ ייד (אַ יוד)
און רופֿט מיך פֿון שטוב אַרויס.

ער דערצעהלט מיר אַ מעשה אין אויער
און רעדט צו מיר זעהר שטיל, —
ער פֿיהרט מיך אַװעק צו אַ טויער
און װײַזט מיר סחורה פֿיעל.

דאָס, זאָגט ער, זאָלסטו אַװעקטראָגען, —
דאָרט װאו ער װײַזט מיר אָן —
ניט פֿריהער װי עס װעט אָנהויבען צו טאָגען,
װײַל בײַנאַכט טאָר מען דאָס ניט טהאָן (טהון).

איך האָב דאָס אַלעס ערפֿילט,
אזוי װי ער האָט מיר אָנגעװיזען,
דער סוף האָט זיך אָבער טרויעריג אויסגע-
שפּילט:
מען האָט מיך געטהון אין קײטען שליסען.

(XL

דער גנב, דער גנב—ער זיצט נאָר פֿערשפּאַרט
און דער פֿריזער*, ער לעבט אויף דער פֿרײַ

ער שטעלט זײַן קאָפּ און ווערט געגאַרט
און דער פרײַער * פערדינענט געלד דערבײַ.

דער יאַט * ריזוקירט ° און ער האָט נאָך א סוף
ווי ער גיעט זיך נאָר אַ ריזהר,
אַזוי ווי ער טראָגט נאָר די סחורה צום פּאסער* ארויף,
הײסט מען עס ° וועהן פון יענער זײַט די טהיר.

די שותפים, די מיצערם *, זײַ לעבען א גוטען טאָג׳
ווײַ טהוען די האַנד אין קאלטען וואסער אַרײַן °,
ווי עס קומט נאָר עפּעס אוים, גיעט מען באלד א זאָג:
זאָל דער יאַט * אין הדר אַרײַן געהן.

איך געה אין דעם חדר און רעזוקיר (ריזוקיר) כסדר,
ווי עפּעס שטעל איך זיך אײַן;
און בײַ א געיעג — פערלויפט יעדער זײַן וועג,
נאָר איך מוז דאָס כפּרה-העֶנדעל זײַן.

(XLI

ווי פינסטער און טראָריג ° זענען מײַנע געדאנקען,
און מײַן האַרץ איז מיר צו שווער,
ווען נאָט זאָל מיר ° נאָר בעשאָנקען °,
איך זאָל קריגען מײַן שותף דאָ א הער.

איהר פרעגט פאַר וואָס איך שעלט עס °,
פאַרוואָס זאָל איך עס ° ניט שעלטען,
אַז פערשיט * האָט ער מיך אויף כח,
ער האָט געדראַפּען אײַנלעגען אַלע וועלטען
און ארויסנעהמען זאָל ער מיך גיך.

איך ווינש עס ° ניט מעהר, נאָר ער זאָל קומען א הער,
און פיהלען מײַן ביטער געמיטה —
וועט ער שוין וויסען, אז עס איז ניט גוט צו זיצען,
אַז אַניאַרעסטאַנט איז זעהר ניט גיט (גוט).

(XLII

מענשען, אוי, הערט מיך נאָר אוים,
ווי מײַן ווייטאָק ° איז זעהר גרוים,
זינט איך בין א נאָרקע * געוואָרען.
די תפיסה איז מײַן שטוב,
מײַן פינסטערער גרוב,
עס איז אָף ° מיר א גרויסער צאָרען (צאָרן).

איך האָב קײַן מזל צו דער פרײַ,
שטענדיג איז מיר וויסט און ווײַ (וועה).
און די שותפים זענען זעהר ביטער,
קײַן וואלעוווקע * קײַנער מיר בראַכט (ברענגט),
איך ליעג נאָר און טראַכט —
איך זעה קײַנעם אויסער מײַן היטער.

(XLIII

אַך, מײַנע יאָהרען, מײַנע יאָהרען
געהן אוועק מיט דעם ווינד;
איך בין פערשיט * געוואָרען,
אין תפיסה זיץ איך אַצינד.

איך זיץ אין קיטש *, איך ווער מאַט °,
ס׳האַרץ זאָגט מיר: ס׳איז אוים.
מײַן כלה שרײַבט מיר, אז דער אַדוואָקאַט
זאָגט, ס׳וועל געהן פון די ספּראַווע 1) לויז;
נאָר איך ווייס בעסער —
דער אַדוואָקאַט ווייסט ניט —
איך האָב פערריקט א יאָלד * ס׳מעסער
און לויז געהן קען איך ניט.

בײַ דעם בעסטען אַדוואָקאַט
איך זאָל פרײַ געהן איז אומעגליך (אונמעגליך),
איך וועל פערברענגען אין קיטש * א צײַט,
אַם ווענינסטענס א נײַנציג טעגלעך,
אַ נײַנציג טעגלעך, דרײַ מאָנאַטען —
א בלאַטער * צו זײַן איז נישט גיט (גוט),
ס׳זאָל א רוח אין יאָלדס * טאַטען,
וואָס ער האָט מיך פערשיט *.

(XLIV

די נעכט, פריהען און די טעג ציהען
און מײַנע צרות נעהמט קײַן סוף;
איך ליעג און קלער, און מײַן האַרץ איז מיר שווער,
איך האַלט די אויגען צו די קראַטען ארויף.

וואָס נוצט מיר טראַכטען, וואָס נוצט מיר קלערען,
וואָס קאָן מיר העלפען מײַן געוויין?
וואָס נוצט מיר זאָרגען, אַז איך ווייס ניט ווען מאָרגען
און איך וויל צוריק אָף ° דער פרײַ ארויסגעהן.

(XLV

אין תפיסה צו זײַן איז ביטער ווי דער טויט,
דאָס קען זיך יעדער מענש איבערלעגען;
ווען מען לײַדט הונגער, נויט,
מוז מען דעם קאָפּ אַרונטערבייגען °.

אַז מען הייסט אויף אַרבעט ° געהן,
דאַן העלפט ניט קײַן געוויין.
דעם שמירער * פאָלגען מוז מען, וואָס ער וויל;
ער וואַרפט מיר פאָר מײַן שאַנד,
אַז מײַן נאָמען איז ארשטאַנד (אַרעסטאַנט), —
פאַר בלויז מורא מוז מען בלײַבען שטיל.

עס קומט בײַ נאַכט פאַר דעם שלאָפען געהן,
דאַן הייב ° איך אָן זעהר שטארק צו בענקען;
ווי א משוגענער בלײַב איך שטעהן,
עס קומט פאָר ° פערשיעדענע געדאנקען,

אין מיטען בעסטען שלאָף,
חלום׳ט מיך מײַן שטראָף,
אַז געענדיגט האָב איך שוין מײַן סראָק 47)
פּלוצלינג הער איך באַלד
פון שמירער * אַ געוואַלד:
אויפשטעהן זאָלסטו, ווײַל עס קלינגט דער גלאָק.

ווי עס הייבט ° נאָר אָן צו טאָגען,
עס איז נאָך אַ פינסטערע כמאַרע, —
הייבט ° מיך אָן דער שמירער * צו יאָגען
און ער וואַרפט מיך אַראָב פון דער נאַרע.

קוים איך עסען וויל,
מוז איך בלײַבען שטיל,
פאַר הונגער ווערט מיר הייס און קאַלט;
קוים זאָגט דער שמירער: שלעפּ!
און איך פון זײַנע קלעפּ
מיט חשך ווער איך געשטראָפט באַלד.

(XLVI

1.

א נאָרקע*, אוי, א נאָרקע איז דאָך זעהר ניט גיט (גוט),
מען האַסט דאָך עס ° אויף דער גאַנצער וועלט,
אַזוי ווי ער ווערט נאָר דאָס ערשטע מאָל פערשיט*,
איז שוין פאַר איהם אַלעס פערשטעלט.

ווי ער טהוט נאָר אין גאַס אַרײַן דאָס ערשטע מאָל געהן,
צו דער גנבה האָט ער מזל פיעל,
ווי זײַנע שותפים טהוען דאָס נאָר דערזעהן,
פערשיטען * זײַ עס ° אין דער שטיל.

2.

דער בעלפער * נעהמט לאַפּקע 48)
יעדער וויל בײַ עס ° געלד,
מען רײַסט עס ° מיט׳ן וואָרצעל ארום;
קוים טראָגט ער א קאָראָפּקע (?) ,
דער קעהרער ° עס ° אָבשטעלט
און די געלד-נעהמערם זענען דערמאָלט שטיל.

(XLVII

ווי ביטער איז דאָס לעבען פון דעם עלענדען ארעסטאַנט,
זײַן האַרץ ווערט צוריסען אָהן א שעור,
ליעגענדיג אין קאַמער, פערטיעפט אין געדאַנק,
הערט ער ווי עס שליסט זיך די טהיר.

די טהיר האָט זיך שוין אויפגעשלאָסען,
וואלוווקעס * ! — ווערט אַ געשרײַ.
אַלע ארעסטאַנטען טהוען מיט די אויגען גלאָצען
און מײַנע אויך צווישען זײַ.

איך זעה ווי עס טראָגט זיך יעדער אײַנער,
און אויף דעם פּנים א שמײכעל גיעסט זיך אוים,

און צו מיר — קומט ניט קיינער...
געוואַלד, מײַנע צרות זענען גרויס.

די טהיר פערמאַכט זיך און יעדער טהוט עסען,
נאָר איך ליעג אין אַ ווינקעל און טראַכט,
נאָר אָן מיר איינעם האָט מען פערגעסען,
ניט פאַר קײַן שום אַרעסטאַנט געדאַכט.

(XLVIII

מענשען, הערט נאָר אויס מײַנע רייד,
איך וועל ענק די וועלט ריכטיג דערקלערען,
איך וועל אײַך דערצעהלען וואָס די גנבה בעטײַט,
מען קאָן דאָרך איהר אומגליקליך ווערען.

אין די גנבה בין איך זעהר שטאַרק געפּראַקטיקירט,
זי האָט מיר מײַן לעבען צוגענומען;
איך וועל ענק דערצעהלען וואָס עס האָט זיך מיט מיר פּאַסירט,
געדיי (כדי) איהר זאָלט צו דעם אומגליק נישט קומען.

אין די גנבה בין איך געוועזען זעהר שטאַרק פערליעב (פערליעבט)
און מײַן הערץ פערטײַבט (פערטויבט?), —
איך האָב פערלאָזט צוליעב דעם אַלעם (אַלעס) מײַנע געשעפטען; —
פון אָנפאַנג קומט עס אָן צוקער־זיס,
מען פערליערט אָבער דערבײַ די הענד און פיס,
און מען פערליערט דערבײַ אַלע קרעפטען.

(XLIX

1.

פאַלטשע פרויען קאָנען צו אַלעם צוברענגען,
דאָס האָב איך מיך יעצט איבערצייגט;
בעסער זיך פריהער אויף אַ שטריק אויפהענגען,
איידער זײַן בײַ אַ פרוי גענייגט.

2.

איך האָב געהאַט אַ ווײַב—אַ שענהייט געוועזען—
נאָר פאַלטש גאָר אָהן אַ שעור;
די טײַערסטע זאַכען וואָס זי האָט דערזעהן,
ברענגען מוז איך דאָס איהר.

3.

און אַז די צײַטען (?) זענען אָנגעקומען,
קײַן פערדינסטען האָב איך ניט געהאַט;
זי וויל ניט וויסען צי איך קאָן פערדינען
און פיהרען מוז זי אַ שטאַט.

4.

די צײַטען זענען אָבער זעהר שלעכט געוואָרען,
פאַרדינען האָב איך ניט געקאָנט —
דאָ איז געקומען דער גרויסער צאָרען (צאָרן);
דאָס האָט מיר שוין געלוינט.

5.

איך האָב אָנגעהויבען ווערען אַ פעלשער (אַ פעלשער ?), אַ שלעכטער,
און געלד געמאַכט אַ סך;
און מײַן פרוי איז געוועזען דער וועכטער
און געאַרבייט האָב איך גאַנצע נאַכט (נעכט).

6.

די צײַטען, ווי זענען געגאַנגען גאַנץ גוט (גוּט),
געמוישט דאָס געלד זעהר פיעל;
און מײַן פרוי — זי העלפט אַלס (אַלין, אַלעס?) מיט,
אָבצוהאַקען דערפון איז געוועזען מײַן ציעל.

נאָר דער שטן האָט זיך אַרײַנגעלעגט אין מיטען,
אַז איך זאָל אָנאַרבייטען געלד אַ זאַק.
דאָ האָט זיך אָבער דאָס מזל פערביטען
און מען האָט מיך בײַ דער אַרבייט געפּאַקט.

מען האָט מיך באַלד אין פּאַוויאַק[14]) אָבגעשיקט,
און פערזיכערט מיך מיט קעסט;
מיט קייטען האָט מען מיך געשמידט,
אויף קאַטאָרגע האָט מען מיך געזעצט.

(L

וואָס איז דאָס לעבען,
וואָס דער מענש טהוט שטרעבען,
אַז די יאָהרען, די טעג — ווי געהען אַוועק.
דאָס לעבען אינגאַנצען,
וואָס דער מענש טהוט פערפלאַנצען,
דאָס איז נאָר פערשיעדענע שרעק.

ווען דער מענש איז יונג
און איז נאָך אַ קינד —
דעמאָלט קלערט ער ניט קײַן סך,
ווײַל דער מענש אויף דער וועלט
זוכט נאָר געלד
און וויפיעל ער האָט וויל ער נאָך.

ביז ער געהט אַראָב פון וועג,
פליהט אַרויס פון די שטעג
און ער לאָזט זיך צו לעבען אַ וועלט.
אין די תפיסה, דאָרט
ווערט זײַן אָברוה־אָרט,
דאָס איז זײַן ענדע, אַלס (אַלין) צוליעב דעם געלד.

(LI

פאַרשאָלטען בין איך פון דיר גאָט ברוך־הוא געוואָרען,
מײַן פנים איז מיר פול מיט שאַנד,
דו בייזט אַראָב אָף מיר מיט אַ צאָרען (אַ צאָרן),
אָף מיר געבאַך אומגליקליכער אַרעסטאַנט.

אוי, וואָס פאַר אַן־עצה קאָן איך מיר געבאַך געבען,
אַז ל'זאָל קומען אָף די פרײַע אַרויס,
איך זאָל נאָך האָבען די איינע זכיה,
איך זאָל געהן פון די תפיסה לויז.

מײַן פנים איז מיר געוואָרען פאַרביטען,
מײַנע אויגען זענען מיר פאַרשטעלט,
אוי, פיעל צרות האָב איך שוין געבאַך אויסגעליטען,
אַז איך זעה נישט אַרויס די שײַן פון די וועלט.

אָבער וואָס פאַר אַן־עצה קען איך זיך געבען,
אַז איך זאָל אָף די פרײַע אַרויס,
אוי, איך זאָל נאָך האָבען דאָס איינע מאָל די זכיה,
איך זאָל געהן פון דער תפיסה לויז.

אוי, אַז ל'הייב מיך אָן צו דערמאַהנען די פאָרישטיגע (פריהערדיגע) צײַטען,
ווער וואָלט מיך הײַנט דערקענט;
זינט איך בין אין די טשעמנע[49]) תפיסה אַרײַנגעקומען,
אַרומגעצוימט מיט די פיער ווענד.

אוי, זיסער גאָט, שיק מיר די ישועה,
מאַך מיך לויז פון דײַן האַנד,
אוי, לאָמיך נאָך האָבען די איינע זכות
און מאַך מיך פאַר אויס אַרעסטאַנט.

אוי, אַז דער טאָג ווערט גאָר פון דיר, גאָט, געבוירען,
אַלוי פון גרויס ביז קליין
בעט מיר דיך, זיסער גאָט דער טאָג זאָל ווערען פאַרלוירען
און די פינצטערע נאַכט זאָל קומען צו געהן.

אוי, די נאַכט קומט צו געהן לעג איך זיך אַ נידער
און ווער אַנשלאָפען מיט אַ גרויס געוויין,
חלום'ט זיך מיר, אוי, אַ חלום.
אַז כ'פריי מיך מיט מײַן טאַטע מאַמע אין דער היים.

(LIa

(וואַריאַנט).

1.

פערשאָלטען בין איך פון דיר גאָט געוואָרען,
מײַן פנים איז מיר פול מיט שאַנד,
דו, גאָט באָבי (ברוך הוא), דו בייזט אַרויס אויף מיר
מיט אַזאַ'ן צאָרען (צאָרן), אויף מיר געבאַך
אָרימער האַרשטאַנד (אַרעסטאַנט).

וואָס פאַר אַן־עצה קען איך מיר געבען,
איך זאָל קומען פון דער תפיסה לויז, אוי לויז!
איך זאָל נאָך וויסען עפּעס פון אַ לעבען,
איך זאָל קומען אויף די פרײַע אַרויס,

וּיסער גאָט, שיק שוין די ישועה,
מאַך מיך לויז פון דיין האַנד,
לאָם' איך נאָך וויסען עפּעס פון אַ לעבען —
מאַך מיך אויס האַרשטאַנד °.

2.

מיין פּנים איז מיר געוואָרען פאַרביטען,
מיינע אויגען זענען מיר פאַרשטעלט,
איפּיעל (וויפיעל) צרות האָב איך מיך שוין
גענוג ° אָנגעליטען,
איך וועה שוין ניט די שיין פון דער וועלט.

איך דערמאָהן מיר נאָר אין די פאָריגע צייטען מיינע, —
ווער וואָלט מיך היינט דערקענט?
ווי אַ טויטער בין איך אקאָראַט (אַקוּראַט)
אַרומגעצוימט מיט די פיער ווענד.

עס ווערט אין מיר הייס און קאַלט יעטוועדעם אבר,
מיין ביטער הערץ רעד איך אויס פאַר די פיער ווענד;
בעט איך דיך, ליבער גאָט, נעהם מיך אַרויס פון דעם פּייגע,
מאַך מיך אויס האַרשטאַנד °.

3.

איך זיץ אין פּאַוויאַק [14]) אַ גאַנצען טאָג און וויין,
איך בענק נאָר, מאַמעניאָ °, נאָר נאָך דיר,
מיין ביטער הערץ רעד איך נאָר אויס פער °
דיר אַליינט (אַליין),
איך זאָל קענען קומען, מאַמאָליאָ °, צו דיר.

איך וואָלט געקענט,
וואָלט איך צוּבראָכען די ווענד,
און וואָלט געפלויגען צו דיר, צו דיר!
איך זאָל נאָר קענען זיין מיט דיר בענאַנד
פרייען מיט דיר.
וּיסער גאָט, שיק שוין די ישועה,
לאָם' מיך לויז פון דיין האַנד!
לאָמיך נאָר האָבען ביי דיר די אייגענע זכיה —
מאַך מיך אויס האַרשטאַנד! °

(LII

די ווענד וויינען מיט מיר מיט
פון מיין עלענד געמיטה,
צי דאַרף איך דען זיצען דאָ?
געלעבט פאַר די קינדער,
בעטראַכט מיך אַצינדער,
וואָס איך האָב דערלעבט פאַר אַ שעה.

געפיהרט פּאַלאַצען,
גאַנצע שאַצען,
אַ מאַגינאַט ° געוועזען בין איך; —
און אויף מיינע אַלטע יאָהר,
מיט די גראָהע האָר,
אַ נדבה בעט איך זיך,
די קינדער האָבען ניט געוואָלט צוזעהן,
וואָס פון טאַטען איז געשעהן,
אַז אַ נדבה זאָל איך בעטען ביי לייט, —
האָט מען אַ מליץ * אונטערגעשיקט,
ער האָט מיך אין צערקעל [12]) פאַררוקט,
אַבי זיי זאָלען זיין פון חרפה בעפרייט.

יעצט ליעג איך און קלאָג,
ביי נאַכט און ביי טאָג,
איך הייב ° מיינע הענד צום הימעל אַרויף;
פון די קינדער די שטיינער,
דערמאָהנט זיך קיין איינער!
אוי גאָט, מאַך מיט מיר אַ סוף.

(LIII

אוי וועה און ביטער,
איז דאָס לעבען פון מיר אַצינד,
פערלוירען מיין פאָטער אי ° מוטער,
אויסער מיין לעצט געזינד.

ווען איך האָב אָנגעהויבען צו מיין פערשטאַנד צו קומען
און פיהלען וואָס עס געהט פאָר אויף דער וועלט;
צו קיין מלאכה האָב איך זיך ניט גענומען,
איך האָב געוואָלט פערדינען גרינג געלד.

איך האָב אָנגעהויבען אין די גאַסען זיך אַרומדרעהען
און קלערען וואָס מען פאַנגט אָן,
צו וועלכען משא־ומתן קאָן איך צוגעהן
און ווי הויבט מען אָן עפּעס צו טהון.

איך בין געפאַלען אויף אַ פּלאַן:
איך געה צו אַ שלאָסער אַריין
און כלים בעשטעל איך מיר באַלד.
ווי עס איז געקומען אין דער פריה,
געה איך צו דעם אָרט צו;
ווי איך הויב אָן פּאַרענען, דערהער איך אַ געוואַלד.

מען האָט מיך גענומען,
ווי איך בין אין צערקעל [12]) געקומען,
אוי וועה, וואָס מען האָט פון מיר געמאַכט!
געשלאָגען ביז בלוט (בלוט),
און קיין עסען מיר מען ניט
אין פּאַוויאַק [14]) אַריין האָט מען מיך געבראַכט.

(LIV

1.

ווער האָט ניט דעם מוישעלדיגען (?) געקענט
נאָך איידער ער איז אַ נאַרקע* געוואָרען?
דערן פאָטער פער ° (צרות) האָט בעקומען אַ קרענק,
די מוטער אינגאַנצען פערלוירען.

אָבער מוישעל ° האָט פון דעם אַלעם ניט געוויסט (געוואוסט),
געדינט זיין בעל־הבית געטריי,
ער זאָגט, אַז עסען ווייל ער ניט אומזיסט,
און דערצו ביי אַנ'אומגליק: בין איך צוריק אויף דער פריי.

2.

איך בין געוואָרען עלטער, ל'האָב אָנגעהויבען צו פערשטעהן,
אַז טאַטעל * איז פער ° מיר געמאַכט,
האָב איך זיך אָנגעהויבען צו בעטען, אַז איך זאָל אויף אַנ'אַרבייט מיטגעהן,
מעג זיין אויף אַ גאַנצע נאַכט.

די שותפים האָבען מיך מיט זיך מיטגענומען,
געשטעלט דעם קאָפּ האָב איך פער ° זיי —
פלוצלינג האָבען מיך בעלפּערם * מיט שאַריע *
אָנגענומען
און איך בין שוין ניט מעהר אויף דער פריי.

אין תפיסה בין איך געוואָהר געוואָרען,
דאָס אומגליק פון מיין שטוב,
אויסער די פרייהייט וואָס איך האָב פערלוירען,
האָב איך בעשטאַט ° מיינע עלטערן אין גרוב.

(LV

איך עלענדעס קינד,
פול מיט זינד,
האָב איך קיינמאָל קיין בערוהטע מינוט
אין גאַס ווען איך גייה (געה),
הער איך אַ געשריי:
פאַר אַ גנב היט זיך גוט.

איך קאָן מענשען פיעל, —
וואָס די גנבה איז זייער ציעל,
ראַבירען — דאָס איז זייער געשעפט;
יענעם די נשמה צונעהמען,
זיין האַרץ צו פערקלעמען,
ווען יענער וויינט, ווערט ער גאָר ניט געפּלעפט °.

אויף אַזעלכע לייט,
מעג אויך קומען אַ צייט,
אַז זיי זאָלען שוין פון דער וועלט אַראָב.
ווילסטו גרינג ברויט,
בעקום־זשע דעם טויט,
און די תפיסה האָב אַ צוגאָב.

(LVI

איך בעדאַר ° די רייה, מאַמעליאָ °, וואָס דו האָסט צו מיר גערעדט,
דו האָסט מיך גנב'ענען ניט געהייסען געהן,
איז היינט מיר אַ ספּראַווע [1]) פאָרגעקומען —
ביי דעם גרינגעם טיש אין סאָנד [4]) דאַרף איך שטעהן.

אַזוי ווי עס קומט אויף צומאָרגענס ° אין דער פריה,
שטעל איך מיך דאַווענען מיט אַ גרוים געוויין —
איך האָב געבעטען ביי גאָט אין הימעל,
אַז איך זאָל פון די "ספּראַווע" לויז געהן

אַזוי ווי איך בין נאָר אין אָקרוזשנאָי [30]) אַריינגעקומען,
האָט מיר דער סאָדיאַ [31]) דעם ווירָאָק [7]) פאָרגעלייענט.
פיער יאָהר האָב איך אין ° האַרסענאַל [9]) בעקומען,

נאָר יעצט ברודער איז שוין אַלם (אַלעס) פֿער-
פֿאַלען,
די טהיר פֿון מײַן קאַמער איז אויף דרײַ שלעס-
לעך פֿערשלאָסען,
און קאָרעדאָ° דרעהט זיך אַרום אַ טשאַסעוואָי 52)
מײַן בײַטער האַרץ האָב איך אויסגעגאָסען,
ווען איך בין געקומען פֿון „אָקרוזשנאָי".

(LVII

איך שווער דיר גאָט, איך שווער,
גנבֿ'ענען גײה איך ניט מעהר,
נאָר העלף מיר איך זאָל אויף דער פֿרײַ אַרויס,
דאַן וועסטו שוין זעהן,
אַרבײַטען וועל איך געהן,
טאָ העלף מיר גאָט איך זאָל געהן לויז.

בײַ דעם יאָלד גאָר ניט גענומען,
ער האָט אַלעס צוריקבעקומען
און דערצו אַנ'אַדוואָקאַט געשטעלט, —
טאָ זעה-ושע וואָס גיך (גיכער)
און בעפֿרײַ מיך —
אַלע זאַכען זאָלען ווערען צוריקגעשטעלט.

דעם יאָלד וועל איך בעטען,
ער זאָל זיך האַקען * אויף אַ צווייטען
און מיך אָבפּוצען * אַצינד;
איך וועל שוין ניט מעהר
גנבֿ'ענען—איך שווער,
איך וועל זײַן אַ נאָרנטליך° קינד.

(LVIII

אוי, דאָנאָרשטיג° בײַ נאַכט שטעל איך מיך
דאַוונען
כ'שטעל מיך דאַוונען מיט אַ יאָמערליך געוויין,
ליבער גאָט אין הימעל, זאָלסט מײַן
געבעט צוהערען,
ווײַל דינסטיג° דאַרף מײַן ספּראַווע 1)
צו זײַן.
(כּיס)

אוי, מאַמע לעבען קרוין, אוי, מאַמע לעבען
האַרץ,
האָסט מיך געוואָרענט, אַז איך זאָל גנבֿ'ענען
נישט געהן,
אוי, הײַנט, מאַמעליאָ°, איז מיר אַזאַ „ספּראַ-
ווע" פֿאָרגעקומען;
דאָס פֿאַרדע (פֿיערטע) מאָל אין „אָקרוזשנאָי
סאָנד" 50) צו שטעהן.

אַזוי ווי כ'בין נאָר אין „אָקרוזשנאָי סאָנד"
אַרײַנגעקומען,
באַ'רן° גרינעם טיש בין איך געבליבען שטעהן;
אוי, האָט מען מיר דעם ווירדאָק 7) פֿאָרגע-
לייענט,
פֿיער יאָהר אַרעסטאַנצקע ראָטע 53) צו געהן.

אַזוי ווי כ'בין נאָר אין „אַרעסטאַנצקע ראָטע"
אַרײַנגעקומען,
מײַן געטרײַע כּלה, כ'וועל נאָך דיר בענקען,
נאָט וועט מיר העלפֿען, כ'וועל אַנ'אַפּעלאַציע
מאַכען,
אפשר וועט מען מיר אַ האַלבען „ווירדאָק"
שענקען.

(LIX

1.

וואָס נוצט מיר ווײַנען, וואָס נוצט מיר
קלאָגען,
אַז דער פּאַוויאַק 14) איז יעצט מײַן שטוב, —
ווער וועט מיר וועלען אַ וואַלאָקע* טראָגען,
אָהער אין דעם פֿינצטערען° גרוב.

איך בין געגאַנגען מיט שותּפים, געווען בין
איך זיי טרײַ,
טרײַער נאָך ווי אַ הונד; —
הײַנט לאַכען זיי פֿון מיר, ווײַל זיי זענען
אויף דער פֿרײַ,
קיינער וויל פֿון מיר נישט וויסען אַצינד.

2.

אוי גאָטעניו, איך שווער,
איך וועל שוין ניט מעהר,
גנבֿ'ענען וועל איך שוין ניט, ניין.
טאָ זעה-ושע אַצינדער,
אַז איך זאָל וואָס געשווינדער
צוריק אויף דער פֿרײַ אַרויסגעהן.

(LX

1.

איך זיץ אונטער (הינטער) די קראַטען
און דערמאָהן מיך אין מײַן טאַטען,
אַז געשטאָרבען איז ער דאָרך° מײַן שטאַנד,
איך האָב געוואָלט שטרעבען
צו אַ בלאַט * לעבען —
צום סוף הײַסט מײַן נאָמען אַרעסטאַנט.

2.

מען פֿיהרט מיך אין „סאָנד" 4)
מען זעצט מיך אין אַ „קאָנט" 45)
און דעם ווירדאָק 7) לייענט מען פֿאַר מיר; —
קאָנעוואָיִנע 17) אין בײַדע זײַטען
און איך געקאָוועט 18) אין קייטען, —
מען פֿיהרט מיך אונטער (הינטער) אַנ'אײַזערנע
טהיר.

3.

דער „ווירדאָק" איז מיר פֿאַרשווינדען
מיט שטאַרקע ווינדען —
דעם לעצטען טאָג האָב איך אויסגעקוקט;
אויסגעטהון דאָס אַרעסטאַנטסקע מונדיר
און אויפֿגעמאַכט די טהיר —
דער פֿרײַער הימעל האָט מיך דערקוויקט.

4.

ווי איך בין אויף דער פֿרײַ אַרויסגעקומען,
צו אַנ'אַרבייט זיך גענומען,
פֿאַרדיענט אַלט רובעל אַ וואָך.
איך האָב באַלד פֿערגעסען,
אַז איך בין אַמאָל געזעסען,
די גנבֿה געדענק איך נאָך.

5.

איך גײה אַרום אַ גאַנצע נאַכט
און קלער און טראַכט:
וואָס וועט מײַן ענדע זאַן (זײַן)
דער הונגער טהוט מיך קלעמען, -
עס איז אַ פֿאַל דאָס (?) צו נעהמען,
צוריק צו דער גנבֿה — דאָס איז מײַן לעצ-
טער פּלאַן.

(LXI

מײַנע אויגען זענען מיר אָפען,
איינס, צוויי, דרײַ;
מײַנע טעג זענען מיר צו לאַנג,
פֿון מײַן לעבען נעהמט שוין אַנ'עק,
אַז איך בין געוואָרען דער געפֿאַנגענער
אַרעסטאַנט.

אַזוי ווי מ'האָט מיך אין סאָנד 4) אַרײַנגעפֿיהרט,
איינס, צוויי, דרײַ,
האָבען די עדות אָנגעהויבען צו טענה'ן: ס'איז
ער און ווײַטער קיינער;
סך און ווײ° איז צו מיר און צו מײַנע יונגע
יאָהר,
פֿאַרפֿוילט וועלען ווערען מײַנע ביינער.

(LXII

כ'גײה אַרום און קלער,
כ'בראַך° מיר מײַנע הענטעלעך און וויין,
דער טאָג איז מיר ערגער ווי די נאַכט,
צו זיצען אין ווײַסטען גאַבינעטעלע° אַליין.

אַזוי ווי כ'בין נאָר אַ גנבֿ געוואָרען,
קיין גליקען האָב איך נישט געמאַכט,
אַזוי ווי כ'בין געגאַנגען° אין גאַס אַרײַן גנבֿ'ענען,
האָט מען מיר אַ חי * אָנגעמאַכט.

אַזוי ווי מ'האָט מיך באַזוכט°,
האָט מען מיך אין אַ הויף אַרײַנגעפֿיהרט,
מ'האָט מיך אָנגענומען בײַ דער האַנד
און מ'האָט מיך אין ביורע-שלעסטווע 19)
אַרײַנגעפֿיהרט.

אַזוי ווי איך בין אין „ביורע שלעסטווע"
אַרײַנגעקומען,
געצאַפּט האָט מען מיר מײַן בלוט (בלוט),
כ'האָב געהאַט אַ פֿאַלשען שותּף
האָט ער מיך פֿאַרשיט *.

(LXIII

אוי גאָט, איך וויל שוין ניט בעטען,
מײַן לעבען איז מיר פֿערמיאוס'ט,
גלײַכער וואָלסטו מיך טייטען°,
איידער צו זיצען אומזיסט.

יענער האָט אַ לעבען געמאַכט,
און איך אַ שומר-חנם געווען;
יעצט שלאָפֿט יענער רוהיג די נאַכט
און איך מוז זיצען פֿאַר עם (איהם).

טאָ בעט איך דיך גאָט לאָז אַנ'ענדרע נעהמען,
שטראָף מיך נִיט פאַר פרעמדע זינד.
צי דאַרף דען דער צווייטער ליידען פאַר
יענעם ?
טאָ בעפרײַ מיך פון דאַנען געשווינד.

(LXIV

1.

פערשיקט פון דער וועלט,
אַלץ צוליעב דעם געלד,
וואָס דער מענש בענוצט עס וועהרן
צו דער טוטשקע 54) צוגעשפּאַנט,
מִיט די קייטען אויף דער האַנד,
און געשיקט מיך אויף דער אַרבייט אַ העָר.

2.

מיט יאָהרען צוריק,
ווען עס האָט מיר געגליקט
און ° געוועזען אַ מענש מיט אַלע צוגלייך;
אַ מענש אַ טובה צו טהאָן °,
בין איך געוועזען אין קאָן,
געלעבט האָב איך מיר זעהר רײַך.

3.

עס איז אָבער אַ צײַט אַוועק,
ווען איך דערמאָהן זיך, כאַפּט מיך אָן אַ שרעק,
שולדיג אין דעם איז מײַן ווײַב;
אַ ברייט לעבען צו פיהרען,
די שענסטע שטעטער ° זיך צו ציערען,
הײַנט פאַלט פון מיר אָב מײַן לײַב.

זי האָט געוואָלט גוטע זאַכען,
אַלע טאָג קלײַדער צו מאַכען,
און דאָ איז קיין פרנסה נִיט געוועזען;
איז זי געפאַלען אויף אַ פּלאַן,
וואָס אַרגער ° קאָן שוין נִיט זײַן,
אַז איך זאָל אויף אַ נאַכט-אַרבייט געהן.

דאָס משא-מתן אויסגעוועהן
האָט זי אַליין,
נאָכהער האָט זי מיך געשיקט.
בײַ דעם פּסיבענען * די טהיר,
פערהאַלט מען באַלד מיר (מיך),
אוי, וועה, עס האָט נִיט געגליקט.

4.

די פאַלשע שלאַנג
מיט איהר פאַלשען געדאַנק,
אַ חתן זיך אָבגעזוכט געשווינד;
און דעם מאַן פערגעסען,
צומאָלט ° נִיט געברענגט קיין עסען,
ווי זאָגט מען דאָס:
דער מאַן לײַדט פאַר דעם ווײַבס זינד.

איך האָב געוואָלט מיט אַ מאָל,
רײַך ווערען אָהן אַ צאָהל,
בין איך געפאַלען אויף אַ גאַנץ גוטען פּלאַן;
און גאָט אָרטן צו געהן
ניט מיט קיין שותפים, נאָר אַליין
און וואָס איך פערדין, פאַלט אין קעשענע
אַרײַן.

5.

געגאַנגען אַ צײַט,
געוועזען אַ לײַט,
פערדינט האָב איך זעהר פיעל געלד —
אָבער אַ מאָל בײַ נאַכט,
גאָר אומגעראַכט (אומגעריכט),
צושטערט איז מיר געוואָרען מײַן וועלט.

פּאָליציי איז געקומען,
מיך פון מײַן פרוי און קינדער צוגענומען
און אָבגעפיהרט אין דעם פינסטערען גרוב;
הײַנט זיץ איך אַליין,
און יאָמער און וויין,
דער קאַמער — דאָס איז מײַן שטוב.

(LXV

1.

פון מײַן היים פערטריבען,
אַ גנב פערבליבען, —
דאָס בין איך דאָך;
פערשמוצט אויף דער וועלט,
אַלעס צוליעב געלד,
און די גנבה — דאָס איז מײַן תוך.

2.

איך געה אַרוים פון מײַן טהיר,
די כלים בײַ מיר —
און דאָס מעגעלע ° אַרומגענומען;
די אהד'לעך * בײַ זיך,
מאַקעל (?) איך אויף גיך,
איך בין מיט מזל צום משא-מתן געקומען.

3.

ווי איך בין אין משא-מתן * אַרײַנגעקומען,
איך האָב זיך צו דער אַרבייט גענומען
און וויל שוין מיט די זאַכען אַרויסגעהן —
פּלוצלינג דערהער איך אונטער (הינטער) מיר,
מען פערשליסט שוין די טהיר —
אין תפיסה אַרײַן מוז איך שוין געהן.

(LXVI

דאָרט אין די ° קאַמער, אין דער פינסטערע °
דירה,
דאָרט זיץ איך אײַנער אַליין.
הין און צוריק געהט דער אויפזעהער אויף
שמירה
און קוקט שטענדיג דאָרך ° דעם שליסעל-
לאָך אַרײַן.
איך פרעג איהם: וואָס קוקסטו, וואָס זעהסטו
בײַ מיר ?
צי קאָן איך דען אַנטלויפען פון דאַנען ?
אָבער ער מיט זײַנע אויגען קוקט נאָר אויף
מיר,
און הײַנט געה פערשטעה איוואַנ'ען.

איך זיץ און איך טראַכט: וואָס וועט דע'
סוף זײַן,
צו זיצען שטענדיג אונטער (הינטער) דעם
שלאָס;
ווען וועט שוין קומען דער פּראָקוראָר צו
געהן
און מיך געהמען אויף דעם דאָפּראָס 55) ?

די ליעבע צײַט איז אָנגעקומען,
אויף דעם פּאַהער ° גענומען האָט מען מיר,
דער סוף איז געווען—מען האָט מיר מײַנע
ציוויל-קליידער צוגענומען
און אָבגעשיקט אונטער (הינטער) אַ פערשלאָ-
סענע טהיר.

(LXVII

1.

אין דעם קיטש * שלעפּט זיך די צײַט,
דער טאָג געהט אַוועק און ס'קומט די נאַכט—
פערשאָלטען זאָל ווערען
דער וואָס האָט דעם נאָמען (?) אויסגעטראַכט.

אַ גנב פרעסט און טרינקט—שרײַט אַ יעדער—
זײַן זאָל איהם צו די מיתה,
איך וואָלט געוואונשען אַ יאָלד *: ער זאָל צענ-
טעווען *
כאָטש איין מאָל זיצען אין פּאַוויאַק 14), אין
דער תפיסה.

2.

איך בין פערשיט * געוואָרען, נאָר בין איך
פערשיט —
אומעגליך ° איז שוין פּליטה צו געהן,
ס'איז אויסגעגאַנגען אויף מיר גאָטעס צאָרען
(צאָרן)
איך וועל אָבגעהן אין האַרסענאַל 9) אַרײַן.

3.

קיין לעקעך * בין איך הײַנט אינגאַנצען ניִשט,
אוי, אויף לינקס * בין איך פערשיט *,
מײַן כלה גיט מיר עסען און געלד אין טאַש,
אַבי אין גאָס אַרײַן געהן זאָל איך ניט.

און איך האָב שוין באַסטירט *,
איך לעב מיר שוין וויטיש *-פּײַן,
אויף לינק * האָט מען מיך צוגענומען,
און אויף אַ יאַרגע* וועל איך געהן.

(LXVIII

זיצען זיץ איך מיר אין דעם פּאַוויאַק 14),
איך קוק אַראָב אָף ° די דויעלנע גאַס —
אוי, איבער אַזאַ קליין בעטעלע,
זאָל איך זיצען אין סעקרעטנע 43) שלאָס.

פיהרען פיהרט מען מיך איבער דער גאַס,
די הענד געשלאָסען מיט אַ שלאָס, אוי וועה,
מײַנע אויגען, מײַנע שמערצען —
דער קליוטשניק 36) שרײַט: „סקאַרעי ווכאַ-
דאַי!" 57)

ליגען ליעג איך מיר אָף ° די נאַרע,
איך קוועטש מיר אָב מײַנע בײנער,
ס'איז נישטאָ קיין קאָלעגע קיין געטרײַער,
ס'זאָל דאָס קומען אײנער.

(LXIX

1.

איך ליעג און קלער:
צו וואָס קום איך אַ הער,
צו וואָס טויג מיר אַ בלאַטער * צו זײַן ?
אַז עס איז קיין פרײַנדשאַפט פערהאַן,
יעדער וויל אַ הערשער זאַן (זײַן)
און דעם חבר בעגראָבען אין דער ערד אַרײַן.

2.

אַ מאָל איז בײַ בלאַטע * געווען,
אַז עס איז אײנעם אַנ'אומגליק געשעהן,
פלעגט מען לויפען פאַר איהם אין פײַער ; —
אָבער הײַנט, אַז אײנער ווערט פערשיט *,
קיהלט זיך דער צווייטער זײַן בלוט (בלוט)
און ער וויל ניט געבען אפילו קיין דרײַער.

3.

אַ מאָל, אַז מען איז צוזאַמען געזעסען,
האָט מען צוזאַמען געגעסען,
אַזוי ווי ברידער זענען מיר געווען ; —
אָבער הײַנט אַז מען ברענגט אײנעם וואָס,
פערדײַסט ער די נאָז
און ער עסט דאַמאָס ° ווען קײנער טהוט ניט זעהן.

4.

אָבער איך קאָן שוין ניט אויסהאַלטען,
מײַן מח ווערט מיר צושפּאָלטען
פון קלערען בײַ טאָג און בײַ נאַכט.
איך וועל שוין ניט — איך שווער —
קומען דאָ אַ הער,
ווײַל די גנבה איז שוין ניט פאַר מיר געמאַכט.

(LXX

1.

אַ קבר, אַ קעלער — אַ פינסטערע שטוב,
אָ דאָס איז דאָס לעבען פון דעם נאָרקע * ;
אָבגערעדט מײַן כלה, וואָס איך האָב זי זעהר ליעב,
האָט דער קלײנער יאָרקע.

געשטעלט מײַן קאָפּ אין דעם גרעסטען פײַער,
אַלעס געטהאָן ° צוליעב איהר,
זי איז מיר געווען ליעב און טײַער
און צום סוף פאַלש געוואָרען איז זי בײַ מיר.

2.

ווען איך בין אויף דער פרײַ געווען,
געלעבט האָבען מיר זעהר גיט (גוט),
וואָס מײַנע אויגען האָבען דערזעהן,
פאַר איהר געזשאַלעוועט [58]) האָב איך ניט.

אונ הײַנט, אַז איך זיץ — וויל זי פון מיר ניט וויסען,
קיין פעקעל ברענגט זי ניט אַ הער ;
די ליעבע צו מיר האָט זי איבערגעריסען,
מײַן לעבען האָט זי מיר געמאַכט שווער.

3.

ווי טרעף איך די שטשערווע [59]) דעם פאַל.
שען דריאַן [60])
ווי קריעג איך זי דאָ אַ הער —
פון מײַנע הענד וועט זי אַ טויטע זאַן (זײַן),
לעבען וועט זי בײַ מיר ניט מעהר.

אַזוי ווי איך ווער פון דאַנען בעפרײַט,
אַ וויזשעניע [61]) מאַך איך מיט איהר.
וואָס קומט מיר אַרויס, אַז זי האָט דעם קלײנעם יאָרקע בײַ דער זײַט
און איך בין אונטער (הינטער) אַ פערשלאָסענע טהיר.

(LXXI

וואָס טויג מיר מײַן לעבען, וואָס טויג מיר מײַן וועלט,
אַז פרײַהײַט האָב איך נישט,
אַלע פערגעניגענס איז פאַר מיר פערשטעלט,
אַז איך מוז ליעגען אין קיטש *.

איך בין געווען אַ ווע'שער *, געאַרבײַט זעהר גיט (גוט)
אַ פערדיענער אײנער אין די° וועלט,
צעהן מענשען אין גאַס אַרײַן גענומען האָב איך מיט,
און אַלע האָבען פערדיענט בײַ מיר געלד.

אַ מאָל אויף אַ יעריד °, פאַר אַ קריסט זיך פערקלײדט,
אפילו אין קאָשציאָל [62]) געגאַנגען ° מיט זײ ;
מײַן נאָמען איז געווען אויף דער וועלט פערשפרײט
און אַלע האָבען פערדיענט בײַ מיר געלד.

אָבער הײַנט ליעג איך עלענד פערוואָרפען פון די ° וועלט,
איך זעה ניט קיין לעבעדיג ° בריע * (ברואה)
ווי זאָגט מען אַ שפּריכוואָרט : וואָס טויג מיר דאָס געלד,
אַז סוף גנב איז דאָך לתליה.

(LXXII

1.

וואָס טויג מיר מײַן לעבען ? — פרעגט זיך אײנער, —
צו וואָס מוטשע איך זיך ?
אַז אויף די נאַרעס וואַלגערן זיך מײַנע בײנער
און אַז איך קום לויז — פערשיט * איך זיך גיך ? !

2.

כ'האָב אויפגעהערט צו גנב'ענען און אַנגעהויבען רשבירען
קיין רחמנות האָב איך ניט געהאַט ;
מיט'ן רעוואָלווער אין האַנד געטהון שטאָרצירען
און אָפטמאָל אַ מענש נאָך בעשטאַט °.

אָבער נישט אײביג בעשטאַט מען נאָר יענעם,
אַ מאָל קומט אויף דיר אויך אַ סוף.
מען האָט מיך געפּאַקט — אין תפיסה געטהון אײַנקלעמען ;
יעצט ליעג איך אויף דער נאַרע און גלאָץ מיט די אויגען אַרויף.

(LXXIII

אַך, ווײ ° אונ ביטער איז דאָס לעבען פון אַ גנב,
אָף ° יעטוועדער ° ווײַלע שטעלט ער אָף ° זײַן קאָפּ,
ס'יאָגען איהם די יאָלדען *, די שמירערס * די מענטעס *,
ס'מורקעוועט (?) פון עם ° אַרויס.

דאָ וואו ער טהוט זיך קעהרען, דאָ וואו ער טהוט זיך ווענדען,
שרײַען אַלע „וואָרא נאַדאָ ביט” [63]), אוי, ווײ ° !
ער כאַפּט אַ צווײטען שובער * און דאַצו אַ טויטען נהרג,
פאַרבײַסען פאַרבײַסט ער מיט דעם קוק.

דאָ ווי ער טהוט אַרײַנפאַלען טהוט ער זיך אַ נדר,
אַז גנב'ענען זאָל ער שוין מײן ° ניט געהן, אוי ווײ ° !
ער ליעגט אין פינצטערן ° גרוב אין לעבעדיגען קבר,
ס'שלאָגט פון עם ° אַרויס אַ גרויס געוויין.

דאָ ווי ער ווערט באַפרײַט פאַרגעסט ער אָן זײַנע צרות,
ס'גנב'עשע בלוט ס'קאָכט אין עם ° און ס'ברענט אוי ווײ ° !
דאַן זעהט ער אַ חלבנה *, שפּרינגט ער צו צו איהר
און דעם שאַבער * האַלט ער שוין אין זײַנע הענד.

(LXXIV

אויף דער נאַרע דאָ צו ליעגען,
איז דאָך זעהר ניט גיט (גוט),
ווען כ'זאָל כאָטש אַ פרײַנד אַרײַנקריעגען,
ער זאָל לײַדען מיט מיר מיט.

דען אַלײן צו זיצען אויף אַנ'אָרט
און מיט קײנעם קיין וואָרט צו רײדען,
איז שוין קראַנטער ° צו ליעגען אויפ'ן גוטען אָרט °
און זיך מיט דעם לעבען צו שײדען.

איך בעט דיך גאָט, הער מײַן געוויין
און העלף מיר יעצט אין דער נויט,
איך זאָל שוין דאָ מעהר ניט זײַן,
באַלד נישט — שיק מיר דעם טויט.

(LXXV

1.

איך ליעג אויף מײַן געלעגער,
איך הער ווי עס קלינגט דער ווײַגער,
עס איז שוין די לעצטע שעה;
איך וויעג מײַן קינד,
שלאָף מיר געזינד (געזונד),
אוי ווערה איז מיר, דער טאַטע איז ניטאָ.

אַז ער געהט אַ מאָל אויף אַנ'אַרבעט° אַוועק,
ואָמט° ער זיך ביז אין דער פֿריה,
און אַז מען דאַרף זיך פֿערזאָמען° איינינגע טעג,
שיקט ער אַנ'ענגעריסל* צו.

איך זעה ווי עס איז שוין דער צווייטער טאָג פֿאַראיבער
און פֿון מײַן מאַן איז קיין נאַכריכט° פֿערהאַן, —
איך ליעג און עס וואַרפֿט מיך ווי אין אַ פֿיבער,
גאָט ווייסט ווי ער טהוט יעצט זאַן (זײַן).

2.

איך קאָן נישט שלאָפֿען,
גאָט זאָל מיך ניט שטראָפֿען,
נאָר איך ליעג און קלער;
בײַ טאָג און בײַ נאַכט,
נאָר איך טראַכט:
וואו נעהמט מען מײַן מאַן אַ הער.

איך בין געפֿאַלען אויף אַ פּלאַן,
און געה צו משה שליסאַר° אַרײַן,
אַ זעגעלע בעשטעל איך מיר באַלד.
איך מאַכל (?) עס גיט (גוט),
און אַ ברויט נעהם איך עס מיט
און זאָג עס°, ער זאָל ניט זײַן קיין יאָלד*.

3.

בײַ נאַכט פֿון דעם שלאָף,
קריכט ער פֿון געלעגער אַראָב
און נעהמט זיך דאָס זעגעלע אַרויס,—
צו שנײַדען די קראַטען —
אַ רוח אין ווײַער טאַטען!
און געצויגען* איז ער פֿון קיטש* אַרויס.

(LXXVI

איך ליעג אויף דער נאַרע,
אויף די ברעטער די דאַרע,
און קלער וואָס מיט מיר איז געשעהן.
די קייטען — ווי קלינגען,
די אַרעסטאַנטען — ווי זינגען,
און דער קליוטשניק 56) הין און צוריק טהוט געהן.

נאָך האַלבער נאַכט,
איך ליעג זעהר פֿערטראַכט,
איך הער זיך אײַן אין יעדען שאָרך;
איך הער לײַכטע טריט,
עס ווערט מיר ניט גיט (גוט),
איך זעה ווי מען פֿיהרט מײַנע ברידער אַ דאָרך (אַ דורך).

פֿון מײַן פֿינסטערן געדאַנק,
ווער איך קראַנק,
פֿון די פֿאַנטאַזיעס וואָס איך טראַכט.
איך ליעג נאָר און קלער:
שלאָפֿען קאָן איך שוין ניט מעהר,
מיט פֿאַנטאַזיעס קום איך איבער די נאַכט.

(LXXVII

ליעגען ליעג איך מיר אויף מײַן געלעגער,
אויף מײַן געלעגער,
און איך האַלט די אייגעלעך צום הימעל אַרויף;
איך הער מען פֿײַפֿט שוין זעקס אַ ווײַגער
און דער קלוטשניק 56) וועקט אונז אויף.

ער וועקט און וועקט און איך שלאָף,
און ריהר זיך ניש° פֿון דעם אָרט —
פּלוצלינג שלעפּט ער מיך פֿון דער נאַרע אַראָב:
„סטאַוואַי, טי סטאַרי טשאָרט! 64”).

אין סאָנד 4) אַרײַן האָט מען מיך געפֿיהרט
און מיר פֿאַרגעשטעלט מײַן אומגליק,
דער סענדזיער 3) זיצט זיך אויסגעצירט —
אויף זעקס מאָנאַטען אין טורמע האָט מען מיך אָבגעשיקט.

(LXXVIII

ליעגען ליעג איך מיר אויף מײַן געלעגער,
און די אויגען האַלט איך אויף.
ווען וועט שוין קלאַפּען זעקס אַ ווײַגער
און צו מײַנע צרות וועט נעהמען אַ סוף,
אוי אַ סוף.

איך ליעג און/קוק דאָרך° די קראַטען אַרויס
און איך קלער נאָר פֿון דער פֿרײַ,
ווען וועל איך שוין זײַן לויז
און אויף האַלטען דערבײַ, אוי דערבײַ.

און איך ליעג און איך קלער פֿון מײַן הײַם,
פֿון מײַן הײַם,
איך זאָל זיך זעהן מיט מײַן פֿרוי און קינד,
איך זאָל שוין קומען אַ הײַם צו געהן,
איך זאָל שוין דאָ ניט זיצען אצינד.

ווי איך וועל אויף דער פֿרײַ אַרויס, אויף דער פֿרײַ אַרויס,
גנב'ענען וועל איך מעהר ניט געהן;
העלף מיר גאָט איך זאָל אויף דער פֿרײַ אַרויס,
קיין גנב וועל איך מעהר ניט זײַן.
העלף מיר גאָט איך זאָל אויף דער פֿרײַ אַרויס,
גנב'ענען וועל איך מעהר ניט געהן.

(LXXIX

1.

ליעגען ליעג איך מיר אויף דער נאַרע
און איך קלער מיר פֿון מײַן כלה דערבײַ —
פֿערציהט זיך אויף מײַן פּנים אַ שוואַרצע כמאַרע,
פֿערציהט זיך אויף מײַן פּנים אַ שוואַרצע כמאַרע,
ווען וועל איך זײַן אויף דער פֿרײַ.

נאָר דאַכט זיך מיר, אַז איך וועל צעגעמעוועןץ*
און מײַן אומגליק איז זעיער° גרויס;
נאָר טאָמער וועט גאָט מיר העלפֿען,
נאָר טאָמער וועט גאָט מיר העלפֿען
און איך וועל געהן פֿון די ספּראַוועס 1) לויז.

איך קוק דאָרך° דאָרך° די קראַטען
און איך זינג מיר אויס מײַן ליעד; —
פֿערשאָלטען זאָל זײַן דאָס משא-מתן*,
פֿערשאָלטען זאָל זײַן דאָס משא-מתן*,
וואָס אַ גנב ווערט דערבײַ פֿערשיט*.

2.

ווען איך זינג מיר אווי מײַן ליעד,
הער איך אַ געשרײַ:
דער שמירער* זאָגט: שנעל טהו זיך אָן,
„נאַ סלעדסטוועס סטאַוואַי” 65).

אויף דער „סלעדסטוועס” בײַ מיר איז זעקס,
איך שאָבער* קיינעם נישט אויס —
און גאָט אין הימעל זאָל העלפֿען,
איך זאָל קומען פֿון די „ספּראַוועס” לויז.

(LXXX

איך ליעג אויף דער נאַרע און הער זיך אײַן,
ווי מען רופֿט יעדענם נאָמען אויס, —
יעדער טראָגט זיך זײַן וואָלאָווקע* אין קאַמער אַרײַן,
איך ליעג און מײַנע צרות זענען גרויס.

ווען איך בין געוועזען פֿרײַ,
האָט מען מיך ליעב° אַ וועלט,
מײַן פּאַסערין* האָט מיך געקישט (געקושט),—
איך האָב אין ווײַ אָנגעשטופּט מײַן גאַנצעס געלד
און הײַנט געדענקט מען מיך נישט.

די כלה, די פֿאַלשע, האָט מיך אויך גענאַרט*
און געשריעגען° אַז זי ליעבט מיך זעהר,
אָבער הײַנט אַז איך בין נאָר פֿערשפּאַרט —
צי איז זי נאָך געקומען איינמאָל אַהער.

איך שווער, איך שווער ווי איך וועל אַרויס קומען,
„אָדערגרען” 66) וועל איך זיך אײַן° זײַ,
מײַנע לײַדען וועל איך מיר אָבנעהמען,
ווי איך וועל נאָר אַרויס אויף דער פֿרײַ.

(LXXXI

איך ליעג און איך ליעג, עס קלאַפּט מיר אַ צאָהן אָן אַ צאָהן —
דער וועכטער, ער לויפֿט צו מיר באַלד.
איך ווייס ניט וואָס לויפֿט מען, וואָס הויבט מען אָן צו טהון?
שטיל — שאַ, מאַכט קיין געוואַלד.

ווען איך בין דאָס ערשטע מאָל געוואָרן
פֿערשיט *,
און פּאַוויאַק 14) ווען מען האָט מיך געבראַכט,
געשלאָגן האָט מען מיך דעמאָלט, עס האָט
גערינען מײַן בלוט (בלוט),
עס איז געווען אַ געפֿערלעכע שלאַכט.

איך האָב דעמאָלט אַלע קרעפֿטן צונויפֿגע-
נומען
איך בין אַנטלאָפֿן פֿון דאָרט;
אָבער מען האָט מיך צוריק באַקומען
און אָבגעפֿירט אין מײַן פֿריערדיקן ° אָרט.

(LXXXII

עס שלאָגט דער זייגער צוועלף אויס
און איך ליג אין מײַן שווערן שלאָף,
איך באַטראַכט די קאַמער, וואָס איז זייער
גרויס,
ווי מענטשן ליגן אויף ווי די (?—שאָף?)

איינער בראָפּעט, דער צווייטער שנאָרכט,
דער דריטער ליגט נאָר און ווייַנט;
איינער דערצײלט אַ מעשׂה, דער צווייטער
האָרכט,
דער דריטער זאָגט: ווי האָב איך ראַלירט °
געכטן און ווי ליג איך הײַנט; —

און איך ליג און באַטראַכט מיר אַלעם
און האָרך זיך צו יעדן זייער גוט אײַן;
און אײַן תּוך פֿערענטפֿערט אַלע שאלות:
זײַ אַ פֿײַנער מאַן וועסטו דאָ ניט זײַן.

(LXXXIII

אין דעם אײַנזאַמען קאַמער, אין דער פֿינסטערער
שטוב,
ליג איך אויף דער נאַרע און טראַכט:
צי איז דאָס אַ סאַליע 67), צי איז דאָס אַ גרוב,
צי שלאָף איך, צי בין איך אויפֿגעוואַכט?

איך ליג און קוק מיט אָפֿענע אויגן
און הער זיך צו צו יעדן שאָרך:
ווי פֿינסטערע וואָלקנס וואָלטן זיך פֿאַר
מיר געצויגן,
אַ קעלט געהט דאָרך ° מײַנע ביינער אַ דאָרך °.

איך הער ווי עס קלינגען די קייטן פֿון מײַנע
ברידער,
זיי וועקן מיך און זאָגן עפּעס אָן;
און ווי פֿון חלום הער איך די לידער,
עס זינגט זיך אין אַ שטערבענדן טאָן.

ווי לאַנג וועל איך ליגן אויף דער האַרטער
נאַרע,
און קוקן מיט די אויגן צו די קראַטן
אַרויף?
און וועט זיי צוברעכן די האַנד די דאַרע
און צו מײַנע לײַדן וועט נעהמען אַ סוף?

(LXXXIV

איך קאָן ניט שלאָפֿן אויף די האַרטע נאַרע,
דאָס ברעט קוועטשט מיר אָב מײַן זײַט,
איך קאָן שוין ניט רוהרן מיט מײַן האַנד
די דאַרע,
ווען וועל איך שוין זײַן באַפֿרײַט?

איך קאָן שוין נים הערן ווי דער אויפֿ-
זעהער טהוט וועקן
און קלאַפּן מיט די שליסלען: שטעהט אויף!
איך קאָן שוין ניט הערן, עס טהוט מיך
שוין שרעקן,
ווען וועט דאָס שוין נעהמען אַ סוף?

(LXXXV

1.

די נעכט פֿליהען און די טעג ציהען
און מײַנע צרות נעהמט קײַן סוף,
איך ליג און קלער, און מײַן האַרץ איז מיר
שווער,
איך האַלט די אויגן צו די קראַטן אַרויף.

2.

וואָס נוצט מײַן טראַכטען, וואָס נוצט מײַן
קלערען,
וואָס קאָן מיר העלפֿען מײַן געוויין?
וואָס נוצט מײַן זאָרגען, אז איך ווייס נישט
וועמענס מאָרגען,
און ° איך וועל צוריק אויף דער פֿרײַ אַרויס-
געהן.

(LXXXVI

ווי כ'זעה די פֿייגעלעך פֿליהען,
קוק איך צו מיט מײַנע אויגען,
כ'וואָלט נאָך געוואָלט אַ מאָל זעהען,
וואו זיי זענען געפֿלויגען.

אַך, ווי גליקליך איז דער מינסטער °,
וואָס ער האָט פֿליגעל;
אוי, איך ליג דאָ נעבאַך פֿאַרשלאָסען
אין דעם פֿינצטערן ° שטײַגעל.

אין דעם שטײַגעל זיץ איך אין גרויסע יסורים
און איך מהוּ מיך מוטשען,
זיי מאַכען פֿון מיר סעודות-פּורים (?),
זיי הייסען מיך קווײַטשען.

איך מוטשע מיך און מוטשע מיך,
ס'איז שוין אַ צײַט אַוועק,
אַך, אין דעם פֿינצטערן ° קבר,
און ס'נעהמט נישט קײַן עק!

(LXXXVII

אויפֿן דאַך שטעהט אַ טײַבעלע,
מהוט עס צו מיר ברוטען,
כ'קוק מיר אַרויס דורך מײַנע קראַטעלעך,
אפֿשר וועלען מײַנע פֿאָטער און מוטער צו
מיר קומען.

דרײַ חדשים בין איך אין טורמע געזעסען,
כ'האָב געמיינט, אז פֿון מײַנע דיעלעס 20) וועט
ווערען בלאָטע,
טהוט מען מיר אַ טרעבעווע 68) אין אָקרוזשי-
נאָי סאָנד 50) אַרײַן,
און מען מוט מיר אַ זאָג: דרײַ יאָהר ראָטע 53).
דרײַ יאָהר „ראָטע" איז אָף ° מײַן האַרצען
געלעגען,
כ'בין געלעגען אין טורמע אין צרות און
אין לײַדען;
כ'מהוּ מיך אַ דערמאָהן אָן מײַן זיס לעבען,
געהט מיר נישט אײַן קײַן שום פֿרײַדען.

(LXXXVIII

פֿערוואָרפֿען פֿון מײַן היים, פֿעריאָמערט איז
געווײַן.
ליג איך אויף דער נאַרע דאָ אַצינד.
איך ליג נאָר און קלער
און מײַן האַרץ איז מיר שווער:
איך לײַד דאָך פֿאַר פֿרעמדע זינד.

איך האָב בײַ קיינעם געגנב'עט, בײַ קיינעם
ראַבירט,
ערליך געפֿיהרט מײַן וועלט;
מײַן טיש איז שטענדיג געווען געציערט,
און הײַנט איז דאָס פֿון מיר אַלעס פֿערשטעלט.

איך בעט זיך בײַ גאָט: אַנ'ענטפֿער גיב מיר,
פֿאַרוואָס קומט מיר אַזאַ שווערע שטראָף?
דער שולדיגער לעבט גליקליך און איך לײַד
אָהן אַ שעור,
ווען וועט עס שוין נעהמען אַ סוף?

(LXXXIX

וואו איז יעצט מײַן פֿרוי, וואו איז יעצט
מײַן קינד,
און וואו געפֿין איך זיך אַליין?
עס האָט מיך געקאָסט מײַן לעבען מײַן געזונד
זינט איך בין אין דעם פֿאַך אַרײַן.

איך בין געזעסען בײַ דער גמרא איבערגע-
בויגען
און פֿון קײַן תּפֿיסה נישט געוואוסט;
און מיט איינמאָל געעפֿענט די אויגען —
די גמרא וואַרפֿען האָב איך שוין געמוזט.

גענומען צו מאַכען די לינקע * גראָשען,
אָנגעהויבען צו לעבען אַ גליקליכע וועלט —
פֿון מענשליכקייט האָט זיך אַלעס פֿערלאָשען;
איך האָב נאָר געזוכט ווי צו מאַכען געלד.

אָבער נישט אַלעס קאָן לאַנג געדויערן (דויערן),
צו יעדער זאַך מוז קומען אַנ'עק.
אין אַ שיינע ° נאַכט איז דאָס מאַשינדעל
פֿערשיט * געוואָרען —
און מיך האָט מען געפֿיהרט אין קייטען אַוועק.

(XC

די זון שײַנט אָף ° און זי געהט אונטער,
בײַ מיר אין טורמע איז פֿינצטער °;
טעג און נעכט טהוט מען היטען,
ס'היט מיר אָב מײַן פֿענצטער °.

וואָס טהוט ער מיך אָבהיטען?
ניין, כ'קען מיר פֿון קליוטשניק[56] נישט אויסקויפֿען,
יאָ, דאָ שמעקט מיך צו פֿרייהייט
און איך קען פֿון דאַנעט ◦ נישט אַנטלויפֿען.

כ'בין אויסגעזועסען איין ווירקאָך[7] און דעם צווייטען,
ביז וואַנען מ'האָט זיך געטהון פֿון מיר דער-וויסען,
הערט מען אַ גלאָס[69] פֿון דער גאַטשאַלסטווע,
אַז מ'טהוט אונז אָף ◦ אַ וויסילקע[70] אוועק-שיקען.

(XCI

ויצען זיץ איך אין די טורמע,
צווישען איזערנע קראַטען,
דער זומער, דער שיינער ◦ קומט אָן
אוי, וויי ◦ איז מיר!

די פֿייגעלעך, ווי פֿליהען,
די ביימעלעך, ווי בליהען,
און די קייטעלעך, ווי קלינגען אָף ◦ מיינע פֿיס,
אוי, וויי ◦ איז מיר!

פֿיהרען פֿיהרט מען מיך אין די טורמע,
מ'עפֿענט מיר אָף ◦ אַ טהיר,
שטעהן שטעה איך מיר בײַ די טהיר,
אוי, וויי ◦ איז מיר!

שטעהן שטעה איך בײַ די טיר,
אָנגעטהון דאָס אַרעסטאַנטסקע מונדיר,
דאָס מונדיר איז פֿון די וערווע (?) געבראַכט,
אוי, וויי ◦ איז מיר!

ליגען ליעג איך מיר אָף ◦ דער נאַרע,
מיינע ביינדעלעך די דאַרע,
צוויי פֿונט ברויט מיט וואַסער אַ טאָג,
אוי, וויי ◦ איז מיר!

מיין פֿרוי מיט מיינע צוויי קינדער, —
ווי לויפֿען קוקען אָף ◦ מיינע ווינדער (וואַט-דער),
אַז מיין נאָמען זאָל נישט הייסען אַרעסטאַנט,
אוי, וויי ◦ איז מיר!

כ'האָב מיר קיינמאָל נישט געוואָלט גלייבען (גלויבען),
בײַ מיין גאַנץ לעבען,
אַז מיין נאָמען זאָל הייסען אַרעסטאַנט,
אוי, וויי ◦ איז מיר!

(XCII

עס קלינגט ◦ די קייטען פֿון מיינע הענד און פֿיס
און דער קאָפּ — ער פֿאַלט זאָ ◦ שווער;
געוואַלד, מיין לעבען איז מיר פֿערמיאוס'ט
פֿון מיינע אויגען גיעסט זיך אַ טרעהר.

ווען וועט דער סוף קומען, ווען ווער איך בעפֿרייט,
צו וועט פֿון ◦ מיינע שמערצען קומען אַנ'ענד,
צי וועל איך דערלעבען די גליקליכע צייט,
טראָבוואַרפֿען די קייטען פֿון די פֿיס און די הענד.

ניין, ניין, מיין האָפֿענונג פֿערלוירען, פֿער-שפּילט די וועלט,
די בעסטע יאָהרען אין תפיסה פֿערבראַכט;
איך וויל נאָך בעפֿרייט ווערען פֿון מיין פֿינסטערען געצעלט —
מיט פֿאַנטאַזיעס געהט אוועק די נאַכט.

(XCIII

אַ, די קייטען, די קייטען, ווי קלינגען איז מיינע אויערען,
שלעכט איז מיר יעצט אָהן אַ שעור;
די קייטען, די קייטען, בײַ ווי האָב איך אַלעס פֿערלוירען,
איך ליעג אונטער ◦ אַ פֿערשלאָסענע טהיר.

ווי שווער ועגען זיי מיר אצינד,
צוגעבונדען צו דער תפיסה, פֿערוואָרפֿען פֿון מיין ווייב
און אויף אייביג אָבגעריסען פֿון מיין קינד.

די קייטען, די קייטען, ווען וועל איך זיי צורייסען
און ווערען פֿון זיי שוין בעפֿרייט;
אָך, ווען איך זאָל קענען מיט מיינע צייהן זיי צובייסען
און זיין צוריק צווישען מענשליכע לייט.

(XCIV

1.

די קייטען אויף מיינע פֿיס, —
מיין לעבען פֿערוויסט, —
איך טראָג ווי שוין דאָס דריטע יאָהר.
איך האָב קיין פֿרייע מינוט (מינוט),
איך בין צו זיי צוגעשמידט
און מאַטערען ◦ מאַטער איך זיך ביז גאָר.

2.

איך ליעג אויף דער קויקע[71]
איבערגעדעקט מיט דער בוקע[72]
איך ליעג גאָר און פֿאַנטאַזיער.
און אויף דער פֿרײַ געווען אַ גראַף
און דאָ בין איך אַ שקלאַף
און בין אונטער ◦ אַ פֿערשלאָסענע טהיר.

(XCV

קייטען, קייטען — אייער קלינגען
מאַכט נאָך שווערער מיין געמיטה;
עס וואָלט אפשר בעלינגען (געלונגען) —
נאָר דאָרך ◦ אייך קען איך ניט.

אייער קלאַנג טהוט מיר שטערען,
און איך קען נישט פּליטה גיהן,
דאָס קלינגען וועט מען הערען —
עס לאָזט מיך אָן אַ געוויין.

וויפֿיעל מיה האָט מיך געקאָסט,
ביז איך האָב מיט מיינע הענד
די פֿינסטערע תפיסה אַ דאָרך ◦ געבאָהרט (געבויערט) —
די נאַסע ערד מיט די ווענד.

איך וואָלט נאָך אייך געוואָלט צערייסען,
אַזאַ גבורה נאָך בעוויזען,
די רינגען מיט די צייהן צעבייסען —
צום אומגליק זענט איהר פֿון אייזען.

קייטען, קייטען — מיט אייער קלינג
מאַכט איהר שווערער מיין געמיטה;
איך וואָלט געוואָרען לינק*,
נאָר דאָרך ◦ אייך קען איך ניט.

(XCVI

וואָס קלינגען די קייטען, וואָס לאָזט איהר מיך ניט אָב?
זאָגט, וואָס ווילט איהר האָבען פֿון מיר?
מיינע ביינער — ווי ברעכען מיר, דער קאָפּ קוקט ◦ אַראָב,
די אויגען, — ווי גלאָצען צו די טהיר.

2.

איך ליעג אויף דער נאַרע אין געדאַנקען פֿערזונקען,
איך האַלט מיינע אויגען צום הימעל אַרויף;
און די קליינע פֿענסטערלעך טהוען צו מיר ווינקען;
ווי לאַנג וועסטו זיך מוטשען, ווען וועט דאָס נעהמען אַ סוף?!

עס וועט נעהמען, עס וועט נעהמען, מענסט זיך האָפֿען —
און צו אַלע צרות וועט אַנ'ענדע זיין.
די פֿענסטער, די טהירען וועלען זיין פֿאַר דיר אָפֿען
און די וועסט דיר בשלום אויף דער פֿריי אַרויסגעהן.

(XCVII

1.

די קייטען אויף מיינע פֿיס,
מיינע יאָהרען פֿערוויסט —
ויצענדיג אין טיעף סיביר;
פֿון מיין חיים זיך דערמאַהנט,
פֿון דער טיעפֿער שאַנט (שאַנד),
געוואַלד, וואָס האָט זיך געטהון מיט מיר?!

2.

אַ פֿרוי מיט קינדער געהאַט,
געפֿיהרט דעם גרעסטען שטאַט,
געלעבט זיך גליקליך די וועלט!

אוי, צוליעב אַ שלעכטען געדאַנק,
און יעצט טהוט עס באַנג —
אלעס צוליעב דעם געלד.

3.

געאַרבייט אויף אַנ'אָרט,
שטענדיג געהאַט דאָס וואָרט,
ביי אַנ'אַלטען גרויז-גראָהען מאַן.
עס איז געוועזען אַ שרעקליכע נאַכט.
ווען איך האָב דאָס געמאַכט,
ערמאָרדעט דעם אַלטען און אַנטלאָפען בין
איך דאַן.

4.

מיין געוויסען האָט מיך געפּלאָגט,
וואָס געגנעבטיגט — ניט געטאָגט;
קיין געלד געפינען — טאָ צוליעב וואָס האָב
איך דאָס געמאַכט?
אין פּאָליציי געלאָפען גלאַך (גלייך),
און דערצעהלט די גאַנצע זאַך,
היינט ליעג איך אין סיביר און איך שמאַכט.

(XCVIII

עס קלינגען די קייטען, עס רוישט אין די
קאַמער,
די הערצער בעוועגען זיך שווער,
עס רוישט אין מיינע אויערען ווי אַ שווערער
האַמער
און פון די אויגען קייקעלט אַ טרעהר.

איך ליעג און פאַנטאַזיער פון מיינע גליק-
ליכע יאָהרען,
וואָס איך האָב זיך אַמאָל געפיהלט; —
אָבער היינט בין איך פון אַלעם שוין אָבגע-
פאָהרען °,
מיין גליק האָב איך שוין פערשפּיעלט.

אַ פּנסטע פאַנטאַזיע האָט מיין קאָפּ געמוטשעט,
איך האָב צו עפּעס געציעלט, —
די פינסטערע גנבה האָט מיך דערקוטשעט,
צוליעב איהר האָב איך אַלעס פערשפּיעלט.

(XCIX

1.

עס קלינגען די קייטען, עס קלינגען די שליס-
לען,
דער אויפזעהער די טהיר עפענט פריי;
עס ווערט אַ געפּילדער, יעדער לויפט צו די
שיסלען
און איך אויך צווישען זיי.

וואָס איז פון מיר געוואָרען, וואָס איז מיט
מיר געשעהן,
ווי קום איך עפּעס דאָ אהער?
עס האָט זיך מיר פערוואָלט, וואָס די אויגען
האָבען דערזעהן,
צו דער גנבה געצויגען האָט עס מיך זעהר,



2.

ווען איך בין נאָך געוועזען אַ קינד,
איך געדענק עס ווי אַצינד,
ווען די מאַמע האָט דאָס געלד געצעהלט;
ביי נאַכט פון דעם שלאָף
וועקט עס מיך אויף
און איך האָב זיך מיט די ° כאַטע ° געטיילט.

3.

ווען איך בין געוואָרען גרעסער,
האָב איך אָנגעהויבען האַקען שלעסער, —
אַ נאָרקע * מיט'ן פולען קנאַק.
מיט'ן שאַבער אין די ° האַנד,
אָהן מורא און אָהן שאַנד,
און געטראָגען דעם שווערסטען פּאַק.

4.

אָבער ניט לאַנג איז דאָס געוועזען,
עס איז מיין ערשט אומגליק געשעהן,
איך האָב זיך דאַמאָלס שטאַרק אָבגעבריהט;
די שותפים זענען זיך צולאָפען,
נאָר מיך האָט דאָס אומגליק געטראָפען,
און געוואָרען בין איך פערשיט *.

(C

הערטס ° איהר קאָנאָוואַיען [17],
עולם-הבא טהוט איהר זיך קויפען;
נעהמט מיר אַראָב די קייטען פון די פיס,
אוי, כ'שווער אייך, כ'וועל פון אייך נישט אַנט-
לויפען.

צום סלעדאָוואַטעל [44]) האָט מען מיך געטהון
פיהרען
אין דרויסען — אין רעגען און בלאָטע —
אוי, דאָרך ° אַזאַ קליין פּאָרלע [73]) גנב'הלע,
זאָל איך געהן אָף ° קאַטעושינע ראַבאָטע [74]).

אין וואָקזאַל מאָסקעווסקי ° האָט מען מיך גע-
טהון פיהרען
פיער מענטשען ° זענען געשטאַנען ביי דאַבוי °;
אַך איינער פון זיי טייטעלט מיט די פינגער:
אוי, דאָ פיהרט מען יאַשקע דעם אַרעסטאַנט
פאַרביי.

(CI

וואָס ווילט איהר ווערטער, וואָס שלאָגט איהר
מיעך (מיך)?
אַנטלויפען וועל איך פון אייך שוין ניט, ניין;
אַז איך וועל שוין ליעגען אויף מיין בעטעל,
טענט איהר זיין בעטיעך (בטוח)
און פון דאַנען וועל איך שוין ניט אַוועקגעהן.

איהר זאָגט, אַז איך לאַך — עס איז אָבער קיין
געלעכטער —
איך לאַך ניט. איהר הערט וואָס איך זאָג?
איהר זאָגט, אַז מיין משוגעת איז אַ געמאַכטער?
לאַכט ניט — הערט וואָס איך זאָג!

איך וועל שוין ניט גנב'ענען, איך שווער עס
אייך היילינג,



איך וועל שוין אַ פיינער מענש זיין;
און אַז איך בין דאָ — וואָס בין איך אייך
שמיילינג (?),
לאָזט מיך אויף דער פריי אַרוים גיי'ן (געהן).

וואָס לאַכט איהר, איהר ווילדע נאַראָנים איינע,
וואָס זעהט ° איהר אויס קעגען מיר?
איך בין אַ גנב — און איהר זענט מענשען פיינע?
טאָ פאַר וואָס זענט איהר אונטער ° אַ פערשלאָ-
סענע טהיר?

(CII

געה איך מיר איינער אליין אָף ° דעם וועג,
אוי, ס'איז שוואַרץ די נאַכט, מ'זעהט קיין מענש
נישט געהן;
איך בלאָנדושע אַרום אין דעם וואַלד
אַליין, אַליין, אַליין. } בים

די שטערען רעדען
איינער צו דעם צווייטען,
די לבנה מיט די שטראַהלען,
זיי טהוען דעם הימעל פערשפּרייטען. } בים

מיט אַמאָל הער איך
ווי די פייגעלעך זינגען,
איך הער דעם קלאַנג
פון מיינע קייטען קלינגען. } בים

אָף ° דעם הויכען באַרג,
פון די נידעריגע ° שטיינער;
כ'בין אַנטלאָפען געוואָרען,
ס'האָט נישט געזעהן קיינער. } בים

(CIII

צו זיין אין סיביר מיט פיעל קאַטערזשאַנען
(קאַטאָרזשניקעס),
דאָס לעבען מעג דאַמאָלס שוין זיין ווי גוט —
ווען איך טהו זיך פון דער היים דערמאָהנען,
ווי איך בין געזעסען ביי מיין טיש שטיל און
בערוהט.

געוועזען אַ מענש מיט לייטען צוגלייך,
געהאַט אַ פרוי און קינדערלעך צוויי;
צי איז דען געוועזען דער גרעסטער גביר קעגען
מיר רייך,
ווען איך בין געזעסען זיך געשפּיעלט מיט
זיי?

ביז אַ פינסטערער צאָרען ° איז אויף מיר גע-
קומען,
דאָס גליקליכע לעבען האָט זיך אָבגעשטעלט —
מיין פּרנסה האָט מען מיר צוגענומען,
איך האָב נישט פערדיענט קיין גראָשען געלד.

איך האָב אָנגעהויבען צופיעל צו קלערען —
וואָס הויבט מען אָן צו טהון פריה'ר?
האָט דער טייוועל געמוזט מיין געבעט אויס-
הערען,
אין זיין נעץ געפאַנגען האָט ער מיר (מיך).

אין פערשיעדענע חברות מיטגעשלעפּט,
אויף באַנדיטישע אָנפאַלען מיך מיטגענומען.
מענשען באַרויבען איז געוואָרען מיין געשעפט,
ביז איך בין אויף קאַטאָרגע געקומען,

(CIV

1.

אין סיביר, אין ציביר (סיביר) טיעף אין דעם וואַלד,
קײן מענשען זעהט מען דאָרט ניט —
עס בעוויַזט זיך פאַר מיר אַ טרויעריג געשטאַלט,
אין קײטען געהט ער געשמידט.

ער געהט און ער קלאַפּט
מיט די קײטען טיק־טאַק,
זײ קלינגען מיר אין מײַנע אויערען.
ווער קאָן דאָס זײַן?
פרעג איך מיר אַלײן,
פאַר וואָס געהט ער די האָר נישט געשווירען?

2.

דאָס איז ער, ווילד ווי אַ בער,
אַ קאַטאָרזשניק פון וואַרשע געשיקט;
פערגאָסען פיעל בלוט (בלוט),
אויף טריט און שריט,
אין אַ הויז פון אַ רײַכען באַנקער (באַנקיר).

מען האָט איהם געכאַפּט,
אין קײטען געבראַכט,
אין האַרסינאַל[9] אַרײַן האָט מען איהם אָבגעשיקט;
אין קײטען געשמידט
די הענד מיט די פיס —
יעצט האָט מען איהם קײן סיביר אָבגעשיקט.

(CV

אין דער טוטשקע[54] אײַנגעשפּאַנט,
מיט דעם גראַבעל אין דער האַנד, —
אַזוי מוז איך געהן דעם גאַנצען טאָג;
פון מײַן הערצען טריפט בלוט,
עס ווערט מיר אַלע ווײַלע ניט גוט,
איך ווײַן און קרעכץ און איך זאָג:

איך זאָל נאָך אויספּעיען[75]
זיך פון דאַנען צו בעפרײַען,
ווי וואויל ווערט דאָס מיר זײַן און גיט (גוט);
די וואַך איבערקויפען
און פון דאַנען אַנטלויפען —
קײן אַרעסטאַנט זײַן וויל איך שוין ניט.

(CVI

אויף די בערג, אין די טהאָל — פערברענג איך מײַן וועלט,
ביזע חיות געפינט — זיך אויך דאָרט;
אין מורא'דיגען וואַלד איז מײַן געצעלט,
לעבען (נעבען) די טוטשקע[54] איז מײַן אָברוה־אָרט.

אַכט יאָהר געטראָגען די שווערע קײטען,
נאָכהער — אוועק געשיקט נאָך סיביר —
דאָ האַלט איך געפעהרליכע שטרײַטען,
וויַל אַנטלויפען וויל איך פון היער.

איך וויל דאָ נישט קאָנטשען[76] מײַנע רעשטע יאָהרען,
צו דער פרײַהײַט ציעט מיך אַ ציה;
איך בין דאָך אָבער צו ווײַט פערפאָהרען —
וואָס קאָן מיר שוין העלפען יעצט מײַן מיה?

עס טהוט מיך פּלאָגען דער טרויעריגער געדאַנק,
אַז דאָ אין די וויסטע וועט מײַן ענדע זײַן...
איך שווער דיר גאָט, אַז עס טהוט מיר באַנג,
נאָר צוריק לאָפען קאָן מען שוין ניט, נײַן.

(CVII

שווײַגטס — נאָר שטיל, מאַכטס — נישט אַן קײַן געריידער (גערודער),
כ'וועל אײַך זינגען פון מיר אַ ליעד:
געקוילעט בין איך דורך מײַנע גוטע ברידער,
געצאַפּט האָט מען מיר מײַן אומשולדיג בלוט.

איך וואָלט געוועזען וויסען,
אַז כ'וועל אומגליקליך ווערען,
מ'עט — מיר אָבהאַקען מײַנע יונגע יאָהרען,
וואָלט איך פון שידוך נישט געוואָלט הערען.

כ'וואָלט מיר געבאַך אין דער היים געזעסען,
וואָלט איך מיר געוועזען בעסער בארוהט,
קײן טעלעגראַמע וואָלט מען מיר נישט געגעבען,
מען וואָלט מיר נישט געוועזען פערצאַפּט מײַן אומשולדיג בלוט.

כ'וואָלט קײן מאָרדשיץ נישט געוועזען פאָהרען,
אַ ס'וואָהר — זאָל איך די מענשען קלאָגען,
כ'זאָל אויף זײ זעהען אַ קווירע
(קבורה) —
דאָס האָט קײנער נישט געטהון זאָגען,
נאָר יאָסעל רופא מיט זײַן מסירה.

(CVIII

בעוואַקסען די האָר,
פון קײן פּנים — קײן שפּאָר (שפּור);
ווילד זעהט ער אויס.
ניט קײן „זי", ניט קײן „ער",
בעוואַקסען ווי אַ בער
און די אויגען בײַ איהם זענען אַרויס.

צי איז דאָס אַ מענש, צי איז דאָס אַ חיה,
אָדער גאָר אַ ווילדעס טיער?
נעהמט אײַך מענשען פון איהם אַ ראיה,
און הערט זיך צו צו מיר.

ער איז געוועזען זעהר שײַן (שען),
זײַן פּנים פיעל חן,
נאָר צו אַ לײַדענשאַפט האָט זיך איהם פערגלוסט;
צו אומגליקען אַ קינד,
וואָס עס איז זעהר אומגעזינד (אומגעזונד),
און דערפאַר איז ער געוואָרען קײן־סיביר פערוויסט.

(CIX

איך האָב זיך אָנגעהויבען פיהרען אײדעל
און זיך דערקענט — מיט אַ מײדעל
און געגלויבט אין איהר אַזוי ווי אין גאָט; —
עס האָט ניט לאַנג געטהון דאָרען (דויערן)
און איך בין אַ חברה־מאַן געוואָרען, —
נאָר אַ צווײטען האָט זי געהאַט בסוד.

זי פלעגט צו מיר טאָג בײַ טאָג צוקומען
און פיעל געלד בײַ מיר צוגענומען —
פון מיר געהאַלטען האָט זי נישט.
איך האָב אַלעס געמוזט צוקיקען (צוקוקען)
און אין הערצען בײַ זיך דריקען,
ווי זי האָט זיך מיט'ן צווײטען געקישט (געקושט).

אין גוטע רייד
האָט זי זיך פון מיר אָבגעשײדט
און איז מיט'ן צווײטען אַוועק.
זי האָט מיך איבערגעלאָזט קראַנק,
איך בין אַראָב פון געדאַנק
און איך קאָן שוין ניט קומען צו קײן צוועק.

אײדער אַזאַ נויט,
איז גלײַכער דער טויט, —
דאָס אומגליק איז אויף מיר אַלײן.
דאָרך — מײַן פעהלען טריט,
בין איך געוואָרען פערשיט*,
אין תפיסה איז מײַן ענדע געווען.

(CX

פאַר אַ מעניש פערגעניגען ועקס יאָהר געזעסען,
געאַרבײט מיט די שווערע קײט,
איך האָב שוין זאָגאַר אין מײַן היים פערגעסען, —
וואָס עס קאָן אַלס (אַלץ, אַלעס?) מיטברענגען די צײַט

איך בין געוועזען אין שטוב אַ הויז־פרײַנד אַ צײַט.
געלעבט זיך גליקליך אַ וועלט; —
דאָס מײדעלע ראָבטשע געהאַט האָב איך זעהר ליעב.
יעצט איז מיר אַלעס פערשטעלט.

איך בין אַמאָל אין שטוב אַלײן געוועזען
און ראָבטשע האָט זיך געדרעהט אַרום מיר,
ווי איך האָב נאָר איהר שײַן — פּנים דערזעהן,
האָב איך באַלד פערשלאָסען די טהיר.

פון — דעם גרויסען געוואַלד זענען מענשען אָנגעקומען
און געפרעגט: וואָס האָט דאָ פּאַסירט?
נאָר באַלד האָבען שוין אַלע דערזעהן,
ווי מען האָט מיך אין קרימינאַל[27] אָבגעפיהרט.

(CXI

## דאָס ליעד פון אַ גאַסען־פרוי [1].

ווי פינסטער און ביטער איז דאָס לעבען פון
אַ פרוי,
ווען זי דאַרף אַ מעטרעסע זײַן,
נאָר וואָס זאָל איך רעדען אַז איך האָב געוואָלט אַזוי,
וואָס נוצט מיר שוין יעצט מײַן געוויין,

געוועזען בין איך שײן, עהרליך און ריין,
פון קײן צרות האָב איך קײנמאָל געוואוסט,
ביז עס איז געקומען מײַן מערדער צו גײן
און מײַן אונשולד האָט ער אויסגענוצט.

איך האָב עס° געליעבט מיט מײַן גאַנצען
לעבען,
איך האָב געמיינט, אַז וואָס ער זאָגט — דאָס
איז וואָהר (וואָהר),
ביז איך האָב זיך צו איהם איבערגעגעבען,
יעצט בין איך געבליבען צו נאַר.

ער האָט מיך געשלאָגען און צו שאַנד מיך
געצווינגען,
מיט מײַן קערפער האַנדלען זאָל איך;
אין קעלטען, אין רעגענס האָב איך דאָס
ליעדעל געזונגען:
קומט מיט מיר, אָדער: נעהמט מיך מיט זיך.

(CXII

קײן בראַנזיליען (בראַזיליען) בין איך געפאָהרען,
אַ לעבען מאַכען וויל איך דאָך,
יעצט איז אַ קלאָג צו מײַנע יאָהרען,
ווײַל אַ נאַרעל געהמען דאָס איז מײַן טאָך
(תוך).

מײַן חתן זאָגט מיר צו גליקען,
אַז אין ברילִיאַנטען וועל איך גײן (געהן),
און דאָ טהוט מען מיך שטענדיג דריקען
און איך מוז אַ פערדעל* זײַן.

איך דאַרף דאָך נאָר אַ פּיפּעס° געבען,
קוקט ער דאָך די פרײַ נישט אָן —
אין תפיסה ענדיגען וועט ער זײַן לעבען?
אין די קײטען אָנגעטהון.

(CXIII

אוי רוזשעניאָ*, רוזשעניאָ, וואָס קלערסטו,
וואָס האָסטו פון דיר געמאַכט,
וואָס מענשען רעדען, צי הערסטו,
ווי די ווערסט פון יעדען אויסגעלאַכט?

---

1) די נומערן CXIII—CXV זענען, אײגענטליך, נישט פון, נאָר וועגען גאַסען־פרויען; דער נומער CXVI רעדט בכלל וועגען אַ מײדעל וואָס פיהרט אַ ליעבע מיט אַ גנב. — די רעד.

נאָר עס וועט ניט לאַנג געדױערען (דויערן),
ווי מען וועט מיך צוריק אַ היים פיהרען,
אויף דער פרײַ וועל איך אַרויסגעהן;
דו וועסט מעהר דאָס לעבען ניט פיהרען —
מיט דײַן קערפער שטאָלצירען —
קײן גאַסען־פרוי וועסטו בײַ מיר ניט זײַן.

(CXIV

איך בין אַ מאָל אין אַ קנײַפּיע געגאַנגען,
צו מענדעל טײַמאַן° אויף דער ניזקע גאַס,
זענען דאָרט צוויי מײדעלעך געשטאַנען, —
איך האָב געמאַכט מיט זיי אַ שפּאַס.

ווי איך בין מיט זיי אין שטוב אַרײַנגעקומען,
געוועזען איז דאָס שוין שפּעט בײַ דער נאַכט, —
האָט מיך אײנע אַרומגענומען
און די טהיר האָט זי באַלד פערמאַכט.

וואָס דערנאָכטען° איז געוועזען —
איך בין געוואָרען אַ קראַנקער —
אויף דעם דריטען טאָג האָב איך דערזעהן,
אַז כ'האָב דעם שאַנקער.

(CXV

ווי איך בין צו יוסף טרום'ס אַרויפגעקומען { בים
דורך דער פאַראַדנער טהיר,

זיצט זיך דאָרט אַ שײן° קורוועלע [77]), { בים
זי האָט אַ ווינק געטהון צו מיר.

ווי זי האָט צו מיר אַ ווינק געטהון, { בים
האָב איך לאַנג נישט געטראַכט,

איך האָב פאַרשפּילט מײַנע יונגע יאָהרעלעך, { בים
צוליעב דער אײנציגער נאַכט.

בין איך אַרויף צו מײַנע קאָלעגעס { בים
פרעגען וואָס דאָס איז, —

אוי, אַנ'עצה האָבען זיי מיר געגעבען, { בים
אַז כ'זאָל געהן צום דאָקטאָר גיך.

ווי איך בין צום דאָקטאָר גיך אַרויפגעקומען { בים
מיט אַ גרויס געשריי —

אַנ'עצה האָט ער מיר געגעבען { בים
אַז כ'זאָל אין שפּיטאָל אַרײַן געהן,

ווי איך בין אין שפּיטאָל אַרײַנגעקומען, { בים
האָב איך געטראָפען האַלב אָדעם;

מ'טהוט מיר אָן די ווײַסע קלײדעלעך, { בים
איך זעה דאָך שוין אויס ווי אַ מת.

אוי, ליעגען ליעג איך מיר אין שפּיטעל'ל, { בים
פון טאָג צו טאָג ווער איך קראַנקער,

אוי, דער ליעבער גאָט האָט מיר אַראָבגעשיקט { בים
צוויי באָנבאָנעס מיט אַ שאַנקער.

אוי, ליעגען ליעג איך מיר אין שפּיטעל'ל, { בים
פון טאָג צו טאָג טהו איך שוויצען,

דער ליעבער גאָט האָט מיר אַראָבגעשיקט { בים
„זעקס הונדערט זעקס" צו שפּריצען.

ליעגען ליעג איך מיר אין שפּיטעל'ל, { בים
אונטער'ן קישען אַ שטיקעלע וואַטע,

אוי, דורך אַזאַ שטשערעוואַטע [59]) „קורווע" { בים
בין איך געוואָרען פּראַנצעוואַטע [78])

ווי דאָס „קורוועלע" איז צו מיר אין שפּיטאָל אַרײַנגעקומען { בים
האָט זי געטהון פון מיר לאַכען,

גאָט זאָל דיר ווי'סטע „קורווע" באַצאָהלען { בים
וואָלסט האָבען צו טהון מיט אַזעלכע זאַכען.

(CXVI

פון אַ שײנע° משפּחה קום איך אַרויס
און אַליין בין איך אויך נישט מיאוס —
וועלכעס מײדעלע עס נעהמט אַ גנב פאַר
אַ חתן,
קאָס° וואָס ער האָלט זיך אויף זײַנע פיס.

מקנא בין איך אַזעלכע מײדעלעך,
וואָס זי ווייס° פון קײן גנב נישט,
און איך וועל שרײַען: אַלע מײדעלעך,
אוי, אַ גנב איז נישט גוט.

זי קומט אַרײַן צו מיר אין שטוב
און עסט און טרינקט מיט מיר
און רעדט מיט מיר צוקער־זיס; —
און אַז זי געהט אַוועק פון מיר,
געהט זי צו אַנ'אַנדער יונגעלע
און גראָבט אונטער° מיר אַ גרוב.

(CXVII

מײַן טאַטע איז אַ סמאַרעוואָניק [79])
מײַן ברודער גנב'עט פיש אין מאַרק,
מײַן מאַמע איז אַ סמאַרעוואָזקע [80])
און מײַן שוועסטער לעבט מיט אַ קאָזאַק.

נאָר איך אַליין בין נאָך אַ צעלקע [81])
איך האָב קײנמאָל פון קײן [82]) (...) געוויסט
(געוואוסט);
מיך פיהרט מען אַראָב קײן טשאַרנע סלאָ
קאָווקע [83])
און° מאַך שוין מיט מזל אַ ברית.

(XCVII

זוי, מאַמעליאָ °, עס וועט גאָר ניט זיין,
האָב גאָר ניט קיין מורא —
און אז מען (°°) אַ מאָל אַריין,
וואָס איז דאָס פֿאַר אַ תּורה.

מיט אַ יונגעלע געה איך מיר
אויף דעם הויכן גאַרען,
ער האָט מיך אָבגעשטעלט ביי מיין מאַמעליאָ'ס °
מהיר
און ער איז מיר (°°)

שפּעטער אין אַ צימקעל צייט
ווערט מיר זעהר פּאַסקודנע,
דאָס קעפּעלע איז מיר שוין פֿערדרעהט
און אין מויל איז מיר זעהר נודנע.

זוי מאַמעליאָ °, וואָס איז דאָס?
איך ווייס ניט וואָס צו טהוען —
דאָס בייבעלע איז העכער ווי די נאָז
און עס ווערט מיר ענק ° דער סטאָען 84)

זוי, מאַמעליאָ °, דו ווייסט וואָס איך וועל
דיר זאָגען?
איך וועל מיך אין וואַסער אַריין וואַרפֿען!
ס קיצעלט מיך עפּעס ביי דעם מאָגען,
איך האָב מורא איך זאָל קיין הייוועען ° ניט
דאַרפֿען.

(CXI

ן איך געפֿאָהרען קיין אָדעס —
אָרשטש מיט קאַטאָפֿליעס (קאַרטאָפֿעל),
האָט מען מיר געמאַכט אַ מאַניפֿעסט *,
אָרשטש מיט קאַטאָפֿליעס.

וי, מאַמעליאָ ° וואָס איז דאָס?
אָרשטש א. אַז. וו.
דאָס בייבעלע איז העבער ווי די נאָז —
אָרשטש א. אַז. וו.

וי, מאַמעליאָ °, עס איז גוט (
אָרשטש א. אַז. וו.
יין בעסער פֿערגניגען קאָן שוין ניט זיין —
אָרשטש א. אַז. וו.

וי, מאַמעליאָ ° איך בין ניט געזונד —
אָרשטש א. אַז. וו.
האָט מיר (..) אפשר צעהן פֿונט,
אָרשטש א. אַז. וו.

י, מאַמעליאָ °, איך שריי געוואַלד —
אָרשטש א. אַז. וו.
ן אַלע שרייען, איך בין צו אַלט —
אָרשטש א. אַז. וו.

(CX

ך ליעג אויף דעם בעטעל אין שריי געוואַלד,
יכודים זענען מיין הויט;

פֿון צרות בין איך שוין שוואַך און אַלט
און איך פֿערווינש ° זיך דעם טויט.

צו וואָס האָב איך געראָרפֿען אין די קנפּ°-
פּיעס אַריינגעהן,
און אַיין מינוט פֿערגניגען געהאַט; —
יעצט מוז איך אַזויפֿיעל צרות אויסשטעהן,
די חברים האָבען מיך גוט בעשמאַט.

איך פֿרעג מיין דאָקטאָר: וואָס וועט דער
סוף ווערען,
גיעט מיר צו פֿערשטעהן דעם טעקס (?),
„ווייסטו מיין קינד, ווען דו וועסט געהאָלפֿען
ווערען?
ווען דו וועסט נעהמען „זעקס הונדערט זעקס".

(CXXI

1.

איך ליעג אין לאַזער (לאַזאַרעט?) אויף מיין
בעטעל,
און אַ נאָדעל נעהם איך מיר,
קומט אַריין מיין חבר'טאָרין קיילע-עטעל
און זאָגט אז מיין חתן געהט מיט איהר.

איך הייב ° אָן שרייען, איך הייב ° אָן קוויטשען,
איך האַלט מיינע אויגען צום הימעל אַרויף —
איך וועל זיך זעהען מיט מיין חתן איטשע'ן,
איך וועל מיט עס ° באַלד מאַכען אַ סוף.

2.

אוי איטשעליאָ °, אוי איטשע לעבען,
זאָג מיר נאָר: פֿאַרוואָס קומט מיר דאָס?
איך האָב זיך צו דיר דאָך איבערגעגעבען
און היינט וואַרפֿסטו מיך אַוועק און כ'ווייס
ניט פֿאַרוואָס.

פֿון ° וועמען ליַיד איך און צוליעב וועמען
ליַיד איך,
אַז ניט אַלעס צוליעב דיר?
און סים ° סוף וואַרפֿסטו מיך אַוועק
און געהסט חתונה האָבען גאָר מיט איהר?!

3.

אוי איטשע לעבען, אוי איטשע לעבען,
איך בעט דיך וואַרף מיך ניט אַוועק: —
וואָס איך וועל קאָנען, וועל איך דיר געבען,
ווען איך וועל אויפֿשטעהן פֿון מיין קראַנקען-
בעט.

(CXXII

ליעגען ליעג איך מיר אין די סאַליע 67),
און פֿיעל שיכטעס (?) ליעגען דאָרט,
קומט אַריין די קליינע מאַליע,
וואָס איז מיט מיר צוזאַמען געזעסען ° אויף
אַנ'אָרט.

געזעסען זענען מיר ביידע צוזאַמען
און פֿערדיענט האָב איך זעהר ניט (גוט),

קומט פֿלוצלינג אַריין מיין אַלטע מאַמע
און נעהמט מיך מיט זיך מיט.

טאָכטער לעבען, מייער קינד,
קיין חרפּה טהו דיין מאַמע'ן ניט אָן,
דו בעגעהסט דאָך אַ גרויסע זינד,
אַז דו קאָנסט דיין מאַמע'ן דאָס טהאָן (טהון).

ווי מיין חתן איז דאָס געוואָהר געוואָרען,
וואָס מיט מיין מאַמע'ן איז געשעהן,
איז ער געוואָרען אויף מיר אין צאָרען (צאָרן)
און שיקט מאַליע'ן, אַז ער וויל זיך מיט מיר
זעהן.

איך האָב פֿערלאָזט די מאַמע • און צו עס •
געקומען
און ער האָט מיך טאַקע איבערגערעדט —
וואָס איז מיין סוף? מען האָט מיך אין שפּי-
טאָל גענומען
און מיין ענדע איז אויף דעם קראַנקען-בעט.

(CXXIII

אויף מיין פּנים אַ וואָאַל (וואוּאַל),
מיט אַ פֿערוואָרפֿענע שאַל,
געה איך אין גאַס אַרום —
יעדען פֿאַרביַיגעהער רוים איך איין אויפֿ'ן
אויער
און מען אַנטלויפֿט פֿון מיר אַוועק מיט אַ
ברוּם.

אָבער אין די יונגע יאָהרען,
ווען איך בין אַ גאַסען-פֿרוי געוואָרען,
פֿלעגען מיר די מענער נאָכלויפֿען,
פּרעזענטער — דימאַנטען,
די טייערסטע ברילאַנטען —
פֿלעגען זיי מיר פֿאַר אַ קוש צו קויפֿען.

אָבער אַז מען ווערט אַלט,
עס ווערט געראַנצעלט ° דאָס געשטאַלט,
דאַמאָלס איז ניטאָ קיין בעלנים;
מען וויל אויף דיר ניט קוקען,
יעדער טהוט זיך פֿון דיר אָברוקען —
מען שעהמט זיך דיר צו קוקען אין פּנים.

(CXXIV

פֿינסטער און גליטשיג, דער רעגען ער גיסט
און איך אויף די גאַסען טהו אַרומגעהן;
איך בעט זיך מיט מיין סחורה: נעהמט זי
אומזיסט,
ווייל איך קאָן שוין מעהר אויף מיינע פֿיס
ניט שטעהן.

איך זעץ מיך אויף אַ שוועל און קאַרטשע °,
זיך איין,
די קעלט זי נעהמט מיך אַ דאָרך ° און אַ
דאָרך (דורך)
ויצענדיג אויף דער שוועל, איך הער זיך גוט
איין,
עפּעס פֿון דערווייטען דערהער איך אַ שאָרך.

מײַן געהער, · מײַן חוּש שטרענג איך באַלד אָן,
איך פֿיהל ווי עס קוּמט עפּעס פֿאָר;
עס נעהמט מיך אַ דאָרך ° די קעלט, איך קלאַפּ אַ צאָהן אָן אַ צאָהן,
עס דערנעהנטערט זיך צו מיר דער קלינג פֿון אַ שפּאָר.

וואָס ווײַצט דו דאָ אַזוי טיעף פֿערזוּנקען,
עס וועט שוין ניט קוּמען קײנער צו דיר.
עס האָט ניט געהאָלפֿען מײַן שמײכעל, מײַן וואוּנקען
און אָבגעפֿיהרט האָט ער מיך אוּנטער ° די פֿערשלאָסענע טהיר.

(CXXV

1.

אַ פֿינסטערע נאַכט און דער רעגען מריפּט שטיל
און מען זעהט שוין קײנעם ניט געהן —
זינג איך אַ ליעדעל און פֿערוויקעל מיך אין דער היל °
און קלער: אפשר וועל איך נאָך וועמען דער־זעהן.

2.

ווי איך שטעה און טראַכט,
עס איז שוין נאָך האַלבע נאַכט,
און איך זעה קײנעם ניט;
איך וויל שוין אַנטלויפֿען פֿון די ווינטען,
דערזעה איך ווי אײנער געהט מיר פֿון הינטען
און ער געהט מיר נאָך אויף טריט און שריט.

3.

איך קלער ניט קײן סך און פֿערבעט איהם צו מיר גלײַך,
איך זאָג איהם צו אַ גוּטע נאַכט;
האָט ער לאַנג ניט געקלערט,
אַ פֿײַף האָב איך דערהערט
און מען האָט מיך באַלד אין תפיסה אַרײַן געבראַכט.

(CXXVI

מײַנע טרעהרען רינען מיר אויס,
עס ווערט פֿון זיי אַ טײַך —
מײַן חוּרבן איז אַזוי גרויס;
מיט דעם בית המקדש צוגלײַך.

בּותל מערבי שטעהט אַ וואַנד,
מיט צוויי בערגעלעך דערלעבען (דערנעבען);
אַ ווענטאָג אין הארצען, אין פּנים — אַ שאַנד
איז מיר געבליבען פֿון מײַן לעבען.

מײַן פּנים האָט בײַ מיר אַמאָל געשײַנט,
ווי אין בית המקדש די מנורה,
אַלע שענע יוּנגע לײַט
האָבען מיך געקוּשט ווי די תורה.

וועֶר עס האָט גאָר דערפֿיהלט מײַן כח,
וועֶר עס האָט מיך גאָר דערזעהן,
ער האָט באַלד אויף ° מזבח,
אַ קרבן מקריב געווען.

וואו זענט איהר שײנע ° פֿײגעלעך אַוועק־געפֿלויגען?
וואָס האָט איהר שײנע ° אײגעלעך פֿון מיר אָבגעצויגען?
פֿאַרוואָס בין איך געוואָרען אַצינד ווי אַ האָ־לעוועשקע,
מ'שמעקט ° צו מיר ניט קײן הינד;
פֿאַרוואָקסען איז די סטעשקע. —

וואָס זענט איהר אויף מיר אַזוי אין כעס,
וואָס דערגעהט איהר אַזוי מײַן לעבען?
צי האָב איך אײַך דען פֿון מײַן עץ הדעת —
ווען איהר האָט געוואָלט — נישט געגעבען?

— „יאָ מיר זענען אויף דיר אין כעס,
מיר קענען אויף דיר נישט קוקען,
ווײַל דאָך (דורך) דײַן עץ הדעת
זענען אוּנזערע עץ החיים'ס טרוּקען".

(CXXVII

1.

פֿאַלש איז הײַנט די גאַנצע וועלט,
יעדער איז הײַנט נאָר פֿערשטעלט,
קײן געטרײַען חתן זעהט מען ניט;
אויב איהר ווילט דעם חתן געפֿעלען,
מעגט איהר עם ° נאָר געלד צושטעלען,
באַלד ניט, זאָגט ער: געה, דו ביזט ניט גוּט (גוּט).

2.

איך האָב אַמאָל אַ חתן געהאַט,
וואָס ער האָט געלעבט מיט יעדען בלאַט *,
געלד האָב איך עם ° געבּרענגט גאָר אָהן אַ שיעור,
ביז האַלבע נאַכט פֿלעג איך שטעהן,
און פֿלעג ניט קוּמען אַ היים צו געהן,
ביז איך האָב ניט געהאַט אַ פֿינף־און־צוואַנ־ציגער בײַ מיר.

מיט אַמאָל בין איך געוואָרען קראַנק,
צו געהן אין לאַזער (לאַזאַרעט) איז געווען מײַן געדאַנק
און צו זעהן ווי געטרײַ ער איז מיר; —
ערפֿאַהרען האָב איך זיך באַלד,
אַז איך האָב געהאַט אַ טעות שרײַ איך גע־וואַלד
און עס מעג אַ רוּח אין זײַן מוּטער די היר (הור).

(CXXVIII

די הײַנטיגע וואוילע יוּנגעלעך, } בים
זיי האָבען פֿאַר'ן קיסר נישט קײן מורא;
זיי האָבען זיך אָנגענומען אַ נײַע פּראָ־פֿעסיע
צו האַנדלען מיט לעבעדיגע סחורה. } בים

און דרויסען גיסט אַ רעגען, } בים
די שטײנדעלעך זענען נאַס,
שטעה אָף ° גוּטע שוועסטער, שטעה אָף ° גוּטע שוועסטער,
דו ביזט שוין קײן באָנעם אײערעס 80) פֿערפּאַסט. } בים

און באָנעם אײערעס, און באָנעם אײערעס,
איז אַנ'אָפֿענע וועלט —
וועלכעס מײדעלע ס'פֿאָהרט קײן באָ־נעסירעס
ברענגט זי אַ פּאָר טויזענד רוּבל געלד. } בים

(CXXIX

ס'געהט אַ מײדעל
אָהן אַ פֿעניג,
זי באַפּט דאָס בענקעל
און דעם שעניק
און זי פֿאָהרט קײן באַרבין.

אין באַרבין איז גוּט,
ס'קאָן שוין בעסער נישט זײַן;
אין באַרבין איז גוּט,
מ'ברענגט דאָס געלד אין שטוּב אַרײַן.

(CXXX

אוי, די לוּמפּען, זיי זענען שפּיאָנען,
פּראָוואָקאַטערס זענען זיי;
זיי געהען אָף ° בירושעס 85) און הערען מאָ־וועס 86)
און געהען דערצעהלען אין פּאָליציי.

אָבער מיר פּראָסטיטוּטקעס, מיר זענען נאַראָנים,
מיר מוּטשען זיך בײַטאָג און בײַנאַכט,
אָבער די לוּמפּען, זיי פּאַשען זיך די גראָבע בײַכער —
פֿון אוּנז פּראָסטיטוּטקעלעך ווערען זיי רײַך.

(CXXXI

די פֿינצטערע ° נאַכט
איז שוין אָנגעקוּמען,
דער ווינד האָט פֿערוויאיעט 87)
ס'האָט שנעפּסלען גענוּמען.

ס'האָט עס ° גענוּמען,
ס'האָט עס ° געלעגט,
ביז וואַנען שנעפּסעל
האָט מיט די אײגעלעך פֿערגלײַצט (פֿערגלײַזט).

אַזוי ווי די עגלה
איז אין הויף אַרײַנגעקוּמען —
די מאַטשאָרניקעס * מיט די פּשעדאָפּניקעס *
זיי האָבען עס ° גענוּמען.

אַזוי ווי מ'האָט שנעפּסלען
אין קאַסטען אַרײַנגעלעגט,
אַזוי האָט זיך
די הויכע גאָלדענע געפֿרעהט.

אַזוי ווי מ'האָט שעכסלען
מיט'ן דריטען שפּאַדעל ערד פֿאַרשיט —
גאָלדענע מיט די הירזען,
זיי האָבען זיך צוקריגט.

עווי ווי מ'האָט די הויכע גאָלדענע אָנגעהויבען
אַ שידוך צו רײדען —
האָט זי אײַנגעשטאַנט אין נדן,
אַז זי האָט פֿיר-און-צוואַנציג מײדען.

CXXXII)

אַלע מענטשען ° געהען פֿון די פֿאַבריקען,
איך טהו מיר מײַן קאָפּ פֿאַרבײַגען (פֿאַרבויגען),
איך טהו אַלע מינוט פֿאַרויסקוקען (פֿאַרויסקוקען) —

מײַן חתן זאָל מיר קומען אַ קענען

מײַן האַרץ ברענט ווי אַ פֿײַער,
וואָס קײן וואַסער קען דאָס נישט שטילען;
כ'האָב געמײנט כ'האָב געטראָפֿען אַ פֿרײַער *,
כ'זאָל קענען בײַ איהם עפּעס טרילען *.

[1]) CXVIIa)

וואָס-זשע בינסטו ° קעצעלע באַרוגז °,
וואָס-זשע געהסטו אַראָנגעלאָט ° די נאָז?
איך וועל דיר אויסזאָגען דײַן יחוס —
ווערסטו וויסען מיט וואָס-זשע דו } בים
האָלטסט דיך גרויס.

דײַן טאַטע איז אַ סמאָרעוואָזניק [79])

---

1) וואַריאַנט צו נומער CXVII.

דײַן מאַמע — גנב'עט פֿיש אין מאַרק!
דײַן שוועסטער דרעהט זיך אין די } בים
ראָגעס [88])
דו אַלײן — טאַראַ לאַלאַ-לאַ.

CXXXIII)

כ'האָב גישט קײן מורא
פֿאַר מײַן טאַטען —
כ'האָב גענומען
אַ חתן אַ בלאַטען *.

כ'זאָל אַזוי לעבען,
כ'האָב אַזוי געוואָלט,
כ'האָב אוועקגעוואָרפֿען אַ וואוילען יונג
און מיר גענומען — אַ יאָלד *.



# גנבים און גנבה

(רעדענסארטען, צונעהמעני'שען, שפּריכווערטער, פראגען, גראמען, אנעקדאטען און מעשיות)

געזאמעלט

פון שמואל לעהמאן



# גַנָבִים און גְנֵבָה.

(רעדענסאַרטען, צונעמעניששען, שפּריכווערטער, פֿראַגען, גראַמען, אַנעקדאָטען און מעשׂות *).

## קאָלעקציע נומער איינס.

צונעמענישען, זידלווערטער א. ד. ג.

א) אַבעלע סמאָלע.
אַזאַ צונעמעניש האָט מען גע־געבען אַ גנב מיט'ן נאָמען אַבאַ, ווייל פֿרעמדע זאָלען האָבען זיך צו איהם צוגעקלעבט ווי צו סמאָלע.

ב) אָוואַ, איז ער אַ גנב, ער האָט צוגעגנב'עט דעם קנאַק פֿון דער בייטש.
(ריזיווען, לובל. ג.)
אַ בעל־עגלה'ש ווערטעל, ווען אַ גנב האָט נישט געקאָנט צוגנב'ע־נען די פֿערד.

ג) אוי, איז דאָס אַ גנב!

ד) אוי איז דאָס אַ גנב'טשיק!

ה) אורקע, בורקע.
(ראַדזין, שעדל. ג.)

ו) איידער ער האָט זיך אויסגע־לערנט רעדען, האָט ער זיך שוין אויסגעלערנט גנב'ענען.

ז) איהם שווענדזשעט (פֿון פּויל. swędzić הויט־בייסעניש) די האַנד, דעריבער שטעקט ער זי אַריין צו יענעם אין קע־שענע.

ח) אין פֿינטלען דערקאָנט מען איהם, אַז ער איז אַ גנב.

ט) אַלטער סיבירניק.

י) אַן'אַנטלאָפֿענער פֿון קאַ־טאָרגע פֿיהרט אַ געהרג'־טען אויף אַ געגנב'עטען פֿערד און וואָגען.
אַזוי זאָגט מען וועגען איינעם וואָס ער איז דורך און דורך טריף.

יא) אָרדינערער גנב.

יב) באָרקע־יונג.
אַ גנב, וואָס כאַפּט אַראָב ערד־פּראָדוקטען פֿון די פֿוהרען.
(סטאַשעוו, ראָד. ג.)

יג) בייטעל־שניידער.

יד) גנב מאַכט: גער, נעהם, באַ־האַלט °.

טו) אַ גנב אויף אַ גנב פֿאָהרט און אַ גנב טרייבט אָן.
ד. ח. אַלע דריי זענען גנבים.
(שעדלעץ).

טז) אַ גנב שבגנבים.

יז) גרונם איינער אַליין.
וועגען איינעם אַ גנב מיט'ן נאָמען גרונם, דערצעהלט מען, אַז ווען ס'האָט זיך צו איהם געוואָלט עמיצער צוטשעפּען פֿאַר אַ שותּף, פֿלעגט ער אַזוי ענטפֿערן.

יח) דאָס איז סימן גנב.
אַזוי זאָגט מען, ווען מען איז איינעם חושד אין גנבה און ער וויינט, פֿאַר וואָס מען איז איהם חושד.

יט) דאָס גאַנצע שטערטעל האָט פֿון איהם געקלינגען.
פֿון די קייטען, וואָס ער איז נעגאַנגען אָנגעטהון.
(מעזריטש, ש. ג.).

כ) דאָס וואָס ער נעהמט נישט, אָבער געבען גיט ער אודאי נישט.

כא) דאָס קאָן נאָר אַ גנב.

כב) דו ביזט אַן'אַלטער טרחה־נער*, דו טרחה'נסט אַלעמאָל דערלעבען (דערגעבען).

כג) דו ביסט געוועזען אַ גנב און דו וועסט בלייבען אַ גנב.

כד) הוהנער־גנב.

כה) זעק־שניידער.
(סמאַשעוו, ראָד. ג.).
זעק־שניידער — אַ גנב, וואָס שניידט אויף די זעק פֿון די פֿוה־רען און גנב'עט ארויס פֿון דאָרט די זאַכען.

כו) היריש׳ער גנב.

כז) פּאַטענטירטער גנב.

כח) שטרויענער גנב.

כט) מיאוס'ער סליכענער*.

ל) מזור'ישער קאַסע־ברעכער.

לא) ציבעלע־גנב.
(וואָהלין).
אַ גנב פֿון אַ נידריגען סאָרט.

---

*) כמעט די גאַנצע זאַמלונג איז שריפֿטליך אויפֿגענומען געוואָרען אין וואַרשא, אַ חוץ יענער קליינער טייל ביי וועלכען ס'ווערט, אין יעדען פֿאַל בעזונדער, אָנגעמערקט דאָס אָרט, וואו דער אָנגעוויזענער נומער פֿון דער זאַמלונג איז פֿערשריבען געוואָרען. ביי די שפּריכווערטער וואָס זענען שוין פֿערעפֿענטליכט ערגיץ־וואו, איז אָנגעוויזען די קוועלע פֿון וואַנען זיי זענען גענומען געוואָרען דורך די פֿאָלגענדע ראשי תיבות:
א. ב. (איגנאַץ בערנשטיין: יודישע שפּריכווערטער און רעדענסאַרטען); א. ד. (א. דרוּיאַנאָוו: יודישע שפּריכווערטער, אין דער ביבלאָגע פֿון פֿריינד); ש. ה. (ש. הורוויץ: יודישע שפּריכווערטער, אינ'ם לעבען און וויסענשאַפֿט); פּ. ל. (פּרילוצקי און לעהמאַן: יודישע שפּריכווערטער, גלייכ־ווערטלעך א. אַז. וו. אין נח פּרילוצקי'ס זאַמעלביכער I); נ. פּ. (נח פּרילוצקי'ם זאַמעלביכער II).

לב) פּאָבּיִטאָוװער גנב.
אַ גנב, וואָס איז אויסגעזעסען אַ פּאָבּיִט.—פּוילִיש: pobyt—אויפֿהאַלטען זיך, זײַן אַ געוויסע צײַט; אַן אָרט, אַן עיר-מקלט, וואוהין גנבים ווערען אַוועקגעשיקט אַלס שטראָף פֿאַר זײַער פֿאַרברעכען. אין פּוילען איז בעקאַנט פֿאַר אײנס פֿון אַזעלכע ערטער דאָס שטעדטעל נאָוואָמינסק (וואַרש. גוב.) און דאָדורך האָבען די אײנוואוינער פֿון דאָרט בעקומען דעם צונאָמען „פּאָבּיִטניקעס".

לג) ציגײַנע־יִשער גנב.

לד) קײטעל־גנב.
אַ גנב, וואָס קײטעלט אָב די פֿערד פֿון די פֿוהרען.

לה) קעשעניק.
(וואָהלין).

לו) קעשענע־גנב.
פּיעל-פֿערשפּרײטער זידעל-אויסדרוק.

לז) קעשענע-געהער.
(פּיעטראָקאָוו).

לח) דער טאַטע זײַנער איז אַן אָרינטליכער יוד.
אַן אָנצוהערעניש אַז ער אַלײן איז אַ גנב.

לט) דער שפּיץ פֿון איהם איז אַ גנב.
(לובל. ג.).

מ) וואָס ער גנב'עט ניִשט, דאָס האָט ער ניִשט.

מא) ווי גרויס און אַלט ער איז, אַזוי גרויס גנב איז ער.

מב) זלאָטע ראָנטשקע.
פּוילִיש: Złota rączka—גאָלדען הענטעל, אַ גנב אַ ספּעציאַליסט, וואָס איז זעהר פֿעהיג צו זײַן מלאכה, עס ווערען דערצעהלט פֿערשידענע שטיקלעך און אויפֿטהועכצען פֿון אַזאַ אײנעם.

מג) מ'האָט איהם שוין געקרײַנט (געקרוינט) מיט'ן נאָמען גנב.

מד) ממזר גנב.

מה) ממזר'יִשער גנב.

מו) מילערישער גנב.

מז) מ'קאָן דיך שוין.
ד. ה. פֿאַר אַ גנב.

מח) נאַטע גנב (אָדער: נאַטעלע גנב).

מט) נאַטע-גנב, האַק שלאָס.
די נון, גימל, בּית, הא, וועלכע זענען אויסגעפֿאָרמט אויפֿ'ן דריידעל (אין סאָכאַטשעוו, וואַרש. ג. זאָגט מען טרענדעלע) לעגען אויס די קינדער ווי ראשי-תבות פֿון די דאָזיגע ווערטער.

נ) נאַרישער גנב.

נא) נעגעל-קריכער.
אַ גנב געהט אויף די נעגעל, כדי מ'זאָל ניִשט הערען.

נב) ס'ווײַסעל פֿון אײ אפילו גנב'עט ער.

נג) ס'מאַכט זיך איהם עפּעס אין דער זײַט, נעהמט ער צו.

נד) ער איז אויסגעזאָרגט מיט דער פּרנסה.

נה) ער גנב'עט אַרויס ס'שוואַרץ-אַפּעל פֿון אויג.

נו) ער איז אַזאַ גנב, אַז ער וועט אויפֿ'ן פֿײַער ניִשט פֿערברענט ווערען.

נז) ער איז אַן אַנשטענדיגער גנב.
ער גנב'עט ניִשט בײַ קײן אָרימע לײַט.

נח) ער איז אַ בעוואוסטער.
ד. ה. גנב.

נט) ער איז אַ בלאַטער* יונג.

ס) ער איז אַ בעל-מופת'ניק.
פֿון גנבות.

סא) ער איז אַ בעל-סליחה.
(לובלין).
צו סליחות שטעהט מען דאָך אויף, ווען ס'איז נאָך פֿינסטער און דער גנב איז שוין אויך דעמאָלט אויף צו געהן גנב'ענען.

סב) ער איז אַ בעל שם-טוב.
פֿון גנבים און גנבות.

סג) ער איז אַ גאָלדענער פֿערדיענער.

סד) ער איז אַ גנב, אַז די אויגען זענען בײַ איהם ניִשט זיכער.
ער גנב'עט אַפּילו אַראָב דאָס ציערונג פֿון די אויערען.

סה) ער איז אַ גנב, אַז נאַטע איז געווען אַ הונט קעגען איהם.
(ראַדזין, שעדל. ג.)

סו) ער איז אַ גנב,—ס'וואַסער וועט איהם ניִשט צונעהמען.
(גאָרשקעוו, ל. ג.)

סז) ס'ווײַסעל פֿון די אויגען וואָלט ער אַרויסגעגנב'עט.
זעה נ"ב און נ"ה.

סח) ער איז אַ גנב שבגנבים.
זעה ט"ו.

סט) ער איז אַ גנב מיט אַלע פּיטשעווקעס.

ע) ער איז אַ גנב מיט די אויגען.

עא) ער איז אַ גנב מיט דער מענטריקע (מעטריקע).

עב) ער איז אַ גנב מיט דער פּאָטשעווקע. (פּוילִיש pod-szewka—אונטערשלאַק).
ד. ה. דורך און דורך.

עג) ער איז אַ גנב מיט דער פלאָמבע.

עד) ער איז אַ גנב מיט'ן אונטערשלאַק.

עה) ער איז אַ גנב מיט'ן היטעל.
ד. ה. דורכאויס גנב.

עו) ער איז אַ גנב מיט'ן מיק.
פֿון פּוילִיש: mig—וואונק, (דאָס אַ פּינטעל טהון מיט'ן אויג) ער גנב'עט אַזוי שנעל, אַז מען בעוויזט קוים צו דערזעהן.

עז) ער איז אַ גנב מיט'ן קנאַק.

עח) ער איז אַ גנב, מעגסט דיך אויף איהם פֿערלאָזען.
ד. ה. ער איז קלוג.

עט) ער איז אַ גנב, ער גנב'עט אַ מײַערל פֿון אָ פֿוהר.
ד. ה. אַ געמײַנער גנב.

פ) ער איז אַ געענדיגטער גנב.

פא) ער איז אַ געפּאַסטער.
ד. ה. צו די גנבות.

פב) ער איז אַ געשטוילטער* גנב.
ד. ה. קלוג, אַ קינסטלער אין זײַן פֿאַך.

פג) ער איז אַ גרויסער (אָדער: לײַכטער) פֿערדיענער.

פד) ער איז דאָס ווײַסלעכץ פֿון אויג.
ד. ה. אַ געשיקטער גנב.

פה) ער איז אַ האַרץ-גנב.
(טשערקאַסע, קיעוו. ג.)
וועגען אַ מענש מיט גוטע רײדעלעך, מכלומר'שט קוצעניו-מוצעניו.

פו) ער איז אַ מכשפ'ניק.
ער מאַכט כישוף, ער גנב'עט.

פז) ער איז אַ נאַכט-פֿויגעל.

פח) ער איז ניִשט קײן גנב, נאָר אַז ס'לאָזט זיך, נעהמט ער.

פט) ער איז ניִשט קײן גנב, נאָר אַז ס'מאַכט זיך אַ פּעקעל, טראָגט ער עס אַ הײם.
ם,זאָגט אויך: ער איז ניִשט קײן טרעגער, נאָר ס'מאַכט זיך אַ פּעקעל, טראָגט ער.

צ) ער איז ניִשט קײן גנב, נאָר אַ נעהמער.
בײַ אַ סך גנב'שע ליעדער איז זעהר פֿערשפּרײט דער צווינג: אוי, געוואַלד, כ'וועל ניִשט גנב'ענען, נאָר נעהמען און נעהמען, אָדער: נאָר נעהמען בעגראַנדע.

צא) ער איז אַ ספּעציאַליסט.
צו די גנבות.

צב) ער איז אַ ספּריטנער גנב.

צג) ער איז אַן ערליכער גנב.

צד) ער איז אַ פּאַטענטירטער לעקאַך*.

צה) ער איז פּערווי גילדע גנב.
רוסִיש: первая гильдія—לויט די רוסישע געזעצען ווערען די, וואָס געהערען צום סוחרים-שטאַנד (גילדע), אײנגעטײלט אין פּיל מינים: ערשטע גילדע צווײטע גילדע א.ז.ו.

נו) ער איז פּיערוועס (אָדער: פּיערווּשע) שוּשענדנער גנב.
פּויליש: pierwszorzędny — ערשטקלאַסיגער.

נז) ער איז פון נעמעראָוו.
ער נעהמט, ער גנב'עט. מ'זאָגט עס אויך וועגן א קאַרגען, וואָס האָט נאָר ליעב צו נעהמען, אָבער נישט צו געבען.

נח) ער איז שוין איינמאָל א גנב.

נט) ער איז שוין אַ געטמיסע־נער.

ק) ער איז אַ שוואַרצער.
בלשון סגי־נהור: שוואַרין איז א ציגײַנער און א ציגײַנער איז א גנב.

קא) ער איז א שומר.
ער היט יענער זאָל אוועקגעהן פון שטוב, כדי ער זאָל קענען גנב'ענען.

קב) ער אַרבײַט ווען יענע שלאָ־פען.
ד. ה. ער גנב'עט בײַ נאַכט.

קג) ער געהט צו תשליך.
בײַ תשליך שאָקעלט מען אוים די קעשענעס און דער גנב שאָ־קעלט אויך אוים די קעשענעס, ער מאַכט זיי לעדיג.

קד) ער גנב'עט אַרוים ס'אַפּעל פון אויג.

קה) ער גנב'עט אַרוים די נשמה.

קו) ער גנב'עט מיט די אויגען.

קז) ער האָט אַ ביסעל סמאָלע אויף די הענד.
קלעבט זיך צו זיי צו.

קח) ער האָט אַ גאָלדענע הענד־טעל.

קט) ער האָט גומענע פינגער
זיי ציהען זיך צו פרעמדע זאַכען.

קי) ער האָט גלעזערנע אוי־גען.

קיא) ער האָט א געטאָקטע האַנד.
ד. ה. אַ געשיקטע האַנד צום גנב'ענען.

קיב) ער האָט גראַבלאַזשעס.
לאַנגע פינגער וואָס ער גראַ־בעלט מיט זיי, גנב'עט.

קיג) ער האָט גרינג געלד.

קיד) ער האָט א גרינגע (אָדער: לײַכטע) פרנסה.
ער לעבט פון גנבה.

קטו) ער האָט הענד מיט דושע־געטש (אָדער: סמאָלע).
פּויליש: dziegieć — דושע־געכץ, אַ מין סמאָלע־פּליסיגקײַט.

קטז) ער האָט הענד פון סמאָ־לע־קין.
(גאַרשקעוו, לוב. ג.)

קיז) ער האָט וואַקסענע הענד.
(ראַדאָם)
ס'קלעבט זיך צו זיי צו.

קיח) ער האָט אַ לײַכטע האַנד.
ד. ה. ער איז אַ געשיקטער גנב, מ'זאָגט עס אויך אויף אַ דענטיסט, וואָס נעהמט לײַכט אַרוים א צאָהן; אויך אויף אַ מענש וואָס גיעט לײַכט אָב אַ חוב.

קיט) ער האָט ליעפּקע פינגער.

קכ) ער האָט מאַגנעס (מאַג־נעט).
איראָניש: כלומר'שט, ער גנב'עט נישט, נאָר ער האָט א מאַגנעטישען כח, עס ציהט צו איהם צו.

קכא) ער האָט קלעבעדיגע הענד.

קכב) ער האָט אַ שײַנע (אָדער: רײַנע) פרנסה, נאָר אַ שווערע.

קכג) ער לאָזט נישט ליעגען.
ער נעהמט צו, ער גנב'עט.

קכד) ער לייענט נישט קיין קריאת־שמע.
ער לעגט זיך נישט שלאָפען; ער איז גאַנצע נעכט פערנומען מיט די גנבות.

קכה) ער מאַכט שוואַרץ־קינצ־לערײַ.
ער גנב'עט, אז מען דערזעהט נישט מיט'ן אויג.
זעה פ"ו, קי"ז

קכו) ער פאַרדינט שנעלער דעם רובל, ווי דער קיסר מאַכט איהם.

קכז) ער קאָן די מענשעלעך פון די אויגען אַרוים־גנב'ענען.
זעה נ"ה, ק"ו.

קכח) ער ריהרט נישט, נאָר ער נעהמט צו.

---

## קאָלעקציע נומער צוויי.
די מינים גנבים א. ד. ג.

---

קכט) ער איז אַנ'אויספאָרשער.
ד. ה. ער בעגנב'עט יענעמס קעשענע, יענעמס שטוב.

קל) ער איז אַנ'אָבהייבער.
ער הייבט אָב, ער נעהמט צו, ער גנב'עט.

קלא) ער איז אַ בעלפער.
אַנ'אָנצוהערעניש: א בעלפער גנב'עט צו בײַ די קינדער די בייגעל מיט פּוטער.

קלב) ער איז אַ בעקער.
ער רוקט אַרײַן (די האַנד) און נעהמט אַרוים (פון טאַש), ד. ה. ער גנב'עט.
פערהאַן אַ קינדער ליעדעל:
א קינין פון א בעקער,
ער נעהמט א טייגעל
און מאַכט א בייגעל.
ער רוקט אַרײַן,
ער רוקט אַרוים,
שיטערע (שמעונ'קע) באַבקע
שטעהט אין הויז.

קלג) ער איז אַ געלד־שפּינער.
מ'זאָגט עס אויך אויף א גרוי־סען פערדיענער בײַ אַ שידוך.

קלד) ער איז אַ גרינגער־מאַכער.
ער מאַכט גרינג די קעשענעס.

קלה) ער איז אַ טאַפּעצירער.
ער גיעט אַ טאַפּ און א ציה, ער גנב'עט.

קלו) ער איז אַ טאַשען־מאַכער.
ער מאַכט אַרוים פון די טאַשען.

קלו) ער איז אַ טאַשען־ציהער.

קלח) ער איז אַ טרעגער: אז עס מאַכט זיך איהם אַ פּעקעל, טראָגט ער עס אַוועק.

קלט) ער איז אַ לײַכטער־מאַ־כער: ער מאַכט לײַכט די קעשענעס.

קמ) ער איז אַ לעהרער.
ער לערנט קליינע קינדער גנב'ע־נען.

קמא) ער איז א לעקעך־מאַכער.

קמב) ער איז אַ נאַכט־וועכטער.
ער וואַכט בײַנאַכט, ער גנב'עט.

קמג) ער איז אַ סטרוזש.
ער קעהרט אוים, ער מאַכט ריין די קעשענעס, די שטובען.

קמד) ער איז אַנ'עקספּעדיטאָר: ער עקספּעדירט אַראָב די וועש פון בוידעם.
מ'זאָגט אויך: „ער איז אַנ'־עקספּעדיטאָר: ער עקספּעדירט די טשאָלענטער אין אויווען אַרײַן" ד. ה. א בעקער, און: „ער איז אַנ'־עקספּעדיטאָר: ער עקספּעדירט די קינדער אין חדר אַרײַן", ד. ה. א בעלפער.

קמה) ער איז אַ פאָטאָגראַפיסט: ער נעהמט אַראָב וואָס ס'לאָזט זיך.

קמו) ער איז אַ פליעגען־כאַפּער.

קמז) ער איז אַ צולעגער: ער לעגט צו צו זיך.

קמח) ער איז אַ קינצען־מאַכער.

קמט) ער איז אַ קלעבער.
אַלץ וואָס ער זעהט, קלעבט זיך צו איהם צו.

קנ) ער איז א רבי — פון די גנבים.

קנא) ער איז אַ שוואַרץ־קינצ־לער.

קנב) ער איז אַ שנײַדער: ער שנײַדט קעשענעס.

---

## קאָלעקציע נומער דרײַ.
דער גנב און זײַן יחוס. א. ד. ג.

---

קנג) גנב בן גנב בן בנו של של גנב.

קנד) א גנב פון פּאָניאַטאָוו־סקי'ס צײַטען.

קנה) האָב נישט דײַן זיידענס נאַטור.
דײַן זיידע איז געווען אַ גנב, ריר דו אויך נישט.

קנו) זײַן טאַטע איז געזעצען • יומם ולילה—אין תפיסה.

קנז) זײַן טאַטע איז געזעסען דרײַ יאָהר איבער אַ גמרא (אָדער: אַ ספר־תּורה).

ד. ה. צוליעב דעם, וואָס ער האָט גענבֿ׳עט אַ גמרא, אָדער: אַ ספר־תּורה.

קנח) זײַן מאַמע האָט אויך פֿײַנד געהאַט צו צולעגען.

זי האָט צוגענומען.

קנט) זײַן עלטער־זײדע איז נאָך געווען אַ גנב.

קס) ער איז אַ גנב בּיז תרח אבינו.

קסא) ער איז אַ גנב בּיז׳ן צעהנטען דור.

קסב) ער איז אַ גנב בן גנב.

קסג) ער איז אַ גנב פֿון מלך סאָביעצקי׳ס (סאָביעסקי׳ס) צײַטען (אָדער: יאָהרען). (וואָהלין).

קסד) ער איז אַ גנב פֿון ששת־ימי־בּראשית.

קסה) ער איז אַ גנב פֿון תרח׳ס צײַטען.

קסו) ער איז אַ געבּוירענער גנב.

קסז) ער איז אַ גרויסער יחסן: ער שטאַמט (אָדער: קומט אַרויס) פֿון אַ משפּחה פֿון פֿערד־גנבים.

קסח ער איז דעם אַלטען גנבֿ׳ס אַנ׳אור־אײַניקעל (אָדער: אײַניקעל).

קסט) ער איז אַ יחסן: ער שטאַמט אָב פֿון (...)

ד. ה. פֿון גנבים.

קע) ער איז נאָך אַ גנב פֿון אדם הראשי׳ן אָן; ער האָט נאָך בּעגנבֿ׳עט נח׳ס תיבה; בּײַ אברהם אבינו האָט ער אויך גענבֿ׳עט, יצחק׳ן האָט ער פֿערפֿיהרט; יעקבֿ׳ן האָט ער אָנגערערט; און בּײַ משה׳ן איז ער געווען אַ גנב.

קעא) ער איז נאָך געווען אַ גנב אין דער מאַמעס בּויך.

ווען די מאַמע זײַנע האָט מיט איהם געטראָגען, האָט זי גענבֿ׳עט אין פֿאַרטוך אַרײַן. ס׳איז דאָ אַ פֿאָלקס גלויבען: אז אַ מעוברת׳ע פֿרוי גנבֿ׳עט אין פֿאַרטוך אַרײַן, וועט דאָס קינד זײַן אַ גנב.

קעב) ער איז נאָך געווען אַ גנב, ווען מיקאָלאַי דער ערשטער איז געווען אַ יונגער.

קעג) ער איז געווען אַ גנב, ווען ער האָט נאָך געקרעהט אויפֿ׳ן דאַך. (ראָד. גוב.).

קעד) ער איז אַ פֿרומער יונג, ער גראָט • אַרײַן אין זײַן טאַטען, דער טאַטע זײַנער האָט געלערנט יומם ולילה—אין תפיסה.

קעה) ער איז שוין אַ גנב פֿון דור דורות.

קעו) ער האָט אַ גנבֿ׳יש אָרער אין זיך.

קעז) ער האָט גערירש׳ענט נ׳טאַטען: דער טאַטע זײַנער האָט געלערנט— קינדער גנבֿ׳ענען.

קעח) ער שטאַמט נאָך פֿון נאַטען.

קעט) ער שטאַמט פֿון יחוס: די מוהמע האָט איהם עפּעס אָנגעקערט (אָנגעהערט).

די מוהמע—גנבה בלשון סגי־נהור. די מוהמע זאָגט מען אויך אויף אַ לאָמבאַרד. ער האָט עס בּײַ דער מוהמע ד. ה. ער האָט עס פֿאַרזעצט אין לאָמבאַרד. אויך זעהר פֿאַרשפּרייט בּײַ די פּאָליאַקען.

קפ) אַלע טורמעס וועלען זײַן מיט איהם פֿול.

קפא) וואָס וועט פֿון איהם ווערען—אַ גנב.

פֿון ניצט קיין געראָטען יונגעל.

קפב) וואָס וועט פֿון איהם ווערען—אַ זעק־שנײַדער.

(סמאָטשעוו ראָד. גוב.).

זעק־שנײַדער — אַ גנב, וואָס שנײַדט אויף די זעק פֿון די פֿוהרען.

קפג) מ׳מעג אויפֿבּויען אַ טורמע פֿאַר זײַנעטוועגען.

ער וועט אַמאָל זײַן אַ גרויסער גנב.

קפד) ס׳וועט פֿון איהם אַרויסוואַקסען אַ גנב.

זאָגט מען אז אַ יונגעל וויל נישט לערנען און פֿיהרט זיך נישט בדרך־הישר.

קפה) ער וועט אַרויסוואַקסען אַ גאון.

פֿון די גנבים.

קפו) ער וועט אַרויסוואַקסען אַ רבי.

קפז) ער וועט אַרויסקומען אַ גרויסער.

ד. ה. גנב.

קפח) ער וועט אַרויסקומען — פֿון פּאַוויאַק.

קפט) ער וועט אַרויסקומען — —דאַרף ער פריהער אַרײַנגעהן.

קצ) ער וועט נישט פֿאַרמײַדען קיין טורמע.

---

## קאָלעקציע נומער פֿיער.

וואָס מען רופֿט מיט׳ן אייגענשאַפֿטס־וואָרט פֿון גנבה א. אנד.

---

קצא) גנבֿ׳יש אָדער.

קצב גנבֿ׳יש בּלוט.

קצג) גנבי׳ש געווײן.

קצד) גנבֿ׳יש געלעכטער.

קצה) גנבֿ׳יש האַרץ.

קצו) גנבֿ׳יש פּנים.

קצז) גנבי׳ש פּרצוף.

קצח) גנבֿ׳יש שטיק.

קצט) גנבֿ׳ישע אויגען (אָדער: אייגעלעך).

ר) גנבֿ׳ישע אויסרײדעלעך.

רא) גנבֿ׳ישע אייער.

רב) גנבֿ׳ישע בּליקען.

רג) גנבֿ׳ישע גענג.

רד) גנבֿ׳ישע הענדטעלעך.

רה) גנבֿ׳ישע חנ׳דלעך.

רו) גנבֿ׳ישע טריט.

רז) גנבֿ׳ישע טרעהרען.

פֿאַלשע טרעהרען.

רה) גנבֿ׳ישע פּשט׳לעך.

רט) גנבֿ׳ישע פֿינגער.

רי) גנבֿ׳ישע צורה.

ריא) גנבֿ׳ישע קאַליקע.

ריב) גנבֿ׳ישע קופּקע.

ריג) גנבישע קילע.

ריד) גנבֿ׳ישע קעשענעס.

פֿאַרבאָרגענע אונטער־קעשענעס. מ׳זאָגט אויך אויף אַ קעשענע מיט אַ לאָך: „אַ גנבֿ׳ישע קעשענע“ — זי נעהמט און גיט נישט אָב.

רטו) גנבֿ׳ישע רײד (אָדער: רײדעלעך).

רמז) גנבֿ׳ישע שטיקלעך.

ריז) גנבֿ׳ישע שפּיצלעך.

ריח) גנבֿ׳ישע שלײַפֿעלעך.

מיט אַזאַ בּײַנאָמען ווערען אָנגערופֿען די פּראָווינצער פֿרויען וואָס טראָגען אַ מין קופּקעס אויסגענעהט מיט שלײַפֿען.

ריט) גנבֿ׳ישע תירוצים.

רכ) אַ גנבֿ׳ישער קוק
און אַ גנבֿ׳ישער בּליק;
אַ גנבֿ׳ישער לעק
און אַ גנבֿ׳ישער שמעק.

רכא) גנבֿ׳ישע צוויי פּיס.

רכב) גנבי׳שער בּענקאַרט.

פּויליש: benkart — ממזר.

רכג) גנבֿ׳ישער גנב.

רכד) גנבֿ׳ישער דאַשיק.

דערמיט ווערט געמיינט די היטלען מיט לעדערנע דאַשקעס, וואָס גנבים טראָגען.

רכה) גנבֿ׳ישער טאָטער.

רכו) גנב'ישער הורען-זוהן.

רכז) גנב'ישער מערק.

רכח) גנב'ישער לאָקשען-ברעט.

רכט) גנב'ישער סיבירניק (אָדער: סיביריאַק).

רל) גנב'ישער פּוצער (אָדער: טיצער).

רלא) גנב'ישער קאָטער.

רלב) גנב'ישער קאָפּ.

רלג) דאָס איז אַ גנב'יש שטיקעל אַרבײַט.
קלוג אָבגעאַרבײַט.

רלד) דאָס איז אַ גנב'ישע מלאכה.

רלה) מאַך נישט קײַן גנב'ישען אָנשטעל.

רלו) מאַך נישט קײַן גנב'ישע סיגנאַלס.

רלז) ס'איז אַ גנב'ישער אײַנפאַל.

רלח) ס'איז אַ גנב'ישער פּאַס.
ד. ה. זײַן אײַגענטימער איז אַ גנב.

רלט) ער איז נישט קײַן גנב, נאָר זײַנע הענד זענען גנבי'שע.

רמ) ער האָט אַ גנב'ישע מינע.

רמא) ער האָט אַ גנב'ישע קישקע.
ד. ה. ער איז אַ גרויסער עסער.

רמב) ער האָט אַ גנב'ישען אויס-קוק.

רמג) ער האָט אַ גנב'ישען קאָפּ אויף זיך.
מ'זאָגט אויך: אַ טמור'ישען קאָפּ. — ווערט געברויכט ווענגען זעהר אַ גרויסען דרעה-קאָפּ.

רמד) ער האָט אַ פּאָר גנב'ישע אויגען.

רמה) ער האָט עס אָבגעאַרבײַט גנב'יש.
ד. ה. קלוג אָבגעאַרבײַט.

רמו) ער מאַכט שוין זײַנע גנב'ישע מעשׂות.

רמז) שטעל נישט אָן קײַן גנב'ישע שטיק.

---

## קאָלעקציע נומער פינף.

מעלות און חסרונות פֿונ'ם גנב
א. אנד.

---

רמח) אַז אַ גנב האָט נישט וואָס צו גנב'נען, גנב'עט ער ס'היטעל פֿון זיך אַראָב.

רמט) אַז אַ גנב געהט גנב'נען, בעט ער אויך גאָט.

רנ) אַז אַ גנב גנב'עט אַן'איי, האָט ער זיבען יאָהר דעם דלות, אַז ער גנבע'ט אַ קאַס-טען אייער האָט יענער דעם דלות.
זעה רנ״ד

רנא) אַז אַ גנב זעהט אַ מעשע-נעם קנאָפּ, אַנטלויפט ער.
מעשענער קנאָפּ—אַ פּאָליציי-מאַן.

רנב) אַז די גנבים קריגען זיך, קומט דער פּויער צו זײַן קוה.
א.ב. 825

רנג) אַז די גנבים שלאָגען זיך, קומט אַרויס די גנבה.
א.ב. 826

רנד) אַז מ'גנב'עט אַן'איי, האָט מען זיבען יאָהר דעם דלות.
אין שפּאַס, ווײַל מ'האָט ווע-גען אַזאַ קלייניקייט תּעטהון אַ גנבה, מוז מען אַזוי שטאַרק בע-שטראָפט ווערען.
זעה ר״נ א.ב. 840

רנה) אַז מ'דאַרף האָבען דעם גנב, שנײַדט מען איהם אָב פֿון דער תּליה.

רנו) אַז ס'געהט נישט קײַן גנב, העלפט נישט קײַן שמע-ישׂראל.

רנז) אַז צוויי גנבים צוקריגען זיך, קומט דער דריטער צו זײַן שאָדען.

רנח) אַז צוויי גנבים קריגען זיך, קומט אַרויס די גנבה.

רנט) אַזוי ווי אַ רב קען זיך נישט בעגעהן אָן קײַן פּאות, אַזוי קען זיך אַ גנב נישט בעגעהן אָן קײַן שאַבער*.

רס) אַזוי לאַנג מ'כאַפּט נישט דעם גנב בײַ דער האַנד, הײַסט ער קײַן גנב נישט.
א.ב. 827

רסא) איטליכער גנב איז אַן-עהרליכער יוד.
ער בעט גאָט בײַ די גנבות.

רסב) איין גנב גלויבט נישט דעם צווייטען.

רסג) איין גנב האַלט פֿאַר'ן צווייטען.
ס'ווערט אָפּט געברויכט, ווען איינער נעהמט זיך אָן פֿאַר אַ גנב (איז ער מ'סתּם אַליין אויך אַ גנב).

רסד) איין גנב נעהמט זיך אָן פֿאַר'ן אַנדערן.
א.ב. 1994

רסה) אין דער יוגענד אַ גנב, אויף דער עלטער אַ בעל-תּשובה.

רסו) אין דער יוגענד אַ ליגנער, אויף דער עלטער אַ גנב.
א.ב. 830

רסז) אַלע גנבים האָבען איין פּנים.

רסח) אַלע גנבים האָבען ווײַכע הערצער.

רסט) אַלע גנבים ווײַנען.

רע) אַלע גנבים זענען גלײַך.

רעא) אויף דעם גנב ברענט דאָס היטעל.

רעב) אַ ברחן בלײַבט אַ ברחן און אַ גנב בלײַבט אַ לטחן*.

רעג) בײַ אַ גנב איז אַלץ אַ קרן.

רעד) בײַ אַ גנב איז גוט צו וואוינען.
מ'איז פֿערזיכערט פֿון אַ גנבה, ווײַל צו איהם וועט מען דאָך נישט קומען גנב'ענען.

רעה) בײַ אַ גנב איז דאָס בעסטע בעהעלטעניש.

רעו) בײַ אַ גנב איז דאָס טײַער-סטע די הענד.

רעז) בײַ אַ גנב איז אַ טשוואַק אויך אַ קרן.
ער גנב'עט אפילו אַ קלייניקייט אויך.

רעח) בײַ אַ גנב איז לײַכט אַ שבועה.

רעט) בײַ אַ גנב איז נישטאָ קײַן יושר.

רפ) בײַ אַ גנב איז קײַן סוד נישטאָ.
אַ גנב זאָגט אויס, ער סליכענט*.

רפא) בײַ אַ גנב איז שווער צו גנב'ענען.
אויך אויף פּויליש. Trudno u złodzieja ukraść—דאָס ווערט אָפּט געברויכט, ווען איינער וויל בײַ יענעם עפּעס צונעהמען, צוגנב'ענען.

רפב) בײַ אַ גנב גנב'עט מען נישט.

רפג) אַ גנב, אַז מ'ניעט איהם נישט, נעהמט ער אַליין.

רפד) אַ גנב, אַז ער גנב'עט נישט עפּעס אַוועק, דאַכט זיך איהם ער האָט איבער-געלאָזט.
(ראדזין)

רפה) אַ גנב, אַז ער האָט נישט וואָס צו גנב'ענען, גנב'עט ער פֿון איין קעשענע אין דער צווייטער (בײַ זיך).

רפו) אַ גנב אַזוי ווי ר'איז גע-בוירען געוואָרען, אַזוי וועט ער שוין שטאַרבען.

רפז) אַ גנב איז אַן'אָרענטליכער מענש: דאָ וואו ע'שטעהט איין, דאָ גנב'עט ער נישט.

רפח) אַ גנב איז באַזונדערס מעהל מיט האָניג און צוזאַמען לעקאַך*.
מעהל מיט האָניג צוזאַמען איז (האָניג-)לעקאַך און אַ גנב איז אַ לקח*.

רפט) אַ גנב איז אַ בלינדער מסחר.
אַ גנב אַז ער געהט גנב'ענען, ווייסט ער נישט וואָס דאָרט ליגט.

רצ) אַ גנב איז אַ בעל-זכרון.
ער געדענקט וואו יענער האָט עפּעס אַוועק-געלעגט.

רלא) אַ גנב איז אַ בעל־צדקה.

רלב) אַ גנב איז אַ בעל־רחמנות.
ער האָט רחמנות אויף יענעמס, ער נעהמט עס צו זיך. ווען איינער האָט עפּעס צוגעגנב'עט זאָגט מען: „ער האָט זיך מרחם געווען דעריבער".

רלג) אַ גנב איז אַ בעל־תשובה.
ווען ער געהט גנב'ענען, בעט ער גאָט (ס'זאָל איהם געראָטען).

רלד) אַ גנב איז אַ גאַנץ גוטע פּראָפעסיע, נאָר ווען ס'זאָל נישט איינשטעהן ביי קיין גנב אין דער האַנד.
(ראדזין שעדל. גוב.)
ד. ה. אַ גנב וואָלט געמאַכט בלומרי'שט גוט, ווען ער זאָלט נישט געווען הולטייעס, נישט געשכור'ט, נישט געשפּיעלט אין קיין קאָרטען. ס'זאָגט עס נאָך פון ראדזינער רבי'ן.

רלה) אַ גנב איז אַ געפעהרליכע בריאה.

רלו) אַ גנב איז אַ גרינגע פּרנסה.

רלז) אַ גנב איז די בעסטע מלאכה.

רלח) אַ גנב איז אַ זולל־וסובא.

רלט) אַ גנב איז זעלטען (זעהר) גוט, נאָר ווען ער גנב'עט.

ש) אַ גנב איז אַ זעלטענער שפּייזער. אַ פרוי האָט ביי איהם אַלץ, נאָר דריי זאַכען פעהלען איהר: ברויט, דירה און קליידער.
ווייל דעם גנב קומט אויס שטענדיג צו זיצען אין טורמע.

שא) ביי° אַ גנב איז לייכטער צו עפענען אַ שלאָס, איידער ביי אַ מיידעל דאָס האַרץ.

שב) אַ גנב איז אַ מסור.

שג) אַ גנב איז נישט קיין קאַרנער.

שד) אַ גנב איז פּטור פון נעגעל אָבנימען.
ווייל ער לעגט זיך נישט שלאָפען. (ביינאַכט גנב'עט ער).

שה) אַגנב איז פאַרזיכערט° מיט דער פּרנסה.
איז ער אויף דער פריי, האָט ער פון די גנבות, זיצט ער אין תפיסה, האָט ער דירה און קריעגט עסען.

שו) אַ גנב איז אַ פאַרפאַלע־נע° קאַליקע.

שז) אַ גנב איז אַ פויגעל: נאָך גיך° ער נעהמט עפּעס, פליהט ער דאַמיט° אַוועק.
(ראדזין)

שח) אַ גנב איז אַ פרומער יוד.
ער בעט — די גנבה זאָל איהם געראָטען. זעה רס"א

שט) אַ גנב איז אַ קל־וחומר.
וויפיעל ער גנב'עט, האָט ער אַלץ ווייניג.
אויף אַ גרויסען עסער, זאָגט מען אויך: „ער איז אַ קל־וחומר" — וויפיעל ער עסט, איז ער אַלץ נישט זאַט.

שי) אַ גנב איז אַ שוואַרצער.
ער געהט שטענדיג אַרום אין דרויסען, ווערט ער אָנגעברענט פון דער זון.
אנעקדאָט: קיין בעלעם — דערצעהלט מען — זענען אַמאָל געקומען קאָוואליעס, איז אין שטאָדט געוואָרען אַ געוואלד, באשר גנבים זענען געקומען — ווייל קאָוואליעס זענען שוואַרץ און שוואַרץ זענען אויך ציגיינער און ציגיינער זענען דאָך גנבים.

שיא) אַ גנב איז שווער צו בע־גנב'ענען.
(סטאַשעוו ראד. גוב.).

שיב) אַ גנב איז אַ שלעכטער אָבגעבער.

שיג) אַ גנב איז אַ שפּיאָן.
ער שפּיאָנירט אויס די קע־שענעס, די שטובען.

שיד) אַ גנב אַרבעט° שנעלער ווי אַ שניידער.
דאָס וואָס אַ שניידער אַרבייט ביי אַמלבוש אַ צייט לאַנג, טרענט עס דער גנב אויף אין איין אויגענ־בליק.

שטו) גנב בלייבט גנב.
בפרט.

שטז) אַ גנב בלייבט אַ גנב.
בכלל.

שיז) אַ גנב בלייבט אַ גנב, אַ שכּור בלייבט אַ שכּור און אַ נאַר בלייבט אַ נאַר.
א.ב. 820

שיח) אַ גנב בעט אויף פינצטע־רע° נעכט.

שיט) אַ גנב בעט מ'זאָל איהם שלאָגען מיט אַ סך שטע־קענס.
ווען איין שטעקען פאַלען איפ'ן אנדערען און איהם וועט עס נישט אַזוי פיעל שאַדען.

שכ) אַ גנב בעטעלט נישט.
ער נעהמט זיך אַליין, ער גנב'עט.
(לובל. גוב).

שכא) אַ גנב בענטשט נישט קיין גומל.
ווייל ער וועט דאַרפען האַל־טען אין איין בענטשען, וואָרום יעדע מינוט טרעפט זיך איהם אַ נס, וואָס מ'כאַפּט איהם נישט.

שכב) אַ גנב גיעט גוט צו פער־דינען.

שכג) אַ גנב גיעט שיינע° מתנות.
(דער כלה) ווייל ס'קומט איהם גרינג אָן.

שכד) א גנב געהט אָהן זוילען.
כדי מ'זאָל נישט הערען ווי ער געהט.

שכה) אַ גנב געהט ס'היטעל אי־בער די אויגען.

שכו) אַ גנב גנב'עט נישט ביי זיך.
ענהליך: אַ משוגע'נער האַקט נאָר ביי יענעם אוים די שויבען.
(מעזריטש)

שכז) אַ גנב דאַרף אויך האָבען מזל.

שכח) אַ גנב דערקענט מען אָן דער נאָז.
ער שמעקט מיט איהר אומעטום.

שכט) אַ גנב דערקענט מען אָן די אויגען.

של) אַ גנב דרעהט זיך אַרום דער גנבה ווי אַ קוואָקע אַרום די הינדלעך.
(אָדער: ווי אַ בערנער אַרום דעם פּאָס).
(לובל. גוב.).

שלא) אַ גנב האָט אַנ'אויסגע־ברענט האַרץ.
ער האָט קיין שום רחמנות נישט.

שלב) אַ גנב האָט אויף זיך אַ הויט ווי אַ לעדער.
ס'טהוט איהם נישט וועה ווען מ'שלאָגט איהם.

שלג) אַ גנב האָט אויף זיך זיבען הויטען.

שלד) אַ גנב האָט אַ גוט האַרץ.

שלה) אַ גנב האָט אַ גוט האַרץ, ער דערבאַרעמט זיך אי־בער יענעמס.

שלו) אַ גנב האָט גוטע אויגען: ער זעהט אַלצדינג וואו יע־נער לעגט אַוועק.

שלז) אַ גנב האָט אַ גוטע פּראָ־פעסיע.

שלח) אַ גנב האָט אַ גוטען קאָפּ: ער געדענקט וואו יענער האָט עפּעס אַוועק גע־לעגט.

שלט) אַ גנב האָט גלעזערנע אויגען.
ער זעהט וואָס ביי יענעם אין קעשענע טהוט זיך.

שמ) אַ גנב האָט אַ געבריהט האַרץ.
אַנ'אויסגעבריהט האַרץ, ס'אַרט איהם נישט, ער שרעקט זיך נישט, ווען ער געהט גנב'ענען.

שמא) אַ גנב האָט אַ גרינגע האַנד.
צום גנב'ענען.

שמב) אַ גנב האָט הינטיש פליייש.

שמג) אַ גנב האָט יתרו'ס נעמען.
גנבים האָבען ס'רוב אַ סך פּסעודאָנימען כדי אויסצובעהאלטען זיך פאַר פּאָליציי.

שמד) אַ גנב האָט לאַנגע אויערן.
ער הערט אַלץ אונטער, כדי צו וויסען וואו צו קענען גנב'ענען.

שמה) אַ גנב האָט אַ לאַנגע האַנד און קורצע קע־שענעס.
א.ב. 821

שמו) אַ גנב האָט לאַנגע פינגער.

שמז) אַ גנב האָט ליעפּקע פינגער.
(וואָהלין)

שמח) אַ גנב האָט אַ מערדעריש הארץ.

שמט) אַ גנב האָט נאָר מורא פאַר אַ מעשען קנעפּעל.
וצת רג״א

שנ) אַ גנב האָט נאָר מורא פאַר אַ בלאָהען קאָלנער.
די מונדירען פון דער רוסי־שער זשאַנדארמעריע זענען מיט בלאָהע קעלנער.

שנא) אַ גנב האָט פאַר קיין האָן אויך נישט קיין מורא.
אַ האָן קרעהעט דאָך און וועקט אויף די מענשען.
(גארשקעוו לובל. גוב.)

שנב) אַ גנב האָט פאַרשטאָלענע אויגען.

שנג) אַ גנב האָט אַ פאַרשטיי־נערט הארץ.
(וואָהלין)

שנד) אַ גנב האָט פיער אויגען.
ער מוז זעהען פון הינטען טאָמער געהט מען. אָדער ווען מ׳יאָגט איהם נאָך: ער זאָל קאָנען אַנטלויפען.

שנה) אַ גנב האָט צעהן וועגען.
צו אַנטלויפען.
(טשערקאַסע, קיעוו. גוב.)

שנו) אַ גנב האָט קוועקזילבער אין תחת.
ער קאָן קיינמאָל נישט איינ־זיצען אויף אַן אָרט, ער רוהט נישט, ער זוכט אַלץ וואו צו קענען גנב׳ענען.

שנז) אַ גנב האָט קעצענע אויגען.
ער זעהט אין דער פינסטער.

שנח) אַ גנב היט זיך פאַר אַנ׳־עהרליכען מאַן מעהר ווי אַנ׳עהרליכער מאַן—פאַר אַ גנב.
(ראדוין)

שנט) אַ גנב הויבט אָן זיין פּראַ־פּעסיע מיט אָבטרענען די קנעפּלאַך.
ער הויבט אָן בײַ קלײנינקייטען.

שס) אַ גנב הייבט° מיט די אַקסלען.
ער ווייסט פון גאָרנישט צו זאָגען.

שסא) אַ גנב, וואו מ׳זייהט איהם נישט, דאָ וואַקסט ער.
(לובל. גוב.)

שסב) אַ גנב וועסטו שוין נישט איבערמאַכען.

שסג) אַ גנב טאָר נישט געהן מיט קיין שטעקען.
כדי ער זאָל נישט האָבען פער־גומען די הענד.

שסד) אַ גנב טאָר נישט האַלטען די הענד אין די קעשענעס.
ער מוז זיי שטענדיג האָבען גרייט צום גנב׳ענען.

שסה) אַ גנב טאָר נישט טראָגען קיין גרויסע נעגעל.
וואָרום ער קאָן זיך נאָך מיט זיי פערטשעפּען בײַם גנב׳ענען.

שסו) אַ גנב טרעפט אין אַלע באַהאַלטענע° לעכער.

שסז) אַ גנב מוז זיין אַ געבראָ־כענער.
ס׳קומט איהם אָפט אויס זיך צו בויגען, צו שפּרינגען.

שסח) אַ גנב מוז זיין אַ חכם.
א. ב. 822

שסט) אַ גנב מוז פון הינטען אויך האָבען אויגען.
וצה שנ״ד
ס׳זאָגט עס אויך אויף אַ סוחר, ער מוז גוט אַכטונג געבען ווען אין געשעפט קומען אַריין פערשידענע מענשען, פערשידענע קונים.

שע) אַ גנב מוז שטענדיג האָבען די אויגען אין קאָפּ.
ער מוז גוט אַכטונג געבען, ער דאַרף זיין קלוג.

שעא) אַ גנב נעהמט מיט די אויגען.
אז אַ גנב דערזעהט עפּעס, גליסט זיך איהם דערצו.

שעב) אַ גנב פינטעלט מיט די אויגען.

שעג) אַ גנב פלאָנטערט זיך צווי־שען די פיס.

שעד) אַ גנב פאַר׳ן גנב׳ענען קלאַפּט איהם דאָס הארץ, נאָכ׳ן גנב׳ענען, קלאַפּט יענעם דאָס האַרץ.
(ראדוין שעדל. גוב.)

שעה) אַ גנב צו זיעבען, אַ גנב צו זיעבעציג°.
פערגלייך: אַזוי ווי איינער איז צו זיעבען, אַזוי איז ער צו זיעבציג.

שעו) אַ גנב אַ צרה, בלייבט שטענדיג די כפרה.

שעז) אַ גנב קומט קיינמאָל נישט דער ערשטער: ער נעהמט דאָס, וואָס דער צווייטער לאָזט איבער.

שעח) אַ גנב קוקט האַלב.
ער קוקט אין דער זייט, מ׳זאָל נישט בעמערקען, אז ער קוקט אויף וועמען, אָדער אויף דער זאַך (צו גנב׳ענען).

שעט) אַ גנב אַ קליאַק באַקומט° שטענדיג אַ שלאַק.

שפ) אַ גנב קאָן אַרויסטראָגען די בעבעכעס.

שפא) אַ גנב שאַדט נישט קיין קלעפּ.

שפב) אַ גנב אַ שלימ׳מזל איז די ערגסטע קאַליקע.

שפג) אַ גנב אַ שלימ׳מזל האָט באַלר אַ מקום מקלט.
אין תפיסה.

שפד) אַ גנב שרעקט אַפילו קיין הונר אויך נישט אָב.

שפה) אַ גנב שרעקט בײַנאַכט.
ער האָט מורא מ׳זאָל איהם נישט קומען נעהמען פאַר די גנבות. אָדער: בײַנאַכט געהט ער אָפט גנב׳ע־נען, האָט ער מורא מען זאָל איהם דערבײַ נישט כאַפּען.

שפו) גנבים האָבען ווײַכע הער־צער: זיי נעהמען דאָס, וואָס בעט זיך.

שפז) גנבים האָבען סודות.
א.ב. 881

שפח) גנבים האָבען שפּיציגע קעפּ.
ד. ה. זיי זענען קלוגע.

שפט) גנבים זענען פרומע יודען: זיי שטעהען אָף° צו חצות.

שצ) גנבים שרעקען זיך.
פון דעם אָפט גנב׳ענען שרעָ־קען זיי זיך אפילו ווען זיי גנב׳ע־נען נישט.

שצא) דאָ וואו דער גנב שטעהט איין, דאָ גנב׳עט ער נישט.
ענהליך: דאָ וואו די ציגיי־נער שטעהען איין, דאָ גנב׳ענען זיי נישט (אָדער: דאָ רוהען זיי נישט).

שצב) די בעסטע צייט פאַר גנבים איז סוף חודש.
די לבנה איז נישטאָ, ס׳איז פינסטער, איז עס די בעסטע גע־לעגענהייט פאַר די גנבים.

שצג) דער בעסטער שומר איז אַ גנב.

שצד) דער גנב, וואָס קאָן נישט שווימען, איז קיין גנב נישט.

שצה) דער וואָס האָט נאָך נישט געקאַקט אין שעפעל, איז נאָך קיין גנב נישט.
ווערט געמיינט: אַ גנב וואָס איז נאָך נישט געזעסען.

שצו) אַ הײמישען גנב קאָן מען נישט איינהיטען.

שצז) וואָס מעהר וויראָקען אַלץ מעהר גנב.
פּויליש: wyrok — פּסק־דין.

שצח) ווער איז רעם גנב, וואָס האָט נישט קיין מזל.

שצט) מ׳ווערט נישט פריהער קיין גוטער גנב, ביז וואַנען מ׳זיצט נישט אויס קיין „וויראָק" (פּסק־דין).

ת) מיט אַ גנב איז גוט צו האַנדלען.
ער איז נישט קארג, ער דינגט זיך נישט.

תא) מיט אַ גנב וועסטו קיינ־מאָל נישט אויסקומען.

תב) מיט וועמען חבר׳ט זיך אַ גנב, מיט זיינם גלייכען.
ווען מ׳זעהט איינעם געהן מיט גנבים, איז מ׳סתם ער אליין אויך אַ גנב.

תג) אַנ׳עהרליכער גנב לאָזט עפּעס איבער.

תד) פאַר אַ גנב איז אַ הונר אַ טויט.

חינד לאָזען איהם נישט גנב'ע-נען, ווי שטערען איהם.

תה) פאַר אַ גנב איז נישטאָ קיין באַהאַלטענע ° זאַכען.

תו) פאַר אַ גנב איז נישטאָ קיין כשר'ע מזוזה.

אַ כשר'ע מזוזה, וואָס פערהיט פאַר שדים, פערהיט אָבער נישט פאַר אַ גנב.

תז) פאַר אַ גנב איז נישטאָ קיין שום באַוואָרעניש °.

תח) פאַר אַ גנב איז קיין באַ-העלטעניש ° נישטאָ.

תט) פאַר אַ גנב איז קיין סוד נישטאָ.

ער ווייסט אַלע סודות און וואו יענער לעגט עפּעס אַוועק.

תי) פאַר אַ גנב איז קיין שום זאַך נישט באַהאַלטען °.

תיא) פאַר אַ גנב איז קיין שלאָס נישטאָ (אָדער: נישט פאַ-ראַן).

תיב) פאַר אַ גנב איז קיין שליי-סעל נישטאָ.

(טשערקאַסע, קיעוו. גוב)

תיג) פאַר אַ גנב איז שווער צו באַהאַלטען °.

תיד) פאַר דעם גנב איז איין וועג, פאַר דעם וואָס זוכט איהם — צעהן וועגען.

א.ב. 837

תטו) פאַר אַנ'ערליכען מאַן ברויך מען נישט קיין שלאָס און פאַר אַ גנב העלפט נישט קיין שלאָס.

תטז) פאַר אַ היימישען גנב קאָן מען זיך נישט איינהיטען.

א.ב. 836

וצה שצ"

תיז) פאַר אַ שטוב-גנב קאָן מען זיך נישט פאַרהיטען °.

תיח) פון אַ גנב וועסטו דיך נישט אויסדרעהען.

תיט) אַ קעשענע-גנב טאָר נישט נעהן קיין לאַנגע ארבעל.

דאָס וועט איהם שטערען אַריינצושטעקען די האַנד צו גנב'ענען.

תכ) שפּיי אַ גנב אין די אויגען אַריין, זאָגט ער ס'רעגענט.

תכא) אַ שלאָס ביי אַ גנב איז אַזוי ווי אַ בלעטעל פון אַ בוים.

גרינג אַראָבצורייסען.

---

## קאָלעקציע נומער זעקס.

גנב'ישע אויסדרעהענישען, תרוצים א. אנד.

---

תכב) אַז אַ גנב איז זיך מודה, זאָגט ער: „ס'איז ס'ער-שטע מאָל".

תכג) אַז מ'כאַפּט אַ גנב האָט ער נישט קיין אַנדערן פאַר-ענטפער ° ווי טרעהרען.

(ראַדזין)

תכד) אַז מ'כאַפּט אַ גנב, זאָגט ער, אַז ער וועט שוין מיין ° נישט גנב'ענען, נאָר איינמאָל אין זומער און דאָס צווייטע מאָל אין ווינטער.

תכה) אַז מ'כאַפּט אַ גנב, זאָגט ער, אַז ער וועט שוין מיין ° נישט גנב'ענען, נאָר דאָס מאָל און נאָך אַ מאָל.

תכו) אַז מ'כאַפּט אַ גנב, זאָגט ער: יאַך ° בין נישט שול-דיג, נאָר מיין קאָלעגע.

תכז) אַז מ'כאַפּט אַ גנב (ביי דער האַנד), זאָגט ער, ער האָט עפּעס פאַרגעסען °.

תכח) אַז מ'כאַפּט אַ גנב, זאָגט ער, ער וועט מאַכען אַ שהחינו לישב בסוכה.

תכט) אַז מ'כאַפּט אַ גנב, זאָגט ער, ער וועט שוין מיין ° נישט גנב'ענען, נאָר נעהמען.

וצה צ'

תל) אַז מ'כאַפּט אַ גנב, פאַר-ענטפערט ° ער זיך, ער איז ° פאַרבלאָנדזשעט ° (אָדער: פאַרקראָכען °).

תלא) אַז מ'יאָגט אַ גנב, שרייט ער: „כאַפּט אַ גנב!"

אַ מיטעל מ'זאָל נישט וויסען, אַז ער איז דער גנב.

תלב) איטליכער גנב האָט זיך זיין תרוץ.

א.ב. 829

תלג) ביי אַ גנב איז דער תרוץ פון אויבען.

תלד) ביי אַ גנב קאָן מען נישט דערגעהן קיין אמת.

תלה) אַ גנב אַז ער ווערט פאַר-שיט *, זאָגט ער, אַז ער ווערט אויס גנב.

(ראַדזין)

תלו) אַ גנב האָט מיט זיך אַ פולען בוזעם מיט תרוצים.

תלז) אַ גנב, ווי אַזוי דו וועסט מיט איהם מאַכען, וועט ער אַלץ בלייבען גערעכט.

תלח) אַ גנב זאָגט, אַז ער איז נישט קיין גנב, נאָר דאָס וואָס מ'זעהט, דאָס דאַרף מען צונעהמען.

תלט) אַ גנב זאָגט, ווען ער זאָלט נישט גענגנב'עט, וואָלט אונטערגעגאַנגען דאָס גאַנ-צע שלאָסער-פאַך.

(ראַדזין)

תמ) אַ גנב פאַרענטפערט ° זיך, ווען ער וואָלט נישט גע-גנב'עט, וואָלט אַ צווייטער גענומען.

תמא) גנב'ענען איז אַ מצוה.

אַזוי טייטשען אויס די גנבים מיט פערשיעדענע רמזים און פשטי-לעך ווי צב.: „לא תגנוב" נישט מיט קיין „אל"ף", נאָר מיט אַ „וואָוו" „לו תגנוב".

תמב) געבענטשט זענען די הענד וואָס נעהמען זיך אַליין.

אין פאָלק איז זעהר פער-שפּרייט דאָס וואָרט: „געבענטשט זענען די הענד וואָס טהון אַליין".

תמג) דאָס וואָס מ'שלינגט נישט אַראָב, דאָס האָט מען נישט.

תמד) וואָס דו וועסט נישט גנב'ענען באַר'ן ° לעבען, וועסטו נאָכ'ן טויט אודאי נישט האָבען.

תמה) דאָס וואָס מ'נעהמט נישט אַוועק, דאָס האָט מען נישט.

ענהליך: וואָס מ'רייסט נישט אַוועק, דאָס האָט מען נישט.

תמו) וועסטו גנב'ענען, וועסטו האָבען.

תמז) יעדער גנב האָט באַלד אַנ'אויסרייד (אָדער: אויס-דרעה).

תמח) מיט'ן ערליכען גאַנג וועסטו קיינמאָל גאָרנישט מאַכען.

תמט) ער האָט זיך נאָר טועה געווען.

אַ קאַטאָוועס: ער איז נישט אויסען געוועזען צו גנב'ענען, נאָר אָנשטאָט אַריינצושטעקען די האַנד צו זיך אין קעשענע, האָט ער זי אַריינגעשטעקט צו יענעם.

---

## קאָלעקציע נומער זיעבען.

דאָס זיצען אין תפיסה א. אנד.

---

תנ) אַז מ'זעצט איין אַ גנב, זאָגט מען: „מ'פיהרט איהם אָברוהען".

תנא) וועסט קריגען אַ וואוינונג אין טורמע, וועש — אין דער פּראַלנע (פּויליש: pralnia — וועשעריי). קליידער — אין מאַגאַזין און קעסט — באַר'ן ° קעניג.

אַזוי וויצעלט מען זיך איבער אַ גנב.

תנב) מ'האָט איהם אַריינגע-ישב'ט אין חד-גדיא.

מ'האָט איהם אַריינגעזעצט אין טורמע.

תנג) ער איז אויסגעגאַנגען אַלע קלאַסען.

ער איז אויסגעזעסען אַלע חדרים אין תפיסה.

ענהליך: מען זאָגט אויך וועגען איינעם, וואָס איז נישט גע-לערנט: „ער איז אויסגעגאַנגען אַלע קלאַסען באָרוועס".

תנד) ער איז אַנ'אַלט געזעסע-נער — אין תפיסה.

(ראַדזין)

תנה) ער איז געזעסען אין וויסבארען (אָדער: אין טשעכאָטשינעק).

תנו) ער איז געזעסען יומם ולילה — אין פאַוויאַק.

תנז) ער איז אַ היִעגער תּושב— אין תפיסה.

תנח) ער איז שוין אַנ׳אַלטער גנב, ער איז שוין אויסגעזעסען ניַין מאָנאַטען — בײַ דער מוטער אין בויך.

תנט) ער איז שוין געזעסען אין דער ישיבה.

תס) ער האָט אַ גוטע שטוהל.
אנ׳אָנצוהערעניש: אויף אַ שטוהל זיצט מען און ער זיצט אויך (אין טורמע).

תסא) ער האָט געטהון אַ גוטען שידוך: ער האָט געקריגען דעם זײַגער פון ראָטהויז, די קײַטען פון אַרסענאַל און קעסט אין טורמע.
וזה תנ״א

תסב) ער האָט זײַן אײַגען בעט— אין תפיסה.

תסג) ער האָט שוין געטאַפּט די ווענד.
ער איז שוין געזעסען אין טורמע.

תסד) ער האָט שוין געקאַקט אויפ׳ן קיבעל.

תסה) ער זיצט אונטער די קראַטען.

תסו) ער זיצט אין די הויכע פענצטער (פענסטער).

תסז) ער זיצט אין לאָך.

תסח) ער זיצט אָף° קעסט.

תסט) ער זיצט באַר׳ן° קיסר אָף° קעסט.

תע) ער צאָהלט נישט קײַן דירהגעלד.
ער זיצט שטענדיג אין תפיסה.

---

## קאָלעקציע נומער אַכט.

וואָס ווערט פון׳ם גנב און דער גנבה.

---

תעא) אויפ׳ן גנב וואַרט דאָס שטריקעל.

תעב) אַ גנב האָט נישט קײַן גוטען סוף.

תעג) אַ גנב ווערט באַגראָבען° הינטער אַ פּלויט.

תעד) אַ גנב ווערט באַגראָבען° באַר׳ן° פּאַרקען.

תעה) אַ גנב ווערט פאַרפוילט° אין תפיסה.

תעו) אַ גנב מוז האָבען המנ׳ססוף.
ווײַל סוף גנב לתליה.

תעז) אַ גנב שטאַרבט אָהן וידוי.

תעח) אַ גנב שטאַרבט אין הקדש אָדער אין תפיסה.

תעט) אַ גנב שטאַרבט אין תפיסה אָדער מ׳הרג׳עט איהם.

תפ) אַ גנב שטאַרבט אין תפיסה אָדער אין וואַלד.
(גאַרשקעוו, לובל. גוב.)

תפא) אַ גנב שטאַרבט נישט אָף° זײַן בעט.

תפב) אַ גנב׳ס סוף איז ווערט אַנ׳אויסגעבלאָזענע שישקע.
מען באַדויערט איהם נישט, מ׳וויינט נישט נאָך איהם.

תפג) אַ גנב׳ס סוף זעהט אויס, פונקט ווי אַ קוימעניאַרוש (קוימענקעהרער) עסט ווײַסען קעז.
ד. ה. ער האָט אַ שוואַרצען סוף.

תפד) סוף אָדם למיתה, סוף בהמה לשחיטה, סוף סוחר לפלטה, סוף גנב לתליה.
סוף אדם למות, סוף בהמה לשחיטה (ברכות י״ז א׳).
א.ב. 2611

תפה) סוף גנב איז תפיסה.

תפו) סוף גנב לתליה.

תפז) אַ קעלבין שטאַרבט, באַגראָבט° מען זי הינטערן אויווען, און אַ גנב—הינטער דער סטאָדאָלע.
פּויליש: stodoła — שײַער.
א.ב. 3389

תפח) אַ קריגעל טראָגט מען אַזוי לאַנג ביז וואַנען ס׳אויערעלע רײַסט זיך אָב, אַ גנב גנב׳עט אַזוי לאַנג ביז וואַנען מ׳כאַפּט איהם.

תפט) „תולה ארץ על בלימה“— די ערד הענגט אין דער לופטען און אַ גנב הענגט אָף° אַ האָר.

תצ) אַלע גנבות גיעבען זיך אויס.

תצא) אַ גנבה האָט קײַן הצלחה.
א.ב. 839

תצב) גנבה ציהט.

תצג) גנב׳יש און גזל׳יש האָט קײַן הצלחה נישט.

תצד) גנב׳יש געלד און לאָטעריעגעלד האָבען נישט קײַן קיום.

תצה) גנב׳יש געלד האָט קײַן קיום נישט.

תצו) גנב׳יש געלד קומט לײַכט אָן און ס׳געהט לײַכט אַוועק.

תצז) אַ גנב׳ישע זאַך איז שמײַליק.

תצח) דער גנב׳ישער גראָשען איז זיס.
עהנליך: מים גנובים ימתקו.

תצט) געגנב׳עט געלד שמײַעלט נישט.
ד. ה. ס׳האַלט זיך נישט לאַנג.

תק) געגנב׳עט וואַסער איז זיס.

תקא) יעדער גנבה מוז אַרויסקומען ווי בוימעל אויפ׳ן וואַסער.
(וואָהלין)

---

## קאָלעקציע נומער נײַן.

גנבה, שמירה, א. אגד.

---

תקב) דאָס איז דאָך די גמרא טרודנע.
פּויליש: trudno — שווער.
(ראַדזין)
וזה רפ״א

תקג) דאָס נעהמען יאַק נעהמען אָבער דאָס אָבגעבען.

תקד) דו האָסט נישט געלערנט די גמרא טרודנע?
(ראַדזין)
וזה תק״ב

תקה) האָסט נישט געטראָפען ס׳אָרט.

תקו) מ׳האָט איהם געכאַפּט בײַ דער האַנד.
ווען מ׳כאַפּט איינעם בײַ דער גנבה.

תקז) מ׳האָט איהם געכאַפּט בײַ דער אַרבעט.

תקח) ס׳איז איהם נישט געגאַנגען°.

תקט) ס׳איז איהם נישט געראָטען°.

תקי) ס׳קאָסט איהם פינף מינוט האַרץ־קלאַפּעניש.

תקיא) ס׳קאָסט איהם פינף מינוט טויט־שרעק.

תקיב) ס׳קאָסט איהם פינף פינגער מיט אַ כאַפּ.

תקיג) ער האָט געהאַט הענד מיט קלײַסטער.

תקיד) ער האָט געהאַט אַ לאַנגע האַנד.

תקטו) ער האָט געהאַט אַ קלעבעדיגע האַנד.

תקטז) ער האָט עס געוואָלט אַראָבשלינגען.

תקיז) ער האָט געמאַכט אַ נאַכטקראַץ.

תקיח) ער האָט געריזהרט ראָ וואו מ׳דאַרף נישט.

תקיט) *) זײַ רואה.

---

*) די ווערטלעך פון די נומערן תקי״ט—תקל״ב ווערען בענוצט אין סוחר׳ישען וועלטיל בשעת מען האָט צו טהון מיט פרעמדע פּערזאָנען.

ווָעה, גיִעב אַכטונג. — ווען ס'איז דאָ אין געוועלב אַ גוי און מ'האָט מורא ער זאָל עפּעס ניִשט צוגנב'ענען, רעדט מען אויף לשון־קודש, ווייל יודיִש קאָן ער נאָך אַמאָל פערשטעהן.

תקכ) ווָעה נאָר ס'זאָל זיך דאַרטען ניִשט עפּעס צוקלעבען.

תקכא) לעקאַך * מיט בראָנפּען.
ס'זאָגט אויך בלויז דאָס וואָרט לעקאַך (לקח), נאָר דאָ ווערט עס בכיון געבראויכט מיט נאָך אַ וואָרט, עס זאָל אויסקומען מעהר פערשטעלט.

תקכב) צוויי אָף ° צעהן (אָדער: גיִעב צוויי אָף ° צעהן):
ד. ה. קוק מיט צוויי אויגען אויף צעהן פינגער.

תקכג) צוויי הונדערט צעהן.
מעהר פערשטעלט, כדי דער פרעמדער זאָל ניִשט פערשטעהן וואָס מען מיינט דערמיט.

תקכד) מ'האָט איהם אויסגעבדק'ענט.

תקכה) מ'האָט איהם אויסגעבייטעלט.

תקכו) מ'האָט איהם באַגנב'עט ° ביז צום העמד.

תקכז) מ'האָט איהם געלאָזט שטעהן אין איין העמד.

תקכח) מ'האָט איהם געלאָזט בערום וחוסר.

תקכט) מ'האָט איהם געלאָזט שטעהן ווי די מאַמע האָט איהם געהאַט.

תקל) מ'האָט ביי איהם געמאַכט אַ ביעור חמץ.

תקלא) ער איז געבליבען אָרם־נאַקעט.

תקלב) ער איז געבליעבען אין איין העמד.

---

## קאָלעקציע נומער צעהן.

מוסר, עצות, וואונשען, קללות, א. אַנד.

---

תקלג) אַז דו וועסט דיך חבר'ן מיט אַ גנב, וועסטו אַליין אויך ווערען אַ גנב.

תקלד) אַז ס'איז דאָ אַ גנב אין שטוב, טאָר מען ניִשט זאָגען: הענגט מיר אָף ° דעם ראָק.
מען זאָגט אויך: ווער ס'האָט אַ געהאָנגענעם אין דער משפחה, טאָר מען איהם ניִשט זאָגען, „הענג מיר אָף ° דעם פּאַלטען".

תקלה) אַז ס'איז דאָ אַ גנב אין שטוב, טאָר מען ניִשט שמועסען פון הענגען.

תקלו) אַז ס'איז דאָ אַ גנב אין שטוב, דאַרף מען ניִשט באַהאַלטען °.
ווייל וואו אַ גנב שטעהט איין, דאָ גנב'עט ער ניִשט.

תקלז) אַלץ אין דער וועלט זאָלסטו זיין, נאָר קיין גנב ניִשט.

תקלח) אָף ° אַ גנב טאָר מען קיין רחמנות ניִשט האָבען.

תקלט) אַ גנב פון אַ גנב איז פּטור.
אין הגונב אחר הגנב משלם (בבא קמא ס"ט א').
א.ב. 823

תקמ) אַ גנב אָף ° אַ גראָשען, אַ גנב אָף ° אַ רובל, איז אַלץ איינס.

תקמא) אַ גנב אָף אַ נאָדעל, אַ גנב אָף אַ הויז — אַלץ איינס.

תקמב) אַ גנב פאַר אַ פערד, אַ גנב פאַר אַ בייטש.

תקמג) גנב'ענען און ראַבעווען זאָל מען און אַנ'ערליכער מאַן זאָל מען זיין.
א.ב. 841

תקמד) גנב'ענען איז אַ גרעסערע חרפה ווי אָבגעבען.
א.ב. 842

תקמה) דו ווילסט מ'זאָל דיך ניִשט באַגנב'ענען°, וואוין צווישען ציגיינערס.

תקמו) דו ווילסט ס'זאָל זיין באַוואָרענט° , זאָלסטו וואוינען ביי גנבים.

תקמז) דו ווילסט ס'זאָל זיין גאַנץ, זאָלסטו מאַכען דעם גנב פאַר אַ שומר.

תקמח) דעם שליסעל גיִעב דעם גנב אין דער האַנד אַריין.
מאַך דעם גנב פאַר אַ שומר וועט ער שוין ניִשט גנב'ענען.

תקמט) דער גנב פאַר דער טהיר איז דער בעסטער שומר.

תקנ) הגונב ביי אַ גנב (אָדער: מן הגנב) איז פּטור.

תקנא) היט דיך פאַר גנב'ישע הענד.
האָב ניִשט קיין מגע־ומשא מיט גנבים.

תקנב) ווען ער זאָלט ° ניִשט געווען קיין גנב, וואָלט ער געווען לאַנג און לייט.
ד. ה. ס'וואָלט איהם זעהר גוט געווען.

תקנג) ווער אַ בעטלער איידער אַ שלעפּער.
שלעפּער — אַ גנב. ער שלעפּט פון די קעשענעס, ער שלעפּט די גנבות.

תקנד) אַ חרפה איז צו גנב'ענען.

תקנה) אַ ממזר און אַ גנב און קלוג זאָל מען זיין.

תקנו) ניע גנב'אַי, ניע פּאָסטאַי.
א.ב. 843

תקנז) ניע לאַפּאַי, ניע גנב'אַי.
די לעצטע צוויי גמערן תקנ"ו — תקנ"ז זענען געשאַפען לויט דער פּוילישער וואָרט־בילדונג.

תקנח) ס'איז אַ רחמנות אַפילו אַ גנב אַרויסצוטרייבען.
ווערט געבראויכט ביי זעהר אַ שלעכט וועטער.
ס'זאָגט אויך: „ס'איז אַנ־עבירה אַ שלעכט ווייב אַרויסצוטרייבען" (ווייבער זאָגען: אַ שלעכטען מאַן), אויך זאָגט מען: „ס'איז אַנ־עבירה אַ הונד אַרויסצוטרייבען", אָדער „אַ שלעכט פערד אין וועג אַריין צו טרייבען".

תקנט) פּאָניע זאָגט: גנב'ע, נאָר מ'זאָל דיך ניִשט כאַפּען.

תקס) פאַר אַ גנב טאָר מען קיין תליה ניִשט דערמאַנען.

תקסא) צופיעל ערליכער מאַן טאָר מען ניִשט זיין.

תקסב) צופיעל ערליכער מאַן טויג אויך ניִשט.

תקסג) שטעל דעם גנב פאַר דער טהיר.
זאָל ער זיין דער שומר, וועט מען שוין ניִשט גנב'ענען.

תקסד) אַ שידוך זאָל מען טהון אין דער היים און אַ גנבה אין דער פרעמד.
ענהליך זאָגט אויך דער מדרש: אשרי מי שאשתו מעירו, (מדרש משלי, פרשה ה').
א.ב. 3739

תקסה) דאָ וואו אַ גנב שטעהט, דאָ זאָל דאָס אָרט ברענען.

תקסו) זאָלסט מיר האָבען אַזאַ סוף ווי אַ גנב אָף ° אַ יריד.
(ראדזין, שערל. גוב.)
אַז מען כאַפּט אַ גנב אויף אַ יריד בעקומט ער קלעפּ פון די פּויערים און פון עולם.

תקסז) מ'האָט איהם שוין געמעגט אָוועקגנב'ענען.

תקסח) ס'זאָל אַזוי ניִשט זיין ס'לעצטע מאָל, ווי ס'איז ניִשט ס'ערשטע מאָל.
זאָגט מען, ווען מען זעהט פיהרען אַ גנב.

תקסט) ס'מעג מיר אָן דיר אַ גנבה געשעהען.
ד. ה. מען מעג דיך צוגנב'ענען.

תקע) ער איז אַ גנב, זאָל אַ רוח אין זיין טאַטענס טאַטען אַריין.

תקעא) אַ רוח אין דיין גנב אַריין.
זעהר פּאָפּולער.

תקעב) אַ רוח אין דיין גנב'ישען טאַטען אַריין.

תקעג) אַזוי ווי מ'טאָר ניִשט געטרויען קיין קאַץ קיין סמעטענע, אַזוי טאָר אַ מאַמע ניִשט געטרויען, אַז זי האָט אַ זוהן אַ גנב.

תקעד) אַזוי ווי מ'קאָן זיך ניִשט פאַרהיטען ° פאַר קיין

קאַין, אַזוי קאָן מען זיך ניסט פאַרהיטען ° פאַר קיין גנב.
(לובלין)

תקצה) אַזוי ווי ס'איז ניסט פאַראַן ° קיין מיהל אָהן קיין מייז, אַזוי איז ניסט פאַראַן ° קיין גנב, וואָס זאָל זיך קענען באַגיין ° אָהן די גנבה.
(גאַרשקעוו, לובל. גוב.)

תקצו) אַזוי ווי אַ קאַטשקע קאָן זיך ניסט באַגיין ° אָהן קיין וואַסער, אַזוי קאָן זיך קיין גנב ניסט באַגעהן ° אָהן קיין גנבה.
(גאַרשקעוו, לובל. גוב.)

תקצז) אַזוי ווי אַ קאַני קוקט אויף דעם רעגען, אַזוי קוקט אַ גנב אויף די ווינטער נעכט.
(גאַרשקעוו, לובל. גוב.)

תקצח) אַ גנב און אַ קורווע (פּוילִיש: kurwa — נאַסטען-פּרוי) איז אַלץ איינס.

תקצט) אַ גנב און אַ שכּור מעגען זיך משדך זיין.

תקפ) אַ גנב ווי אַ ווייסעל פון אויג.
משמעות דערפאַר, ווייל דאָס ווייסעל פונ'ם אויג קאָן זיך זעהר לייכט באַהאַלטען, אויסדרעהען זיך.
(א.ד.)

תקפא) אַ גנב ווי אַ מויז.

תקפב) האַלט מיך פאַר אַ רב און היט מיך ווי אַ גנב.
א.ב. 3476

תקפג) אַ הדרת פנים ווי נאַטע גנב.

תקפד) כּיִמרע ווי אַ גנב.

תקפה) מ'דאַרף איהם היטען ווי אַ גנב.

תקפו) מ'דאַרף זיך פאַר איהם היטען ווי פאַר אַ גנב.

תקפז) אַ מציאה ווי פון אַ גנב (אָדער: ווי ביי אַ גנב).

תקפח) ס'קלאַפּט איהם דאָס האַרץ ווי ביי אַ גנב (אָדער: גזלן).

תקפט) ער היט די גנבה אַזוי ווי ס'גלעקלעך פון אייער (אָדער: אַזוי ווי דאָס בליצטראָפּ).

תקצ) ער זעהט אויס ווי אַ גנב.

תקצא) פלינק ווי אַ גנב.

תקצב) שטיל ווי אַ גנב.
אַ גנב פערגנב'עט זיך שטיל, ס'זאָל ניסט הערען.

---

## קאָלעקציע נומער עלף.

וועגן אונ וואָס אַלץ ס'איז אַ גנב
א. אַנד.

---

תקצג) אַן'אַדוואָקאַט איז אַ גנב.
ער מוז קאָנען אַלע גנב'ישע שטיק, ווייל ער דאַרף זיי פערטייידיגען.

תקצד) ס'גוטע אָרט איז אַ גנב.
ס'נעהמט צו אַלע געשטאָרבענע.

תקצה) אַ גוי איז אַ גנב.

תקצו) דער בעסטער גוי איז אַ גנב.

תקצז) אַ געלער איז אַ גנב.

תקצח) אַ דאָקטאָר איז אַ גנב.
ער געהט ניסט מיט קיין עהרליכקייט ביי די קראַנקע.

תקצט) דער דלות איז אַ גנב.
ער גנב'עט זיך אַריין אין שטוב און מ'ווייס ניסט ווי אַ נאָך (ווי אַזוי). מ'זאָגט דערפאַר: „דער דלות האָט זיך אַריינגעגנב'עט אין שטוב אַריין".

תר) הויקער גנב.
מען זאָגט אויך: „צוואַנץ ווי אַ הויקער".

תרא) וואַסער איז אַ גנב.
עס רוקט אָן אומבעמערקטער-הייט.

תרב) אַ וואָרים איז אַ גנב.
(שעדל. גוב.)

תרג) זומער איז אַ גנב.
ער פערגנב'עט זיך: אין בעסטען ס'איז אַ שעהן וועטער, הויבט אָן צו רעגענען, אָדער פערקעהרט.

תרד) אַ זייגער-מאַכער איז אַ גנב.

תרה) אַ חסיד איז אַ גנב.
זעהר פּאָפּולער דאָס ווערטעל: „חסיד גנב".

תרו) אַלע חסידים זענען גנבים.

תרז) יודעלע גנב.
רב גנבי ישראל (כ"ו ע').

תרח) אַ יונג ווייבעל איז אַ גנב.
זי גנב'עט ביי'ם מאַן דעם אפיקומן.

תרט) אַ יישטשיק איז אַ גנב.
רוסיש: Сищикъ — קרי... ...דער געהיים-אַגענט. מען זאָגט אַז ...רוב יישטשיקעס זענען געווע... ...גנבים.

תרי) אַ ליטוואַק איז אַ גנב.

תריא) אַ ליגנער איז אַ גנב.

תריב) אַ ליגנער איז אַ גנב און אַ גנב איז אַ ליגנער.

תריג) אַ מויז איז אַ גנב.

תריד) מ'טאָר אַ יודען ניסט חושד-זיין, ווייל ער איז געוויס אַ גנב.
(ש.ה.)

תרטו) אַ נאַשער איז אַ גנב.

תרטז) אַ סוחר איז אַ גנב.

תריז) אַלע סוחרים זענען גנבים, אָבער ניסט אַלע גנבים זענען סוחרים.

תריח) אַ פּאַפּעלע-פּאָי איז אַ גנב.
(גאַרשקעוו, לובל. גוב.)
פּאַפּעלע פּאָי — אַן'אויסגעפוצען שטיק האָלץ, מיט וועלכען מ'קלאַפּט אין די לעדען אַריין פאַר-טאָג און מען וועקט דערמיט אויף צו עבודת-הבורא.
ס'איז דאָ אַ קינדער ליעדעל:
פּאַפּעלע פּאָי,
געה אין שוהל אַריין
און זאָג אַזוי.
(שעברעשין, לובל. גוב).

תריט) פייער איז אַ גנב.
עס פערכאַפּט זיך אומגע-זעהן, שנעל, און אויגענבליק.
א.ב. 2907

תרכ) אַ פּרעסער (אָדער: אַ זולל וסובא) איז אַ גנב.
זעה 296

תרכא) ציגיינער זענען גנבים.

תרכב) אַ קאַין איז אַ גנב.

תרכג) קהל איז אַ גנב.
ביי קהל געשיעהט אָפט גנבות, ס'פעהלט צום חשבון.
קהל'ס אָרדנונגען שילדערט אין די „טאַקסע" מענדעלי מוכר ספרים, ש. פרוג אין די „לעצטע קאָפּיקע".

תרכד) אַ קורווע איז אַ גנב.
זעה תקצ"ח

תרכה) קורוש איז אַ גנב.
פּוילִיש: kurz — שטויב.

תרכו) אַ שוואַרצער איז אַ גנב.
זעה ש"י

תרכז) שכל איז אַ גנב.
ער קומט ניסט גלייך, נאָר ווייטיג, ער לאַפּט זיך אַריין.

תרכח) שלאָף איז אַ גנב.
ווען מ'דערקענט איינעם אָן די אויגען, אַז איהם שלעפּערט, זאָגט מען: „ער האָט שוין דעם גנב אין די אויגען". אין סאָכאַטשעוו זאָגט מען: דעם שליעפּע מאָשעק.
פּוילִיש: ślepo — בלינד.

תרכט) דאָס איז אַ באָלנע *.

תרל) דער פּאַסער * איז ערגער פאַר'ן גנב.

תרלא) דער פּאַסער * ריזיקירט מיין ° פאַר'ן גנב.
אַז מען געפינט ביי אַ פּאַסער * די גענגנב'עטע זאַכען, קריעגט ער אַ גרעסערע שטראָף, ווי דער גנב.

תרלב) ווען דער פּאַסער * וואָלט ניסט געפּאַסט *, וואָלט דער גנב ניסט גענגנב'עט.
ווייל ער וואָלט ניסט געהאַט וועמען אָבצושטעקען די גנבות.

תרלג) ווען ניסט דער פּאַסער *, וואָלט קיין גנב ניסט געוועזען.

תרלד) ער איז אַן'אַלטער באַלבאָיאוש *.

תרלה) עֶר אִיז אַנ'אַלטעֶר פּאַ־
סִיק־מאַכֿעֶר.
ד. ה. אַנ'אַלטעֶר פּאַסעֶר*.

תרלו) עֶר האַנדעֶלט מִיט באָל־
נעֶם *.

---

# קאָלעֶקציעֶ נומעֶר צוועֶלף.

פּעֶלקעֶר, לעֶנדעֶר, שטעֶדט און
שטעֶדטלעֶך 1).

---

תרלז) אִישבִּיצעֶר גנבים.
(לובל. גוב)
(שעֶברעֶשִין לובל. גוב.)

תרלח) אײַשִישאָקעֶר פּעֶרד־גנבים.
(ווילנעֶר גוב.)
(פּ. ל. 34)

תרלט) אײַשִישאָקעֶר קאָנִי־קראַ־
דצעֶם.
רוסִיש: конокрадъ — פּעֶרד־גנב.
(פּ. ל. 35)

תרמ) אָכֿאָטעֶר גנבים.
(וואָהלִין).
(פּ. ל. 40)

תרמא) אָלִיקעֶר גנבים.
(וואָהלִין)
(פּ. ל. 41)

תרמב) אמעֶרִיטשקעֶ גנב.
אזוי רופֿעֶן דאָס לאַנד פֿון
דִי פֿעֶראײיִנִיגטעֶ שטאַאטעֶן דִי פֿרִיש
אָנגעֶקומעֶנעֶ עֶמִיגראַנטעֶן, וואָס
ועֶנעֶן אִיבעֶרראַשט פֿון דעֶם נײַעֶם
לאַנד און פֿון זײַנעֶ מאָדנעֶ אָרדנונ־
געֶן און מנהגים.
(פּ. ל. 50)

תרמג) אָפּאָלעֶר האָבעֶר־גנבים.
(אָפּאָלעֶ, לובל. גוב.)

תרמד) אָרִינעֶר גנבים.
(נאָוו־אַלעֶקס., נעֶבעֶן קִיעֶוו).

תרמה) באָבראָיסקעֶר אַרעֶסטאַנ־
טעֶן.
(קאַמעֶנִין פּאָדאָלסק, מִינסק. גוב.)
(נ. פּ. 1066)

תרמו) באָגעֶלִיצעֶר גנבִים.
(באָגלעֶווִיצעֶ, וואַרש. גוב.)
(פּ. ל. 96)

תרמז) באָזשעֶצִינעֶר גנבים.
(באָזשעֶצִין, וואַרש. גוב. און א.)
(פּ. ל. 106)

תרמח) באַלטעֶמאַנצעֶר גנבים.
(ווִילנ. גוב.)
(נ. פּ. 1170)

תרמט) בורשטִינעֶר כֿאַיטשו־
לִיקעֶרם.
(גאַלִיציעֶן)
נאָכֿן' נאָמעֶן פֿון אַ גנבים־עֶלטסטעֶן.
(פּ. ל. 118)

תרנ) בִיעֶלִיצעֶר פּעֶרד־גנבים.
דאָרט אִיז אמאָל געֶווען אַ
בעֶרִיהמטעֶר גנב פּרץ, וואָס ווענעֶן
אִיהם דעֶרצעֶהלט מעֶן, אַז עֶר אִיז
דרײַ יאָהר אָבגעֶלעֶגעֶן אונטעֶר דעֶר
עֶרד צווִישעֶן דִי וואָרצלעֶן פֿון אַ
בוים, אויסבעֶהאַלטעֶנדִיג זִיך פֿאַר
פּאָלִיציי.
(פּ. ל. 147)

תרנא) אַ בעֶרדִיטשעֶווער גנב.
(נ. פּ. 1079)

תרנב) בעֶרדִיטשעֶווער גנבים.
אַז מ'פֿרעֶגט אַ בעֶרדִיטשעֶווער
יוד: „פֿון ווענעֶן זײַט אִיהר?“
זאָגט עֶר: אִיהר זײַט אַלײן אַ גנב“.
(אַלט־קאָנסטאַנטִין)

תרנג) בראַנטשִיקעֶר גנבים.
(לאָמז. גוב. אָסטר. א.)
(פּ. ל. 171)

תרנד) גאָווראָוועֶר גנבים.
לאָמז. גוב. אָסטר. א.)
(פּ. ל. 185)

תרנה) געֶרעֶר גנבים.
(גורא־קאַלוואַריאַ וואַר. ג.)
(פּ. ל. 207)

תרנו) געֶרעֶר קראַרנִיקעֶס.
קראַרנִיק—גנב (פֿון סלאַווִישעֶן).
(פּ. ל. 209)

תרנז) גראָכֿאָוועֶר גנבים.
(פֿאָרשטאָדט פֿון וואַרשא)
(פּ. ל. 221)

תרנח) דײַטש גנב.

תרנט) דעֶנעֶבורגעֶר גנבים.
(א. ד.)

תרס) דעֶרעֶטשִינעֶר קעֶשעֶנִיקעֶס.
(גראָדנ. גוב., קאָבר. א.)
(פּ. ל. 249)

תרסא) וואורקעֶר מתים־צִיהעֶר.
עֶס ווערט דעֶרצעֶהלט, אַז
אמאָל אִיז אִין וואורקעֶ געֶוועֶן אַ
גאַנצעֶ באַנדעֶ וואָס זײַער פּראָ־
פֿעֶסיעֶ אִיז געֶוועֶן אראָבצוצִיהעֶן
פֿון דִי מתים דִי תכריכים און זײ
צו פֿעֶרקויפֿעֶן. אײנמאָל אִיז צו
זײ צוגעֶשטאַנעֶן נאָך אײנעֶר און
עֶר האָט זִיך אויך אָנגעֶהויבעֶן צו
פֿעֶרנעֶהמעֶן מִיט דעֶם מסחר; עֶר אִיז
ארויסגעֶגאַנגעֶן בײַנאַכֿט אויפֿ'ן בית
עלמין און האָט געֶהאָלפֿעֶן אראָב־
צִיהעֶן דִי תכריכים פֿון דִי מתים,
אָבעֶר ווען עֶר אִיז אהײמגעֶגאַנגעֶן
האָט זִיך אִיהם אַלץ געֶדוכֿט, אַז
דִי טוידטעֶ שטעֶהעֶן אִיהם אנטקעֶ־
געֶן און וואו עֶר האָט זִיך געֶקעֶהרט
און געֶווענדט זעֶנעֶן זײ פֿון אִיהם
נִישט אָבגעֶטרעֶטעֶן, אִיז עֶר אוועֶק
צום רב און האָט אִיהם אַלץ אויס־
געֶזאָגט.

תרסב) וואָלִינאָוועֶר גנבים.
(ראַד. גוב.)
(פּ. ל. 266)

תרסג) וואָלִיעֶר גנבים.
(פֿאָרשטאָדט פֿון וואַרשא)

תרסד) וואָנוואָלִיצעֶר גנבים.
(לובל. גוב.)
(קראַסנאָסטאַוו, לובל. גוב.)

תרסה) וואַרשעֶווער גנבים.
(פּ. ל. 286)

תרסו) ווִידזעֶר פּעֶרד־גנבים.
(קאָוונ. גוב.)
(א. ד.)

תרסז) ווִיזשאַנעֶר פּעֶרד־גנבים.
(ווִיזנעֶ, מִינסק. גוב.)
(סלאָנִים)
(נ. פּ. 1102)

תרסח) ווִילנעֶר קעֶשעֶנִיקעֶס.
(נ. פּ. 1104)

תרסט) ווִיסקִיטעֶר גנבים.
(זשעֶלִיכֿאָוו)

תרע) ווִישנִיצעֶר גנבים.
(שעֶדל. גוב.)
(נ. פּ. 1105)

תרעא) וועֶנגראָוועֶר גנבים.
(שעֶדל. גוב. סאָק. א.)
(פּ. ל. 338)

תרעב) זאַרעֶמבעֶר גנבים.
(פּלאָצק. גוב.)
(ווִישקאָוו)
(פּ. ל. 361)

תרעג) זאַרעֶמבעֶר קִיסלורִים.
(ווִישקאָוו)

תרעד) זוואָלִינעֶר גנבים.
(ראָד. גוב.)
(פּ. ל. 364)

תרעה) זוואָלִינעֶר פּעֶרד־גנבים.
(פּ. ל. 365)

תרעו) זעֶווענִיצעֶר גנבים.
(פּיאָטרִיק. גוב. בושעֶו. א.)
(פּ. ל. 373)

תרעז) זעֶלווער גנבים.
(גראָדנ. גוב.)
(פּ. ל. 1115)

תרעח) זשעֶווִיצעֶר גנבים.
(ראָד. גוב.)
(פּ. ל. 385)

תרעט) זשעֶלעֶכֿאָוועֶר גנבים.
(שעֶדל. גוב. גאַרוו. א.)
(פּ. ל. 388)

תרפ) זעֶמבראָווער שײַקעֶס.
(לאָמז. גוב.)
אִין דִי 60־געֶר און 70־געֶר
יאָהרעֶן, דעֶרצעֶהלט מען, אִיז דאָר־
טעֶן געֶוועֶן זעֶהר גרויסעֶ שײַקעֶס
גנבים, וואָס האָבעֶן אָנגעֶוואָרפֿעֶן
אַ מורא אויף דִי ארומִיגעֶ אײַנ־
וואוינעֶר מִיט זײעֶרעֶ אָפֿטעֶ גנבות
און אָנפֿאַלעֶן. אײנמאָל אִיז פֿאָרגעֶ־
קומעֶן אַ פּראָצעֶס אִיבעֶר אזאַ שײַקעֶ
און דעֶר דעֶמאָלטִיגעֶר אויספֿאָר־
שונגס־רִיכֿטעֶר טומִינסקִי האָט געֶ־
זאָגט, אַז עֶר מוז זײ אויסרויטעֶן
און עֶר האָט זײ טאַקִי אויף אַ צײַט
פֿעֶריאָגט.

תרפא) טאָמאַשאָוועֶר גרעֶנעֶץ־
גנבים.
(לובל. גוב.)
(פּ. ל. 397)

תרפב) טאַרטשִינעֶר גנבים.
(וואַרש. גוב., גרִיצ. א.)
(פּ. ל. 408)

תרפג) טִישעֶווִיצעֶר גנבים.
(לובל. גוב., טאָמאַש. א.)
(פּ. ל. 418)

1) אַ סך שטעֶדטלעֶך האָבעֶן
אַ סבה, פֿאַרוואָס מען רופֿט זײ אזוי,
און ס'רוב געֶהעֶן ארום פֿעֶרשִידעֶנעֶ
ווערטלעֶך, אנעֶקדאָטעֶן, מעשה'לעֶך
וועֶגעֶן דעֶם. דִי יעֶנִיגעֶ וואָס ווײ־
סעֶן עֶפּעֶס דעֶרפֿון, ווערעֶן דעֶרום
העֶפֿלִיכֿסט געֶבעֶטעֶן אונז צוצו־
שִיקעֶן זײעֶרעֶ מִיטטײלונגעֶן אויפֿ'ן
נאָמעֶן פֿון פֿעֶרלאַג.
דִי רעֶד.

תרפד) טשעכענאווער גנבים.
(פלאָצק. גוב.)
(פ. ל. 437)

תרפה) טשעכעווער גנבים
(לובל. גוב.)
(לובלין)

תרפו) יאנישקער גנבים.
(קאָוונ. גוב.)
(נ. פ. 1124)

תרפז) יאסטשאָמבער גנבים.
(ראָד. גוב. און א.)
(פ. ל. 462)

תרפח) יאסטשאָמבער פערדלעך־פיהרערם.
ד. ה. פערד־גנבים
(פ. ל. 463)

תרפט) יאבלאָנאָווער גנבים.
(פאָלטאוו. גוב.)
(פאָלטאַווא)

תרצ) יונעווער ארעסטאנטען.
(לובל. גוב.)
קרימענאל־פערברעכער, פון דער גאנצער גובערניע ווערען געשיקט אין דער דאָרטיגער פעסטונג.
(פ. ל. 459)

תרצא) יונעווער גנבים.

תרצב) יעקע גנב.

תרצג) יעקע גנב מיט'ן טאָפ קאַווע.

תרצד) לאָטאָמאָווער גנבים.
(וואַרש. גוב.)
(פ. ל. 479)

תרצה) לאָדזער גנבים.
(פאַביאניץ)

תרצו) לאָדזער גנבים זענען געפאָהרען גאסטראָלירען קיין לוּוויטש.
(לאָדז.)
דערמיט מיינט מען צו זאָגען, אז זיי זענען גרויסע גנבים, ווייל לוּוויטש האָט זיך קונה־שם געווען אין גאנץ פוילען מיט איהרע גנבים.

תרצז) לאשטשאָווער גנבים.
(פ. ל. 521)

תרצח) לובלינער גנבים.
(פ. ל. 527)

תרצט) לוּוויטשער גנבים.
(פ. ל. 533)

תש) א לוּוויטשער האַנד.
ד. ה. א לאנגע האנד — א גנב.
(פ. ל. 535)

תשא) לוּוויטשער לאַנגע הענד.
ה' ק. וו. וואָיציצקי בעמערקט, אז וועגען דעם וואָס האָט לאנגע פינגער, זאָגט מען: ער האָט הענד גלייך ער וואָלט געווען אין לוּוויטש. — ס'איז בעוואוסט אז דאָרט גנב'עט מען פיעל אויף די ירידים.
(פ. ל. 536)

תשב) לוּוויטשער פערד־גנבים.
אין דער „פראָפעסיע" זענען דאָרט פערהאַן א סך בערימהטהייטען.

תשג) לוקעווער גנבים.
(שעדל. גוב.)

תשד) לוקעווער פערד־גנבים.
(פ. ל. 560)

תשה) לעווערטאָווער זשולטאַקעס.
(שעדל. גוב.)
ד. ה. פערד־גנבים.
(סאָקאָלאָוו)

תשו) לענטשנער באַנדיטען.
(לובל. גוב.)
(קראַסנאָסטאַוו, לובל. גוב.)

תשז) לענטשנער גנבים.
(לובל. גוב.)
(פ. ל. 565)

תשח) — רב קרוב, זענט איהר נישט פון לענטשנע, — איהר זענט אליין א גנב".
(פ. ל. 564)

תשט) מאָגעלניצער גנבים.
(מאָגעלניצע, וואַרש. גוב.)
(פ. ל. 568)

תשי) מילאָסנער גנבים.
(נעבען וואַרשא)
(פ. ל. 590)

תשיא) נאָוואָמינסקער גנבים.
(פ. ל. 623)

תשיב) נאָוואָמינסקער פאָביטניקעס.
זעה נ"ג.

תשיג) נאָווידוואָרער גנבים.
(וואַרש. גוב. און א.)
(ל. פ. 616)

תשיד) נאַשעלצקער באַהן־באַפערס.
ד. ה. גנבים. (פלאָצק)
ווען די באהן שטעלט זיך, הויבען אָן די דאָרטיגע פוהרמאַנעס צו כאַפען ביי די פאַסאַזשירען די פעקלעך און א סך מאָל טרעפט זיך אז מ'ווייס נישט וואו די פעקלעך קומען אַהין.

תשטו) נייִשטעדטיגע גנבים.
(נעבען גריצע, וואַרש. גוב.)
(פ. ל. 631)

תשטז) סאַבינער גנבים.
(שעדל. גוב.)
(פ. ל. 645)

תשיז) סאָקאָלאָווער גנבים
(טאַרנעגראָד, לובל. גוב.)

תשיח) סאָקאָלאָווער סיבירניקעס.
(נראָדנ. גוב.)
(פ. ל. 658)

תשיט) סאָקאָלקער סיבירניקעס.

תשכ) סילצער גנבים.
(לובל. גוב.)

תשכא) סליפּיער גנבים.
(וואַרש. גוב.)
(פ. ל. 677)

תשכב) אין סקווירע איז איטליכער א חסיד, אין יאַרמעליניץ, איז איטליכער א גנב.
סקווירע און יארמעליניץ זענען צוויי שטעדטלעך אין רוסלאַנד.
א.ב. 2643

תשכג) עשו גנב.

תשכד) פוילישע גנבים.
אזוי רופען די רוסישע יודען וויערע פוילישע ברידער.

תשכה) פיוסקער גנבים.
(לובל. גוב.)
ווען קיין פיוסק קומט א פרעמדער „נעהמט מען איהם אָן ביי ביידע פאָלעס", ד. ה. מען בעזוכט איהם, ער ווערט בעגנב'עט.
(פ. ל. 715)

תשכו) אין פיוסק לייענט מען נישט קיין קריאת־שמע.
(פ. ל. 714)
כמעט דאָס גאנצע שטעטעל, זאָגט מען, בעשעפטיגט זיך מיט גנבה, זענען זיי בייגאַכט אויף און זענען עוסק אין זייער פראָפעסיע.

תשכז) פיטרעניצער גנבים.
(וואָהלין)
(נ. פ. 1159)

תשכח) פילעווער גנבים.
(לובל. גוב.).
(קאָרעוו, לובל. גוב.)

תשכט) פילצער גנבים.
(וואָהלין)
(נ. פ. 1160)

תשל) פלונגיאַנער גנבים.
(קאָוונ. גוב.)
(נ. פ. 1165)

תשלא) פראַגער פערד־גנבים.
(פאָרשטאָדט פון ווארשא)
(פ. ל. 745)

תשלב) פראָווענצער ° גנבים.
אזוי רופען די ווארשעווער די איינוואוינער פון די ארומיגע שטעדטלעך.
(פ. ל. 746)

תשלג) פשיטיקאָווער גנבים.
(ראָד. גוב. און א.)
(פ. ל. 755)

תשלד) פשעמישליאַנער גנבים.
(גאליציען)
אין אָט דער שטאָדט האָט זיך א מאָל אויפגעהאַלטען א בעריהמטע חברה גנבים; דער ראש זייערער, לייבצע גנב, איז געוואָרען א העלד פון א גרויסען ציקל פאָלקס־זאגען.
(פ. ל. 770)

תשלה) פאָניע גנב.

תשלו) צויזמער גנבים.
צויזמער רופט מען אין יודיש די שטאָדט סאנדאָמיר (ראָד. גוב.) — אויף דער ווייסעל ביי דער עסטרייכישער גרענעץ, דאָרט איז פערהאַן א גאנצע מתנה פעקעל־כאַפערס.
(פ. ל. 774)

תשלז) קאָברינער קאָניוואָרעס.
(פרוזשאַן, גראָדנ. גוב.)
זעה, פערד־גנבים.

תשלח) קאַזאָנאָווער גנבים.
(ראָד. גוב.)
(פ. ל. 785)

תנלט) קאָושעניצער גנבים.
(ראָד. גוב.)
(פ. ל. 789)

תמ) קאַלושינער גנבים.
(וואַרש. גוב.)
(פ. ל. 800)

תמא) קאַלושינער פּעלצען־גנבים.
(פ. ל. 801)

תמב) קאַמאיער גנבים.
(קאָוונ. גוב.)
(פ. ל. 1057)

תמג) קאָנסטאַנטינער גנבים.
(ביאַלע, שעדל. גוב.)
ווען ס'קומט דאָרט פאָר א התונה און מען געהט מיט פלאַקערס אין די העגד, בעגיסען די גנבים מיט א כיון די פלאַקערס מיט וואַסער, כדי צו קאָנען בעגנב'ענען דעם עולם.

תמד) קאָנסקיוואָלער הינער־גנבים.
(לובל. גוב.)
(נאָוואַ־אַלעקסאַנדער)

תמה) קורטשעווער גנבים.
(ביי אָטוואָצק, וואַרש. גוב.)
(פ. ל. 864)

תמו) קלעצקער גנבים.
(לעכעוויטש, מינסק. גוב.)
מען דערצעהלט, אז די לעכעוויטשער האָבען א מאָל געטריעבען בערען (מ'רופט זיי דאָרט בערען־טרייבער), וועגען זיי געקומען הינטער די מירער (מינסק. גוב.) בערג, האָט מען זיי געגעבען א קאַפּוליער אנצוהערעניש, אז זיי זאָלען זיך אָברוהען: האָבען זיי זיך אויסגעטהון די קאַפּאָטעס און זיך אָבגערוהט. וועגען די קלעצקער געקומען און זיי צוגעגנב'עט די קאַפּאָטעס.

תמז) קרושניקער גנבים.
(לוב. גוב.)
(שעברעשין, לובל. גוב.)

תמח) קרינקער גנבים.
(גראָדנ. גוב.)
(פ. ל. 902)

תמט) קרישניטשער גנבים.
(נעבען איזשביצע, לובל. גוב.)
(איזשביצע)

תנ) ראַדאָמישלער גנבים.
(קיעוו גוב.)
דאָרט זענען א מאָל געווען שייקעס גנבים, וואָס האָבען געפלעגט צו בעגנב'ענען און אַנפאַלען אויף די פריצים פון דער אַרומיגער געגענד און יעדער האָט פאַר זיי געציטערט — האָט דער דאַמאָלדיגער גענעראַל־גובערנאַטאָר טערענטיין ארויסגעגעבען א בעפעהל, אז די שטאָדט ראַדאָמישל זאָל ווערען פערברענט פאַר א שטאָדט פון גנבים. מיט א צייט שפּעטער האָבען איהם די שייקעס געהרג'עט, און ווי מען דערצעהלט, אויף אזא אופן: מ'האָט איהם טובל געווען אין א בית־הכסא און דערנאָך אַניידער געלעגט נעבען זיין פּאַלאַץ.
(ראַדאָמישל)

תנא) ראַדאָמער גנבים.
(פ. ל. 914)

תנב) ריידיקער גנבים.
(ראַדאָקי, קיעלצ. גוב.)
(פ. ל. 959)

תנג) רייוויצער גנבים.
(כעלם. )
עס ווערט דערצעהלט, אז די דורכרייזענדער אויף דער באַהן האָבען זיך ביי־קיין שום סטאַציע נישט געדערפט אזוי היטען ווי דאָרט.
(וואָנסלאָוויץ, כעלם. )

תנד) רייפאָלער גנבים.
אזוי זאָגט מען אין דווינסק.
(א. ד.)

תנה) שירלאָוצער גנבים.
(ראָד. גוב.)
(ראַדאָם)

תנו) שערלעצער גנבים.
(פ. ל. 994)

תנז) שעפסער גנבים.
(פּאַביאַניץ)

תנח) שעפּעטקאָווער גנבים.
(וואָהלין)
(נ. פ. 1193)

---

## קאָלעקציע נומער דריי צעהן.

פראַגען, קינדער־פערזען, גראַמען א. אנד.

---

(1

— וואָס איז דער הילוק פון א גנב ביז א רבי'ן?

— א גנב גנב'עט מיט די הענד און א רבי — מיט'ן מויל.

(2

— וואָס איז דער חילוק פון א שכור ביז א גנב?

— א שכור לעריגט אויס דאָס פלעשעל און א גנב לעריגט אויס די קעשענעס.

(3

— וואָס פאַר א שבת שטעהט אָנגעשריבען אַף° א מצבה פון א גנב?

— בחכמה פותח שערים.

(4

— וועלכען גנב טשעפּעט מען נישט?

— דעם וואָס גנב'עט דעם אפיקומן.

(5

— ווער איז געווען דער ערשטער גנב?

— רחל, זי האָט אוועקגעגנב'עט ביי לבנ'ען די בילדער.

(6

— ווער איז קלוגער א גנב צי א דאָקטאָר?

— א גנב, ווייל אלעמאָל ווייסט ער וואָס יענעם פעהלט.

(7

— פאַר וואָס איז א גנב אַן אייביגער אָרימאַן?

— ווייל ער גנב'עט אייער. (וואָרום פאַר איין איי האָט ער זיעבען יאָהר דעם דלות).

(8

העי, האָ!
לפיכך אנחנו חיבים להודות לך.
צוויי גנבים שטעהען דאָ,
איידער כ'קוק מיך ארום, זענען זיי שוין נישטאָ 1).

זיי האָבען געטראַכט,
זיי האָבען געטאַפט
און צוגענומען אלץ
און א גוטע נאַכט.

מ'האָט זיי
גאַכגעיאָגט
און מ'האָט זיי נישט נעכאַפּט,
און ס'איז א גוטען טאָג.

(9

לפיכך אנחנו חיבים —
ס'קומען אריין צוויי גנבים
להודות לך.
איידער כקוק מיך אום — זענען זיי שוין נישטאָ.

וחוא רחום יכפר עון,
מ'האָט געכאַפט צוויי גנבים,
איינעם האָט מען אויפגעהאָנגען,
דעם צווייטען — באַגראָבען°.
(איטשע דוד קוראַנט,
דושעוויצע ראָד. גוב.)

(10

אָריטע
בחורים,
גנבים,
דלפנים;
האַך, (אַך)
וואָס
זענט איהר?
חורים,
טרפה'ניאַקעס,
יאָ,
כלומר'שט
לערנען
מהרש"א,
נאָר
ס'איז
עמענס (אמת):
פּאַפּיראָסען,
ציגאַרען,
קענט איהר
רייכערן,
שיינע•
תלמידים!
(אברהם ראָטענבערג,
ביאַלע, שעדל. גוב.)

(11

אלף — אברהמ'עלע,
בית — בערעלע,
גימל — געגנב'עט,
דלת — ביי דור'ן,
הא — העקעלעך,
וואוו — וואַסערע,
זין — זילבערנע,
חית — חאַפּט מען איהם,
טית — טאַפּט מען איהם,
כף — כלאַפּט מען איהם,

---

1) די דריי לעצטע שורות זענען ביי די יודישע קינדער אין פּוילען זעהר פערשפּרייט און בשעת זיי שפּיעלען זיך אין „באַרג" אָדער עהנליכע שפּיעלען צעהלען זיי זיך דערמיט.

למד — לעגט מען איהם,
מם — ממית'ט מען איהם,
נון — נעהמט מען איהם,
צדיק — צוימט מען איהם,
ריש — רײַסט מען איהם,
שין — שמײַסט מען איהם,
תיו — גלײַך אין תחת ארײַן.
(ישראל ווײַסמאַן,
קאָראָסטישעוו, קיעוו. גוב.)

(12

איטשע,
פיטשע,
נאָרעל טעשעל;
געה צום גלח און גנב'ע (אָדער:
כאַפּ) א פלעשעל.

איטשע,
פיטשע,
נאָרעל טאַש;
געה צום גלח און גנב'ע (אָדער:
כאַפּ א פלאַש,
(א. ווײַנריב, שעברעשין, לוב. גוב.)

(13

אלטער,
שפאַלטער,
נאָרעל פרעסער;
געה אין געוועלב ארײַן און גנב'ע
א מעסער.

שנײַדר אָב
א שטיקעל ברויט,
דאָז אלע שונאים (אָדער: גוים)
זײַן צום טוידט.
(קאָדושין)

(14

יאנקעלע שטעהט
מיט א גראָבען באָך (בויך),
מ'גיעט קלוסקעלעך —
וויל ער נאָך.

אברהם שטעהט
און רײַסט ס'גערגעלע,
ר'געהט אין גאַס ארײַן
און גנב'עט א מענעלע.

(15

לעג די לעבער, הויקער גנב!
צוקערלעך איז' בעסער.
לעג די לעבער, הויקער גנב!
ראָזשינקעס איז' בעסער.
לעג די לעבער, הויקער גנב!
מאנדלען איז' בעסער.
(משה סופּיט, ווארשא)

(16

ער געהט און ער געהט
און ער געהט כסדר —
ער טראָגט א דיווזקע [1]
און א קרענק א ווײַנער.

אָרענטליך • און אָרענטליך,
אָרענטליך און פײַן —
א דײַטשעל, א דײַטשעל
מוז מען זײַן.

ער געהט א פאָר קאַמאַשען
מיט ברייטע שפּיצען,
מ'לאַפּט איהם באַר • א קעשענע —
געהט ער זיצען.

אָרענטליך • א. אַ. וו.

ער זיצט אָף • דער שטוהל
און רייבערט • א ליולקע,
ער געהט אָף • א חתונה
און גנב'עט א בולקע.

אָרענטליך • און אָרענטליך,
אָרענטליך און פײַן, —
א דײַטשעל, א דײַטשעל
מוז מען זײַן.
(ווארשא)

(17

אוי, געוואלד א גנב!
מ'האָט דאָך מיך באַגנב'עט •:
פון שיסעל און פון טעלער,
פון וואלץ
און פון שמאלץ.

אוי, געוואלד א גנב!
מ'האָט דאָך מיך באַגנב'עט:
די פאַן פון די פיש,
דעם לאָטש פון דעם טיש.

אוי, געוואלד א גנב!
מ'האָט דאָך מיך באַגנב'עט:
וועקס העמדער ווי די בעלער,
צוויי געהאקטע, דרײַ מיט לעבער.
(שמואל שנײַערסאָן, קיעוו. ג.)

---

[1] א קײַטעל צו א ווײַגער.

---

## קאָלעקציע נומער פיערצעהן.

אנעקדאָטען, שפּיצלעך א. אנד.

---

(1

א ציגײַנער, • א גנב האָט מען אמאָל געכאַפּט און מ'האָט איהם שטאַרק געשלאָגען. האָט ער געשריען: וואָס איהר ווילט, זאָלט איהר מיר טהון „שלאָגט מיך, שטעכט מיך, הענגט מיך, שיסט מיך, נאָר איבער'ן פאַרקען וואַרפט • מיך ניט.

האָט מען געמיינט מי־יודע וואָס ער האָט אזוי מורא פאַר'ן פאַרקען, האָט מען גענומען און מ'האָט איהם אריבערגעוואָרפען איבער'ן פאַרקען — האָט ער זיך טאַקי באלד אויפגעהויבען און איז אנטלאָפען.

(2

מ'האָט א גנב געכאַפּט, ווען ער האָט געריטען אויף א געגנב'עט פערד, פרעגט מען איהם: „ווי קומסטו צו דעם פערד?" ענטפערט ער, ער האָט עס גאָרנישט גענומען; ער האָט אריבערגעשפּרינגט איבער א ראָוו •, איז אין ראָוו ארומגעגאַנגען א פערד, איז עס איהם ארײַן צווישען די פיס און אזוי לויפט עס מיט איהם.

(3

מ'האָט א גנב אמאָל געכאַפּט בײַ א גנבה, האָט מען איהם זעהר געשלאָגען און מ'האָט צו איהם געזאָגט: וואָרום מ'וועט דיך שוין אויסלערנען זײַן א גנב. האָט ער געענטפערט: דאָס וויל איך טאַקי, ווײַל איך בין נאָך ניט קײַן גוטער גנב, וואָרום אניט • וואָלט איהר דאָך מיך ניט געכאַפּט.

(4

א גנב האָט זיך אין מיטען דער נאַכט ארײַנגעגנב'עט אין א שטוב ארײַן. דערווײַל האָט זיך עמיצער פון שטוב אויפגעכאַפּט און געפרעגט: „ווער איז דאָס?" ענטפערט דער גנב: „קײַנער ניט".

(5

מ'האָט אמאָל א גנב געפרעגט: „פאַר וואָס גנב'עסט דו?" — האָט ער געענטפערט: מה־דאָך צו מײַן קעשענע, וואָס יענער טאָר ניט ארײַנשטעקען די האַנד, מעג איך זי יאָ ארײַנשטעקען, מכל־שכן צו יענעמס קעשענע, וואו י ע נ ע ר מעג זי ארײַנשטעקען, מעג איך דאָך אודאי.

(6

מ'האָט אמאָל צו איינעם געזאָגט: ווי אזוי האָסטו ניט קײַן חרפה צו געהן ארויסגנב'ענען פון בית־המדרש־פושקע א האלבען רובל, ווען מען לײַענט די עשרת־הדברות. האָט ער זיך געשוואוירען: „כ'זאָל אזוי לעבען, ווי ס'איז מעהר ניט געווען!"

(7

מ'האָט אמאָל א גנב געפרעגט: מ'שלאָגט דיך אזוי פיעל, צו וואָס לוינט עס דיר? האָט ער געענטפערט: ווען מ'זאָלט ניט געווען שלאָגען, וואָלט דאָך דאָס געשעפט ניט גוט געווען, ווײַל יעדער זאָלט • זיך גענומען דערצו.

(8

מ'האָט אמאָל א גנב בעוולט, האָט ער געזאָגט: „אלע קעשענעס נאָט איך, נאָר איין קעשענע לאָזט • איבער פאַר מיר".
(לויוויטש)

(9

ס'האָט אַ גנב געפֿרעגט: יום כּפּור, ווען אַלע בעטן זיך, זאָלן זיי געהאָלפֿן ווערן, זיי זאָלן האָבן פּרנסה, וואָס בעטסטו? — האָט ער געענטפֿערט: אַזוי ווי אום יום-כּפּור ווערט דאָך אָנגעחתמ'ט ווען מ'זאָל בעגנב'ענען, בעט איך, אַז די אַלע גנבות, וואָס ווערן אָנגעחתמ'עט, זאָלן אַרײַנפֿאַלן צו מיר אין דער האַנט אַרײַן.

(10

ס'איז אַמאָל אײנער געקומען צו פּאָליציי און האָט געזאָגט, אַז ער האָט געגנב'עט אַ פּאָר לייצעס.

— מער האָסטו גאָרנישט גענומען? — האָט מען איהם געפֿרעגט.

— נאָך די לייצעס האָבן זיך נאָכגעשלעפּט אַ פּאָר פֿערד — האָט ער געענטפֿערט.

פֿרעגט מען איהם: „און ווייטער האָסטו גאָרנישט געגנב'עט?“

— נאָך די פֿערד — זאָגט ער — האָט זיך נאָכגעשלעפּט אַ וואָגען.

— און דאָס איז שוין אַלץ, וואָס דו האָסט געגנב'עט? — פֿרעגט מען איהם אויס.

— אויף דעם וואָגען איז געזעסן אַ מענש.

— וואו איז דער מענש? — פֿרעגט מען איהם.

— כ'האָב איהם געהרג'עט, — האָט ער געענטפֿערט.

(11

אַ פֿרוי איז געגאַנגען אויף דער גאַס און בשעת'ן גיהן פֿון קעשענע אַרויסגעלאָזט אַ בײַטעלע מיט געלד. הינטער איהר איז פּונקט געגאַנגען אַ ייִד, האָט ער דאָס בײַטעלע אויפֿגעהויבן און האָט עס איהר אָפּגעגעבן. נאָכדעם איז ער איהר ווייטער נאָכגעגאַנגען און האָט איהר דאָס בײַטעלע אַרויסגעגנב'עט. האָבן מענשן, וואָס האָבן דאָס געזעהן, איהם געפֿרעגט: וואָס האָסטו איהר דאָס בײַטעלע צוערשט, ווען זי האָט עס פֿערלוירען, אָפּגעגעבן און דערנאָך בײַ איהר עס צוריק אַרויסגעגנב'עט?

האָט ער געענטפֿערט: „השבת-אבידה איז אַ מצוה און אַז ס'מאַכט זיך מיר צו טהון אַ מצוה, טהו איך, אָבער גנב'ענען דאָס איז דאָך מײַן פּרנסה.

(12

אין אַ שטעטעל איז געשטאָרבען אַ רב, אַ שוחט און אַ גנב.

געוועהנליך האָט מען צוערשט געטהון זײַן רעכט דעם רב. ווי ער איז אַרויפֿגעקומען פֿאַר'ן בית-דין של מעלה, האָט מען איהם געפֿרעגט: „ווער ביסטו?“ זאָגט ער: „איך בין אַ רב“. אינדעם זענען אָנגעקומען ווײַבער מיט געוואַלדען און געשרייען און האָבן אויף איהם מקטרג געווען. אײנער האָט ער געהאַט טרפה-געמאַכט אַ יויך, אײנער דאָס געפֿעס. ווי דאָס בית-דין של-מעלה האָט געהערט אַזעלכעס, האָט מען איהם אַרײַנגעלעגט (!) אין גיהנם אַרײַן.

דערנאָך ווען מ'האָט געטהון דעם שוחט זײַן רעכט און ער איז אַרויפֿגעקומען פֿאַר'ן בית-דין של-מעלה, האָט מען איהם געפֿרעגט: ווער ביסטו? האָט ער געזאָגט: אַ שוחט. דערווײַל זענען אָנגעקומען צו לויפֿען ווײַבער מיט אַ ליאַרעם און אַ געשריי: די האָט ער נעהאַט טרפה-געמאַכט אַ הוהן, די — אַ קאַטשקע; אַזוי ווי דאָס בית-דין של-מעלה האָט דאָס געהערט, האָט מען איהם אויך אַרײַנגעלייגט אין גיהנם אַרײַן.

ווען מ'האָט מקבר געווען דעם גנב און ער איז אַרויפֿגעקומען פֿאַר'ן בית-דין של-מעלה, האָט מען איהם געפֿרעגט: ווער ביסטו פֿאַר אײנער? האָט ער געזאָגט: „איך בין גאָטס שליח“.

— ווי אַזוי ביסטו גאָטס שליח? האָט מען איהם געפֿרעגט.

האָט ער געענטפֿערט: אַז גאָט הייסט מ'זאָל אײנעם בעגנב'ענען, געה איך און דערפֿיל זײַן שליחות. — נו, אויב אַזוי — האָט מען איהם אַרײַנגעלעגט (!) אין גן-עדן אַרײַן.

(13

ס'קומט נעילה בעט דער רב: רבונו-של-עולם, אַזוי ווי דו האָסט שוין אָנגעשריבען ווער ס'זאָל האָבען דין-תורות, ווער ס'זאָל זיך גט'ען, ווער ס'זאָל געבען חליצה, בעט איך דיך רבונו-של-עולם, שיק זיי צו מיר. דער גנב בעט: רבונו-של-עולם, אַזוי ווי ס'איז שוין אָנגעשריבען ווער ס'זאָל ווערען בעגנב'עט, זעה אַז די אַלע גנבות זאָלען געהן דורך מײַן האַנד.

זעה נומער 9.

(14

אַ גרויסער גנב האָט אַמאָל געוואָרפֿען אַנ'אויג אויף אַ קוה פֿון אַ פּויער. איז ער אַוועק צום פּויער פֿאַרנאַכט-צו און האָט בײַ איהם געבעטען, ער זאָל איהם לאָזען איבערנעכטיגען. דער פּויער האָט אײַנגעווילינגט. איז ער אַוועק אין שטאַל אַרײַן און האָט אַרויסגעגנב'עט די קוה און זי אַוועקגעפֿיהרט אין וואַלד אַרײַן, ווײַט אַוועק, און זי דאָרט אָנגעבונדען בײַ אַ בוים, און ער איז צוריקגעקומען און זיך געלעגט שלאָפֿען.

ווי דער פּויער האָט געזעהען, אַז די שטאַל איז אָפֿען און די קוה איז נישטאָ, האָט ער זי אָנגעהויבען זוכען, נאָר ער האָט זי נישט געפֿונען. אויף דעם גנב איז איהם נישט געפֿאַלען קײַן חשד, ווײַל ער האָט דאָך איהם געזעהען שלאָפֿען געשמאַק, האָט ער איהם אויפֿגעוועקט און איהם דערצעהלט פֿון דער גנבה. דער גנב האָט איהם שטאַרק בעדויערט.

אין דערפֿריה איז ער אַוועק און איז אַהין אין וואַלד אַרײַן צו דער קוה און ער האָט זי אָפּגעבונדען און איז מיט איהר אַוועק אין אַ דאָרף אַרײַן און ער האָט זי פֿערקויפֿט צו אַ פּויער, און ווי ער איז אַוועק פֿון דאָרט, האָט ער מיטגעגנב'עט אַ פֿערד און איז דערויף אָפּגעריטען צום ערשטען פּויער און האָט איהם דערצעהלט, אַז זײַן קוה האָט ער געזעהען שטעהען בײַ אַ פּויער אין דעם און דעם דאָרף, און אין אײַנוועגס האָט ער איהם אָנגעשלאָגען צו קויפֿען בײַ איהם דאָס פֿערד. דער פּויער האָט עס בײַ איהם געקויפֿט און דער גנב איז אַוועק.

דער פּויער האָט גענומען דאָס פֿערד און ר'האָט זיך דערויף אויפֿגעזעצט און איז אַהין אין דעם דאָרף אַרײַן.

ווי ער איז אַהינגעקומען צו דעם פּויער, האָט ער טאַקי דערקענט זײַן קוה, אָבער יענער האָט בײַ איהם דערקענט דאָס פֿערד, וואָס מען האָט בײַ יענעם געגנב'עט.

(15

אַ ציגײַנער איז אַרײַנגעקומען צו אַ פּויער אין מאַסלינע[1] צײַט. איז דער פּויער מיט זײַנע צוויי זיהן געזעסען און געגעסען קרעפּלעך. האָט זיך דער ציגײַנער צו זיי אָנגערופֿען: ווען איך זאָל אויפֿעסען אײן קרעפּעל, וואָלט איך געשטאָרבען. האָט זיך דער גוי אָנגערופֿען צו די זיהן: אַ נו, האַלטס איהם נאָר צו, וועל איך איהם אַרײַנוואַרפֿען אַ קרעפּעל אין מויל אַרײַן און לאָמיר זעהען צי ער וועט שטאַרבען.

זענען די צוויי זיהן צוגעגאַנגען צום ציגײַנער און האָבען איהם אָנגענומען בײַ בײדע הענד און איהם פֿעסט צוגעהאַלטען און דער פּויער איז איהם געגאַנגען אַרײַנוואַרפֿען אַ קרעפּעל. רופֿט זיך אָן דער ציגײַנער: לאָז בעסער אײנער האַלטען און צוויי זאָלען וואַרפֿען.

(שמואל שנײַעראָוו, נאָוואָטשערקאַסק, קיעוו. גוב.)

(16

אַ ציגײַנער איז דאָך אַ גנב, נאָר אַ ייִד לאָזט זיך אויך נישט גענאַרען.

פֿערצעהלט מען אָף דעם: אַמאָל האָט אַ ציגײַנער פֿערקויפֿט אַ פֿערד צו אַ ייִד פֿאַר פֿופֿציג רובל. געהט מען צו צום ציגײַנער און מ'זאָגט איהם: וואָס האָסטו געטהון, דו האָסט פֿאַר אַזאַ בילינגען פּרײַז פֿערקויפֿט אַזאַ גוט פֿערד? האָט ער געענטפֿערט: דאָס פֿערד לאָזט אַ בּיסעל. געהט מען צו צום ייִד און מ'זאָגט צו איהם: דו האָסט בעצאָהלט פֿאַר'ן פֿערד

---

1) Масленица

פֿופֿציג רובל, עס לאָמט דאָך, האָט [illegible] יענטפֿערט: ס'שאַרט נישט; דאָס, וואָס עס לאָמט, איז ווי[illegible]טען אַ טשוואָק, אַז מ'וועט דעם טשוואָק אַרויסנעמ[illegible] לאָמען.

געהט [illegible] איהם: דאָס פֿערד איז דאָך אַ [illegible] אונטען אַ טשוואָק, אַז [illegible] עס שוין געהן גוט. האָט דער [illegible]אָסט טאַקי און דעם טשוואָק האָב איך [illegible]רי מ'זאָל מיינען אַז צוליעב דעם לאָמט עס.

[illegible] צו צום יוד און מ'זאָגט איהם: וואָס האָסטו געקויפֿט? [illegible]ק האָט דאָך דער ציגיינער אומישנע אַריינגעקלאַפּט, כדי מ'זאָל [illegible]ען אַז צוליעב דערין לאָמט עס. ער האָט אָבגענאַרט. זאָגט דער יוד ווי אַזוי האָט ער מיך געקאָנט אָבנאַרען, אַז איך האָב איהם געגעבען צוויי פֿאַלשע פֿינף-און-צוואַנציגער.

(17

אַ גנב איז אַ מאָל געזעסען אַ צייט אין תפיסה, האָט ער אַ־מאָל פֿון זיין קישעלע געפֿלעגט אַרויסגנב'ענען אַ ביסעל שטרוי, כדי ער זאָל דאָס פֿאַך נישט פֿערגעסען.

(18

אין הימעל האָט מען גענומען שמייסען אַ גנב, האָט ער געזאָגט: עה, דאָס איז גאָרנישט, יאָך האָב געשפּיעלט אין „פּעטשעלעך" [1], האָב איך געגעבען בעסערע.

(19

צוויי גנבים זענען געווען אויף אַ קאָנצערט, וואו ס'האָט געשפּיעלט אַ פֿידעל־שפּיעלער. האָט איין גנב געזאָגט צום צווייטען: אַז ער האָט אַזעלכע לייכטע פֿינגער, פֿאַר וואָס אַרבעט ער נישט ביי אונז אין פֿאַך?

(20

אַ גנב איז אַ מאָל געזעסען עטליכע יאָהר אין תפיסה, ווען ער איז אַרויסגעגאַנגען אויף דער פֿריי און איז אַ היימגעקומען, האָט שוין דאָס ווייב נישט געלעבט, נאָר ער האָט געטראָפֿען אַ קליין וויגענדיג קינד. האָט ער זיך געזעצט שבעה און האָט געזאָגט: איך בין דאָך שוין געזעסען נישט איין מאָל, נאָר אַזוי אומשולדיג ווי אַצונד בין איך נאָך קיינמאָל נישט געזעסען.

(21

אַ גנב האָט אַ מאָל געזאָגט: ביי מיר איז דריי יאָהר זיצען נאָר פֿון די קליינע זאַכען: אַ זומער און אַ ווינטער, אַ ווינטער און אַ זומער און אַזוי אַ נאָך ° געהט אַוועק די צייט.

(22

מ'האָט אַ גנב געכאַפּט ביי דער האַנד, ווען ער האָט זי געוואָלט אַריינשטעקען צו יענעם אין קעשענע. האָט מען איהם געפֿרעגט: הא, וואָס איז דאָס? האָט ער געענטפֿערט: כ'האָב איהם געוואָלט לייכטער מאַכען.

(23

מ'האָט אַ גנב געכאַפּט ביי דער האַנד, ווען ער האָט געוואָלט אויפֿרייסען אַ טהיר פֿון אַ שאַנק, האָט ער זיך פֿערענטפֿערט: כ'האָב געמיינט, אַז דאָ איז אַ טהיר אַדורכצוגעהן.

(24

אַ גנב האָט מען געכאַפּט אין אַ שטוב אַרומגעהן אין דער פֿינסטער און זוכען, האָט מען איהם געפֿרעגט: וואָס זוכסטו? האָט ער געזאָגט: איך זוך אַ וועג קיין ווארשא.

(25

אַ קאָזאַק איז אַמאָל געקראָכען דורך אַ קויטען צו גנב'ענען, האָט מען איהם געפֿרעגט: וואו קריכסטו? האָט ער געזאָגט: זדיעס דאָראָגאַ ווּ פּעטערבורג? (דאָ איז דער וועג קיין פּעטערבורג?).

(26

ס'האָט זיך אַמאָל איינער געפֿרעגט: פֿאַרוואָס מעגען די גבירים גנב'ענען און גזל'ענען און די אָרימע-לייט טאָרען נישט?

האָט מען איהם געענטפֿערט: ווען משה-רבינו איז אַראָבגעקומען פֿון באַרג סיני מיט די לוחות, האָט ער דאָך זיי צובראָכען און אַזוי ווי די גבירים שטעהען דאָך אויבען-אָן, האָבען זיי געכאַפּט דעם תגנוב מיט דעם תרצח, איז פֿאַר די אָרימע-לייט געבליבען דער לא (לא תגנוב, לא תרצח).

(27

מ'האָט אין הימעל געפֿרעגט אַ גנב: עס שטעהט אין דער תורה לא-תגנוב, פֿאַר וואָס האָסטו געגנב'עט?

האָט ער געזאָגט: איך האָב דאָך טאַקי מקיים-געווען דעם לא-תגנוב אין נישט מיט קיין אלף, איז מיט אַ וואוו (: לו-תגנוב).

(28

מ'האָט אַמאָל אַן'אורח געכאַפּט, ווען ער האָט אַריינגעלעגט אַ זילבערנעם לעפֿעל אין קעשענע אַריין. פֿרעגט מען איהם: הא, וואָס טהוסט דו? דאָס איז דאָך אַ לאו אין דער תורה: „לא תגנוב". האָט ער געענטפֿערט: ווען איך וואָלט דעם לעפֿעל נישט גענומען, וואָלט איך דאָך עובר געווען אויפֿ'ן לאו „לא תחמוד", האָב איך געטוישט אַ לאו אָף° אַ לאו.

(29

גנבים האָבען זיך אַמאָל אַריינגעקריגען אין מיטען-דער נאַכט אין אַ שטוב אַריין, ווען אַלע זענען שוין געשלאָפֿען, און האָבען אָנגעהויבען צו רוימען זאַכען און קליידער און מאַכען דערפֿון פּעקלעך. דערווייל האָט זיך דער בעל-הבית אויפֿגעכאַפּט און צוגעקוקט ווי זיי בינדען צו איין פּעקעל נאָכ'ן אַנדערן, האָט ער זיך גאָרנישט ווייסענדיג געמאַכט און איז זיך אַזוי געלעגען.

ווי זיי האָבען שוין געהאַט אַלץ איינגעפּאַקט און זענען אַרויסגעגאַנגען, האָט ער זיך אויפֿגעהויבען און זיך אָנגעטהון און איז אַרויס נאָך זיי. ווי זיי זענען צוגעקומען צו אַ שטוב און זיי זענען איבוועניג אַריין, איז ער אויך מיט זיי אַריין און ווען זיי האָבען אַנידערגעלעגט די פּעקלעך אויף דר'ערד, האָט ער אַרויסגענומען אַ רובל און האָט זיי געגעבען. האָבען זיי איהם אָנגעקוקט: הא, וואָס איז דאָס? האָט ער געזאָגט: עטץ° האָט דאָך מיר איבערגעטראָגען די זאַכען, נאַט אייך פֿאַר'ן איבערציהען.

(30

נאַטע גנב איז אַמאָל געווען אויף אַ יריד, האָט ער געזעהען ווי אַ פּויער פֿערקויפֿט צוויי חזירים, איז ער צו איהם צוגעגאַנגען און האָט זיך צו איהם אָנגערופֿען: זאָג נאָר, איך וועל מיט דיר היינט מאַכען אַ גוט געשעפֿט. פֿרעגט איהם דער פּויער: וואָס איז? זאָגט צו איהם נאַטע: אַזוי ווי איך האָב אַ סך פֿעלד און האָב נישט קיין פּאַשע און דו האָסט דאָך פּאַשע, וועל איך דיר געבען דאָס פֿעלד און דו גיעב מיר פּאַשע. האָט דער פּויער געזאָגט: גוט, כ'בעשטעה. און נאַטע האָט זיך מיט איהם אויפֿגעזעצט אויף דער פֿוהר און זיי זענען געפֿאָהרען צו° בעקוקען דאָס פֿעלד. אויפֿ'ן וועג האָט איהם נאַטע דערווייל אַרויסגעשלעפּט די פֿאַר רובל וואָס ער האָט ביי זיך געהאַט, און ווי זיי זענען שוין געהאַט אָבגעפֿאָהרען אַ שפּאַר שטיק וועגס האָט נאַטע

---

1) „פּעטשעלעך" אָדער: „תחת פּעטשעלעך" איז אַ מין שפּיעל און וועהר פּאָפּולער ביים המון. די שטאָרט דובנע איז זאָגאַר בעקרוינט געוואָרען מיט דעם דאָזיגען נאָמען (זעה פּ. ל. 235). די אַרעסטאַנטען זיצענדיג אין טורמע פֿערברענגען דערמיט אָפֿט די צייט.

געזאָגט צום פויער: שטעה, איך וועל אראָב פון דער פוהר און וועל צו געהן צו-פוס.

ער איז אראָב און אװעקגעגאנגען, און אזוי קומט ער נאָך.

(31

נאַטע גנב האָט אַמאָל בעגנב'עט א טוך-געשעפט, האָט מען איהם געכאַפּט מיט דער סחורה.

האָט ער זיך פערענטפערט: כ'דאַרף דאָך צו האָבען סחורה אויף א קאַפּאָטע!

(32

נאַטע גנב האָט מען אַמאָל געפיהרט, איז ער אויפ'ן וועג אַנטלאָפען, האָט מען איהם נאָכגעיאָגט און מ'האָט איהם געכאַפּט נעבען זײן שטוב, האָט ער זיך פערענטפערט: כ'האָב געהערט די קינדער וויינען, בין איך א היימגעלאָפען.

(33

נאַטע גנב האָט מען אַמאָל געכאַפּט אין א שטוב, ווען ער האָט זי געוואָלט בעגנב'ענען. איז ער צו צום פענסטער און האָט אָנגעהויבען אַרויס-צושרײַען: געוואַלד א גנב, געוואַלד א גנב! איז מען אַרויס זעהען, איז ער דערווײַל אַוועק.

(34

וועגען נאַטע'ן דערצעהלט מען, אז ער האָט נישט אַרויסגעצויגען דעם סקיבעל°, נאָר אַרויסגענומען—און אז ער איז געוועזען די אנדערע האַנד פון גנבה.

(35

נאַטע גנב האָט נישט גע‌מאַכט קיין פּאָדקאָפּ[1]) מיט א רידעל, נאָר ער האָט זיך אַרײַנגעלעגט מיט די פיס און האָט אַזוי לאַנג געשטופּט, ביז וואַנען ס'איז געוואָרען א לאָך.

(36

נאַטע גנב האָט זיך אַמאָל אַרויפגעשטעלט אויף א דאַך און האָט געשריען: עטין° זאָלט וויסען, אז הײַנט בײַנאַכט וועל איך בעגנב'ענען די גאַנצע שטאָדט.

האָט מען צוגשטעלט זעלנער מיט פּאָליציי און מ'האָט געמאַכט א שמירה, אָבער אין דערפריה זענען טאַקי אַלע געוועלבער געווען בעגנב'עט.

(37

נאַטע גנב האָט איבערגעלאָזט א צואה, אז א קעשענע-גנב מוז פריהער לאַפּען פליעגען און אז ער וועט שוין קענען גוט כאַפּען פליעגען, מעג ער שוין געהן גנב'ענען.

(38

אז נאַטע האָט געגנב'עט, האָט ער די גנבה נישט בעהאַלטען, נאָר ער האָט זי באַלד פערפאַסט*.

(39

נאַטע גנב האָט קיינמאָל נישט אויפגעהאַקט קיין שלאָס, נאָר — צו-בראָכען.

(40

נאַטע גנב האָט זיך געוועט מיט א פריץ, אז ער וועט איהם אַרויסגנב'ענען זײַנע פערד. האָט דער פריץ געזאָגט: „ווײַבאַלד דו וועסט דאָס קענען בעווײַזען, זאָל איך ווי' האָבען פערשפּילט און דו וועסט נאָך צו-קריעגען א „נאַגראָדע" פינף הונדערט רובל".

האָט נאַטע געזאָגט: געמאַכט, דו וועסט נאָך די וואָך די פערד נישט האָבען.

די פערד זענען געווען א פּאָר שיינע° פערד, א פּאָר קאַרע פערד. האָט דער פריץ אוועקגעשטעלט די פּאַראָבקעס צו היטען: טייל זענען געווען אין שטאַל, טייל זענען געשטאַנען אין דרויסען.

געוועט האָט זיך נאַטע זונטאָג. ווי ס'איז געקומען דאָנערשטאָג בײַ-נאַכט, האָט ער זיי אַרויסגעגנב'עט און פרײַטאָג אין דער-פריה איז ער מיט זיי געקומען צום פריץ און האָט פערלאַנגט די פינף הונדערט רובל.

ווי דער פריץ האָט דאָס געזעהען, האָט ער געזאָגט: יאָ, דו קריגסט דאָס געלד, נאָר זאָג מיר ווי אזוי האָסטו זיי געקענט אַרויס-גנב'ענען, אז די פּאַראָבקעס האָבען געהיטען. האָט איהם נאַטע דערויף געענטפערט: זאָגען טאָר מען נישט, נאָר פרעג דײַנע פּאַראָבקעס, וואָס האָבען געהיטען. האָט דער פריץ זיי געפרעגט.

האָבען זיי געזאָגט: „בשעת ער איז אַרײַנגעקומען אין שטאַל אַרײַן, האָבען מיר געזעהען, נאָר ווען און ווי אזוי ער איז אוועק—ווייסען מיר נישט".

(41

נאַטע גנב איז געווען דין, ווײַל ער האָט געמוזט א דורכקריכען דורך אַלע שפּאַרעס.

(42

נאַטע גנב האָט נישט געלערנט זײַנע קינדער גנב'ענען, זיי האָבען שוין אַליין געקענט.

(43

פאַר נאַטע'ן איז נאָר געווען א באַוואָרעניש א וואַנד; ווײַל דאָס גרעסטע און שטאַרקסטע שלאָס האָט ער באַלד אויפגעמאַכט.

(44

נאַטע גנב האָט געזאָגט: טאָמער כאַפּט מען דיך אָף° א צווייטען שטאָק, זאָלסטו אויפעפענען ס'פענסטער און אראָבשפּרינגען און פון פערדען° זיך אראָבלאָזען פון דער רינגע.

(45

א פּראָווינצער יוד דערצעהלט: כ'בין אַמאָל געקומען קיין וואַרשע, בין איך אַרײַנגעגאַנגען אין א רעסטאָראַציע און האָב מיר געהייסען געבען מיטאָג. כ'עס אָב, דערלאַנגט מען מיר א רעכענונג אויף א רובל. מיך האָט די מעשה געקרענקט, נאָר פערפאַלען, ס'מוז בעצאָהלען. וואָס ושע טהוט דער איינבערשטער°? נעהם איך און גנב'ע צו א זילבערנעם לעפעל.

(46

א גביר האָט א מאָל אַהיימגענומען אַנ'אורח. בײַם עסען, זעהט דער גביר ווי דער אורח נעהמט אַרײַן א לעפעל אין דער קעשענע אַרײַן, האָט ער זיך נאָרנישט וויסען ' געמאַכט. ס'געהט אוועק א שעה, זעהט ער ווי ער נעהמט ווײַטער אַרײַן א לעפעל אין קעשענע אַרײַן. דאָ האָט זיך דער גביר שוין נישט געקענט אײַנהאַלטען און האָט צו איהם געזאָגט: „רב יוד וואָס טהוט זיך מיט אײַך?" אָבער דער יוד האָט געענטפערט: „איהר הערט דאָך, דער דאָקטאָר האָט מיר פערשריבען אַלע שעה אַנ'עם לעפעל.

(47

אין בעלעס האָט מען פון בית-המדרש-פּושקע געפלעגט אַרויסצו-גנב'ענען ס'געלד, האָבען זיי דערקלערט א מיטעל, אז מ'זאָל אָנהענגען די

---

[1]) אונטערגראָבונג.

װיקע אויפֿ'ן בעליק און פרי מען זאָל אהין קענען צוקומען, האָט מען נג איהר צוגעמאַכט **שטיגען** (טרעפּ).

(48

אין כּלעם האָט מען מורא געהאַט, אז מ'זאָל די שוהל בײַנאַכט נישט בעגנב'ענען, האָט מען זי געמאַכט אויפֿ'ן דריטען שטאָק און צוגע־מאַכט דאָרט לעדענס, און צו די לעדענס האָט מען עקסטרע צוגענומען אַ שמש, וואָס איז אַלע נאַכט אַרויפֿגעגאַנגען אויף אַ לייטער און פֿערמאַכט די לעדענס.

(49

די כּלעמער האָט זיך פּלוצים פֿערגלוסט איבער־רוקען די שוהל; זענען זײַ געגאַנגען און האָבען זיך אויסגעטהון די קאַפּאָטעס און אַנידער־געלעגט נעבען דער שוהל, פֿאַר אַ סימן צו וויסען צי די שוהל איז אָב־גערוקט, און זײַ האָבען אָנגעהויבען שטופּען. דערווײַל זענען געקומען גנבים און האָבען זײַ צוגעגנב'עט די קאַפּאָטעס. ווי די כּלעמער האָבען זיך שוין געהאַט גוט דערשוויצט מיט'ן שטופּען, זענען זײַ געגאַנגען זעהען צי דאָס אָנטהועכטס° איז עפּעס אָבגערוקט פֿון דער שוהל. זײַ האָבען עס אָבער נישט געפֿונען. האָבען זײַ געזאָגט: זעהטס° נאָר ווי ווײַט די שוהל איז אָבגערוקט, אז מ'דערזעהט שוין אוש נישט דאָס אָנטהועכטס.

(50

אין כּלעם, אז מ'האָט געכאַפּט אַ גנב, האָט מען איהם בײַדע הענד אדורכגענומען דורך צוויי לעכער פֿון אַ וואַנד און מ'האָט איהם אין די הענד אַרײַן געגעבען צוויי וואַלגער־העלצער, כּדי ער זאָל די הענד נישט קענען אַרויסנעהמען און אַנטלויפֿען.

(51

ס'איז אַמאָל געווען אַנ'אָרענדאַר, האָט מען בײַ איהם שטענדיג גע־פּלעגט צוגנב'ענען די פֿערד. האָט מען איהם געגעבען אַנ'עצה, אז ער זאָל האַלטען אַ הונד, וועט ער שוין אָבהיטען, אז מ'זאָל קיין פֿערד נישט גנב'ע־נען. האָט ער געקויפֿט אַ גוטען הונד און טאַקע פֿון דאַמאָלט אָן האָט מען שוין בײַ איהם נישט געגנב'עט.

אײַנמאָל, פּסח, זעהט דער אָרענדאַר ווי דער הונד טראָגט אין פּיסק אַ שטיק ברויט, האָט דער אָרענדאַר זיך אָנגעהויבען צו ברעכען די הענד און צו שרײַען.

פֿרעגט מען איהם: וואָס איז? זאָגט ער; דער הונד עסט ברויט און דאָס איז דאָך אַנ'איסור, וואָס דערפֿאַר קומט כּרת, וועט ער דאָך פּגר'ן, וועט מען דאָך ווײַטער גנב'ענען די פֿערד.

(52

אַנ'אָרענדאַר האָט מורא געהאַט צו זאָגען חד גדיא. „ס'איז עפּעס נישט קיין גלאַטע זאַך — האָט ער געזאָגט — נאָך האַלבע נאַכט האָט דער טאַטע געקויפֿט אַ ציג פֿאַר צוויי גילדען, ווער ווייסט צי דאָס איז נישט קיין גע־גנב'עטע".

(53

אַ געלער האָט זיך משדך־געווען מיט זײַנס טאָכטער און ער האָט צוגעזאָגט צו געבען נדן און צעהן יאָהר קעסט. ווי עס איז געקומען פֿאַר דער חתונה, איז אויסגעקומען מיט° זײַנע שפּיצלעך, אז לאַ־די וואָס ער האָט גאָרנישט געגעבען, נאָר דער חתן האָט איהם נאָך געדאַרפֿט צוצאָהלען. נאָך דער חתונה איז דער יונגערמאַן געזעסען און געלערנט. ס'איז געווען זומער, אין תמוז, אין די גרויסע טעג. האָט דער יונגערמאַן אַ זאָג געטהון: „אוי, די טעג זענען אַזוי גרויס, ס'איז אַ טאָג אַ יאָהר". ווי דער שווער האָט דאָס געהערט, האָט ער צו איהם געזאָגט: „דײַנע קעסט האָבען זיך שוין באַלד געענדיגט, ווײַל דו אַלײן האָסט דאָך געזאָגט, אז אַ טאָג איז אַ יאָהר און איך האָב דיר מײַן ווי צעהן יאָהר נישט צוגעזאָגט.

דער יונגערמאַן האָט געהערט אַזאַ מעשה, איז ער אַרומגעגאַנגען זעהר פֿערזאָרגט; האָט איהם בעגעגענט זײַנס אַ בעקאַנטער, אויך אַ געלער, האָט איהם דער בעקאַנטער געפֿרעגט וואָס דאָס איז מיט איהם האָט ער איהם דערצעהלט. האָט דער בעקאַנטער געזאָגט: „זאָרג נישט, דײַן שווער איז אַ געלער, אָבער איך בין אויך נישט קיין ווײַסער — אין דער תּורה, זאָלסטו וויסען, שטעהט געשריבען, אַז דער וואָס וואוינט מיט אַ ווײַב אָב צעהן יאָהר און ער האָט מיט איהר נישט קיין קינדער, קומט איהר אַ גט. נו, אויב בײַ איהם איז צעהן טעג — צעהן יאָהר, איז עס בײַ דיר אויך נישט ווענינער און דו דאַרפֿסט מיט דײַן ווײַב נישט וואוינען".

ווי דער שווער האָט דאָס דערהערט פֿון איידעם, האָט ער מורא געקריגען און ער האָט איהם ווײַטער געמוזט געבען קעסט צו עסען.

(54

פֿאַרוואָס איז אַ געלער אַ גנב? ווען די יודען האָבען געמאַכט ס'עגל, האָט מען עס דאָך דערנאָך צושטויסען און יעדען געגעבען צו טרינקען און ווער ס'איז געווען שולדיג, דעם האָט עס געשאַדט. איז געווען אַ חברה גנבים, וואָס האָבען גענומען אַ חלק אין דעם און ס'איז זײַ געווען אַ שאָדט דאָס גאָ״ד, האָבען זײַ עס גענומען און אַרײַנגעגאָסען אין די בערד אַרײַן, זענען זײַ געוואָרען געל.

(55

ס'האָט אַמאָל אײנער געזאָגט צום צווייטען: זאָלסט זיך זעהען צו היטען פֿאַר אַ געלען, ווײַל אַ געלער איז אַ גנב. האָט דער צווייטער גע־זאָגט: ווײַז־זשע מיר אַ געלען ציגײַנער.

(56

אַ שוואַרצער מיט אַ געלען האָבען זיך געקריגט. האָט דער שוואַר־צער זיך אָנגערופֿען צום געלען: געלער גנב! האָט דער געלער געזאָגט: „איך וועל דיר ווײַזען, אז געלע שטעהן העכער (זענען חשוב'ער) פֿון שוואַרצע". און ער האָט איהם דערויף פֿערצעהלט אַ מעשה: „אַמאָל איז אַ פּריץ געקומען פֿון אויסלאַנד, האָט ער מיט זיך מיטגעבראַכט געל פֿוטער און ער האָט עס אָוועקגעגעבען דעם שנײַדער ער זאָל איהם דערפֿון מאַכען אַ פּעלץ. דער שנײַדער האָט דאָס פֿוטער אויסגעמאָסטען האָט ער געזעהען אז עס פֿעהלט־צו איין פֿעל. איז ער געקומען צום פּריץ און האָט דאָס איהם דערצעהלט. איז מען אַרויס אין שטאָדט זוכען דעם זעלבען סאָרט פֿוטער, אָבער מ'האָט אָזעלכעס נישט געקענט צו־קריגען, נאָר נאָך לאַנגע זוכעניש האָט מען צו־געפֿונען דעם זעלבען סאָרט, נאָר פֿון אַ שוואַרצען קאָליר. מילא, אז מ'האָט נישט געקענט צו־קריגען, האָט מען דאָס געמוזט נעהמען. וואו־זשע זעצט מען דאָס צו, אויף וואָס פֿאַר אַנ'אָרט? אויף דער פּאָלע, וועט דאָך דאָס זײַן אָנזעהעוודיג. האָט מען עס אַרײַנגעזעצט אויפֿ'ן תחת (אונטען). פֿון דאַנען זעהט מען אַרויס, אז געלע זענען חשוב'ער פֿון שוואַרצע.

(שמחה שפּיטאַלניק, סלאָנים)

(57

אַ געלען (וועלכער איז דאָך אַ גנב, אַ שווינדלער, אַ דרעה־קאָפּ) שרײַבט מען אײַן אין פּאַס, אז ער איז געל, דאַרום, ווײַל ווען ער קומט אויף דער עלטער, זאָל ער נישט קענען זאָגען, אז ער איז געווען שוואַרץ.

(58

אַ יוד האָט געקויפֿט בײַ אַ פּויער אַ קוה. ווען דער יוד האָט די קוה אהײמגענומען, האָט דער פּויער זיך געטראַכט: ער וועט זאָגען, אז מ'האָט איהם צוגעגנב'עט די קוה, וועט ער זי צוריק האָבען. ער האָט אַזוי גע־טהון. ער האָט געמאַכט אַ געוואַלד, אז מ'האָט איהם צוגעגנב'עט אַ קוה, האָט מען אָנגעהויבען צו זוכען און מ'האָט זי געפֿונען בײַ דעם יוד. האָט מען דעם יוד אײַנגעזעצט און ס'איז געוואָרען אַ „ספּראַווע". דער יוד האָט געשטעלט אַנ'אַדוואָקאַט און ר'האָט פֿאַרשפּילט°. מ'האָט איהם פֿאַרמשפּט אויף אַנדערהאַלבען יאָהר תּפֿיסה. ווי דער אַדוואָקאַט האָט דאָס געזעהען,

איז ער צוגעגאנגען צו איטליכען מענטש °, וואס איז געווען אין סאַנד 1) און האט געבעטען פאַר דעם יוד'ס וועגען אַ נדבה, און קיינער האט זיך נישט אָבגעזאָגט. איטליכער האט געגעבען: איינער אַ רובל, איינער — צוויי. דערנאָך איז ער צוגעגאַנגען צום פויער און האט צו איהם געזאָגט: גיב דו אויך עפעס פאַר דעם יוד'ס וועגען, ער האט אַ ווייב מיט קליינע קינדער און זיי וועלען נישט האָבען פון וואַנעט ° צו לעבען. האט דער פויער אַרויס גענומען אַ דרייער-רובל און איהם געגעבען. ווי דער אַדוואָקאַט האט גענומען דאס פאַפירעל אין דער האַנד אַריין, האט ער עס באַקוקט °, און געזאָגט: פון ווצנעט ° קומט צו דיר דאס פאַפירעל, דאס איז פאַלש געלד און דערפאַר קען ° דיר קומען אַ האַרבע שטראָף.

ווי דער פויער האט דאס דערהערט, האט ער זיך דערשראָקען און האט געזאָגט: דאס געלד איז נישט מיין, דאס האט מיר דער יוד געגעבען.

ווי מ'האט דאס געהערט, אַז דער יוד האט איהם געגעבען דאס געלד, האט ער דאָך שוין ביי איהם געקויפט די קוה. האט מען דעם פויער געגעבען די שטראָף, וואס מ'האט דעם יוד פאַרמשפט ° און דעם יוד האט מען פריי געלאָזט. (שערלעין).

די מעשה איז וועהר פערשפרייט אויך אין ראַד. גוב.

(59

אַ דאָרפסמאַן איז אמאָל געקומען צופאָהרען קיין וואַרשע ° מיט אַ פוהר שעפסען און ער האט זיך מיטגענומען אַ בעלפער, ער זאָל איהם אַכטונג געבען.

דער דאָרפסמאַן איז פאַרפאָהרען ° אין זאַיאַזד 2) אַריין און האט איבערגעלאָזט דעם בעלפער אויף דער פוהר און ער איז אַוועקגעגאַנגען.

זענען צום בעלפער צוגעקומען גנבים און האָבען איהם אויסגעפרעגט פון וואַנעט ° ער איז און ווי ער הייסט, ווי זיינע עלטערן הייסען, און ווי זענען אַוועקגעגאַנגען צו אַ צווייטען גנב און האָבען איהם דאס דערצעהלט. איז ער צוגעגאַנגען צום בעלפער און האט איהם געזאָגט: „גוט גאָוועגד °, יאַנקעל! וואס מאַכסטו יאַנקעל? וואס מאַכט דער טאַטע, יאַנקעל?"

האט ער זיך געפרעגט: ווער זענט איהר?"

האט דער גנב געזאָגט: „איך בין דיינס אַ פעטער, דעם טאַטענס אַ ברודער. כ'הייס: סראָל (ישראל). דער בעלפער האט געהאַט מיט איהם אַ שמחה און ער האט איהם געגעבען צו עסען וואס ער האט ביי זיך געהאַט.

דער גנב האט איהם אָבער געוואָלט אַראָבקריגען פון דער פוהר, האט ער צו איהם געזאָגט: „כוואָלט דיך געוואָלט אַרויפנעהמען צו דער מוהמע, נאָר דו ביזט אַזוי אומריין—קום, יאַנקעל, אַריין אין אַ באַוואַריע 3), וועל איך דיך אָבוואַשען". איז ער מיט איהם געגאַנגען. דערווייל האָבען די גנבים צוגעגנב'עט די פוהר מיט די שעפסען.

דער גנב האט גענומען אַ גלאָז ביער און האט דעם בעלפער אָבגעוואַשען. ער האט אָבער געוואָלט פון איהם אַוועקגעהן, האט ער געזאָגט: „זיין דאָ, כ'געה נאָך אַ קעמעל", און אַזוי זאָל ער נאָך קומען.

ווי דער דאָרפסמאַן איז געקומען און ער האט געזעהן, אַז דער בעלפער מיט די פוהר שעפסען איז נישטאָ, איז ער אַריינגעלאָפען אין דער „באַוואַריע" אַריין און האט אָנגעהויבען צו זוכען, האט ער געזעהען ווי דער בעלפער זיצט אין אַ ווינקעל און עס קאַפעט פון איהם.

האט ער איהם געפרעגט: „וואו האָסטו די פוהר שעפסען"? ענטפערט דער בעלפער: „דער פעטער צוואָגט מיך".

— אוי — האט דער דאָרפסמאַן געשריגען ° — אַ כאָליערע אויף ° דיר, מ'האט דאָך מיך אויסגעצוואָגען, נישט דיך".

(60

אין וואַרשע ° איז אמאָל געווען אַ גרויסער גנב און ער איז אַזוי באַריהמט ° געווען מיט זיינע אויפטהועכצען און שטיקלעך, אַז דער גובערנאַטאָר האט זיך איינמאָל צו איהם אָנגערופען: אויב דו וועסט מיר באַווייזען ° אַ קונצשטיק דעם גאָלדענעם וויגער פון מיר צו-צוגנב'ענען, וועסטו זיין אַ „מאַלאָדיעץ" און דו וועסט דערפאַר נאָך קריגען אַ „נאַגראַדע".

האט דער גנב געזאָגט: גוט. און ער האט זיך מיט איהם בעשטעלט, אַז אויף צומאָרגענס ביינאַכט זאָל ער איהם ברענגען דעם גאָלדענעם וויגער זיינעם.

אינדערפריה, ווען דער גובערנאַטאָר איז אַרויס פון דער הויז און ווי ער איז אַראָבגעגאַנגען פון די שטיעגען °, איז פונקט איינער אַרויפגעגאַנגען מיט אַ זאַק פעדערן און האט איהם איינגאַנצען איינגעפעדערט און אויפ'ן הויף האט דעמאָלס פונקט איינער געשריגען ° באַרשטען צו פערקויפען.

ווי דער גובערנאַטאָר איז אַראָבגעקומען אויפ'ן הויף אַרויס און ער האט געזעהען, אַז ער איז אַזוי פערפעדערט °, האט ער געבעטען דעם סוחר פון די באַרשטען ער זאָל איהם אַ ביסעל אָבפוצען. דער סוחר, אַזוי ווי ער האט איהם געפוצט, האט ער דערווייל פון איהם אַרויסגעפוצט * דעם וויגער.

און ביינאַכט, פונקט צו דער בעשטעלטער צייט, האט דער גנב אָבגעבראַנגט דעם גובערנאַטאָר דעם גאָלדענעם וויגער.

(61

קיין וואַרשע ° איז אמאָל געקומען צופאָהרען אַ גרויסער מאַן פון פעטערבורג, האט ער אָבגעשטאַנגט ° אַ ווינזיט אין „סאָבאָר".

ווי ער האט אויסגעטהון זיין פוטער, האט מען עס איהם פון אונטער דער האַנד אונטערגעשלאָגען *. האט ער באַפוילען °, אַז וואס עס זאָל נישט זיין, דאס פוטער מוז ער צוריק האָבען, אַנישט געהט די גאַנצע וואַרשאווער פאָליציע ° אַראָב.

האט מען באַלד וועגען דעם צו וויסען געגעבען דער „אָכראַנע", איז איין „יישטשיק" געגאַנגען צו אַ פאַסער * — משה לייבעלע האט ער געהייסען — און האט צו איהם געזאָגט, אַז ער זאָל זעהען איהם דאס פוטער צוריק שטעלען. האט דער „פאַסער" געזאָגט: כ'קען ° עס דיר טהון, אָבער ווי אַרומערט ° וועסטו עס איבערגעבען, איך קען דאָך דערנאָך אַריינפאַלען צוליעב דעם.

האט דער „יישטשיק" געזאָגט: ס'איז נישט דיין עסק, דו גיעב עס נאָר מיר איבער.

דער האט איהם דאס פוטער צוגעשטעלט און דער „יישטשיק" האט עס גענומען און איז באַגינען ° דערמיט אַוועק געגאַנגען קיין פראַגע 1) צו דער אַלטער בריק און האט עס דאָרט אַוועקגעלעגט און אַליין האט ער זיך בעהאַלטען אין אַ זייט.

פאַרטאָג געהן דאָך די „מוליאַרושעס" צו דער אַרבעט, און ווי דער ערשטער מוליאַרוש איז געגאַנגען און האט דערזעהען ליעגען דאס פוטער — אַ פראָסט איז דעמאָלס געווען — האט ער עס אויפגעהויבען און זיך אָנגעטהון; איז דער „יישטשיק" צו און האט איהם אַרעסטירט און אַזוי מיט דעם פוטער אָנגעטהון האט ער איהם געבראַנגט גלייך אין דער „אָכראַנע" אַריין.

(62

אין יענע צייטען זענען די גנבים אין מאָסקווע געווען וועהר לרוב: אַזוי, אַז מ'האט שוין וועגען זיי גערעדט באַר'ן ° קיסרליכען טיש; האט זיך געפונען אַ פירשט וואס האט זיך אויסגערופען, אַז ער נעהמט זיך אונטער די גנבים פון מאָסקווע אויסצורוימען.

די פאָליציע אין מאָסקווע זענען ° געווען בלאַט מיט די גנבים.

ווי דער פירשט האט געדאַרפט אַריינצוקומען, האָבען ° די פאָליציע צו וויסען געגעבען וועגען דעם די גנבים. האָבען די גנבים אויסגעפונען אַ מיטעל: זיי האָבען צונויפגעקליבען אַ גאַנץ סך פענדעלעך 2). און אַז דער פירשט איז געקומען, איז ער צוערשט ° געגאַנגען אין „סאָבאָר" אַריין, האָבען די גנבים אויף איהם אַרויפגעלאָזען די פענדעלעך, איז ער געוואָרען שטאַרק פאַרקראָכען °; איז צו איהם צוגעגאַנגען אַ דינער און האט איהם אַראָבגענומען דעם פלאַשטש. האָבען די גנבים דאַנאָך ° וויטער

---

¹) פאָלניש: sąd.
²) פאָלניש: zajazd.
³) ביער-שענק.

¹) פאָרשטאָדט פון וואַרשא.
²) גענוגנע לייז.

אַרויפגעכאַפּט אויף איהם די פּענדעלעך, איז ער געוואָרען אין גאַנצען פאַרקראַכען, איז וויַטער צו איהם צוגעגאַנגען אַ דינער און האָט איהם געוואָלט אַראָבקלאַפּען די פּענדעלעך, אָבער ס'איז געווען אוממעגליך, האָט איהם דער דינער שוין געמוזט דעם מגנדיר אויך אויסטהון.

ווי ער איז שוין געווען אָהן אַ מגנדיר, אָהן שליפּעס, איז ער דאָך געווען אַ פּראָסטער מענש גלייך מיט אַלע. איז צוגעגאַנגען צו איהם איין גנב און האָט איהם געטהון אַ וואָרף, דער צווייטער — אַ שטופּ, דער דריטער — אַ שטויס. האָט ער זיך דאָך געשטעלט, האָבען זיי צו איהם געזאָגט: ווער ביזטו פאַר איינער?

ווי ער האָט געזעהען אַזאַ מעשה, האָט ער זיך אויפגעהויבען און איז צוריק אַוועק אַהיים.

(63

צום ברוקאַוש (אין פּיעטריקאָוו) איז אַמאָל געקומען איינער און האָט איהם אַניַדערגעלעגט אַ פּדיון, האָט ער גענומען דעם פּדיון און איהם אַוועקגעשאַרט, האָט איהם יענער צוריק צוגעשאַרט, האָט איהם דער רבי וויַטער אַוועקגעשאַרט. אַזוי אַ פּאָר מאָל.

האָט ער געפרעגט דעם רבי'ן: הייליגער רבי, פאַר וואָס ווילט איהר ניט צונעהמען?

האָט דער רבי געגעבען אַ געשריי צום משמש: שאַיע (ישעיהו), זאָג איהם ער זאָל אַרויסגעהן!

איז ער אַרויסגעגאַנגען.

ווען מ'האָט דאַנאָך דעם רבי'ן געפרעגט, וואָס דאָס איז געווען, האָט ער געזאָגט, אַז דער איז געווען אַ גנב — און ער איז דאָך געקומען מיט אַ קוויטעל ער זאָל מצליח זיין.

(פּשיסכע, ראָד. גוב.).

(64

דער צאַנזער רבי איז געווען אַ לאָהמער. איינמאָל האָט ער געדאַרפט פאָהרען אין אַ צווייטער שטאָדט אַריין, האָט ער זיך בעדונגען מיט דעם בעל-עגלה אַזויפיעל און אַזויפיעל.

ווי ער איז געקומען אויפ'ן אָרט, האָט דער בעל-עגלה פערלאַנגט מעהר געלד. האָט דער רבי איהם ניט געוואָלט געבען מעהר וויפיעל ער איז מיט איהם משוה געוואָרען. איז דער בעל-עגלה געוואָרען בייז און האָט געזאָגט דעם רבי'ן: חסיד גנב! האָט דער רבי איהם געענטפערט: לאָהמער קוליאַס 1).

האָט דער בעל-עגלה געלאַכט און האָט געזאָגט: ער איז לאָהם, רופט ער אָף° מיר לאָהמער „קוליאַס".

האָט דער רבי געזאָגט: אַז דו רופסט מיך מיט דעם נאָמען וואָס דו ביזט, רוף איך דיך מיט דעם נאָמען וואָס איך בין.

(וואַרשא; אויך טאַרנעגראַד, לובל. גוב.).

(65

מען פאַרצעהלט°, אַז ס'איז צום יוד-הקדוש געקומען אַ גנב אָדער אַ רשע און האָט איהם געגעבען אַ פּדיון, האָט ער איהם גענומען און אַריינגעוואָרפען אין אָבטריט 2) אַריין, וויַל ס'איז ניט געווען קיין ערליכער פּדיון.

און ווען דער רבי רב ירחמיאל, דעם יוד-הקדוש'ס זוהן, איז נפטר געוואָרען, האָט דער רבי רב איטשעלע, דעם יוד'ס איינִיקעל, געהייסען אויסרייניגען דעם אָבטריט, האָט מען געפונען זילבערנע רובעל'ס און פינגער-ניַלדענס אָהן אַ שעור און דער גוי וואָס האָט עס אַוועקגעפיהרט אויפ'ן פעלד, האָט זיך געהאַט היטב°. (פּשיסכע).

(66

ס'איז° אַמאָל צום וואורקער רבי'ן אַריינגעקומען צוויי יודען און זיי האָבען זיך געפרעגט צו זיי זאָלען האַנדלען בשותפות. האָט דער רבי צו זיי געזאָגט: אל"ף מאַכט אֶרליך (ערליך), ווען עס°ע האַנדלען ערליך, וועט זיין בי"ת — וועט זיין ברכה, נאָר אויב ס'וועט זיין גימ"ל טאָמער וועט זיין גנבה וועט זיין דל"ת — וועט זיין דלות.

(נחום געלער, גאָרשקעוו, לובל. גוב.).

(67

מ'האָט אַמאָל אַ בעל-עגלה צוגעגנב'עט אַ פּאָר פערד, איז ער מיט אַ געוואַלד אַריינגעקומען צו לויפען צום רבי'ן רב יאַנקעלע (פון בעלזשע, לובל. גוב.)

— „רבי, גיעט מיר אָב מיינע פערד!"

האָט דער רבי איהם געענטפערט:

— גלייב° מיר, אַז כ'האָב דיינע פערד ניט געגנב'עט.

דער בעל-עגלה האָט אָבער ניט געוואָלט אָבטרעטען, נאָר דער רבי זאָל זעהען אַז ער זאָל זיינע פערד האָבען צוריק. האָט דער רבי צו איהם געזאָגט:

— געה אַהיים, דו וועסט דיינע פערד צוריק האָבען.

איז ער אַהיימגעגאַנגען.

ווי ער איז צוגעקומען צו זיין שטוב, האָט ער געטראָפען די פערד שטעהן נעבען זיינע פענסטער, איז ער באַלד צוריק צום רבי'ן מיט אַ גדולה. האָט איהם דער רבי געזאָגט:

— אָבער דו זעהסט, אַז כ'האָב דיינע פערד ניט גענומען.

(מרים איינוואַוויגער, קראַסניסטאַוו, לובל. גוב.

אַן'ערהנליכע מעשה ברענגט דער „מקור חיים" פון צאַנזער רבי'ן).

(68

אַ גנב האָט געוואָלט אַראָבגנב'ענען וועש פון אַ בוידעם; ס'איז צו איהם געשטאַנען צוגעשטעלט אַ לייטער, נאָר דער בוידעם איז אָבער געווען זעהר הויך.

האָט דער גנב זיך אָבגערופען: „רבונו-של-עולם, ווען איך וועל אַרויפקומען און אַראָבגנב'ענען די וועש, גיב איך אַ מעשר אָף° צדקה".

ווי ער איז שוין צוגעקומען נאָהנט צום בוידעם, איז איהם אָבער אויך דאָס צעהנטעל געווען אַ שאָדט, האָט ער געמאַכט: צי וואָס טויג מיר דאָס אַוועקצוגעבען, כ'וועל עס גלייכער צונעהמען פאַר זיך און וועל דאָס פאַרקויפען°. דאָס געלד וועט מיר שוין צונויץ קומען.

אינדעם ווי ער שטעהט אַזוי אויף דער לייטער און רעדט, גיעט זיך די לייטער אַ ברעך איין און ער פאַלט אַראָב אויף דער ערד.

זיצט ער אַזוי און זאָגט: „זעה נאָר, איך מאַך אַ געלעכטער און ער שטופּט זיך שוין".

(68a

ערהנליכ'ס ווערט אויך דערצעהלט וועגען איינעם וואָס איז געגאַנגען אין אַ וואַלד און האָט אויף אַ בוים דערזעהען אַ בינשטאָק מיט האָניג, האָט ער צוגעזאָגט צו געבען דעם וואַקס אויף ליכט אין שוהל אַריין.

ווי ער איז אַרויפגעקומען אויפ'ן בוים, איז איהם דער וואַקס געווען אַ שאָדט אַוועקצוגעבען און ער האָט געזאָגט: דעם וואַקס וועל איך מיר בעסער צונעהמען. אינדעם האָט געגעבען אַ יאָג אַ שטאַרקער ווינד און ער איז אַראָבגעפאַלען. איז ער געזעסען אויף דער ערד און געזאָגט: זעה נאָר, איך מאַך מיך° אַ געלעכטער און ער שטופּט זיך שוין.

(שידלאָוועץ, ראָד. גוב.).

---

## קאָלעקציע נומער פופצעהן.

(זאַבאַבאָנעס, סגולות א. אַנד.

---

(1

אין פראַגע [44] 1) — זאָגט מען — איז דאָ כמו אַ פרוי אַ שוואַרצער שפּיעגעל, וואָס אז מען קוקט אין איהם אַריין זעהט מען דעם גנב.

---

1) פּויליש: kulas

2) בית-הכסא, קלאָזעט.

אין דער שטוב, וואו דער שפּיגעל שטעהט, איז אינגאנצען פינסטער; די ווענד פערהאנגען מיט שווארץ, און ס'ברענען זיך דעמאלס שווארצע ליכט; און דער וואס געהט אריין זעהען, מוז געהן גלייך און זיך נישט אומקוקען; אזוי אויך בײַם ארויסגעהן, געהט ער הינטער זיך און טאמער קוקט ער זיך אום, קען ער נאך שטארבען.

און מען פערצעהלט מאקע פון איינעם, וואס האט זיך אומגעקוקט און איז אויפ'ן ארט געשטארבען.

(2

ווי אזוי דערגעהט מען דעם נאמען פון גנב? א סך מענשען זעצען זיך ארום א טיש, וואס איז אהן משוועקעס, איבערהויפּט אהן אייזען, און מען לעגט ארויף די הענד מיט די דפק'ן אויפן טיש אנגעשפּארט, און מ'האלט זיי אזוי לאנג ביז וואנען דער טיש הייבט° זיך אויף.

זאגט מען צו איהם: זאלסט זאגען ווער ס'האט גענגב'עט. און מ'רעכענט אויס נעמען פון מענשען און בײַ וועלכען נאמען דער טיש גיעט א קלאפּ (ער לאזט זיך אראב), דער איז דער גנב.

(3

אז ס'איז געשעהן א גנבה און מ'וויל דערגעהן ווער ס'איז דער גנב, נעהמט מען א שליסעל און מען לעגט איהם אריין אין א סדור אזוי צווישען דער העלפט פון די בלעטער און דאס אויער פון שליסעל זאל אויסקומען אין דרויסען, דאנאך° בינדט מען צו דעם סדור פון ביידע זייטען שליסעל און צוויי מענשען—איינער פון איין זייט און איינער פון דער צווייטער זייט—האלטען דעם שליסעל מיט דעם סדור אויף די עקען פון די קליינע פינגער און מען רעכענט אויס נעמען פון בעקאנטע מענשען צו דריי מאל יעדען נאמען, צ. ב.: משה האט גענגב'עט, משה האט גענגב'עט, משה האט גענגב'עט?

טאמער גיעט זיך דער סדור בײַ וועלכען נאמען מ'רופט אויס א דרעה, איז א סימן, אז דער איז דער גנב.

(3a

א. י. בוכבינדער („זאבאבאנעס", ספּעקטארס קאלענדאר, ווארשא, תרנ"ד) ברענגט צווישען אנדערעס אויך, אז עס טרעפט א גנבה אין שטוב און מ'וויל וויסען ווער דער גנב איז, זאל מען אריינשטעלען ביידע שפּיצען פון א שערעל אין א זיפּ און אנגעהמען דאס שערעל בײַ ביידע אויערן און א צווייטער זאל אנהויבען פרעגען, ווער עס האט גענגב'עט, דערבײַ זאל ער אויסרעכענען זיינע אלע בעקאנטע שכנים און שכנות און בײַ וועלכען נאמען די זיפּ וועט זיך א ריהר טהון, איז דער דאזיגער דער גנב.

(4

מ'זאגט אז ציגיינער לאפּען קינדער און הרג'ענען זיי און די אדערן נעהמען זיי ארויס און ווען זיי געהן בײַנאכט גנב'ענען, צינדען זיי די אדערן אן און וואו זיי קומען, וועהט יעגער אלץ און קען° זיך נישט ריהרען, ער קען נישט שרייען, ער קען גארנישט טהון [1].

(5

אז א מעוברת'דיגע פרוי גנב'עט אין פארטוך אריין, וועט דאס קינד זיין א גנב.

---

## קאלעקציע נומער זעכצעהן.

### מעשות.

---

(1.

אזוי ווי דאס איז וואהר, אזוי זאלען אלע מעשות וואהר.

אמאל איז בײַ א קיסר געווען א באדינער°, איז ער בײַ איהם געווען זעהר באגלייבט° און ער איז געזעצט איבערן שאַנקאמער. פּארט ס'איז דאך נאר א מענש, האט ער נעהאט א חבר.

איינמאל האט דער חבר צו איהם געזאגט: ווי לאנג וועסטו אויסזיין בײַ'ן° קיסר, ס'מוז דאך עפּעס זיין א שעור, איך וועל דיר געבען אן עצה, וואס דו זאלסט טהון; אזוי ביזטו דאך אנגעבינדען, דו קאנסט נישט געהן אין ערגעץ, דו מוזט דאך היטען דאס פארמעגען°, וואלט מיין עצה געווען זעהר גוט.

פרעגט זיך דער באדינער: „וואס איז די עצה?"

די עצה — זאגט ער — איז אזוי: דו זאלסט דיר אנגעהמען גאלד און זילבער און מיר ביידע זאלען אוועק מעבר-לים.

כך הווא, אזוי איז געווען. ער האט גענומען גענוג און גענוג און זיי ביידע זענען אוועק.

ווי זיי זענען אוועק, האבען זיי זיך גענומען נאך צוויי שותפים, די גרעסטע גנבים פון גאנץ ראפּע (אייראפּע)-פוילען; זענען זיי אלע פיער אוועק אין א וואלד אריין און דארט האבען זיי זיך באזעצט° אין א גרויסע הייל. געוועהר האבען זיי געהאט, איז געמאכט° געווארען צווישען זיי, אז צוויי פארשוין זענען געשלאפען און צוויי האבען געהיטען. עסען האבען זיי זיך געברענגט פון דער שטאדט; זיי האבען דאך געהאט געלד גענוג, קיין שום זאך איז פאר זיי נישט געווען צו טייער.

מיט אמאל זאגען די דרײַ צו דעם באדינער: אז דו ביזט שוין אין אונזער חברה, וועט מען דיך אויסלערנען דו זאלסט זיין אזא גנב ווי אונז°. לאמיר מאכען די ערשטע פּראבע.

און זיי האבען איהם געשיקט אין שטאדט אריין גנב'ענען, און זיי זענען אויך געגאנגען אין אנדערע שטעדט גנב'ענען.

א כלל°, ער האט געמאכט די ערשטע פּראבע און ס'איז איהם געראטען און זיי האבען איהם געשיקט א צווייט מאל און א דריט מאל און ס'איז איהם אלץ געראטען. האבען זיי געזעהען אז ער איז מעהר° גנב פאר זיי; ער האט געברענגט אזוי פיעל גאלד און זילבער און געלד, אז ס'איז אין להגיד, נאך מעהר ווי ער האט גענומען בײַ'ן קיסר.

האבען די דרײַ גנבים צ'וישען° זיך געשמועסט: דאס דאזיגע מוז דאך האבען אן'ענדע. און זיי האבען געזאגט: זאל מען איהם הרג'ענען, איז דאך א שאדט, ער האט דאך פארט אונז איינגעפיהרט אנ'עשירות°, זאל מען זוכען פאר וויבעצוועגען° א טויט ס'זאל זיין גוט געמאכט.

און זיי האבען זיך אנגעשמועסט° אז מ'זאל איהם שיקען אין שטאדט אריין נאך עסען און דאנאך° נאך געטראנקען און ווען ער וועט דערפען קומען מיט די געטראנקען, זאל מען איהם דערווייל אנקאכען° עסען און דאס פארסם'ען און איהם געבען און זיי וועלען האבען דאס גאנצע געלד.

ער האט געברענגט עסען און ווי ער איז געגאנגען נאך די נעטראנקען, איז איהם אויפ'ן זינען איינגעפאלען א געדאנק און ער האט געזאגט: וואס וועט מיר דארויס° קומען וואס איך וועל גנב'ענען, אז זיי נעהמען עס צו, איך וועל דעם ווײַן מיט דעם בראנפען פארסם'ען און זיי וועלען טרינקען און וועלען זיך דאטיט° סם'ען, וועל איך אלץ אליין האבען.

און אזוי איז געווען: זיי האבען נישט געוואוסט ווײַנע געטראנקען און ער האט נישט געוואוסט זייערע געטראנקען.

א כלל, ס'איז אזוי געווען. ווען ער איז געקומען, איז ער געווען זעהר הונגעריג, האט ער זיך גענומען צום עסען און האט זיך אבגעסם'ט. זיי ווידער האבען דאך געוואלט פערווכען וואס ער האט געברענגט און זיך מאכען פרעהליך, האבען זיי זיך אלע אויך אבגעסם'ט.

ווי אזוי האט מען געקאנט וויסען וואס זיי האבען אין זינען געהאט? נאר אזוי ווי די מעשה איז וואהר אזוי זאלען אלע מעשות וואהר.

(נחמית ווייסבראט, שידלאוועץ, ראד. גוב.).

(2

אמאל איז געווען אנ'ארימאן, האט ער געהאט פיער זיהן, איינער האט געהייסען שלמה, דער צווייטער — שמעון, דער דריטער — קאפּעל און דער פערדער° — ראובן.

איינמאל האט דער עלצטער, שלמה, געזאגט צו די ברידער: וואס וועט זיין פון אונז דער תכלית? איך וועל אוועקגעהן אונטער וועגענס און וואס ס'וועט זיך מיר טרעפען, וועל איך האגדלען.

[1] עס געהן וועגען דעם ארום פערשיעדענע לעגענדעס.

איז ער געגאַנגען, האָט איהם בעגעגענט אליהו-הנביא און האָט צו איהם געזאָגט: איך נעהם דיך צו מיר צו, זאָלסטו בײַ מיר אָבהיטען די שטוב און דו זאָלסט זײַן עהרליך, אז טאָמער וועט ליגען געלד אָף ד'ערד אָדער אונטערן בעט, זאָלסטו עס נישט נעהמען.

איז ער מיט איהם געגאַנגען, און ער האָט יאָ גענומען. איז אליהו-הנביא צו איהם געקומען און האָט געזאָגט: נאַ דיר געלד און גיה אַ היים און וואָס מ'וועט צו דיר רעדען זאָלסטו מעהר נישט קאָנען זאָגען נאָר: „איבער אַ זעקעל האָבער".

ווי ער איז אַהיימגעקומען, איז געוואָרען אַ גדולה, אַ שמחה: שלמה געהט, שלמה געהט! און דער פאָטער איז צו איהם צוגעגאַנגען און האָט איהם געגעבען שלום-עליכם. האָט ער געזאָגט: „איבער אַ זעקעל האָבער".

האָט דער פאָטער צו איהם געזאָגט: וואָס? קענסטו נישט רעדען? פאַר דאָס, אַז שמעון וועט געהן, וועט ער ברענגען געלד און וועט קענען רעדען אויך.

איז שמעון געגאַנגען.

געהט ער, געהט ער, בעגעגענט איהם אליהו-הנביא. זעהט ער ווי ער ווײנט, פרעגט ער איהם: יונגעלע, וואָס ווײנסטו?

האָט ער געזאָגט: כ'געה און כ'געה און כ'ווייס נישט וואו און קײן געלד האָב איך נישט. האָט אליהו-הנביא געזאָגט: ווײן נישט, איך וועל דיך נעהמען צו מיר, איך בין אַן אַלמן, וועסטו בײַ מיר אָבהיטען די שטוב, נאָר אַז דו וועסט זעהען געלד, זאָלסטו נישט צונעהמען.

איז ער געגאַנגען און האָט אויך גענומען.

האָט איהם אליהו-הנביא געזאָגט: אַז דו האָסט יאָ גענומען, זאָלסטו נישט קענען מעהר זאָגען נאָר: „איבער אַ בינטעל היי".

ווי ער איז אַהיימגעקומען, איז געוואָרען אַ גדולה: שמעון, שמעון! ער האָט געבראַכט געלד און ער קען רעדען.

גיט איהם דער פאָטער שלום-עליכם. זאָגט ער: „איבער אַ בינטעל היי".

ווי דער פאָטער האָט דאָס דערהערט, האָט ער געזאָגט: אַז קאָפּעל וועט געהן, וועט ער שוין יאָ קענען רעדען און וועט ברענגען געלד אויך.

איז געגאַנגען דער דריטער זוהן—קאָפּעל.

איז ער געגאַנגען און געגאַנגען און האָט געוויינט, האָט איהם בעגעגענט אליהו-הנביא און האָט צו איהם געזאָגט: איך נעהם דיך צו צו מיר, דו זאָלסט מיר אָבהיטען די שטוב, נאָר טאָמער וועסטו זעהן ליגען געלד, זאָלסטו גאָר נישט ריהרען.

איז ער געגאַנגען און האָט אויך גענומען.

האָט אליהו-הנביא צו איהם געזאָגט: געה אַ היים און דו זאָלסט נישט מעהר קענען זאָגען ווי „איבער אַ זעקעל טראָטשינעס" 1).

ווי ער איז אַהיימגעקומען, איז געוואָרען אַ פרייד: קאָפּעל געהט, קאָפּעל געהט!

ווי דער פאָטער געהט צו איהם צו און גיט איהם שלום עליכם, זאָגט ער „איבער אַ זעקעל טראָטשינעס".

ווי דער פאָטער האָט פון איהם אויך געהערט אַזעלכעס, האָט ער געזאָגט: אַז ראובן וועט געהן און וועט אויך ברענגען דאָס אייגענע האָב איך מיך אָף ווײַ שוין גאָר נישט צו רעכטען.

איז געגאַנגען דער פערדער זוהן — ראובן.

איז ער געגאַנגען וואַלד אײַן וואַלד אוים; ער האָט נישט געפונען קײן וועג און ס'האָט איהם שוין אויסגעפעהלט צו עסען, האָט ער אָנגעהויבען צו ווײנען. איז געקומען אליהו-הנביא און האָט צו איהם געזאָגט: ווײן נישט, איך וועל דיך נעהמען צו מיר אַ היים, דו זאָלסט אָבהיטען בײַ מיר די שטוב און אַז דו וועסט זעהען ליגען געלד, זאָלסטו נישט נעהמען.

איז ער געגאַנגען און האָט אויך גענומען.

האָט איהם אליהו-הנביא געזאָגט: „דערפאַר געה אַהיים און זאָלסט נישט מעהר קענען זאָגען ווי: „ווער צוקנאַקט און צושפרונגען".

ווי ער איז אַהיימגעקומען, איז געוואָרען אַ פרייד, אַ גדולה, אַ שמחה: ראובן געהט, ראובן געהט! ער האָט געבראַכט געלד און קען רעדען.

געהט דער פאָטער צו איהם צו און גיט איהם שלום-עליכם. זאָגט ער: „ווער צוקנאַקט און צושפרונגען".

האָט עס דעם פאָטער פאַרדראָסען און האָט געזאָגט: אַ טאַטען זאָגט מען אַזוי?!

און דער פאָטער האָט זײ אַלע אַרויסגעטריבען.

זענען זײ געגאַנגען, געגאַנגען און געגאַנגען און געוויינט, האָט זײ בעגעגענט אליהו-הנביא און האָט צו זײ געזאָגט: מ'מעג אַזוי? עס שטעהט דאָך לא תגנב, פאַר וואָס האָט עטץ געגנב'עט? — האָבען זײ אָנגעהויבען נאָך מעהר צו ווײנען, האָט זײ אליהו הנביא געזאָגט: עטץ זאָלט זײַן עהרליכע מענשען, און ער האָט זײ געבענשט, האָבען זײ אָנגעהויבען צוריק צו רעדען.

(3

אַ ישיבה-יונגעל איז אַמאָל געזעסען און געלערנט, ער פלעגט צו זיצען גאַנצע נעכט און לערנען. איינמאָל אין מיטען דער נאַכט, קומט צו איהם אַרײַן צוויי יודען, גנבים, איינער שטעלט זיך אין אַ זײַט און איינער זעצט זיך אַנידער נעבען איהם און פרעגט איהם אוים: פון וואַנעט ער איז און ווי ער הייסט, ווי זײַנע עלטערן הייסען. האָט איהם דאָס יונגעל אַלץ דערצעהלט: אַז ער האָט נישט קײן פאָטער און ווי זײַן מוטער הייסט און ווי זײַן שוועסטער הייסט. דער צווייטער יוד איז אַזוי געשטאַנען אין דער זײַט און האָט דאָס אַלץ אויסגעהערט. געהט דער צווייטער יוד צו צום יונגעל און זאָגט איהם: „גוט נאָוועֶנט דיר, בערעלע, איך האָב דיר געבראַכט אַ גרוס פון דײַן מאַמע אסתר'ל און פון דײַן שוועסטער חוה און פון דײַן ברודער משה.

פרעגט זיך דאָס יונגעל: ווער איז אַ יוד?

— איך — ענטפערט ער — איך בין דאָך דײַן פעטער שלמה, דײַן טאַטענס ברודער.

— אוי, אַ פעטער — האָט דאָס יונגעל געזאָגט און זיך דערפרעהט.

— יאָ — האָט דער יוד געענטפערט — נאָר הער אוים, בערעלע, וואָס איך פערלאַנג פון דיר — האָט ער געזאָגט — אַזוי ווי אין דעם שטעדטעל איז דאָ אַ „קאָשציאָל", אין דעם „קאָשציאָל" איז דאָ זעהר אַ סך געלד, מוז מען עס אויסלעדיגען. וויל איך, אַז דו זאָלסט פאָלגען דײַן פעטער און מיט אונז מיטגעהן און דו וועסט אַרײַן אין דעם „קאָשציאָל" דורך אַ קליין פענסטערל און וועסט אַרויסדערלאַנגען דאָס גאַנצע גאָלדוואַרג, מיר האָבען מיט אַ פערד און וואָגען און אַזוי ווי דו וועסט עס אַרויסדערלאַנגען, אַזוי וועט מען דאָס באַלד אַוועקלעגען אָף דער פוהר.

האָט דאָס יונגעל געזאָגט: גוט, איך געה מיט.

און אַזוי זענען אַלע דרײַ אַוועק צום „קאָשציאָל" און דאָס יונגעל איז אַרײַן דורך אַ קליין פענסטערל און ער האָט אָנגעהויבען אַרויסדערלאַנגען. איינער האָט צוגענומען און דער צווייטער האָט אַרויפגעלעגט אָף דער פוהר. אַרויסגעגעבען האָט דאָס יונגעל נאָר בילדער און ווי ער האָט נאָר געפונען געלד, האָט ער עס פאַר זיך צוגענומען. די בילדער, וואָס ער האָט זײ אַרויסגעגעבען זענען געווען הילצערנע, נאָר אַזוי ווי ס'איז געווען פינסטער, האָבען זײ געמיינט, אַז עס זענען גאָלדענע. ווי דאָס יונגעל האָט געזעהען אַז די פוהר איז שוין פול און ער אַליין האָט שוין אויך געהאַט אַ פאָר טויזענד רובל געלד און גאָלד און בריליאַנטען. וואָס טהוט ער דאָ? ער ווייסט דאָך אַז ער האָט זײ אָבגענאַרט, און ער האָט געוואָלט פון זײ פטור-ווערען, האָט ער זיך געגעבען אַזאַ עצה: ער האָט געגעבען אַ געשרײַ: אוי, פעטער, ס'האָט מיך עמיצער אָנגעכאַפּט בײַ'ן פוס, ראַטעוועט מיך. ווי די גנבים האָבען דאָס געהערט, זענען זײ אַרויף אויף דער פוהר און זענען אַנטלאָפען. דאָס יונגעל ווידער, ווי ער האָט געזעהען, אַז זײ זענען שוין נישטאָ, איז ער צוריק אַרויס דורך דעם פענסטערל און ער האָט זיך געגעבען אַ קלער: ווי באַלד ס'וועט טאָג ווערען און די צוויי חברה וועלען דערזעהען אַז זײ האָבען אַ פולען וואָגען מיט האָלץ, וועלען זײ אַוודאי קומען צו מיר און זאָגען: הער, גוטער ברודער, אונז האָסטו אָבגענאַרט. דיר האָסטו גענומען דאָס גאָלד און אונז האָסטו געגעבען דאָס האָלץ! וואָס וועט זײַן? ניין—זאָגט ער—צוריק אין דער ישיבה געה איך שוין נישט, איך וועל אַוועק אין אַ ווײַט שטעדטיל.

1) פוילִיש: trociny

אזוי געקלערט און אזוי געטהון.

דאס יונגעל האט גענומען וואנדערן, דריי טויזענד רובל האט ער זיך באהאלטען און דערעשט ° געלד האט ער געהאט צום וואנדערן, אזוי לאנג ביז וואנען ער איז געקומען אין א גוטע ישיבה ° מיט פיינע יונגע־לייט און ער איז זיך דארט געזעסען און געלערנט.

די צוויי גנבים וויעדער האבען איהם גערעכענט דעמאלט אבצוגע־נארען °. זיי האבען זיך געקלערט: אזוי ווי ער וועט זיי ארויסגעבען דאס גאנצע גוטס, וועלען זיי איהם איבערלאזען און זיי וועלען אנטלויפען און ווי זיי האבען געמיינט, אז מ'האט איהם געכאפט און זיי זענען אנטלאפען, האבען זיי זיך געפרעהט, או זיי זענען פון איהם פטור. און ווי זיי זע־נען אזוי געפאהרען ווייט, ווייט פון דער שטאדט און עס האט אנגעהויבען צו טאגען, גיבען זיי א קוק אויף דער פוהר: אוי, א בראך! וואס טהוט מען? — זאגען זיי — ווען א גוי זאל אציינד אנקומען, וועלען מיר דאך אומגליקליך.

— זאלען מיר קודם דאס אוועקווארפען — זאגט איינער — און מיר וועלען צוריק אהיין צו דעם ישיבה'ניק, ער האט אונז אבגענארט.

און אזוי האבען זיי געטהון, די אלע בילדער האבען זיי אוועק־געווארפען אין וואלד אריין און זיי זענען צוריק מיט גרויס רציחה נקמה צונעהמען ביי דעם ישיבה'ניק. און וואס מעהר זיי האבען דאפון ° גע־רעדט, מעהר אין כעס זענען זיי אויף איהם געווארען. זיי האבען שוין יעצט פארשטאנען פאר וואס ער האט געשריגען ° אז מ'האט איהם ביי א פים אנגעכאפט.

ווי זיי זענען אהיינגעקומען, האבען זיי איהם אבער שוין נישט גע־טראפען. האבען זיי זיך געגעבען דאס ווארט, אז זיי מוזען איהם אויסזו־כען. און אזוי זענען זיי ארומגעפאהרען שטעדט איין, שטעדט אוים, דער־וויילע איז אוועק א שטיק צייט.

איינמאל זענען זיי געקומען אין א קליין שטעדטעל אריין, זעהען זיי ווי דאס גאנצע שטעדטעל איז עפעס פרעהליך, מענטשען ° געהען שבת'־דיג אנגעטהון; זענען זיי צוגעגאנגען צו אייניצע און האבען זיך געפרעגט, וואס דאס איז. האט מען זיי געענטפערט: אזוי ווי דער רב מאכט חתונה זיין איינציגע טאכטער, איז ווער עס קומט אף ° דער חתונה ווערט זעהר שען צוגענומען.

די צוויי חברה ° ווי זיי האבען דאס געהערט, האבען זיי געזאגט איינער צום אנדערן: קום, מיר וועלען אויך געהן. און זיי זענען געגאנ־גען גלייך אהין צום חתן.

ווי זיי זענען אהינגעקומען, גיעבען זיי א קוק, אז דאס איז דער, וועמען זיי זוכען.

האבען זיי זיך אנידערגעזעצט קעגען איבער איהם און האבען איהם געקוקט גלייך אין די אויגען אריין. דער חתן ווערט טויט־בלאס, ער האט זיי אויך דערקאנט.

לאזען זיי זיך אנקוקען און איך מוז דערצעהלען ווי אזוי דער ישיבה'ניק איז געווארען דעם רב'ס חתן.

אזוי ווי ער איז געקומען אין דעם שטעדטעל, אזוי האט ער זיך געזעצט לערנען, נאר קיין טעג עסען האט ער נישט געוואלט ביי קיינעם; ער האט געגעסען פאר זיין אייגען געלד. דאס האט אלע יונגעלייט פאר־דראסען, זיי זענען נגיד'ישע קינדער און זיי עסען יא טעג און ער — נישט; זענען זיי געגאנגען צום רב און האבען איהם דערצעהלט: אזוי ווי ס'איז דא אין דער ישיבה א בחור, לערנט ער גאנץ שען, נאר קיין טעג נעהמט ער אין ערגעץ נישט עסען.

דעם רב איז די זאך אריין אין קאפ אריין און ער האט געשיקט רופען דעם בחור און האט איהם געפרעגט פון וואנען ער איז און ווי ער הייסט און פאר וואס ער עסט נישט קיין טעג.

האט ער געענטפערט: אזוי ווי מיין פאטער איז מיר געשטארבען, האט ער מיר איבערגעלאזט געלד, האב איך מיר א פאר טויזענד רובל באהאלטען און דערעשט ° געלד האב איך אף ° צו עסען, און אזוי ווי איך האב מיין געלד, וויל איך נישט געהן צו קיין פרעמדען טיש.

ווי דער רב האט דאס געהערט, איז ער איהם געפאלען און אזוי שנאך ° איז די חתונה (!) און יעצט זיצען די צוויי גנבים, דורך וועמען דער חתן האט געמאכט די פאר גראשען, און זיי קוקען איהם אן.

ווי זיי קוקען איהם אזוי אן, קומט אריין דער בדחן און רופט אוים צו דער חופה, מילא, דער חתן געהט, זיי געהן מיט; דער חתן געהט פון דער חופה, זיי געהען מיט. וואו מ'האט אלץ דעם חתן געפיהרט, זענען זיי געוועזען נעבען איהם. און זיי האבען אזוי געטהון: איינער האט זיך געזעצט אין דרויסען אויף דער־פוהר און איינער איז אריין אין דעם שטי־בעל, וואו מ'האט געדארפען חתן כלה אריינפיהרען, און ער האט זיך גע־לעגט אונטערן בעט.

ווי מ'האט שוין אריינגעפיהרט די חתן־כלה און די כלה איז שוין געלעגען אין בעט, האט דער חתן אויסגעלאשען ס'ליכט און איז צו איהר צוגעגאנגען און האט געזאגט: הער אוים מיין כלה, אזוי ווי איך האב דא ביי מיר דריי טויזענד רובל און איך דארף ארוים געהן, נעהם זשע זיי צו; און ער איז ארוים און האט זיך געשטעלט הינטער דער טהיר.

ווי דער גנב, וואס איז געלעגען אונטערן בעט, האט דאס דערהערט, האט ער זיך געשווינד געגעבען א רוק אפער און האט געזאגט צו דער כלה: נארעשטע [1]) גיעב עס אהער. די כלה האט געמיינט, אז דאס איז דער חתן, האט זי איהם דאס געלד אוועקגעגעבען.

דער חתן איז געשטאנען הינטער דער טיהר, האט ער געהערט ווי דער גנב האט שוין דאס געלד און ער לויפט דאמיט ° ארוים, איז ער דעם גנב אונטערגעקומען ביי דער טהיר און האט צו איהם געזאגט: האסט עס, האסט עס, גיעב עס אהער.

דער גנב האט געמיינט, אז דאס איז דער שותף, האט ער עס איהם אוועקגעגעבען. דער חתן האט זיך געמאכט לויפען און איז אריין אין שטוב און ער האט זיך פארשלאסען און ער האט געהאט דאס געלד און ער איז געווארען דעם רב'ס איידעם און ער לעבט זיך גליקליך.

דער גנב וויעדער איז צוגעלאפען צו דער פוהר. דא וואו יענער איז געזעסען און ער איז געגעבען א שפרינג אויף דעם וואגען און האט געגעבען א געשריי: „פאהר!" און זיי ביידע זענען שנעל אוועק.

ווי זיי זענען שוין געהאט אבגעפאהרען א שטיק וועגס וויים הינטער דער שטאדט, רופט זיך אן דער וואס איז געלעגען אונטערן בעט אין שטוב: נו, זאגט דער צווייטער: נו, זאגט ער וויעדער: נו, זאגט דער צווייטער „נו, נו, נו!"

און אזוי ווי זיי ביידע זאגען זיך איינער דעם אנדערן „נו"; — זיי האבען געמיינט: נו, לאמיר זיך צוטיילען — ברעכט צווישען זיי אוים א גרוים געשלעג און זיי האבען זיך אזוי צוקלאפט, אז זיי האבען שוין נישט געהאט קיין כח זיך צו שלאגען. ווי זיי זענען שוין געוועזען ביידע גוט צובלוט, האבען זיי זיך אנגעהויבען צונויפשמועסען, האבען זיי געזעהען, אז זיי האבען זיך בחנם געשלאגען: דער ישיבה'ניק האט זיי אבגעפרייערט *.

האט איינער געזאגט צום צווייטען: מיר מוזען פון דאנען אנטלויפען, דאס גמרא־קעפעל קען אונז נאך ערגערס אבטהון. און מיט צוברא־כענע ביינער און אהן א גראשען געלד זענען זיי קוים אנטלאפען.

(לובלין.)

4)

אין דער שטאט אמסטערדאם איז געוועזען א רב מיט א רבי'צען. דער רב איז געוועזען א גרויסער גאון, א גרויסער עושר און אלע האבען איהם ליעב געהאט. נאר איין עגמת־נפש האט ער געהאט און ער האט זיך זעהר גע־שעהמט: ער האט געהאט פיער זיהן, זענען זיי געוועזען גרויסע גנבים.

מיט אמאל איז ער געגאנגען ° און האט צוגערופען די פיער זיהן און האט צו זיי געזאגט: ליעבע קינדער, עטץ ° פארמעהרט ° מיר מיין לעבען, די שאנדע איז מיר זעהר גרוים, כ'על ענק ° געבען א פאר הונדערט רובל, עטץ זאלט אוועק פון די שטאט און אויב עטץ וועט דאנאך ° פארשטעהן, אז צ'האט ° ענק ° געבעסערט, עטץ זענט געווארען ארענטליכע מענשען, מעגט עטץ צוריק קומען. נאר טאמער נישט, טאמער זענט עטץ צופיעל אריינגעטהון אין די געמיינע זאכען, זאלט עטץ נישט דאוועגען ° צו־ריק צוקומען, כדי עטץ זאלט מיר נישט פארמעהרען מיין לעבען.

זיי האבען גענומען בארי'ן ° פאטער ס'געלד און האבען זיך געזעגענט מיט די עלטערן און די פאטער און מוטער האבען זעהר געוויינט און דער פאטער האט געזאגט: וועה איז צו מיין לעבען, אז איך מוז מיינע קינדער פארשטויסען °; וועה איז צו דעם טאטען, וואס ער פארשטויסט זיינע קינדער.

[1]) פוילִיש: nareszcie

די קינדער האבען אויך געוויינט און אלע פיער זענען אוועק פון דער שטאדט.

ווי זיי זענען געקומען אונטער דער שטאדט, אנ׳ערך פון א פאר מייל וועגס, האבען זיי דערזעהען א קרעטשמע, זענען זיי אריינגעגאנגען אין די קרעטשמע אריין און האבען זיך גענומען עפעס צו עסען; האבען זיי אנגעהויבען צו מאכען א שמועס און דער עלצטער° ברודער האט זיך אנגערופען: ליעבע ברידער, ס׳איז זעהר א גרויסע עולה פון אונז וואס מיר טהון אן אונזער פאטער אזא קרענקונג, נאר מיר האבען דאך אבער שוין נישט קיין ברירה, ווייל מיר זענען צו טיף אריינגעטהון אין דער גנבה, נאר מיר זעמיר° דאך אבער פארט ויינע קינדער, מיר קע׳מיר° ווערען פיעל בעסער, אז אונזער פאטער און מוטער זאלען האבען פון אונז נחת; איז מיין עצה־טובה, אז מיר זאלען זיך דא איינס ס׳אנדערע צושווערען, אז מיר זאלען מיר° זיך לערנען א מלאכה. זאלען מיר זיין בעלי־מלאכות אבי נישט קיין גנבים.

די ברידער האבען געזעהען, אז ער האט רעכט, האבען זיי געזאגט: מיר וועלען מיר° דיך פאלגען. האט ער צו זיי געזאגט: שווערטס מיר צו און איך וועל אייך אויך צושווערען. דא האבען מיר פיער וועגען, זאל יעדער בעזונדער געהן אין אנאנדער׳ן וועג און דאס ערשטע, וואס וועט זיך טרעפען פאר° א מלאכה זאל מען נישט אוועקגעהן פון איהר, נאר מ׳זאל זיך די מלאכה לערנען און מעהר ווי אף° פיער יאהר אף די לערן° זאל מען נישט געהן און אין פיער יאהר ארום — מיר עבען° זיך האבען אויסגעלערנט די מלאכות — זאלען מיר זיך דא צוזאמענקומען אין דער אייגענער קרעטשמע. טאמער אז איינער וועט קומען פריהער א פאר טאג, זאל ער ווארטען ביז אלע וועלען מיר זיך צוזאמענקומען. און יעדער זאל מיטברענגען פון זיין פאך־מלאכה° עפעס וואס ער האט זיך אויסגעלערנט.

און זיי האבען גענומען א שווערד און אריינגעשטעקט אין א בוים אריין און האבען דאס געמאכט פאר א צייכען אז ווען זיי וועלען קומען אין פיער יאהר ארום צו דעם ארט און וועלען ארויסנעהמען די שווערד און די שווערד וועט זיין פארשאווערט° אף דעם ארט, וואו זייערע נעמען זענען אויסגעקריצט געווען, אזוי זאל מען וויסען, אז דער פון דעם נאמען° איז געשטארבען.

כך הוה, אזוי איז געווען. זיי האבען זיך צוגעשוואוירען, אז אין פיער יאהר ארום זאלען זיי זיך צוזאמענטרעפען און זיי זענען געגאנגען וואנדערן, יעדער איז געגאנגען אנ׳אנדערן וועג.

לאמיר געהן צום ערשטען, דעם עלצטען. ער האט געוואנדערט א גאנצען טאג, ביי די° נאכט האט ער געדארפט אדורכצוגעהן דורך א וואלד. ער איז אויסגעגאנגען° דעם גאנצען וואלד, האט ער געזעהען א פעלד מיט א בארג. ס׳איז שוין געווען גוט נאכט, די לבנה האט געשיינט, גיעט ער א קוק, ווי ס׳שטעהט א מענש אף° דעם בארג און קוקט אין די שטערען אריין. ער האט געהארט ווי דער מענש האט זיך אבגעפארטיגט°, געהט ער צו איהם צו און באגריסט° איהם.

פרעגט איהם דער מענש: אך, ווי קומסטו, יונגער מענש, אזוי שפעט ביי די° נאכט צו וואנדערן?

האט ער געזאגט: איך בין אנ׳ארים יונגעל, כ׳האב נישט קיין טאלענט אין די האנד, געה איך וואנדערן, זוכען א מלאכה, איך זאל מיך קענען עפעס אויסלערנען, איך זאל קענען נוצען ברענגען אף° דער וועלט.

האט דער מענש געזאגט: ליעב קינד, איך זעה דו ביזט זעהר אנ׳ארענטליך° קינד און דו ביזט קלוג אויך, קען° איך דיך צונעהמען צו מיר, איך וועל דיך אויסלערנען א טייערע מלאכה. דו האסט געזעהען ווי איך בין געשטאנען אף דעם בארגעל° און האב געקוקט אין די שטערען?

זאגט ער: יא, בעסטער האר, כ׳האב געזעהען.

האט ער געזאגט: ווייל דו געפעלסט מיר, וועל איך דיך צונעהמען צו מיר אף די לארן, און וועל דיך אויסלערנען° די שטערען־לעהר־קונסט; וואס דו וועסט קענען זעהען אן די שטערען פון איין עק וועלט ביז די צווייטע עק וועלט וואס ס׳טהוט זיך.

ער איז באשטאנען° און האט איהם זעהר געדאנקט און איז געבליעבען ביי איהם אף פיער יאהר אף די לארן.

הערשט° לאמיך געהן צום צווייטען ברודער.

דער צווייטער ברודער איז געגאנגען° מיט׳ן צווייטען וועג און האט געוואנדערט און געוואנדערט און איז אויך אריינגעקומען אין א וואלד אריין. האט ער געזעהען ווי א יעגער זיצט און אין שלאפט און אין מיטען שלאפען האט ער געגעבען א שאס אויס אין דערהייך°— ער האט אין מיטען שלאף דערשפיערט ווי א פויגעל פליהט אין דערהייך אונטערן הימעל — און אזוי ווי ער האט אויסגעשאסען, האט ער דעם פויגעל געטראפען און ער איז טויט אראבגעפאלען. ווי דאס יונגעל האט דאס דערזעהען, האט ער זיך זעהר פארוואונדערט° און ער האט געהארט ביז דער יעגער איז אויפגעשטאנען. ווי דער יעגער איז אויפגעשטאנען האט ער געזעהען ווי א שען יונגעל שטעהט לעבען° איהם. פרעגט ער איהם: ווער ביזטו? און וואס שטעהסטו דא נעבען מיר? האט דאס יונגעל געענטפערט: ס איז מיר זעהר א גרויס וואונדער אף° דעם האר. דער האר איז געשלאפען און אין שלאף האט ער דערשפיערט ווי א פויגעל פליהט אין דערהייך און האט אויסגעשאסען מיט צוגעמאכטע אויגען און האט געטראפען דעם פויגעל.

האט דער יעגער געענטפערט: איך בין איינער פון די גרעסטע יעגערס אין דער וועלט.

האט ס׳יונגעל זיך אנגערופען: „ליעבער הערר, טייערסטער הערר, איך בין אנ׳ארים יונגעל, כ׳בין געלערנט, נאר קיין מלאכה האב איך נישט אין דער האנד, בעט איך דעם הערר, זאל אזוי גוט זיין מיך אויסלערנען די מלאכה, כ׳וועל דעם הערר זעהר דאנקבאר זיין. האט דער יעגער געזאגט: דו ביזט מיר זעהר געפאלען, דערפאר נעהם איך דיך טאקע צו און וועל דיך אויסלערנען אזוי גוט ווי איך אליין קען°. דאס יונגעל האט איהם געגעבען א קוש אין דער האנד אריין און איז געבליעבען ביי איהם אף פיער יאהר אף די לארן°.

יעצט לאמיך איהם דא לאזען בארן° יעגער און לאמיר געהן צום דריטען ברודער.

דער דריטער ברודער איז געגאנגען דעם דריטען וועג און האט אויך געוואנדערט און געוואנדערט און איז אויך געקומען אין א וואלד אריין. האט ער געזעהען ווי א סטאלארוש° שטעהט און ארבעט° זיין מלאכה און אזוי ווי ער לעגט ארויף דעם הובעל אויף דעם האלץ, אזוי הובלעוועט עס אליין אהן ויינע הענד. דער הובעל געהט הין און צוריק און דאס האלץ ווערט אזוי שען אבגעהובלעוועט. ער שטעלט עס נאר צוזאמען און ס׳איז שוין א כלי. דעם יונגעל איז דאס א שרעקליך וואונדער: ווי אזוי איז דאס מעגליך אזא זאך זאל זיך • פאסירען? איז ער אזוי געשטאנען און געקוקט און זיך געוואונדערט.

האט דער סטאלארוש איהם געפרעגט: יונגעל, וואס שטעהסטו, אז דו ביזט ווידער א וואנדער־יונגעל, וואס וואנדערסטו נישט?

האט דאס יונגעל געענטפערט: כ׳קען° נישט אוועקגעהן פון דעם וואונדער, וואס כ׳זעה דא.

האט זיך דער סטאלארוש אויסגעלאכט און האט געזאגט: ביי מיר איז דאס פון די מינסטע° זאכען. אין מיין מלאכה בין איך איין מעכאניק° אף דער וועלט.

הייבט זיך אן דאס יונגעל צו בעטען ביי איהם: „ליעבער טייערער הערר, איך פאהר וואנדערן אף די וועלט וועגען° א מלאכה זיך צו לערנען און יעצט, אז כ׳האב געטראפען דעם גרעסטען מעכאניק פון דער וועלט, בעט איך דעם הערר, ער זאל מיך צונעהמען אף די לארן, איך האב א גוטען קאפ. כ׳קען פארנעהמען די מלאכה.

האט דער סטאלארוש געענטפערט: איך זעה אן דיינע אויגען, אז דו ביזט זעהר א קלוג יונגעל און א געשיקט יונגעל, איך נעהם דיך צו אויסצולערנען די מלאכה.

און ער איז ביי איהם געבליעבען אויך אף פיער יאהר אף די לעהר.

יעצט לאמיך געהן צום פארדען° ברודער.

דער פארדער ברודער איז געגאנגען אויפ׳ן פארדען וועג און ער האט געוואנדערט און איז פארבלאנדושעט° געווארען אין א וואלד אריין. ווי ס׳איז געווארען נאכט, איז ער אזוי געגאנגען און איז אריינגעפאלען אין א טאל אריין און ווי ער האט זיך געוואלט ארויסראטעווען, קומט צו איהם א מענש מיט א שווערד און זאגט צו איהם: ווער ביזטו?

זאָגט ער: איך בין אַן אָרים יונגעל, איך געה מיך לערנען אַ מלאָכה און אין גאַנג ° בין איך דאָ אַרײַנגעפאַלען אין מאָל אַרײַן, יעצט בעט איך דעם העררן ער זאָל מיר ווײַזען ווי אַזוי איך קען מיך אַרויסדרעהען, כ'וואָל קאָנען קומען אין אַ שטאָדט אַרײַן.

האָט דער מענש מיט דער שווערד געענטפערט: מײַן קינד, איך זעה, אַז דו ביזט זעהר קלוג, דו האָסט מיר גוט געענטפערט, ווען ניט וואָלט איך דיך געהרג'עט, איך וואָלט געמײנט, אַז ס'איז אַ שפּיאָן אונטערגעשיקט; נאָר יעצט זעה איך דאָך, אַז דו מײנסט עס ערנסט. זאָלסט וויסען, אַז איך בין אַ גנב, אָבער ניט אַזאַ גנב ווי אַנדערע גנבים. איך בין אַ מעכאַניטשנער ° גנב. די גרעסטע שלעסער מאַך איך אָף מיט אײן קוק. אַלזאָ, אַזוי ווי דו ביזט אַ קלוג יונגעל, נעהם איך דיך צו אָף די לארן °.

ער האָט אָנגעהויבען צו קלערען. ער האָט זיך געקלערט: מיר זעמיר ° פיער ברידער, מיר זעמיר אַלע גנבים געוועזען און מיר זעמיר געגאַנגען ° זיך לערנען מלאכות, עהרליכע, צום סוף האָט זיך מיר געטראָפען איך זאָל הערשט ° ווערען אַ רעכטער גנב. וואָס זאָל איך יעצט טהון? כ'האָב דאָך אָבער צוגעשוואוירען מײנע ברידער אַז דאָס ערשטע, וואָס וועט זיך מיר טרעפען אַ מלאכה, זאָל איך זי ניט מײַדען און זי אָננעהמען.

און ער האָט זיך באַקלערט °, אַז ער מוז דאָס אָננעהמען דורך ° דער שבועה און ער האָט געזאָגט צום גנב: איך בלײַב בײַ דיר צו לערנען הלכות גנבה, נאָר מעהר ווי אָף פיער יאָהר קען איך ניט זײַן, ווײַל איך בין אַזוי באַשוואוירען געוואָרען, אַז דאָס ערשטע וואָס ס'וועט זיך מיר טרעפען זאָל איך אָננעהמען, נאָר אָף פיער יאָהר.

ער איז בײַ איהם געבליבען. סאיז דאָך ניט אַזוי געשווינד ווי ס'רעדט זיך. די פיער יאָהר זענען אויך ניט געוועזען קײן טויזענד יאָהר. די פיער יאָהר זענען אויסגעגאַנגען, און יעדער האָט זיך אויסגעלערנט זײַן מלאכה קינסטליך ° און זיי זענען אַרויסגעקומען די גרעסטע מעכאַניקעס אין דער וועלט.

מיט אַמאָל זענען זיי זיך צוזאַמענגעקומען אין דער קרעטשמע אַרײַן, וואו זיי האָבען זיך געהאַט צוגעשוואוירען; אײנער איז געקומען אַ פּאָר טאָג פריהער, אײנער — אַ פּאָר טאָג שפּעטער.

דער ערשטער איז געוועזען דער שטערען-זעהער, ער איז צוגעגאַנגען צו דער שווערד און האָט זי אַרויסגענומען, האָט ער געזעהען אַז אַלע נעמען פון זײַנע ברידער זענען דאָ, ס'איז ניט געוועזען פאַרזשאַווערט אָף קײן שום אָרט. האָט ער פאַרשטאַנען, אַז אַלע ברידער לעבען און זיי וועלען מסתם קומען. די איבעריגע ברידער זענען אויך געקומען. אײנער אַ טאָג פריהער, אײנער אַ טאָג שפּעטער; נאָר אויפ'ן יונגסטען ברודער, אָף דעם גנב, האָבען זיי געהאַרט אַכט טאָג, זיי האָבען אָבער געזעהען, אַז דער נאָמען אָף דער שווערד איז ניט פאַרזשאַווערט, האָבען זיי געוואוסט, אַז ער מוז קומען. דער סוף איז געוועזען, אַז אויפ'ן אַכטען טאָג איז ער געקומען. איז געוואָרען צ'ישען ° זיי אַ פרעהליכקײט. זיי האָבען זיך געקושט און געהאַלזט — און האָבען זיך זעהר געפרעהט און זיי האָבען אָנגעהויבען צו פאַרצעהלען סאַרנע ° מלאכות זיי האָבען זיך געלערנט און יעדער האָט מיטגעברענגט זײַן געצײַג. דער שטערען-זעהער האָט אַרויסגענומען אַ פּאָר ברילען און האָט געזאָגט: אַזוי ווי איך טהו אָן די ברילען און שטעל מיך בײַנאַכט אויף אַ קלײַן באַרגעל °, אַזוי זעה איך וואָס טהוט זיך אָף דער גאַנצער וועלט. האָבען די ברידער איהם זעהר מקנא-געוועזען און האָבען געזאָגט, אַז ער האָט די שענסטע מלאכה געלערנט.

נאָכדעם האָט דער צווייטער ברודער אַרויסגענומען זײַן ביקסעל און האָט געזאָגט: מעג איך אַפילו שלאָפען און אַז כ'וועל האַלטען דאָס ביקסעל אין דער האַנד און ס'וועט פליהען אַ פויגעל, וועט דאָס אויסשיסען און דערהרג'ענען דעם פויגעל.

האָבען זיך די ברידער געפרעהט און האָבען געזאָגט: ס'איז זעהר אַ טײַערע זאַך.

נאָכדעם האָט דער דריטער ברודער אַרויסגענומען זײַן זעגעל מיט'ן הובעל מיט'ן האַמער און האָט געזאָגט: די גרעסטע זאַך קען איך מאַכען אָהן שום „מאַרדאָוואַגיע" ° און כ'קען צײַט פיער און צוואַנציג שעה אויפבויען דאָס שענסטע הויז.

זיי האָט ° זעהר געפאַלען און זיי האָבען זיך זעהר געפרעהט,

נאָכדעם פרעגען זיי דעם פערדען ° ברודער, דעם יונגסטען: וואָס פאַר אַ מלאכה האָסטו געלערנט?

האָט ער געזאָגט: קעגען אײַערע מלאכות שעהם איך מיך אויסצוזאָגען.

האָבען זיי געענטפערט: לאָז שוין זײַן וואָס דאָס איז און אויסזאָגען מוזטו דאָך.

האָט ער געזאָגט: עטץ זאָלט וויסען, אַז איך האָב געלערנט די מלאכה גנבה, נאָר אָבער גנב'ענען איז שוין ניטאָ דער צווייטער אין דער וועלט צו מיר, די גרעסטע שלעסער זענען בײַ מיר אַזוי ווי פאַפיר.

ווי די ברידער האָבען דאָס געהערט, האָבען זיי זיך אָנגעכאַפּט בײַ די קעפּ און האָבען אָנגעהויבען שטאַרק צו וויינען, נאָר זיי האָבען געזאָגט: מילא ס'איז דאָך פאַרפאַלען, און זיי האָבען צ'ישען זיך געמאַכט, אַז פאַר דעם פאָטער זאָל מען זײַן מלאכה ניט אויסזאָגען און די דרײַ ברידער וועלען אויפהאַלטען דעם יונגסטען ברודער. ער זאָל ניט דאַרפען גנב'ענען. און זיי האָבען זיך אויפגעהויבען און זענען אַוועק אַהײם.

ווי זיי זענען געקומען אין שטאָדט אַרײַן, האָבען זיי געזעהען, ס'איז אין שטאָדט אַ גרויסע קלאָג, אַלע געוועלבער זענען צוגעמאַכט און יעדער יוד פאַסט, ס'איז גוזר-תענית. זיי האָבען ניט געקענט פאַרשטעהן וואָס דאָ איז פאָרגעקומען, זענען זיי אַרײַנגעגאַנגען אין אַ קרעטשמע אַרײַן און האָבען זיך געגעסען און געטרונקען.

דערווײַל זענען די שטאָדט מענשען פאַרבײַגעגאַנגען און ווי ס'האָט זיי געזעהען, האָט מען זיי דערקענט, אַז דאָס זענען דעם רב'ס זיהן, האָט מען צו זיי געזאָגט: אָף אונז איז אַזאַ און אַזאַ ביטערע גזרה און מיר פאַסטען מיר ° די גאַנצע שטאָדט, אין די שוהלען איז אָנגעצונדען שווארצע לעכט ° און ס'איז אַ ילה אַזוי ווי אום יום כפור און עטץ געהט אַרום און עטץ עסט און טרינקט בפרהסיא.

זאָגען די ברידער: מיר ווייסען, אַז הײַנט איז קײן שום תענית ניט, וואָס איז עפּעס די מעשה וואָס דאָ איז אַזאַ ילה?

האָבען די שטאָדט מענשען געענטפערט: אַזוי ווי דער קיסר פון דער שטאָדט האָט געהאַט אַן אײנציגע טאָכטער, איז פלוצלינג אין מיטען העלען טאָג געוואָרען פינצטער אין דער שטאָדט און די טאָכטער איז אַוועקגעקומען. האָט דער קיסר מיט'ן סענאַט אַרויסגעגעבען אַ גזרה אָף יודען ווײַבאַלד זיי עבען ניט וועהען צוריק שאַפען דעם קיסר'ס טאָכטער צוריק געזונד און לעבעדיג, וועט מען אַלע יודען אויסהרג'ענען. וואָס טהון יודען? זענען זיי גוזר תענית און בעטען גאָט, אַז ער זאָל זיי העלפען פון דער צרה, פון דער גזרה.

ווי די ברידער האָבען דאָס דערהערט, האָבען זיי אויפגעהערט צו עסען און האָבען געזאָגט: לאָמיר זיך געהן זעהען מיט אונזער ליבען פאָטער.

ווי זיי קומען אַרײַן צום רב אין שטוב אַרײַן, זעהען זיי ווי דער רב זיצט אין די זאָקען און קלאָגט און וויינט.

ווי דער רב האָט זיי דערזעהען, האָט ער זיי באַלד דערקענט און האָט זיך מיט זיי זעהר געפרעהט און ער האָט געזאָגט: איהר זענט נעבאָך געקומען אין זעהר אַ שלעכטע צײַט און ער האָט זיי פאַרצעהלט די גזרה וואָס איז אָף יודען. האָבען זיי געענטפערט: דער ליעבער גאָט וועט העלפען.

ווי דער רב האָט דערהערט פון זיי אַזעלכע יודישע ווערטער, האָט ער זיך זעהר דערפרעהט און ער האָט זיי אַזש געקושט פאַר שמחה.

ווי ס'איז געקומען פאַרנאַכט, האָבען די ברידער געזאָגט צום ברודער, דעם שטערען-זעהער: דו האָסט געלערנט די מלאכה שטערען-זעהערײַ, זאָג אונז וואָס איז עפּעס מיט דעם קיסר'ס טאָכטער, וואו איז זי פערשוואונדען געוואָרען. האָט ער געענטפערט: בײַ דער נאַכט צוועלף אַ זייגער זאָלט עטץ מיט מיר אַרויסגעהן אויפ'ן פעלד, וועל איך זעהען און וועל ענק ° זאָגען, וואָס עס טהוט זיך.

ס'איז געקומען בײַ דער נאַכט צוועלפע °, זענען זיי מיט איהם אַרויסגעגאַנגען אין וואַלד אַרײַן און זיי האָבען זיך אַלע אַרויפגעשטעלט אָף אַ באַרגעל און ער האָט אָנגעטהון די ברילען און האָט געקוקט אין די שטערען אַרײַן. ווי ער האָט ניט לאַנג געקוקט °, האָט ער זיך אָנגערופען: איך זעה שוין וואו זי איז. פרעגען איהם די ברידער: וואו איז זי? האָט ער געזאָגט: אויפ'ן ים איז פאַראַן אַן אינזעל, אָף דעם אינזעל שטעהט אַ גרויסער פּאַלאַץ ° און אין דעם פּאַלעץ ° וואוינען ריזען און די ריזען האָבען אַ קעניג, האָט ער אַ פויגעל, איז ער מיט כישוף. אײנמאָל האָט דער ריזען-קעניג גע-

זעהען דעם קיסר'ס טאָכטער° אַ פאָטאָגראַף, וואָס איז פאַרבלאָנדזשעט געוואָרען אַמאָל צו איהם אָף אַ שיף, האָט ער געגעבען אַ באַפעהל° דעם פויגעל, אַז ער זאָל איהם ברענגען די טאָכטער. און דער פויגעל איז אַזוי גרויס, אַז ווען ער פאַרשפּרייט די פליגעל, מאַכט ער פינצטער אַ גאַנצע מדינה. איז דער פויגעל געקומען דאָ אַהער און האָט דעם קיסר'ס טאָכטער אַוועקגעכאַפּט צום ריזען-קעניג און זי איז הערשט° באַר'ן קעניג אין פּאַלאַץ און זי זיצט בײַ דעם קעניג אָף די שויס [illegible]ער שלאָפט. אַזאַ ריז, אַז ער שלאָפט, שלאָפט ער אַ פּאָר חדשים צײַט.

האָבען זיך די ברידער געגעבען אַן עצה און זײַ האָבען געזאָגט, אַז די יודען זאָלען אויפהערען פאַסטען. זיי זאָלען עסען און טרינקען און מיט גאָטס הילף וועלען זיי זי אָפּברענגען. מ'ווייס שוין וואו זי איז.

די ברידער זענען אַרײַנגעגאַנגען צו דעם קעניג און האָבען זיך בײַ איהם געמאָלדען און דער קעניג האָט זיי אויפגענומען און זיי האָבען געזאָגט: אדוני קעניג, מיר פאָהרען אַוועק נאָך דײַן טאָכטער.

האָט דער קעניג געענטפערט: ווער ס'וועט ברענגען מײַן טאָכטער, דער נעהמט זי פאַר אַ ווײַב און דער קיסר האָט זיי געווינשען גליק און זיי זענען אַוועק.

דער סטאָלאַרוש האָט באַלד אין די געשווינדיקייט° געמאַכט אַ שיפעל און זיי האָבען זיך אויפגעזעצט און עס האָבען באַלייט° די גאַנצע שטאָדט, און דער קיסר מיט אַלע מיניסטאָרען אויך, און דער רב האָט זיי געבענטשט און אַלע האָבען זיי געווינשען גליק און זיי האָבען זיך אַוועקגעשיפט.

דער שטערען-זעהער האָט געוויזען דעם וועג ביז זיי זענען צוגעקומען צום אינזעל און אַלע זענען אַראָב און זענען צוגעגאַנגען צום פּאַלאַץ. דער פּאַלאַץ איז אָבער געשטאַנען אַזוי ווי אַ ווייגער שטעהט. אין אַ קײַלעכיגע שויב אויף אַ באַרג. פון אויבען איז געווען אַזוי איבערגעדעקט מיט אַזאַ גליטשיג מאַטעריאַל, אַז ס'איז אוממעגליך געווען אַרויפצוקומען. און אַרום און אַרום איז געווען צו. זיי האָבען געפּרובט אַרויפצוקריכען, זיי זענען אָבער צוריק אַראָבגעפאַלען; קיינער האָט נישט געקענט אַרויף קריכען. זיי האָבען זיך אַלײן צוריק אַראָבגעגליטשט. האָבען זיי גוזר געווען אָף דעם ברודער דעם גנב, און האָבען געזאָגט דו האָסט געלערנט די מלאכה גנבה, מוזטו אַצונד בעווײַזען דײַן געשיקטקייט.

האָט ער געענטפערט: אַז ס'איז די גזרה אָף מיר, מוז איך°.

און מיט זײַן ספּאָסיב [1]) איז ער אַרויף אָף דעם פּאַלאַץ און האָט זיך אינוועניג אַרײַנגעלאָזט.

ווי ער איז אינעווענינג° אַרײַנגעקומען אין פּאַלאַץ אַרײַן, האָט ער געזעהן ווי אַלין איז אָף שלעסער און יעדעס שלאָס איז געווען אַזוי גרויס, אַזוי ווי אַ שטוב. מילא די שלעסער זענען געגאַנגען דאָלאָי [2]). זיי זענען צוקראָכען געוואָרען בײַ איהם אין די הענד. אַזוי לאַנג ביז ער איז געקומען אין לעצטען צימער, וואו דער ריזען-קעניג איז געשלאָפען, האָט ער אַרײַנגעקוקט דורכ'ן פענצטער°, האָט ער טאַקי געזעהען ווי די פּרינצעסין זיצט בײַ דעם ריז אויף דער שויס און ער שלאָפט. ווי די פּרינצעסין האָט איהם דערזעהען, האָט זי דערקענט, אַז דאָס איז עמיצער פון איהר פאָטערס מדינה און זי האָט אין דער שטיל געזאָגט: ווער איז דאָס, צו איז דאָס אַ מענש אָדער אַ טײַוועל?

האָט ער זיך אָנגערופען: איך בין פון דײַן טאַטען געשיקט געוואָרען דיך צוריק אַהיים צו ברענגען און ער האָט אַרויסגענומען איהר פאָטאָגראַף, וואָס ער האָט מיטגענומען פון קיסר און האָט איהר געוויזען. האָט זי געזעהען, אַז ס'איז טאַקיש° פון איהר טאַטען, האָט זי געזאָגט: כ'האָב דאָך אָבער מורא טאָמער וועט דער ריז אויפשטעהן, וועט ער אונז הרג'ענען.

האָט ער געענטפערט: האָב נישט קײן מורא, און ער האָט צובראָכען ס'לעצטע שלאָס און איז אַרײַן אין צימער און האָט זי אַרויסגעגנב'עט פון דעם ריז'ס הענד און ער האָט זי גענומען אָף די פּלייצעס און איז מיט איהר אַרויס אויפ'ן דאַך פון פּאַלאַץ און האָט זיך מיט איהר אַראָבגעלאָזט אין דער שיף אַרײַן.

די ברידער, ווי זיי האָבען דאָס דערזעהען, אַז זיי האָבען די נקבה, האָבען זיי זיך זעהר געפרעהט און זיי האָבען געזאָגט: אַצינדערט זעהען מיר, אַז די מלאכה קומט צונוצט°, און זיי האָבען זיך אײַנגעזעצט אין דער שיף און האָבען אָנגעהויבען אַ היימצוריידען.

לאָמיר זיי לאָזען אַ היים רייזען און לאָמיר געהן צום ריזען-קעניג.

דאָס מילימער, די ריזען ווי זיי האָבען זיך איבערגעשלאָפען, האָבען זיי געזעהען ווי אַלע שלעסער זענען צובראָכען, זענען זיי געגאַנגען ביז צום ריזען-קעניג'ס צימער, האָבען זיי געזעהען, אַז דאָס שלאָס פון זײַן צימער איז אויך צובראָכען. זענען זיי אַרײַן צו איהם אין שטוב אַרײַן און האָבען איהם געפרעגט, וואו די פּרינצעסין איז, און וואָס זענען עפּיס אַלע שלעסער אויפגעבראָכען. האָט ער געענטפערט איך ווייס נישט. איך בין געשלאָפען. האָבען זיי געזאָגט: גיעב אַ קוק וואָס דאָ איז געווען.

איז ער אַרויף אויפ'ן דאַך פון פּאַלאַץ און האָט געקוקט, האָט ער געזעהען אַז ווײַט אויפ'ן ים שיפען זיך די פיער ברידער מיט דער פּרינצעסין. איז ער געגאַנגען און האָט געגעבען אַ פײַף, איז געקומען צופליהען דער פויגעל, האָט ער געזאָגט צום פויגעל: ברענג מיר די שיף מיט די פינעף° מענשען אין מויל צוטראָגען. האָט דער פויגעל געגעבען אַ שווישטש און איז געפלויגען.

דערווײַל ווי דער פויגעל איז אַזוי געפלויגען, האָט דער יעגער דער-שפּירט ווי אַ פויגעל פליהט אין דערהייך°. האָט דער יעגער אויסגעשאָסען און האָט געטראָפען אין סאַמע אָרט, וואו ער האָט געדאַרפען טרעפען, און ער האָט געטײַט דעם פויגעל. דער פויגעל איז אַראָבגעפאַלען אין ים אַרײַן און האָט מיט'ן עק פליעגעל געגעבען אַ פּאַטש אין דער שיף, איז די שיף צושפּאָלטען געוואָרען און די ברידער מיט דער פּרינצעסין זענען שיער אַרײַן אין ים אַרײַן. האָט דער סטאָליאַרוש געכאַפּט די כלים און האָט אין דער געשווינדיגקייט צורעכט געמאַכט די שיף און זיי זענען באַלד ווײַטער געפאָהרען אין פרעהליכקייט.

אויפ'ן וועג האָבען זיך די ברידער אָנגעהויבען צו אַמפּערין וועמען די פּרינצעסין קומט פאַר אַ ווײַב. דער שטערען-זעהער האָט געזאָגט: מיר קומט זי, ווײַל איך האָב דערזעהען וואו זי איז. האָט דער גנב געזאָגט: ווען איך גנב'ע זי נישט אַרויס, וואָלט מען זי נישט געקענט אַרויסגעהמען, וואָרים די גאַנצע וועלט וועט זיך נישט קענען שלאָגען מיט'ן ריזען-קעניג— וואָלט דאָך פון דעם וויסען גאָרנישט געווען. האָט דער יעגער געזאָגט: ווען איך שיס נישט דעם פויגעל, וואָלט ער דאָך אונז אַלע צוגעשטעלט צום ריזען-קעניג און ער וואָלט אונז אַלע געהרג'עט. האָט דער סטאָליאַרוש געזאָגט: ווען איך מאַך נישט צורעכט די שיף, וואָלטען מיר אַלע אַרײַנ-געפאַלען אין ים אַרײַן און מיר וואָלטען דערטרונקען געוואָרען.

און זיי האָבען זיך די גאַנצע צײַט אַזוי געשפּאַרט און דאָ ווייס מען נישט ווער ס'האָט רעכט, וואָרום ס'איז דאָך טאַקע אַ רעטעניש. און ווידער אַלע פיער קען° זי דאָך נישט נעהמען פאַר אַ פרוי. אַזוי לאַנג האָט עס געדויערט דאָס שפּאַרעניש, ביז זיי זענען געקומען אין שטאָדט אַרײַן.

ווי זיי זענען געקומען אין שטאָדט אַרײַן און ווען דער קיסר איז דאַפין° געוואָהר געוואָרען, איז ער אַרויס אַקעגען מיט זײַן גאַנצע סוויטע מיט מיליטער און מוזיק און ער האָט זיך זעהר געפרעהט און האָט געקושט די פיער ברידער און זיי זענען אַלע אַהיימגעגאַנגען צום קיסר אין פּאַלאַץ אַרײַן מיט גרויס כבוד.

די גאַנצע שטאָדט האָט זיך אויך זעהר געפרעהט.

ווי זיי זענען שוין אַהיימגעקומען האָט מען אָנגעהויבען מאַכען אַ „סעסיע", וועמען פון די פיער ברידער די פּרינצעסין קומט פאַר אַ פרוי.

האָט דאָס סענאַט געזאָגט, אַז זיי זענען אַלע גלײַך מיט° דער רעטונג, און מ'האָט נישט געוואוסט וועמען מע'זאָל זי געבען פאַר אַ ווײַב. האָט מען געשיקט נאָך דעם פאָטער, דעם רב, אַזוי ווי ער איז אַ גרויסער חכם, זאָל ער פּסק'ענען וועמען זי קומט.

ווי דער רב איז געקומען, האָט ער געזאָגט: אדוני קעניג, אַזוי ווי זיי זענען יודען און בײַ אונז אין דער תורה שטעהט: לא תתחתן בם, און פאַר אַ פּרינצעסין איז אַוודאי נישט שען, אַז זי זאָל התונה האָבען מיט אַ יוד, אַ פּראָסטען בירגער, איז מײַן עצה, אַז דער קעניג זאָל זיך האַלטען די טאָכטער זײַנע און וועמענען° ער וועט זי וועלען געבען פאַר אַ ווײַב, זאָל ער זי געבען און מײַנע קינדער זאָל דער קיסר פאַרגיטיגען מיט עפּיס אַנדערש.— אַלע גלײַך.

דעם קיסר און דעם סענאַט איז דאָס זעהר שטאַרק געפעלען. די זיהן זענען אויך דאַרויף באַשטאַנען און דער קיסר האָט געגעבען דעם רב אַ קוש אין קאָפּ אַרײַן פאַר זײַן גוט פּסק'ענען און דעם פּסק האָט מען גוט

---

[1]) פּויליש: sposób

[2]) רוסיש: долой

אויסגעפֿיהרט. דער קיסר האָט יעדען געשענקט אַ שטאָדט און וואָס זיי ווילען מיט איהר טהון, מעגען זיי. באַזונדער° האָט ער זיי געמאַכט פֿאַר מיניסטאָרען און זיי האָבען זיך אָבגעלעבט אַ לאַנגע צײַט און האָבען זיך געפֿיהרט בדרך הישר און האָבען געטהון פֿיעל גוטס. די גאַנצע שטאָדט האָט זיך מיט זיי געבענשט. זיי האָבען זיך געמאַכט פֿאַבריקען און האָבען צוגענומען יודישע קינדער און האָבען זיי אויסגעלערנט די אײַגענע מלאכות.

מ'האָט די ברידער גערעדט שידוכים פֿון די פֿײַנסטע לײַט אין דער וועלט און ס'איז געווען חתונות כיד המלך און דער פֿאָטער האָט זיך זעהר געפֿרעהט וואָס זיי זענען געוואָרען עהרליכע מענשען און ער האָט צו זיי געזאָגט: ליעבע קינדער, יעצט זעה איך, אַז כ'האָב שטאַרק נחת פֿון אײַך, נאָר בעסער זאָלט געווען ווען עטין זאָלט געווען רבנים.

די ברידער האָבען חתונה געהאַט און זענען געוואָרען זעהר גרויסע לײַט, הן אין מסחר, הן אין לערנען, און ווען דער פֿאָטער ווײַטער איז אין גרויס סלכות נפטר געוואָרען, איז דער יונגסטער זוהן — דער גנב — געוואָרען רב אָף זײַן אָרט, און דער קיסר האָט געטהון אַ שידוך מיט זײַן מאָכטער מיט אַ'נאַנדערען קעניג'ס אַ זוהן און האָט די פֿיער ברידער פֿאַרבעטען אָף דער חתונה און ער האָט זיי פֿאָרגעשטעלט פֿאַר אַלע געסט, אַז דאָס זענען די וואָס האָבען געראַטעוועט די פּרינצעסין. האָבען אַלע קיסרים, וואָס זענען געווען אָף דער חתונה, די ברידער געשענקט זעהר שטאַרקע מתנות און זיי האָבען געזאָגט: אַז יודען זענען אַלעמאָל געווען פֿעהיגע און וואונדערליכע מענשען און זיי ווילען שטענדיג זײַן.

די ברידער האָבען זיך נאָכדעם אַלעמאָל זעהר גוט ליעב געהאַט און מיט דעם קיסר האָבען זיי זיך זעהר גוט פֿאַרהאַלטען און זיי האָבען אויסגעלעבט זייערע יאָהרען מיט קינדער מיט אייניקלעך און מיט אור-אייניקליך אין פֿריידען און אין נחת. איז אַזוי זאָל גאָט העלפֿען אַלע יודען מיט גליק און מיט פֿריידען.

(5

ס'איז אַ מאָל געווען אַ קיסר, האָט ער געהאַט דרײַ זיהן, צוויי קלוגע און איינעם אַ נאַר. די צוויי קלוגע האָבען נישט געליטען דעם נאַר און האָבען טאָג און נאַכט געמאַכט אָף איהם רכילות. דער נאַר האָט צו דעם אַלעם זיך אויסגעלערנט צו געהן אין שלעכטע וועגען: ער איז געגאַנגען° אין מאַרק אַרײַן און האָט געגנב'עט, האָט איהם דער קיסר דערפֿאַר אַרויסגעטריבען פֿון זײַן מדינה. דער נאַר איז געגאַנגען און געגאַנגען, ביז ר'איז געקומען אין אַ וואַלד אַרײַן, האָט ער געזעהן אַ גאַנצע קאָמפּאַניע גנבים. זאָגט ער צו זיי: איך בין אויך אַ גנב, נעמטס° מיך צו אין „טאָוואַרישטשעסטוואָ" אַרײַן. האָבען זיי צו איהם געזאָגט: קום! און זיי האָבען איהם אַרײַנגעפֿיהרט אין אַ הייל אַרײַן און האָבען איהם געגעבען צו עסען און צו טרינקען, נאָכדעם האָבען זיי צו איהם געזאָגט: „באַווײַז° אונז עפּעס אַ קונץ-שטיק פֿון אַ גנבה. האָט ער געזאָגט: כ'על ענק° באַווײַזען. גיעטס מיר אַ פּאָר נײַע שיך און קומטס אַרויס אָפּ'ן שאָסיי פֿאַר'ן וואַלד. זיי זענען מיט איהם אַרויסגעגאַנגען, האָבען זיי געזעהן פֿאָהרען אַ פּויער מיט אַ פֿערד און וועגעלע, רופֿט ער זיך אָן: עטסעט° באַלד זעהן, אַז כ'וועל צוגנב'ענען פֿון פּויער דאָס פֿערד און וועגעלע. און ער האָט גענומען איין שוך און האָט זיך פֿאַרגנב'עט אָפּ'ן שאָסיי און אַנידערגעלעגט דעם שוך און איז צוריק אַרײַן אין וואַלד אַרײַן. דער פּויער פֿאָהרט פֿאַרבײַ, זעהט ער ליגען אַ שוך. טראַכט ער זיך איין שוך, וואָס קען נוצען? און איז ווײַטער געפֿאָהרען. ווי דער פּויער איז אַוועק, איז דער גנב אַרויס פֿון וואַלד און האָט צוגענומען דעם שוך און איז הינטען אַרומער דורכ'ן וואַלד געלאָפֿען פֿאַראויס פֿון פּויער אַ ווייאָרסט און האָט אַנידערגעלעגט דעם שוך און איז צוריק אין וואַלד אַרײַן. דער פּויער פֿאָהרט פֿאַרבײַ, זעהט ער ווײַטער ליגען אַ שוך, טראַכט ער זיך: אַז אַ פּאָר שיך, וועט דאָך עפּעס נוצען. איז ער אַראָב פֿון וועגעלע און האָט עס געלאָזט שטעהן און איז צוריקגעלאָפֿען נאָך יענעם שוך. ווי דער גנב האָט דאָס דערזעהן, איז ער אַרויס פֿון וואַלד און האָט צוגענומען ס'פֿערד און וועגעלע און האָט עס געבראַכט צו די גנבים. דער פּויער קומט אָן צום אָרט וואו ס'שוך'על איז געלעגען, ער זעהט עס שוין נישט, האָט ער עס אַזוי אַרומגעזוכט אַ פּאָר שעה און ער האָט עס נישט געפֿונען. איז ער צוריק צום פֿערד און וועגעלע, ער האָט שוין קיין פֿערד און וועגעלע אויך נישט. לויפֿט ער דאָך אַרום זוכען; ער וואַכט אַהין, ער וואַכט אַהער, רופֿט זיך אָן דעם קיסר'ס זוהן, דער גנב, צו זיי: עין עט° זעהן, אַז כ'על° איהם די אובראַניע 1), וואָס ער געהט אָף° זיך, אויך אַראָב גנב'ענען. זאָגען זיי, נו, אַדרבה, לאָמען° זעהן. און אַזוי ווי דערלעבען° איז געווען אַ טײַך, איז ער געגאַנגען און האָט אָבגעהאַקט דעם פֿערד ניקאָפּ און האָט דעם קאָפּ אַרויפֿגעשטעלט אָפּ'ן טײַך אַראָף°. דער פּויער לויפֿט אַרום, לויפֿט אַרום, גיעט ער אַ קוק, ווי דער קאָפּ פֿון פֿערד שטעקט אַרויס פֿון טײַך, האָט ער זיך דערפֿרעהט און האָט געזאָגט צו זיך: דאָס פֿערד איז אודאי אַרײַנגעפֿאָהרען מיט'ן וועגעלע אין טײַך אַרײַן. דער פּויער טהוט זיך אויס און לויפֿט אַרײַן אין טײַך אַרײַן און שווימט אַהין צום פֿערדיל ראַטעווען. דערווײַל איז דער גנב צו און האָט צוגענומען ס'אָנגעטהועכטס° און האָט עס געבראַכט צו די גנבים. ווי זיי האָבען דאָס געזעהן, האָבען זיי געזאָגט: דו ביזט צו קלוג פֿאַר אונז, און דו קאָנסט מיט אונז אויך מאַכען אַזאַ געשעפֿט, אַלזאָ טרעט אָב פֿון אונז און נעהם דיר געלד וויפֿיעל דו ווילסט. ער האָט זיך גענומען אַ סך געלד און האָט זיך מיט זיי געזעגענט און איז פֿון זיי אַוועק. ער איז געגאַנגען°, און געגאַנגען ביז ר'איז אַרײַנגעקומען אין אַ קיסר'ליכע שטאָדט אַרײַן, האָט ער געזעהן ווי מ'בויט פֿאַר'ן קיסר° וועגען אַ פּאַלאַץ און אַ פּאָדמײַסטער 2) נעהמט צו אַרבעטערס°, איז ער צוגעגאַנגען און האָט זיך אויך פֿאַרדונגען פֿאַר אַן אַרבעטער. דער „פּאָדמײַסטער", האָט אָבער געזעהן, אַז ער קאָן נישט אַרבעטען, האָט ער איהם אין מיטען טאָג נישט געוואָלט פֿאַרשעמען און בײַ די נאַכט, האָט ער איהם געזאָגט: קריעגסט דײַן לוין פֿאַר'ן טאָג און מער'עסטו° נישט אַרבעטען°, ווײַל דו קענסט נישט. מאַכט ער: פֿאַרפֿאַלען. נאָכדעם פֿאַרבעט° ער דעם „פּאָדמײַסטער" ער זאָל מיט איהם געהן אין „טראַקטיר" אַרײַן און ער מאַכט אָף איהם קאָליע° אַ שענע פּאָר רובל און ווען ער איז שוין געוואָרען מעהר מיט דעם „פּאָדמײַסטער" באַקאַנט°, האָט ער צו איהם געזאָגט: צי איך טויג יאָ, צי איך טויג נישט, קענסטו דאָך מיך האַלטען, איך וועל דיר נאָר צו העלפֿען, וועל איך שוין אויך ווערט זײַן ס'געלד און גיעב מיר אָב בײַ דיר אַ קוואַטיר 3) און איך וועל דיר דערפֿאַר באַצאָהלען גאַנץ גוט. דער „פּאָדמײַסטער" האָט נישט געקענט מעיז פּנים זײַן, האָט ער איהם צוריק צוגענומען צו דער אַרבעט° און אַלע נאַכט האָט ער מיט דעם „פּאָדמײַסטער" קאָליע געמאַכט אַ שענע פּאָר רובל. דער „פּאָדמײַסטער" האָט איהם וואָס אַ טאָג ליעבער געקראָגען, ביז ער האָט איהם אָנגענומען אַלעם° קאָלעגע און ער האָט שוין קיין שום זאַך נישט געטהון, ביז ער האָט נישט איבערגעפֿרעגט דעם גנב, ווײַל דער „פּאָדמײַסטער" האָט געזעהן, אַז ער איז אַ קלוגער יונג. אַזוי איז געווען אַ צײַט, ביז דער פּאַלאַץ איז שוין באַלד פֿאַרטיג געוואָרען.

איינמאָל ווען זיי געהן אַזוי אַ היים, האָט ער אײַטער געפֿונדירט 4) דעם „פּאָדמײַסטער". ווי זיי זיצען אַזוי, זאָגט דער גנב: ווייסטו וואָס, ווילסט מיר זאָלען ביידע גליקליך זײַן. זאָלסטו מאַכען בײַ דער קאַסע פֿון פּאַלאַץ אַ סעקרעטנע 5) טהיר, נאָר קיינער אויסער אונז זאָל נישט ווייסען. דעם „פּאָדמײַסטער" האָט° דער פּלאַן געפֿעלען און ער האָט געזאָגט: גוט. אַזוי איז געווען. ער האָט געמאַכט אַ „סעקרעטנע" טהיר און קיינער אויסער זיי ביידע האָט דאָפֿון° נישט געוואוסט. ס'איז געווען זעהר קינצלעך° אָנגעאַרבעט°. ווי דער פּאַלאַץ איז שוין געווען פֿאַרטיג, האָט דער קיסר געמאַכט אַ באַל און מ'האָט איבערגעטראָגען דאָס גאַנצע גוטס אין פּאַלאַץ אַרײַן. ס'איז אַוועקגעגאַנגען אַ פּאָר וואָכען, האָט דער גנב געזעהן, אַז זײַן געלד געהט איהם שוין באַלד אויס — רופֿט ער זיך אָן צום „פּאָדמײַסטער": קאָלעגע, ווייסטו וואָס כ'וועל דיר זאָגען, קום העלף מיר מאַכען אַ הייל צו די טהיר, וואָס דו האָסט געמאַכט אין פּאַלאַץ. זיי זענען געגאַנגען און האָבען געמאַכט אַ הייל. בײַ די נאַכט זענען זיי געגאַנגען דורך די הייל אין די קאַסע אַרײַן פֿון פּאַלאַץ און זיי האָבען אַרויסגענומען אַ מנה-יפה און זענען אַהיים און האָבען זיך צוטיילט. אַזוי זענען זיי שוין אַלע נאַכט געגאַנגען און האָבען אַרויסגענומען מאַיאָנטקעס 6). זיי האָבען אָבער אַזוי פֿיעל גענומען, אַז די קאַסע איז שוין באַלד אויסגעלעדיגט געוואָרען.

---

1) פּויליש: ubranie
2) נעהיִלף-מײַסטער.
3) רוסיש: квартира (פֿון פֿראַנצויזיש — Quartier)
4) פֿון פּויליש: fundować
5) אַ געהיימע.
6) פּויליש: majątek

לאָמיר זײַ דאָ לאָזן גנבֿ'ענען און לאָמיך גײן צו דעם קאַסירער פֿון די קאַסע. דער קאַסירער פֿון די קאַסע זעהט, אַז וואָס ער לעגט אַרײַן מעהר געלד ווערט איהם אַלץ ווינציגער, איז ער געגאַנגען און האָט עס דאָלאָזשעט 1) צום קיסר, אַז ס'פֿעהלט געלד און מ'זעהט נישט קיינעם גנבֿ'ענען. דער קיסר קומט אַרײַן אין די קאַסע, זעהט ער, אַז ס'איז אַ גרויסע חורבה, האָט ער חושד געווען דעם קאַסירער און האָט איהם געהייסן אײַנזעצן. מען האָט צוגענומען אַן אַנדערן קאַסירער און דער קיסר האָט איהם געהייסן זײַן פֿאָרזיכטיגער און מ'האָט אַנידערגעשטעלט נאָך אַמאָל אַזויפֿיעל וואָך צו היטען. ס'קומט בײַ נאַכט, געהט זיך ווידער דער גנבֿ מיט דעם „פּאָדמײַסטער" אַרײַן דורך די הייל און נעהמען ווײַטער אַרויס אַ מנה־יפה, נאָך מעהר ווי אַלעמאָל. צומאָרגענס אין דער פֿריה, קומט דער קיסר מיט דעם נײַעם קאַסירער אין די קאַסע אַרײַן, זעהען זיי, אַז ס'איז נאָך מעהר חורבה — הייבט אָן דער קיסר מיט'ן סענאַט אָן צו קלערען וואָס מ'טהוט דאָ; האָט דער סענאַט געזאָגט, אַז דאָ שטעקט אַ קלוגער גנבֿ און דאָ מוז זײַן ערגעץ אַ סקריטקע 2), האָט דאָס סענאַט אַן'עצה געגעבען. אַזוי ווי אין טורמע זיצט אַן'אַלטער „קאַטאַרושאַן" אַזוי פֿיער יאָהר, קען מען בײַ איהם דערגעהן, וואָס דאָ איז. מ'האָט דעם „קאַטאַרושאַן" אַרויס גענומען פֿון טורמע און מ'האָט איהם צוגעזאָגט אייביגע פֿרײַהייט, אַז ער זאָל דערגעהן, וואָס דאָ איז. קודם־כל איז דער „קאַטאַרושאַן" אַרײַן אין די קאַסע־שטוב און האָט געהייסן אַלץ אויסלעדיגען. ער קוקט גוט אַרום אַלע פֿיער ווענד פֿון די קאַסע, זעהט גאָר נישט. דאַנאָך האָט ער געהייסן די קאַסע צומאַכען און מ'זאָל אָנגיסען פֿיעל וואַסער און ער איז אַרויסגעגאַנגען אין דרויסען אַרויס און האָט געקוקט, האָט ער געזעהן ווי ס'רינט עפּעס אַרויס. ער געהט אַרום די ווענד, זעהט ער ווי פֿון איין וואַנד רינט אַביסעל, האָט ער געהייסן ס'וואַסער אויסשעפּען און איז צוגעגאַנגען צו די וואַנד און הויבט זי אָן גוט צו באַטראַכטען און ער איז דאָך געווען אַן'אַלטער „קאַטאַרושאַן", האָט ער דערשנאַפּט, אַז אין די וואַנד איז דאָ אַ „סקריטקע", האָט ער געהייסן צוריק אַרײַנלעגען ס'געלד אין די קאַסע אַרײַן און ער האָט אונטען, לעבען די „סקריטקע", געמאַכט אַ נעץ, ווי באַלד דער גנבֿ וועט צו געהן צו די „סקריטקע", זאָל ער אַרײַנפֿאַלען און זאָל שוין מעהר נישט קאָנען אַרויס. און דער „קאַטאַרושאַן" האָט געזאָגט צום קיסר: אם־ירצה־השם, מאָרגען אין דער פֿריה וועלען מיר לאַפּען דעם גנבֿ. זיי האָבען זיך געפּרעהט און דער קיסר האָט דערווײַל געמאַכט אַ באַל צוליעב דעם וואָס מעט כאַפּען דעם גנבֿ. ס'איז געקומען בײַ די נאַכט, איז געגאַנגען דער גנבֿ מיט דעם „פּאָדמײַסטער" צו צו די הייל. ווי זיי קומען צו צו די טהיר, האָט דער גנבֿ, דעם קיסר'ס זוהן, דערשנאַפּט, אַז ס'איז עפּעס נאַס, האָט ער באַלד פֿאַרשטאַנען, אַז מ'האָט זיך געמוזט דערוויסען פֿון די „סקריטקע". פֿונדעסטוועגען האָט ער געזאָגט צום „פּאָדמײַסטער": קריך דו אַרײַן און גיעב מיר אַרויס ס'געלד און איך וועל דאָ וואַרטען. דער „פּאָדמײַסטער" איז אַרײַן און האָט איהם אַרויסדערלאַנגט ס'געלד, אָבער ווי ער וויל צוריק אַרויסגעהן, פֿאַלט ער אַרײַן אין די נעץ אַרײַן און קען שוין מעהר נישט אַרויס, ער הייבט אָן צו שרײַען, נעהם מיך אַרויס, איז דער גנבֿ צו און האָט איהם געוואָלט אַרויסשלעפּען, ער זעהט אָבער, אַז ס'איז אוממעגליך איהם אַרויסצושלעפּען הייבט דער „פּאָדמײַסטער" אָן צו וויינען און זאָגט: געדענק אין איין נאָט, דו לאָזט מיך דאָ איבער, בין איך דאָך פֿאַרלוירען. דער גנבֿ געהט נאָך אַמאָל צו און וויל איהם אַרויסראַטעווען; אָבער ער האָט געזעהען, אַז ס'איז פֿאַרפֿאַלען, ער וועט איהם שוין נישט קענען אַרויסנעהמען; ווייל ער שוין אוועקגעהן, איהם איבערלאָזען, ווי ער געהט אַוועק, איז ער זיך מישב, אַז מ'עט איהם פֿאַנגען, וועט ער דאָך איהם אויסגעבען, געהט ער צוריק צו איהם און זאָגט: שטעק נאָר אַרויס דעם קאָפּ, כ'האָב שוין אַ פּאָרטעל, דיך אַרויסצונעהמען. ווי ער האָט נאָר אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ, האָט דער גנבֿ גענומען די שווערד און איהם אָבגעשניטען דעם קאָפּ און ער איז אַוועק און האָט דעם קאָפּ באַגראָבען. צומאָרגענס אין דער פֿריה, געהט דער קיסר מיט די סוויטע מיט דעם „קאַטאַרושאַן" קוקען צו די נעץ. ווי זיי זענען צוגעקומען, האָבען זיי געזעהן געפֿאַנגען איינעם. איז געוואָרען אַ גדולה, אַ שמחה. מ'געהט צו איהם אַרויסנעהמען, זעהט מען, אַז ר'איז אָהן אַ קאָפּ און מ'ווייסט נישט ווער דאָס איז. רופֿט זיך אָן דער „קאַטאַרושאַן": דער גנבֿ איז קלוגער פֿאַר אונז און ער האָט געהייסן מ'זאָל נעהמען דעם קערפּער און מ'זאָל איהם אַרומפֿיהרען אין שטאָדט אַרום און אַרום, און אַז מ'עט זעהן ווער ס'עט וויינען, זאָל מען דעם פֿאַרנעהמען, עט מען אַזוי אַריסערט שוין געוואָהר ווערען ווער דער געהרג'עטער איז. מ'האָט דעם קערפּער גענומען אַרומפֿיהרען אין אַלע גאַסען.

לאָמיך זײַ לאָזען אַרומפֿיהרען דעם קערפּער און לאָמיך געהן צום גנבֿ, דעם קיסר'ס זוהן.

ווי דער גנבֿ איז אַהיימגעקומען צום „פּאָדמײַסטערס" ווײַב, פֿרעגט זי איהם: וואו איז מײַן מאַן? האָט ער געזאָגט: זאָלסט וויסען, דײַן מאַן האָט דיך אַוועקגעוואָרפֿען: ער האָט געזאָגט, אַז דו בּיזט איהם פֿאַלש און ער איז העריש אַוועק אין אַ אַנדערע מדינה אַרײַן. נאָר נישט מעהר, איך וועל דאָ וואוינען ווײַטער בײַ דיר און וועל דיך אויסהאַלטען מיט פּרנסה, אַזוי גוט ווי דײַן מאַן וואָלט געווען. אַזוי איז ער שוין געבליבען בײַ איהר, מיט אַמאָל האָט מען דעם קערפּער געברענגט פֿאַר זייער פֿענצטער. ווי דעם „פּאָדמײַסטערס" ווײַב האָט דערזעהן דעם קערפּער, האָט זי דערקענט דעם מאַן, איז זי אַראָבגעלאָפֿען מיט אַ געוויין. אָבער ווען זי איז אַראָב, איז דער גנבֿ צו און האָט געכאַפּט אַ קינד און עס אַראָבגעוואָרפֿען דורכ'ן פֿענצטער. ווי זי איז אַראָבגעקומען און האָט געזעהן, אַז איהר קינד ליעגט טויט, האָט זי געמאַכט אַ געוואַלד און זי האָט שוין פֿאַרגעסען אָן דעם קערפּער, האָט מען זי שוין נישט געקענט נעהמען, ווײַל זי האָט נאָר געוויינט אָפּ'ן קינד און דעם קערפּער האָט מען אַוועקגעפֿיהרט אין אַן'אַנדערע גאַס אַרײַן. דער גנבֿ האָט אָבער געזעהן, אַז ווי לאַנג דער קערפּער איז דאָ, וועט ער דאָך אַלע מאָל האָבען פֿון איהם צרות. איז ער געפֿאַלען אָף אַ ספּאָסוב [3]. ער איז געגאַנגען און האָט זיך געקויפֿט אַ פֿערד און וועגעלע, אַ פֿעסיל אָקאָוויט, און איז נאָכגעפֿאָהרען די וואַך, וואָס האָבען געפֿיהרט דעם קערפּער. ווי ס'איז געקומען בײַ די נאַכט — אונטער די שטאָדט איז עס געווען — האָט זיך די וואַך אָבגעשטעלט און זיי האָבען געזאָגט: צומאָרגענס וועט מען ווײַטער פֿאָהרען אין שטאָדט אַרײַן. דערווײַל איז אונטערגעקומען דער גנבֿ מיט דעם פֿערד און וועגעלע און פֿאָהרט אַזוי פֿאַרבײַ פֿאַר זיי, אַ פֿערדיל האָט ער געהאַט אַ פּאַסקודנעם, מיעד איז ער געווען, בעט ער די סאָלדאַטען, זיי זאָלען מיטהעלפֿען צו שטופּען. האָבען זיי געזאָגט: וואָס עסטו אונז געבען? זאָגט ער: כ'על ענק געבען אָף בראָנפֿען. זיי געהן צו און העלפֿען שטופּען; דערשנאַפּען זיי, אַז פֿון דעם פֿעסיל שפּיערט מען בראָנפֿען. פֿרעגען זיי איהם: וואָס פֿיהרסטו דאָ? זאָגט ער: איך פֿיהר וואַסער. הייבען זיי אָן פֿון איהם צו לאַכען. זיי געהן צו צום פֿעסיל און עפֿענען עס אָף און טרינקען עס ג'גאַנצען אויס און שכור'ן זיך אַזוי אָן, אַז זיי פֿאַלען אַנידער אַזוי ווי די טויטע. איז ער געגאַנגען און האָט צוגענומען דעם קערפּער און איהם באַגראָבען און ער האָט איבערגעלאָזט דאָס פֿערד און וועגעלע און איז אַוועקגעגאַנגען. ווי זיי האָבען זיך אויפֿגעכאַפּט, איז געווען אַ כאַליערע צו זייערע יאָהר, און יעדער איז אַנטלאָפֿען, ווײַל זיי האָבען מורא געהאַט פֿאַר אַ קאַרע [4]. דער גנבֿ איז אַהיימגעפֿאָהרען, האָט ער געזאָגט צום „פּאָדמײַסטערס" ווײַב: קום וועלען מיר פֿאָהרען דײַן מאַן זוכען. זי האָט (?) געגלאָזט צורעדען און קײַן געלד האָט ער איהר נישט געזשאַלעוועט 5), איז זי און די קינדער מיט איהם געפֿאָהרען און יעדען טאָג האָט ער געזאָגט, אַז ער געהט זוכען איהר מאַן, מסתמא האָט ער איהם נישט געפֿונען, אַזוי לאַנג ביז ער האָט זי איבערגעלאָזט אין אַ פֿרעמדע מדינה און ר'האָט איהר געגעבען געלד גענוג, זי זאָל האָבען צו לעבען און ער איז אַוועק אין אַן'אַנדערע מדינה. ווי ער געהט אַזוי אַרום, הערט ער נײַעס: וואָס איז? דער קיסר פֿון די מדינה האָט אַרויסגעגעבען „כרוזים": אַזוי ווי ער האָט אַן'איינציגע טאָכטער, איז זי די שענסטע אין די וועלט און ווער עס וועט טרעפֿען ווי זי הייסט, וועט ער זי קריגען פֿאַר אַ ווײַב, אָבער דער וואָס עט נישט טרעפֿען ווי זי הייסט, ווערט אײַנגעזעצט אָף ברויט מיט וואַסער אָף פֿיער יאָהר און נאָך די פֿיער יאָהר, טרײַבט מען דעם אַרויס פֿון די מדינה. דאָס געדויערט שוין אַזוי אַ פּאָר יאָהר און מ'האָט שוין אײַנגעזעצט אַ סך פּרינצען, וואָס

---

1) רוסיש: доложить

2) פּויליש: skrytka

3) פּויליש: sposób

4) פּויליש: kara

5) זשאַלעווען (פֿון פּויליש) — קאַרגען, צו־טיילען, נישט פֿערגינען.

האָבען נישט געקענט טרעפֿען איהר נאָמען. נאָר ער איז געוואָהער געוואָרען, אַז זײַנע צוויי ברידער זיצען שוין אויך.

נו זאָגט ער — איך מוז פּאַקען דעם קיסר'ס טאָכטער פֿאַר אַ ווײַב און נישט טרעפֿען ווי זי הייסט. געהט ער און טהוט זיך אָן זעהר שיין און מעלדעט זיך צום קיסר, אַז ער איז אַ פּרינץ און ער וועט טרעפֿען ווי די טאָכטער הייסט. פֿריהער האָט דער קיסר געמאַכט אַ באַל, מסתּמא איז דער גנב אויך געקומען אָף דעם באַל. מ'האָט געגעסען און געטרונקען און דער קיסר האָט איהם געגעבען צײַט פֿיער חדשים, אַזוי פֿיעל צײַט האָט מען יעדען געגעבען, אַז ער זאָל טרעפֿען, ווי זי הייסט. ווי מ'ויצט אַזוי אָפּ'ן באַל און ס'איז זיך משמח, געהט דער גנב און גנב'עט צו דעם קיסר'ס בעכער. די לאָקייען געהן אַראָבנעהמען דאָס געשיר, זעהן זיי, אַז דעם קיסר'ס בעכער פֿעהלט. האָט מען דאָס באַלד „דאָלאָזשעט" פֿאַר'ן קיסר, איז געבליבען, אַז בײַם אַרויסגעהן זאָל מען יעדען באַזוכען. מ'האָט זיך אויסגעשטעלט רייהען-ווײַז און דער גנב האָט זיך געשטעלט אונטער אַ פּאָפּ און אַ פּאָפּ געהט דאָך פֿון אונטען ־ נאָכגעהאָנגען אַזאַ באַשליק, האָט דער גנב גענומען דעם בעכער און איהם אַרײַנגעלעגט אין באַשליק אַרײַן. געוועהנליך האָט מען יעדען באַזוכט. ווי ס'איז צוגעקומען צום פּאָפּ, ווער מען דאָך איהם נישט באַזוכען, איז ער אַדורך נעגאַנגען. ווי דער גנב איז שוין אויך געווען אין דרויסען, איז ער צוגעגאַנגען צום פּאָפּ און האָט צוריק אַרויסגעגנב'עט דעם בעכער. ווי מ'האָט שוין אַלע געהאַט רעווידירט און דעם בעכער נישט געפֿונגען, איז געבליבען בײַם סענאַט, אַז מ'זאָל אין אַכט טאָג אַרום ווײַטער מאַכען אַ באַל און מ'זאָל אין די סאַליע אויסשטעלען גאָלדענע רענדלאַך, מסתּמא וועט דאָך דער אייגענער גנב אויך זײַן אָפּ'ן באַל, וועט ער דאָך וועלען נעהמען די רענדלאַך, וועט מען איהם אַזוי אַרומערט כאַפּען. אַזוי איז געווען. ווי דער גנב קומט אָפּ'ן באַל, זעהט ער ווי גאָלדענע רענדלאַך ליגען אָף דער פּאָדלאָגע. ער האָט אָבער געזעהן, אַז קיינער בייגט זיך נישט אַראָב צוצונעהמען. וואָס האָט ער געטהון? איז ער אַרויסגעגאַנגען און האָט גענומען פֿון אַ פֿוהר די סמאָלע און אָנגעשמירט די פּאָדעשוועס פֿון די שיך און אַזוי אַרומערט האָט ער אויסגעטראָטען אַלע רענדלאַך. מ'האָט געזעהן, אַז די רענדלאַך זענען נישטאָ און קיינער האָט מען צומאָלט נישט געזעהן אַראָבבייגען, איז בײַם סענאַט געבליבען, אַז מ'זאָל אין אַכט טאָג אַרום ווידער מאַכען אַ באַל און די פּרינצעסין זאָל שלאָפֿען אין גאָרטען און מ'זאָל איהר אָנטהון אַ פּאָר טײַערע בריליאַנטענע אוירינג, מסתּמא וועט דאָך דער גנב וועלען אַראָבגנב'ענען פֿון איהר די אוירינג, זאָל זי איהם מיט אַזאַ קרײַד, וואָס געהט נישט אָב, געבען אַ קרײַדט אָן, וועט מען אַזוי אַרומערט וויסען ווער ס'איז. אַזוי איז געווען. מ'האָט געמאַכט אַ באַל, נאָכ'ן עסען געהט זיך דער עולם אַביסעל איבער אין גאָרטען, זעהט מען: די פּרינצעסין שלאָפֿט. דער גנב וואַרט אָב קיינער זאָל נישט זײַן, און ער געהט צו און נעהמט פֿון איהר פּאַמעלאַך אַראָב איין אוירינג און דאָס צווייטע. אינדערם האָט זי איהם גיגעבען אַ קרײַדט אָן. ער זעהט דאָס, האָט ער פֿון איהר גענומען אַ כאַפּ אַרויס דאָס קרײַד און האָט אַלע געסט אָנגעקרײַדט. מ'געהט זעהן ווער ס'איז אָנגעקרײַדט, זעהט מען, אַז אפילו דער קיסר אַליין איז אויך אָנגעקרײַדט און די אוירינג זענען נישטאָ. האָט מען זיך ווײַטער משואל-עצה-געווען, איז געבליבען, אַז מ'זאָל אין אַכט טאָג אַרום ווײַטער מאַכען אַ באַל און אין דער סאַליע זאָל מען מאַכען אַ גאַבינעט און אויסציערען מיט די טײַערסטע בריליאַנטען און דימאַנטען און די פּאָדלאָגע זאָל זײַן פֿון פּאַפּיר, וועט ער דאָך וועלען (!) אַרײַנגעהן, וועט ער אַרײַנפֿאַלען. אַזוי איז געווען. ווי ער האָט נאָר אַרײַנגעטרעטען אַ פֿוס, איז ער אַרײַנגעפֿאַלען אין קעלער אַרײַן. וואָס האָט ער געטהון? האָט ער געכאַפּט אַ באַרבאַן [1] און געפּויקט, איז געוואָרען אַ טראָוואָגע [2]; ס'איז געלאָפֿען זעהן וואָס איז. זענען אַלע אַרײַנגעפֿאַלען, האָט מען שוין ווײַטער נישט געוואוסט ווער דער גנב איז און מ'האָט געסוזט אַלע אַרויסנעהמען. ווי דער קיסר האָט דאָס געזעהן, האָט ער געזאָגט, אַז ער קאָן שוין מיט דעם גנב נישט אויסקומען: ער איז קלוגער פֿאַר'ן גאַנצען סענאַט. האָט דער קיסר באַפֿוילען, אַז מ'זאָל בעטען די געסט צום עסען און ער מיט'ן סענאַט זענען זיך געגאַנגען משואל-עצה-זײַן, וואָס מ'זאָל דאָ טהון. און ס'האָט נישט לאַנג געדויערט, איז דער קיסר מיט'ן סענאַט צוריק אַרײַנגעקומען צו די געסט און מ'האָט זיך צוזעצט אָף די ערטער און דער קיסר האָט פֿאַרצעהלט פֿאַר'ן עולם די אַלע גנבות וואָס זענען אָבגעטהון געוואָרען בײַ איהם, נאָר אַזוי ווי ס'איז צו זעהן, האָט דאָס נישט געטהון קיין גנב מחמת גנבה, נאָר מחמת חכמה, און אַז ווי באַלד דער וועט זיך אויסגעבען, וועט ער קריגען דעם קיסר'ס טאָכטער פֿאַר אַ ווײַב. רופֿט זיך אָן דער גנב: אפשר זאָגט מען נאָר אַזוי?

האָט דער קיסר זיך באַלד אונטערגעשריבען, אַז ווי באַלד דער, וואָס האָט דאָס אַליין געטהון, וועט זיך אויסגעבען, קריגט ער די פּרינצעסין פֿאַר אַ ווײַב. האָט דער גנב אַרויסגענומען דעם בעכער און האָט געפֿרעגט: דאָס איז דער אייגענער בעכער? האָט דער קיסר געזאָגט: יאָ. דערנאָך נעהמט ער אַרויס דעם גאַנצען באַרג רענדלאַך און זאָגט: דאָ זענען די רענדלאַך. איז דער קיסר צוגעגאַנגען און האָט איהם געגעבען אַ קוש אין קאָפּ אַרײַן און האָט געזאָגט: דו ביזט מײַן איידעם. דערנאָך מאַכט דער גנב: איך וועל ענק נאָך באַווײַזען אַ שטיקעל — עך זעהט דעם פּאָפּ? זאָגט מען: יאָ. זאָגט ער: זאָל דער קיסר מאַכען אַ באַל פֿון היינט איבער אַכט טאָג, וועל איך דעם פּאָפּ ברענגען אין אַ זאַק צו טראָגען (פֿאַרוואָס האָט ער דעם פּאָפּ אָנגעטהון אַזאַ שטיקעל? ווײַל בײַ יעדע גנבה האָט דער פּאָפּ פֿאַרשאָלטען דעם גנב). האָט דער פּאָפּ אָנגעהויבען צולאַכען און האָט געזאָגט: צו מיר קאָן מען גאָר נישט אַרײַנקומען, וואָרום בײַ מיר זענען דאָ אַזעלכע הינד וואָס ווי צוריַיסען דעם מענש, וואָס וויל אַרײַנגעהן; און באַזונדער, זיצט בײַ מיר באַר'ן בעט אַ גאַנצע נאַכט אַ באַטיושקע [3] און לייענט מיר פֿאָר וואָס טהוט זיך אין הימעל. מאַכט דער גנב: נו, איך וועל דיר ווײַזען פֿאַר דײַן שעלטען. מ'האָט ווײַטער גולאַיעט [4] אָפּ'ן באַל און די וואָך איז כמעט ווי פֿאַרגעסען געוואָרען, נאָר באַפֿוילען האָט מען די דינערס, אַז אין אַכט טעג אַרום, זאָל מען מאַכען אַ באַל. ס'איז אַוועקגעגאַנגען אַ פּאָר טעג, האָט דער גנב אָנגעבאַקען ־ אַ קערץ ברויט מיט זעמעל און האָט אַרײַנגעטהון אַזאַ שטאַרקען סם, אַז פֿון בלויזען שמעקען, האָט מען געקענט פֿאַרסמ'ט ווערען און ער איז געגאַנגען צום פּאָפּ. אויך האָט ער מיטגענומען אַ זאַק לעבעדיגע כראַבאָנדושעס [5] ווי ר'איז צוגעקומען צום פּאַרקען ־, איז שוין געווען נאַכט, האָט ער אָנגעהויבען צו וואַרפֿען די זעמעל מיט דעם ברויט. די הינד האָבען גענומען לאַפּען און זענען אַלע פֿאַרסמ'ט געוואָרען; איז ער אַרײַנגעגאַנגען אין „קאָשציאָל" אַרײַן און האָט זיך אָנגעטהון אין ווײַסען און האָט זיך געמאַכט אַ פּאָר פֿליגעל, ער זאָל אויסזעהן ווי אַ מלאך, און אַרום היטעל האָט ער אָנגעצונדען ליכט. דערנאָך האָט ער גענומען די „כראַבאָנדושעס" און זיי צוגוואָרפֿען. די „כראַבאַנדושעס" האָבען אָנגעהויבען אַרום צו פֿליהען און צו רוישען און ער האָט זיך אַנידערגעשטעלט פֿאַר'ן „יעזוס" און האָט זיך געשאָקעלט. דער פּאָפּ איז שוין געשלאָפֿען און דער „באַטיושקע" איז בײַ איהם געזעסען און האָט איהם געלעזט ־ פֿון בוך און אַזוי ווי די טהיר פֿון שלאָף-שטוב איז אַרײַנגעגאַנגען אין „קאָשציאָל" אַרײַן, האָט דער „באַטיושקע" געזעהן ווי ס'לײַכט זיך עפּעס. איז ער געגאַנגען, האָט ער געזעהן ווי מלאכים פֿליהען אַרום (אָף די „כראַבאָנדושעס" האָט ער געמיינט, אַז ס'איז ־ מלאכים) און אַ גרויסער מלאך שטעהט באַר'ן „יעזוס" און בעט. געהט דער „באַטיושקע" און וועקט אָף דעם פּאָפּ און דערצעהלט איהם, אַז מלאכים זענען אַראָבגעקומען אין „קאָשציאָל" אַרײַן און איין גרויסער מלאך שטעהט באַר'ן „יעזוס" און בעט. זאָגט דער פּאָפּ. געה זשע אַרײַן און פֿרעג איהם, וואָס ער פֿאַרלאַנגט? זאָגט דער „באַטיושקע": כ'האָב מורא, אַזוי פֿיעל מלאכים! זאָגט דער פּאָפּ: דו פֿאַרצעהלסט מיר וואָס אין הימעל טהוט זיך, האָסטו מורא אַרײַנצוגעהן? זאָגט דער „באַטיושקע": איך דערצעהל דיר פֿון קליינע מלאכים, אָבער נישט פֿון אַזוינע גרויסע. דער פּאָפּ לאַכט זיך אויס פֿון איהם און זאָגט: גאָט טהוט נישט קיין שלעכטס, און ער הייבט זיך אָף און טהוט זיך אָן נ'שלאָפֿראָק מיט די פּאַנטאָפֿעל און געהט אַרײַן אין „קאָשציאָל" אַרײַן און שטעלט זיך אָף די קניען און זאָגט: אדוני מלאך, וואָס פֿערלאַנגסטו? זאָגט ער: זאָלסט ווי־

---

[1] רוסיש: барабанъ
[2] רוסיש: тревога —

[3] רוסיש: батюшка
[4] רוסיש: гулять
[5] פּויליש: chrabąszcz

סען, איך בין געשיקט געוואָרען פֿון גאָט, אַז איך זאָל דיך אַראָבנעהמען, וואָרום גאָט וויל דיך באַשווענטשען 1) און ווען דו ווערסט דאַנאָך „שווענטשען", וועט ער זײַן היילינג און דו וועסט זײַן פּאַד פּאַן־בוג 2). האָט דער פּאָפּ זיך אָנגערופֿען: איך בין שוין גרייט, און טהו מיט מיר, וואָס דו ווילסט. מאַכט ער: עס וועט באַלד ווערען פֿינצטער און איך נעהם דיך שוין אַראָף אין הימעל אַריין.

און ער האָט באַלד אויסגעלאָשען די ליכט און ער איז צו צום פּאָפּ און האָט איהם אָנגעטהון דעם זאַק און פֿעסט צוגעבונדען און האָט איהם גענומען אויף די פּלייצעס. ער האָט איהם צוגעטראָגען צום פּאַרקאַן, און ווי ער האָט געוואָלט אַריבערנעהמען, האָט ער איהם אַראָבגעלאָזט. האָט דער פּאָפּ אָנגעהויבען צו שרייען. מאַכט ער: שווייג, דו ביזט שוין אין ערשטען הימעל. און דער פּאָפּ איז געווען אַזוי שווער און אָנגעפּרעסען, אַז ער האָט קוים מיט איהם געקענט אַריבערקלעטערן. דאַנאָך האָט ער איהם נאָך אַמאָל אַראָבגעלאָזט. האָט דער פּאָפּ געמאַכט נאָך אַ גרעסער געשריי. מאַכט ער: שווייג, דו ביזט שוין אין אַנדערן הימעל. אין דרויסען האָט שוין געוואַרט אַ קאַרעטע, האָט איהם דער קוטשער צוגעהאָלפֿען און ווי האָבען איהם געגעבען אַ האַרג־אַריין. האָט דער פּאָפּ וויַיטער געשריגען, האָט ער געזאָגט: שריי נישט, וואָרום דו ביזט שוין אין דריטען הימעל. און ער האָט איהם געבראַכט אויפֿ'ן באַל. ער האָט איהם אַרונטערגעלעגט אונטערן טיש און אַליין האָט ער זיך אַנידערגעזעצט גלײַך מיט'ן עולם און האָט געגעסען און געטרונקען. דער „באַטיושקע" אַליין איז אויך געקומען אויפֿ'ן באַל און האָט זיך משמח געווען. אינדעם, רופֿט זיך איינער אָן: דער פּאָפּ איז נאָך עפּעס נישטאָ? האָט דער „באַטיושקע" זיך אָנגערופֿען: דער פּאָפּ איז אַראָף אין הימעל אַריין. האָבען זיך אַלע דערשראָקען: ווי הייסט, ער איז אין הימעל אַריין? האָט זיך דער גנב אָנגערופֿען: ער איז טאַקע אין דריטען הימעל, נאָר איך האָב אַ ברירה איהם דעם קאָפּ אַראָבצובייגען דאָ אַרונטער. האָבען זיך אַלע אויסגעלאַכט, נאָר דער קיסר האָט זיך אָנגערופֿען צום סענאַט: מי יודע וואָס פֿאַר אַ שטיקעל ער האָט שוין דאָ אָבגעטהון. ווי ס'איז געקומען צוועלפֿע אַ זייגער, לעגט מען פֿאַר דעם אוקאַז 3), אַז דער גנב דאַרף ברענגען דעם פּאָפּ. האָט דער גנב אַפֿערגעשלעפּט דעם זאַק און האָט איהם אַראָפּגעשטעלט אויפֿ'ן טיש. ער בינדט איהם אויף, קריכט אַרויס דער פּאָפּ. איז געוואָרען אַ געלעכטער. דעם פּאָפּ איז דאָס געווען אַ שאַנד, האָט ער זיך געגעבען אַ וואָרף אַראָב פֿון טיש און געקריגען די אַפּאָפּלעקציע.

מ'האָט איהם באַלד צוגענומען און דער גנב איז שוין געבליבען בײַ'ן קיסר און מ'האָט אָבגעשמועסט אַ זמן חתונה.

איינמאָל פֿרעגט איהם דער קיסר, ווער ער איז. האָט ער דערצעהלט, אַז ער איז דעם און דעם קיסר'ס אַ זוהן. רופֿט זיך אָן דער קיסר: זיצען דאָך בײַ מיר דײַנע צוויי ברידער. מ'האָט זיי באַלד געהייסען באַפֿרייען און מ'האָט אַהין געשיקט צו יענעם קיסר, אַז ער זאָל קומען אויף־זײַן זוהנ'ס חתונה. דער קיסר איז באַלד געקומען צופֿאָהרען. האָט ער געמיינט, אַז איינער פֿון די צוויי זיהן האָט דאָס חתונה, ער גיעט אָבער אַ קוק, זעהט ער גאָר דעם נאַרישען זוהן, האָט ער זיך מיט איהם זעהר געפֿרעהט. מ'האָט באַלד געהייסען אַלע פּרינצען, וואָס זענען געווען איינגעזעצט, צו באַפֿרייען און נאָך די חתונה האָט מען זיי אָבגעשיקט אַהיים. און דער קיסר האָט דעם חתן אוועקגעשענקט אַ גרויסע טייל פֿון זײַן מלוכה און מ'האָט איהם אַ נאָמען געגעבען דער „קלוגער קיסר". די ברודער זענען איהם געוואָרען אונטערטעניג און ווי האָבען געזעהן, אַז ער האָט בעסער אויסגעפֿיהרט מיט זײַן נאַרישקייט, ווי זיי מיט זייער חכמה. און זיי האָבען זיך אַלע גוט געהאַט, און זיי לעבען זיך וואויל און אונז איז נאָך וויילער.

(וואַרשע, נח קובעל [גוט ריעזן]).

4)

בײַ אַן אַרענדאַר האָט מען זיך צוגעגרייט אויף שבת־נחמו. מ'האָט אַלץ אָנגעגרייט—פֿיש, פֿלייש, ווייל שבת־נחמו קומט.—

שבת נאָכ'ן עסען, פֿאַרגאַלט צו, איז צום אַרענדאַר אַריינגעקומען אַן אורח זאָגט ער: „גוט שבת". און דער אַרענדאַר איז בונקט נישט געווען אין דער היים. פֿרעגט איהם ס'ווייב: „איהר זענט עס שבת־נחמו?".

דער אורח האָט פֿאַרשטאַנען, אַז דאָ מוז עפּעס זײַן, זאָגט ער: „יאָ".

זאָגט זי: „מ'האָט טאַקע פֿאַר אײַך אָנגעגרייט דאָס צלויגג: פֿיש, פֿלייש און יערע זאַך".

און זי האָט איהם אַרײַנגעגעבען די אַלע מאַכלים און צו טרינקען.

נאָכ'ן פֿרעגט זי איהם: „פֿון וואַנען קומט איהר?".

זאָגט ער: „פֿון יענער וועלט".

פֿרעגט זי זיך: „וואָס מאַכען דאָרטען מיינע עלטערן".

זאָגט ער: „ס'איז זיי גאַנץ גוט, נאָר ס'איז זיי דאָרט אַביסעל קאַלט, אפשר האָט איהר עפּעס קליידער, מלבושים?".

האָט זי אַרויסגענומען דעם מאַנס מלבושים און איהרע קליידער און האָט איהם אַוועקגעגעבען".

ווי דער אַרענדאַר איז אַהיימגעקומען, האָט זי איהם פֿאַרצעהלט, אַז דאָ איז געווען שבת־נחמו און זי האָט איהם געגעבען צו עסען און צו טרינקען און זי האָט איהם צוגעגעבען קליידער און מלבושים.

האָט ער אָנגעהויבען צו שרייען: „וואָס האָסטו געטון? ווי אַזוי קען דאָ קומען שבת־נחמו?".

האָט ער אײַנגעשפּאַנט פֿערד אין וואָגען און איז איהם (דעם אורח) נאָכגעיאָגט.

דער אורח האָט פֿאַרשטאַנען, אַז מ'וועט איהם נאָכיאָגען, איז ער געגאַנגען אין וואַלד און האָט זיך אויסגעטון נאַקעט און איז צוגעגאַנגען צו אַ בוים און האָט איהם צוגעהאַלטען.

ווי דער אַרענדאַר איז אַ דורכגעפֿאָהרען דורכ'ן וואַלד, האָט ער געזעהען ווי ס'שטעהט אַ נאַקעדיגער מענש און האַלט צו אַ בוים. פֿרעגט ער איהם, צי ער האָט נישט געזעהען אַ מענש מיט אַ פּעקעל.

זאָגט ער: „יאָ, כ'האָב איהם געזעהען".

זאָגט דער אַרענדאַר: אפשר קענט איהר איהם נאָכיאָגען און אַהער ברענגען".

זאָגט ער: „ניין, איך שטעה דאָ און האַלט צו דעם בוים, וואָרום אָן דעם בוים האַלט זיך די וועלט און ווען כ'געה נאָר אַוועק, פֿאַלט אום די גאַנצע וועלט און אויב איהר ווילט, טוט אײַך אויס און האַלט צו דעם בוים און איך וועל אים שוין נאָכיאָגען".

דער אַרענדאַר האָט זיך אויסגעטון און צוגעהאַ'מען דעם בוים און דער אורח האָט גענומען די פֿערד און וואָגען און איז אַוועקגעפֿאָהרען.

(משה סופֿיט, וואַרשע).

7)

ס'איז געווען אַ קאַרגער אַרענדאַר. ער האָט קיינמאָל קיינעם נישט געוואָ'ט געבען קיין נדבה און בײַ זיינע קאַסעס זענען שטענדיג געווען אָנגעביגדען היגנ און גנבים האָבען געקלע־ט פֿאַרשידענע פּלענער ווי אַ גאַך מ'קען צוקומע צו זיינע קאַסעס.

איינמאָל, ערב־פּסח נאָכמיטאָג, איז אַרײַנגעפֿאָהרען אין הויף אַרײַן אַ פּאַר־מאַכטע קאַטש און קיינער האָט זיך נישט אומגעקוקט ווער ס'ז'צט אינעווענינ. ביינאַכט ווען ס'איז געקומען צו שפֿוך־חמתך, עפֿענט מען אויף די טיר און ס'קומט אַרײַן אַן אַלטער ייִד. האָט ער (דער אַרענדאַר) געזעהען, אַז אליהו־הנביא איז געקומען, האָט ער איהם מכבד געווען מיט'ן כּוס און ווי אליהו־הנביא האָט שוין געוואָלט אַוועקגעהן, רופֿט ער איהם צוריק און בעט איהם ער זאָל איהם בענשען.

זאָגט ער איהם: „פּסח שטעהט „זמן־חרותנו", דאָס הייסט: אַלץ זאָל זײַן פֿריי, אפֿילו די קאַסעס זאָלען זײַן פֿריי און ס'זאָל דיר צורינגען און צושווימען פֿון אַלע זײַטען".

ווי דער אַרענדאַר האָט דאָס דערהערט, האָט ער אָפּגעבינדען די היגד און אויפֿגעשלאָסען די קאַסעס און זיך געלעגט שלאָפֿען.

---

1) פּויליש: Święcenie
2) גאָטס־העלפֿער.
3) רוסיש: указъ

דערווייל זענען ארויס פון די קארעטע די גנבים און צו צו די קאסעס און האבען צוגענומען אלץ, וואס דארט האט זיך געפונען.

ווי דער ארענדאר האט זיך אויפגעהויבען אינדערפריה, האט ער געוואלט זעהען ווי ס'איז צוגערינען און צוגעשווימען, איז ער צוגעגאנגען צו די קאסעס און האט בעטראפען ליידיגע קאסעס. האט ער געזעהען, אז ס'איז צוועקגערינען און צוועקגעשווימען.

(משה סופ ט, ווארשע).

---

(8

אמאל איז אין א שטאדט געווען אנ'עושר, האט ער געפיהרט גרויסע געשעפטען. מיט אמאל איז ער בעווארען א יורד.

איינמאל זאגט דאס ווייב צו איהם: „אפשר וועט דער רבי דיר עפעס העלפען, דו ביזט דאך געווען ביי איהם זעהר אנגענומען".

איז ער געגאנגען צום רבי'ן און דער רבי האט איהם געמאכט ביי זיך פאר משמש. דער רבי האט אבער געזעהן, אז ער טויג נישט צום משמשות; און ער האט געזעהן, אז איבער זיין משמשות, וועט ער מוזען לעגען דאס רבנות. האט דער רבי ארויסגענומען א שענע מטבע און האט איהם געגעבען און האט געזאגט: „דו טויגסט נישט כפאר קיין משמש".

ער האט אנגעהויבען מיט דעם געלד צו האנדלען און ער האט נישט געהאט קיין הצלחה און ער האט געבטר'ט די פאר רובל. דאס ווייב האט אנגעהויבען צו שרייען: „ווי הייסט, דיך האט אפגעקאסט דער רבי אזויפיל געלד און היינט זאל ער דיר גארנישט קענען העלפען און גארנישט קיין עצה געבען". איז ער ווייטער געגאנגען צום רבי'ן און האט געזאגט: „רבי, דערבארמט אייך, איהר זאלט שוין נישט קענען מיר ארויסהעלפען, ווארום די בושה איז מיר זעהר גרויס און ל'האב מיך שוין צו גארנישט צו נעהמען. ס'איז א פאל, אז ל'זאל געהן חלילה אויף קצבה".

דער רבי האט געקלערט און געזאגט צו איהם: „ווער א גנב, אפשר וועסטו צו דעם האבען הצלחה".

דער האט דאס דערהערט, האט ער געזאגט: „ווי הייסט, איך קום ארויס פון אזא שענע משפחה און איהר ווייסט דאך ווער איך בין, זאל איך ווערען א גנב!".

ער האט זיך געזעגנט און ער איז א היימגעפאהרען און האט דאס דערצעהלט דעם ווייב. דאס ווייב האט זיך אנגעכאפט ביים קאפ און געזאגט צום מאן: „האסטו געהערט מיין מאן, איידער זאלסט ווערען א גנב, איז דאך שוין גלייכער, אז דו זאלסט געהן אויף קצבה". זאגט ער: „ניין, ל'וועל נאך אמאל פאהרען צום רבי'ן און ל'וועל מיך משואל-עצה-זיין. אזויפיל הונדערטער מענשען ווערען געהאלפען, וועל איך פרובירען, אפשר וועל איך אויך געהאלפען ווערען.

ער איז נאכאמאל געפאהרען צום רבי'ן און האט איהם דערצעהלט, וואס דאס ווייב האט געזאגט, אז איידער צו זיין א גנב איז שוין גלייכער צו געהן אויף קצבה.

האט דער רבי געזאגט: „זאג איך דיר, אז דו זאלסט ווערען גנב און דו זאלסט וויסען וואס דו האסט צו טון און. דער אייבערשטער זאל דיר העלפען, זאלסט האבען הצלחה און דו וועסט האבען דיין באדערפעניש. און ער האט איהם געזאגט, אז ס'וועט זיך איהם טרעפען א גנבה, זאל ער נישט גנב'ענען מעהר ווי־פיל ער ברויכט.

ער איז א היימגעגאנגען און האט שוין גארנישט געפרעגט דעם ווייב און ער האט געקלערט ביי זיך, וואס זאל ער זיך דא נעהמען דאס ערשטע צו גנב'ענען. האט ער זיך דערמאהנט, אז ער האט געהאנדעלט מיט אייזענווארג, האט ער געהאט שליסלען, האט ער גענומען א בינד שליסלען און איז צוגעגאנגען צו א געוועלב און האט צוגעפאסט א שליסעל און אויפגעעפענט דאס געוועלב.

ווי ער איז אריינגעקומען אינווייניג, האט ער געזעהן עס ליגט א סך געלד, האט ער נישט צוגענומען דאס גאנצע געלד, נאר ער האט דאפון ארויפגענומען אלטצעהן גילדען און ער איז ארויס און צוריק פארשלאסען און איז אהיים צום ווייב מיט א גדולה.

פרעגט איהם ס'ווייב: „פון וואנעט האסטו גענומען?".

זאגט ער: „ס'איז נישט דיין דאגה, ל'האב געמעגט גנב'ענען, אבי ל'גיב דיר".

עס קומט צו געהן די אנדערע וואך, געהט ער און מאכט אויף אנאנדער געוועלב און זעהט אויך ליגען א סך געלד, נעהמט ער נישט מעהר ארויס ווי אלטצעהן גילדען און געהט ארויס און פארשליסט און געהט א היים. דאס ווייב האט זיך דאמיט משמח-געווען. די דריטע וואך געהט ער ווייטער צו אנ'אנדער געוועלב און נעהמט ווייטער ארויס אלטצעהן גילדען און פארשליסט צוריק.

אין שטאדט האט מען שוין פון די גנבות אנגעהויבען געוואהר צו ווערען; ווארום ווי דער שטייגער-עולם איז, פרייטאג, דער עולם געהט אין מרחץ אריין, שמועסט מען זיך דורך, פרעגט איינער דעם אנדערן: „וואס הערט זיך ביי דיר עפעס נייעס?" זאגט דער אנדערער: „ל'וואלט דיר פארצעהלט, נאר איך שעהם מיך דיר צו פארצעהלען". זאגט ער: „וואס?" זאגט ער: „ל'האב געהאט געצעהלט געלד,—אינדערפריה זעה איך, אז ס'פעהלט אלטצעהן גילדען, וואלט דאס געווען א גנב, וואלט ער דאך אינגאנצען צוגענומען". זאגט דער אנדערער: „ביי מיר איז דאך אויך געווען דאס אייגענע". אויף די צווייטע וואך, פרייטאג, האט זיך א פריי-שער אנגערופען, אז ס'פעהלט איהם. אזוי לאנג—ביז מ'איז ארויפגעגאנגען צום בורמישטש און דאס איהם דערצעהלט, אז ביי יעדען פעהלט צו אלטצעהן גילדען און וואו זענען די סטרוזשעס וואס היטען.

זאגט דער בורמישטש: „איך וועל דאס שוין דערגעהן". און ער האט גע-געבען א באפעהל צו די סטרוזשעס, אז ווער ס'וועט דערגעהן די גנבה, דער וועט קריגען א גרויסע נאגראדע.

און יעדער סוחר האט זיך אפגעצעהלט דאס געלד.

דער גנב געהט ארויס אויף די גנבה, דערזעהט ער ווי די סטרוזשעס היטען אזוי שטארק. האט ער ביי זיך געטראכט: „ביטער!" און ער האט צו זיך געטראכט, אז ביי די יודען היט מען אזוי, וועל איך געהן צום נאטשעלניק. און ער איז געגאנגען. ווי ער קומט ארויס אויפ'ן הויף, זעהט ער ווי עס לייגט זיך און מען צעהלט געלד און ער הערט ווי דער נאטשעלניק זאגט צום ווייב: „זאלסט וויסען, ווי לאנג וועט זיין דער סוף, אז מיר זאלען אזוי הוליעווען און עס פעהלט דאך שוין פון דער קאסע אזוי פיל געלד, און טאמער וועט קומען דער רעוויזאר, וועט דאך נישט גוט זיין". און דער גנב האט דאס אלץ אויסגעהערט; זאגט דער נאטשעלניק: „איך האב שוין אנ'עצה: זונטאג זאל מען מאכען א באל און מ'וועט נעהמען און פארסמ'ען דעם רעוויזאר, וועט דאך שוין דערווייל קיינער נישט אפנעהמען קיין רעכנונג און אזוי וועט ווייטער אוועקגעהן א צייט". און דער גנב האט דאס אלץ אויסגעהערט.

דער גנב איז א היימגעגאנגען. זאגט צו איהם דאס ווייב: „פאר וואס האסטו גארנישט געבראכט?". זאגט ער: „האב נישט קיין מורא. ס'וועט שוין זיין רעכט".

און ער האט זיך געגעבען א כאפ-אראפ און אריבער צום רעוויזאר און האט געמעלדען מיט דעם דינער, אז א יוד וויל רעדען מיט'ן רעוויזאר. האט מע איהם געהייסען אריינקומען און מ'האט איהם געפרעגט וואס זיין פארלאנג איז האט דער יוד געזאגט: „ל'וועל דיר עפעס פארצעהלען א סוד, נאר קיינער זאל נישט הערען און וויסען, נאר ווי איך און דו. זאלסט וויסען, אז אין די קאסע פעהלט א סך געלד און דער קאסירער וויל מאכען א באל, כדי דיך אפצוסמ'ען נאר נישט מעהר, אז דו ווילסט דיך דערקיגדיגען, זאלסט מיך אויך מיטנעמען אויף דעם באל".

פך-הוא, אזוי איז געווען, מ'האט דעם רעוויזאר געבעטען אויף דעם באל, וואס דער נאטשאלניק האט געמאכט. נאר דער רעוויזאר האט געזאגט, אז ער פארלאנגט זיי־ס א לייבליכען מענש אויך צו בעטען אויפ'ן באל.

דער יוד איז געקומען אויפ'ן באל. און דער רעוויזאר האט נישט טועם געווען פון קיין שום זאך ביז דער יוד איז געקומען. „היצענד—זאגט דער רעוויזאר צום נאטשעלניק—מעגסטו געבען צו עסען, נאר זאלסט מיר געבען אלץ בע-נאזאמען צו עסען און צו טרינקען און דאנאך זאלסטו די איבריגע געבען".

דער נאטשעלניק האט ביי זיך געטראכט „אז אזוי, איז בוט", און די נאטשאלסטווע האט געפרעגט: „וואס איז עפעס די מעשה וואס מ'האט דעם יוד געבעטען אויפ'ן באל?" האט דער רעוויזאר געזאגט, אז ער איז זיינס א נאהנטער פריינד און אהן איהם געהט ער אין ערגעץ נישט.

ווי מ'האט דערלאנגט דאס עסען דעם רעוויזאר, האט ער זיך געגעבען א שטעל אויף און האט געזאגט צום גאנצען נאטשאלסטווע: „וואס קומט אזא מענש, וואס ער איז מציל יענעם פון טויט?". זאגען זיי: „אזא מענש קומט גליקליך צו מאכען אויף אייביג".

האט דער רעוויזאר גענומען דאס עסען און האט געהייסען ברענגען א הונד און מ'האט איהם געגעבען דאס עסען. איז ער געפגר'ט. האט ערשט דער רעוויזאר דערצעהלט די גאנצע מעשה און מ'האט באלד דעם נאטשעלניק געשלאסען

אין קייטען און דער יוד האָט געקריגען אַ גרויס פאַרמעגען און ער איז געוואָרען גליקליך אויפ'ן גאַנצען לעבען.

נאָכדעם האָט דער יוד ערשט דערצעהלט די מעשה מיט די אַלטצעהן גילדען.

(נחמיה ווייסבראָד, שידלאָוויעץ, ראַד. גוב.)

---

(9

ס'איז אַמאָל אין אַ שטעדטעל געווען צוויי „גוטע-ברידער". איינער האָט געהייסען משה-מאיר ליוטעק און דער צווייטער האָט געהייסען משה-מאיר דראַפּעק. זענען זיי געווען צוויי גנבים. און אַזוי ווי זיי האָבען געזעהען, אַז זיי האָבען אין דעם שטעדטעל גאָר ניטש וואָס צו טון, זענען זיי ביידע געפאָהרען אין אַ גרויסע שטאָדט אַריין.

ווי זיי זענען געקומען אין שטאָדט אַריין, וואו געהט מען? האָבען זיי נישט געוואוסט וואו צו געהן. האָבען זיי זיך אַזוי אַרומגעדרעהט אַ גאַנצען טאָג. ס'איז געקומען פאַרנאַכט, האָבען זיי געטראָפען אַ רב'ס אַ זוהן געהן. האָבען זיי זיך מיט איהם צונויפגעטראָפען. האָט ער צו זיי געזאָגט: „איך וועל ענק שוין געבען אַרבייט". און זיי זענען זיך געדונגען אַ האָטעל און זיי אַלע זענען געגאַנגען שלאָפען.

צומאָרגענס אינדערפריה, זיי זענען אויפגעשטאַנען, זאָגט דער רב'ס זוהן צו דעם משה-מאיר ליוטעק: „דו בעה אויף אַ פּרינצעפּאַלנע גאַס, דאָרטען וועסטו שוין קענען פּאַקען עפּעס."

ער האָט אַזוי געטון: ער קומט אַהין, דרעהט ער זיך אַרום אַ האַלבען טאָג און ער האָט נאָך גאָרניטש געפינען. ער גיט אַ קוק, נאָך מיטאָג, געהט אַ שררה, איז ער (דער שררה) געגאַנגען אין אַ געשעפט אַריין און האָט זיך געהייסען ווייזען אַ גאָלדענעם זייגער. איז דער משה-מאיר ליוטען אויך צוגעגאַנגען אין דעם געשעפט אַריין און ער האָט זיך געהייסען ווייזען אַ זילבערנעם זייגער. דער שררה האָט זיך אָנגעהויבען צו דינגען אויף דעם גאָלדענעם זייגער און ער האָט זיך נישט געקענט משוה-זיין און ער איז אַוועקגעגאַנגען און דער משה-מאיר ליוטעק האָט זיך אויך נישט געקענט משוה-זיין און איז אויך אַרויס נאָך דעם שררה. דער שררה איז געגאַנגען אין האָטעל אַריין שלאָפען. דער משה-מאיר ליוטעק האָט זיך אויך פאַרגנב'עט אין זיין צימער און האָט זיך צוגעטערגעלעגט אונטערן בעט. ווען דער שררה איז איינגעשלאָפען, איז ער אַפּערגעקראָכען פון אונטערן בעט און איז צוגעגאַנגען צו די קעשענע און האָט בעזוכט. האָט ער געפונען אַ ברילאַנטענעם רינג. האָט ער גענומען אַ קליין זעגעל און האָט איבערגעזעגט דעם רינג אויף די העלפט. און ער האָט געפונען אַ סך געלד, האָט ער דאָס געלד צוריק אַריינגעלעגט, נאָר איין האַלבען רינג האָט ער צו זיך גענומען און האָט זיך געלעגט צוריק שלאָפען אונטערן בעט צוריק. אינדערפריה, דער שררה איז אויפגעשטאַנען און האָט זיך אָנגעטון און איז אַוועקגעגאַנגען, האָט זיך דער משה-מאיר ליוטעק אויך אַרויסגעגנב'עט. דער שררה איז געגאַנגען אין גאַס אַריין, איז ער ווייטער געגאַנגען אין אַ גאָלדען געשעפט אַריין, האָט ער זיך געהייסען ווייזען אַ גאָלדענעם זייגער. איז דער משה-מאיר ליוטעק אויך אַריינגעגאַנגען און האָט זיך געהייסען ווייזען אַ זילבערנעם זייגער. דער שררה האָט זיך נישט געקענט משוה-זיין און דער משה-מאיר ליוטעק האָט זיך יאָ משוה-געווען. דער שררה האָט זיך אויפגעהויבען און איז אַוועקגעגאַנגען. דער משה-מאיר ליוטעק האָט געוואָלט אַרויסנעהמען געלד און באַצאָהלען גיט ער אַ מאַך אַ געוואַלד, אַז מ'האָט איהם צוגעגנב'עט ס'געלד און קיינער האָט איהם נישט געמוזט צוגנב'ענען, נאָר דער וואָס איז דאָ געוועזען. האָט מען נאָכגעיאָגט דעם שררה און מ'האָט איהם געכאַפּט. מ'האָט איהם גענומען אין צירקעל אַריין און דער גנב איז אויך מיטגעגאַנגען. האָט מען געפרעגט ווי אַזוי ס'איז געוועזען. האָט דער גנב געזאָגט: „כ'בין אַריינגעגאַנגען קויפען אַ זייגער און איך האָב געוואָלט קויפען אַ זייגער און איך האָב געוואָלט באַצאָהלען און דער שררה איז אויך געוועזען. ווי איך גיי באַצאָהלען, זעה איך, אַז כ'האָב נישט ס'געלד. אַ סימן וועל איך נאָך זאָגען, אַז כ'האָב געהאַט צוויי האַלבע סיגנעטען, איז איינעם האָב איך און איין האַלבער פעהלט מיר".

מ'האָט באַזוכט דעם שררה, האָט מען טאַקע געפונען אַ האַלבען סיגנעט און געלד אויך, האָט מען אַלץ צוגענומען ביי דעם שררה און מ'האָט עס אַוועקגעגעבען דעם גנב און דעם שררה האָט מען איינגעזעצט.

דער גנב איז אַהיימגעגאַנגען צו זיין חברה און האָט זיי דערצעהלט, אַז ער האָט שוין געפּאַקט געלד און אַ ברילאַנט און ער האָט זיי דערצעהלט ווי אַזוי ער האָט עס אָפּגעאַרבעט.

האָט דער רב'ס זוהן זיך אָנגערופען צו דעם משה-מאיר דראַפּעק: „אַזוי ווי ס'איז היינט דאָנערשטאָג, איז דאָך היינט אַ מאַרק אויף פערד. געה זשע דו היינט אַרויס אויפ'ן מאַרק און זעה עפּעס צו מאַכען אַ שטיקעל משא-ומתן".

ער איז אַרויסגעגאַנגען אויפ'ן מאַרק, גיט ער אַ קוק אַ שררה קומט צו פאָהרען מיט אַ ווייס פערד אויפ'ן מאַרק אַרויס צו פאַרקויפען. איז צוגעקומען סוחרים, פרעגען זיי איהם: האָסט צו פאַרקויפען ס'פערד?". זאָגט ער: „יאָ". פרעגען זיי איהם: „וויפיל ווילסטו פאַר'ן פערד?" זאָגט ער: „דריי הונדערט רובל".

איז צוגעגאַנגען דער משה-מאיר דראַפּעק און זאָגט: „איך גיב דריי הונדערט רובל מיט אַ גראָשען". און וויפיל איינער האָט געגעבען, האָט ער אַלץ געגעבען מיט אַ גראָשען מעהר. דער שררה איז גייז געוואָרען, האָט ער זיך אויפגעהויבען און איז אַהיימגעריטען מיט'ן פערד און האָט עס שוין נישט געוואָלט פאַרקויפען. דער משה-מאיר דראַפּעק איז נישט געווען פויל, פּוילער יונג און איז נאָכגעגאַנגען דעם שררה אַהיים.

דער שררה איז אַהיימגעקומען, זאָגט ער צום פוהרמאַן: „שטעל אַריין ס'פערד אין די שטאַל אַריין און גיב עס צו פרעסען".

און דער שררה איז אַריינגעגאַנגען אין שטוב אַריין, פרעגט איהם ס'ווייב: „האָסט פאַרקויפט ס'פערד?", זאָגט ער: „ניין, ס'איז געקומען צו געהן אַ פאַרשיוועשיד און ער האָט מיך נישט געלאָזט פאַרקויפען, וויפיל איינער האָט געגעבען, האָט ער אַלץ געגעבען מיט אַ גראָשען מעהר; בין איך בייז געוואָרען און בין צוריק אַהיימגעפאָהרען".

רופט זיך אָן ס'ווייב צום שררה: „איך האָב דיך גאָלד נישט געהייסען פאַרקויפען, מ'האָט דאָס פערד שוין אַזויפיל יאָהרען און ס'פערד האָט דיך געראַטעוועט פון טויט ווען דו ביזט געווען אין די מלחמה".

זאָגט ער: „כ'וועל עס שוין אַצינד ניטש פאַרקויפען אפילו ווען איינער וועט מיר געבען וויפיל געלד".

און דער משה-מאיר דראַפּעק איז געשטאַנען הינטערן פענסטער און האָט דאָס אַלץ אויסגעהערט, וואָס זיי האָבען גערעדט. איז ער געגאַנגען אין סטאַיניע אַריין אין האָט אַרויסגעגנב'עט ס'פערד און האָט עס אַוועקגעפיהרט אין וואַלד אַריין און האָט עס דאָרט אָנגעבינדען ביי אַ בוים און ער איז צוריקגעגאַנגען אין די סטאַיניע אַריין און האָט זיך אויסגעטון נאַקעט אַזוי ווי ער איז באַשאַפען געוואָרען און ר'האָט זיך אָנגעטון ס'ציימעל אויפ'ן מויל און האָט זיך אַנידערגעלעגט אַזוי גוט אַזוי ווי ס'פערד. אינדערפריה, דער סטאַנגרעט איז אויפגעשטאַנען, איז ער אַריינגעגאַנגען אין די סטאַיניע אַריין, גיט ער אַ קוק: אַ נאַקעדיגער מענש שטעהט. האָט ער זיך זעהר דערשראָקען. אין איז אַריינגעלאָפען צום שררה דאָס פאַרצעהלען.

זאָגט ער (דער סטאַנגרעט): „כ'בין אויפגעשטאַנען אינדערפריה, בין איך אַריין אין די סטאַיניע אַריין, זעה איך אַ נאַקעדיגער מענש שטעהט און דאָס פערד איז נישטאָ".

האָט זיך דער שררה אָנגעטון און איז אַרויסגעגאַנגען קוקען. גיט ער אַ קוק, דאָס אייגענע, אַז ס'שטעהט אַ נאַקעדיגער מענש. איז דער שררה געלאָפען צום גלח דאָס דערצעהלען.

זאָגט ער (דער שררה): „נעכטען ביינאַכט האָב איך דאָס פערד אַריינגעלאָזט אין שטאַל אַריין און היינט איז דער פאַרביק אַריינגעקומען, מיר דערצעהלען, אַז' ס'איז נאָר דאָ אַ נאַקעדיגער מענש, בין איך געגאַנגען קוקען, האָב איך מיך זעהר דערשראָקען. בין איך געקומען דיך פרעגען, וואָס איך זאָל טון דאַצו".

זאָגט דער גלח: „וואַרט אונטער, איך וועל מיטגעהן, וועל איך זעהן".

דער גלח איז אַהינגעגאַנגען זעהן, קומט ער אַריין אין די סטאַיניע, זעהט ער טאַקיש ווי ס'שטעהט אַ נאַקעדיגער מענש.

זאָגט דער גלח צו דעם נאַקענדיגען מענש: „פון וואַנען קומסטו דאַ אהער?".

זאָגט ער: „ווי הייסט, איך קום דאָ אהער? ביז היינט בין איך געווען פאַרשטעלט אין אַ פערד און היינט בין איך צוריק געוואָרען אַ מענש. איך בין שוין אַזויפיל יאָהרען ביי דעם שררה און איך האָב איהם געראַטעוועט פון טויט און פּסק'ען דו וואָס מיר קומט דערפאַר, וואָס איך האָב איהם געראַטעוועט פון אַזויפיל גויטען".

זאָגט דער גלח: „דיר קומט דערפאַר טויזענד רובל און אָנטועכטס".

האָט איהם דער שררה בעגעבען אָנצוטון און האָט איהם אַריינגענומען

צו זיך אין שטוב ארײַן און האָט איהם געגעבען טױזענד רובל געלד אױבעט.

זאָגט דער גנב צו איהם: „װײסטו װאָס איך װעל דיר אצינד זאָגען, איך האָב אױך נאָך אַ ברודער, איז ער אױך אַ פאַרשאָלטענער אין אַ פערד, נאָר איך בין געװעזען ביז הײַנט פאַרשאָלטען, אָבער מײַן ברודער איז שױן אױף אײביג פאַרשאָלטען. נישט מעהר. אז דו װילסט, קען איך דיר צהע־ברענגען דאָס פערד און דו װעסט עס בײַ מיר קױפען".

זאָגט דער שררה: „ברענג עס, איך װעל עס בײַ דיר קױפען".

איז ער געגאַנגען אין װאַלד אַרײַן און האָט גענומען ס'פערד און האָט עס געבראַכט. דער שררה האָט עס געזעהען, זאָגט ער: „ס'איז אָבער פונקט עהנליך צום ערשטען".

פרעגט איהם דער שררה: „װיפיל װילסטו פאַר דעם פערד?".

זאָגט ער: „פופצעהן הונדערט רובל".

אַ כּלל, ער האָט איהם בצאָהלט ס'געלד און ער (דער גנב) האָט זיך מיט איהם געזעגענט און איז אַװעקגעגאַנגען און איז אַהײמגעגאַנגען צו זײַן חברה.

ער קומט אַהײם אַ שמחה, אַ גדולה און ער האָט דערצעהלט די געשיכטע, װאָס איז מיט איהם פאָרגעקומען.

זאָגט דער רב'ס זוהן: „גאַנץ גוט".

זאָגען דער משה־מאיר ליוטעק מיט דעם משה־מאיר דראַפּעק: „אונז האָ'מיר שױן אױפגעטאָן, אצינד לאָמיר אונז זעהען װאָס דו קענסט".

זאָגט ער: „יאָ, גוט, קומטס".

און אַלע דרײַ האָבען זיך אױפגעהױבען און האָבען זיך גענומען געלד אין קעשענע אַרײַן און זענען געגאַנגען אין גאַס אַרײַן. זענען זײ געגאַנגען אַרײַן אין אַ געשעפט און דער רב'ס זוהן האָט זיך געקױפט אַ גוט שטיק פוטער. דערנאָך זענען זײ געגאַנגען אױפ'ן מאַרק און האָבען געקױפט אַ פערד מיט אַ בריטשקעלע. דערנאָך זאָגט דער רב'ס זוהן צו זײ: „אַזױ װי ס'איז הײַנט מאָנטאָג, קומען אָן פוהרען מיט סוחרים אַהער צו פאָהרען, געהט עטץ אַרױס אַ צװײ מײַל פון דאַנען אין דעם און דעם שטעדטעל און ס'זאָלט קײנעם נישט לאָזען אַ דורכפאָהרען אין אַלע אָפּשטעלען און זײ אַרײַננעהמען אין אַ הױז און צ'זאָלט זאָגען, אז מ'דאַרף דאָ צו קומען אַ רב און ער האָט יאָהרצײַט, װעט מען האָבען אַ מנין און מ'װעט טרינקען שנאַפּס און מ'װעט יעדערן באַפרידיגען".

זײ האָבען אַזױ געטאָן און ער איז געגאַנגען אין אַן אַפּטײק אַרײַן און האָט געקױפט צװײ פלעשלעך שלאָף־געטראַנק און האָט געקױפט אַ גוטע פלאַש װײַן און בּיצלעך און האָט זיך אױפגעהױבען און איז אַ הײמגעגאַנגען.

זײ האָבען דאָרט אין דעם שטעדטעל נישט געלאָזט קײנעם אַ דורכפאָהרען און זײ האָבען יעדערן אָפּגעשטעלט און זײ האָבען געזאָגט: „אַזױ װי ס'דאַרף דאָ אַדורכפאָהרען אַ רב, האָט ער יאָהרצײַט, װעט ער דאַװנען, מ'װעט טרינקען שנאַפּס און מ'װעט האָבען אַ מנין". אַ גאַנצע נאַכט זענען געפאָהרען פוהרען, האָבען זײ די פוהרען אָפּגעשטעלט.

צומאָרגענס גיט מען אַ קוק, דער רב איז געקומען צופאָהרען און ער איז אַראָפּגעזעסען און איז אַרײַנגעגאַנגען אין אַ באַזונדער שטיבעל.

ער האָט דעם װײַן מיט דעם שלאָף־געטראַנק אױסגעמישט אינאײנעם. װי ס'איז שױן געװען אױף די־נאַכט, האָט ער זיך געשטעלט דאַװנען מעריב מיט מנין. נאָכ'ן דאַװנען האָט זיך דער גאַנצער עולם געזעצט צום טיש פון קלײן ביז גרױס: װײַבער און מײדלעך, יודען און בחורים און מ'האָט יעדערן אַנידערגעשטעלט אַ גלעזעל און אַנגעגאָסען יעדען אַ גלעזעל װײַן און ער האָט זיך אױך אָנגעגאָסען אַרײַן גלעזעל װײַן אָהן שלאָף־געטראַנק און אַלע פון קלײן ביז גרױס האָבען געטרונקען. מיט אײן מאָל, זענען זײ אַלע אײַנגעשלאָפען אַזױ װי געשטאָרבענע. האָט דער רב'ס זוהן גענומען און יעדען באַזונדער און װיפיל אײַנער האָט געהאַט, האָט ער אַרױסגענומען און אָפּגעצױגען יעדען די קלײדער און האָט גענומען דאָס גאַנצע אַנטעטאַפּעס, אַרױסגעפּאַקט אױף אַ װאָגען און איז אַװעקגעפאָהרען װײַט אין אַן אַנדערע שטאָדט אַרײַן.

לאָמיר איהם לאָזען פאָהרען און לאָמיר צוריק געהן צו זײ.

ס'איז געקומען צומאָרגענס, ס'איז אָנגעקומען צופאָהרען אַנדערע סוחרים, גיבען זײ אַ קוק װי אַזױפיל פערד מיט װעגען שטעהען אױפ'ן װעג.

זאָגען זײ: „דאָ מוז עפּעס זײַן". געהען זײ אַרײַן אין די שטוב אַרײַן, גיבען זײ אַ קוק װי אַלע שלאָפען אַזױ װי געהרג'עט. האָט מען אָנגעהױבען יעדערן צו רײַסען און צו װעקען, זײ זאָלען אױפשטעהן. האָבען זיך אַלע אױפגעכאַפּט.

פרעגט מען זײ (דעם משה־מאיר ליוטעק מיט דעם משה־מאיר דראַפּעק) װאָס דאָ איז געװען, זאָגען זײ, זײ װײסען נישט. נאָר נישט מעהר. דאָ איז געװען אַ רב'ס אַ זוהן, האָט מען געטרונקען שנאַפּס מיט װײַן, זענען אַלע אײַנגעשלאָפען און מ'װײס נישט װאו ער איז אַהינגעקומען".

לאָמיר זײ דאָ לאָזען שטעהן
און צו דעם רב'ס זוהן צוריקגעהן

דעם רב'ס זוהן איז געקומען אין אַ שטאָדט אַרײַן, איז פונקט געװען אַ טאָ־ב און ער האָט זיך אַנידערגעשטעלט פאַרקױפען די אַלע מלבושים און ער האָט פאַרקױפט אַלדינג. האָט ער געהאַט אַ סך געלד, האָט ער נישט געװאוסט װאָס צו טון, האָט ער זיך געקױפט אין די שטאָדט אַ הױז און האָט זיך דאָרט באַזעצט און דאָרט געװױנט.

אַ כּלל, מ'האָט דעם רב'ס זוהן אָנגעהױבען צו שדכנען שידוכים. ער איז געװען זעהר רײַך און ער האָט נישט געװאָלט חתונה־האָבען.

מיט אײנמאָל זיצט ער אַזױ אינדערפריה אױפ'ן באַלקאָן, גיט ער אַ קוק, געה־ט אַ מײדעל מיט מילך. האָט ער דאָס מײדעל אַרױפגערופען צו זיך. פרעגט ער זי װאָס זי טראָגט, זאָגט זי: „מילך". פרעגט ער זי צי זי האָט עפּעס גוטע מילך. זאָגט זי: „יאָ". פרעגט ער זי: „װי טײַער לעזטו אַ קװאָרט?", זאָגט זי: „זיבען קאָפּיקעס". זאָגט ער: „איך װעל דיר צאָהלען צו צעהן קאָפּיקעס אַ קװאָרט, נאָר זאָלסט מיר אַלע טאָג ברענגען, אז זי זאָל זײַן גוט". און דאָס מײדעל האָט זיך אױפגעהױבען און איז אַהײמגעגאַנגען.

דאָס מײדעל איז אַהײמגעקומען און האָט זיך געפרעהט און זי האָט דערצעהלט די מוטער, אז זי האָט געקריגען אַזאַ גוטע באַסטאַדע. זאָגט די מוטער: „גאַנץ גוט".

דאָס מײדעל האָט איהם צומאָרגענס שױן אױך געברענגט מילך. פרעגט ער דאָס מײדעל: דו האָסט נאָך עלטערן?", זאָגט זי: „יאָ". זאָגט ער: „װעסט געהן אַהײם, װעסטו זאָגען דײַן טאַטעשי, אז ער זאָל אַהערקומען צו מיר, איך רוף איהם".

זי איז אַהײמגעקומען און האָט דאָס דערצעהלט. זאָגט דאָס װײַב: געה זשע אַרױף צו איהם". זאָגט ער: נאָך װאָס װעל איך געהן, ער איז אַזאַ נגיד, װי קום איך צו'נ'איהם, איך בין אַנ'אָרימאַן". זאָגט זי: געה, אפשר װיל ער דיר געבען אַ קאַפּעטע אָנצוטון".

ער איז אַרױפגעגאַנגען. ער קומט אַרױף צו'נ'איהם. פרעגט איהם דער רב'ס זוהן: דאָס איז אײַער טאָכטער, װאָס זי געהט מיט מילך?". זאָגט ער: „יאָ" — אַ כּלל — זאָגט ער — זאָלט איהר װיסען איך װיל אײַער טאָכטער פאַר אַ כּלה". רופט זיך אָן דער יוד: „און איהר זענט אַזאַ אױפגעקומענער גביר, מוזט איהר נאָר פון מיר מאַכען חוזק". זאָגט ער: „איך לאַך נישט, נאָר איך װיל מיט איהר אין אמת'ן חתונה־האָבען. נאָר נישט מעהר, אז איהר װילט נישט גלײבען קען איך אײַך געבען שױן געלד" — און ער האָט איהם געגעבען צעהן טױזענד רובל — „און אַזױ װי פאַר מיר פּאַסט דאָך נישט, אז איהר זאָלט זײַן מײַן מחותן, געהט־זשע און קױפט דאָס הױז װאָס ג'יז אַקעגען איבער מיר". און דער יוד האָט זיך געזעגנט און איז אַהײמגעגאַנגען און דאָס דערצעהלט דעם װײַב.

זאָגט דאָס װײַב: איך האָב דיר באַלד געזאָגט, אז דו זאָלסט אַרױפגעהן צו'נ'איהם". זײ האָבען זיך זעהר געפרעהט און מ'האָט שױן נישט פאַרקױפט קײן מילך. אין אַ פּאָר טאָג אַרום הערט מען, אז דער יוד, דער אָרימאַן, האָט געקױפט דאָס און דאָס הױז און אין אַ פּאָר טאָג אַרום הערט מען אין גאַס, אז דער מילך־יוד האָט זיך משדך־געװען מיט דעם אױפגעקומענעם נגיד. מ'האָט געמאַכט אַ תּנאים און אין קורצען — אַ חתונה. ס'איז שױן געװען נאָהענט פון די חתונה און די חתונה האָט געזאָלט זײַן בײַ דעם אױפגעקומענעם נגיד אין זײַן הױז. אין דעם זעלבען טאָג פון די חתונה זענען געקומען אין דעם שטעדטעל אַרײַן דער משה־מאיר ליוטעק מיט דעם משה־מאיר דראַפּעק. זײ זענען שױן געװען אָרים. װאו געהט אַנ'אָרימאַן? אין בית־המדרש אַרײַן. זײ זענען אַרײַנגעקומען אין בית־המדרש אַרײַן, הײבען זײ אָן צו שמועסען װאָס זײ זאָלען עסען אױף נאַכט־עסען. רופט זיך אָן משה־מאיר דראַפּעק: „קײן געלד האָט מען נישט, װעט מען גאָרנישט עסען". שטעהט אַזױ אַ יוד אין די זײַט, געהט ער צו צו זײ און זאָגט זײ: „אַזױ װי הײַנט איז דאָ אַ חתונה אין שטאָדט פון אַן אױפגעקומענעם גביר, געהטס דאָרט אַהין, װעט עטץ האָבען גוט צו עסען".

האָבען זײ זיך אױפגעהױבען און זענען אַהינגעגאַנגען. דעם משה־מאיר ליוטעק איז אַפילו געקראָכען אין קאָפּ אַרײַן, װאָס דער יוד האָט איהם געזאָגט פון אַנ'אױפגעקומענעם גביר: „װער װײס אױב דאָס זאָל נישט אַמאָל זײַן דעם רב'ס זוהן װאָס האָט זײ אַמאָל אַזױ באַצאָהלט". זענען זײ בּאַגאַנגען אױף די חתונה. זײ קומען אַרױף אױף די סאַליע. דעם רב'ס זוהן גיט אַ קוק, זײ זענען דאָ, דער משה־מאיר ליוטעק מיט דעם משה־מאיר דראַפּעק. דער רב'ס זוהן האָט

האָט זיי אמאָל אזוי באַצאָהלט". זענען זיי געגאַנגען אויף די חתונה. זיי קומען ארויף אויף די כאליע, דעם רב'ס זוהן גיט אַ קוק, זיי זענען דאָ, דער משה-מאיר ליוטעק מיט דעם משה-מאיר דראפּעק. דער רב'ס זוהן האָט זיי דערקענט און זיי האָבען איהם נישט דערקענט.

טראַכט זיך דער רב'ס זוהן: „מ'מוז שוין היינט אויף זיין ביינאַכט".

ס'איז געקומען נאָכ'ן עסען, נאָך די חתונה, איז מען בעגאַנגען לעגען פיהרען. איז געווען אַ לאַנגער קאָריד.ר, האָט דער חתן אריינגעלאָזט די סלה אין אַ באַזונדערע שטוב אריין און ער האָט זיך באַהאַלטען אין הויז. ס'איז געקומען נאָך אלעם, רופט זיך אָן דער משה-מאיר ליוטעק: „אצינד מיז מען געהן ארויף צו איהם". און אזוי ווי אין שטוב איז געווען אַ באַלקאָן, האָבען זיי צונעשטעלט אַ לייטער און זענען ארויפגעקראָכען. זיי קומען ארויף, שטעהען זיי ביידע אויפ'ן באַלקאָן און קלערען וואָס זיי זאָלען דאָ טון. און דעם רב'ס זוהן איז געשטאַנען אין הויז און האָט דאָס אלץ אָפּגעקוקט. ס'איז געווען צוויי פענסטער אויף די זייטען באַלקאָן, אויף דער זייט אַ פענסטער און אויף דער זייט אַ פענסטער.

זאָגט איינער: „דו וועסט אריינקריכען אין דעם פענסטער אין שטוב אריין און איך וועל שטעהן אויפ'ן באַלקאָן". און ר'האָט געזאָגט צו איהם, אַז וואָס ס'וועט זיין אין שטוב, זאָלסטו מיר אלץ ארויסדערלאַנגען.

און דער משה-מאיר ליוטעק איז אריינגעקראָכען דורכ'ן פענסטער. ווי ד.ר רב'ס זוהן האָט געזעהען, אַז ער איז שוין אינעווייניג, גיט ער אַ געה צו צום באַלקאָן און זאָגט צום אנדערן: „געה דו אריין דאָ און איך וועל דאָ שטעהן". דער גנב האָט געמיינט, אַז דאָס איז משה-מאיר ליוטעק. — און דער משה-מאיר דראפּעק איז אויך אריינגעקראָכען אין אנדערן פענסטער אריין. און מ'האָט אָנגעהויבען ארויסצודערלאַנגען אויפ'ן באַלקאָן ארויס. דער משה-מאיר ליוטעק האָט אזויפיל ארויסדערלאַנג", אַז ס'איז שוין גאָרנישט געבליבען.

רופט זיך אָן דער רב'ס זוהן צו איהם: „אלץ דערלאַנג ארויס, די קישקעס מיט די געדערעם נעהם ארויס!".

ער זאָגט: „ס'איז שוין נישטאָ וואָס צו נעהמען".

זאָגט ער: „אַז ס'איז שוין נישטאָ וואָס צו נעהמען, קום זשע ארויס".

איז ער ארויסגעקראָכען אויפ'ן באַלקאָן, האָט דער רב'ס זוהן איהם אָנגענומען פאַר די פיס און האָט איהם געטון אַ טראַסק אראָפּ. האָט ער זיך שרעקליך צוהרג'עט און ר'האָט זיך נישט געקענט אויפהויבען פון דר'ערד.

לאָמען איהם לאָזען ליגען. דער משה-מאיר דראפּעק האָט אויך ארויסדערלאַנגט ביז ס'איז שוין גאָרנישט געווען אין כשוב. האָט דער רב'ס זוהן צו איהם אויך געזאָגט: „די קישקעס מיט די געדערעם נעהם ארוס". זאָגט ער: „ס איז שוין נישטאָ וואָס". זאָגט ער: „אַז ס'איז שוין נישטאָ וואָס, קום זשע ארויס". איז ער ארויס אויפ'ן באַלקאָן. האָט דעם רב'ס זוהן איהם אָנגענומען פאַר די פיס און האָט איהם אויך געטון אַ זאַרג אראָפּ און ר'האָט זיך אויך גיט צוהרג'עט און ער האָט זיך אויפגעהויבען און איז אנטלאָפען. ער האָט מורא געהאַט, אַז אינדערפריה זאָלען איהם מעגשען נישט דערזעהען.

און די ביידע האָבען זיך צונויפגעטראָפען און זיי האָבען נישט געוויסט ווער ס'האָט זיי דאָס געטון. דער דאָט געמיינט, אַז ער האָט דאָס איהם געטון און דער האָט געמיינט, אַז ער האָט דאָס איהם געטון. האָבען זיי זיך אָנגעהויבען צו קריגען. זיי האָבען זיך אזוי לאַנג געשלאָגען, ביז ס'איז געקומען פּאָליציי און מ'האָט זיי פאַרנומען אין פאַרנגעבעט אין קאָזע אריין און זיי זיצען ביזן היינטיגען טאָג.

זעה נומער 3 (משה יענטעס, זאַקראָטשים, וואַרש. גוב.)

* * *

(10

ס'איז געווען אין אַ גרויסע גובערניע-שטאָדט אַ גרויסער ראש-ה שיבה, האָט ער געהאַט אַן'איינציגען זוהן. דער זוהן איז געווען אַ גרויסער למדן-מפלוג, מ'האָט איהם זעהר ליב געהאַט. מיט אמאָל איז אין איהם אריין אַ קליפּה, אזוי ווי די היילינע גמרא זאָגט „כל הגדול מחברו, יצרו גדול ממנו"—אזוי איז אויך געווען מיט דעם זוהן—פריהער האָבען איהם די חברים זעהר ליב געהאַט, חייל ער איז געווען דער גרעסטער למדן פון זיי, נאָר נאָכדעם האָבען די חברים שוין נישט געוואָלט מיט איהם רעדען, זיי האָבען איהם געמיידען, ווייל ער איז געוואָרען זעהר שלעכט און האָט נישט אָפּגעהיטען ס'יודישקייט שוין אינגאַנצען. איז פאַר דעם פאָטער דעם ראש-ישיבה געווען אַ שטאַרקע חרפּה, האָט ער איהם ארויסגעטריבען פון שטוב.

און ער איז געוואָרען אַ גנב אין די אייגענע שטאָדט און אַ גרויסער רויבער; אַז מ'האָט איהם געכאַפּט ביי די גנבה, האָט ער יעדעס באַלד געהרג'עט. האָט מען איהם איינגעזעצט. ער איז אויסגעזעסען איין ווינאָק און ער איז ארויסגעקומען, איז ער נאָך ערגער געוואָרע: אַ גנב, אַ באַנדיט, אַ מערדער, אַ רויבער. האָט מען איהם ווידער איינגעזעצט און ער האָט בעקריגען נאָך אַגרעסערן ווינאָק. איז איהם פאַרמיאוסט געוואָרען דאָס זיצען, האָט ער אין תפיסה אומגעברענגט דעם שומר און איז אנטלאָפען. האָט ער זיך שוין אין די שטאָדט נישט געקאָנט ווייזען, ער האָט מורא-געהאַט פאַר פּאָליציי. איז ער אנטלאָפען אין אַ וואַלד אריין; דאָרט זענען געווען זעהר גרויסע געדאַכטע וועלדער. איז ער געגאַנגען און האָט זיך געמאַכט אַ באַהאַלטעניש אין אַ הייהל און אזוי דאָרט געוואוינט. ביי די נאַכט איז ער ארויסגעגאַנגען אויפ'ן שאָסיי. ווען ער'האָט דערזעהען, האָט ער געהרג'עט און צוגערויבט און פון דעם האָט ער זיך בעזש ווייטער.

אזוי איז ער געווען אַ צייט אין דעם וואַלד.

זאָגט ער: „איך בין שוין אזוי לאַנג אין דעם וואַלד און איך קען נאָך דעם וואַלד נישט, לאָמיך איהם געהן אַ דורכקוקען".

ער איז אזוי געגאַנגען אין דעם וואַלד, וואָס אַ טאָג איז ער אלץ ווייטער געגאַנגען און ער האָט זיך געמאַכט סימנים, אַז ער זאָל קענען טרעפען צוריק צו זיין הייהל.

אזוי איז אוועקגעגאַנגען אַ צייט.

מיט אַ מאָל, ווי ער געהט אזוי אין דעם וואַלד, ס'איז שוין געווען נאַכט, האָט ער בעמערקט, אַז ער וועט שוין נישט דאַרפען אַ היימצוגעהן, האָט ער זיך אויפגעהויבען און ארויפגעקראָכען אויף אַ בוים און איז אזוי בעזעסען צווישען געדעכטע צווייגען.

מיט אמאָל אין מיטען די נאַכט הערט ער אַ קלאַנג פון שווערדען, האָט ער געמיינט, אַז ס'איז פּאָליציי, איז ער געבליבען און האָט זיך באַהאַלטען בעסער אויף דעם בוים, אַז ער זאָל קענען זעהען וואָס דאָ טוט זיך. גיט ער אַ קוק ווי ס'רייטען אויף פערד אַ מחנה פון דרייסיג מאַן מיט פלאַקאַטען אין די הענד. זעהט ער ווי זיי געהען צו צו אַ בוים און געבען דריי קלעפּ אין דעם בוים. עפענט זיך אויף דער בוים און זיי רייטען אלע אריין אין דעם בוים אריין און מ'זעהט קיינעם נישט אָן. האָט ער פאַרשטאַנען, אַז דאָס זענען אַ באַנדע רויבער און זיי האָבען דאָ אַן'אָפּלאָג אין דעם בוים אינעווייניג. ער איז דאָך אָבער געווען אַ כיטרע גנב, האָט ער איבערגעהאַרט אויף דעם בוים און איז נישט אראָפּגעגאַנגען ביז האָבען ער וועט זיי זעהען צוריק ארויסגעהן.

צומאָרגענס אינדערפריה, גיט ער אַ קוק ווי אלע געהען ארויס פון דעם בוים און זעצען זיך אויף אויף די פערד און רייטען. זעהט ער, אַז ווען אלע זענען שוין ארויס, זאָגט דער עלצטער צום בוים: „ס איז שוין צייט דו זאָלסט דיך פאַרמאַכען". האָט זיך דער בוים פאַרמאַכט, איז געבליבען אַ פּראָסטער בוים.

ווי זיי זענען שוין אלע אוועקגעריטען גאַנץ ווייט, קריכט ער אַראָפּ פון בוים אין געהט צו צו דעם בוים און גיט דריי קלעפּ, האָט זיך דעם בוים געעפענט, איז ער אריינגעגאַנגען אין דעם בוים אריין, האָט ער געזעהען ווי אינטער דעם בוים אינעווייניג איז דאָ אַ טיר. כאַפּט ער אויף די טיר און קומט אריין, זעהט ער אזעלכע שבנע צימער'ן מיט בריליאַנטען און דימאַנטען, זיי באַלייכטען די שטובען, אַז זיי בריליאַנטען גאַר קיין הימעל נישט—לאַכטיג אזוי ווי דער לאַכטיגער טאָג. ער איז אינעווייניג אזוי געגאַנגען, האָט ער געזעהען אַ קאַך מיט רוזשנע עסענווארג און געטראַנקען. קודם האָט ער זיך גוט אָנגעגעסען און גוט אָנגעטרונקען און איז ווייטער געגאַנגען אַ דורכקוקען די שטובען. ער איז אריינגעקומען אין איין שטוב, האָט ער געזעהען אַ שכאַל מיט פיל פערד. איז ער געגאַנגען און האָט זיך גענומען אַ פערד און אַ וואָגען און האָט אָנגעלאָדעוועט פיעל געלד מיט זילבער מיט בריליאַנטען און דימאַנטען מיט עסענווארג און האָט עס איבערגעפיהרט צו זיך אין די הייהל אריין און זיין הייהל האָט ער זיך פאַרגרעסערט מיט אַ סך שטיהען מיט שטאַלען, מיט אַ הויף, ווייל זיין הייהל איז געווען באַקוועהמער ווי זייער הייהל.

לאָמיך איהם לאָזען אין זיין הייהל און לאָמיך געהן צו די דרייסיג גזלנים.

זיי קומען אַהיים ביי די נאַכט, זיי זענען אריין אין די הייהל אריין, איז געווען אזוי פיל, אַז זיי האָבען צומאָל נישט געוואוסט, אַז ס'פעהלט זיי עפּעס— אזא ריי.טונג האָבען זיי געהאַט. ווי ס'איז אָבער אוועקגעגאַנגען אַכט טאָג, צוויי וואָכען, האָבען זיי אָנגעהויבען צו שפּירען, אַז די עסענס זענען זיי אויסגעגאַנגען, האָבען זיי אָנגעהויבען צו קלערען: „וואָס קען דאָס זיין?", ווייל זיי זענען געווען פעווגע, אַז קיין שום פרעמדער מענש ווייסט נישט פון זייער הייהל.

מיט איינמאָל, ווי זיי האָבען געזעהען, אז ס׳הייבט זיי אָן וואָס מעהר צו פעהלען, האָט דער אַטאַמאַן געגעבען אַ באַפעהל, אז מ׳זאָל זיך צושפּרייטען אויף דעם וואַלד און מ׳זאָל אָנהייבען צו זוכען, טאָמער וועט מען וועמענע געפינען.

ס׳איז אַוועקגעגאַנגען אַ פּאָר טאָג און אַ פּאָר נעכט. מ׳האָט קיינעם נישט געפונען.

דערווייל איז דעם רב׳ס זוהן אויסגעגאַנגען זיין עסענוואַרג, האָט ער זיך מישב-געווען און האָט געזאָגט: „לאָז זיין וואָס עס וויל, איך בין געגרייט צו געהן אין די הייהל אריין“. און ס׳איז שוין געווען נאָהנט צו נאַכט. איז ער געגאַנגען נאָהנט צום בוים און האָט זיך ווייטער אַרויפגעזעצט אויף דעם בוים אָנטקעגען, האָט ער געהערט ווי זיי זענען זיך אַלע צוזאַמענגעקומען צום בוים. האָט ער געהערט ווי דער אַטאַמאַן קאָמאַנדעהעט, אז אַלע זאָלען זיך נעהמען און רייטען אַוועק אויף די ירידים און איינער זאָל דאָ בלייבען פאַר די הייהל אויף שמירה. זיי האָבען זיך אַוועקגעלאָזט און דער איינער איז געבליבען דאָ היטען. ווי דער איינער איז געבליבען אַזוי שטעהן, האָט דעם רב׳ס זוהן געזעהען, אז ער איז די זעלבע גנב וואָס האָט אים געבינדען. פון ביידע זייטען דאָ איז קייגען איבער דער בוים און ער קען נישט אַראָפּ. האָט ער זיך מישב-געווען מיט אַזאַ פּאָרטעל: האָט ער אָנגעהויבען אַראָפּצוּוואַרפען קאַשטאַנעס.

דער שומר האָט געזעהען אז מ׳וואַרפט עפּעס קאַשטאַנעס, האָט ער געמיינט, אז אַ מאַלפּע איז אויף דעם בוים, איז דער היטער צוגעגאַנגען צו דעם בוים און האָט זיך געוואָלט פּאַרגנב׳ענען פּאַמעלעך אַרויפקריכען און כאַפּען די מאַלפּע.

ווי ר׳איז צוגעקומען צום בוים און האָט געוואָלט אַרויפקריכען, איז געגאַנגען דער גנב און האָט אָנגעבראָכען אַ צווייג, אַ גרויסע און האָט געגעבען אַ זעטץ אין קאָפּ אַריין דעם גזלן. איז דער גזלן אַנידערגעפאַלען חלשות. ווי ר׳האָט געהלש׳ט, איז ער (דער גנב) אַראָפּ פון בוים און האָט איהם מיט אַ מעסער צושניטען צום טויט און האָט אויסגעקאָפּעט אַ גרוב און האָט איהם באַהאַלטען, אז ס׳זאָל נישט זיין קיין שום שליאַד.

און ער איז אַריינגעגאַנגען אין דעם בוים אַריין. האָט ער געזעהען שטעהן עסענוואַרג, איז ער געגאַנגען און האָט פאַרכמ׳ט די עסענס, וואָס האָט זיך געקאָכט און האָט זיך גענומען, וואָס ער האָט געקענט און איז אַוועקבעהאַלטען אין זיין הייהל אַריין.

לאָמיך איהם דאָ לאָזען זיצען ווייטער אין זיין הייהל אַ צייט, ווי לאַנג ער האָט געהאַט צו עסען און לאָמיך געהן צו די מחנה גזלנים.

ווי דער אַטאַמאַן קומט מיט די גזלנים אַהיים, גיט ער אַ קוק ווי זיין היטער איז נישטאָ. זענען זיי אַריינגעגאַנגען אין די הייהל אַריין. האָבען זיי געזעהען ווי ס׳פעהלט ווייטער אַ סך זאַכען.

האָט דער אַטאַמאַן געזאָגט: „אַנדערש נישט, נאָר דער היטער האָט אונז פאַרקויפט, געשווינד לויפט נאָך און ברענגט איהם אַהער!“

און ער האָט אַרויסגעשיקט צוועלף מאַן איהם צו זוכען. די צוועלף מאַן האָבען זיך אַוועקגעלאָזט אינמיטען די נאַכט אויף יעדען שאָסיי, אויף יעדען וועג זוכען זייער חבר און דערעשט זענען אַריין אין די הייהל אַריין און האָבען זיך אַנידערגעזעצט שפּילען און האָבען זיך גענומען עסען און טרינקען. ווי זיי האָבען אָנגעהויבען צו עסען, זיי האָבען אָנגעגעסען, אָבער זיי האָבען זיך שוין מעהר נישט אויפגעהויבען — זיי זענען געבליבען טויט.

די צוועלף מאַן זענען צוריקגעקומען, זענען זיי אַריין אין די הייהל. ווי זיי קומען אַריין אין די הייהל אַריין, זעהען זיי, אז די אַלע חברים זייערע זענען טויט. האָבען זיי זעהר אָנגעהויבען צו באַדויערען און האָבען געזאָגט: „וואָס קען דאָס זיין?“ און זיי זענען געגאַנגען און האָבען זיי באַגראָבען:

— „מילא, פאַרפאַלען“.

דערנאָך זענען זיי געגאַנגען און האָבען איינעם פון די צוועלף געמאַכט פאַר אַן אַטאַמאַן, כאַר אַן עלצטען — און זיי זאָלען שוין נישט פאָהרען אויף קיין ירידים נאָר אַרום די שטעדט — האָבען זיי זיך אַוועקגעשטעלט אויף די וועגען ביי די דורכפאָהרעס, כדי זיי זאָלען קענען זיין שטענדיג לעבען די הייהל. אַזוי האָבען זיי זיך געפיהרט.

איינמאָל זענען זיי געפאָהרען ביי די נאַכט אויף אַ שאָסיי, זענען זיי באַפאַלען אַ פוהר מיט יודען, האָבען זיי גענומען און געבונדען די יודען, און ווילען שוין צונעהמען די פוהרען מיט די יודען אין וואַלד אַריין. פּלוצלינג קומט פון הינטען איינער אין הייבט אָן צו קנאַלען מיט קוילען און מיט יעדען שאָס הרג׳עט ער אַוועק איינעם. זון כיר גזלנים האָבען געדאַנשעט זיך אַנטלויפען, דערעשט זענען טויט געבליבען אויפ׳ן אָרט, ווייל דער גנב איז געווען זעהר אַ גרויסער גבור, אַ העלד. דער גנב איז געגאַנגען און האָט זיי אויפגעבינדען און האָט צוזאָגט: „פאָהרט געזונטערהייד אַהיים“.

ווי זיי האָבען געזעהען, אז ס׳איז געקומען ווי אַ מלאך-משיח און האָט זיי געהאָלפען, האָבען זיי זיך געבעטען ביי איהם, אז זיי ווילען איהם זעהען ווער דאָס איז וואָס האָט זיי געראַטעוועט. איז ער געגאַנגען און האָט אַרויסגענומען אַ לאָמפּעל, זעהען ווער זיי זענען, טאָמער קען ער וועמענע פון זיי, ווייל ער האָט אויך געוואָלט וויסען ווער זיי זענען.

ווי איינער דערזעהט איהם, גיט ער אַ געשריי: „דאָס איז דאָך דעם רב׳ס זוהן. כ׳קען דאָך איהם פון קינדהייט אויף!“

זאָגט ער: „רעדט נישט קיין כך און פאָהרט אַהיים און גיסט אָפּ אַ ברישקע מיין טאַטען און זאָגט איהם, אז איך לעב נאָך“ און האָט זיי באַלייט אַ שטיק וועגס, אז די איבעריגע פיר (גזלנים) זאָלען זיי נישט כאַפּען און ווייטער באַפאַלען און האָט זיי געגעבען אַ פּאָר רעוואָלווערען מיט קוילען אויפ׳ן וועג, זיי זאָלען זיך האָבען אויפ׳ן וועג צו וועהרען, טאָמער באַפאַלט מען זיי ווייטער. זיי האָבען זיך געזעגענט מיט איהם.

און ער נעהמט צוריק אין וואַלד אַריין זוכען די פיר פאַרשוין, וואָס זענען אַנטלאָפען און וואו ר׳איז געגאַנגען, האָט ער געשריגען: „ווער ס׳זענען די פיר פאַרשוין זאָלען זיי זיך צו מיר באַווייזען!“. האָבען זיי פאַרשטאַנען, אז ס׳איז אַ גזלן, וואָרום פון יעדע בראַנזשע דערקענט ס׳איינציגע, זענען זיי צוגעקומען צו איהם און זענען געפאַלען אויף די קניהען און האָבען אָנגעהויבען פאַר איהם צו וויינען: „אַזוי ווי מיר האָבען געהאַט אַן אַטאַמאַן מיט דרייסיג מאַן און אַזוי ווי מיר זענען נאָר געבליבען פון די דרייסיג פיר מאַן, זענען מיר דאָך געבליבען אַזוי ווי שאָף אָהן אַ פּאַסטוך און מיר האָבען אַ גרויסען מאַיאָנטעק מיט אַ הייהל און אַזוי ווי די ביזט אַזאַ העלד, פאַרלאַנגען מיר, אז דו זאָלסט זיין איבער אונז אַן עלטסטער און ווער ס׳וועט עובר-זיין אויף דיין באַפעהל, דער זאָל געהרג׳ט ווערען“.

מאַכט ער: „גוט, איך נעהם אייך פאַר מיינע קאַמעראַדען, נאָר איך רעד מיט ענק אויס באַלד, אז אָרימעלייט זאָלט ענק שוינען, נישט באַגאַנווענען, אין הרג׳ענען זאָלט ענק נישט קיין מענשען, אָבער ווען נייטיג ס׳איז, מיר מוז מיר פיהרען אַ נזער פּראָפעסיע אויך מיט איידעלקייט, כאָטש ס׳איז אַ רויבעריי“.

האָבען זיי אַלע צוגעשוואָרען דאַרויף און זיי האָבען איהם געפיהרט אין זייער הייהל אַריין צום בוים און ער האָט פון זיין הייהל זיי נישט געזאָגט און ער איז שוין געבליבען ביי זיי אין די הייהל. אַ פּאָר טאָג האָט ער זיי געגעבען אָפּרוה אז מ׳זאָל נישט געהן אין ערגעץ. אַזוי זענען זיי אָפּגעווען אַ פּאָר טאָג.

נאָכדעם האָט ער זיי צושיקט: איינעם האָט ער געשיקט אין די שטאָדט אַריין גנב׳ענען, איינעם אין די שטאָדט אַריין, איינעם אין די שטאָדט אַריין; יעדען אין אַ באַזונדערע שטאָדט. ווי ער איז אַליין געבליבען, די שליסלען פון אַלע שטיבען האָט ער געהאַט, איז ער געגאַנגען אַ דורכקוקען אַלע שטיבען. אין יעדען צימער איז אַלץ מעהר רייכקייט געווען — ווי ער קומט אין דעם לעצטען צימער, האָט עס זיך געצויגען צו אַ טייך, וואָס מ׳האָט געהערט ס׳וואַסער פליסען. ער קומט אַריין אין דעם לעצטען צימער, איז ער פאַרשטיינערט געוואָרען. ער האָט געזעהען ווי ס׳שטעהט אַ נקבה אָנגעבינדען ביי אַ קייט, לעבען איהר ליגט ברויט מיט וואַסער, נאָר אויסגעדאַרט איז זי אַזוי ווי אַ סקעלעט.

ווי ער איז אַריינגעקומען, האָט זי אָנגעהויבען צו וויינען און האָט געזאָגט: „גזלן, ווי לאַנג נאָך וועסטו מיך מענטשען. פאַר וואָס נעהמסטו מיר נישט ס׳לעבען“, ווייל זי האָט געמיינט אז דאָס איז דער אייגענער אַטאַמאַן, וואָס האָט זי געפאַנגען.

זאָגט ער: „חלילה, איך האָב דיך נישט געפאַנגען און איך וועל נישט פון דיר“. און ער האָט זי באַלד אויפגעבינדען און האָט זי אַריינגענומען אין קאָך אַריין און האָט איהר געגעבען צו עסען און צו טרינקען און זי האָט איהם געוואָלט פאַרצעהלען ווער זי איז, נאָר ער האָט צו׳איהר געזאָגט: „עס פריהער און די וועסט זיך פריהער אויסרוהען און דו וועסט צו מיר קומען, נאָכהער וועסטו מיר דערצעהלען ווער דו ביזט“.

ווי זי איז געקומען אביסעל צו זיך, האָט זי געזאָגט, אז דאָ ליגען איהרע קליידער און זי האָט זיך זיי אָנגעטון, האָט ער געזעהען, אז זי איז זעהר פון אַ רייכען שטאַנד, איז ער געגאַנגען און האָט זי גענומען און האָט זי צוהינגעפיהרט צו זיך אין די הייהל אַריין, אז די פיר גזלנים זאָלען אויך נישט וויסען פון איהר און האָט געזאָגט: „דאָ האָסטו צו עסען און צו טרינקען פון כל-טוב, וואָס דיין האַרץ פאַרלאַנגט ביז דו וועסט גוט אויסזעהען, וועל איך דיך הערסט פרעגען ווער דו ביזט און איך וועל דיך אָפּשיקען אַהיים“. און ער האָט געזאָגט: „אז דו וועסט



פּאָרטרעט פון נח קובעל (נח ריז) געשטאָרבען 1916 אין עלטער פון 64 יאָהר, — פון איהם האָט שמואל לעהמאן פערשריבען אנ׳ערך הונדערט מעשיות

מיך נישט זעהען אַ פּאָר טאָג, זאָלסטו גאָרנישט קלערען, וואָרים איך וועל די פֿיר גזלנים וואָס זענען איבערגעבליבען אויך גלייכלעגען".

און ער איז צוריק צהין אין דעם בוים אַריין.

ער איז געגאַנגען און האָט מפֿרסם׳ס סעסען און האָט געהערט. ס׳איז נישט אַזוי געשווינד ווי ס׳רעדט זיך, ס׳האָט געדויערט אַ פּאָר טאָג. זיי זענען אַנגעקומען מיט פֿיל גערויבטע זאַכען און גאָלד און זילבער און זיי זענען געגאַנגען און האָבען זיך אָניהערגעזעצט עסען. ווי זיי־נעהמען נאָר דעם ערשטען ביסען אין מויל אַריין האָבען זיי דערשפּירט, אַז ס׳איז סם. האָבען זיי זיך אַלע פֿיר גענעבען אַ שטעל אויף און האָבען געכאַפּט די שווערדען אין די הענד אַריין און האָבען געזאָגט: „ביזט דאָס דער פֿויגעל, וואָס האָסט אומגעברענגט אונזערע אַלע חברים, יעצט וועלען מיר דיך הרג׳ענען, אַצינדערט זעהען מיר שוין ווער דו ביזט".

ער האָט זיך אָבער גאָרנישט געשראָקען, ער האָט געהאַט בײַ זיך אַ טעקען מיט אַ זילבערנע קויל, וואָס ר׳איז געגאַנגען דאַמיט. האָט ער אַזוי פֿליגק זיי דערלאַנגט דאַמיט, אַז מיט יעדען זעץ איז איינער טויט געוואָרען. דער לעצטער האָט אָבער געזעהען, אַז ער הרג׳עט אַלע, האָט ער זיך אויסגעהויבען און איז אַנטלאָפֿען.

לאָמיך איהם לאָזען אַנטלויפֿען און לאָמיך געהען צום גנב דעם רב׳ס זוהן.

ער איז געגאַנגען און האָט איבערגעלאָזט די הייהל און איז אַרייגגעגאַנגען אין זיין הייהל אַריין. זי האָט זיך איבער די צייט שוין פּאַפּראַוויעט, האָט מען אַצינד געזעהען, אַז זי איז אַ גרויסע יפֿת-תואר.

— „נו, הערשט—מאַכט ער—זאָג מיר ווער דו ביזט".

זאָגט זי: „זאָלסט וויסען, אַז איך בין אַ בת-מלכּה פֿון דעם און דעם קיסר. איינמאָל בין איך געפֿאָהרען מיט מיין מוהמע מיט מיינע צוויי פּאַנגעס, בין איך געפֿאָהרען צו מיינס אַ פֿעטער, אויך אַ קעניג, דערווייל אויפֿ׳ן וועג זענען אונז באַפֿאַלען די רויבערס און ס׳האָבען אונז באַלייט סאָלדאַטען, נאָר זיי (די רויבערס) זענען אָבער געוועזען שטאַרקער און האָבען אַלע זעלנער געהרג׳עט און האָבען געהרג׳עט מיין מיהמע. נאָר די צוויי פּאַנגעס האָבען זיי באַשווינט און האָבען זיי אַהיימגעשיקט און זיי האָבען אַלץ צוגענומען. נאָר איך האָב שטאַרק געפֿאַלען זייער הויפּטמאַן, האָט ער געהייסען מיך אַריינפֿיהרען אין וואַלד אַריין, איך האָב דערווייל געחלשׂ׳ט, איך האָב נישט געוויסט וואָס טוט זיך מיט מיר. ווי כ׳בין אויפֿגעשטאַנען, גיב איך אַ קוק אַז כ׳געפֿין מיך אין אַ הייהל. כ׳גיב אַ קוק שטעלט זיך דער הויפּטמאַן פֿאַר מיר אויף די קניהען און בעט מיך, אַז כ׳זאָל איהם ליבען, ער וויל מיך פֿאַר אַ ווייב. איך האָב אָנגעהויבען שטאַרק צו וויינען און האָב איהם אָנגעהויבען צו זידלען: דו מערדער, גזלן, דיר קומט די תליה, ווילסטו נאָך אַ קיסר׳ס אַ טאָכטער פֿאַר אַ ווייב! אַ גזלן ווייסט דאָך אָבער נישט פֿון קיין רחמנות, האָט ער געזאָגט פֿאַר די ווערטער וואָס דו שענסט מיך פֿאַר מיינע קאַמעראַדען וויל איך בין אַ קיסר איבער דרייסיג מאַן, דערפֿאַר וועל איך דיר אַזעלכע צרות אָנטון, אַז דו וועסט דיר פֿאַרווינשען דעם טויט. איז ער געגאַנגען און האָט מיך אויסגעטון נאַקעט און האָט מיך צוגעבונדען צו אַ קייט און האָט מיר געגעבען ברויט מיט וואַסער. אַזוי בין איך געזיצען אַ פּאָר חדשים".

ווי ער האָט דאָס געהערט, האָט ער אָנגעהויבען צו וויינען. זאָגט זי צו איהם: „וואָס וויינסטו?".

האָט ער געזאָגט: „איך וועל דיר זאָגען די וואָרצט (וואָרהייט) ווער איך בין, איך בין פֿון דיין טאַטענס מדינה און איך בין אַ רב׳ס אַ זוהן פֿון די שטאָדט און איך האָב געטון זעהר שטאַרקע גרויסע פֿאַרברעכענס. איך בין פֿריהער געווען אַ זעהר אָרענטליך קינד, אָבער נאָכדעם האָבען מיך שלעכטע עבירות צוגערעדט, בין איך געוואָרען אַ גנב און נאָכדעם אַ גזלן אַ רויבער אַזוי ווי דו האָסט מיך געטראָפֿען, ביז איך האָב די דרייסיג רויבערס געהרג׳עט און יעצט הײַס איך שוין נישט קיין רויבער און איך בין אַנטלאָפֿען פֿון תּפיסה פֿון קאָטאָרגע און אַצינד זוכט מיך פּאָליציי. כ׳ווייס, אַז אויף מיר וואַרט ס׳שטריקעל, נאָר יעצט האָב איך זאָך חרטה אויף די אַלע זאַכען, וואָס איך האָב געטון, נאָר נישט מיין, אַז דו ווילסט רחמנות האָבען אויף מיר אַזוי גוט ווי איך האָב רחמנות געהאַט אויף דיר, זאָלסטו די איינע זאַך מיר צוליב טון, זאָלסט דאָ זיין אין די הייהל, עסען און טרינקען פֿעהלט דיר נישט, נאָר דו זאָלסט דיך פֿאַרשטעלען פֿאַר אַ מאַנספּערזאָן און קענסט דיר פֿאָהרען אין שטאָדט אַריין און נאָ דיר די שליסלען פֿון יענע הייהל און איך וועל אַוועק און וועל מיך זוימען אַ פּאָר יאָהר און זאָלסט האַרען אויף מיר פֿיר יאָהר, און נאָך די פֿיר יאָהר, אַז דו וועסט זעהען אַז איך בין נישטאָ זאָלסטו וויסען, אַז איך בין שוין טויט און דו מעגסט דיר אַהיים צו דיין טאַטען און דו וועסט דיר מעגען אָנטון כּלערליי פֿאַרגעניגען, נאָר חבר׳ען זאָלסטו דיך נישט מיט קיינעמען, נאָר אַליין קענסטו דיר אָנטון כּל-פֿאַרגעניגענס, אַז קיינער זאָל פֿון דיין סוד נישט וויסען און זאָלסט דיך נישט אויסגעבען, אַז דו ביזט די בת-מלכּה. און אויב דו ווילסט מיר דאָס נישט צוזאָגען, קענסטו דיר געזונטערהייד אַהיימגעהן אַצינד צו דיין טאַטען".

האָט זי געענטפֿערט: „רעכענסטו, אַז אַ בת-מלכּה זאָל זיין אַזוי פֿאַרגרעבט און נישט אָפּטון אַ טובה. זאָלכט אפילו געוואָלט פֿון מיר יעצט אַז איך זאָל דיין פֿרוי ווערען, וואָלט איך דיר אויך נישט געקענט אָפּזאָגען, וויל דו האָסט מיך געראַטעוועט פֿון טויט, וואָס איך זאָלט פֿאַר הונגער געשטאָרבען, דער ערגסטער טויט, ווייסט מען דאָך, איז פֿאַר הונגער אויסצוגעהן".

איז ער געגאַנגען און האָט איהר געגעבען אַ קוש אין האַנד אַריין און האָט געקושט איהר זוים פֿון קלייד. כאָטש זי איז געווען בײַ איהם אין זיין מאַכט און ער האָט הערשט געקענט טון וואָס ער וואָלט געוואָלט, וואָרום די פּרינצעסען האָט איהם זעהר שטאַרק געליבט; פֿונדעסטוועגען האָט ער איינגעהאַלטען דעם יצר-הרע און האָט אָנגעהויבען חרטה צו קריגען אויף זייגע פֿריהעריגע עבירות.

די בת-מלכּה האָט איהם צוגעזאָגט צו וואַרטען אויף איהם פֿיר יאָהר. איז ער געגאַנגען און האָט זיך געזעגענט מיט איהר און האָט איהר איבערגעלאָזט די שליסלען פֿון דעם גאַנצען מאַיאָנטעק: און טו דיר אָן כּלע-פֿאַרגעניגענס וואָס דו וועסט וועלען, קיין געלד פֿעהלט דיר נישט, וואָרום דו ביזט רייכער פֿון דיין טאַטען מיט זיין גאַנצע מלוכה, דו האָסט אַמאָל קענען דיין טאַטען ראַטעווען מיט דעם מאַיאָנטעק".

אין ער האָט זיך מיט איהר געזעגענט און האָט נאָכאַמאָל געהייסט פֿאַר איהר.

האָט זי זיך שוין נישט געקענט איינהאַלטען און האָט געזאָגט: „איך שווער דיר בײַ מיין פֿאָטערליכע קרוין, אַז איך וועל אויף דיר וואַרטען פֿיר יאָהר".

און ער איז אַוועק און זי האָט איהם באַלייט.

לאָמיך זי לאָזען אין די היים (און זי האָט בײַ זיך באַשלאָסען, אַז זי זאָל פֿילנעווען איהר וואָרט און זי האָט געדעכענט, אַז זי וועט מיט איהם חתונה האָבען, כאָטש ער איז אַ קאַטאָזשאַן) און לאָמיך געהען צו איהם.

ער האָט אָפּגעריזט אַ טאָג און אַ נאַכט, ער איז געקומען אין אַ וואַלד אַריין, האָט ער געקלערט צו זיך: „איך האָב אַזויפֿיל עבירות אָנגעטון, וואָס אין ניטאָ אין די וועלט און איך וועל געהן הערשט צו אַ רב און אַז ער וועט מיר זאָגען, אַז מיין תשובה וועט מיר העלפֿען און אָנגענומען ווערען, וועל איך תשובה-טון, ואם-לאו—אַז וויבאַלד נישט, וועל איך איהם הרגענ׳ען, אַלץ איינס בין איך אַ גזלן געוועזען, וועל איך ווייטער בלייבען אַ גזלן. און טאָמער וועט מיר דער רב ארויסגעבען אַ תשובה און זאָגען, אַז די תשובה וועט אָנגענומען ווערען, מעג זיין די ערגסטע תשובה אין די וועלט, וועל איך זי אָנעהמען".

ער האָט זיך אויפֿגעהויבען און איז אַריינגעקומען אין ערשטען שטעדטעל אַריין, גלייך צום רב און זאָגט: „רבי, איך בין אַ גזלן און איך האָב אַזויפֿיל און אַזויפֿיל נפֿשות געהרג׳עט אויף דער וועלט—צי אַז איך זאָל וועלען תשובה-טון, וועט מיר העלפֿען תשובה?".

האָט דער רב געזאָגט: „ניין, דיר העלפֿט שוין נישט קיין תשובה".

האָט ער אויפֿגעהויבען דעם שטעקען און האָט דעם רב געגעבען אַ זבענק איבערן קאָפּ און האָט איהם געהרג׳עט צום טויט און איז גנ׳לאָפֿען ווייטער.

ער איז צומאָרגענס געקומען אין אַנ׳אַנדער שטעדטעל אַריין, איז ער אַריין צום רב—פֿרעגט ער: רבי, מיר וועט העלפֿען תשובה? איך האָב דאָס און דאָס געטון און איך בין געווען אין דעם שטעדטעל פֿרעגען אויף תשובה, האָט דער רב מיר געענטפֿערט ס׳וועט מיר נישט העלפֿען קיין תשובה, האָב איך איהם געהרג׳עט. הערשט פֿרעג איך אייך, רבי, צי מיר וועט העלפֿען תשובה?".

זאָגט ער: „אַז דו האָסט נאָך אַ רב אויך געהרג׳עט, ווי אַזוי קען דיר העלפֿען תשובה, זאָגט ער, קיין שום תשובה איז פֿאַר דיר ניטאָ".

האָט ער אויפֿגעהויבען דעם שטעקען און האָט איהם אויך געהרג׳עט און איז ווייטער אַנטלאָפֿען.

און ער איז אָנגעקומען אין אַ גרויסע שטאָדט אַריין, איז ער אַריינגעגאַנגען צום קאַזשאַנגע ראַבין. נו, דערצעהלט ער דעם קאַזשאַנגע ראַבין: מיר וועט העלפֿען תשובה? איך האָב דאָס און דאָס געטון און בײַ צוויי רביים בין איך געווען, האָבען זיי מיר געזאָגט, אַז מיר וועט קיין תשובה נישט העלפֿען, האָב איך זיי בעהרג׳עט צום טויט".

ווי ער קאַזשאַנגע-ראַבין האָט דאָס דערהערט, האָט ער דאָך געזעהען, אַז ר׳האָט מיט אַ פֿויגעל צו טון און ער איז נישט געווען קיין נאַר און ער האָט געזעהען, אַז ער קען איהם אויך הרג׳ענען.

האָט ער געענטפערט: „דיר העלפט יאָ תשובה".

— „יאָ, זאָגט ער—רבי, אז ס'העלפט מיר יאָ תשובה—זאָגט ער—סאָרן תשובה דער רבי וועט מיר אַרויסגעבען, טו איך".

זאָגט ער: „זאָלסט אַרומגעהן נע-ונד און זאָלסט דיר אָנטון לייווענטענע מלבושים און זאָלסט אַוועק אין די וועלט אַריין צו פוס און וואו דו וועסט טאָגען, דאָ זאָלסטו נישט נעכטיגען. אַלע ביי די נאַכט זאָלסטו געהן שלאָפען אין אַ בית-המדרש אַריין און פאַרטאָג זאָלסטו ווייטער אַנטלויפען צו פוס. און דיין עסען זאָל אַ גאַנצע וואָך נאָר זיין שוואַרץ ברויט מיט שוואַרצע קאַווע פון איין דריטע נאָכמיטאָג ביז דעם אַנדערן דריטע נאָכמיטאָג חוץ שבת. שבת מעגסטו עסען, וואָס דו ווילסט, נאָר וואו דו וועסט קומען, אין וועלכען בית-המדרש אַריין, זאָלסטו דיך לעגען אויף די שוועל, וואו מענשען געהען אַרויס און אַריין, כדי מ'זאָל אויף דיר אַרויפטרעטען און ווען מענשען וועלען אויף דיר אַרויפטרעטען, זאָלסטו זאָגען „אמנם חטאתי עויתי פשעתי".

זאָגט ער: „יאָ, רבי, איך נעהם אויף מיר די תשובה, נאָר ווי לאַנג קאָן דאָס געדויערן?".

האָט דער רבי געענטפערט: „דו זעהסט אַ גיפסענעם מענש"—(וואָרום ביי אַ קאָזשאַנני ראַבין שטעהען דאָך גיפסענע פיגורען.) האָט ער איהם געוויזען אויפ'ן קיסר'ס פיגור: „ווען די פיגור וועט אָנהייבען צו גיסען מיט טרעהרען, וועסטו וויסען, אַז דיין תשובה איז אָנגענומען געוואָרען".

ער האָט אויף זיך גענומען און האָט זיך געזעגענט מיט דעם ראַבין און איז אַוועק גלות אָפּרעכטען. און וואו ר'האָט געטאָגט, דאָ האָט ער נישט גענעכטיגט און וואו ר'האָט גענעכטיגט דאָ האָט ער נישט געטאָגט.

הערשט לאָמיך איהם לאָזען וואַנדערן, גלות-אָפּרעכטען און לאָמיך געהן צום קיסר, וואָס די בת-מלכה איז איהם נעלם-געוואָרען.

ווען די צוויי פּאַנעס זענען צוריקגעקומען אין די קאַרעטע, זענען זיי אַריין צום קיסר און האָבען דערצעהלט, אַז גזלנ'ס האָבען די פּרינצעסין געכאַפּט אין דעם אין דעם גרויסען וואַלד אַריין. ווי דער קיסר האָט דאָס דערהערט, איז איהם געגאַנגען אין גאַנצען לעבען, האָט ער באַלד אַרויסגעשיקט מיליטער און מ'האָט אָנגעהויבען צו זוכען אין דעם וואַלד (און דעם וואַלד אַרומרינגלען איז געווען אוממעגליך, ווייל דער וואַלד איז געווען זעהר גרויס, ער האָט זיך געצויגען מיילען-מיילען און ס'איז נישט געווען אַזוי פיל מיליטער) און מ'האָט געזוכט דריי חדשים טאָגנאַכט אין דעם וואַלד, אפילו דער קיסר אַליין איז אויך געפאָהרען און מ'האָט נישט געקענט געפונען. מ'האָט צומאָל קיין שום שליאַד נישט געקענט דערזעהן. האָט זיך דער קיסר שוין מיאש-געווען און איז אַהיים און האָט אָנגעהויבען צו קלאָגען אויף זיין איינציגע טאָכטער. האָט ער אַרויסגעגעבען אַ באַפעהל, אַז ווער ס'וועט ברענגען זיין טאָכטער, חוץ וואָס ער גיט צוועק אַ האַלבע מלוכה, וועט (דער) נאָך קענען מיט איהר חתונה האָבען, אַז ער וועט זי וועלען פאַר אַ ווייב.

לאָמיך איהם דאָ לאָזען מיט דעם באַפעהל. ס'איז אַוועקגעגאַנגען אַ פּאָר יאָהר און קיינער האָט זיך נישט געמאָלדען און (ער) האָט נאָך מעהר געקלאָגט און געוויינט און ער האָט גערעכענט, אַז זיין טאָכטער איז שוין פאַרפאַלען, אַז ער וועט שוין ווי לאַנג ער וועט לעבען קיין טאָכטער נישט זעהען פאַר די אויגען. לאָמיך איהם דאָ לאָזען קלערען און לאָמיך געהן צום רב'ס זוהן.

דער רב'ס זוהן האָט געהאַלטען די תשובה און האָט גלות אָפּגערעכט, וואו ער האָט געטאָגט, דאָ האָט ער נישט גענעכטיגט און וואו ר'האָט גענעכטיגט דאָ האָט ער נישט געטאָגט און דאָס האָט אַזוי געדויערט אַ יאָהר און צוויי ביז דריי יאָהר. ווי ס'איז שוין אַוועקגעגאַנגען דריי יאָהר, האָט ער אָנגעהויבען צו ציהען צוריק צום קאָזשאַנני ראַבין. איז ער איינמאָל ביי די נאַכט, איז ער געקומען אין אַ שטעדטעל. פאַר די שטאָדט, איז ער אַריין אין בית-המדרש אַריין, ווי זיין געוואוינהייט איז געווען און האָט זיך געלעגט ציטען אויף וועט אָפּרוהען. ווי ער ליגט אַזוי הינטערן אויוון, קיינער האָט נישט געוויסט און אין דעם שטעטעל איז געווען אַ מנהג, אַז ס'איז עמיצער געשטאָרבען האָט מען איהם געלעגט אין קהל שטיבעל פון בית-המדרש און מ'האָט אָנגעדונגען אַ שומר, ער זאָל איהם היטען איבער די נאַכט און אינדערפריה האָט מען איהם מקבר-געווען.

האָט זיך מסתים מילתא געטראָפען אַז דעם פּרנס-חודש'ס אַ טאָכטער, אַ מיידעל פון זיבעצעהן יאָהר איז געשטאָרבען. דערווייל האָט מען זי אויך געלעגט אין קהל שטיבעל פון בית-המדרש און מ'האָט גענומען אַ פלאַש בראַנפען און מ'האָט אָנגעדונגען אַ שומר, ער זאָל היטען. דער שומר האָט געהערט זאָגען, אַז זי איז געווען אַ גרויסע יפת-תואר. ביי דעם, האָט ער געקלערט, ער וויל אויך זעהען איהר שעהנהייט. איז ער געגאַנגען און ער האָט אויפגעדעקט איהר פּנים. האָט ער געזעהען, אַז זי איז זעהר שעהן און איהם האָט זיך געדאַכט, אַז זי ליגט אין שלאָפט. האָט איהם אָנגעכאַפּט די תאוה פון זנות און איז געגאַנגען מזנה-זיין מיט איהר. און ער האָט דאָך גערעכענט, אַז ס'איז קיינער נישטאָ.

דער בעל-תשובה איז געלעגען הינטערן אויוון און האָט דאָס אַלץ צוגעזעהן, האָט ער אין זיך געטראַכט און האָט געזאָגט: „רבונו-של-עולם, איך האָב אַלע עבירות-געטון שבעולם, נאָר אַזאַ עבירה איז שוין אויס פון די וועלט און איך וועל מיך שוין יעצט נוקם-זיין די לעצטע נקמה דיינע, ווייל די אַלע נקמות זענען געווען דיינע". און איז אַפּגעגאַנגען פון הינטערן אויוון און האָט דעם שומר אַ זבענק געגעבען אין מח אַריין און האָט איהם באַלד געהרג'עט אויפ'ן אָרט און איז באַלד אַנטלאָפען.

און אַזוי ווי ער האָט איהם דאָ געהרג'עט, האָט דער גיפסענער מענש ביי דעם קאָזשאַנני-ראַבין אָנגעהויבען צו גיסען מיט טרעהרען, אָבער אַזוי צו גיסען מיט טרעהרען, קוואַלען-וואַסער, אַז ס'איז געוואָרען אַ געוויסער און וואָס אַמאָל איז געוואָרען גרעסער ס'געוויסער; מ'האָט מורא-געהאַט, אַז ס'זאָל די גאַנצע שטאָדט נישט פאַרפלייצען, ווייל ס'איז [redacted] געווען אוממעגליך אין די וועלט, אַז אַזאַ זאַך זאָל זיך ספּאַסירען.

האָט זיך דער קאָזשאַנני-ראַבין דערמאָהנט, אַז ער האָט אַרויסגעגעבען אַזאַ תשובה דעם גזלן און האָט געגעבען אַ געשריי צו די גאַנצע שטאָדט: „דער בעל-תשובה מוז זיין ערגעץ דאָ הינטער די שטאָדט, לויפסט געשווינד און ברענגסט איהם אהער!".

האָבען זיך אַרויסגעלאָזט אַלע מענשען אַרום און אַרום אויף אַלע וועגע און דער ראַבין האָט אָנגעמשל'ט, אַז ער געהט אין לייווענטענע מלבושים מיט אַ שטעקען מיט אַ זילבערנע קויל אין די האַנד. ווי די מענשען האָבען זיך געלאָזט זוכען, האָט מען איהם טאַקע געטראָפען צום ראַבין אויפ'ן וועג געהן. האָבען זיי איהם אַרומגעכאַפּט און האָבען איהם געזאָגט: „דער קאָזשאַנני ראַבין ברויך דיך גאַנץ נייטיג, וואָרום ס'איז אַ מילער אין די שטאָדט".

זיי האָבען איהם געבראַכט אַריין צום קאָזשאַנני-ראַבין. ווי דער קאָזשאַנני ראַבין האָט איהם דערזעהן, האָט ער זיך געשווינד געגעבען אַ שטעל אויף פאַר איהם און האָט איהם דערלאַנגט די האַנד און האָט געזאָגט: „ברוך-הבא קדוש וטהור, און געה געשווינד אַריין צום גיפסענעם מענש און זאָג איהם ער זאָל אויפהערען צו וויינען".

אַזוי ווי ער איז אַריינגעקומען האָט ער נאָר געזאָגט צום גיפסענעם מענש: „גענוג געוויינט, איך בין שוין דאָ". האָט באַלד אויפגעהערט דער גיפסענער מענש צו גיסען מיט טרעהרען, ס'וואַסער איז אָפּגעפאַלען, און די שטאָדט איז געוואָרען צוריק טרוקען.

דערנאָך פרעגט איהם דער קאָזשאַנני-ראַבין, ווער ער איז, האָט ער געזאָגט „איך בין דעם רב'ס זוהן פון די און די שטאָדט".

האָט דער קאָזשאַנני-ראַבין געשריגען: דאָס איז דאָך מיין רבי, דו ביזט נישט שלמה'לע דער גזלן?".

זאָגט ער: „דאָס בין איך".

ווי דער רבי האָט דאָס דערהערט, האָט ער זיך נאָך מעהר דערפרייט און האָט געזאָגט: „איך וועל דיך שוין נישט אַרויסלאָזען פון מיין שטוב".

זאָגט ער: „וואָס קומט מיר דאַרויס, אַז מיין טאַטע האָט מיך אַרויסגעיאָגט פון די שטוב און איך בין געקומען צו די אַלע צרות".

האָט דער קאָזשאַנני-ראַבין געענטפערט: פאַר די אַלע צרות האָסטו אָבער מעהר תשובה געטון ווי די גרעסטע צדיקים אין די וועלט, אַז דיין טאַטע מעג זיך הערשט די זכיה האַלטען, אַז דו ביזט זיין זוהן".

און מ'האָט באַלד אַהינגעשיקט צום פאָטער אַ בריף, אַז זיין זוהן איז דאָ ער זאָל זעהען אַהערצוקומען. דער פאָטער האָט דערהערט דעם בריף. איז איהם אָנגעקומען ס'רחמנות כון אַ טאַטען „כרחם אב על בנים" און איז אַהינגעפאָהרען און האָט זיך אַרומגעכאַפּט און האָט זיך צוקושט מיט איהם. ווי זיי האַלטען זיך אין מיטען קושען און האַלזען, קומט אַריין פּאָליציי און מ'גיט אַ כאַפּ אַרויס דעם זוהן און מ'זאָגט: „מ'וועט איהם שוין יאָהרען, יאָהרען, ער איז דער ערשטער מערדער אין די וועלט, ער איז אַנטלאָפען פון קאַטאָרגע". און מ'האָט איהם גענומען און מ'האָט איהם איינגעזעצט אין טורמע און די גאַנצע גדולה איז פאַרשטערט געוואָרען. און דער קאָזשאַנני-ראַבין מיט דעם ראש-ישיבה זענען געלאָפען פאַר איהם בעטען, ס'האָט אָבער נישט געהאָלפען און מ'האָט איהם געפּסק'ענט מיתה.

ס'איז געקומען די צייט, מ'האָט געמאַכט אַ תליה אין די שטאָדט, מ'געהט איהם הענגען, מ'פיהרט איהם שוין אַרויס, מוזיק שפּילט (און דענסטמאָל איז געווען אַ מנהג, אַז דער קיסר מיט זיין סוויטע האָט געמוזט זעהען ווען מ'הענגט

און דער קיסר האָט בעהאַלטען אַ מאַװע: דו האָסט אַזױ און אַזױ געטון און דו ביזט אַטלאָפּען פון קאַטאָרגע און ס'איז דיר נאָך געװען װעניג ביזטו נאָך באַפאַלען מײן אײגענע פאַמיליע און האָסט מײן טאָכטער געהרג'עט".

און װי דער קיסר האָט אַזױ גערעדט, רופט זיך אָן דעם ראש-ישיבה'ס זוהן: „אדוני קעניג, װער האָט דיר געזאָגט דאָס?".

שטעלט זיך פאַר אַ מיניסטאַר און ער זאָגט: „איך האָב אַלײן געזעהען".

ער גיט אַ קוק אָן דעם מיניסטאַר, זעהט ער, אַז ס'איז דער פערדער רױבער, װאָס איז אַנטלאָפען װען זײ האָבען זיך געשלאָגען אין די הײהל. און דער מיניסטאַר איז פריהער אױך געװען אַ מיניסטאַר, נאָר ער האָט זיך געבעטען אױף אורלױב אױף אַ יאָהר און דערװײל איז ער געװען אַ רױבער פון די דרײסיג רױבערס.

האָט דער רב'ס זוהן געזאָגט צום קעניג: „אדוני קעניג, דו זאָגסט, אַז דײן טאָכטער האָט מען געהרג'עט?".

זאָגט דער קיסר: „יאָ".

זאָגט ער: „װאָס װעט זײן, אַז איך װעל דיר ברענגען דײן טאָכטער, יעצט געזונד און פרישע?".

מאַכט ער: „ס'איז דאָך נישט מעגליך".

זאָגט ער: „נײן, אדוני-קעניג, זי לעבט און זי איז געזונד און זי איז יעצט רײן אַזױ װי זי איז אַרױס פון דײן שטוב".

װי דער קיסר האָט דאָס דערהערט, האָט ער אָנגעהױבען צו װײנען און האָט געזאָגט: „אַז װיבאַלד דו װעסט מיר צושטעלען מײן טאָכטער לעבעדיג, װעל איך דיר געבען װאָס דו װעסט װעלען און אפילו אַז דו װעסט זי װעלען פאַר אַ װײב, גיב איך זי דיר אױכעט. לאָמיר דו ביזט אַ קאַטאָרזשניק".

האָט ער געזאָגט: „דו גיב מיר דײן קאַרעטע מיט פערד און דעם מיניסטאַר נעהם באַלד אין תפיסה און דײן טאָכטער װעט דיר שױן דערצעהלען װער ער איז".

דער קיסר איז געבליבען נבהל ונשתומם, ער האָט נישט געװוסט װאָס צו טון: „דאָך—האָט ער געזאָגט—איך װעל פּרובירען, אַזױנער פאַר'ן טױט זאָגט נישט קײן ליגענט".

דער קיסר האָט איהם געגעבען די קאַרעטע און ער האָט זיך געהײסען געבען די צװײ פאַנגעס, װאָס זענען נצול געװאָרען, זענען די פאַנגעס פון זײ אױך מיטגעפאָהרען און דעם מיניסטאַר האָט מען פאַרהאַ טען און דער רב'ס זוהן האָט געהײסען דער גאַנצער עולם זאָל דאָ בלײבען װאַרטען און ער האָט זיך אײנגעזעצט אין די קאַרעטע און פאָהרט גלײך אין װאַלד אַרײן צו זײן הײהל און געהט אַרײן מיט די פאַנגעס אין די הײהל אַרײן, פאַלט ער צנידער און קושט די זױם פון די בת-מלכה.

— „יעצט איז געקומען די צײט, אַז דו זאָלסט אַ הײמגעהן צו דײן טאַטען און מיך פיהרט מען הרג'ענען און דאָ האָסטו די צװײ פאַנגעס".

װי זי האָט איהם דערזעהען, גיט זי אַ פאַל צו'ריף אױף איהם און הײבט איהם אָן צו קושען און צו האַלזען און זאָגט: „מײן טײערער לעבענס-רעטער".

און זײ זענען אַלע געפאָהרען און דער גאַנצער נאַראָד האָט געהאַרט אױפ'ן פלאַץ און מ'האָט פריהער געשיקט אַ שטופעט, אַז די טאָכטער פאָהרט, האָט באַלד מוזיק אָנגעהױבען צו זעצען און דער קיסר איז אַ קעגען געפאָהרען און װען מ'האָט זײ דערזעהען, האָט דער קיסר אָנגעהױבען צו חלש'ען פאַר שמחה און מ'האָט איהם דערמינטערט און פאַר אַלע אין די אױגען איז זי נאָך אַ מאָל אַרױפגעפאַלען אױפ'ן רב'ס זוהן און האָט איהם געקושט און געהאַלזט און האָט געשריגען: „געװאַלד, מײן לעבענס-רעטער!".

דער גאַנצער נאַראָד האָט אָנגעהױבען צו װײנען, גױים און יודען, און דער ראש-ישיבה האָט אױך געװײנט און האָט געזאָגט: „גם-זו-לטובה".

און די בת-מלכה האָט געזאָגט: „טאַטעשי, דער מיניסטאַר האָט אָנגעשמעלט דעם אַטאַמאַן אױף מיר".

און מ'האָט דעם מיניסטער אױפגעהאָנגען אױף די תליה. און דער קיסר האָט דעם רב'ס זוהן באַלד געמאַכט אױף זײן אָרט מיניסטאַר.

און דער קיסר האָט געזאָגט צו'נ'איהם: „אױב דו װילסט קענסטו זי נעהמען פאַר אַ װײב אױכעט".

האָט ער געענטפערט: „כ'האָב זי גאַנץ ליב, כ'װאָלט זי געװאָלט נעהמען, װײל זי איז מײן גאַנץ לעבען, נאָר איך בין אָבער אַ יוד, איך װעל מײן רעליגיע נישט טױשן, איך פאַרלאַנג װידער ביסט זי זאָל טױשן איהר רעליגיע צוליב מיר".

איז דאָס דעם גאַנצען נאַראָד זעהר שטאַרק געפאַלען. איז געבליבען אַ סיים צישען זיך, אַז פאַר יודען זאָלען אַלע זײן גוט און װאָס מ'עט דאַרפען זאָל פאַר יודען געטון װערען.

די פרינצעסען האָט דאָס דערהערט (די װערטער פון רב'ס זוהן), האָט זי אָנגעהױבען צו חלש'ען און האָט געשריגען: „אַזאַ ליבליכען מענש װאָלט גײן געװאָלט האָבען אױף אײביג, נאָר די רעליגיע איז אונזער שטערונג. איז נישט מעהר פאַרלאַנג איך, װען ס'װעט מיר אױסקומען, כ'זאָל קענען איהם געהן באַדאַנקען װעל איך איהם געהן באַדאַנקען, לאָמיר ער װעט האָבען אַ װײב מיט קינדער".

און אַזױ איז געבליבען.

און װידער סאַר יודען איז געװען „ליהודים היתה אורה ושמחה וששון ויקר" און ס'איז ריכטיג װי די הײליגע גמרא זאָגט: „במקום שבעלי תשובה עומדים אין צדיקים גמורים יכולים לעמוד".

און נאָכדעם האָט איהם דער קאַזשאָנני-ראַבין געגעבען זײן אײנציגע טאָכטער פאַר אַ װײב.

קען מען זיך שױן משער-זײן סאַר'ן חתונה ס'איז דאָ געװען און ס'זענען געװען אַלע רביים און אַלע גרעסטע לײט און ס'איז געװען אַ שמחה בײ יודען און בײ גױים.

נאָכדעם איז דער רב נפטר געװאָרען אין נחת און דער בעל-תשובה, דער זוהן, איז געװאָרען רב אױף זײן אָרט.

און ער האָט געהאַט קינדער תלמידי חכמים.

במהרה בימינו אמן.

(נח קובעל, װאַרשע.)

---

(11*

אַמאָל איז געװען אַ קײזער. האָט ער געהאַט דרײ זוהן. אײנער איז געװען אַ קלוגער, דער צװײטער—אַ מיטעלער דער דריטער—אַ נאַר. דער קײזער איז געװען אַן'אַלטער מאַן.

מיטאַמאָל האָט ער געלײענט אין צײטונג, אַז אין אַ געװיסער שטאָדט באַקומט מען אַ פלעשעלע װאַסער, װאָס מ'װאַשט זיך מיט דעם אָן, װערט מען יונג. װעמען שיקט מען נאָך אַזאַ פלעשעלע? דעם קלוגען זוהן. האָט ער איהם געשיקט.

דער פאָטער האָט איהם באַלײט ביז די שיף. ער (דער קלוגער זוהן) האָט זיך אױפגעזעצט אױף די שיף און איז אַװעקגעפאָהרען.

װי ער איז אַרײנגעקומען אין די שטאָדט אַרײן, האָט מען איהם געפרעגט צי ער האָט אָנגעבינדען די שיף, האָט ער געענטפערט אַז „נײן". האָט מען איהם געזאָגט: „זעץ דיך אַנידער".

דער פאָטער האָט געזעהן, אַז דער זוהן קומט נישט צוריק, האָט ער געשיקט דעם מיטעלען זוהן.

אַז ער איז אַהינגעקומען, האָט מען איהם אױך געפרעגט צי ער האָט אָנגעבונדען די שיף, האָט ער געענטפערט, אַז „נײן", האָט מען איהם געזאָגט: „זעץ דיך לעבען דײן ברודער".

דער קײזער האָט װײטער געזעהן, אַז דער צװײטער זוהן קומט אױך נישט, האָט ער געשיקט דעם נאַר.

װי דער נאַר איז אַהינגעקומען, האָט מען איהם געפרעגט צי ר'האָט אָנגעבינדען די שיף, װאָס ער געענטפערט, אַז „יאָ". האָט דער מענש געגעבען אַ פײף, זענען אָנגעקומען פאַרשידענע חיות. האָט ער (דער נאַר) גענומען אַ חית און זיך אױפגעזעצט אױף איהר און איז געפאָהרען אין אַ טײע־ן פאַלעץ אַרײן. װי ער איז אַרײן אינװעניג, האָט ער געזעהן אַ שטוב, װאו ס'האָבען זיך געפונען פאַרשידענע פלעשלעך. װי ר'איז װײטער געגאַנגען, האָט ער געזעהן װי אַ נקבה שלאָפט. האָט ער גענומען אײן פלעשעלע און געגעבען אױף איהר אַ שפּ־יץ, האָט זי זיך אױפגעכאַפּט. װי זי האָט איהם דערזעהן, האָט זי זיך דערשראָקען און האָט איהם געפרעגט: „פון װאַנען קומסטו דאָ אַהער?". האָט'ר איהר דערצעהלט די גאַנצע מעשה: װי אַזױ ער איז געקומען אַהער און װער ער איז. נאָר נאָך װאָס

*) זעה נומר 5 קאָלעקציע נומער 16.

ר'איז געקומען, האט ער איהר נישט דערצעהלט. אז'י האט'ר געוואוינט מיט איהר א פאר יאהר, ר'האט שוין געהאט מיט איהר - צוויי קינדער.

איינמאל זאגט ער צו איהר, אזוי ווי ער האט אין די היים אג'אלטען טאטען און ער הייסט גישט צי ער לעבט נאך, וויל ער, אז זי זאל איהם געבען צוא פלעשעלע און ער וועט א היים־פאהרען צום פאטער.

האט זי איהם געגעבען אזא פלעשעלע און ער האט זיך אויפגעזעצט אויף א חיה און איז צוגעפאהרען צו די שיף. אזוי ווי ר'איז צוגעקומען צו די שיף, האט ער געזעהן ווי זיינע צוויי ברידער זיצען, האט ער זיי געפרעגט, וואס זיי טון דא און ער האט געבעטען מיט א היימצופאהרען. האבען זיי איהם נארניט געענטפערט, נאר זיי האבען זיך געפרעגט, צי ער האט דאס פלעשעלע. האט ער געענטפערט, אז „יא".

האבען זיך צלע דריי אויפגעזעצט אויף די שיף און זענען אוועקגעפאה־רען. אזוי ווי זיי זענען געפאהרען, האבען זיך די צוויי ברידער אנגערעדט (ווייל ס'האט זיי פארדראסען, וואס דער נאר האט דאס פלעשעלע), אז זיי וועלען איהם הייסען לעגען, ווייל ר'איז מיד, דערווייל וועלען זיי איהם ארויסגנב'נען דאס פלעשעלע און וועלען איהם אריינלעגען א פלעשעלע ווילד וואסער. — ער האט זיי געפאלגט און האט זיך געלעגט שלאפען און זיי האבען דערווייל אזוי געטון.

אז זיי זענען געקומען א היים צום טאטען, האט דער נאר געגעבען א גע־שריי: טאטע, איך האב געברענגט.

נאר אז דער קייזער האט זיך אנגעוואשען, איז ער געווארען ווילד. האבען די קלוגע זיך אנגערופען, אז זיי האבען געברענגט און זיי האבען דאס געגעבען דעם טאטער און דער קייזער האט זיך מיט דעם אנגעוואשען, איז ער געווארען זעהר יונג. האט דער קייזער גענומען דעם נאר און האט איהם פאר בייזקייט ארויסגעווארפען.

דער נאר איז אוועק אין וואלד אריין, האט ער געטראפען צוויי מענשען, האט ער זיי געפרעגט וואס זיי זענען, האבען זיי איהם געענטפערט, אז זיי זענען גנבים. האט ער זיי געבעטען, אז זיי זאלען איהם מיטנעהמען, האבען זיי א הם מיטגענומען.

מיט אמאל האט ער געזאגט צו זיינע חברים: לאמיר גנב'ענען בארן (ביים) קייזער בעלד" און ער האט זיי נישט געזאגט, אז ר'איז א פרינץ.

האט ער זיי געשיקט גנב'ענען צום קייזער און אליין איז ער צוועק אנדערשוואו גנבע'נען.

דער קייזער האט דערזעהן, אז עס פעהלט איהם געלד פון דער קאסע, האט ער געהייסען מאכען ביי דעם ארט א גרוב מיט וואסער, כדי אז דער גנב וועט צוגעהן גנב'ענען, ווסט ער דארט אריינפאלען.

האבען די גנבים זיך דערוויסט דאפון, האבען זיי דורך דער צווייטער זייט אויסגעבראכען א לאך און אריינגעשטעקט דעם קאפ און ארויסגענומען געלד.

דער קייזער האט דאס דערזעהן האט ער געהייסען אנשמירען דאס ארט מיט סמאלע, כדי ווער ס'וועט אריינשטעקען דעם קאפ וועט זיך צוקלעפען.

ווי דער גנב איז צוגעגאנגען גנב'ענען און ער האט אריינגעשטעקט דעם קאפ איז ער געווארען צוגעקלעפט און האט נישט געקענט נישט אהין און נישט אהער. איז געגאנגען דער צווייטער גנב און האט איהם אפגעהאקט דעם קאפ און דעם קערפער האט ער באגראבען.

ווי דער קייזער איז צוגעגאנגען, האט ער דערזעהן א בלויזען קאפ. האט דער קייזער געהייסען אז מ'זאל דעם קאפ ארומטראגען אויף יעדען הויף, כדי מ'זאל איהם דערקענען.

ווי מ'איז מיט דעם קאפ געקומען אויף דעם הויף וואו ס'האט געוואוינט דעם גנב'ס חייב, האט דער צווייטער גנב געכאפט א קינד פון דעם געהרג'עטען גנב און האט עס אראפגעווארפען דורכן פענסטער, איז דאס ווייב געלאפען רעטע־ווען דאס קינד און זי האט דערווייל נישט געזעהן דעם קאפ.

און דעם קאפ האט קיינער נישט דערקענט.

האט דער קייזער געהייסען אויפהענגען דעם קאפ ביי דער בריק און יעדער זאל קומען דערקענען.

דערווייל האט דער גנב: (דעם קייזערס זוהן) גענומען צוויי פעסער בראנ־פען און איז צוגעפאהרען צו די בריק און האט מיטגענומען אנטועכטס פון פאפען. ווי ס'איז געקומען פאר די בריק, האט ער געעפענט א פלאש און אנגעגאסען א גלאז און האט אויסגעטרינקען. אזוי ווי די וואך האט דאס דערזעהן, האבען זיי אויך געבעטען ביי איהם א ביסעל בראנפען, האט ער זיי מכבד־געווען און זיי האבען געטרינקען אזוי לאנג ביז זיי האבען זיך אנגעשכור'ט.

האט דער גנב גענומען דעם קאפ און אריינגעווארפען זין וואסער אריין און די זעלנער האט ער איבערגעטון אין פאפישע קליידער און ער איז צוועק.

ווי די זעלנער האבען זיך אויפגעכאפט און געזעהן, אז דער קאפ איז נישטא, זענען זיי צוועק צום קייזער. האט ער זיי אלע איינגעזעצט.

און מ'האט ווייטער נישט געוויסט ווער דער גנב איז.

האט דער קייזער געמאכט א באל פאר אלע מענשען, כיי ארים סיי רייך און ער האט אויפ'ן טיש א נידערגעשטעלט א גאלדענעם בעכער. „ווער ס'וועט גנב'ענען דעם בעכער, דער איז דער גנב, וואס האט בעהאלפען דעם געהרג'עטען גנבי".

ווי ס'איז בעקוריען אויפ'ן באל איז געגאנגען דער גנב און האט גענומען דעם גאלדענעם בעכער און אריינגעלעגט צום גלח אין קעשענע. ווי דער קייזער האט געזעהן, אז דער בעכער איז נישטא, האט ער געהייסען אלע באזוכען, נאר קיין גלח באזוכט מען נישט. האט מען דעם גנב נישט געכאפט און ווען מ'איז אהיימגעגאנגען, האט דער גנב צוריק ארויסגענומען דעם בעכער פון גלח'ס קעשענע.

האט דער קייזער געמאכט נאך א באל און אנגעשיט רענדלעך אויף דר'ערד. „ווער ס'וועט זיך אראפבייגען און אויפהויבען די רענדלעך, דער איז דער גנב".

האט דער גנב זיך אנגעשמירט אויף די זוילען סמאלע און האט געטרע־טען אויף די רענדלעך, האבען זיי זיך צוגעקלעפט.

און מ'האט ווייטער נישט געוואוסט ווער דער גנב איז.

האבען כשוף־מאכערס געהייסען דעם קייזער מאכען א באל און ער זאל אנטוהן זיין טאטער טייערע פערעל און זיי (די כשוף־מאכערס) וועלען די פערל פארכשופ'ען און ווער ס'וועט זיי וועלען נעהמען, וועלען זיך איהם אפרייסען די פאדעשוועס. האט דער גנב צלע אנגעשכור'ט און ווען זיי זענען אנטשלאפען גע־ווארען האט ער אראפגעגנב'עט די פערעל און האט ביי אלע אפגעשניטען די זוילען.

און מ'האט ווייטער נישט געוויסט ווער דער גנב איז.

האט דער קייזער געזעהן, אז ס'איז שלעכט, האט ער אנידערגעלעגט א גרויסען בארג מיט געלד און ארום האט ער אויסגעגראבען א גרוב און פארדעקט מיט שטרוי. ווי דער גנב איז צוגעגאנגען גנב'ענען, איז ער אריינגעפאלען. איז ער געגאנגען און האט ארויסגעכאפט א פידעלע זאפאלקעס און אונטערגעצינדען דאס שטרוי, זענען אלע געלאפען לעשען דאס פייער און א סך מענשען זענען אריינ־געפאלען.

און מ'האט ווייטער נישט געוויסט ווער דער גנב איז.

האט דער קייזער גענומען א באראן און ארומגעשטעלט מיט זעלנער. „ווער ס'וועט וועלען גנב'ענען דעם באראן, דער איז דער גנב".

האט דער גנב געהייסען דעם ווייב נעהמען א פארמוך מיט בייגעל און ווארפען פאר די זעלנער. אזוי ווי זיי זענען געלאפען לאפען די בייגעל, האט ער דערווייל צוגענומען דעם באראן און ער האט דאס פלייש אפגעקאכט און די פעל האט ער געלעגט אויפ'ן בוידעם.

דערווייל איז געקומען איינער און האט געבעטען נאכט־לעגער. האט דעם גנב'ס חייב געהייסען ער זאל זיך לעגען אויפ'ן בוידעם. האט דער גאסט דערזעהן די פעל, און אזוי ווי ס'איז געווארען טאג, איז ער אוועק צום קייזער דאס דער־צעהלען און פאר א סימן, ער זאל געדענקען וואו עס איז, האט ער אנגעשריבען אויפ'ן טויער: „דא איז דער באראן".

אז דער גנב איז ארויסגעגאנגען און האט דאס דערזעהן, האט ער באלד כא־שטאנען וואס דאס איז און ער איז געגאנגען און האט אנגעשריבען אויף אלע טויערען: „דא איז דער באראן". און ווען דער קייזער האט געשיקט זעלנער זוכען די פעל, האבען זיי נישט געקענט געפונען.

ווי דער קייזער האט געזעהן, אז ער קען דעם גנב נישט פאנגען, האט ער ארויסגעגעבען א באפעהל, אז דער גנב זאל אליין קומען צו איהם. ער וועט איהם גארנישט טון.

איז דער גנב אליין געקומען, נאר דער קייזער האט נישט געוואלט איהם באלד גלייבען. האט ער געזאגט: „אט דא פאהרט א פויער אויף א וואגען, גנב'ע דעם וואגען מיט דעם פערד ביי איהם צו".

אויף די פוהר איז געלעגען א חזיר. איז געגאנגען דער גנב און האט אראפ־געגנב'עט דאס חזיר און עס אוועקגעשלעפט ווייט און האט עס גענומען דרעהען ביי די אויערען, האט דאס חזיר אנגעהויבען צו קוויטשען. איז דער פויער אראפ

און וואגען און ס'איז נאכגעלאפען אפצונעהמען דאס חזיר, האט דער גנב דערווייל צוגענומען דעם פערד און וואגען און איז אוועק צום קייזער.

אבער דער קייזער האט נאך נישט געוואלט גלויבען. האט דער קייזער געזאגט אזוי: „איך וועל בויען א פאלעץ און באהאלטען דארט מיין סאלדאטער און אויב דו וועסט זי געפונען, וועל איך זי דיר געבען פאר א ווייב“.

ווי דער פאלעץ איז געווארען פארטיג, האט דער גנב אנגעהויבען זוכען די טאכטער און ער האט זי נישט געקענט געפונען, איז ער געווארען זעהר טרויעריג. ווי ער איז אזוי געגאנגען, האט ער דערזעהן א קאטערינצוש, האט ער איהם דערצעהלט די גאנצע מעשה.

האט איהם דער קאטערינצוש געגעבען אן עצה, אז ער זאל אריין אין די קאטערינקע און ער (דער קאטערינצוש) וועט שפילען פאר'ן פאלעץ, אפשר וועט מען זי (די קאטערינקע) קויפען און טאמיר וועט מען וועלען אויף איהר שפילען, זאל ער אינווענינג צוהאלטען, וועט מען איהם (דעם קאטערינצוש) מוזען רופען ער זאל זי פאררינכטען, וועט ער דאמאלס איהם (דעם גנב) ארויסלאזען.

אזוי איז טאקע געוועזען. אז די קאטערינקע האט נישט געוואלט שפילען, האט מען גערופען דעם קאטערינצוש און ער האט איהם ארויסגעלאזט.

האט זיך דער גנב באהאלטען הינטער די פארהאנגען און ווי דעם קייזער'ס טאכטער איז געגאנגען שפילען, האט ער זי אנגעכאפט.

דער קייזער האט שוין דעמאלס געגלויבט און ער האט איהם געגעבען א סך געלד און די טאכטער. און זיי האבען חתונה-געהאט.

און זיי איז וואויל

און אונז זאל זיין נאך בעסער.

(שמואל מארגוליעס, ווארשע.)

(12

א גנב האט געזעהן ווי א פויער האט פארקויפט א פאר אקסען, האט ער זיך בעטראכט: „דאס געלד וועט שוין זיין פאר מיינעטוועגען“. און ער האט אנגעהויבען נאכצוקריכען, נאכצוקריכען. און האט איהם געוואלט ארייגשטעקען די האנד אין די קעשענע און ס'איז איהם נישט געגאנגען און ר'האט איהם גארנישט געקענט טון. א כלל, האט ער איהם אנגעהערט אין וואלד און ווי דער פויער איז געקומען אין וואלד אריין, זאגט דער גנב צו איהם: „אצינד מוזטו שוין געבען דאס געלד פון די אקסען“.

זאגט דער פויער: „זעה נאר, איידער איך האב די אקסען אויפגעבאוועט און דערמאהן דיך נאר ווי איך בין מיט זיי אומגעגאנגען פון א נדודיז אויף און היצערס (אצינד) ווילסטו ס'געלד פון די אקסען. נו, פרעג איך דיך איז דאס גלייך אזוי?“.

זאגט דער גנב: „מאך נישט קיין גרויסע געשנאפטען, מאך נישט קיין טענה, נאר שוין זאלסטו געבען דאס געלד!“.

זאגט דער פויער: „און אז נישט, וואס וועט זיין?“

גיט דער גנב א כאפ ארויס א גרויס מעסער און זאגט: „זעהסט, דו ביזט שוין ביי מיר א טויטער“.

זאגט דער פויער: „זעהסט, איך וואלט דיר געגעבען דאס געלד, נאר וויל דו ביזט אזוי, וויל איך דיר נישט געבען, נאר יענעם וועל איך געבען“. און ער האט איהם דערביי אזוי געוויזען מיט די האנד.

דער גנב האט געמיינט, אז הינטער איהם שטעהט איינער, האט ער זיך דערשראקען און ער האט זיך געגעבען א דרעה אויס. דער פויער האט געהאט א גרויסען שטעקען, האט ער איהם באלד געגעבען א מעסט אפ ווי עס ברויכט צו זיין, איז דעם גנב דאס מעסער באלד ארויסגעפאלען פון די האנד און ער (דער פויער) האט איהם גוט צובראכען די ביינער. די הענד מיט די פיס און ער האט איהם אזוי לאנג געהאקט ביז ער האט זיך אנידערגעלעגט און האט זיך אזש נישט געקענט ריהרען.

און דער פון ער איז געגאנגען אין שטאדט אריין און האט דאס כאמאלדען. ער האט דערצעהלט ווי אזוי ס'איז געוועזען, האט ער דערפאר בעקריגען א נאגראדע.

(פאוולאוו, ראד. גוב.)

(14

ס'איז א מאל געווען א פריץ, האט ער געהאט א סך בהמות. ביי דעם פריץ איז געווען א פויער, האט ער געהאט א זוהן. האט זיך דעם שייגעץ פארגלוסט דעם פריץ'ס א פעטע „יאלובקע“ און ער האט זי געוואלט צוגנב'ענען. האט ער דאס דערצעהלט דעם פאטער. האט דער פויער געזאגט: „גוט, נאר פריהער איידער דו וועסט די „יאלובקע“ צוגנב'ענען, מוזטו זיך וועגען, כדי דערנאך ווען דו וועסט האבען אויפגעגעסען דאס פלייש פון די „יאלובקע“ זאל מען כאטש ווי'סען וויפיל דו האסט צוגענומען, וויפיל ס'איז דיר צוגעקומען צו דער וואג“.

דער פויער ווידער איז געגאנגען צום פריץ און האט איהם בעצאהלט פאר דער „יאלובקע“ און האט איהם דאס אלץ דערצעהלט.

דער שייגעץ האט זיך געוואויגען און ביינאכט, ווען מ'האט ארייגעטריבען די בהמות אין סטאדאלע אריין, האט דער שייגעץ זיך פארגנב'עט און ארויסגעגנב'עט די „יאלובקע“ און האט זי א היימגעברענגט צום פאטער.

דער פויער האט זיך אויך געוואויגען.

ווי דער זוהן האט ארייגעברענגט די „יאלובקע“, האט דער פויער געזאגט: „זעה נאר צי מ'געהט נישט, דאכט זיך מיר, אז מ'געהט“. — דער שייגעץ האט אנגעהויבען צו שרעקען.

דער פויער האט בעשאכטען די „יאלובקע“ און האט אפגעשינדען די פעל און ער האט געזאגט צום זוהן: „זעה נאר, דאכט זיך מיר מ'געהט“. דער שייגעץ האט אנגעהויבען מעהר צו שרעקען.

מ'האט די „יאלובקע“ צושניטען, מ'האט זי צובעשטעלט צום קאכען, זי האט זיך געקאכט און דער פויער האט ווייטער געזאגט: קוק נאר צי מ'געהט נישט“.

דער שייגעץ איז געוועזען אין איין שרעק, די אויגען זענען איהם שיער ארויסגעקראכען.

די „יאלובקע“ איז געווארען פארטיג, מ'איז זי געגאנגען עסען, האט דער פויער ווידער געזאגט: גיב אכטונג צי מ'געהט נישט“. דער שייגעץ האט געהאלטען אין איין ציטערען, ביי יעדען ביס האט זיך איהם געדאכטען אז מ'געהט פון פריץ, אז דער פריץ געהט.

א כלל זיי האבען שוין אויפגעגעסען די יאלובקע — האט דער פויער זיך אנגערופען צום זוהן: נו, אצינד וועט מען זעהן וויפיל מ'האט צוגענומען“.

און דער שייגעץ האט זיך געוואויגען, האט איהם בעפעהלט א סך צו די וואג, דאנאך האט דער פויער זיך בעוואויגען, איז איהם צוגעקומען שענע עטליכע פונט — האט דער פאטער געזאגט צום זוהן: „זעהסטו וואס עס איז דער טייטש גנבה: ווען דו האסט געגנב'עט, האסטו געשראקען, האסט מורא געהאט מ'זאל דיך נישט כאפען ביי דער גנבה; האט מען געהרג'עט די יאלובקע, האסטו געשראקען; האט זי זיך געקאכט, האסטו געשראקען, האסטו זי געגעסען, האסטו געשראקען, דערפאר איז דיר אפגעקומען. אבער איך — זעה, איך האב נישט געגנב'עט, איך בין צו דער זאך נישט צוגעגאנגען מיט גנבה, איך האב פאר דער „יאלובקע“ פריהער געהאט בעצאהלט, האב איך נישט געשראקען, איך האב זי געגעסען מיט א נאה, דערפאר איז מיר צוגעקומען.

האט דער שייגעץ זיך אנגערופען: „שוין, וואס איך וועל זיין, וועל איך זיין, אבער קיין גנב וויל איך שוין נישט זיין“.

(פנחס סטופאי, פלאצק.)

(15

אין אַ דאָרף איז געווען אַנ'ארענדער, איז ער אַמאָל געפאָהרען אויף אַ חתונה, האָט ער איבערגעלאָזט דאָס ווייב מיט אַ טאָכטער. האָט ער זיי אָנגעזאָגט, אַז ביינאַכט זאָלען זיי זיך גוט פארמאַכען און ער האָט זיך געבראָילט צו זוימען איבער שבת.

ווי ס'איז געקומען פרייטאָג, איז געקומען אַ יוד און האָט זיך געפרעגט צי ער קען האַלטען שבת, האָט זי געענטפערט: „יאָ" — עלעהיי זי וועט הערען קידוש פון אַ יוד.

ווי ס'איז געקומען פרייטאָג-צונאַכטס נאָכ'ן עסען, זאָגט ער צו זיי: „וואָס מיינט עטץ, איך בין אַ גאַסט, איך בין געקומען נעהמען דאָס געלד".

ווי די מוטער האָט געהערט, אַז ער וויל נאָר דאָס בלויז געלד, האָט זי איהם אַריינגעפיהרט אין די אַנדערע שטוב אריין און דאָרט איז געשטאַנען אַ קאַסטען, אַ גרויסער קופערט, איז אינוועניג געלעגען זאַכען, קליידער. האָט זי אָנגעהויבען ארויסצונעהמען די זאַכען און זי האָט איהם געזאָגט, אַז גאָר פון אונטען ליגט דאָס געלד. האָט ער זיך איינגעבויגען, עס ארויסצונעהמען, האָט זי איהם אָנגעכאַפּט ביי די פיס און אַריינגעוואָרפען אין קאַסטען אריין און זי האָט איהם פארמאַכט.

(חיה ליבערט, מלאווע, פּלאָצק. גוב.)

---

(16

ס'האָט געוואוינט אַ רייכער מאַן אין אַ דאָרף און ער האָט געהאַט אַנ'איינציגע טאָכטער. נישט ווייט פון איהם אין אַ צווייטען דאָרף האָט אויך געוואוינט נאָך אַ רייכער מאַן און יענער האָט אויך געהאַט אַ טאָכטער. דער צווייטער גביר האָט חתונה געמאַכט זיין טאָכטער, האָט ער געבעטען דעם ערשטען אויף די חתונה. די עלטערן האָבען געוואָלט מיטנעהמען די טאָכטער אויף די חתונה, נאָר זי האָט נישט געוואָלט. זענען זיי געפאָהרען און זי איז איבערגעבליבען אינדערהיים.

לעבען דעם דאָרף איז געווען אַ גרויסער וואַלד, אין דעם וואַלד האָבען זיך אויפגעהאַלטען זעקס גנבים, גרויסע גזלנים: די גנבים האָבען זיך דערוואוסט, אַז דער גביר איז געפאָהרען אויף די חתונה און האָבען איבערגעלאָזט די טאָכטער אַליין אין שטוב! האָט זיך איינער פון זיי ביי טאָג אַריינגעגנב'עט אויפ'ן בוידעם ארויף און ווי ס'איז געקומען ביינאַכט, דאָס מיידעל האָט זיך געלעגט שלאָפען, הערט זי ווי מען קלאַפּט ביי דער טיר. האָט זי געפרעגט: „ווער איז דאָס". האָט ער געענטפערט: „אַ צ'ארימאַן".

זי האָט איהם אַריינגעלאָזט און זי האָט איהם געגעבען צו עסען. זי האָט איהם אַנידערגעלעגט ברויט, נאָר אַ מעסער האָט זי איהם פארגעסען צו געבען. ער איז געזעסען און האָט נישט געגעסען. זי האָט געזעהן, אַז ער עסט נישט, ווייל ער האָט נישט קיין מעסער, האָט זי איהם געפרעגט צי ער וויל אַ מעסער. האָט ער ארויסגעכאַפּט אַ מעסער פון זיין טאַש און האָט איהר געענטפערט, אַז מיט דעם מעסער וועט ער זי נאָך שאַכטען. זי האָט זיך זעהר דערשראָקען. האָט ער צו איהר אַזוי געזאָגט: „וואָס ווילסטו—דאָס לעבען, אָבער דו זאָלסט געבען דאָס געלד?". האָט זי געזאָגט, אַז זי וועט געבען דאָס געלד און זי האָט איהם אַריינגעפיהרט אין די שטוב אריין וואו דאָס גאַנצע געלד איז געלעגען. און דאָרט איז געשטאַנען אַנ'אייזערנער קאַסטען. זי האָט איהם אויפגעמאַכט דעם קאַסטען און ער האָט זיך ארויסגענומען געלד, ער האָט ש'ין אַזוי פיל ארויסגענומען, אַז ער האָט זיך שוין געבראָילט גוט אַריינצובייגען אין קאַסטען אריין און אַזוי ווי ער האָט זיך אַריינגעבויגען, האָט זי איהם אָנגעכאַפּט ביי די פיס און אַריינגעוואָרפען אין קאַסטען אריין און פארשלאָסען.

ווי ס'איז געקומען די צייט וואָס ער האָט זיך באַשטעלט מיט די איבעריגע גזלנים, אַז זיי זאָלען שטעהן פאַר די שטוב און ער האָט זיי באַדאַרפט ארויסצו־דערלאַנגען דאָס געלד, ער האָט צו זיי ארויסגעשריגען: „ראַטעוועטס מיך!", האָבען זיי געקלערט פארשידענע מיטלען ווי אַרומערט אַריינצוקומען אין שטוב אריין, נאָר זיי האָבען קיין מיטעל נישט געקענט געפונען. האָבען זיי אויסגעקלערט ארויפצוגעהן אויפ'ן דאַך און אַריינצוקריכען דורכ'ן קוימען.

זי האָט דאָס אינוועניג אַלץ געהערט. האָט זי זיך גענומען אַ האַק אין די האַנד אריין און האָט זיך אַנידערגעשטעלט לעבען קוימען און ווי ס'האָט זיך אַריינגעלאָזט איינער, האָט זי איהם אָפּגעהאַקט דעם קאָפּ און אַנידערגעלעגט אויף די פאָדלאָגע. דער וואָס איז געלעגען אין קאַסטען האָט הייטער ארויסגעשריגען: „ראַטעוועטס מיך!", האָבען זיי איהם אָפּגעענטפערט: „ס'איז שוין איינער אַריינגעגאַנגען". האָט ער ארויסגעשריגען, ער זעהט נישט מ'זאָל איהם ראַטעווען.

האָט זיך אַריינגעלאָזט נאָך איינער, האָט זי איהם אויך אָפּגעהאַקט ד'קאָפּ, אַזוי איז געווען ביז צום דריטען.

האָבען די צוויי, די קלוגסטע גזלנים, זיך באַקלערט מסתמא איז דאָ ס.פּ. און זיי האָבען זיך אויפגעהויבען און זענען אַוועקגעגאַנגען.

ווי ס'איז געקומען אַנדערפריה, ווען די עלטערן זענען געקומען פון די חתונה, האָבען זיי אָנגעקלאַפּט ביי די טיר, האָט זי זיך געפרעגט: „ווער איז דאָס?", האָבען די עלטערן זיך אָנגערופען אַז זיי זענען דאָס. האָט זי זיי געהייסען שווערען אויב זיי זענען עס, האָבען זיי זיך דערשראָקען, נאָר זיי האָבען זיך געמוזט שווערען, האָט זי זיי געעפענט.

ווי די מוטער איז אַריינגעקומען אין שטוב אריין און האָט דערזעהן ליגען די טויטע גזלנים, האָט זי געחלש'ט. מ'האָט זי דערמינטערט און די טאָכטער האָט דערצעהלט די עלטערן וואָס דאָ האָט פּאַסירט און זי האָט זיי דערצעהלט אַז ס'איז נאָך דאָ איינער לעבעדיג אין קאַסטען.

מ'האָט באַלד צוזאַמענגערופען אַלע פויערן. איז געקומען איינער אַ שטאַרקער פויער און ער האָט זיך געהייסען ווייזען ווער דער לעבעדיגער איז. אַזוי ווי ער איז צוגעגאַנגען און האָט אויפגעמאַכט דעם קאַסטען, האָט דער גזלן איהם אַריינגעשטאָכען ס'מעסער און האָט איהם דערהרג'עט. זענען צוגעלאָפען אַלע פויערן און האָבען דעם גזלן ארויסגענומען און זיי האָבען איהם דערהרג'עט.

די צוויי ברידער די גזלנים האָבען זיך געוואָלט נוקם זיין פאַר דעם בלוט פון זייערע פיר ברידער, האָבען זיי דערקלערט אַ מיטעל און האָבען געקויפט שניט סחורה און זענען אַרומגעפאָהרען פאַרקויפען. זיי האָבען אויסגעשיקצוועט, אַז זיי זאָלען אויסקומען אין דעם דאָרף פונקט פרייטאָג פארנאַכט.

ווי זיי זענען געקומען, זענען זיי אַריינגעגאַנגען צום גביר און האָבען זיך געפרעגט צי זיי קענען דאָ קענען האַלטען שבת. האָט דער גביר געענטפערט: „מיט פארגעניגען". זיי האָבען דאָרטען געהאַלטען שבת און זיי זענען געגאַנגען מיט איהם דאַווענען און זיי האָבען זיך פאָרגעשטעלט פאַר גרויסע חסידים.

ס'איז געקומען צום עסען, האָט זיך דער גביר מיט זיי צושמועסט און זיי זענען געקומען אין אַ שמועס פון שידוכים, האָבען די גזלנים פאָרגעשטעלט, אַז זיי האָבען אַ זוהן אין די און די שטאָדט און ער קען ביז לערנען, האָט דאָס דעם גביר געפאָלען און ער האָט זיי פאָרגעשלאָגען אַז זיי זאָלען ברענגען דעם זוהן צו איהם. האָבען זיי געענטפערט, אַז דער זוהן פיהרט דאָס גאַנצע געשעפט אין דערהיים און ער קען נישט קומען צופאָהרען און זיי האָבען פאָרגעלעגט, אַז דאָס מיידעל זאָל מיט זיי מיטפאָהרען און ווען ס'וועט איהר געפעלען, וועט מען באַלד קענען מאַכען תנאים. ס'איז דעם גביר זעהר געפאַלען.

ווי ס'איז געקומען שבת-צונאַכטס, האָבען זיי איינגעשפאַנט די פערד און זיי זענען מיט איהר אַוועקגעפאָהרען. אַזוי ווי זיי זענען געקומען היגטער דעם שטעדטעל, האָבען זיי אָנגעהויבען צו פאָהרען זעהר שנעל, האָט זי זיך געפרעגט: „וואָס פאָהרט עטץ אַזוי שנעל?". האָבען זיי איהר געענטפערט: „זאָלסט נישט מיינען, אַז דו האָסט געהרג'עט אונזערע ברידער, יעצט וועסטו געהרג'עט ווערען".

זי האָט זיי אויף דערויף גאָרנישט געענטפערט און זיי זענען מיט איהר אַוועקגעפאָהרען אין אַ טיפען וואַלד אריין און זיי זענען אַזוי לאַנג געפאָהרען ביז זיי זענען צוגעקומען צו אַ קליין הייזעל און האָבען זיך דאָרט אָפּגעשטעלט. זיי זענען מיט איהר אַריינגעגאַנגען אין דעם הייזעל אריין און דאָרט איז נישט מעהר געווען נאָר זייער מוטער.

האָבען זיי געזאָגט צו די מוטער: „מיר האָבען שוין געברענגט די, וואָס האָט געהרג'עט אונזערע ברידער". און זיי האָבען זי איבערגעלאָזט און זענען געפאָהרען אין וואַלד אריין כאַפּען חיות.

אין דעם וואַלד איז נישט געווען קיין וואַסער, נאָר איין ברונען איז געווען, וואָס זיי האָבען געמאַכט. די ברונע האָט געהאַלטען פיר-הונדערט איילען די טיף.

די מוטער האָט זיך באַקלערט, אַז זי האָט נאָך קיין שום גוטס נישט געטון אויף די וועלט, האָט זי זיך געטראַכט, אַז זי וועט דאָס מיידעל ארויסראַטעווען, וועט זי כאָטש האָבען גוטס אויפגעטון אויף די וועלט. זי איז אַריינגעגאַנגען צו דעם מיידעל און האָט איהר געזאָגט, אַז זי האָט אַ מיטעל פאַר איהר ווי אַזוי זי זאָל געראַטעוועט ווערען פון טויט און זי האָט איהר געגעבען אַ טשייניק און זי האָט איהר געזאָגט, אַז זי זאָל אַנידערשטעלען דעם טשייניק לעבען די ברונע

און זי זאָל צהעק, וועט עס הייסען, אז זי איז דערטרונקען געוואָרען.

ווי די זיהן זענען אהיימגעקומען, האָבען זיי זיך געפרעגט וואו דאָס מיידעל איז, האָט די מוטער געזאָגט, אז זי האָט זי ארויסגעשיקט נאָך א טשייניק וואַסער. האָבען זיי אָנגעהויבען אויף איהר צו שרייען און זיי זענען ארויסגעלאָפען צו די ברונע, אָבער זיי האָבען נאָר געפונען דעם טשייניק אליין.

ווי זיי האָבען דאָס דערזעהן, האָבען זיי געמיינט, אז זי איז אריינגעפאלען אין די ברונען, האָבען זיי זיך אראָפּגעלאָזט, אָהער זיי האָבען זי נישט געפונען. האָבען זיי זיך אויפגעזעצט אויף צוויי פערד און מיטגענומען צוויי גרויסע שווערדען און זענען געפאָהרען אין וואלד אריין און האָבען אזוי לאנג געשאַרט מיט די שווערדען ביז זיי האָבען דערהרג'עט א פויגעל. ווי זיי האָבען דעם פויגעל דערהרג'עט, האָבען זיי געמיינט, אז זיי האָבען זי דערהרג'עט און זיי זענען צוריק א היים געריטען.

האָבען זיי געזאָגט צו די מוטער: „מיר האָבען זי שוין דערהרג'עט אין מ'וועט נאָך אהערגעבּראָרען די עלטערן איהרע און זיי דערהרג'ענען".

און זיי האָבען גענומען און אָנגעשריבען א בריף צו דעם גביר, אז זיי געפעלען זיך, די חתן כלה, און זיי (די עלטערן) זאָלען קומען צופאָהרען אויף תנאים.

דאָס מיידעל איז אזוי געגאַנגען און געגאַנגען ביז זי האָט געפונען א פוהר פון זייער שטעדטעל און איז אויף די פוהר אהיימגעפאָהרען.

ווי זי איז אריינגעקומען אין שטוב אריין, האָט זי דערצעהלט די עלטערן די גאַנצע געשיכטע. אינדעם איז אָנגעקומען דער בריף פון די גזלנים.

האָבען די עלטערן צוריק געענטפערט א בריף, אז די טאָכטער קען ביי זיי בלייבען, נאָר זיי זאָלען קומען צופאָהרען, וועלען זיי מיט זיי מיטפאָהרען.

ווי די גזלנים האָבען דערהאלטען דעם בריף, זענען זיי אהינגעפאָהרען. ווי זיי זענען אהיינגעקומען צום גביר, האָבען זיי דערזעהען דאָס מיידעל. ווי זיי האָבען זי דערזעהען, איז זיי נישט גוט געוואָרען. — דאָרט זענען פון גוווארט מענשען אויף זיי און ווי זיי זענען געקומען, האָט מען זיי געבינדען און מ'האָט זיי געהרג'עט.

(וואָלין, ראַד. גובי)

---

(16א

ס'איז אמאָל געווען א שענקער אין א דאָרף, האָט ער געהאַט איין-איינציגע טאָכטער און זיי (דער שענקער מיט'ן חייב) האָבען באַדאַרפט צו פאָהרען אויף א חתונה און האָבען איבערגעלאָזט די טאָכטער און האָבען איהר אָנגעזאָגט, אז ס'וועט נאָר קומען פארנאַכט, זאָל זי באַלד פארמאַכען די שענק און מעהר זאָל זי נישט לייזען.

ווי ס'איז געקומען פארנאַכט און ווען זי האָט געוואָלט פארמאַכען די שענק, האָט זי דערזעהן פון דערווייטענס, איז געקומען אָנצופאָהרען א פוהר מיט גזלנים. האָט זי שוין נישט געדאַנקעט צו פארמאַכען די טירען, און אזוי ווי הינטערן בופעט איז געווען אַנ'אייזערנע טיר אין קעלער אריין, איז זי באַלד גענגען א לויף אראָפּ אין קעלער אריין און זי האָט זיך פארמאַכט.

ווי די גזלנים זענען אריינגעקומען, האָבען זיי זי אָנגעהויבען צו זוכען, נאָר זיי האָבען זי נישט געפונען. זיי האָבען אָנגעהויבען צו קלערען וואו זי קען זיין און זיי זענען דערגאַנגען, אז ס'איז דאָ אַנ'אייזערנע טיר אין קעלער אריין. האָבען זיי אָנגעהויבען אויפצוברעכען די טיר אזוי לאַנג ביז זיי האָבען אָפּגעבראָכען א שטיק טיר די גרויס פון א קאָפּ. אזוי ווי דאָס מיידעל האָט געהערט ווי מען ברעכט די טיר, האָט זי זיך גענומען א שאַרפע האַק אין די האַנד אריין און אזוי ווי דער ערשטער האָט אריינגעשטעקט נ'קאָפּ, האָט זי איהם אָפּגעהאַקט דעם קאָפּ. ווי דער צווייטער האָט געוואָלט אריינשטעקען — האָט זי איהם אויך אָפּגעהאַקט, אזוי ארומעט — ביז צום לעצטען, דעם לעצטען האָט זי נישט געדאַנקעט אָפּצוהאַקען, נאָר זי האָט איהם געגעבען א שטאַרקען זעץ אין שטערען אריין, האָט ער זיך אויפגעהויבען און ר'איז אוועקגעפאָהרען.

ווען די עלטערן זענען געקומען צופאָהרען פון די חתונה, האָבען זיי געזעהען ווי עס ליגען אזוי פיל הרוגים, האָבען זיי געמאַכט א גרויס געוואַלד, ווייל זיי האָבען געמיינט, אז מ'האָט די טאָכטער געהרג'עט. ווי די טאָכטער האָט געהערט דאָס געשריי פון די עלטערן, איז זי ארויסגעקומען פון קעלער און זי האָט זיי דערצעהלט וואָס דאָ איז געשעהען. איז געוואָרען א גאַנץ גערויש איבער די שטאָדט, אזוי לאַנג ביז וואַנען ס'איז אָנגעקומען צום קייזער.

ווי דער קייזער האָט זיך דערפון דערוואוסט, האָט זי (דאָס מיידעל) דערפאַר געקריגען א נאַגראַדע.

דער איבערגעבּליבענער גזלן האָט זיך אין איהר געוואָלט נוקם-זיין און האָט געזוכט פארשיידענע מיטלען ווי זי צו פאַנגען.

אין א צייט ארום איז געקומען צום שענקער צוויי שדכנים און האָבען איהם פארגעלעגט פאַר די טאָכטער א שידוך. זיי האָבען זיך געזעגענט און האָבען באַשטימט צו ברענגען דעם חתן, כדי צו שרייבען תנאים.

אזוי איז געווען, מ'האָט דעם חתן געבּרענגט און מיט מזל געשריבען תנאים און מ'האָט אָנגעלעגט (אָפּגעלעגט) א זמן החתונה. ס'איז געקומען די צייט פון די חתונה, מ'האָט געמאַכט א חתונה. נאָך די התונה האָט דער חתן געזאָגט אז ער קען דאָ לאַנג נישט בלייבען, ווייל ער האָט אין די היים א גאַנץ גוט און ער האָט נישט ווער ס'זאָל איהם פיהרען, וויל ער מיט'ן ווייב א היים פאָהרען. ער האָט זיך געזעגענט מיט'ן שווער און שוויגער און ר'איז מיט'ן ווייב אוועקגעפאָהרען.

ער הויבט אָן צו פאָהרען, ער פאָהרט, פאָהרט, איבער בערגער, איבער גריבער, איבער וועלדער, זאָגט זי: „וואָס פאָהרסטו עפּעס אזוי שנעל?".

זאָגט ער: „דו הויבּסט ערשט אָן צו פאָהרען. דו קאָנסט מיך ווער איך בין?" און ער האָט געגעבען א רוק ארויף דאָס היטעל און האָט איהר געוויזען דעם העפט וואָס ער האָט אין שטערן — „און דו זאָלסט געדענקען, אזוי ווי דו האָסט געהרג'עט מיינע ברידער, אזוי וועלען מיר דיך הרגענען".

ער איז מיט איהר פאָרפאָהרען אין א טאָל אריין און ער האָט זיך באַ-רעטעגט, אז ער וועט זי נישט הרג'ענען, ווייל זי איז דאָך פאָרט זיין ווייב — האָט ער זי גענומען פאַר א דינסט צום קאָכען און ער האָט איהר אָנגעזאָגט, אז ס'זאָל אַלע טאָג זיין צו די צייט דאָס עסען, אויב נישט, וועט מען זי באַלד דערהרג'ענען.

דאָרט איז געווען אַנ'אַלטיטשקע מוטער, האָט זי צו'ן איהר געזאָגט: „מיין קינד, דו ווילסט דיך ראַטעווען, וועל איך דיר זאָגען ווי ארומצרט, דו זאָלסט מיך זוך אמאָל געדענקען. דו געהס — זאָגט זי — און קאָך אָן אַנ'עסען, אז ס'זאָל זיין גיט געזאָלצען און דו זאָלסט אויסלעדיגען די גאַנצע עטוב, אז ס'זאָל זיך נישט געפינען קיין לעק וואַסער און ווען זיי וועלען זיין דורשטיג, וועלען זיי דאָך וועלען טרינקען זאָלסטו נעהמען די צוויי קאַנען און לויפען נאָך וואַסער און דו זאָלסט אריינוואַרפען די צוויי קאַנען אין די ברונען אריין און זאָס קאָפּקעלע כון אויבען און דו זאָלסט אנטלויכען".

ווי די גזלנים האָבען געזעהען, אז ס'דויערט אזוי לאַנג און זי קומט נישט מיט'ן וואַסער, זענען זיי געגאַנגען ארויס צו די ברונען, האָבען זיי געזעהען ווי ס'ליגען די צוויי קאַנען אין דאָס קאָפּקעלע פון אויבען, האָבען זיי געמיינט, אז זי איז אריינגעפאַלען. האָבען זיי אָנגעהויבען צו זוכען אין די ברונען. אָבער זיי האָבען זי נישט געפונען. האָבען זיי פארשטאַנען, אז זי איז מסתמא אנטלאָפען אין די גאַנצע סוויטע גזלנים האָבען זיך געלאָזט זי זוכען.

ווי דאָס מיידעל איז אזוי געלאָפען, איז דערווייל געוואָרען נאַכט און זי האָט זיך באַהאלטען אין א גרוב פון קשאַקעס. הי זי איז געווען אזוי געלעגען, האָט זי געהערט ווי די גזלנים שרייען און זיי זוכען און זי איז זיך אזוי געלעגען און זיך נישט גערירהט. אינדערפריה האָט זי זיך אויפגעהויבען פון גרוב און ווייטער געלאָפען אין ס'איז ווייטער געוואָרען נאַכט. ווי זי איז אזוי געגאַנגען, האָט זי געזעהן ווי ס'שטעהט א בודקעלע אין מיטען וואַלד און אין דעם בודקעלע לייכט זיך, האָט זי זיך געטראַכט: אַלץ איינס איז איהר שוין, אזוי צו אזוי איז זי שוין פאַרפאַלען — איז זי אריינגעגאַנגען און דאָרט האָט געוואוינט א גאַיאָווע.

ווי זי איז אריינגעקומען, האָט זי געזאָגט: „אזוי ווי כ'האָב נישט קיין געלד נאָר כ'האָב א שען זיידען קלייד". און זי האָט עס אויסגעטון און איהם עס אוועקגעגעבען און זי האָט איהם געבעטען, אז ער זאָל זי אָפּפיהרען אין א נאָהנטען שטעדטעל.

ווי זי איז געקומען אין סטעדטעל אריין, איז זי אריינגעגאַנגען צום רב און האָט איהם פארצעהלט די גאַנצע געשיכטע. האָט דער רב זי אָגעשיקט א היים.

ווי זי איז צהיימגעקומען, האָט זי דערצעהלט די גאַנצע געשיכטע. ווי

זיי זענען אזוי געשטאנען, האבן זיי בעזעהען ווי דער גזלן געהט, האט זי געזאגט, אז מ'זאל איהם איינעהמען גאנץ פיין און זיי, די עלטערן, זאלען זיך מאכן גלייך ווי זיי ווייסען פון גאר נישט און דערווייל וועט זי געבען צו וויסען פאליציי.

אזוי איז געווען. ווי ער איז אריינגעקומען, איז זי ארויס דירך אנ'הינ־טער טיר און זיי האבען איהם אויפגענומען זעהר גוט. אינדעם איז געווארען באלעגערט דאס גאנצע הויז מיט פאליציען און מ'האט איהם געבונדען און איהם געזאגט, אז ער זאל ווייזען, וואו די גאנצע באנדע געפינט זיך. און מ'האט איהם ארויפגעלעגט אויף א פוהר און מ'איז מיט איהם געפאהרען און ער האט געוויזען וואו עס געפינט זיך די גאנצע באנדע.

מ'האט אלע פארנומען און די אלטיטשקע האט מען ארויסגעראטעוועט און די גזלנים האט מען אלע בעהרג'עט און די אלטיטשקע האט זי (דעם סענקערס טאכטער) גענומען א היים צו זיך אויפ'ן גאנצען לעבען.

(חיים ליבערמאן, ווארשע.)

---

(16ב

ס'איז אמאל געווען א פאר פאלק, האבען זיי געהאט אנ'איינציגע טאכטער; זי געווען זעהר א שענע און א בעלערנטע און זי איז געווען א גרויסע צנועה, זי איז קיינמאל פון שטוב נישט ארויסגעגאנגען.

איינמאל זענען די עלטערן אוועקגעפאהרען אויף א חתונה און האבען די טאכטער איבערגעלאזט אליין. די טאנטער פלעגט זיך זעהר אפהיטען: ס'איז געקי־מען ביינאכט, האט זי פארמאכט די טירען אויף שלעסער, די לאדענס שטארק פארפעסטיגט.

אין מיטען די נאכט הערט די טאכטער פלוצלונג קלאפען אין די לאדען, האט זי נישט געוואלט עפענען, האט מען נאך שטארקער געקלאפט און נאך שטארקער און וואס אמאל שטארקער און זי האט אלץ נישט געעפענט.

ווען די גזלנים האבען בעזעהען, אז מ'עפענט נישט, זענען זיי אראפ אין קעלער אריין און האבען זיך אונטערגעגראבען, כדי זיי זאלען קענען אריין אין שטוב אריין און דארטען אלץ צונעהמען.

דערווייל האט די טאכטער גענומען א האק און אזוי ווי ס'האט זיך אויפ־געהויבען א ברעט פון די פאדלאגע און ס'האט זיך באוויזען א קאפ, האט זי דעם קאפ געגעבען א האק אפ; האט א צווייטער גזלן געוואלט ארייןקריכען אין שטוב אריין, האט זי איהם אויך דעם קאפ אפגעהאקט. דאנאך א דריטען.

ווען די גזלנים האבען געזעהען, אז זיי וועלען נאך אלע אומגעברענגט ווערען, זענען זיי אוועקגעגאנגען. אויפ'ן וועג האבען זיי אנגערעדט (אפגערעדט), אזוי ווי זיי וועלען שוין דא גארנישט קאנען מאכען, וועלען זיי ווארטען ביז די עלטערן וועלען קומען און זיי וועלען זיך פארשטעלען פאר חסידים, אייגער וועט זיין ההן און שוין.

ס'איז אוועקגעגאנגען א האך צייט, די עלטערן זענען געקומען צופאהרען, קומען צו געהן די גזלנים פארשטעלט פאר הסידים און זענען בעקומען רעדען א שידוך די טאכטער. האט מען געברענגט זעם החתן, איז דער חתן געפאלען, האט מען געשלאסען דעם שידוך.

אין א צייט ארום האט מען חתונה־געמאכט. נאך די חתונה זאגט דער יונגערמאן צו זיין שוויגער: „שוויגער, אפשר 'עט איהר מיר פאזוואליען איך זאל מיט מיין ווייב אהינפאהרען צו מיינע קרובים?“.

האט מען איהם פאזוואליעט.

האט זיך ס'יונגע ווייבעל אנגעטון שען מיט אזוי פיל צירונג און גאלד און זיי זענען ביידע אוועקגעפאהרען.

אויפ'ן וועג זענען זיי א דורכגעפאהרען דורכ'ן וואלד, האט דער יונגער־מאן געגעבען א פייף, זענען אנגעקומען פון אלע זייטען גזלנים און ער אליין האט פון זיך אויך אראפגעווארפען די קליידער און האט געגעבען א זאג: „פאר וואס האסטו אפגעהאקט די קעפ פון אונזערע גוטע־ברידער? אצינדערט וועט מען זיך מיט דיר אפרעכענען“.

און מ'האט זי אהיי־געפיהרט אין א קעלער אריין, וואו די גזלנים האבען זיך געהאלטען און מ'האט פון איהר אראפגענומען ס'גאנצע צירונג און מ'האט אפגעפרעגט, אז זי בוו מען דערהרג'ענען.

האט מען זי געפרעגט: צי זי וויל מ'זאל זי דערשיסן אדער מ'זאל זי אפקאכן אין א קעסעל וואסער. האט זי געזאגט, אז זי וויל בעסער אין א קעסעל וואסער. זענען זיי אוועקגעגאנגען ברענגען וואסער.

דערווייל איז זי ארויסגעקראכען פון קעלער. געהט זי, געהט זי, טרעפט זי אנ'אלטע באבע, האט זי זי געבעטען, זי זאל איהר געבען א שטיקעל ברויט, זי איז אזוי הונגעריג, זי האט שוין נישט געגעסען א פאר טאג. האט די אלטע באבע איהר געגעבען עפעס צו עסען און זי איז ווייטער געגאנגען און געגאנגען — איבער וועלדער, איבער פעלדער, ביז וואנען זי איז צוגעקומען צו א ניסען־בוים, איז זי ארויפגעקראכען אויפ'ן בוים. אזוי ווי ס'איז דא גרויסע בלעטער, האט זי זיך אוועקגעזעצט, אז די בלעטער זאלען זי פארשטעלען.

ווען די גזלנים זענען צוריקגעקומען און זיי האבען געזעהן, אז זי איז נישטא, זענען זיי געלאפען זי זוכען.

דערווייל האט זי געהערט פון דערווייטענס, אז מ'געהט און די גזלנים זענען א דורכגעגאנגען דורך דעם בוים, האבען זיי געהערט ווי ס'רודערט זיך עפעס אויפ'ן בוים, האבען זיי ארויפגעשאסען, האט זיך אראפגעריסען בלעטער.

האט איין גזלן געזאגט: „אוי ווי, זעה נאר כ'האב דערשאסען א פייגעלע“.

רופט זיך אן א צווייטער: „זעה נאר, א מענש מעגסטו דערהרג'ענען און אויף א פייגעלע האט ער רחמנות“. און זיי זענען ווייטער געגאנגען.

איז זי אראפגעגאנגען פון בוים; געהט זי אראפ, געהט זי, געהט, געהט, טרעפט זי א פויער מיט א פוהרעל, בעט זי איהם, אזוי ווי זי איז זעהר מיד און הונגעריג, זאל ער זי לאזען ארויפזעצען אויפ'ן פוהרעל. און זי האט איהם געזאגט ווער זי איז און אז ער וועט זי א היימפיהרען, וועט מען איהם דערפאר ארענטליך באגרידיגען.

האט דער פויער זי ארויפגענומען אויפ'ן וועגעלע און זיי זענען געפאה־רען און זי האט דעם פויער דערצעהלט די גאנצע מעשה, וואס האט זיך מיט איהר געטראפען.

זי איז א היימגעקומען און זי האט דערזעהען די עלטערן, איז זי געפאלען חלשות און זי איז קראנק געווארען.

דערווייל האט דער פויער פארצעהלט די עלטערן די מעשה, וואס זי האט איהם דערצעהלט.

און די עלטערן האבען דעם פויער באפרידיגט.

ווען זי איז געזונד געווארען, איז מען געגאנגען נאך פאליציע און מ'איז אהין אין דעם וואלד אריין, אין קעלער אריין וואו די גזלנים זענען געווען און מ'האט צוגענומען ס'גאנצע גאלד און מ'האט די גזלנים געהרג'עט.

(מלך גרויסבוים, ווארשע.)

---

(17

ס'איז געווען א רייכער סוחר, וואס האט געהאנדעלט מיט תבואה. ער איז געווען זעהר רייך, נאר קיין קינדער האט ער נישט געהאט. זיין גאנץ בעגעהר איז נאר געווען, ער זאל האבען א קינד. ער פלעגט זיך א סך מאל א דורכרעדען מיט די פרוי און זיי פלעגען ביידע באדויערן, וואס זיי האבען נישט קיין קינדער, ווארים זיי זענען געווען זעהר רייך. האבען זיי געזאגט, אז זיי וועלען שטארבען וועלען זיי צומאל נישט האבען ווער ס'זאל זיי ירשע'נען און דאס פארמעגען וועט דארפען בלייבען ביי פרעמדע מענשען. האבען זיי זיך מישב־געווען און זיי האבען אנגעהויבען צו פאהרען צו רביים. זיי זענען ארומגעפאהרען א שענע צייט און ס'האט זיי אפגעקאסט א סך געלד, נאר קיין קינדער האבען זיי נאך אלץ נישט געהאט.

מיט איינמאל זענען זיי געקומען צו א גרויסען תנא און האבען דערצעהלט זייער בעגעהר. האט זיי דער תנא געענטפערט, אז ס'איז זיי נישט באשערט קיין צרות צו האבען, פארדערפאר האבען זיי נישט קיין קינדער, ווייל ווען זיי זאלען האבען קינדער, וואלטען זיי א סך שאנדע פון זיי געהאט.

זאגט ער (דער סוחר): „צום ביישפיל, מיט וואס וואלט איך דא בעקענט לייזען שאנדע, אז רייך בין איך גענוג, בילדונג וואלט איך זיי געקענט געבען, וואס פאר א שאנדע וואלט איך דא געקענט האבען?“.

זאגט דער תנא: „נו, ווילסטו דוקא האבען קינדער, זאלסטו וויסען, הע ט

גרויסע צרות לײדען, וואָרום ווענטו האָבען אַ טאָכטער, איז אַז זי וועט אַלט ווערען אַכטצעהן יאָהר, וועט זי זיך שמד'ען; ווען'סטו האָבען אַ זוהן, וועט ער זײן אַ גנב און יעצט--זאָגט ער—זאָג, וואָס ווילסטו, אַ זוהן צי אַ טאָכטער?".

אַלזאָ, ער מיט'ן ווײב האָבען זיך מיישב-געווען און האָבען אַזוי געזאָגט: "ווען מיר האָבען אַ טאָכטער קען זײן מעגליך, אַז זי זאָל זיך שמדען און אַז מ'וועט איהר נאָכגעבען אַלע פאַרגעניגענס, ווייל מ'איז דאָך זעהר רײך, וועט זי זיך דאָך אוודאי שמד'ען, נאָר אַז מ'וועט האָבען אַ זוהן, וועט ער קיין גנב נישט דאַרפען זײן, ווייל רײך זענען מיר גענוג און וואָס ער וועט פאַרלאַנגען, וועט מען איהם געבען, צו וואָס וועט ער דאַרפען גנב'ענען".

אַלזאָ, זײ האָבען געזאָגט, אַז זײ ווילען אַ זוהן.

זײ זענען אַהיימגעפאָהרען און ס'איז אַוועק אַ געוויסע צײט און זי האָט געבוירען אַ זוהן.

די שמחה וואָס איז געווען ביי דעם סוחר קען מען זיך שוין פאָרשטעלען. מ'האָט באַלד צוגענומען אַנ'צאַם מיט אַ ניאַניע און דאָס קינד האָט זיך זעהר שען געהאָדעוועט. ס'איז אַוועק אַ יאָהר, צוויי, דריי, ס'איז דאָך נישט אַזוי געשווינד ווי ס'רעדט זיך און דאָס קינד האָט מען אויף די גאַס נישט אַרויסגעלאָזט, ס'איז געווען זעהר שען, האָבען זײ מורא-געהאַט, מ'זאָל עס נישט געבען קיין עין-הרע. אין קיין חדר האָט מען עס נישט געגעבען, נאָר מ'האָט צוגענומען אַ לעהרער מיט אַ מלמד און מ'האָט עס געלערנט. ווען ס'קינד איז אָבער אַלט געוואָרען זעקס, זיבען יאָהר, האָט מען געזאָגט: "וואָס וועט זײן דער תכלית, ס'קינד וועט קיינמאָל נישט זעהען קיין וועלט" און מ'האָט עס אַלע טאָג אַרויסגעלאָזט אַ ביסעל אויפ'ן הויף אויף אַ האַלבע שעה.

ווען ס'איז אַרויסגעקומען, זעהט עס נאָך קינדער, ס'זעהט אַ הימעל, ס'זעהט אַ וועלט, ס'האָט אַלץ באַוואונדערט. דאַנאָך האָט עס זיך אָנגעהויבען צו שפּילען מיט די קינדער פון די שכנים און וואָס אַ קינד האָט געהאַט אַ זאַבאַווקע, האָט עס צו-געגנב'עט און ס'איז אַנטלאָפען אויפ'ן העכסטען דאַך אַרויף און האָט עס זיך באַהאַלטען.

ס'איז געוואָרען נאָך עלטער, אַכט יאָהר, ניין יאָהר, אַז די מוטער פלעגט געהן אין גאַס אַריין, פלעגט עס מיטלויפען, אַזוי ווי אַ קינד און אַז ס'פלעגט אַ דורכגעהן דורך סטראַגאַנעס אָדער געוועלבער און וואו ס'פלעגט זעהען שפּיל-געצייג, פלעגט עס ביי יעדע שטעל עפּעס צוגנב'ענען און עס באַהאַלטען. ווער ס'האָט געזעהן, האָט עס צוריק אַרויסגענומען פון די האַנד און גערעדט האָט מען עס נישט, ווייל אַ קינד, וואָס וועט מען עס געהן טון און ווער ס'האָט נישט גע-זעהן, איז געווען פאַרפאַלען. אַ סך האָבען אפילו געזעהן און נישט גע-עדט, ווייל מ'האָט געוויסט, אַז די מוטער וועט באַצאָהלען. און אַזוי האָט זיך דאָס קינד אָנ-געטראָגען פולע שטיבען און וואָס ווייטער האָט עס אָנגעהויבען אַלץ מעהר צו נעהמען און ס'האָט שוין אפילו גענומען נישט קיין שפּילצייג אויך.

די עלטערן האָבען גאָר פאַרגעסען וואָס דער תנא האָט זײ געזאָגט.

איינמאָל איז אין דעם שטעדטעל געווען אַ יריד און דער סוחר האָט געוואוינט אַזוי באַרן וועג. שטעהען זײ אַזוי אַלע אין דרויסען און זעהען ווי אַ פויער פיהרט אַ קוה, וואָס ר'האָט בעקויפט אויפ'ן יריד.

רופט זיך אָן די מוטער צום פאָטער: "אַך, זעה נאָר וואָס פאַר אַ שענע קוה דאָס איז, ווען דער פויער וואָלט געוואָלט פאַרקויפען די קוה, וואָלט איך זי געקויפט".

זאָגט דער מאַן: "דו זעהסט דאָך, אַז ער האָט זי יעצט אַליין געקויפט, וועט ער זי דאָך געוויס נישט ווען פאַרקויפען".

ווי דאָס יונגעל הערט דאָס, זאָגט ער: "ווילסט זעהען, מאַמעשי, קען איך די קוה באַלד האָבען אָהן געלד".

זאָגט זי: "דו זעהסט דאָך, אַז דער פויער פיהרט זי באַרן שטריקעל, ווי אַזוי וועסטו זי קענען האָבען? געה שוין, געה, מאַך דיך נישט נאַריש".

ער, דאָס יונגעל, האָט זיך גאָרנישט וויסען געמאַכט און ר'איז אַרײנגעגאַ-נגען אין שטוב און האָט זיך אָנגענומען פולע קעשענעס מיט קלײן געלד און האָט גענומען אַ פּאָר גוטע שטיוועל אין די האַנד אַרײן און איז אַרויסגעלאָפען נאָכ'ן פויער, אויפ'ן זעלבען וועג וואו דער פויער איז געגאַנגען. אַלזאָ, ער האָט גע-זעהען ווי דער פויער געהט מיט די קוה, האָט ער צום פויער גאָרנישט גערעדט, נאָר ער איז געלאָפען ווייטער, אַז דער פויער האָט איהם נישט געזעהן און ער האָט גענומען אַ שטיוועל און האָט אַנידערגעלעגט אויפ'ן וועג, וואו דער פויער האָט בעדאַרפט אַ דורכגעהן און ער איז ווייטער געגאַנגען און האָט נישט ווייט אַנידערגעלעגט דעם צווייטען שטיוועל.

ווי דער פויער קומט אָן און זעהט, הייבט ער אויף דעם שטיוועל און באַטראַכט איהם: "אוי—זאָגט ער—איז דאָס אַ גוטער שטיוועל, נאָר וואָס קומט אָבער דאַרויס, אַז ס'איז נישט מעהר ווי איינער, ווען איך געפין נאָך צוויי שטיוועל, וואָלט דאָס געווען פאַר מײן זוהן, וואָס ער געהט אַצינד חתונה-האָבען". ער געהט אָפּ נאָך אַ שטיקעל וועגס, דערזעהט ער דעם צווייטען שטיוועל ליגען, האָט ער זיך זעהר דערפרייט און ער האָט גענומען די ביידע שטיוועל און האָט זײ צונויפגעבינדען ביי די אויערן און האָט זײ אויפגעהאָנגען ביי די קוה אויפ'ן קאַרק און איז ווײטער געגאַנגען; ווי דאָס יונגעל האָט פונדערווײטענס געזעהן, אַז דער פויער האָט שוין ביידע שטיוועל, האָט ער אָנגעהויבען אַנידערצולעגען געלד. — ווי דער פויער געהט אַזוי, געפינט ער געלד און וואָס ער געהט ווייטער, אַלץ מעהר געפינט ער. דער פויער האָט זיך זעהר דערפריידט, עפּעס אַנ'אוצר האָט זיך דאָ פאַר איהם בעעפענט.

זאָגט ער: "וואָס וועל איך דאָ שלעפען די קוה, ס'איז מיר געוויס שווער, מיט איין האַנד צו האַלטען און מיט די אַנדערע צו קלויבען, איך וועל אָנבינדען די קוה ביי אַ בוים און וועל געהן קלויבען דאָס געלד".

ער האָט אַזוי געטון, ער האָט די קוה אָנגעבינדען ביי אַ בוים און ער האָט זיך אַוועקגעלאָזט קלויבען ס'געלד און דאָס געלד איז געווען צושיט לענג אויס אפשר אויף אַ וויאָרסט וועגס. דאָס יונגעל איז געשטאַנען אין אַ זייט, אין וועלדעל און דאָס צוגעקוקט. ווי דאָס יונגעל האָט געזעהן, אַז דער פויער איז שוין ווייט פון די קוה, איז ער געגעבען אַ לויף צו און האָט אָפּגעשניטען ס'שטרי-קעל און ער האָט געגעבען אַ כאַפּ די קוה און איז מיט איהר שנעל אַוועק אַ היים.

ווי די מוטער האָט דאָס דערזעהען, איז דאָס איהר געווען זעהר אַ גרויס וואונדער, ווייל זי האָט דאָך געוואוסט, אַז דער פויער האָט געפיהרט די קוה באַרן שטריקעל—און זײ האָבען זיך אַצינד דערמאָהנט די ווערטער פון תנא.

אַלזאָ, דאָס יונגעל איז נאָך געווען ביי די עלטערן אַ קורצע צײט, ער האָט בעזעהן, אַז מ'וועט איהם דאָ שטערען צו וואָס זײן האַרץ געלוסט, האָט ער פאַרנומען אַ ביסעל געלד און איז אַוועק אין די וועלט אַרײן.

ווי ער געהט אַזוי און געהט, איז געוואָרען נאַכט, זאָגט ער, וואו וועט ער דאָ נעכטיגען? איז ער אַרײנגעגאַנגען אין אַ וואַלד אַרײן און האָט זיך געלעגט שלאָפען אין דעם וואַלד, [און קיין מענשען האָבען דאָרט נישט געוואוינט. ווי ער ליגט אַזוי און שלאָפט, קומען אָן אַ גאַנצע רויבער באַנדע און ווילען איהם הרג'ענען.

זאָגט ער: "שטעהט, ברידער, הרג'עט מיך נישט, וואָרום איך בין דער זעלבער וואָס עטק".

זאָגען זײ: "ווער ביזטו?".

זאָגט ער: "איך בין אַ גנב".

זאָגען זײ: "מיט וואָס קענמיר דיר גלויבען, אַז דו ביזט אַ גנב, אפשר ביזטו גאָר אַ שפּיאָן".

זאָגט ער: "מיט וואָס עטק קענט פּריוועס מיך אויס".

האָבען זײ געזאָגט: "הער אויס, דאָ נישט ווייט איז דאָ אַ הויף, אין דעם הויף וואוינט אַ שררה, דער שררה האָט אַ פערד וואָס קיין שום גנב אין די וועלט קען עס נישט צוגנב'ענען, אַז דו וועסט אונז ברענגען דאָס פערד, ווען מ'ר וויסען, אַז דו ביזט אַ גנב ווי עס געהער צו זײן".

אַלזאָ, ער איז באַשטאַנען. ער האָט געזאָגט: "גרייטעט מיר צו קליידער פון אַנ'אַלטע אָרימע פרוי און אַ פלאַש בראַנפען און געקאָכט פלייש".

זײ האָבען איהם אַלץ צוגעגרייט אַזוי ווי ער האָט פאַרלאַנגט און ער האָט זיך פאַרקליידט פאַר אַ באַבקע און האָט גענומען צו זיך די פלאַש בראַנפען מיט פלייש מיט נאָך גוטע זאַכען און איז געגאַנגען.

דאָס איז געווען ווינטער אין אַ גרויסען שניי, האָט ער אָפּגעפּאַסט צוויי אַ זייגער ביי די נאַכט און איז געגאַנגען צו דעם שררה'ס פּאַלעץ: "ווי אַזוי קומט מען אָבער דאָרטען צו?", ווייל ס'זענען דאָרטען געזעסען זעהר אַ סך סטרוזשעס און ס'איז געווען דאָרטען אַזעלכע היטה, אַז טאָמער ס'איז צוגעקומען ביינאַכט אַנ'אומבעקאַנטער, האָבען זײ איהם צוריסען אויף שטיקער.

ווי ער קומט אַזוי צו צום טויער פון פּאַלעץ, רופט זיך אָן דער כטרוזש, וואָס איז געזעסען אין דרויסען: "וואו געהט איהר יעצט אינמיטען די נאַכט אין אַזאַ פראָסט? האָט איהר דען ווייניג בײטאָג, וואָס איהר מוזט זיך ביינאַכט אַרומשלעפען, אַזאַ אַלטע, אָרימע פרוי ווי איהר זענט".

— "אוי, — קרעכצט די אַלטע—איך געה יעצט פון אַ חתונה, וואָס איז דאָ נישט ווייט געוועזן, מ'האָט דאָרטען געטיילט עסען אַ סך אָרימע לייט, האָב

איך מיך אזוי פארוויילט ביז יעצט און יעצט האב איך נישט וואו צו שלאפען".

— "נו—זאגט דער סטרוזש—און צו עסען האט מען אייך געגעבען?".

זאגט די אלטע: "איך האב מיך אזוי אנגעגעסען, אז איך קען מיך צוש נישט ריהרען".

זאגט דער סטרוזש: "און פאר וואס האט מען אייך נישט געגעבען וואו צו שלאפען?".

האט זי געזאגט: "ס'איז נישט געווען וואו, ווייל דארטען זענען געווען א סך געסט אייגענע, וואס זענען געקומען צופאהרען אויף די חתונה. נאר צו עסען האט מען מיר געגעבען אזוי פיל, אז איך האב נאך דא מיט א פולע טארבע—ס'איז אזוי קאלט, אפשר ווילסטו, האב איך נאך דא בראנפען און פלייש, נא דיר, וועסטו דיך דערווארעמען".

און ביי די ווערטער האט זי ארויסגענומען א גרויסע פלאש בראנפען מיט א שטיק פלייש און האט דערלאנגט דעם סטרוזש. דער סטרוזש האט גענומען דעם בראנפען און האט אנגעהויבען זופען אזוי לאנג ביז ער האט זיך פארשכור'ט אין אזוי האט ער (דער גנב) געטון מיט די אנדערע סטרוזשעס, וואס זענען דארט געזעסען. די סטרוזשעס האבען זיך אזוי אנגעשכור'ט, אז מ'האט געקאנט אויף זיי האלץ האקען און זיי זאלען נישט הערען. ווי ער האט געזעהן, אז זיי שלאפען שוין גוט, איז ער צו צום פאלאץ וואו דער שררה האט געוואוינט. ווי ער געהט אזוי אויפ'ן הויף, קומט צו א גרויסער הונד און הויבט אן אויף איהם צו בילען. האט ער גענומען א שטיק פלייש און איינגעטונקען אין בראנפען און האט געטון א ווארף פאר דעם הונד און אזוי האט ער געטון מיט אלע הינד, וואס זענען דארט געווען. וואס ס'איז צוגעקומען א הונד און האט אנגעהויבען צו בילען, האט ער איהם געווארפען א שטיק פלייש איינגעטונקען אין בראנפען. די הינד האבען זיך פארשכורט און זיי זענען אויך איינגעשלאפען. ווי ר'האט געזעהן אלץ שלאפט שוין, איז ער געגאנגען און האט געמאכט א מענש און האט איהם באקליידט מיט שניי און איז צוגעגאנגען צו דעם פענסטער וואו דער שררה האט געוואוינט און האט דעם מענש אנידערגעשטעלט לעבען פענסטער. ווי דער שררה האט דאס דערזעהן, האט ער געכאפט ב'רעוואלווער, וואס ער האט ביי זיך געהאט צוקאפענס און האט ארויסגעשאסען; ער האט געמיינט, אז ס'איז א באנדיט. ווי ר'האט אויסגעשאסען, איז דער מענש אומגעפאלען. די שררה'טע האט זיך זעהר דערשראקען, האט זי געזאגט: "דו האסט אצינד געהרג'עט א מענש, וואס וועט זיין, אז ס'וועט טאג ווערען, זעמיר דאך אומגליקלעך".

איז ער ארויסגעגאנגען און האט גענומען דעם מענש און האט איהם אוועקגעשלעפט ווייט אויף א פעלד ארויס. —

אין די צייט וואס דער שררה איז ארויסגעגאנגען האט דער גנב זיך צוריק פארקליידט אלס מאנספערשוין און איז אריינגעגאנגען צו די שררה'טע און האט געזאגט: "שוין, כ'האב איהם שוין אוועקגעשלעפט, ער ליגט שוין דארטען".

די שררה'טע, פאר גרויס אויפרעגונג, פינסטער איז געווען, האט זי נישט דערקענט, אז דאס איז נישט דער מאן און וואס זאל זי דא חיסען, אז הינטערן פענסטער איז מען געשטאנען און מ'האט אויסגעהערט.

האט זי געזאגט: "אוי, גאנץ גוט, — ווייל כ'האב מיך אזוי דערשראקען, כ'האב געמיינט, אז שוין קימט מען און מ'וועט אונז פארנעהמען".

זאגט ער: "יא, וואו האסטו דאס גאנצע געלד מיטן צירונג, ווייל אפשר קומען נאך באנדיטען, גיב עס אהער, לאמיך דאס באווארענען".

— "נא, — זאגט זי — דא ליגט עס".

און זי האט איהם דערלאנגט דאס צירונג מיטן געלד.

זאגט ער: יעצט גיב מיר דעם שליסעל פון פערד, ווייל דו ווייסט, אז דאס פערד איז ביי מיר טייערער ווי מיין גאנץ פארמעגען, לאמיך געהן זעהען צי דאס פערד איז נאך כאטש דא".

און ער האט גענומען ב'שליסעל און איז ארויסגעגאנגען צו די סטאייניע וואו דאס פערד איז געשטאנען און האט אויפגעשלאסען און האט ארויסגענומען דאס פערד און האט זיך אויפגעזעצט און איז אוועקגעריטען צו זיין קאמפאניע. אזוי ווי ער איז אוועקגעריטען, אזוי איז אנגעקומען דער ריכטיגער שררה און איז אריינגעקומען און האט געזאגט: "כ'האב איהם שוין אוועקגעשלעפט, ער ליגט שוין דארט אויפ'ן פעלד—וואו האסטו דאס צירונג?".

זאגט זי: "ווי הייסט, כ'האב עס דאך דיר אצינד געגעבען".

קוקט ער זי אן און ער האט געמיינט, אז זי איז משוגע-געווארען. ער שרייט, אז ס'איז ליגענד און זי שרייט, אז ס'איז אמת. זיי האבען אליין נישט פארשטאנען וואס דא איז פארגעקומען. זיי געהען ארויס אויפ'ן הויף, זעהען וואו די גאנצע סלוזשבע איז, האבען זיי געזעהען ווי יעדער ליגט אויסגעצויגען, אפילו די הינד ליגען אויך. האבען זיי געמיינט, אז אלע זענען אויסגעהרג'עט, זענען זיי געשווינד אנטלאפען אין שטוב אריין צו זיך און זיי האבען זיך פארשלאסען און זיי האבען עטליכע טעג מורא געהאט דעם קאפ ארויסצושטעקען.

לאמען זיי דא לאזען זיין פארשלאסען און לאמען געהן צו דעם גנב.

דארטען, די גנבה'שע באנדע האבען געזעהן פון דערווייטענס, אז ער רייט אויף א פערד, האבען זיי געזאגט: "ער האט געברענגט א פערד אבער נישט דעם שררה'ס, ווייל דאס איז אוממעגליך". ווי ער איז אבער צוגעקומען נעהנטער און זיי האבען דאס פערד גוט געקוקט, האבען זיי דאך געזעהען, אז דאס איז דאס פערד, וואס זיי האבען שוין צוויי יאהר געהאפט דארויף און האבען עס נישט געקאנט פאנגען, האבען זיי איהם יעצט געהויבען אין דער הויך און האבען איהם געקושט און האבען איהם געזאגט: "יעצט ביזטו אונזער בעסטער ברודער, איינו ווערען מיר זיך פון דיר שוין נישט שיידען, וואו אונז וועלן מיר געהען, וועסטו מוזען מיטרייזען".

ס'איז אדורך א פאר טאג און זיי האבען געבאליעוועט, געגעסען און געטרונקען און זיי האבען איהם ווייטער אויפגעגעבען א שטיקעל ארבעט (א גנבה'לע) און ער האט ווייטער אלץ פינקטלעך אויסגעפיהרט.

יעצט ווייטער האבען זיי איהם געזאגט, אז אין א געוויסען דארף איז דא א טפלה און דארט אוז דא זעהר א רייכער גלח און אז דו וועסט קענען דעם גלח באגנב'ענען, וועסטו ווערען קיסר פון אונז.

ער האט זיך געהייסען צוגרייטען ווייסע קליידער מיט פליגעל, אזוי ווי א מלאך און האט זיך מיט זיי געזעגענט און איז אוועק. אויבעס האבען זיי זיך באשטעלט וואו זיי זאלען ווארטען אויף איהם.

ער איז געגאנגען אהין אין דעם דארף אריין און האט אפגעפאסט פונקט צוועלפע ביי די נאכט אין האט זיך אנגעטון די ווייסע קליידער און איז ארויפגעגאנגען אויפ'ן קאסטעל גאנץ הויך אין דעם טורם וואו די גלאקען הענגען און ער האט אנגעהויבען צו קלינגען אין מיטען די נאכט, האט עס געמאכט א גרויסען איינדרוק: עפעס אינמיטען די נאכט קלינגט מען. און לעבען דעם קאסטעל האט געוואוינט דער גלח און נישט ווייט פון גלח האט געוואוינט דער ארגאניסטא. האט זיך אויפגעהויבען דער ארגאניסטא און איז ארויסגעגאנגען זעהן ווער ס'קלינגט.

אזוי ווי ר'איז ארויפגעקומען אויפ'ן טורם, רופט זיך אן דער גנב צו איהם: "שנעל געה אראפ פון דאנען, ווארום דו טארסט לעבען מיר נישט שטעהן, דו ביזט טמא, דו זעהסט נישט ווער איך בין! ווער—זאגט ער—האט די שליסלען פון דאנען?".

רופט זיך אן דער ארגאניסטא מיט גרויס דרך-ארץ, אז "דער קסאנדז האט די שליסלען".

זאגט ער: "שנעל געה אראפ צום קסאנדז און ער אליין זאל מיר ברענגען די שליסלען, נאר דו זאלסט צו מיר נישט קומען".

דער ארגאניסטא איז צריינגעלאפען צום גלח מיט גרויס מורא, האט ער געטראכטען דעם גלח שטעהן בארן פענסטער און ער האט ארויסגעקוקט צו זעהן וואס דא איז.

זאגט דער ארגאניסטא: "פאניע פראבאשטשו, דו הערסט וואס דא קומט פאר?".

זאגט ער: "כ'הער, וואס קען דאס זיין?".

זאגט דער ארגאניסטא: "איך בין שוין געווען, האב איך געזעהען ווי ס'זיצט איינער אין ווייסען מיט פליגעל, ער זעהט אויס ווי א מלאך און קלינגט, ער האט געזאגט, אז דו אליין זאלסט ארויפקומען מיט די שליסלען".

דער גלח האט זיך אפילו זעהר דערשראקען, ער האט מורא געהאט צו געהן, ער האט אבער נאך מעהר מורא-געהאט, אז ער זאל נישט געהן, ווארום, אז מ'רופט, מוז מען דאך געהן. ער האט זיך אנגעטון דאס ווייסע זיידענע העמדעל מיט'ן קאפעלע און האט גענומען א גרויסען צלם אין די האנד אריין און האט גענומען די שליסלען פון קאשטשאל און איז געגאנגען. ווי ער קומט ארויף און האט געגעבען א קוק אויף דעם מלאך, האט ער זיך זעהר דערשראקען.

זאגט דער גנב: "שרעק דיך נישט, קום אהער, זאלסט חיסען זיין—זאגט ער צו'ן איהם—אז איך בין א גרויסער מלאך און איך בין געשיקט געווארען עקסטערע פון הימעל נאך דיר. אין הימעל איז יעצט א גרויסע כפראווע, קען מען די כפראווע נישט אויספיהרען אהן דיר, ווייל דו ביזט דארטען זעהר גרויס. שטעל דיר פאר, אז קיין שום מענש קען נישט קומען לעבעדיגערהייד אין הימעל

אריין און דו וועסט קומען לעבעדיגערהייד אין הימעל אריין—נאר געה געשווינד אראפ און טו דיר אן נייע קליידער, אז דו זאלסט זיין ריין, ווארום אז מ׳קומט אויף יענער וועלט, מוז מען געהן ריין, און דו זאלסט דיך צוגרייטען מיט אלעמען און זאלסט קומען צו מיר און גיב צהער די שליסלען און איך וועל אויף דיר ווארטען דארינען אין קאסטשאל״.

דער גלח איז געשווינד געלאפען צו זיך אין וואוינונג אריין און האט זיך צוגעגרייט און האט זיך אנגעטון אזוי ווי דער מלאך האט איהם געהייסען.

דער מ׳אך איז דערווייל אריינגעגאנגען אין קאסטשאל אריין און האט אויפגעעפענט די קאסעס און איז צוגעגאנגען צו דעם ארט וואו די מאטקע-באסקע איז געשטאנען און האט איהר ארויסגענומען די אויגען און האט פארנומען די אלע אוצרות, וואס זענען דארט געווען. דערווייל איז אנגעקומען דער גלח; האט ער געזאגט: „שוין, הייליגער מלאך, איך בין שוין גרייט״.

— און געלד האסטו עפעס גענומען? -- פרעגט איהם דער מלאך.

זאגט ער: „איך האב ניסט געוואוכט, אז מ׳נעהט אין הימעל אריין דארף מען געלד״.

זאגט דער מלאך: „יא, דו מוזט מיטנעהמען אלעס געלד, וואס דו האסט, ווייל ביז מ׳קומט אין זיבעטען הימעל אריין, איז אויפ׳ן וועג דא א סך ארימע־לייט, מוז מען זיי טיילען צדקה. געה געשווינד א היים און נעהם מיט דאס געלד און געזעגען דיך מיט דיינע אלע הויז-מענשען און ברענג מיר א ניעם זאק, ער זאל זיין ריין״.

דער גלח איז א היימגעגאנגען און האט פארנומען דאס גאנצע געלד און איז זיך געגאנגען מיט אלע הויז-מענשען געזעגענען. און יעדער גלח האט א גאספאדיניע, וואס זי פיהרט דאס ווירטשאפט. איז די גאספאדיניע געוועזען דעם גלחס געליבטע. ווי ר׳איז זיך געגאנגען מיט איהר געזעגענען, האט זי אנגעהויבען צו וויינען: „וואו לאזטו מיך דא איבער?״ זאגט ער: „נו, וואס זאל איך טון, דו זעהסט דאך, אז איך בין אזא הייליגער, אז איך מוז געהן אין הימעל אריין״.

און ער האט איהר דערצעהלט די גאנצע געשיכטע ווי אזוי ס׳איז געקומען עקסטערע נאך איהם א מלאך פון הימעל און אז ס׳איז דארטען א גרויסע כפ־אווע, מ׳קען זי אהן איהם ניעט אויספיהרען—„נאר ווין ניעט—זאגט ער—אז דו וועסט דיך גוט אויפפיהרען, וועל איך פועלן אין הימעל, אז מ׳זאל דיך אויכעט אהינבעהמען״. און ער האט זיך מיט איהר געזעגענט און איז בעגאנגען צום מלאך.

ווי ר׳איז אהינגעקומען אין קאסטשאל אריין, זאגט ער: „שוין, הייליגער מלאך, איך האב אלץ פינקטליך אויסגעפיהרט״.

— „יעצט—זאגט דער מלאך צו איהם—קריך אריין אין דעם זאק אריין און איך וועל דיך נעהמען אויף מיינע פליגעל און כ׳וועל מיט דיר פליהען; אז איך וועל דיך נעהמען אזוי בלויז, וועסטו ווערען טמא ביז מ׳וועט קומען צום הימעל און אז דו וועסט ליגען אין זאק, וועסטו בלייבען ריין אזוי ווי דו ביזט יעצט. נאר זיי וויסען, אז דו דארפסט יעצט איבערצוקומען זיבען הימלען, וועסטו דארפען אביסעל צו ליידען, ווייל די הייליגסטע מענשען ביז זיי קומען אין גן-עדן, מוזען זיי ליידען, נאר ליידען מוז מען און דו וועסט ניסט ליידען אזוי פיל ווי אנ׳אנדערער״.

ער האט איהם אוועקגעגעבען ס׳געלד און איז אריינגעקראכען אין זאק אריין און דער מלאך האט איהם פארבינדען און האט איהם גענומען אויף די פלייצעס און איז מיט איהם געלאפען.

— „נו—זאגט ער (דער מלאך)—דו שפירסט ווי די פליהסט?״.

— „יא, — זאגט ער—הייליגער מלאך, איך שפיר ווי כ׳פליה״.

אינדעם קומט ער מיט איהם צו א גרויסען פארקען. טראכט ער זיך, ווי אריבער וועט ער דא מיט איהם אריבער קלעטערן דעם פארקען—האט ער איהם גענומען א ווארף אריבער און אליין איז ער אריבערגעשפרינגען. ווי ר׳האט איהם אריבערגעווארפען, האט דער גלח געגעבען א גרויסען קרעכץ.

— „וואס איז? — זאגט ער״ (דער גנב).

— „אוי, — זאגט ער—ס׳טוט מיר וויי״.

זאגט ער: „דאס ביזטו שוין איין הימעל איבערגעקומען, יעצט פליהסטו שוין אין צווייטען הימעל אריין״.

ווי ר׳איז געקומען צו א צווייטען פארקען, האט ער ווידער ס׳זעלבע געטון.

— „אצינד—זאגט ער—ביזטו שוין נ׳צווייטען הימעל איבערגעקומען״.

און וואס מעהר דער גלח איז געווארען צוהרג׳עט, אלץ מעהר האט ער איהם געטרייסט, אז ער איז שוין נעהנטער צום זיבעטען הימעל און אזוי האט איהם אלץ געווארפען עטליכע מאל און דער גלח איז שוין געווארען אזוי צוהרג׳עט, אז דאס בלוט איז שוין אזש געריבען פירכ׳ן זאק.

— „איי, — האט ער געיאָמערט—אפשר איז מעגליך, אז איך זאל ווערן צוריק אוים מלאך. איך וויל ווערען צוריק א מענש, אזוי ווי כ׳בין געוועזען, ווייל ביז כ׳וועל קומען אין זיבעטען הימעל א־יין, וועל איך דאך שטארבען פון אזוינע שמערצען״.

— „זיי רוהיג, — זאגט דער מלאך—ווי לאנג דו ליגסט אויף מיינע פליגעל, וועסטו נישט שטארבען״.

אין די רייד איז איהם שוין זיין קאמפאניע אקעגען געקומען.

— „נו, — זאגען זיי—וואס הערט זיך? האכט געמאכט דאס וואס מ׳האט דיך געהייסען?״.

— „שוין ייגטס!״ — האט ער א ווינק געטון און האט געוויזן אויפ׳ן זאק.

זיי האבען שוין פארשטאנען א ביסעל וואס דא איז און זיי האבען זיך געקוויפט פאר געלעכטער.

— „יעצט, — האט ער געגעבען א געשריי — נו, מלאכים, וואס שטעהט עטי׳ן, נעהמט אן!״

האבען זיי אנגענומען יעדער ביי אלע פיר עקען פון זאק און זענען מיט איהם געלאפען שנעל.

— „נו, — גיט ער א געשריי צום גלח — וואס כפירסטו יעצט, איז דיר שוין בעסער?״.

— „יא, אצינד איז שוין גוט״.

און זיי האבען איהם נאכדעם אפגעטראגען א שפאר כטיקעל וועגס און האבען איהם געלאזט ליגען ביי א וועג, אויף א שאסיי.

און זיי זענען אוועקגעגאנגען און דער גנב האט זיי יעצט געוויזען אלע אוצרות און האט זיי געוויזען, אז נישט נאר דעם קאסטשאל האט ער באגנב׳עט, נאר אפילו דעם גלח אליין האט ער אויך געברענגט.

לאמיך זיי דערווייל לאזען פרעהען זיך און לאמיך געהן צום גלח.

דער גלח איז אזוי געלעגען ביז אינדערפריה און האט געקרעכצט. ווי ס׳איז טאג געווארען, האבען אנגעהויבען פאהרען פיהרען אזוי ווי אויף א וועג. האט איין פויער באמערקט ווי ס׳ליגט עפעס א זאק צוגעבינדען, האט ער געמיינט, ווער ווייסט וואס פאר א מציאה ער האט דא געפונען. ער געהט צו צום זאק נעהנטער, הערט ער קרעכצען. האט ער זיך זעהר דערשראקען און איז אפגע-שפרינגען, נאר דאך האט ער נישט געקאנט אוועקגעהן, ער האט געוואלט זעהען וואס דא איז, האט ער גענומען א מעסערל און איבערגעשניטען דעם שפאגאט, וואס איז געווען צוגעבינדען דער זאק—איז ארויסגעקראכען דער גלח. דער פויער גיט א קוק, ס׳איז גאר זיין גלח, פון זיין דארף. זאגט ער: „הא, פאניע פראבאשטשו, ווי קומסטו דא אהער?״.

— „געה אוועק, — זאגט ער צום פויער — ריהר דיך נישט אן אין מיר, ווייל דו וועסט מיך טמא-מאכען״.

פרעגט איהם דער פויער: „ווי קומסטו דא אין א זאק אריין?״.

זאגט ער: „ווייל איך געה יעצט אין הימעל אריין״.

פרעגט ער איהם: „פון וואנצט קומסטו?״.

זאגט ער: „איך קום פון הימעל״.

זאגט דער פויער: „ווי אזוי קען דאס זיין? דו געהסט אין הימעל אריין און דו קומסט פון הימעל?״.

זאגט ער: „ווייל איך בין שוין זעקס הימלען אדורכגעקומען, יעצט געה איך שוין אויפ׳ן זיבעטען הימעל ארויף״.

באלד איז געווארען א גרויס קרעכצעל מענשען—ס׳איז דאך אויף א וועג—א סך פויערן האבען איהם דערקענט, ס׳איז פון זייער דארף, דער גלח. האבען זיי איהם ארויפגעלעגט אויף א פוהר און האבען איהם אהיימגעפיהרט. ריהרען האט ער זיך נישט געקענט, ר׳איז געווען צוהרג׳עט.

דער גלח איז א היימגעקומען און ער איז געלעגען קראנק צוויי חדשים, וואס ער האט זיך נישט געקענט ריהרען, אזוי צוהרג׳עט איז ער געווען, אבער פאר קיין גלח האט מען איהם שוין מעהר נישט געהאלטען, ווייל מ׳האט געזאגט, אז ער איז משוגע-געווארען. און מ׳האט באלד געזעהען, אז דער קאסטשאל איז באגנב׳עט, האט מען פארשטאנען, אז ס׳איז א שפיצעל פון גנבים.

יעצט ווייטער, די קאמפאניע (גנבים) האבען זיך זעהר פרעהליך געמאכט און זיי האבען איהם געקושט און האבען איהם געמאכט פאר קיסר.

ער (דער גנב) האט שוין פארגעסען אז ער האט אמאל געהאט א היים מיט עלטערן און ער איז פארבליבען צישען (צווישען) זיי.

די עלטערן זיינע האבען געטרויערט און זיי האבען זיך שטענדיג דער-מאהנט דעם תנא׳ס ווערטער און האבען געזאגט, אז בעסער וואלטען זיי אינגאנ-צען קיין קינדער נישט געהאט.

(אסתר ליבערט, ווארשע.)

# פונ'ם פאלקס-מויל

(רעקרוטען-און סאלדאטען-לידער, רעטענישען און אנעקדאטען)

געזאמעלט

## פון הערשעלע

# פונ׳ם פאָלקס-מויל.

(רעקרוטען - און סאָלדאַטען לידער, רעטעניסטען׳ אַנעקדאָטען).

## רעקרוטען-און סאָלדאַטען לידער.

1)

1.

דער רעוועראָווע איז צו מיר אין שטוב אריינ-
געקומען

און האָט מיר מיין לעבען צוגענומען;

ער האָט מיר דערלאַנגט

א קוויטעל אין דער האַנד.

בלייב-זשע מיר געזונד, מיין ליבער טאַטע,

אוי ווערע געוואַלד!

נאָך דיר וועל איך בענקען מעהר ווי נאָך אַלע,

אוי א. אַז. וו.

ווי גרויס איז מיין פיין —

א זעלנער מוז איך זיין;

ווי גרויס איז מיין געווייַן —

אין פאַניען מוז איך גיין.

2.

דער רעוועראָווע א. אַז. וו.

בלייב-זשע מיר געזונד, מיין ליבע מאַמע,

אוי א. אַז. וו.

נאָך קיינעם וועל איך ניסט בענקען ווי נאָך דיר,

אוי א. אַז. וו.

ווי גרויס א. אַז. וו.

3.

דער רעוועראָווע..

בלייב-זשע מיר געזונד, מיין ליבער ברודער,

אוי..

נאָך קיינעם וועל איך ניסט בענקען ווי נאָך דיר,

אוי..

ווי גרויס..;

4.

דער רעוועראָווע...

בלייב-זשע מיר געזונד, מיין ליבע שוועסטער,

אוי..

נאָך קיינעם וועל איך ניסט בענקען ווי נאָך דיר

אסתּר, אוי..

ווי גרויס..;

5.

דער רעוועראָווע...

בלייב-זשע מיר געזונד, מיין ליבער פעטער,

אוי...

נאָך קיינעם וועל איך ניסט בענקען ווי נאָך דיר

און נאָך בלעטער, אוי...

ווי גרויס..

6.

דער רעוועראָווע...

בלייב-זשע מיר געזונד, מיין ליבע מומע, אוי...

נאָך קיינעם וועל איך ניסט בענקען ווי נאָך דיר

און נאָך בלומען, אוי...

ווי גרויס...

7.

דער רעוועראָווע...

בלייב-זשע מיר געזונד, מיין ליבע כלה, אוי..

נאָך דיר וועל איך בענקען מעהר ווי נאָך אַלע,

אוי..

ווי גרויס..;

---

א1)

1.

דער רעוועראָווע איז צו מיר אריינגעקומען,

האָט ער מיר דאָס קוויטעלע דערלאַנגט;

האָט ער מיר מיין לעבען צוגענומען —

כ׳בין געוואָרען אַזוי טויט ווי די וואַנד.

2.

געה איך מיר מיט מיינע גוטע-ברידער אַרויס

אויף שייבלערס מאַרק,

געה איך מיט זיי א געוועס,

אַז איך וועל קריגען א בלוזען,

אָבער א ווייסען בילעט;

3.

כ׳בין אַרונטערגעגאַנגען אונטערן ברעטעל,

האָט מיין האַרץ אָנגעהויבען צו קלאַפּען;

גיט מען א געשריי: גאָדין! פּריניאַט.

גאָדין — דו ביזט א סאָלדאַט.

4.

האָב איך געוואָלט פון דאָרט אַנטלויפען,

איז ניסט געווען קיין שום אופן.

האָט מען מיר געזאָגט: זיי דאַ!

וועסט מיט רוסיאַן תּנאים שרייבען

5.

בין איך געגאַנגען מיט רוסיאַן תּנאים שרייבען

האָט מען מיך אריינגעזעצט אין מיטען

גיב איך מיר א קוק — די משפּחה איז בלויז גוים,

דער קיסר איז מיין מחותּן.

(א. אַפּטייקער, לאָדז).

---

ב1)

1.

דער רעוועראָווע איז אין מיין שטוב אריינגעקומען

און האָט מיר דאָס קוויטעלע דערלאַנגט;

ער האָט מיר מיין לעבען צוגענומען,

איך בין געוואָרען בלאַס ווי די וואַנד.

2.

איך בין געגאַנגען מיט מיינע גוטע-ברידער אויף

שייבלערס מאַרק אַרויף.

איך בין מיט זיי געגאנגען א געוועט,
אז איך וועל ארויסציהען א בלויען
אבער א ווייסען בילעט:

3.

איך בין ארונטערגעגאנגען אונטערן ברעטעל,
האט מיר דאס הארץ געקלאפט;
מען האט געגעבען א געשריי: גאָדין! פריניאט.
גאָדין — דו ביסט א סאָלדאט.

4.

איך האָב געהאלט פון דארט אנטלויפען,
— ניין, ניין, דו מוזט דא בלייבען!
נאר אויף אזוי אן אופן,
וועסטו מיט רוסישען תנאים שרייבען.

5

איך האב מיט רוסישאן געשריבען תנאים,
האט מען מיך געזעצט אין מיטען;
איך האב געטון א קוק: די משפחה,— בלויז גויים
די דיזשעקי (?) איז געוואָרען מיין מחותן.

---

(2

1.

פיהרט מען מיך פון פריסטוסטאווע,
אין שוהל אריין צו שווערען,
שטעהען טאטע-מאמע,
גיסען טייכען טרעהרען:
אוי וועה (2) —
ווי גרויס איז מיין פיין,
אוי וועה (2)
וואס קאן שוין ערגער זיין,
אוי וועה (2) —
ווי גרויס איז מיין פיין,
אוי וועה (2)
אז איך מוז א סאָלדאט זיין.
בלייב-זשע מיר געזונד,
מיין טייערע מוטער!
מיר איז דאך וועה
דיר איז ביטער.

2.

פיהרט מען מיך אריין,
אין דעם ערשטען חדר;
טוט מען מיר אויס
די יודישע קליידער:
אוי וועה (2) —
אוי וועה צו מיינע יאָהר,

וואס איך בין אלט געוואָרען
איין-און-צוואנציג יאָהר.
אוי וועה (2) —

איז צו מיר געשעהן,
אוי וועה (2)

כ'האָב מיך נישט ארומגעזעהן.
בלייב-זשע מיר געזונד,
מיין געליבטער פאָטער,
דו דאנקסט דאך שוין גאָט,
ביזט שוין מיינע פטור.

3.

פיהרט מען מיך אריין
אין דעם צווייטען חדר,
טוט מען מיר אָן
די סאָלדאטסקע קליידער:
אוי וועה (2)

אוי וועה צו מיינע יאָהר,
מען האָט מיר שוין אָפגעשוירען
מיינע שענע האָר.
אוי וועה (2) —

אוי וועה צו מיר גאָר,
וואָס איך בין אלט געוואָרען
איין-און-צוואנציג יאָהר,
בלייב-זשע מיר געזונד.
מיין געליבטע כלה!
דו וועסט נאָך מיר בענקען
מעהרער נאָך פון אלע.

---

(3

1.

יין חדשים האָט מיך מיין מאמע געטראָגען,
ביז וואנען זי האָט מיך געהאט;
ועץ עמיצער זאָל מיר געוועזן זאָגען,
אז איך וועל זיין א סאָלדאט.

וואס קאָנען מיר ריידען, וואס קאָנען מיר טון,
מיר זענען אין גוי'ישע הענד;
ויינט אויף אונז ברידער, מיר זענען סאָלדאטען,
מיר האָבען פערשפילט אונזער וועלט.

2.

זיי-זשע מיר געזונד, מיין ליבער פאָטער,
זיי-זשע מיר געזונד אָן אן עק;
דו ווערסט מיך שוין באלד אוי וועה פטור,
מען טרייבט מיך פון דיר אוועק!
וואס קאָנען מיר ריידען א. אז. וו.

3.

זיי-זשע מיר געזונד, מיין טייערע מוטער,
זיי-זשע מיר געזונד אָן אן עק;
מיר איז דאָך שלעכט, דיר איז דאָך ביטער —
זיי געזונד! מען טרייבט מיך אוועק.
וואס קאָנען מיר א. אז. וו.

4.

זיי-זשע מיר געזונד, מיין ליבע כלה,
זיי-זשע מיר געזונד אָן אן עק;
נאָך דיר וועל איך בענקען מעהר ווי נאָך אלע—
זיי געזונד! מען טרייבט מיך אוועק.
וואס קאָנען מיר א. אז. וו.

5.

זייט-זשע מיר געזונד, מיינע ליבע שכנים,
זייט-זשע מיר געזונד אָן אן עק;
א טייל וועלען לאכען, א טייל וועלען וויינען —
זייט געזונד! מען טרייבט מיך אוועק.
וואס קאָנען מיר א. אז. וו.

(צבי גוטמאן, אסטראָה, וואָלינער)

---

(3א

1.

צו ניין חדשים (2)
האָט מיך מיין מאמע געהאט;
היינט בין איך אלט איין-און-צוואנציג יאָהר,
מוז איך זיין א סאָלדאט.
וואס זאָלען מיר טוען,
וואס זאָלען מיר מאכען,
מיר זענען מיר אין גוי'שע הענד;
מיר זענען סאָלדאטען (2)
פערקויפט אין גוי'שע הענד.

2.

אז מען האָט מיר געקויפט,
א פאָר הייזעלעך (2)
זענען זיי מיר געוואָרען פערמיאוסט;
היינט אז מען טוט מיר אָן
א פאָר קאַזאצקע הויזען,
מוזען זיי מיר זיין צוקער-זיס.
וואס זאָלען מיר טוען א. אז. וו.

3.

אז מיין מאמע האָט מיר געקויפט,
א פאָר שטיוועלעך (2)
זענען זיי מיר געוואָרען פערמיאוסט

היינט אַז מען טוט מיר אָן
אַ פּאָר סאָלדאַטסקע בוטעס, —
מוזען זיי מיר זיין צוקער-זיס,
וואָס זאָלען מיר טוען...

4.

אַז מיין מאַמע האָט מיר געקויפט,
אַ רעקעלע (2)
איז עס מיר געוואָרען פערמיאוסט;
היינט אַז מען טוט מיר אָן
אַ סאָלדאַטסקע מונדיר,
מוז ער מיר זיין צוקער-זיס,
וואָס זאָלען מיר טוען..:

5.

אַז מיין מאַמע האָט מיך געפיהרט,
אין חדר אַריין (2)
איז עס מיר געוואָרען פערמיאוסט
היינט אַז מען פיהרט מיך
אין קאַזאַרמע אַריין,
מוז עס מיר זיין צוקער-זיס,
וואָס זאָלען מיר טוען..:

---

4)

1.

איך האָב דיך געבוירען, איך האָב דיך געהאָט
איך האָב דיך געזויגען פון מיין ברוסט; (2
איך האָב דיך דערצויגען צו אַזוי פיל יאָהרען
פון קיין נחת האָב איך ניט געוואוסט.(2

2.

איך האָב דערלעבט דו זאָלסט געהן אין חדר,
דו האָסט שוין געלערנט גמרא; (2)
איך האָב געהאָפט כ'וועל נעהמען דיינע חתונה-קליידער,
צום סוף האָב איך דערלעבט אַזוי אַ צרה. (2)

3.

פינפאון צוואַנציג פינסטערע יאָהרען
וועסטו דאָרט אין די קאַזאַרמעס ליגען; (2)
און צו אונזערע צרות, ווייס איך קלאָר,
אַז דו וועסט קיין לוין ניט קריגען (2)

4.

אַ סידור, ציצית ותפילין
דאָס געב איך דיר מיט (2)
גאָט, געב מיר די האַנד און שווער מיר צו,
אַז דו וועסט פערגלייבען אַ יוד. (2)

5.

ס'וועט קומען אַ צייט פון מלחמה,
וועסט זיך געהן מיטן שונא שלאָגען; (2)
וועסט דאָך מוזען דעם ליבען גאָט אָבגעבען דיין נשמה, —
פערגעס קיין ודוי צו זאָגען. (2)

6.

עס וועט קומען אַ צייט פון מלחמה,
וועסט זיין אין אַ גרויסער סכנה; (2)
זאָלסטו נעמען דאָס סידורל און געהן אָן אַ זייט,
און דאַווענען מיט גרויס כונה. (2)

7.

און געה, מיין קינד, און זיי געזונד!
געה, מיין קינד, וואו מען וועט דיך יאָגען; (2)
וואו עס גיסט אַ רעגען, וואו עס וועהט אַ ווינד,
געה, מיין קינד, וואו עס וועט דיך טראָגען. (2)

8.

דעם לעצטען קוש וועל איך דיר געבען,
און געה, מיין קינד, וואו מען וועט דיך יאָגען; (2)
וואו עס בלאָזט אַ ווינד און עס טראָפּט אַ רעגען,
געה, מיין קינד, וואו עס וועט דיך טראָגען. (2)

(ב. עפּלבוים, וואַרשע, שעדלעצער-גוב.)

---

5)

1.

בין איך מיר געפאָהרען צום לאָס,
בין איך מיר מיט מזל אַריבערגעקומען,
ס'איז געוואָרען אַ געטומעל, אַ גערויש,
מען האָט דעם רב'ס אייניקעל צוגענומען,

2.

מען האָט צוגענומען יודען בן-תורה'ס,
און מען האָט זיי אַוועקגעשיקט;
דאָס שטעטעל איז געוואָרען מרה-שחורה'ש,
מאַרצאַליש האָט עס אויסגעקוקט.

3.

איך האָב געמיינט, איך בין שוין זיכער פּטור, —
האָב איך מיך איינגעראַמט'ען געפּראַצעסן
רופט מען מיך צום פּריזיווער:

קאַמפלעט האָסטו פערפעהלט!

4.

מען האָט מיך פערבעטען אויף תנאים,
האָט מען מיך אַריינגעזעצט אינמיטען;
די רוסישע האָבען אַ כלה געגעבען,
דער קיסר זאָל זיין מיין מחותן.

5.

חי איך האָב דאָס דערהערט,
איז מיר ניט גוט געוואָרען;
די גאַסען זענען געוואָרען אָפּגעקעהרט
אַזוי ווי אַ פינסטערער צאָרן.

---

6)

1.

בלייב-זשע מיר געזונד,
מיין טייערע מוטער!
מיר איז דאָך ווערה,
דיר איז ביטער.

2.

בלייב-זשע מיר געזונד,
מיין געליבטער פאָטער!
דו דאַנקסט דאָך שוין גאָט,
דו ווערסט מיינע פּטור;

3.

בלייב-זשע מיר געזונד,
מיין ליבער ברודער!
דו האָסט ניט קיין געלד,
וואָס מאַכסטו אַ גערודער.

4.

בלייב-זשע מיר געזונד,
מיין געליבטע שוועסטער!
איך בין דאָך דיר געווען
דער שענסטער און דער בעסטער

5.

בלייב-זשע מיר געזונד,
מיין ליבער פעטער!
ווער ווייס —
צי מען וועט דיך זעהן שפּעטער'

6.

בלייב-זשע מיר געזונד,

מײַן ליבע מומע!
ווער ווײס —
אויב כ'וועל נאָך צוריק קומען.

7.

בלײַב־זשע מיר געזונד,
מײַן ליבער זיידע!
איין גאָט ווײס
צי מען וועט זיך זעהן נאָך בײדע

8.

בלײַב־זשע מיר געזונד,
מײַן ליבע באָבע!
ווער ווײס —
צי דו וועסט מיך שוין האָבען.

9.

בלײַב־זשע מיר געזונד,
מײַן ליבע כלה!
דיר איז אַצונדער
ערגער נאָך פֿון אַלע.

---

6א)

1.

בלײַב־זשע מיר געזונד,
מײַן טײַערע מוטער!
אוי וועה מיר;
דו גיסט מיר דאָך מיט
ברויט מיט פוטער —
אוי וועה מיר.

---

6ב)

1.

בלײַב־זשע מיר געזונד
מײַן ליבער פֿעטער!
אוי וועה געוואַלד!
מען שיקט מיך אַוועק
אין אַזאַ וועטער —
אוי וועה געוואַלד!

2.

בלײַב־זשע מיר געזונד,
מײַן ליבע מומע!
אוי וועה געוואַלד!
מען שיקט מיך אַוועק
אין אַ ווײַטע מדינה;
אוי וועה געוואַלד!

---

6ג)

1.

בלײַב־זשע מיר געזונד,
מײַן געטרײַע מוטער!
וואָס דו האָסט מיך אויסגעהאָדעוועט.
אויף קעז און פּוטער.
אוי וועה (3)
צו מיר גאָר
וואָס איך בין אַלט געוואָרען
איין־און־צוואַנציג יאָהר.

(אַלט בוכאָוו).

---

7)

1.

אוי ס'איז ניט גוט,
ס'איז ניטאָ קיין פֿרײַע מינוט,
ס'געהט מיר ניט איין מײַן לעבען;
ווי ביטער איז מיר,
צו בלײַבען אָהן דיר,
אַז מ'האָט מיך פֿאַר אַ סאָלדאַט אָפּגעגעבען.

2.

ס'פֿליהט פֿערבײַ אַ שעה,
וואָס דו ביזט ניטאָ —
פֿלעגט זיך מיר מײַן קאָפּ שפּאַלטען;
אָבער הײַנט אַז דו געהסט
אַוועק אויף פֿינף יאָהר
אוי, ליובטשעניו, ווי קען איך אויסהאַלטען?

3.

ס'שטעלען זיך מיר קאַפּויר די האָר
די גאַנצע פֿינף יאָהר,
וואָס מיר דאַרפֿען זײַן בײדע צושײדט;
אַז ס'קומט מיר אײַן זינגען:
אוי, פֿאָניען צו דינען
איז דאָך מיר ביטער ווי דער טויט.

4.

אוי, ס'איז ניט גוט.
פֿאָניען צודינען,
צו ליגען אויפֿ'ן שטרויענעם קישען;
קום אַהער מײַן ליבע!
כ'וועל מיט דיר עפּעס רײדען,
און לאָמיר זיך בײדע צוקושען.

5.

קום אַהער מײַן געטרײַע,
דו בלײַבסט אויף דער פֿרײַע,
דו טוסט דאָך אין דער הײם פֿערבלײַבען;
דאָס בעט איך בײַ דיר,
זאָלסט האָבען מיטלײד מיט מיר —
זאָלסט מיר אַ בריוועלע שרײַבען.

6.

קום אַהער מײַן געטרײַע,
דו בלײַבסט דאָך אַ פֿרײַע,
גיב מיר דײַן בילד אויפֿצוהענקען;
לאָמיך פֿון דיר געניסען,
דײַן פּאָרטרעט, דײַן זיסען,
װעל איך אָן דיר געדענקען.

(אברהם פֿרידריך, פּיעטריקאָוו)

---

7א)

1.

עס איז מיר נישט גוט,
איך האָב קיין פֿרײַע מינוט, —
עס געהט מיר נישט איין מײַן לעבען;
ווי ביטער איז מיר,
אַז איך דערמאָהן מיך אָן דיר,
מ'האָט דיך פֿאַר אַ סאָלדאַט אָבגעגעבען.

2.

ס'איז אַ פֿערגעניגען,
אין די קאַזאַרמעס צו ליגען,
און נאָך דערצו אָהן אַ קישען;
ווי ביטער איז מיר
אַז איך דערמאָהן מיך אָן דיר
איך קאָן פֿון דיר נישט וויסען.

3.

וואו איז דער חתן,
וואָס האָט מיך געוואָלט.

(קאַלין).

8

1.

אַז עס קומט פרייטאָג,
באַקט מען דאָך חלות;
נעהמט מען צו חתנים,
פון די כלות.

2.

אַז ס'קומט פרייטאָג-צונאַכטס,
מאַכט מען דאָך קידוש;
קומט מען צו לויפען
אויף לאָניעס חידוש.

3.

אַז עס קומט שבת-צונאַכטס,
מאַכט מען דאָך הבדלה;
קומט מען צו לויפען
אויף אונזער מפלה,

4.

אַז ס'קומט פרייטאָג לאַרנאַכט,
הערען מיינע ליפען פערשמאַכט
ווען איך דאַרף צו געהן אַ יוד אויף שבת
האָט דער פעלדפעבעל אַ פּאַחיער
קע געמאַכט

---

9)

1898-סטען יאָהר איז אַרויס אויף דער וועלט
אַ שלעכטער נאַבאָר;

מען האָט אָפּגעגעבען די פּערווי לעגאָטע,
מען האָט זיי אַוועקגעשיקט אין דער שטאָדט
סאַראָקעס.

אין דער שטאָדט סאַראָקעס אין אַ חיטען לאַנד;
איך געה אַרויס אויפ'ן גאַס מיט קיינעם ניט
בעקאַנט.

מיט קיינעם ניט בעקאַנט, אוי וועה איז מיר גאָר
צו האָט איך בין אַלט געוואָרען איין-און-צוואַנ-
ציג יאָהר.

איך ליג מיר אויף מיין קויקע די פיס אויסגע-
שטרעקט,
דעם ראָניעץ צוקאָפּענס מיט'ן שינעל צוגעדעקט'

קומט אַריין דער דושיטקע און גיט מיך אַ וועק:
חסטאַוויי טי ושידאָטסקאַ מאָרדא! דער זייגער
שלאָגט שוין זעקס,

ביי מיין מאַמע בין איך איינער און דערצו נאָך
טייער,
פאָניע שיקט מיך אַוועק אינ'ם ערשטען פייער.

אוי וועה, מאַמעניו, פון ווייטען בין איך מאַט,
איך האָב ניט קיין לעגאָטע, איך בין אַ געטרייער
סאָלדאַט.

איך ליג מיר אויף מיין קויקע און הויב מיך אָן
צו בעטראַכטען
וואָס פאַר אַ מעדעליע עס וועט אויף מיר וואַרטען
אוי וועה מאַמעניו א. אז. וו.

איך ליג מיר אויף מיין קויקע, איך הויב מיך אָן
צו בעקלערען:
וואָס פאַר אַ תכלית ס'קאָן פון מיר ווערען
אוי וועה מאַמעניו...

איך ליג מיר אויף מיין קויקע און הויב מיך אָן
צו בעדענקען:
וואָס פאַר אַ מעדעליע ס'וועט וועלען נאָך מיר
בעשענקען
אוי וועה מאַמעניו...

(מענדעל חמן).

---

9א)

אין 1898-סטען יאָהר איז אַרויס אַ נייער אוקאַז
אַז יעדער עדער כאָטש מוז פיהרען זיין קינד
אַזוי ווי צום שוחט דאָס רינד.
אַזוי ווי מען האָט מיך אין פריסוסטוויע אַריינגעפיהרט
האָט מען געגעבען אַ געשריי: פריניאַט (2)

אוי, ברידער מיר זענען סאָלדאַטען,
מיר זענען צווישען גוֹיִם'ס הענד;
לאָזען אהיים שרייבען אַ בריוו צום טאַטען,
מיר זענען צווישען גוֹיִם'ס הענד.

אוי, וואָס קאָנען מיר טוהן, אוי, וואָס קאָנען מיר
מאַכען,
מיר האָבען פערשפּילט אונזער וועלט;
אוי, די ביקס (3) טראָג איך אויף מיינע הענד,
אַזוי ווי מיט דעם פנים צו די פיר ווענד.

אוי, ברידער מיר זענען סאָלדאַטען,
מיר האָבען פערשפּילט אונזער וועלט;
אוי, ברידער מיר זענען סאָלדאַטען,
מיר זענען צווישען גוֹיִם'ס הענד.

(א. אַפּטייקער).

---

10)

1.

גאָר מיר נישט קיין בילקעלעך,
איך וועל זיי דאָך נישט עסען;
ס'פאָהרט אַוועק פאָניעס דינען—
העסט אין מיר פערגעסען.

2.

קויף דיר נישט קיין פודער,
מאַך דיך נישט שעהן;
קויף מיר שוין אַ פּאָר שטיוועלעך—
איך דאַרף צו פאָניען געהן.

3

זומער אין איין העמדעלע,
ווינטער אין איין ליבעל,
מ'האָט דאָך מיך צוגענומען
פון אַ יונג ווייבעל.

---

11)

1.

חיסען געהט אַ רעגען,
איז הויכען נאַס
האָט מען מיך אַוועקגעשיקט
נאָך קאַווקאַז.
האָסטו פאָניע גנב,
פאָניע גנב (2)
פאָניע איז אַ גנב.

2.

הויסען איז אַ רעגען,
אין שטוב איז אַ בלאָטע
האָט מען מיך אַוועקגעשיקט
ווייט פון איראָפּע.
האָסטו פאָניע גנב א. אז. וו.

3.

כ'בין געזעסען אין קאַזאַרמע,
האָב איך געשריבען אַ בריוועל,
קומט אַריין פאָניע
מיט די קאָזאַצקע שטיוועל.
האָסטו פאָניע גנב...

4.

כ'בין געזיצען אין גאַרטען,
צווישען אַלע שעהנע רויזען,
קומט אַריין פאָניע

מיט די קאָזאַצקע הויזען,
האָנטו פאָניע גנב...

5.

ל'בין געזיצען אין גאָרטען,
צווישען אַלע שענע בלומען,
קומט אַריין פאָניע:
איך זאָל געהן דינען.
האָסטו פאָניע גנב...

6.

הילט עך חיסען,
אויב פאָניע איז אַ לייט?
ער שיקט מיך אוועק,
אַהעק גאַנץ ווייט —
האָסטו פאָניע גנב...

7.

ווילט עך חיסען,
אויב פאָניע איז אַ לייט?
ער געהט געפּוצט די שטיועלעך,
ס'היטעלע אָן אַ זייט.
האָסטו פאָניע גנב...

8.

הילט עך חיסען,
אויב פאָניע איז אַ לייט?
ער געהט געפּוצט דעם מונדיר,
די שווערד אָן אַ זייט.
האָסטו פאָניע גנב...

9.

ס'איז גלייכער צו ליגן,
ביי דער טיר,
איידער צו געהן
פאָניעס מונדיר.
האָסטו פאָניע גנב...

10.

ס'איז גלייכער צו ליגען,
אין דער ערד,
איידער צו רייטען,
אויף פאָניעס קאָזאַצקע פערד.
האָסטו פאָניע גנב...

11.

ס'איז גלייכער צו לערנען
אַ בלעטעלע חומש,
איידער צו פערזוכען
פאָניעס צימעס,
האָסטו פאָניע גנב...

12.

ס'איז גלייכער צו לערנען
אַ בלעטעלע רש"י,
איידער צו עסען
פאָניעס קאַשע.
האָסטו פאָניע גנב...

13.

ס'איז גלייכער צו לערנען
אַ בלעטעלע גמרא,
איידער צו דינען
די עבודה־זרה.
האָסטו פאָניע גנב...

14.

ס'איז גלייכער צו דאַווענען:
„אדון עולם",
איידער צו דינען
דעם רוסישען צלם.
האָסטו פאָניע גנב...

---

11א)

1.

עס איז גלייכער צו דאַוונען: אדון עולם,
איידער צו דינען דעם רוסישען צלם.

2.

עס איז גלייכער צו לערנען אַ שטיקעלע גמרא,
איידער צו דינען די עבודה־זרה.

3.

עס איז גלייכער צו לערנען אַ שטיקעלע רש"י,
איידער צו פערזוכען די סאָלדאַטסקי קאַשע.

4.

עס איז גלייכער צו זיין אָהן הענד —
איידער צו הערען פון פאָניע־הזיר דערקענט.

5.

עס איז גלייכער צו זיין אָהן אַ קאָפּ —
איידער צו עסען אויס פאָניעס טאָפּ.

6.

עס איז גלייכער צו זיין אָהן אַ נאָז —
איידער צו טרינקען אויס פאָניעס גלאָז.

7.

עס איז גלייכער צו זיין אָהן אַ צינג (צונג) —
איידער צוהערען פאָניעס קלינג.

(יוסף חומש יאַדז)

---

12)

1.

וועלכעס מיידעל אַ זעלנער נעהמט,
איז זי ניט חערט קיין דרייער;
געהן, געהט ער אין מלחמה אַריין,
אין דעם גרעסטען פייער.

2.

וועלכעס מיידעל אַ זעלנער נעהמט,
איז זי ניט ווערט קיין פּרוטה;
געהן געהט ער אין מלחמה אַריין,
ווי אַן אָקס צו דער שחיטה.

3.

זי קעהרט זיך אויס דאָס שטיבעלע,
און שיט זיך אַרויס דאָס מיסט;
געהן געהט ער אין מלחמה אַריין
באָדען זיך אין בלוט.

---

13)

1.

זייגער צוויי אין דער האַלבער נאַכט,
אַלע מענשען שלאָפען;
טיר און טויערען צוגעמאַכט
נאָר איין שטעל איז אָפען.

2.

אַ פייער ברענט —
אַ קראַנקער ליגט אין בעט;
עס זיצען צוויי אַלטע מענשען
און זיי ברעכען זיך די הענד

3.

זיי חיינען און שרייען —
עפענט זיך די טיר:
קומט אַריין אַ יונגערמאַן,
אין אַ רוסקי מונדיר.

4.

רעדט ניט אַרויס קיין חאָרט,
און לויפט צו זיין געליבטע אהער --

— עס איז מיט דיר אַזוי שלעכט,
דו גיסט דיך צו מיר קיין קעהר׳

5.

ווען האָסטו געלעבט,
פאַר פיר יאָהר צוריק?
עפען אויף דיינע צוויי אויגעלעך
און געב אויף מיר אַ קוק.

---

(14

1.

— ווען וועלען מיר דינען, ברידער? (3)
— דעם רוסישען חזיר, ברידער! (2)
דעם רוסישען חזיר איז נישט גוט —
אוי, ער באָדט זיך אין אונזער בלוט.

2.

— וואוהין פאָהרען מיר, ברידער? (3)
— אין די רוסישע קאַזאַרמעס, ברידער! (2)
אין די רוסישע קאַזאַרמעס איז נישט גוט׳
דאָרטען טרינקט מען זיך אין אונזער בלוט

3.

— וואו וועלען מיר שלאָפען, ברידער? (3)
— אויף די קאַלטע נאַרעס, ברידער! (2)
אויף די קאַלטע נאַרעס איז נישט גוט,
דאָרטען קיהלט זיך אונזער בלוט.

4.

— וואָס וועלען מיר עסען, ברידער? (3)
— די פאַרפוילטע קאַפּוסטע, ברידער! (2)
די פערפוילטע קאַפּוסטע איז נישט גוט,
דאָרטען בריהט מען זיך אין אונזער בלוט

5.

— פאַר וועמען וועלען מיר זיך שלאָגען,
ברידער? (3)
— פאַר׳ן רוסישען חזיר, ברידער! (2)
פאַר׳ן רוסישען חזיר איז נישט גוט,
ער טרינקט זיך דאָך אין אונזער בלוט.

6.

— וואוהין וועלען מיר פאָהרען, ברידער? (3)
— צו יאַפּאַניען אויף מלחמה, ברידער! (2)
צו יאַפּאַניען אויף מלחמה איז נישט גוט,
דאָרטען גיסט זיך דאָך אונזער בלוט.

7.

— מיט וועמען וועט מען זיך שלאָגען, ברידער? (3)
— מיט אונזערע חברים, ברידער! (2)
מיט אונזערע חברים איז נישט גוט,
זיי זענען דאָך אונזער בלוט.

8.

— וואו וועט מען אונז מקבר זיין, ברידער? (3)
— אין קאַלטען מאַנדזשוריע, ברידער! (2)
אין קאַלטען מאַנדזשוריע איז נישט גוט,
דאָרטען גיסט זיך דאָך אונזער בלוט.

9.

— מיט וועמען וועט מען אונז מקבר זיין,
ברידער! (3)
— מיט געפּגרטע פערד, ברידער! (2)
מיט געפּגרטע פערד איז נישט גוט,
זיי פערסמען דאָך אונזער בלוט.

(י. טאַבענקין, ליטע.)

---

(15

ס׳אומגליק האָט אונז ברידער געטראָפען
פון דעם בית-דין-של-מעלה,
אונזער גליק האָבען מיר פערשלאָפען,
גאָר אין אַ קורצער חייל.

צו דער מלחמה מוזען מיר זיין בריים,
מיר דינען שטענדיג געטריי;
מ׳ר דינען פאַר דריי פונט ברוים --
אוי, גערהאַלד, ווי האַלט מען דאָס אויס.

פורים איז אַ יעדערער פרעהליך,
און ביי אונז איז כּבוד-אב אַ מלך,
צו דער מלחמה מוזען מיר זיין גרייט.

(איטשע מאיר.)

---

(16

1.

היינטער אין אַ קאַלטע נאַכט
צו די פּאָזיציע מוז איך געהן;
אַ געשמטע פוליע האָט מיך בעגעגענט,
אין שפּיטאָל אַריין האָט מען מיך גענו-
מען אַוועק.

2.

אין שפּיטאָל אַריין האָט מען מיך גענומען,
אין אַ בעטעלע האָט מען מיך געלעגט;
צוויי דאָקטוירים און אַ סאַניטאַרקע,
זיי האָבען מיך געראַטעוועט פון טויט.

3.

ראַטעווע! יאָ, אָדער ניין,
עס איז דאָך מיר אַלץ איינס;
דאָס איינע איז דאָך מיר אַ שאָד:
כ׳האָב ווייב און קינדער איבערגעלאָזען.

4.

מיין חייב איז אין שפּיטאָל אַריינגעקומען,
אויף מיין בעטעלע האָט זי זיך געזעצט;
כ׳וועל צו דאָס אויער צו מיין האַרצען,
וועסטו הערען ווי די פוליע זעצט אין מיר.

(זשיטאָמיר, פּאָביאַניץ.)

---

(17

1.

עס איז געווען אַן אַטאַקע, אַ שטורעם,
דער שטורעם איז געווען זעהר שטאַרק;
אַ געשמטע קויל האָט מיך בעגעגענט,
אין שפּיטאָל אַריין פירט מען מיך אַוועק.

2.

איך בין אין שפּיטאָל אַריינגעקומען,
אויף אַ בעטעלע האָט מען מיך געלעגט;
צוויי דאָקטוירים מיט אַ סאַניטאַרקע,
זיי האָבען מיך געראַטעוועט פון טויט.

3.

מיין מאַמע זי פאָהרט אוועק,
זי געזעגענט זיך מיט מיר;
לעג צו דיין אויער צו מיין האַרצען,
וועסטו הערען ווי די פוליע קלאַפּט אין מיר

4.

ראַטעוועט מיך! יאָ, אָדער ניין,
דאָס איז מיר אַלץ איינס;
איינס איז מיר אַ שאָד:
פון מיין פרוי און קינדער איבערצוגעהן.

5.

איך ליג מיר צווישען די אָקאָפּעס,
שראַפּנעלען אין מיינע אויגען בעפליגען;
אַ פערסמטע פוליע האָט מיך בעגעגענט —
דעם קאָפּ צו דער ערד געצויגען.

6.

איך זיץ מיר אויף מיין פענסטער,
און אראָפּ קוק איך אויף דער גאַס;
איך הער שפּילען אַ רוסישען אָרקעסטער,
מען פיקט כוין אַוועק אין זאַפּאַס.

7.

איך בין אַריין אין „באַי" געקומען,
עס איז געווען אַ שטורם און אַ ווינד;
די מוטער רייסט זיך ביי די האָר:
האַ שיקט עך מיין איינציג קינד.

8.

מיין מוטער קומט צו מיר,
זי ווייל מיך טרעפען אויפ'ן אָרט;
גערה, אַ היים, מאַמע, צו דיינע קינדער,
מען שיקט שוין דיין שטיצע פאָרט.

9.

מיין מוטער קומט צו מיר,
זי וויל מיך טרעפען אויפ'ן אָרט;
זיבען יאָהר אַ ליבע געפיהל'ס —
היינט בעגלייט זי מיך אויפ'ן גוטען אָרט.

(פּיעטריקאָוו.)

---

(18

ווי לאַנג וועט די מלחמה נאָך דויערען,
ווי לאַנג וועט זיך נאָך דאָס בלוט אַזוי גיסען.

וויפיל מוטערס זיינען געבליבען בעדויערען,
וואָס זיי העררען פון זייערע קינדער ניט קיין גריסען

וויפיל יתומים און עגונות זיינען געבליבען געבליבען
אויף זייער אייביגען לעבען;
מען האָט זיי די מענער צום טויט געטריבען
און זיי האָבען די פרויען קיין גט ניט געגעבען

יודישע יונגע קרבנות,
ס'איז שוין אויף אייך אַ רחמנות,
איך האָף (2)
איך זעה ניט קיין סוף—
יודישע יונגע קרבנות.

איך געה מיר אין גאַס, הער איך אַ גרויס געשריי,
פון אַ מאָראַלישע שטימע,
דאָרט שטעהט זיך אַ יתומה: אוי, פאָטער, אוי וועה!
וואו ביזטו מיר אהינגעקומען?

איך וואָלט געוואָלט וויסען וואו דו ליגסט בעגראָבען,
וואָלט איך קושען די ערד;
דער מערדער האָט געוואָלט נאָר אַלע האָבען —
אַזוי האָט ער מיר מיין לעבען פערשטערט
יודישע יונגע קרבנות א. א. וו.

דאָרט זיצט זיך איינער, אָהן אַ פוס,
און בעדויערט דעם טאָג פון זיין געבוירען
צו דעם האָט ער אַ פעהלער, אַ הוסט,
דאָס האָט ער בעקומען ביי מוקדאַנ'ס טויערען;

ער האָט שוין מעהר גאָרנישט צו האָפען,
זיין לעבען איז איהם שוין פערמיאוסט,
בעסער וואָלט איהם די קויל געטראָפען,
וואָס טויג איהם ס'לעבען, אז ער האָט ניט קיין פוס.
יודישע יונגע קרבנות...

איידער אַ מוטער טוט איהר קינד דערציהען,
דאָס קאָסט זי אַפּ פיל בלוט און געזונד;
די מוטער קאָן ניט איינרוהען,
ווען דער קאָפּ טוט וועה איהר קינד.
און ווען זי האָט שוין אַ שטיקעלע נחמה,
ווען זי האָט איהם שוין דערצויגען,
פלוצלונג נעהמט מען איהם אויף דער מלחמה,
זי זעהט איהם שוין מעהר ניט פאַר די אויגען;

יודישע יונגע קרבנות...

ווי לאַנג וועט נאָך דאָס ווילדקייט עקזיסטירען,
מיט איהרע שאַרפע טריט.
פיל איידעלע מענשען טוט עס רואינירען —
מען צאַפּט פון זיי דאָס בלוט.
ווען וועט שוין די פרייהייט אָנקומען,
און זי וועט פערטרייבען די קראָהען,
אין די פייגעלעך וועלען אָנהויבען דומע-פרייהייט צו זינגען!
און זי וועט דעם שונא איינשלינגען.
יודישע יונגע קרבנות...

(רומעניען)

---

.(19

1.

קום איך מיר אַרויף אויפ'ן הויפעלע,
איינס, צוויי, דריי!
זעה איך דאָרט אַ פערדעלע—
אוי, ווי שען!
— זאָג שוין מיר, מיין ווייבעניו,
ווער דאָס פערדעלע איז?
— דאָס איז אַ מילך-קוה
פון מיין מאַמעשי.
— אוי וועה, אַ מילך-קוה
מיט אַזעלכע זאָטעלער! (2)

2.

קום איך מיר אַריין אין שטיבעלע,
איינס, צוויי, דריי!
זעה איך הענגען אַ מונדירעלע —
אוי, ווי שען!
— זאָג שוין מיר, מיין ווייבעניו,
ווער ס'מונדירעלע איז?
— דאָס איז אַ שלאָפּרעקעל
פון מיין באָבעשי.
— אוי וועה, אַ שלאָפּרעקעל
מיט אַזעלכע שליפּעס! (2)

3.

געה איך צו צום טישעלע,
איינס, צוויי, דריי!
זעה איך ליגען אַ היטעלע —
אוי, ווי שען!
— זאָג שוין מיר, מיין ווייבעניו,
ווער דאָס היטעלע איז?
— דאָס איז אַ שלאָפּקופּקע,
פון מיין מאַמעשי,
— אוי, וועה אַ שלאָפּקאָפּקע
מיט אַזעלכע שליפּען! (2)

4.

געה איך צו צום ווינקעלע,
איינס, צוויי, דריי!
זעה איך שטעהען אַ פּאָר שטיוועלעך—
אוי, ווי שען!
— זאָג שוין מיר, מיין ווייבעניו,
ווער די שטיוועלעך זענען?
— דאָס זענען אַ פּאָר מילך-טעפּ,
פון מיין מאַמעשי.
— אוי, וועה, אַ פּאָר מילך-טעפּ,
מיט אַזעלכע שפּאָרען! (2)

5.

געה איך צו צום בענקעלע,
איינס, צוויי, דריי!
ליגט זיך דאָרט אַ שווערדעלע —
אוי, ווי שען!

זאָג שוין מיר, מיין ווייבעניו,
ווער דאָס שווערדעלע איז?
— דאָס איז אַ ברויט-מעסער,
פון מיין מאַמעשי.
— אוי ווצה, אַ ברויט-מעסער,
מיט אזעלכע טראָלדזען, (2)

6.

גנה איך צו צום בעטעלע,
איינס, צוויי, דריי!
ליגט זיך דאָרט אַ זעלנערעל —
אוי, ווי שען!
— זאָג שוין מיר, מיין ווייבעניו,
ווער דאָס זעלנערעל איז?
— דאָס איז אַ דינסט-מויד,
פון מיין מאַמעשי.
— אוי ווצה, אַ דינסט-מויד,
מיט אזעלכע שנויצען! (2)

(וואר: א.)

---

19א)

קום איך אריין אין שטיבעלע,
איינס, צוויי, דריי!
טרעף איך הענגען אַ מונדירעלע —
אוי, ווי שען!
— שווער מיר צו, מיין ווייבעניו,
ווער ס'מונדירעלע איז?
— דאָס איז אַ זומער-מאַנטעל,
פון מיין מאַמעשי.
— אוי ווצה, אַ זומער-מאַנטעל,
מיט אזעלכע שליפּעס! (2)

# דירה-געלד-לידער

1)

1.

הערט מיך אויס ליבע שכנים,
וואָס איך וועל אייך זאָגען:
דער פּיסטנאַצעטער איז געקומען,
דירה-געלד מוז מען צאָהלען.
אוי, דירה-געלד, אוי אוי אוי,
אוי, דירה-געלד—גאָראָדאָוואוי,
אוי, דירה-געלד—באָזשע מאָי,
אוי, דירה-געלד צו צאָהלען.

2.

דער פּיסטנאַצעטער איז אוועק,
דער פּיערשי איז געקומען;
קומט אריין דער בעל-הבית
דירה-געלד צו מאָהנען.
אוי, דירה-געלד א. אַז. וו.

3.

קומט אריין דער בעל-הבית,
זעצט זיך אויפ'ן באַנק;
איז ניטאָ קיין דירה-געלד —
מאַכט ער אַ געוואלד.
אוי, דירה-געלד...

4.

שיקט אריין דעם קאָמאָרניק,
מיט זיין גראָבען שטעקען;
איז ניטאָ קיין דירה-געלד —
נעהמט ער צו די בעטען;
אוי, דירה-געלד...

5.

קומט אריין דער קאָמאָרניק,
כוט זיך אויס זיין היטעלע;
איז ניטאָ קיין דירה-געלד —
קלעבט ער אָן אַ קוויטעלע.
אוי, דירה-געלד...

6.

קלעבט ער אָן אַ קוויטעלע,
אָפּרייסען איז אַ זאַוש;
איז ניטאָ קיין דירה-געלד —
מאַכט ער אַ ספּוסטאָשאַוש.
אוי, דירה-געלד...

---

2)

1.

געהט ארויס דער בעל-הבית,
וואָס האָט ער צו זאָרגען;
טרעפען איהם די קאָמאָר-לייט,
זאָגען זיי איהם: גוט-מאָרגען!
דירה-געלד, אוי אוי אוי!
דירה-געלד, — באָזשע מאָי!
דירה-געלד דעם העקער,
דירה-געלד דעם בעקער.

2.

קומט אריין דער קאָמאָרניק,
מיט'ן ברייטען הימעל,
איז ניטאָ קיין דירה-געלד —
קלעבט ער אָן אַ קוויטעל.
דירה-געלד א. אַז. וו.

3.

הער נאָר צו, מיין מאַן,
איך וועל דיר עפּעס זאָגען;
אַ פויערלאַגע ווינציגער, —
נאָר דירה-געלד צו צאָהלען.
דירה-געלד...

4.

הער נאָר צו, מיין ווייבעלע,
איך וועל דיר עפּעס זאָגען,
אַ שאָלעמעל פּודער ווינציגער —
נאָר דירה-געלד צו צאָהלען.
דירה-געלד...

5.

וואָס איז דאָס אין גאַנצען:
אַ שטיבעלע מיט וואַנצען,
די קוך איז צובראָכען —
איך האָב נישט וואָס צו קאָכען;
עס וועט זיך מיר נישט לוינען,
וועל איך ביי אייך נישט וואוינען,
דירה-געלד...

3).

---

1.

דירה-געלד, אוי אוי אוי!
דירה-געלד—באָזשע מאָי!
דירה-געלד—גראָדאָוואוי!
דירה-געלד צו צאָהלען.

1.

קומט אריין דער וועירט,
מיט אַ גרויסען געלאַמטער,
איז ניטאָ קיין דירה-געלד —
מאָרגען איז דער אַלטער.
דירה-געלד א. אַז. וו.

2.

קומט אריין דער ווירט,
מיט אַ לעדערער האַנד;

איז ניטאָ קיין דירה-געלד —
פֿערקויף איך אייך די שאַנק.
דירה-געלד...

3.

קומט אריין דער זשאַנצע,
מיט אַ גראָבען שטעקען;
איז נ.ט. קיין דירה-געלד —
תארף איך אַרויס די בעטען.
דירה-געלד...

4.

קומט אריין דער קאָמאַרניק,
מיט'ן ברייטען היטעל;
איז ניטאָ קיין דירה-געלד —
קלעב איך אייך אָן אַ קוויטעל.
דירה-געלד...

(ווזשאָנסקי, לאָדז.)

---

4)

1.

קומט אריין דער בעל-הבית,
נעהמט אראָפּ די שליאַפּע;
איהר צאָהלט מיר ניט קיין דירה-געלד —
טראָג איך אַרויס די קאַנאַפּע.
אוי, דירה-געלד דעם גאָראָדאָוואוי,
אוי, דירה-געלד דעם סטאַסאָוואוי,
אוי, דירה-געלד דעם בעל-הבית,
אוי, דירה-געלד מוז מען צאָהלען!

2.

קומט אריין דער בעל-הבית,
אין דער האַנד טראָגט ער אַ צעטעל;
איהר צאָהלט מיר ניט קיין דירה-געלד—
פערקויף איך אייך דאָס בעטעל.
אוי, דירה-געלד דעם גאָראָדאָוואוי א.ז.וו

3.

קומט אריין דער בעל-הבית,
מיט'ן גראָבען בייכעל;
איהר צאָהלט מיר ניט קיין דירה-געלד
און איהר קאָכט זיך אַ יאַכעל!
אוי, דירה-געלד דעם גאָראָדאָוואוי...

4.

קומט אריין דער בעל-הבית
מיט דער געגאָלטער מאָרדע;
איהר צאָהלט מיר ניט קיין דירה-געלד —
שיק איך אייך ק'סטאָרטו!
אוי, דירה-געלד גאָראָדאָוואוי...

5.

קומט אריין דער בעל-הבית,
און האָט צו מיר אַ טענה:
איהר צאָהלט מיר ניט קיין דירה-געלד,
זאָג איך: די דירה איז מיינע.

(ליטע)

---

# רעטענישען.

1)

אויבען-אָן,
שטעהט אַ האָהן;
צוויי קישקעס הענגען, דראָן,
אַלע שעה קרעהט ער אָן?

(אַ זייגער)

---

2)

עס עסט נישט קיין תבואות
און זאָגט נביאות?

(אַ זייגער)

---

3)

ביי טאָג דרעהט עס זיך ארום אין שטוב
און ביי נאַכט שטעהט עס אין ווינקעל?

(אַ בעזעם)

---

4)

ווייס ווי שניי,
גלאַטיג ווי אַן איי,
אַז מען קוקט דערויף, איז עס שטענדיג צוויי?

(אַ שפּיגעל)

---

5)

צו אַ האַלבען דאַך דאַרף מען הונדערט שינדלען,
וויפיל דאַרף מען צו אַ גאַנצען?

(גאָרנישט)

---

6)

פיס האָט עס פיר,
און איז נישט קיין טיר!
עס האָט אויך פעדערן —
און איז נישט קיין פויגעל?

(אַ בעט)

---

7)

עס האָט נישט קיין פיס און עס שטעהט,
עס האָט נישט קיין ה—ת און עס זיצט,
עס האָט אויערען און עס הערט נישט —

(אַ דיניצע)

---

8)

אין מיטען-מאַרק שטעהט אַ מענש,
ווען מען גיט איהם: שלום-עליכם —
ווייגט ער.

(אַ פלימפּ)

---

9)

אין מיטען מאַרק שטעהט אַ מענש
און רויכערט שטענדיג?

(אַ קוימען)

---

10)

ביי טאָג איז עס אַ רייף,
און ביי דער נאַכט — אַ שלייף?

(אַ פּאַסעק)

---

11)

זיבציג חסידים אין איין שטיבעל
און אַלע האָבען דעם זעלבען פּאָרך?

(אַ שאַכטעל צינדהעלצער
זאַפּאַלקעס, שוועבעלעך)

---

12)

טויזענד חסידים אין איין גאַרטעל?

(אַ בינט שטרוי)

---

13)

צחוי גרויסע בחורים קאָנען צווי קליינע נישט דעריאָגען?

(א וואָגען)

---

14)

פיר מענטשען יאָגען זיך און יאָגען זיך
און קאָנען זיך נישט כאַפּען?

(א וואָגען)

---

15)

עס קומט צו פליהען אָהן פליגעל,
עס מויערט אָהן ציגעל,
עס זעצט זיך אנידער אָהן ת...ת
און עס געהט אוועק אָהן פיס?

(שנײ)

---

16)

העכער ווי א הויז,
נידעריג ווי א מויז,
זיס ווי צוקער,
ביטער ווי גאַל?

(א בין)

---

17)

עס עסט ווי א פערד,
און האָט אויגען ווי א פערד,
און זעהט מיט'ן הינטערל —
אזוי ווי מיט די אויגען?

(א בלינד פערד)

---

18)

אויפ'ן פעלד שטעהט א פאַנעלע,
און וויקעלט זיך,
און וויקעלט זיך,
און וויקעלט זיך
קיינמאָל נישט אויף?

(קרויט)

---

19)

אויפ'ן פעלד שטעהט א מאַן —
אלע יאָהר קלײדט ער זיך אָן.

(א בוים)

---

20)

א פּעסעלע פאַלט אראָפּ פון דאַך און ווערט צובראָכען, און עס איז נישטאָ קיין שום בעדנער אויף דער וועלט, וואָס זאָל עס קאָנען צורעכט מאַכען?

(אן איי)

---

21)

ווער טראָגט זיבען יופּעצעס?

(א ציבעלע)

---

22)

איינער געהט אין זיבען יופּעצעס
ווער עס טוט איהם נאָר אויס —
מוז וויינען.

(א ציבעלע)

---

23)

אין א קעלער הענגט א פלאַכטע,
הענגט און לענקט,
טריפט און טראָפט
און טריקענט קיינמאָל נישט אויס?

(א צונג)

---

24)

א זעלנער זעהט עס אָפט,
א קייזער זעהט עס זעלטען,
און גאָט קיינמאָל נישט?

(זיינסגלייכען)

---

25)

דיין טאַטענס זוהן און איז נישט דיין ברודער?

(דו אליין)

---

26)

קיין פערברעכער און איז געבונדען,
קיין קלייד
און איז גענעהט,
קיין בוים און האָט בלעטער.

(א בוך)

---

27)

ווייס געזייט,
שווארץ פערשפּרייט,
אומעטום רעדט עס?

(א בריף)

---

28)

א לאַטע אויף א לאַטע —
און קיין נאָט איז נישטאָ?

(א הייפּטעל קרויט)

---

29)

אונטער וואָסער בוים זיצט א האָז,
ווען עס רעגענט?

(אונטער א נאַסען)

---

30)

פאַרוואָס לויפט א האָז אין וואַלד אריין —
סיי זומער, סיי ווינטער?

(ווייל דער וואַלד קומט נישטן
צו איהם)

---

31)

פאַרוואָס קויפט א גלח א לאַנגען שטעקען?

(פאַר געלד)

---

32)

עס פליהט אָהן פליגעל,
עס מויערט אָהן ציגעל,
עס לעגט זיך ווי א האַר,
און עס שטעהט אויף ווי א נאַר?

(א שניי)

---

(33

— זאָג פינף ווערטער מיט פינף קופ׳ן ביים אָנהויב!

— קליינע קינדער ק...קען קליינע קופקעלעך.

---

(34

— זאָג ניין ווערטער מיט ניין גימל׳ען ביים אָנהויב?

— גאָט גיט גענז, גענז געבען גריוועץ, גרי= וען געבן געלד.

---

(35

— זאָג פופצהן ווערטער מיט פופצהן מם׳ען ביים אָנהויב?

— מיין מחותן משה-מענדעל מיט מיין מחותנת׳טע מרים-מינדעל מאַכען מיר מיטאָג מעהל מיט מייערען.

---

(36

ער קריכט אַרויף און שטעקט אַריין, און נעהמט אַרויס און שאָקעלט אָפּ און קריכט אַראָפּ?

(אַ קוימען-קעהרער, קוימינאַזש).

---

# אַנעקדאָטען.

(1

— אַ בחור טאָרניט זאָגען קיין דריי׳ער.

— פאַרוואָס?

— ווייל אַ דרייער איז קופער —

פון קופער מאַכט מען אַ פענדעל (רענדעל),

אין אַ טענדעל קאָכט מען פיש —

פיש קאָכט מען אויף אַ חתונה

און אַ בחור טאָר נישט אין זין האָבען קיין חתונה, ווייל ס׳איז אַ זינד.

---

(2

— פאַרוואָס געהט אַן אָרימאַן איבער די טירען?

און אַ קאַטשקע—איבערן וואַסער?

זאָל די קאַטשקע געהן איבער די טירען,

און דער אָרימאַן איבער׳ן וואַסער? —

— ווען אַ קאַטשקע וואָלט געגאַנגען איבער די טירען, וואָלט מען זי אויפגעכאַפּט.

און ווען אַן אָרימאַן וואָלט געגאַנגען איבער׳ן וואַסער, וואָלט איהם אַריינגערינען אין די שיך.

---

(3

— פאַרוואָס שטעהט אַ האָהן פאַר דער גזשענדע און אַ חזן—פאַר׳ן עמוד?

זאָל דער חזן שטעהן פאַר דער גזשענדע

און דער האָהן פאַר׳ן עמוד?

— וואָלט דער חזן געשטאַנען פאַר דער גזשענדע, וואָלט ער ביי „בואי-בשלום" אַראָפּגעפאַלען.

און וואָלט דער האָהן געשטאַנען פאַר׳ן עמוד, וואָלט ער מיט די פליגלען די ליכט אויסגעלאָשען.

---

(4

— פאַרוואָס, ווען דער האָהן קרעהט, האַלט ער צו די אייגען?

— ווייל ער קען עס פון אויסווייניג.

---

(5

— ווי אַזוי דערקענט מען צווישען אַ קאַטשקע און אַ קאַטשער אין וואַכער?

— מען נעמט ברויט און מען מאַכט קליינע קייקעלעך און מען וואַרפט עס זיי אַקעגען: שווימט ער צו און כאַפּט, איז עס אַ קאַטשער; שווימט זי צו און כאַפּט, איז עס אַ קאַטשקע.

---

(6

— ווען זאָגט אַ שוכן דעם גרעסטען ליגען?

— ווען ער וויל.

---

(7

— איך זאָג ענק אָן, אַז מען זאָל אָנזאָגען קינדס-קינדער, מען זאָל נישט שיטען קיין רונדיגע אַרבעס אויפ׳ן דאַך...

— פאַרוואָס?

— ווייל זיי קאָלערן זיך אַראָפּ.

---

(8

— ווען פילט אַן אַלטער מאַן, וואָס האָט קיין איין צאָהן נישט אין מויל—צאָהן-שמאַרצען?

ווען אַ הונד גיט איהם אַ ביס!

---

(9

— מיט וואָס געהט אַ חתן דאָס ערשטע מאָל צו דער כלה?

— מיט די פיס.

---

# שמועסען און מעשיות.

10)

## (פון אַפּורים-שפּיל)

— נו, די קללות, וואָס מיין מאַן האט מיר געגעבען, בין איך אייך רבי'ן מוחל... נאָר דאָס, וואָס ער שרייט אויף מיר: שטיק דר...ק, שטיק סינוף, בעט איך אייך, איהר זאָלט אייך אין דעם אריינלעגען.

---

11)

— גוט מאָרגען, געלע! אַ רעטעך טראָג איך.

— קוש מיר אין ת...ת.

— מיין מאַן האָט עס ליב.

---

12)

אַן אָרימאַן האָט זיך געקלאָגט פאַר פסח פאַר זיין ידיד, דעם גביר:

— מיין קאָפּ האַלט עס נישט אויס! הונדערטער דאגות האָב איך און דו געהסט נאָך אַזאַ יר"ט, און איך בין לחלוטין גאַלע.—

— רעכען מיר אויס, וואָס דו דאַרפסט אַלץ, וועל איך אויפשרייבען— זעצט זיך דער גביר אַנידער און נעהמט די בליי-פעדער אין האַנד.

דער אָרימאַן האָט זיך דערפרעהט, געמיינט—אַ ידיד, וועט ער מסתמא איהם געבען גלדינג, און גענומען אויסרעכענען:

— מצות—אַכט רובל, שיך—צעהן, מלבושים—צוואַנציג, פלייש און קאַנ-טאָפעל—פינף, קויהלען—איין רובל, דירה-געלד—פירצנוואַנציג. וויין—צוויי-פינף-און-צוואַנציג, בסך הכל—אַכטאונפופציג-פינפאונצוואַנציג.

— אָט, אַזוי—מאַכט דער גביר דעם סך-הכל—איצט האָסטו איין דאגה, וואו נעמט מען אַכטאונפופציג רובל און פינפאונצוואַנציג קאָפּיקעס און—פטור מעגל האָכטו נישט צו זאָרגען.

---

13)

צו איינעם, וואָס האָט געדאַווענט אין צוויי פאָר תפילין, קומט צו איינער אין מיטען פון דאַווענען און בעט איהם, ער זאָל איהם באָרגען די אַנדערע פּאָר תפילין.

— עס איז דאָך רבינו-תם'ס תפילין—פערענטפערט זיך דער דאַווענער.

— נו, ביז דער רבינו-תם וועט אריינקומען, וועל איך האָבען לאַנגאַ אָפּגעדאַווענט.

---

14)

אַ ליטוואַק, אַ גליח, איז אַ מאָל געקומען צום רבי'ן און איהם געגעבען שלום-עליכם. דער רבי איז בייז פון איהם אָפּגעשפּרונגען;

— דו שייגעץ איינער! ווי פאַלסטו דיר אויס אָפּצוגאָלען די באָרד, עס שטעהט דאָך בפירוש: ולקנכם אל תגלחו...

— רבי!—ענטפערט דער ליטוואַק ביטער—איך האָב געמיינט גראָד פאַרקעהרט, אויב דער מענש איז געבוירען געוואָרען אָהן אַ באָרד—דאַרף ער שטאַרבען אויך אָהן אַ באָרד.

— אַ,בּער אַזוי—זאָגט איהם דער רבי—ביזטו דאָך געבוירען געוואָרען אָהן ציהן אויך, פאַרוואָס לאָזטו דיר נישט אַרויסרייסען די ציהן?

— יאָ, רבי, איהר זייט גערעכט. נאָר וואָס שרייט איהר אויף דער באָרד שרייט טאַקע אויף די ציהן...

---

15)

— פאַרוואָס שטעהט ווינטער אויף די פענסטער בוימער?

— וויל, ווען דער רבונו-של-עולם האָט בעשאַפען די וועלט, האָט ער בעשאַפען אַן עפּעלבוים, האָט ער געזאָגט: אויף דיר וועט מען מאַכען אַ ברכה בורא פרי העץ; און אַזוי האָט ער בעשאַפען אַלערליי בוימער.

זענען געקומען די וואַלד-ביימער מיט אַ טענה צום רבונו-של-עולם: ווי אַזוי וועלען מיר האָבען אַ תיקון?

האָט זיי גאָט צוגעזאָגט: אַז ווינטער, ווען אַ פרומער יוד וועט אַ היים קומען און וועט זיך אַנידערזעצען לערנען און וועט זאָגען: געלויבט איז גאָט וואָס עס איז וואַרים, וועט איהר דאַמאָלט האָבען אַ תיקון. איבער דעם קומען ווינטער די בוימער און שטעלען זיך אין פענסטער. זעהען זיי, אַז עס וואַרים, געהען זיי אַלד אַוועק. איז אָבער קאַלט, שטעהען זיי אַזוי לאַנג, ביז מען הייצט הבט איין.

---

16)

ווען די וועלט איז בעשאַפען געוואָרען, האָט גאָט בעשאַפען פון צו פריהער די חיות און דערנאָך דעם מענש; ווען גאָט האָט בעשאַפען אַ הונד, האָט ער געפרעגט ביי גאָט:

— וואָס וועל איך טון אויף דער וועלט?

האָט איהם גאָט געענטפערט:

— וועסט האָבען אויף דיר אַ האַר, וואָס וועט דיך שלאָגען, ווען דו וועסט נישט בּאָלגען; און דערפאַר וועסטו אָפּלעקען די ביינער אונטער'ן טיש און וועסט בילען.

— וויפיל וועל איך אַזוי לעבען?

זיבעציג יאָהר!

— אַזאַ הינטיש לעבען! פאַר מיר איז גענוג פופצעהן—צוואַנציג יאָהר,— האָט דער הונד זיך אָפּגעבעטען.

— גוט! — האָט גאָט מספים געווען און בעשאַפען אַ פערד.

— וואָס וועל איך טון אויף דער וועלט? — האָט דאָס פערד געפרעגט.

— וועסט שלעפען אַ וואָגען און קריגען געשלאָגען מיט אַ בייטש—געענט-פערט עס גאָט.

— און וויפיל וועל איך לעבען? — האָט דאָס פערד ווידער געפרעגט.

— זיבעציג יאָהר!

— אַזאַ פערדיש לעבען! איז פאַר מיר גענוג צוואַנציג-פינף-און-צוואַנציג— האָט דאָס פערד זיך אָפּגעבעטען.

— גוט!—האָט גאָט געזאָגט און בעשאַפען אַ חזן.

— וואָס וועל איך טון אויף דער וועלט? — האָט ער גאָט געפרעגט.

— וועסט געהן אויף אַלע חתונות און בריתי'ן אין שוהל וועלען אַלע מחותנים וואַרטען אויף דיר מיט'ן דאַווענען, דיר וועט זיין גוט און וואויל דיין גאַנץ לעבען—האָט איהם גאָט געענטפערט

און וויפיל וועל איך דאָס אַזוי לעבען? — האָט דער חזן איהם געפרעגט.

— זיבעציג יאָהר—ענטפערט איהם גאָט,

— עס איז ווינציג, רבונו-של-עולם! — האט דער חזן זיך געבעטען — שענק מיר נאך צוועלף יאהר.

און וואנען האט גאט געקאנט נצחמען נאך יאהרען, האט ער איהם אפגעגעבען דעם הונד'ס מיט דעם פערד'ס יאהרען. דערפאר, ווען א חזן לעבט אפ זיינע זיבעציג יאהר בילט ער ווי א הונד און פרעסט ווי א פערד.

---

(17

א מאל איז געווען א גרויסער ארימאן, ער האט לא-עלינו נישט געהאט א טאג איבערצולעבען און איז געזעסען יומם ולילה און עוסק געווען על התורה ועל העבודה, ווי גאט האט געבאטען.

ויהי היום, איין פרייטאג, עס איז נישט געווען מיט וואס שבת צו מאכען האט דאס ווייב איהם ארויסגעטריבען: זאל ער געהן אין שטאדט אריין האנדלען אפשר וועט זיך גאט מרחם זיין און איהם דאך עפעס צו שיקען אויף שבת ד נשמה צו דערהאלטען.

דער ארימאן איז אוועק פון דער היים מיט א פערביטערט הארץ, נישט אזוי וועגען דער פרנסה, נאר וועגען ביטול תורה; וואס דאס האט איהם נישט רוהען.

אויפ'ן וועג האט ער בעגעגענט משיח'ן.

— וואס ביזטו עפעס אזוי בערצאגט? — פרעגט איהם משיח, און ער גיסט אויס פאר איהם נעבעך זיין שווער ביטער הארץ.

— וויין נישט מיין זוהן — טרייסט איהם משיח — דא האסטו א זעקעל און וואס דו וועסט וועלען, וועט דיר דאס זעקעל געבען און צוליב עמעץ חס וחלילה וועט דיר בייז טון, זאלסטו זאגען: זעקעל נעהם איהם! — וועט עס איהם שוין צונעהמען.

דער ארימאן האט גענומען דאס זעקעל און האט זיינע יאהרען אפגעלעבט אין עושר און אין כבוד, חתונה געמאכט קינדער און קינדס-קינדער און קיינמאל פון קיין צער און פון קיין דחקות נישט געוואוסט. וישמן ישרון ויבעט — אז א יוד ווערט רייך, פערגעסט ער אן אלץ! עס איז שוין אן אלטע מעשה — ער האט פערגעסען אן משיח'ן און אפילו אן לערנען האט ער אויך פערגעסען.

פאר'ן שטארבען האט ער געהייסען זיינע יורשים: מען זאל איהם דאס זעקעל מיטגעבען אין קבר אריין — עס זאל איהם ראטעווען פון מלאך-הדומה.

די קינדער האבען עס איהם צוליב געטון און ווען דער מלאך-הדומה האט איהם גענומען פרעגען:

— מה שמך?

האט ער נישט געענטפערט און געשריגען;

— לאז מיך צורוה! איך האב מיך שוין גענוג אנגעליטען אויף מיין לעבען.

דער מלאך-הדומה האט איהם אבער נישט אפגעטרעטען און אלץ איבערגעפרעגט דאס אייגענע נאכאמאל און נאכאמאל:

— מה שמך? —

דער יוד איז בייז געווארען און געגעבען א געשריי:

— זעקעל, נעהם איהם! —

און באלד איז דער מלאך-הדומה אריין אין זעקעל

אויבען, אין הימעל, פאר'ן כסא-הכבוד, איז געזעסען דער גאנצער בית-דין של מעלה און געווארט אויפ'ן מלאך-הדומה מיט זיין טעגלעכען ראפארט; נאך זהכבריג, אז ער קומט עפעס נישט היינט צו דער בעשטימטער שעה, האט דער רבונו-של-עולם צראפגעשיקט דעם מלאך-מיכאל מיט'ן מלאך-גבריאל, זיי זאלען געוואהר ווערען, וואו דער מלאך-הדומה איז אהינגעקומען.

זיי קומען צו צום קבר און ברענגען דעם יוד: וואו דער מלאך-הדומה איז — ענטפערט ער זיי נישט, לאזען זיי איהם נישט אפ נאכאמאל און נאכאמאל — ווערט יענער בייז און גיט א געשריי:

— זעקעל, נעהם איהם!

איז דער מלאך-מיכאל אריין אין זעקעל;

ווי דער מלאך-גבריאל האט עס דערזעהן איז ער ארויף אין הימעל אריין און איבערגעגעבען דאס דעם בית-דין של מעלה.

צווישען בית-דין של מעלה איז געזעסען משיח און האט זיך באלד דערמאהנט, אז דאס האט ער א מאל א יוד איבערגעגעבען אזא זעקעל. און ער האט גענומען דערלויבעניש און איז אליין אראפ צום יוד געהאהר ווערען.

דער יוד האט איהם אבער שוין נישט דערקאנט און מיט כעס, וואס מען דרעהט איהם בחנם דעם קאפ האט ער געגעבען א געשריי:

— זעקעל, נעהם! —

און משיח איז אויך אריין אין זעקעל.

פון דאמאלט אן ליגט משיח אין זעקעל און קאן נישט קומען.

---

(18

אויפ'ן ישוב האט געוואוינט אן ארענדאר, ער האט געהאט אן אייגען הייזעל, א שטיקעל פעלד און געהאט פרנסה בריוח און בכבוד גדול. איז ער זיך געזעסען א לאנגע צייט מיט'ן ווייב און נישט געהאט קיין קינדער, האט ער דערפון גרויס צער געהאט.

ויהי היום, אויף דער עלטער האט איהם גאט מזכה געווען מיט א טאכטער, האט מען זי געהיט ווי אן אויג אין קאפ, זי אויפגעהאדעוועט אויף האניג און פוטער, איז זי אויסגעוואקסען קיין עין-הרע א יפה-תואר, טאקע איינע אין דער גאנצער סביבה: אז זי איז געקומען צו יאהרען, האט זי געהאלפען דעם פאטער אין פעלד פאשען בהמות וכ"ו;

ויהי היום, מאכט זיך א מאל, דער בן מלך איז ארויס אויף געיעג און האט פערוואגעלט פון וועג, האט ער דערזעהן דאס מיידעל אויפ'ן פעלד, איז זי איהם זעהר געפעלען, האט ער בעקומען חשק צו איהר, צו געריסען, אראפ פון פערד און זיך נאכגעפרעגט ביי איהר: ווער זי איז?

— דעם יודי'ס דא, אין דערבייאיגען הויז — האט זי איהם העפליך אנגעוויזען.

ער איז צוגעריטען, געוואהר געווארען אויף דעם יוד, און בעפוילען שבת פארנאכט, איהם די טאכטער זיינע צו שיקען אין פאלאץ אריין.

ווי דער שטייגער ביי יודען, איז אויפ'ן הויז אנגעפאלען א טרויער מיט א געוויין — וואס קאן א בן מלך וועלען פון א יודישע טאכטער? ער וויל זי מסתמא פאר א פילגש, נישט אויסגערעדט זאל עס זיין.

האט זיך דער ארענדאר מקדים געווען באלד בעגינען קיינער זאל נישט מערקען און אוועק צום רבי הקדוש שואל עצה זיין.

דער רבי האט זיך נישט לאנג מישב געווען:

— געה א היים — האט ער איהם אנגעזאגט — און מאך א שבת, א פרעהליכען, ווי אלעמאל. און שטעל א גרויס טשאלענט, ער זאל זיין א ביסעל שפארצעדיגער, ווי געוועהנליך. און זעה, אז דיין טאכטער זאל עסען ווי געהער צו זיין, וואס מעהר איז בעסער — איין טעלער און נאך איין טעלער, זי געהט דאך עפעס זיך פארשטעלען פאר'ן מלכות און — היטער, וועט זכות אבות ביישטעהן.

אז דער רבי-הקדוש הייסט, מסתמא ווייסט ער וואס. דער ארענדאר האט זיך נישט געפוילט און געהייסען דעם ווייב אנגרייטען א שבת — טאקע, ווי למני מלכים תתיצב און מען האט געגעסען און געטרונקען וויפיל עס איז נאר

אַרײַן. אַלע ווילע האָט מען געמוזט אויפלאָזן אַנ'אַנדער קנעפּעל פון די קליידער.

ויהי ערב ויהי בוקר. און אַז עס איז געקומען, צו שלש-סעודה-צײַט, האָט מען די דריטע סעודה אויך נישט פאַרשעהאַט און געגעסן אַ ביסעלע מילכיגס אַזוי, ווי דער סדר-הע״לם פיהרט זיך און מען האָט אַלט נג געגעבען, אַז די טאָכטער זאָל זיין טאַקע זאַט—זי געהט דאָך עסעס צהישען אידעל-לייט!

מען האָט זי אָנגעקליידט אין אַ נײַ קליידעל, אַ נייע קאָפּטע, אַ ביסעל שענער פאַרלייגט דעם קאָקס און זי אָפּגעפיהרט צום פּאַלאַץ. פאָרנט, אוי פ'ן וועג, האָבען זיך איינגעשטעלט טאַטע-מאַמע מיט צטעריגע הערצער זעהן: מה נעשה לה? וואָס וועט זיין מיט איה״?

ביים בן-מלך, ווי געהעהנליך, איז דאָס מאָל ווי תמיד געווען אַ באַל. גרויסאַרטיגע מוזיק האָט געשפּילט, זשיראַנדעלען מיט טויזענדער פלאַמען האָבען געלויכטען און שררים מיט שרות האָבען געטאַנצט און געלאָזען זיך וואוילגעהן.

ווי דעם אַרענדאַר'ס טאָכטער איז אַריין, האָט זי דער בן-מלך באַלד אויפגענומען גאָר שעהן און זי פאַרגעשטעלט פאַר אַלע אידעל-לייט און קיינער פון זיי האָט זיך נישט געקאָנט אָפּחידוש'ען פון איהר שענקייט און צניעות.

אין מיטען דער גדולה אָבער האָט דעם אַרענדאַר'ס טאָכטער אָנגעהויבען פיהלען, אַז דאָס עסען הויבט אָן חירקען. און ווי זי האָט זיך נישט בעמיהט, האָט זי זיך בשום אופן נישט געקאָנט איינהאַלטען.

די געסט האָבען עס באַלד דערשפּירט—אַיך בעט איבער אייער כבוד—איינמאָל, צוויימאָל. דעם בן-מלך צוליב האָט מען עס געוואָלט פאַרשוויגען, מען האָט געשפּענט די פענסטער, אויסגעשפּריצט מיט שמעק-וואַסער, אָבער—עס האָט גאָרנישט געהאָלפען, מען האָט זיך פון איהר גענומען אָפּרוקען. דער בן-מלך אַליין האָט שוין נישט געקאָנט אויסקומען און געהייסען די דינער, מען זאָל זי משלח זיין.

דעם אַרענדאַר'ס אַכצען-יאָהריגע טאָכטער האָט נישט געוואוסט, פאַרוואָס הייסט מען זי געהן פּלוצים און זי איז אַרויס מיט אַ צובראָכען געמיט. אַ קוואַל טרעהרען האָבען גערינען פון איהרע אויגען. אויפ'ן וועג האָט זי אָנגעטראָפען טאַטע מאַמע וואַרטען און איז אַרויסגעפאַלען די מאַמען אויפ'ן האַלז מיט אַ נייעם קוואַל טרעהרען.

— זאָג, טאָכטערשי, וואָס איז געווען?—פרעגט זי די מאַמע און וויל שוין אַ מאָל דערהערען, וואָס עס האָט מיט איהר אַזעלכעס געטראָפען.

— איך האָב מיך בע...ש—ט—י—נ—ק—ע—ן!—האָט זי קוים מיט געיאָמער צווישען די צייהן דורכגעזיפּט.

— נאַרעלע, נישט דו האָסט דיך בעשטינקען, זכות-אבות האָט זיך בעשטינקען—האָט זי די מאַמע אַ הער אויסגעווישט די טרעהרען.

(19

ערב פּסח איז געפאַלען אַ מאָל אין שבת, האָט מען געשטעלט טשאָלענט, איז עס געבליבען טרוקען, און, אַז עס איז טרוקען, געהט מען אין זאַקען, און אַז מען געהט אין זאַקען, זיצט מען אויפ'ן סדר, און אַז מען זיצט אויפ'ן סדר, רייבט מען אָפּ.—האָט ער אָפּגעריבט פון איהר און זי האָט אָפּגעריבט פון איהם, און אַז, מען רייבט אָפּ איינס פון אַנדערן צוקריגט מען זיך, און אַז מען צוקריגט זיך, שלאָגט מען זיך, און אַז מען שלאָגט זיך, צוקלאַפּט מען זיך.—איז ער געלאָפען צום רבי'ן און זי צום דאָקטאָר ער האָט דערצעהלט דעם רבי'ן זיינע קלייניגקייטען און זי האָט דערצעהלט דעם דאָקטאָר איהרע קלייניגקייטען. קלייניגקייטען שיטען זיך. האָט זיך אויסגעשיט קרעץ. איז מען געלאָפען צום דאָקטאָר ער זאָל טרעפען, האָט ער געזאָגט: וואָס מיר זאָל טרעפען, זאָל טרעפען דעם רבי'ן! האָט דער רבי געטראָפען גלייך אין שטוב אַריין, און אַז מען טרעפט אין שטוב אַריין—קלאַפּט עס, און אַז מען קלאַפּט, ווערט פוטער. פוטער שמירט מען, און אַז מען שמירט—פאָהרט מען. בין איך פאַרפאָהרען אין אַ בלאָטע. און אַז איך וועל אַרויס פון דער בלאָטע, וועל איך ווייטער דערצעהלען.

---

(20

אַ מאָל איז געווען אַ רב מיט אַ רביצען, אַ הונד מיט אַ בער. האָט אַ קיסר אַרויסגעגעבען אַ פּריקאַז אַז מען טאָר נישט בולייגען קיין כריין צו אַ נאָפּעל פון אַ קימפּעט-קינד; האָט עס במה מדליקין זעהר פאַרדראָסען, לאָזט ער דעם אויבערשטען שטייכעל און וואַרפט דעם הונד אין פיסעל, און טרעפט איהם אין קאָפּעל און מאַכט איהם אַ געשוואָלען שווענצעל. דער הונד איז געוואָרען בייז, לאָזט ער זיך אויף און הויבט אָן צו לויפען. לויפט, לויפט, לויפט, אין אַ געדיכטען וואַלד אַריין—אין בוים פון אַנדערן איז נאָהנט אַ מייל—קומט ער צו צום ערשטען בוים זעהט ער אויפ'ן שפּיץ-בוים שטעהט אַ פלוי. די פלוי האָט געהאַט אַ בלאָזע אויפ'ן אויג, די בלאָזע אויפ'ן אויג איז געווען אַזוי גרויס ווי אַ וואָנטשענע ניס. וואָס טוט מען מיט אַ ניס? מען קנאַקט זי אויף. שיט זיך אַרויס צוואַנציג איילען לייוואַנד. מיט צוואַנציג איילען לייוואַנד איז אַ הונד אפילו שוין אַ גאַנצער סוחר, געהט ער אין שטאָדט אַריין, טרעפט ער אַ פויער טראָגען אַ האָהן מיט אַ קאַטשקע, איז ער משוה די קאַטשקע, בעצאָהלט די גאַנז, שעכט דעם אינדיק, פליקט אָפּ דאָס קאַלב און די קאַץ ווערט טריפה, קאָכט מען שוין פון זעם קאָטער אַ יויך און מען גרייט צום טיש און לייגט לעפּעל. און דער בעל-דרשן נעהמט דעם ערשטען לעפּעל יויך ברענט זיך איבער דער לעפּעל און עס שפּרינגט אַרויס אַ שוואַרצע פלוי און שטעלט זיך אויפ'ן שפּיץ שיסעל, קעהרט זיך איבער די יויך, און בריהט אָפּ דעם גלעזערנעם ת...ת. פאָהרט ער צו דאָקטוירים זיך קורירען האָבען די דאָקטוירים געזאָגט, אַז די אַלע מערצען מיידען און די איינאונאיינציגע טאָכטער וועלען חתונה האָבען און וועלען האָבען קינדער, זאָל ער זיך מיט די מילך וואַשען דעם „ווי רופט מען דאָס" וועט ער געהאָלפען ווערען.

אַ האָהן און אַ האָהן,
הויבט זיך די מעשה אָן;
אַ קאַץ מיט אַ מויז,
לאָזט זיך די מעשה אויס.

(זיקצוו, מאָליוועטר)

---

(21

אַ גביר האָט אַמאָל געלאָזען אויסרופען:

אַז ווער עס וועט איהם זאָגען אַ ליגען, וואָס מען וועט נישט קאָנען אָפּלייקענען, וועט ער איהם אָוועקגעבען אַ האַלב פערמעגען.

איז צו איהם געקומען אַ בעריהמטער ליגנער און האָט איהם גענומען אַזוי דערצעהלען:

— איך בין געווען אין פּייטערבורג, האָב איך געהערט, אַז מען האַנדעלט מיט זאָדעק-פליישׁ. וואָס איז אַזוינס זאַדיק-פליישׁ?—מען כאַפּט בינען און מען רייסט זיי אויס די ת...ת'ער, איז דאָ זאָדעק-פליישׁ. איז דאָך דאָס טאַקע אַ גוט געשעפט.—האָב איך געכאַפּט פינף בינען און האָב זיי אויסגעריסען די ת...ת'ער, און האָב איינגעזאַלצען פינף טיגען פליישׁ און מיך געלאָזען מיט דעם אין וועג אַריין—וואַלד אויס, וואַלד איין—בין איך געקומען צו אַ באַרג, האָט זיך דאָס פערדעל אַזוי לאַנג געריסען, ביז עס האָט זיך איבערגעריסען; איין העלפט אויף דער זייט באַרג, און איין העלפט אויף דער צווייטער זייט באַרג. קאָן איך דאָך נישט ווייטער פאָהרען, בין איך אַרויף אויפ'ן באַרג, זעה איך, עס וואַקסט אַ בוימעל. האָב איך

א

פיעריסען א צווייג פון בוים, צונויפגעשטאפן דאס פערדעל און ווייטער געפאהרען. דאס צהייגעל אין בויך ביים פערדעל איז פייפט בצוואָרען [און אנגעהויבען וואקסען, ביז עס איז געוואקסען גלייך אין הימעל ארײַן—אנגעשפּאַרט די וואָלקענס און נישט פון אָרט. אין מיטען דעם וועג בלייבען אליין איז דאָך נישט גוט. האָב איך נישט געהאט קיין אנדער ברירה און בין ארויף אין הימעל ארײַן. אין הימעל—א יריד; אנ'אָקס פאר א גראָשען—אז קיין געלד איז ניטאָ! האָב איך ארומגעוואַקלט א גאַנצען טאָג מיט עגמת-נפש און גאָרנישט געקויפט. פאַרגאַלט, האָב איך דעם וועג פערלוירען און נישט געוואוסט, ווי אזוי פון היבעל אראָפּצונידערן. איז דעם האָב איך דערזעהן א לאָך, און לאָך—שעצקען; האָב איך פון שעצקע אויסגע דרעהט א שטריק און מיך אראָפּגעלאָזען. בין איך געקומען ביז דער העלפט וועג האָב איך נישט געהאַט קיין אנדער עצה, האָב אָפּגעשניטען פון אויבען, אונגעבונדע פון אונטען און זיך ווייטער אראָפּגעלאָזען. בין איך ארײַנגעפאַלען אין א גרוב און נישט געקאָנט ארויס. בין איך אוועקגעלאָפען אין דאָרף ארײַן, מיר געבאָרגט א שפאַדעל און מיך ארויסגעקאָפּעט. בין איך זעהר הונגעריג געוואָרען. האָב איך דערזעהן פינף געבראָטענע געגז פליהען, האָב איך זיי געגומען נאָכיאָגען—זענען זיי ארײַן אין א שפּאַלט פון א בוים. בין איך זיי נאָך און זיי געלאָפּט און מיך גוט אונטערגעהאַקט—בין איך אָבער געוואָרען אזוי גראָב, אז איך האָב נישט געקאָנט מעהר פון בוים צוריק ארויס. בין איך געלאָפען אין דאָרף ארײַן, מיר געשאַפט א האַק און אונטערגעהאַקט דעם בוים און בין ארויסגעקראָכען גאַנץ. בין איך געוואָרען דורשטיג, בין צו צום ברונעם זיך אָנטרינקען—איז אָבער דער ברונעם טיף און וואַסער—קוים-קוים אויפ'ן דעק, און קיין שעפ איז נישטאָ! האָב איך מיר אויף געשווינד דעם קאָפּ אָפּגעשניטען און איהם ארײַנגעוואָרפען: זאָל ער זיך אָנטרינקען ביז ארויף! אָנגעטרונקען זיך, האָב איך איהם צוריק ארויסגענומען און ארויף געזעצט אויף די פּלייצע. וויל ער אָבער זיך נישט האַלטען; בין איך ארײַן צו א שוסטער, מיר געקויפט א ביסעל שוסטער-סמאָלע און איהם פעסט צוגעקלעבט. אזוי לאַנג ווי די זון האָט נישט געשײַנט, האָט ער זיך געהאַלטען, קוים אָבער האָט די זון נאָר א ביסעל ווארימער אויפגעשײַנט, איז די שוסטער-סמאָלע צוגאַנגען און דער קאָפּ איז מיר ווידער אראָפּגעפאַלען. בין איך בייז געוואָרען, האָב געלאָפּט א פּלעקען און אויבען ארײַנגעקלאַפּט (ווייזט אויפ'ן קאָפּ) איז ער אזש פון אונטען ארויס געקראָכען (ווייזט אויפ'ן (...) און אָט, האָט איהר א וואָרט-צײַכען.

---

(22

אויפ'ן שפּיק-בוים שטעהט א שלייען און קנאַקט ניסלעך, ווי אזוי נעהמט מען אראָפּ דעם שלייען?—קעהרט מען איבער די קאָרעטע און מען שטעלט זיך ארויף אויפ'ן ראָד, און מען נעהמט אראָפּ דעם שלייען און מען ברענגט איהם אהיים און מען שנײַדט איהם אויף דעם בויך. שפּרינגט ארויס א בעל-דרשן מיט א קריסטאַלענעם שטעקען און מיט א פּיזשענעם היטעל, מיט א גלעזערנעם ת...ת. דאַרף מען דאָך אָבער נאָך פלייש אויפ'ן ברית? פאָהרט מען אויפ'ן יריד און מען דינגט אַן אָקס, און מען בעצאָהלט די קוה און מען שאַכט דעם אינדיק א. אז. וו.



# די קינדער-וועלט

(גראמען, לידלעך, המצאות און שפּילען)

געזאמעלט

## פֿון שמואל לעהמאן

# די קינדער וועלט

(גראמען, לידלעך, המצאות און שפילען).

ביי די קינדער־שפילען, אין וועלכע עס נעהמען אנטייל עטליכע קינדער, קומט תמיד אויס איינעם צו האבען א באשטימטע ראָל אָדער פונקציע, צום ביישפיל, ביי דער שפיל אין „באַרג״—צו יאָגען; אין „פּעט און מאָגער״—אויפּצוזוכען דאָס באהאלטענע; אין „בלינדע קוה״—זיך צו לאָזען צו בינדען די אויגען א. אז. וו. דאָס באקימען די צוגעטיילטע ראָל אָדער פונקציע איז אָפּהענגיג פונ׳ם צעהלעניש = גורל. דאָס ווערט געמאַכט מיט דער הילף פון גראמען, שפּרוכען, המצאות צום צעהלען זיך. ביי יעד ן וואָרט פון דעם צעהלעניש ווייזט דער צעהלער אָן מיט דער האַנד אויף איינעם פון די אָנטייל־נעהמער, און אויף וועמען עס פאַלט אויס דאָס לעצטע וואָרט, דער איז באַפרייט און מען צעהלט דאָן אויפ׳ן זעלבען אופן נאָכאַמאָל און עס ווערט ווידער באַפרייט דער לעצטער, אזוי כסדר ביז עס בלייבט איבער צום צעהלען נישט מעהר ווי איינער און דער איינער האָט די געהעריגע ראָל אָדער פונקציע (ער מוז יאָגען, זוכען א. אז. וו.). עס טרעפט אויך, אז דאָס מוז טון דער וואָס פאַלט ארויס דער ערשטער ביים גורל.

---

(1

יעדער פון די, וואָס נעהמען אָנטייל אינ׳ם שפּיל, לעגט ארויף אויפ׳ן טיש א פינגער (דעם טייטעל־פינגער) און דאָן ווערען די פינגער געצעהלט דורך דער פאָלגענדער קאָמבינאַציע מיט גרופּעס צו דריי אותיות לויט׳ן סדר פון אלף־בית אויף דעם אופן:

אַיק,
בַכַר,
גִלַשׁ,
דַמַת,
הַנַך,
וַסַם,
זַעַן,
חַפַף,
טַצַץ,

(גאָרשקעוו, לובל. גוב.).

(2
אַוראָם (אברהם),
בערל,
גימפּעל,
דוד,
הערשעל,
וועלוועל,
זיינוועל,
חזקעל,
טוביה,
יודעל,
כלמן (קלמן),
לייבעל,
משה,
נתן,
סאַנדעל,
עהרן (אהרן),
פּסח,
צדוק,
קאָפּעל,
ראובן,
שמעון,
תנא,

דאס צעהלעניש מיט די נעמען לויט׳ן אלף־בית איז פאַרשפּרייט אין גאַנץ פּוילען.

(3
אלף,
בית,
גימעל,
דלת,
הא,
וואָד,
זין,
חית,
טית,
יוד,
אלע יודעלעך געהן צוריק,
אלע קאַטשקעס געהן דאָ,
אלע הינער שטעהען דאָ.

(בלוינע, וואַרש. גוב.).

(4
אלף,
בית,
גימעל,
ריש, —
קאָך מיר אָן
א טעפּעל פליש.

נישט קיין סך,
נישט קיין ביסעל,
נאָר א פולע
שיסעל.

(פאַרשפּרייט אין פּוילען).

(5
אלע,
בייבער (חייבער)
געהען
דאָרטען
הין,
וואו
זיי
חאפּען
טויטע
יודעלעך.

(וואַרשע).

---

(5א
**וואַריאַנט.**

אלטע
בייזען
געהען
דאַווגען,
הערען
חיינען,
זינגען,
חאַפּען
טויטע
יודען.
כריין,
לויפען,
ציפען
קאַרשען.

(פּנחס מאיר וויסבראָד, פּאַוולאָוו, ראָד. גוב.).

(6
והוא רחום יכפר עון, —
מ׳האט געכאַפּט צוויי גנבים:
איינעם האָט מען אויפגעהאָנגען,
דעם צווייטען—בעגראָבען.

(איטשע דוד קיראַנט, דזשעוויצע, ראָד. גוב.).

(7
הושעה
את עמיך
וברך
את נחלתך

ורעם ונשאם
עד העולם —
דו ביזט
א גרויסער גולם.
(ישראל ווייסבראָד, וואַרשע).

(8
מלך חיים, מלך חיים;
מיין גוטע שוועסטער,
דבורה'לע לאָז לעבען,
חיים טובים שלום,
משה רבנו פיקס.
(מרדכי קומערשמיד, וואַרשע).

(9
בינקע,
פינקע,
דארע צינקע.

ארצע,
בארצע,
שלימע שלאָס,
מאך א באָס.

פאָהר אין ים.
איפו,
שטיפו,
יונגערמאַן,
אלטע באָבע פאָשלאָ פראַטש.
(יאנקעל טשאַפניק,
ביאַלע, שעדל. גוב.)

(10
בינקע,
פינקע.

בעריל,
שטעריל.

יאַבנע,
שאבנע.

שאָשע,
דזשאָשע.
(חלעדאָווע).

(11
הערצע,
פערצע.

פאָמאַגוליע,
היצעקוליע.

א טי פאניע,
זאלאָזש קאָניע נא רזאַניע.

אנק,
צוואַנק,
דזבאַנק.

בארטו ספאַטש,
א זאיאָנק פאָכאָוואַטש.
(יצחק זיסמאַן, בארנאָוו,
לובל. גוב.)

(12
אייליו, ליו-ליו,
משה קוליו.

אהרן בעדער,
משה גלעזער.

עק·
מעק,
שטרוי אין זעק,
קאַטשקען פימער,
היהנערן דרעק.
(בנציון זיסמאַן, באַרנאָוו,
לובל. גוב.)

(13
דריי סאָלדאַטען,
פיער גובערנאַטען,

זענען געזעסען א האלבע נאכט–
זיי האָבען ס'לידעל אויסגעטראַכט.

דינע מארע,
טשאָפטשע פארע;

קאָטשע ראבע,
מאָנקיטאַווע.

גלין גליאָן,
רויע זאָמב.
(עטע פישעלעוויטש, וואַרשע.)

(14
דער האָן שטעהט
אויפ'ן דאך,
א שעה קומט,
גישט ביינאַכט.

דער זייגער קלינגט:
איינס, צוויי,
דריי, פיער,
פינעף, זעקס,
זיבען, אכט,
ניין, צעהען.
(משה כוכיט, וואַרשע).

(15
– באלאָן, באלאָן,
וואו ביזטו?
– יאך בין
קיין לובלין.

איינסע, צווייע,
דרייע, פיערע,
פינעווע, זעקסע,
זיבענע, אכטע,
ניינע, צעהנע,
עלעווע, צוועלעווע.
(יוסף קליינמאַן, וואַרשע).

(16
איינס, צוויי,
פאָלעטשאי.

דריי, פיער,
אָפעציער.

פינעף, זעקס,
האלט געבעקס.

זיבען, אכט,
א גוטע נאכט.

ניין,
די שיין.

צעהן – דער זייגער,
עלעף – דער פגר,
צוועלעף – דער טרעגער.

דרייצעהן – די ביטשען,
פערצעהן – די רבי'צין,
פופצעהן גראָשען —
א האלבע גיל*) (גילדען).
(הירש אנגליסטער, וואַרשע).

*) א וואַריאַנט דערפון איז גע=דרוקט אין פנקס ווילנע תרע"ב, אונ=טער'ן נומר 27.

(16א
## וואַריאַנט.

איינס, צוויי,
פאָליצייי.

דריי, פיער,
אָפיציער.

פינעף, זעקס,
אלטע העקס.

זיבען, אכט,
א גוטע נאכט.

ניין, צעהן,
שלאָפען געהן.

עלעף, צוועלעף,
גאָט העלעף.

דרייצעהן, פערצעהן,
בלויע שטערצען.

פופצעהן, זעכצעהן,
פייגעל קרעכצען.

ניינצעהן, צוואָנציג,
פאָהר קיין דאנציג.
(וויזשעגראָד, וואַרש. גוב.)

(17
דער קאָוואל, דער קאָוואל
האָט דעם קעסעל געשלאָגען,
ער ווייסט נישט וויפיל נעגעל
ער האָט אריינגעשלאָגען,

אָדער איינס,
אָדער צוויי,
אָדער דריי,
אָדער פיער,
אָדער פינף,
אָדער זעקס,
אָדער זיבען,
אָדער אכט,
אָדער ניין,
אָדער צעהן*).
(פ. עפשטיין, קוטנע, וואַרש. גוב.)

*) א וואַריאַנט דערפון געפינט זיך אויך ביי גינזבורג און מארעק.

(17א
## וואַריאַנט.

א גוי איז געפאָהרען אין וואלד
און האָט צובראָכען אַנ'אַקס.
וויפיל משוועקער דאַרף
מען צו האָבען.
אויף צו פאררינכטען די אקס?

ווען דער, ביי וועלכען מען בלייבט שטעהן מיט דער פראגע, ענטפערט מיט א צאָהל, צ. ב. צעהן, צעהלט מען פון נאך איהם ביז דער אָנגעגעבענער צאָהל (איז יעצטיגען פאַל— צעהן):

איינס, צוויי,
דריי, פיער,
פינף, זעקס,
זיבען, אכט,
ניין, צעהן.
(שמואל שנייעראוו, טשערקאסע, קיעוו. גוב.).

17ב)
וואריאנט.
א סטאלאוש איז געגאנגען
(געגאנגען),
א קעסטעל באשלאגען,
האט ער נישט געוויסט (גע-
וואוסט)
וויפיל טשועקעס אריינצו-
שלאגען.

האט ער געצעהלט:
נישט איינס,
נישט צוויי,
נישט דריי,
נישט פיער,
נישט פינעף,
נישט זעקס,
נישט זיבען,
נישט אכט,
נישט ניין,
נישט צעהן.
(ווארשע).

דאס ווארט „נישט" ביי יעדער צאהל ווערט צוגעגעבען, ווייל מען טאר נישט צעהלען, ווארום דורכ'ן צעהלען גיט מען אנ'עין־הרע און פון די געצעהלטע קאן, חלילה, ווער אוועקשטארבען.

17ג)
וואריאנט.
א סטאלאוש איז געגאנגען
א דאך באשלאגען,
האט ער נישט געוויסט (גע-
וואוסט)
וויפיל שינדלען ער דארף
צו האבען.

האט ער געצעהלט... א. או. ו.
(ביעלע, שעדל. גוב.)

18)
אפו יאנע,
קוסע קאנע.

שלמה דאטע,
קערע מאטע.

אים,
בים,
שליטען ארום.

קנים,
קנאס,
קנוס.

קומט דער קאחאל
אין שטאדט אריין,
צעהלט ער די נעגעלעך
אין קעסטעלע אריין:

איינסע, צווייע,
דרייע, פיערע,
פינעווע, זעקסע,
זיבענע, אכטע,
ניינע, צעהנע.
(סאכאטשעוו, ווארש. גוב.)

18א)
וואריאנט.
אפע יאנע,
קוסע קאנע,

שלמה דאטע,
קעריע מאטע,

אים,
בים,
שליטען ארום.

קנים,
קנאס
טראל.

קומט דער קאטער
און צעהלט די נעגעלעך.

19)
איינס, איינס, או,
עלעף, עלעף, או,
עלעף, עלעף, עלעף,
עלעף, עלעף, או.
ווער ס'קאן צוואנציג*) צעהלען,

*) אין דעם לידעל געפינגט זיך צוואנציג ווערטער.

דער**) שטעהט דא***).
(ווארשע).

דאס זעלבע צעהלעניש קומט אויך פאר אלס באזונדער שפיל, וואס באשטעהט אין צעהלען זיך די פינגער פון די הענד, אנגעהויבען פון מינדסטען פינגער פון דער לינקער האנד, דער־נאך פון זעלבען פינגער פון דער רעכטער; דערנאך נאך אמאל דאס אייגענע, וואס אין סך־הכל דערגעהט עס ביז צוואנציג.

**) אדער: צוואנציג שטעהט דא.
***) א וואריאנט דערפון — ביי י. ל. כהן.

20)
איינס, אדער צוויי,
אדער דריי, אדער פיער,
אדער פינף, אדער זעקס,
אדער זיבען, אדער אכט,
אדער ניין, אדער צעהן,
אדער עלעף, אדער צוועלעף,
אדער דרייצעהן,
קומט האלבע הייצען.
קוטט אריין דער האלבער קעניג
און לייעגט שוין פאר (?).
(באלאמאוו).

21)
איינס, צוויי, דריי,
ג'ידער, לידער, ליי.

אקען,
באקען,
ביינער גלאקען;

שערל,
בערל,
פאי.
(שמואל שנייעראוו, טשערקאסע, קיעווער גוב.)

א וואריאנט דערפון—אין דער זאמ־לונג פון י. ל. כהן.

21א)
וואריאנט.
איינס, צוויי, דריי,
ליזא, ליזא, ליי.

אקן,
באקן,
ביינער שמאקן.

אינק,
בינק,
ביינער שטינק.
(אברהם וויינריב, שעברעשין לובלינער גוב.)

ווען מען דערפיהלט פלוצים נישט, קיין גוטען ריח און מ'ווייסט נישט ווער דאס האט געטין, צעהלט מען זיך אויס מיט דעם לידעל און אויף וועמען עס קומט אויס דאס לעצטע ווארט, איז דאס א סימן, אז דער האט דאס געטון.

21ב)
וואריאנט.
איינס, צוויי, דריי,
לידע, לידע, ליי,

אקען,
באקען;

שירע,
גמירע.
ביזט ארוים.
(דאבעלע טאקאזש, ווארשע).

21ג)
וואריאנט
איינס, צוויי, דריי,
לידא, לידא, ליי.

אקען,
באקען,
ביינער שטאקען.

אנק,
באנק,
שטאנק.
(יהושע זאבערמאן, איזשביצע, לובלינער גוב.)

21ד)
וואריאנט.
איינס, צוויי, דריי,
ליוגע, ליוגע, ליי.

אקען,
באקען,
ברייטע לאקען.

אויף די ברוק שטעהט א האן,
שרייט ער: פוק, פוק, העמערל,
צעמערל,
קום צו מיר אין קעמערל.

'על איך דיר עפּעס הייזען,
א שיסעלע מיט אייזען.

צוויי קונים יאָגען זיך,
חתן־כלה שלאָגען זיך.
(רחל לאה גאָרפינקעל, וואַרשע).

(22
איינס, צוויי, דריי,
רישא, רישא, ריי.

רישא, רישא,
אייזענטאשא*);
איינס, צוויי, דריי.
(וואַרשע).

*) אָדער: רישע, רישע,
ברייטע קאַשע.

(22א
## וואַריאַנט.
איינס, צוויי, דריי,
רישע, רישע, ריי.

רישע, רישע,
קאָבעל דישע,
פייהעל שלעפּט זיך נאָך.
(וואָלף סאַרנאַק, וואַרשע).

(23
ויקרא—האָט געקרעהט,
משה—דער האָן,
אהרן—דער פּיקעליק,
לוי האָט געפיהרט א וואַגען
מיט ציבעלעס.

אינס—א ניסעל,
צוויי—א צווילינג,
דריי—באַזעמען,
פיער—רעדער,
פינעף—פינגער,
זעקס—קינדער;
זיבען—
געקליבען;
אַכט—
געטראַכט;
ניין—
די שיין;
צעהען—
געזעהען;
עלעף—
דער זייגער;
צוועלעף—
דער פּגר;
דרייצעהן—
די ביימער;
פערצעהן—
די רבי'צין;
פופצעהן גראָשען—א האַלבע
ג״לן (גילדען).
(גאָלדע אָשליאַק, וואַרשע).
וואַריאַנטען דערפון געפונען זיך
ביי גינזבורג און מאַרעק, י. ל. כהן
און אין פנקס.

(23א
## וואַריאַנט.
איינס—א ניסעל,
צוויי—א צווילינג,
דריי—מזומן,
פיער—רעדער,
פינעף—פינגער,
זעקס—זינגער,
זיבען—פיסטוילען,
אַכט—א זייגער,
ניין—דיים פּגר.

פּגר אבות,
מלאך־המות,
צעהן גילדען אויף איצאָוועס
(הוצאות).
(נפתלי בראַמניק, אַלט־
קאָנסטאַנטין, וואָהלין).

(24
בראשית איז איינס,
שמות איז צוויי,
ויקרא איז דריי,
במדבר איז פיער,
דברים איז פינעף.
(וואַרשע).

(25
ארינ'צא,
דוואַ'צא.

סאָדע,
מליאָדע.

איקען,
פּיקען,
בריסק.
(וואַרשע).

(25א
## וואַריאַנט
אינצאַ,
דוואַ,

סאָדע,
מליאָדע.

איקע,
פּיקע,
בריסק.
(ניישטעטל, וואַרש. גוב.)

(26
איינס, צוויי, דריי,
די קאָליע פאָהרט פאַרביי;
איידער ס'מיידעל טוט זיך אָן,
איז שוין האַלב דריי.
(בלוינע, וואַרש. גוב.)

(26א
## וואַריאַנט.
איינס, צוויי, דריי,
די קאָליע פאָהרט פאַרביי,
די קאָליע גיט א קלינג*);
די באָבע גיט א שטינק.
(פ. עפּשטיין, קוטנע
וואַרש. גוב.)

*) אָדער: דער קיסר גיט א קלינג,
די קאָליע גיט א שטינק.
(וואַרשע).

(26ב
## וואַריאַנט.
איינס, צוויי, דריי,
די קאָליע גייט פאַרביי;

די שעפסען לויפען נאָך,
אלע מיט איין שפּראָך.
(פּנחס מאיר ווייסבראָד,
פּאַוולאָוו, ראָד. גוב.)

(27
ראַז, דוואַ, טשי, טשעטירע, —
לאָמאַטיקאַ ניע טשעטירע.

ניע פּיסאַט,
ניע טשיטאַט,
סקאָלקאָ בודיעט—דוואַצאַט
פּיאַט?
(חיים גערשטען, בעכעיו,
לובל. גוב.)

(27א
## וואַריאַנט.
ראַז, דוואַ, טשי, טשעטירע,—
לאָמאַטיקאַ ניע פּיסאַלי.

ניע פּוסאַטש,
ניע טשוטאַטש,
קאָל קאַתידראַ
בודי ספּאַטש.
(גאָרשקעוו, לובל. גוב.)

(28
ראַז, דוואַ, טשי, טשטערי,
פּיענטש, שעשטש,
אָיטשעק דאַיע יעשטש.

מאַטקע דאַיע פּיטש,
א טי תינאָ סאַביע ידזש.
(לובלין).

(29
ראַז, דוואַ, טרי,
טשעטירע, פּיאַט.
תישאַל זאַיטשיק
פּאָגוליאַט.

תדרוג אָבאָטניק
וויביעגאַיעט,
פּריאַמאָ ח' זאַיטשיקאַ
תיסטריעלאַיעט.

פּיף, פּאַף,
אוי, אוי, אוי,
אומיראַיעט
זאַיטשיק מאַי.
(נפתלי בראַמניק, אַלט־
קאָנסטאַנטין, וואָהלין).
אויך פאַרשפּרייט אין פוילען.

(30
יעבאַל מוזשיק פּאָ דאָראָגי.
ניע פּיסאַי,
ניע טשיטאַי,
סקאָלקאָ?
דעם יונגעל, וואָס ביי איהם פאַלט אויס די פראַגע „סקאָלקאָ“ (וויפיל), האַלט מען צו די אויגען און ער דאַרף דאַן ענטפערן (אויף רוסיש) מיט א וועלכע עס איז צאָהל. זאָגט ער צ. ב. פּיאַט, (פינף), צעהלט מען פון איהם אָן ביז פינף און אויף וועמען עס קומט אויס די לעצטע צאָהל, דער געהט אַרויס. אויפ'ן זעלבען אופן ווערט דערנאָך געמאַכט דאָס צעהלעניש צווישען די איבריגע יונגלעך.
(נתן שליאַמאָוויטש, טושין).

(31
אונא,
דונא,
ליפאלין;
קעלבאטשאלא,
טשאלא טשי.

טשי פאטש,
אופאטאטש.

אָנדרא,
פאָנדרא,
בלינק.
(יעקב עדעלמאַן, לאָטים,
בעסאַראַב. גוב.)

(32
אנדע,
באנדע,
פערד און וואָגען;
איטשעלע אי׳ געגאנגען צום
רב קלאָגען.

פון רב
ביז צו די יאטקע,
פון די יאטקע
ביז צו די מאטקע.

ברי, ברי, ביר,
ברען, ברען, בראָנפען,
באק, באק ברויט,
אַז מ׳שטארבט, איז מען טויט.

ליפּטלעך, ליבטלעך אין
דער זייט —
גאָלד און זילבער לאָזט מען
שטעהן,
אַז מ׳רופט,
מוז מען געהן.
(בארנאָוו, לוב. גוב.)

(33
ען,
דען,
דאָרע,
מיקאָמאָרע.

נאשא צורקא,
ידוש דאָ קאָמורקא.

וואסער, וואסער סי! —
רייט אויף די רויטע קוה.
ען.
דען,
דאָרע,
סאחי־יאָ.
(יהודית וויסבראָד, ווארשע).

---

(33א
## וואַריאַנט.

ען,
דען,
דאָרא,
וויקאַמאָרא.

יאשעק צורקא,
ידוש דאָ קאָמורקא.

עשע,
מעשע,
מי,
רייט אויף די רויטע קוה.
(י. לצווין, באָלאָמאָוו).

---

(33ב
## וואריאַנט.

ען,
דען,
דאָרא,
ווןקאָמאָרא.

יאצעק צורקא,
ידוש דאָ קאָמורקא.

ען,
דען,
דו,
רייט אויף די רויטע קוה.
(סאָלאָטשעוו, ווארש. גוב.)

(34
ראנגאָ וויסא,
ראנגאָ ווןסא,
ען,
דען,
דו,
סאקראמינדא סו.

סאקראמינדא, סיקא סו,
ען,
דען,
דו,
(בארנאָוו).

---

(34א
## וואַריאַנט.

ראם יא וויסא,
ראם יא וויסא,
איסא איסא גאָ,
סאקראמינטא סאָ.

סאקראמינטא סיקאָ סאָ,
ען,
בען,
דאָ.
(מינדעל וויסבראָד, פאוולאָוו,
ראָד. גוב.)

---

(34ב
## וואַריאַנט.

ען,
דען,
דאָ.
קאפעלע־מאנטא מאו.

קאפעלע־מאנטא סיקא סאו.
ען,
דען,
דאו.
(נחן שליאמאָוויטש, לאָדז).

(35
ענא,
בענא,
קאטשקא שטענא.

ראָזא ליפקא,
קאטשקא שטיפקא,

אמוראלי,
וויסטאחאלי,
לאָקא צעהן באָק.
פארשפרייט אין פוילען.

(36
ענא, דוא, ראבא;
ענטשיק,
בענטשיק,
שאבא.

ענא, דוא, רעס;
ענטשיק,
בענטשיק,
בעז.
(וואַרשע).

---

(36א
## וואַריאַנט.

ענע,
בענע,
רעט,
קונטער, קונטער,
זשעש.

ענע,
בענע,
ראבע,
קונטער, קונטער,
זשאבע.
(שמואל שנייעראָוו, טשערקאַסע,
קיעוו. גוב.)

(37
ענטעלע,
בענטעלע,
שיעלע (יהושע׳לע),
שאיעלע (יהושעיה׳לע).

אפעטע,
באפעטע,
קנאָפ.
(יהודית ווייסבראָד, ווארשע)

---

(37א
## וואַריאַנט.

ענטעלע,
בענטעלע,
שיקאלישע.

אפעלע,
באפעלע,
קנאָפ.
(אברהם וויינריב, שעברעשין,
לעלמ. גוב.)

---

(37ג
## וואַריאַנט.

ענטעלע,
פענטעלע,
שיקעלע שא

באפע,
די־פאפע,
דעקיאָט.
(סאָלאָטשעוו,
ווארש. גוב.)

---

ג37)
### װאַריאַנט
ענטעלע,
בענטעלע,
שיקעלע, שײנע.

כאפעדו,
באפעדו,
קנאָם.
(מ. פלײשמאַן, סאָכאַזשעװ).

38)
ענדעלע,
בענדעלע,
איקראבאָ —
אָמאָן שטאנצע
אישטארילי.

איקי,
פיקי,
באָמבאַליקי!

אליעץ,
פאליעץ,
פענס.
(הערץ בערנשטײן, שישלעװיטש,
גראָדנער גוב.)

39)
ענטערן
טוטערן,
מימערן,
מאַ;
געלע שאָבע, ראממאמא.

קומט ער יאָ,
קומט ער נישט,
ליגט דער קאַנטשיק
אויפ'ן טיש

מאכט דער קאַנטשיק: מיניעטו,
מײן ליבע, גוטע שעה.

ענץ,
בענץ,
באָך.
(טויבע לאַקס, שעברעשין,
לובלינער. גוב.)

---

א39)
ענטערע,
טענטערע;
טוטערעהאַטש;
גולם,
געלעם,
שלום,
לארנעהאַטש.

קומט ער יאָ,
קומט ער נישט,
ליגט דער קאַנטשיק
אויפ'ן טיש.

זאָגט דער קאַנטשיק:
מאנע, מינע מאָ.
מײנע. ליבע.
גוטע פראָ (פרוי).
(קינצק, ראָד. גוב.)

---

ב39)
### װאַריאַנט.
ענטרא,
טענטרא,
טוטעראָװאטש;
געלע שאָלען לארנעראָװאטש.

קומט ער יאָ,
קומט ער נישט,
ליגט דער קאַנטשיק
אויפ'ן טיש.

זאָגט די קאַץ:
מי נימא מאנא,
ליבע פרומע פרוי.
(דוד קוראַנט, דזשעחיצע,
ראָדעמער גוב.)

40)
ענצליצעק,
פענצליצעק,
טשערהאָני סמאָליצעק.

נא קאָגאָ װיפאדא,
נא טעגאָ בענץ. (װאריאנט:
זבענק).
(שידלאָװצע, ראָד. גוב).

41)
ענקל,
פענקל,
אָקא טע,
איחצא רימא טע.

אוני נאָט,
קוש אין בראָטן;
חארי, חארי,
בובי סטאָט.
(איטשע קוראַנט, דזשעחיצע,
ראָד. גוב.)

42)
ענקע,
בענקע,
תורה צענקע. *)

שלום שלאָם
בערל באם.

ביק, ביק,
פארלאָז נ'שטריק.

יאן, יאן,
פאָהר אין ים;
איפער,
שטיפער,
יונגערמאן.
(יעקב גרינבערג, לוקאָװ,
שעדל. גוב.)

43)
ענדזע,
דענדזע,
דירע דאכע
פאני געגאבע.

צום,
פום,
פערנעפאָס.

אוים,
מויז,
געה אַרוים.
(יעקב יצחק דובעלמאַן, ריװעץ,
לעלמער קרײז.)

44)
ענקע,
דבענקע,
ציקע דמע,
אבו,
דאבו,
דוטע דמע. *)

עלטשים,
טטעלטשים.

*) צהגליך אין „פנקס", װילנא, תרצ"ב

אוים,
מויז,
געה אַרוים.
(נחום געלער, גאָרשקאָװ,
לובל. גוב.)

45)
ענדע,
פענדע,
צינדע מען;
אבל,
פאבל,
די מענע.

איקע,
פיקע,
גראַמאַטיקע. *)

אָנטשיק,
סאָנטשיק,
זאיאַץ פיעס.
(שמואל שנײַעראָװ, טשערקאַסע,
קיעװער גוב.)

46)
ען.
מען,
טינער,
סאָחאָלאָ קאָבינער.

סאָחאָלאָקאָ,
טיקאָ טאָקאָ.
עליק,
בעליק,
באָם.
(יהודית װײסבראָד, װאַרשע).
א װאַריאַנט געפינט זיך אין „פנקס".

---

א46)
### װאַריאַנט.
ענדע דינו,
סאַװאַרע קאבינו.

איו,
באיו,
באָם.
(קינצק, ראָד. גוב.)

47)
ענצא,
װענצא,
חיקאנאפא.

*) עהנליך „פנקס" נום. 32.

אָם, סאָם, פּוראַ.

דושים, דושים,
פּאַרא דושים.

דושים, דושים, מאָשאַ.
אַפּאַלאָשאַ.

אַנץ,
גלאַנץ,
דאַיאַנץ,
גע׳מיר אַ שטיקעל פּאָטעראַנץ.
(וואַרשע).

(48
אינגע,
דרינגע,
תורה מינגע —
זעקס און דרייסיג נומר צהיי.

אודל,
שטראָדל,
קומט צו פליהען
משה־רבינו׳ס קיאַבט.
(אהרן פרידמאַן, סאָכאַטשעוו)

(49
איינעריקע,
ביינעריקע,
האָלצערנע בריקען;
מידעלעך און הייבעלעך
געהען קוקען.

ס׳האַסער איז קאַלט.
שרייען זיי: געהאלדן;
קוטשערע,
קאַטשערע,
אַרויס.
(נפתלי בראַמניק, אַלט־קאָנ־סטאַנטין, וואָהלין).

(50
מאַ, מאַ,
מי, מי,
סאָלדעהיסקע, סאָלדעהיסקע,
לייכו (לכה) בים באָם.
איינער איז געגאַנגען כאַפּען פיש.

עריל,
בעריל,
פּ...ץ לאָך
גאַ דיר נ׳ת...ת און לעק
מיר ס׳ל...ך.
(חיים האָלאַנד, וואַרשע).

(51
אייערן,
מייערן,
ראַתיקן;
ענטשיק,
בענטשיק,
דאַתיק.

אייערן,
מייערן,
ראַס;
ענטשיק,
בענטשיק,
דאַס.
(יעקב יצחק דובעלמאַן, ריווען, לעלמער גוב.)

(52
סיווע, סיוועַ,
סייהע;
גאַנץ רודל
רייהע.

אָקעס,
באָקעס,
ביינער שטאָקעס.

ציריל,
פּיריל,
פּוטש.
(ווענגראָוו, שעדל. גוב.)

---

(52א
וואַריאַנט.
סיבע, סיבע,
סידראָ (סדר?);
גאַנץ גרוי
אידראָ (איידער).

יטש פּרעטש,
האָנט אהעק.
(וואַרשע).

(53
עזיל,
בעזיל,
סטך קעזעל.

חיים איך וואָס.

געה איך פאַרביי
פאַר מיין רבי׳לעס הויז,
געפין איך אַ שיינע, ריינע
פּאָר ניסעלעך אויס.
(דבורה פעדער, שעברעשין, לעלמער ג״ב.)

---

(53א
וואַריאַנס.
עזיל,
מעזיל,
סטך קעזיל.

אָקים,
קאָקים,
נימאַם ניק.
(בעריל אַקערמאַן, וואַרשע).

---

(53ב
וואַריאַנט.
עזיל,
מעזיל,
סטך קעזיל.

האָבער, זאַלץ,
ברויט מיט שמאַלץ.
(מרדכי וואַסערשטאַנד, וואַרשע).

(54
עמבאַט לושין,
צעמבאַט קאָהאַל.

זאַטען,
פלעטען,
פּאָד האַלעטען.

טוס,
האַס,
קנאַס.
(נתן מרדכי גאָלדבערג, ווענגראָוו, שעדלעצער ג״ב.)

(55
אויף דעם ביימעלע
שטעהט אַ פייגעלע,
קוקט עס, קוקט עס
מיט אַן אייגעלע.

קוקעניריג אהער, קוקעניריג
אהער,
זאָגט שוין יאָ, זאָגט שוין יאָ,
יאָ, יאָ, יאָ.
(ווישעגראָד, פּלאָצקער גוב.)

(56
ראַז פּאָלקאָהניק,
ראַז סקאָזאַל,
סטאָבי סאָלדאַט
ראַנאָ הסטאַל.

סאָלדאַט ראַנאָ
ניע הסטאַיאָט,
טריצאַט פּאַלקי
דאָסטאַיאָט.
פאַרשפּרייט אין פּוילען.

(57
אַבקע,
דבאַבקע,
פּאַנישקאַ;
טרי קאָפּעיקי דענישקאַ.

ניעט, ניעט,
ניע באַטשו,
יאַ וו׳ סאָלדאַט
ניע פּאַידו.
(וואַרשאָ).

(58
אויצים,
ציצים,
קאָבט אַ באָרשטן;
קומט דער אַלטער און גיט
אַ פּ...ץ.

קומט דער יונגער
און לעקט די פינגער.

קומט דער איינער
און לעקט די ביינער.
(נפתלי בראַמניק, אַלט־קאָנ־סטאַנטין, וואָהלין).

(59
וואַסער סטעמפּאַלי,
העמדער צו האָבען,
צוקער צו נאַשען,
קאַהע צום בעקער.

העידושע,
דמעידושע,
האָס מאַכסטו זיך גרויס?
דיין פאָטער געהט נאַקעט
דיין מוטער געהט לויז.
(יוסף קליינער, וואַרשע).

(60
יא סקאזאל מיפקארו,
העי צימבא
רימבא
רו.

יא שפיוואם העי, הו,
נא חשי (נבשי?)
ל—שיעתך
קויתי.

יא סקאזאל:
יא אדוישעם (אדושם),
אוים, אוים, אי.

(װאַרשע)

---

(60א

### װאַריאַנט.

יא סקאזאל מיפקארו,
חי ראמפו
צימבארו.

העי, הו,
גאַדוסין,
יש חטווחא
קיװאוסין.

אדושם,
אויסיל,
סויסיל,
סים.

(משה סיפיט, װאַרשע).

(61
אראמאַ, אראמאַ, אראמא,
װישעקאָיסקי חיניעװאמאַ;
נאַ פּאָרוסקי חיניעװאמא.

אָרע,
דאָרע.

עליק,
בעליק,
באָם.

(טויבע לאַקס, שעברעשין,
לובלינער קרײַז).

---

# צװײטע אָפּטײלונג.

## שפּילען.

(62

### שװעבעל.

צװײ קינדער (דאָס רוב מײדלעך) אײנס קעגען ס'אַנדערע נעהמען זיך אָן בײַ די הענד אין דער קװער (רעכטע האַנד צו רעכטע האַנד, לינקע צו לינקע) און מען שטעלט זיך אויף די שפּיץ פינגער פון די פיס אין אײנס כ'אַנדערע ציהט צו זיך, שטעהענדיג אַלײן מיט'ן אויבערשטען טײל קערפּער אויסגעצויגען אויף אַהינטער, און מ'דרעהט זיך װאָס אַמאָל שנעלער (מען שװעבט) און מ'זינגט צו:

קאַן־װאַסער.




קאַן־װאַסער, װײך־װאַסער,
דאָס רעדעל דרעהט זיך;
די מאַמע קאָכט לאָקשען,
דער טאַטע פרעהט זיך.

העי־זשע, העי־זשע לייהענר,
כ'האָב אַ זיסען טאַטע;
כ'האָב אַ זיסע שװעגערין,
כ'האָב אַ טאָפּ מיט פעדערן.

(װאַרשע)

די ערשטע סטראָפע איז פארשפרייט כמעט אין גאַנץ פּױלען.

---

(62א

### װאַריאַנט.

קאַן־װאַסער, װײך־װאַסער,
דאָס רעדעל דרעהט זיך;
די מאַמע קאָכט לאָקשען,
דער טאַטע פרעהט זיך.

הער װאַס־זשע לייבען,
כ'האָב אַ זיסען טאַטען;
כ'האָב אַ טאָפּ מיט פעדערן,
כ'האָב אַ מאַן אַ שװעגערין.

כ'האָב אַ מאַן
אַנ'אַלטען,
װיל ער זיך
באַהאַלטען.

נישט בײַטאָג,
נאָר בײַנאַכט,
טירען טוירען—
צוגעמאַכט.

(װאַרשע).

---

(62ב

### װאַריאַנט.

קאַן־װאַסער, װײך־װאַסער,
דאָס רעדעל דרעהט זיך;
די מאַמע קאָכט לאָקשען,
דער טאַטע פרעהט זיך.

העי, העי,
טאַלאַטן—
כ'האָב אַ זיסען
טאַטען.

האָט ער געגעסען קאַלטע פיש,
האָט ער זיך פאַרדאָרבען,
איז ער געפאָהרען אויף די פרישע לופט,
איז ער געשטאָרבען.

(משה סופיט, װאַרשע).

---

(62ג

### װאַריאַנט.

דאָס רעדעל, יענץ רעדעל
דרעהט זיך;

די מאמע קאָכט לאָקשען,
דער טאַטע פרעהט זיך.

די מאמע
קאָכט א יאָך
דעם טאַטען
טוט וועה דער בויך.

(שעברעשין, כעלמער קרייז)

---

62ד)

## וואַריאַנט.

העי וואסער, ציה וואסער,
דאָס רעדעל דרעהט זיך;
די באָבע קאָכט לאָקשען,
דער זיידע פרעהט זיך.

(קינצק, ראַד. גוב.)

---

62ה)

## וואַריאַנט.

האָפּ קאַטקע, מארינע,
דאָס רעדעל דרעהט זיך;
די מאמע קאָכט לאָקשען,
דער טאַטע פרעהט זיך.

(פארצעוו, שעדל. גוב.)

---

62ו)

## וואַריאַנט.

האָפּצאַסאַ מאַריאַנאַ
דאָס רעדעל... א. אז. וו.

(דזשעוויצע, ראַד. גוב.)

---

62ז)

## וואַריאַנט.

קאָזאַטשאָק, קום טאַנצען,
דאָס רעדעל... א. אז. וו.

(וואַרשע)

---

63)

## אין חתן־כלה.

ווען מען שפּילט זיך אין א חתונה, אין חתן־כלה, זינגט מען:

יאָך בין דער חתן,
דו ביזט די כלה,—
טאַנצען העלפען
מיידעלעך אלע.

יאָך בין דער מלך,
דו ביזט די מלכה,—
וועלען מיר זיך שפּילען
אין „באָבע־ליאַלקע“.

יאָך וועל זיין באָבע
און דו וועסט זיין ליאַלקע—
יאָך וועל זיין קיסר
און דו וועסט זיין מלכה.

זינגטס, זינגטס,
יונגעלעך אלע,
יאַנקעלע איז דער חתן,
פייגעלע איז די כלה.

(סאָכאַטשעוו, וואַרש. גוב.)

---

64)

## גראַם־שטראַם.

מ'שטעלט זיך ארום א ראָד, האלטענדיג זיך ביי די הענד, און איינער (דער אויסגעצעהלטער) געהט ארום און ארום דעם ראָד פון דרויסען און האלט א טיכעל אין דער האנד און אלע זינגען דערביי:

גראַם־
שטראַם,
האַלט מיך צו,
כ'וועל דיר עפּעס זאָגען:
כ'האָב פארלוירען א יונגען זוהן,
מאַך מיר אויף נ'גארטעל.

אין דער צייט פון ארומגעהן לאָזט ער ביי איינעם אראָפּ דאָס טיכעל און ווען מען ענדיגט דאָס לידעל בלייבט ער שטעהן. אויב דער, ביי וועמען דאָס טיכעל ליגט, בעמערקט עס נישט און דרעהט זיך נישט אויס, אום עס אויפצוהויבען, מוז ער ארויסגעהן פון ראָד און ארומגעהן דאָס ראָד מיט'ן טיכעל א ן יענער, וואָס איז פאר איהם ארומגעגאַנגען, געהט אריין אויף זיין אָרט, און מ'זינגט אזוי ווי פריהער

(וואַרשע).

---

64א)

## וואַריאַנט.

מאַריאַן, מאַריאַן, הערט נאָר צו,
כ'על אייך עפּעס זאָגען:
כ'האָב פארלוירען אנ'איינציגע טאָכטער,
מאַכט מיר אויף דעם גאָרטען,

דער גאָרטען האָט זיך
ארומגעדרעהט,
און מלכה האָט
דעם קראַנץ באשטעהט (באטאַטאָט).

ס'דרעהט זיך אויף די קעטע,
וואס די קעטע איז בלאַס(?),
קומט דער שענער פויגעל
און מאַכט א שען געזאַנג.

ער האָט געזונגען,
ער האָט געזונגען
דריי יאָהר ארום,—
דרעהט זיך די קעטע ארום.

(וואַרשע).

## וואַריאַנט.

עטע,
די קרעטע.
ווען די קרעטע פלאַנט,
קומט אַ שענער פויגעל
און מאַכט אַ גרויס געזאַנג.

גרויס געזאַנג,
גרויס געזאַנג,
דריי יאָהר ארום,—
דרעהט זיך די קרעטע ארום.

(וואַרשע).

(65

## קאַראַהאָד.

קינדער נעהמען זיך אָן ביי די הענד אין אַ ראָד און מען דרעהט זיך פאַמעלעך און מען זינגט:

קאַראַהאָד, קאַראַהאָד,
עפען אויף דעם טויער!
— ווער פאָהרט, ווער פאָהרט?
— דער קיסר מיט די קינדער.
— וואָס געהען זיי אָנגעטון?
— גאָלד מיט זילבער

אויפ'ן אויווען זיצען זיי,
אונטער'ן אויווען שוויצען זיי;
ברייטעלעך שרייבען זיי,
חלשות בלייבען זיי.

(הירשעל בלאָך, דערעטשין, גראָדנ. גוב.)

(66

## אַ ראָד און אַ ראַנע.

מען נעהמט זיך אָן ביי די הענד אַ ראָד און מ'דרעהט זיך פאַמעליך און מען זינגט:

רודענע ראַנע




אַ ראָד און אַ ראַנע,
שען געזאַנג.
שרה, קעהר זיך אום
מיט'ן ת...ת אין דער קרום.

דרעהט זיך דאָס מיידעל (שרה) אויס מיט'ן פנים צום דרויסען צו פון ראָד, אָנגעהמענדיג זיך צוריק ביי די הענד און זי געהט מיט אַלע ווייטער צוזאַמען און מ'זינגט ווידער דאָס אייגענע אויף אַ צווייטע, און יענע דרעהט זיך ווידער אויס. אַזוי כסדר ביז אַלע קומען אויס מיט די פנים'ער צום דרויסען צו פון ראָד. (אַלט־קאָנסטאַנטין, וואָהלין).

(66א

## וואַריאַנט.

רודענע ראַנע,
שענע פאַננע.
קומט דער שענער פויגעל,
פיהרט ארויף אויף די קאַרעטע,
די קאַרעטע זאָל פלאַנקען;
קומט דער שענער פויגעל
און מאַכט אַ שען געזאַנג.
כאַ געזאַנג, כאַ געזאַנג,
דריי מאָל ארום,
משפּטשע מיידעל,
קעהר זיך אום.

(פּראַצאַו, שעדל. גוב.)

(66ב

## וואַריאַנט.

רודענע ראַנע,
שענע פאַנע.
זיבען יאָהר ארום,
גילדענע כלה, קעהר זיך אום.

(באַרנאָוו, לובל. גוב.)

(66ג

## וואַריאַנט.

## רודענע ראַנע.

מען האַלט זיך ביי די הענד אַ ראָד און מ'דרעהט זיך און מען זינגט:

רודענע ראַננע,
שענע פאַננע.
גאָלדענע מוטער,
זעץ דיך אנידער.

טון זיך אַלע מיט אַמאָל אַ זעץ אנידער אויף ד'ערד און האַלטענדיג זיך ווייטער ביי די הענד, הויבען זיי זיך צוריק אויף און דרעהען זיך ווייטער און זינגען, און אַזוי כסדר.

(וואַרשע).

(66ד

## וואַריאַנט.

רודענע ראַנע,
שענע פעריל פאַנע,
דריי מאָל ארום,—
די כלה פאַלט אום.

(לובלין).

(67

## אין קאַץ און מויז.

קינדער נעהמען זיך אָן ביי די הענד, ווי אַ ראָד, צוויי קינדער בלייבען אויסער'ן ראָד, זיך צו יאָגען. איינע איז אַ קאַץ און איינע—אַ מויז. די מויז לאָזט מען אַדירכלויפען דורכ'ן ראָד, אריין און ארויס, און די קאַץ— נישט. די קאַץ מוז זיך ארייננקריגען מיט אַ פאָרטעל אָדער זיך אַדורכרייסען מיט געוואַלד. ווען די קאַץ כאַפט די מויז, טיילען זיך אויס פון ראָד אַנדערע צוויי, זיך צו יאָגען. (וואַרשע).

(68

## אַ חתונה—אַ כלה באַזינגעו.

די כלה זעצט זיך אוועק, אָנגעטון אויפ'ן קאָפּ אַ וועליאָן *) (ס'רוב דינט דערצו אַ האַנטוך) און זי האַלט זיך צו די אויגען און וויינט און אַלע באַזינגען זי:

### כלה'שי, כלה'שי.




כלה'שי, כלה'שי, וויין־זשע,
דער חתן 'עט דיר שיקען אַ לעפּעלע כריין,
וועסטו דיך באַסמאַרקען
ביז צו די צייהן.

די טויבען, די טויבען
שטעהען אויף די לאָדען;
ס'איז שוין צייט צו געבען
אַ שטיקעלע פּלאָדען.

די טויבען, די טויבען
שטעהן אַף די בעטען;
ס'איז שוין צייט
די כלה צו באַרעקען.

די טויבען, די טויבען
שטעהען אויף די טישען;
ס'איז שוין צייט
די כלה זאָל זיך באַפּישען.

(שעברעשין, לעלמ. קריין).

*) פּוילישׁ Welon

(68א

### וואַריאַנט.

כלה'שי, כלה'שי, וויין נישט,
דער חתן וועט דיר שיקען אַ טעלערל כריין,
וועסטו דיך באַראָצען
ביז צו די צייהן.

דער חתן וועט דיר שיקען
העגגעל־לייבטער מיט דרעען,
וועסטו האָבען קינדער,
וועלען זיי זיין אַזוי ווי די בערען.

דער חתן וועט זיך מיט דיר ציהען
און אַ שטוב מיט אַ גאַניק,
וועסטו האָבען אַ יונגעלע,
וועט ער הייסען פראַניק.

(גאָרשקעוו, ליובל. גוב.)

(68ב

### וואַריאַנט.

כלה'שי, כלה'שי, וויין נישט,
כ'על דיר געבן (געבען) אַ טעלערל כריין,
'עסטו דיך באַראָצען
ביז צו די צייהן.

כ'על דיר געבן
אַ קישען,
'עסטו דיך
באַפּישען.

(וואַרשע)

(68ג

### וואַריאַנס.

כלה'שי, כלה'שי,
וויין, וויין, וויין,
'עסט דיך באַראָצען
ביז צו די צייהן.

'עסט דיך באַראָצען
מיט גרויס כונה,
'עט מען דיר שיקען
אַ שענע מתנה.

(באַרנאָוו, לובל. גוב.)

(68ד

### וואַריאַנט.

כלה'שי, כלה'שי
וויין,
באַראָץ דיך
ביז צו די צייהן.

דער חתן 'עט דיר שיקען
אַ ליילעך מיט שפּיצען,
'עסטו דיך באַראָצען
ביז צו די ציצען.

(וואָלאָגאָוו, ראַד. גוב.)

(68ה

### וואַריאַנט.

כלה'סי, כלה'סי,
וויין,

·· ־אַן דיך
בײַ צו די צייהן.

וגאמר אמן—
ס'העלפט נישט קיין געוויין,
מ'רופט דיך צום משפט,
מוזטו גיין.

(לובלין).

---

(69

## אין פעטשעלעך.

עס שפּילען זיך צוויי קינדער. מען פּאַטשט זיך אין די הענד. איינער פּאַטשט מיט דער רעכטער האַנד אין דעם אַנדערענס רעכטער, דער צווייטער פּאַטשט צוריק מיט דער לינקער אין דעם אַנדערענס לינקער. דערנאָך פֿאַרקעהרט. יעדער צעהלט:

— אייערלע;
— צווייערלע;
— דרייערלע;
— פיערלע;
— פינפעלע;
— זעקסעלע;
— זיבעלע;
— אַכטעלע;
— ניינעלע;
— צעהנעלע;
— עלהעלע;
— צוועלחעלע;
— דרייצעלע;
— פערצעלע (אָדער: פערצעלע דיר אין טויל אריין)
ענטפערט איהם דער לעצטער:
— אָה, ביזט אַ פערצער.

(שעברעשין, כעלמער קרייז).

---

(70

## אין בלינדע פעטש*).

מען צעהלט זיך אויס. זעצט זיך איינער אַוועק און דער וואָס איז אויסגעפאַלען פון צעהלען, לעגט זיך איינגעבויגען מיט'ן פנים אראָפּ אויף דער שויס פון דעם זיצענדיגען און לעגט זיך ארויף אויף דער פּלייצע די רעכטע האַנד אויפגעמאַכטערהייד מיט דער אינעווענינסטער פלאַכקייט פון אויבען ארויס, און דער וואָס זיצט טוט אַ זאָג:

— בא כלה — גיב אַ פּאַטש.

גיט איינער אַ פּאַטש, און אויב דער ליגענדיגער טרעפט (מיט'ן ערשטען אָנוויין), ווער דאָס האָט געטון, לעגט זיך יענער אַנשטאָט איהם. אויב נישט—לעגט זיך דער זעלבער נאָך אמאָל, און עס חזר'ט זיך ווייטער איבער דאָס אייגענע.

(טשערקאַסי, קיעוו. גוב).

---

*) אָדער ת...ת־פעטשעלעך. די שפּיל איז זעהר פאַרשפּרייט. עס שפּילען אויך דערוואַקסענע. ס'רוב איז די שפּיל באַליבט ביי די ארעסטאַנטען אין די תפיסות.

---

(71

## אין קאַוואַנעס*).

מען מאַכט פון זאמד קופּקעלעך (קאַוואַנעס) און מען צעהלט זיך אויס. נאָכ'ן אויסצעהלען איז איינער דער בעל־הבית און ער לעגט זיך שלאָפען; געהען די איבריגע צושאַרען מיט די פיס די קופּקעלעך און אַנטלויפען, כאַפּט זיך דער בעל־הבית אויף און נעהמט זיי נאָכיאָגען. וועמען ער כאַפּט, דער איז בעל־הבית. מען מאַכט אויפסניי קופּקעלעך און די שפּיל געהט ווייטער.

(טשערקאַסי, קיעוו. גוב).

*) רומעניש: Kavon

---

(72

## אַ פייגעלע פליהט.

מ'צעהלט איינעם אויס. זעצט ער זיך אַוועק, און אַלע (דער אויסגעצעהלטער אַליין אויך) האַלטען אויף זיין קני דעם טייטעל־פינגער און ער טוט אַ הויב די האַנד אין דער הויך און אַ זאָג:

— „אַ פייגעלע פליהט!"

דאַרף יעדער אויפהויבען די האַנד, דערביי האַלטען דעם פינגער כסדר אויסגעשטרעקט. נאָכדעם לאָזט יעדער צוריק אראָפּ די האַנד אויף דער שויס און ער רעכענט ווייטער אויס פערשידענע עופות און זאַכען, וואָס באַוועגען זיך אין דער לופט און ביי יעדען מאָל הויבט עה אויף די האַנד און אַלע מיט איהם. טאָמער הויבט איינער נישט אויף די האַנד*), דאַרף ער אַנידערלעגען דעם קאָפּ מיט'ן פנים אראָפּ אויף דער שויס, די אויגען פאַרשטעלט און יעדער לעגט אַרויף אַ פינגער אויף זיינע פּלייצעס און דער בעל־דרשר — אַזוי הייסט דער אויסגעצעהלטער — הויבט אָן מיט זיין פינגער אויף זיי צו צעהלען:**)

תָּנוּ רַבָּנָן.




*) אָדער דער אויסגעצעהלטער זאָגט אומישנע אַ זאַך, וואָס קאָן נישט פליהען—מעהרסטענטייל ווערט געברויכט אַזאַ וואָרט, וואָס דער אויסדרוק האָט אַן'עהנליכקייט צו אַ זאַך וואָס באַוועגט זיך אין דער לופט. פּאָפּילער איז למשל:

— אַ טאָפּ פליהט (אמאָל: אַ טאָפּ מיט ווערע מילך פליהט

אָדער: אַ טאָפּ מיט עסיג...)

און ער הויבט, זאָגענדיג דאָס, אויף די האַנד, און ווען איינער טוט איהם נאָך, דאַרף יענער זיך אַנידערלעגען;

**) אין טשערקאַסי (קיעוו. גוב.) פרעגט מען איהם:

— „וואָס ווילסטו?"

רופט ער אָן עפּעס אַ זאַך, למשל: „בילקע". קלאַפּט מען איהם מיט דער פויסט אין דער פּלייצע:—„לעקאַך" אָדער „מעסער". שניידט מען איהם מיט דער האַנד אויף די פּלייצע, אַזוי ווי מיט אַ מעסער:—„גאָפּעל". שטעכט מען איהם מיט די פינגער. (דערמיט איז די שפּיל געענדיגט).

— „תנו רבנן — אויף וועלכער האנד שטעהסטו?"
ענטפערט ער (למשל):

„אויף יאנקעל'ס האנד."

טרעפט ער, טוישט איהם אויס יענער, ווענמענס האנד ער האָט געטראָפען. אויב דאָס איז גאָר געווען למשל, הערשעל'ס האנד אין ער האָט, הייסט עס, ניט געטראָפען, זאָגט דער בעל-דרשר, צעהלענדיג די פינגער:

— „זאָלסטו געזאָגט אויף הערשעלס האנד,
זאָלסטו געווען אין קיסרס לאַנד,
אַזוי געהסטו דריי מאָל דורך דער בראַנד."*)

און דער לעצטער (וואָס אויף זיין פינגער פאַלט אויס דאָס לעצטע וואָרט — בראַנד), ווייזט איהם אין דערהויך הינטער די פלייצעס מיט דער האַנד, מאַ־ענדיג מיט איהר די פיגור פון עפּעס אַ כלי.

אַנ'אויפגעמאַכטע האַנד האַלטענדיג זי פאַר זיך אויסגעשטרעקט מיט'ן גראָבען פינגער אַרויף און מיט'ן קאַנט אַראָפּ, בעדייט: אַ האַק=מעסער.

אַ צוגעמאַכטע האַנד, אַ פויסט: אַ האַמער.

צוויי פויסטען: אַ פויק.

אַ פויסט מיט אַנ'אויסגעשטרעקטען טייטעל=פינגער: אַ נאָדעל.

מיט'ן קליינעם פינגער אויסגעשטרעקט: אַ שפּילקע.

מיט'ן גראָבען פינגער צווישען דעם טייטעל און מיטעלסטען פינגער: אַ פייג.

אַלע פינגער אויפגעמאַכט, אַראָפּווייזענדיג: אַ גאָפּעל.

אַלע פינגער צוזאַמענגעלעגט און איינגעבויגען, אין דער ריכטונג אַרויף: — אַ לעפעל.

דער עלענבויגען:—אַ פאַלענבויגען.

ביי יעדען מאָל ווייזענדיג מיט דער האַנד עפּעס אַ כלי, פרעגט איהם דער בעל=דרשר: וואָס איז דאָס? מען ווייזט איהם, למשל, מיט דער האַנד אַ נאָדעל, און דער בעל=דרשר פרעגט איהם:

— „וואָס איז דאָס?"

טרעפט ער, בייט איהם אויס דער, וואָס האָט איהם געוויזען די נאָדעל, טאָמער ניט, שטעכט איהם יענער דריי מאָל מיט דער נאָדעל און זאָגט דערביי:

— „נאָדעל, נאָדעל, נאָדעל".

און אַזוי פרעגט מען איהם דריי מאָל.

(ווארשע).

---

*) וואַריאַנט.

אוטו.
וויסוטו.
אויף וועלכען פינגער שטעהסטו?
וואָלסטו געזאָגט אויף שמעון'ס האַנד,
וואָלסטו געווען אין ענגעלאַנד,
וואָלסטו געהאַט בעטגעוואַנד,
אַזוי מוזטו דיר שלאָגען קאָפּ אָן דער וואַנד.

(סאָכאַטשעוו, וואַרש. גיב.)

---

(73

## אַ פייגעלע פליהט.

איינער זאָגט צום צווייטען: „זעה נאָר, אַ פייגעלע פליהט". און ער ווייזט איהם דערביי מיט דער האַנד אין דער הויך, און ווען יענער הויבט אויף דעם קאָפּ צו טון אַ קוק, גיט ער איהם אַ קיצעל אין האַלז.

(זעהר פאַרשפּרייט).

---

(74

## היינט איז די מאָדע די קורצע קליידלעך.

איין מיידעל געהט צו צו אַ צווייטע און מיט ביידע הענד טוט זי ביי איהר אַ הויב אויף דאָס קליידעל און זינגט צו:




— היינט אי' די מאָדע די קאָרצע קליידלעך.

(וואַרשע).

---

(75

## קאַשע מיט מילך

עטליכע קינדער צוזאַמען נעהמען זיך אָן יעדער איינער ביים צווייטען די הויט פון דער אויבערשטער זייט האַנד=טעלער מיט צוויי פינגער, אויף אַזאַ אופן, אַז אַלע הענד קימען אויס איין האַנד אויף דער אַנדערער. זיי האַלטען זיי בייגאַנד און הוידען דערמיט אַרויף און אַראָפּ און זאָגען דערביי:

טשיפּ, טשיפּ באָבעלעך,
טשיפּ, טשיפּ באָבעלעך,

און זיי לאָזען זיי אָפּ, פּאַטשען זיך איינס דאָס אַנדערע אין די הענד אַריין און זאָגען צו אין-דער געשווינד:

קאַשע מיט מילך,
קאַשע מיט מילך,
קאַשע מיט מילך.

(וואַרשע).

---

(75א

### וואַריאַנט.

ציפּ, ציפּ, 'עמערל,
קום צו מיר אין קעמערל.

וועל'ך דיר עפּעס ווייזען
אַ שיסעלע מיט אייזען.

און זיי פּאַטשען זיך און זאָגען:

ראָלדי, ראָלדי, ראָלדי.

(אַלט=קאָנסטאַנטין, וואָהלין).

---

(75ב

### וואַריאַנט:

טשופּ, טשופּ,
קורע לאַפּ,
קומט די פאַנע
און גרייט צום טיש,
קומט דער פויגעל
און עסט אויף ס'גרעסטע שטיק פיש.

(שעברעשין, לעלמ. קרייז).

---

(75ג

### וואַריאַנט.

ציפּ, ציפּ קליסקעלעך,
אַרבעסלעך דערונטער,
היבט מען אויף ס'איבערבעטעלע,
לויפט ס'קינד אַרונטער.

(קאַרעוו, לובל. קרייז).

76)

## שלום=עליכם, אגוטער יוד.

איין יוגגעל געהט צו צו א צווייט יוגגעל און גיט איהם די האנד
— שלום=עליכם; האַלטענדיג זיך אזוי ארומער ביי די הענד, שאָקלען זיי צו
מיט זיי און מען זינגט:

— שלום-עליכם, א גוטער יוד!
א האלבען ת...ת אָנגעבריהט,
א האלבען ת...ת אהעקגעשחיטען,
א האלבען ת...ת צוריקגעקומען.

(וואַרשע.)

---

77)

## ווער וויל די זאַך?

איינער האלט עפעס אין דער האנד און פארמאַכטערהייד הויבט ער
זי אויף אין דערהויך און שרייט אויס:

— חער חיל די זאך?
און חען איינער גיט זיך א רוף אָן:
— יאך!
ענטפערט ער:
— קריך אויפ'ן דאך,
בענטש לאַבּט (ליכט),
זאָג די בּאָבּע
א גוטע נאַכט.

(וואַרשע.)

---

77א)

## וואַריאַנט.

— חער חיל די זאך?
— איך.
— ס'זאָל אין דיר אריין א רוח.

(לאָדז.)

---

77ב)

## וואַריאַנט.
## ווער וויל דאָס.

— חער חיל דאָס?
— יעך.
— געה צו דער קעך
און פארברען דעך (דיך),
קאָך לאָקשען
און רוף מעך (מיך).

(פעריל אורמאַן, מיעלאָוו, לובל. גוב.)

---

78)

## ווער וויל די זאַך.

איינער זאָגט: „ווער עס חעט דער ערשטער ארויסזאָגען יאך, דער
קריגט די זאך". און ער הויבט אויף א פארמאַכטע האנד, אַמאָל האַלט ער
עפעס אין איהר און אַמאָל ניט, און ער שרייט אויס:

— „חער חיל די זאך?"
שרייען אַלע:
— „יאך!"

און ביים אַלגעמיינעם געשריי, וואָס עס ווערט, קומט שוין תמיד אויס,
אז ס'איז כמעט איינמעגליך אונטער'צושיידען, חער ס'האָט געשריגען דער ער=
שטער. און דאָס שפּיל ווידערהאַלט זיך פון אָנהויב אָן.

(וואַרשע).

---

79)

## אַ סטאָלאַזש איז געגאַנגען אַ קעסטעל באַשלאָגען.

עטליכע יונגלעך לעגען ארויף צו פיער פינגער פון די הענד אויפ'ן
טיש ביים עק אויף אזא אופן, אז די נראָבע פינגער בלייבען ארום דעם
ראַנד פונ'ם טיש. אַלע הענד רוקען זיי צוזאַמען אין איין רייה און איינער
צעהלט מיט'ן טייטעל=פינגער:

א סטאָלאָזש אי' געגאנגען




א סטאָלאַזש איז געגאַנגען*)
א קעסטעל באַשלאָגען,
האָט ער נישט געוויסט (געחאוסט)
וויפיל טשוועקעס אריינצושלאָגען—
האָט ער געצעהלט:
נישט איינס,
נישט צחיי,
נישט דריי,
נישט פיער,
נישט פינעף,
נישט זעקס,
נישט זיבען,
נישט אכט,

*) זעה נומער 17ב).

ניִשט ניין,
ניִשט צעהן.

און אויף וועלכען פינגער עס קומט אויס „ניִשט-צעהן", נעהמט מען איהם אראָפּ פון טיש און מען הזר'ט איבער נאָך אמאָל דאָס אייגענע, אָנהויבענדיג ביי אנ'עק פינגער. דאַן נעהמט מען ווייטער אראָפּ דעם פינגער, אויף וועלכען עס קומט אויס דאָס לעצטע וואָרט, אזוי כסדר, ביז עס בלייבט איבער איין פינגער—האַקען אלע אין איהם אריין דריי מאָל מיט'ן קאַנט פון צוויי צוזאמענגעלעגטע פינגער—מיט'ן טייטעל און מיטעלסטען פינגער. (וואַרשע).

---

80)

## בין איך מיר געגאַנגען קעסעלעך סומען.

דאָס שפּיל גלייך צו ווי אין נומער 79.

I.

בין איך מיר געגאַנגען קעסעלעך סומען,
האָט מיך באגעגענט א הוהן,
– הוהן, הוהן, וואָס גיסטו אריין?
– כ'גיב מיר אריין אנ'איי.
היהנס איי,
לאָמיר שלאָגען קעסעלעך צוויי.

II.

בין איך מיר געגאַנגען קעסעלעך סומען,
האָט מיך באגעגענט א האָן.
– האָן, האָן, וואָס גיסטו אריין?
– כ'גיב אריין א קרעה.
האָנס קרעה,
הונס איי,
לאָמיר שלאָגען קעסעלעך צוויי.

III.

בין איך מיר געגאַנגען קעסעלעך סומען,
האָט מיך באגעגענט א קאַטשקע.
– קאַטשקע, קאַטשקע, וואָס גיסטו אריין?
– כ'גיב אריין מיין שנאָבעל.
קאַטשקעס שנאָבעל,
האָנס קרעה... א. אז. וו. (ווי אין II).

IV.

בין איך מיר געגאַנגען קעסעלעך סומען,
האָט מיך באגעגענט א גאַנז.
– גאַנז, גאַנז, וואָס גיסטו אריין?
– כ'גיב אריין מיין פליגעל.
גאַנז'ס פליגעל,
קאַטשקעס שנאָבעל... א. אז. וו. (ווי אין III).

V.

בין איך מיר געגאַנגען קעסעלעך סומען,
האָט מיך באגעגענט א טעפּער.
– טעפּער, טעפּער, וואָס גיסטו אריין?
– כ'גיב אריין מיין קריגעל.
טעפּערס קריגעל,
גאַנז'ס פליגעל... א. אז. וו. (ווי אין IV).

VI.

בין איך מיר געגאַנגען קעסעלעך סומען,
האָט מיך באגעגענט א מויד.
– מויד, מויד, וואָס גיסטו אריין?
– כ'גיב אריין מיין צאָפּ.
מוידס צאָפּ,
טעפּערס קריגעל... א. אז. וו. (ווי אין V).

VII.

בין איך מיר געגאַנגען קעסעלעך סומען,
האָט מיך באגעגענט א יענדיק (אינדיק).
– יענדיק, יענדיק, וואָס גיסטו אריין?
– כ'גיב אריין מיין קראָפּ.
יענדיקס קראָפּ,
מוידס צאָפּ... א. אז. וו. (ווי אין VI).

VIII.

בין איך מיר געגאַנגען קעסעלעך סומען,
האָט מיך באגעגענט א סוחר.
– סוחר, סוחר, וואָס גיסטו אריין?
– כ'גיב אריין מיין סחורה.
סוחר'ס סחורה,
יענדיקס קראָפּ... א. אז. וו. (ווי אין VII).

IX.

בין איך מיר געגאַנגען קעסעלעך סומען,
האָט מיך באגעגענט א בעלפער.
– בעלפער, בעלפער, וואָס גיסטו אריין?
– כ'גיב אריין מיין תורה.
בעלפערס תורה,
סוחר'ס סחורה... א. אז. וו. (ווי אין VIII).

X.

בין איך מיר געגאַנגען קעסעלעך סומען,
האָט מיך באגעגענט א גלח.
– גלח, גלח, וואָס גיסטו אריין?
– כ'גיב אריין מיין גלאָקען.
גלח'ס גלאָקען,
בעלפער'ס תורה... א. אז. וו. (ווי אין IX).

XI.

בין איך מיר געגאַנגען קעסעלעך סומען,
האָט מיך באגעגענט א חזן.
– חזן, חזן, וואָס גיסטו אריין?
– כ'גיב אריין מיין געוואַנג.

חזנ'ס געוואַנג,
גלח'ס גלאָקען,
בעלפער'ס תורה,
סוחר'ס סחורה,
יענדיק'ס קראָפּ,
מויד'ס צאָפּ,
טעפּער'ס קריגעל,
גאַנז'ס פליגעל,

קאַטשקע׳ס שנאָבעל,
האַנ׳ס קרעה,
הוהנ׳ס איי,
לאָמיר שלאָגען קעסעלעך צוויי.

(קאָזשעניץ).

---

(81

## טרפה׳נע קישקע — באָם, באָם, באָם.

מען נעהמט אַרום מיט דער האַנד אַנ׳עק פאָלע, אויף אַזאַ אופן, אַז אַ שטיקעל בלייבט אַרויסגעשטעקט פון דער פויסט. דאַן געהט מען צו צו איינעם און מ׳הייסט איהם דאָס שטיקעל פאָלע אָננעהמען. ווען יענער נעהמט ... אַז שאַרפעלט מען צו דערמיט ... מיט זאַגט:

טרפה׳נע קישקע




— טרפה׳נע קישקע — באָם, באָם, באָם.

(וואַרשע).

---

(82

## צעהלען קנעפּ.

איינער געהט צו צום צווייטען און זאָגט:

— וויפיעל קנעפּ האַסטו?

אין ער הויבט ביי איהם אָן זיי צו צעהלען מיט דער ראַנד פון אונטען אַרויף:

— איינס, צוויי, דריי.

צום סוף גיט ער איהם אַ שנעל אין דער נאָז אַריין:

— פיער.

(פאָרשפּרייט).

---

(83

## וואָלנאַ דראָזשקאַ?*)

איינער פרעגט דעם צווייטען:

— וואָלנאַ דראָזשקאַ?

ענטפערט יענער דאַרויף:

— וואָלנאַ.

פרעגט ער זיך ווידער:

— קטאָ יעדזשע?**)

איז דער ענטפער:

— יאַ אי טי,

אי פעטאָ שמי (פעטער שמואל)

אי מאַטשטשאַ ריווקאַ (רבקה)

אי נאַ פשעטשיוקאַ.***)

(וואַרשע).

---

(84

## אינדיק, ווען איז פּסח?

אַז קינדער זעהען אַנ׳אינדיק, פרעגען זיי איהם:

— אינדיק, אינדיק, ווען איז פּסח?

ענטפערט ער:

— ראָלדי, ראָלדי, ראָלדי!

(פאָרשפּרייט).

---

(85

## מען וועגט זאַלץ.

צוויי יונגלעך שטעלען זיך אויסגעדרעהט מיט די פּלייצעס איינער צום אַנדערען און בעהמען זיך הינטען אַרומער אַרום די הענט, אַז עס קומט אויס פאַרלעגט איין אָרעם אַרום אַנדערנס, און איינער טוט דעם צווייטען אַ הויב־אויף אויף זיך אויף דער פּלייצע און לאָזט איהם צוריק אַראָפּ ביזט אַרויסנעהמענדיג די אָרעם איינער פון אַנדערען, אַז דער צווייטער זאָל איהם אויפהויבען אויפ׳ן זעלבען אופן און לאָזט איהם דערנאָך אַראָפּ, כדי דער אַראָפּגעלאָזטער זאָל ווידער דעם ערשטען צוריק נאָך אַ מאָל אויפ־הויבען. און אַזוי כסדר. דאָס שפּיל הייסט: „מ׳וועגט זאַלץ".

(פאָרשפּרייט).

---

(86

## אַ זעקעלע מעהל.

איינער טראָגט דעם צווייטען אויף די פּלייצעס, ווי כלומר׳שט אַ זעקעל מעהל, און ער שרייט:

— ווער קויפט, ווער קויפט אַ זעקעלע מעהל?

קומט צו איהם צו אַ צווייטער און בעהמט אָן זיין האַנד און פּאַטשט זי איהם איין און זאָגט:

— ווי טייער?

ענטפערט ער איהם אויך מיט אַ „פּאַטש איין" די האַנד און זאָגט:

— אַ דרייער!

גיט איהם יענער נאָכאַמאָל אַ פּאַטש אין זאָגט:

— ווי שאַך?

גיט ער יענעם צוריק אַ פּאַטש און זאָגט:

— אַ פּאַך (אַ פּאַטש).

גיט איהם יענער ווידער אַ פּאַטש און זאָגט:

— ווינציק?

גיט ער יענעם צוריק אַ קניפּ אין דער האַנד אַריין און זאָגט:

— אַ קניפּיק.

(וואָהלין).

---

(86 א

## וואַריאַנט.

— אַ זעקעל מעהל.

— ווי טייער?

— אַ דרייער.

— מ׳טאַכט לאָקשען, מ׳קאָכט באָר׳ן פייער.

(יוזעפאָ).

---

(87

## אַ קעלבעל צו פערקויפען.

איין יונגעל נעהמט דעם צווייטען אויף די פּלייצעס אַזוי ווי אַ קעלבעל און טראָגט איהם אַרום און שרייט:

— קעלבעלע מעע!

---

*) פּויליש: די דראָזשקע איז פריי?

**) „ ווער פאָהרט?

***) „ איך און דו
און דער פּעטער שמואל
און די מוהמע רבקה
און אַנטקעגען איבער.

קומט מען צו איהם צו און מען פרעגט איהם:

— ווי מייער?

ענטפערט ער:

— א דרייער.

פרעגט איהם יענער:

— ווי מקח?.

ענטפערט ער:

— א לעקאך.

פרעגט איהם יענער:

— ווי טייטש?

ענטפערט ער:

— אין ת...ת אריין א פאטש.

(כצברעשין כעלמ. קרייז).

---

א 87)

## וואריאנט.

## סובאראן.

מען נעהמט א קינד אויף די פלייצעס אין מען טראגט עס און מען שרייט:

— כ'האב צו פארקויפען א באראן.

— ווי טייער?

— א דרייער.

— ווי שאך?

— א פאק.

און דער צווייטער גיט דעם קינד א בעטשעל אין געזעס אריין.

(דערעטשין, גראד. גוב.)

---

אדער דער דיאלאג געהט אזוי:

— וואוהין פאהרסטו?

— קיין קויל.

— מיט וואס האנדעלסטו?

— מיט וואל.

— ווי טייער?

— זעקס הרייער.

— ווי מקח?

— א שטיקעל לעקאך.

— ווי שאך?

— דיר א פאק.

(טשערקאסי, קיעוו. גוב.)

די שפילען נומער 86—87 קומען זיך פאר אלס פארווייליגג פון דער=וואקסענע מיט קליינטשיגע קינדער. כדי צו וויילען אדער צו פארשפילען א קינד נעהמט מען עס אויף די פלייצעס און מען שטעלט דברמיט פאר איינע פון די אויסגערעכענטע שפילען.

---

(88

## קוקערעקו!

צוויי קינדער שטעלען זיך אוועק איטליכער אויף אנ'אנדער ארט, כלומר'שט מען באהאלט זיך, און איינער קרעהט ארויס:

## קוקערעקו.




— קוקערעקו!

ענטפערט דער צווייטער:

— די מאמע גיי' נישטא.

ערשטער:

— וואו'זי געגאנגען?

צווייטער:

— נאך א פעסעלע ביר.

ערשטער:

— וואו'עט זע'ס שטעלען?

צווייטער:

— אונטער (הינטער) די טיר.

ערשטער:

— מיט וואס'עט מען'עס צודעקען?

צווייטער:

— מיט א בויגען פאפיר.

ערשטער:

— ווער'עט עס אויסטרינקען?

צווייטער:

— יאך מיט דיר.

(וואַרשע).

---

א 88)

## וואריאנט

— קוקערעקו!

— די מאמע אי' נישטא.

— וואו איז זי געפאהרען?

— קיין זאקרעטשין (ווארש. גוב. פלאנסק. קרייז).

— וואס האט זי געברענגט?

— א טענדעלע ביר.

— מיט וואס האט זי'ס פארשטאפט?

— מיט א שטיקעלע פאפיר.

— ווער האט עס אויסגעטרינקען?

— יאך מיט דיר.

(סאלאטשעוו, ווארש. גוב.)

---

(88ב

## וואַריאַנט.

— קוקערעקו!
— דער טאַטע איז נישט הי.
— וואו איז ער געפאָהרען?
— קיין לובלין).
— וואָס װעט ער ברענגען?
— א פעסעלע ביר.
— וואו וועט ער דאָס שטעל'ן?
— אונטער די טיר.
— מיט וואָס וועט ער דאָס צודעקען?
— מיט א גאָלדענעם פאַפיר.
— ווער וועט דאָס אויסטרינקען?
— יעך מיט דיר.

(פּאַרצעוו, שעדל. גוב.).

— קוקעלע קו!
— די מאַמע נישטאָ.
— וואו 'זי געפאָהרען?
— קיין לובלין.
— וואָס 'עט זי ברענגען?
— א פעסעלע ביר.
— וואו'עט זי'ם שטעלען?
— אונטער די טיר.
— אונז 'עמיר צלע טאַנצען אַף די פוהר.

(בעלזשיץ, לובל. גוב.).

---

(89ג

## א טוטשקע.

איינער ציהט זיך אויס אויף דר'ערד מיט'ן פנים אַראָפּ, נעהמט איהם אָן א צווייטער ביי די פיס און הויבט איהם אויף און האַלט איהם ביי די פיס אזוי ווי מען פיהרט א טאַטשקע. ער פיהרט איהם אזוי אַרום און דער ליגענדיגער קריכט אויף די הענד און הברה לעגען אַרויף אויף דער „טאַטשקע־שפּיגער, זאַמד, האָלץ, פאַפּיר א. ד. גל.

(לאָדז).

---

(90

## אויפ'ן באַראַן.

צוויי יונגלעך נעהמען צוויי קיילעכדיגע שטיינער. איינער לעגט אוועק זיין סטיין אויף דער ערד און דער אַנדערער שטעלט זיך מיט א פּאָר טריט אָפּגערוקט פון איהם און צילט זיך מיט זיין שטיין אין דעם שטיין, וואָס ליגט אויף דער ערד אויב ער טרעפט מיט איהם זיין יענעם שטיין אַריין, שפּרינגט געוועהנליך דער שטיין אָפּ אויף א געוויסע שטרעקע. די דאָזיגע שטרעקע דאַרף איהם דאָס יונגעל, וואָס האָט אָהנגעצילט דעם שטיין, נעהמען אויף דער פּלייצע, ד. ה. „אויפ'ן באַראַן“ אָדער „קאָטשקעלע“*). ער נעהמט זיך אַרום מיט די הענד ביי יענעמ'ס האַלז און יענער פאַרנעהמט איהם די פיס זיינע הינטען מיט די הענד און אזוי דאַרף ער איהם טראָגען אהין און צוריק די גאַנצע שטרעקע פונ'ם אָרט וואו דער שטיין איז געפאַלען ביז צום אָרט, וואו עס ליגט דער צווייטער שטיין.

*) אין וואַרשע הייסט דאָס: „קאָשקאַלאַב“, אין כאַלאַטשעוו, (וואַרש. גוב.) „קאָפּיטשעליע“, פון פּוילישען: Kupicielę

וויבאַלד איינער טרעפט נישט אין שטיין אריין—דאַן געהט זיין פּאַרט־נער, ד. ה. זיין שטיין בלייבט ליגען און דער צווייטער שפּילער וואַרפט.

(לאָדז)

---

(91

## פעסעלע ביר.

צוויי קינדער, יעדער נעהמט זיך אַרום מיט דער רעכטער האַנד ווי א בראַסלעט אַרום די לינקע האַנד ביים דופק, און מיט דער פרייער לינקער האַנד נעהמען זיי זיך נאָכדעם אויף דעם זעלבען אופן אַרום איינער דעם אַנדערן אַרום דופק. אזוי אַז עס קומט אויס פון ביידענס הענד א געפלאָכטע־נער קוואַדראַט. אָדער זיי נעהמען זיך אָן ביי די הענד געקרייצט, איין פּאָר הענד איבער די אַנדערע (די רעכטע האַנד האַלט די רעכטע און די לינקע האַנד האַלט די לינקע). דערמיט איז געמאַכט א געזעס און א דריט קינד זעצט זיך אַרויף אויף דעם הענד=געזעס און נעהמט די צוויי אַרום ביי די האַלזער און לאָזט זיך פון זיי אַרומטראָגען און די צוויי זינגען בעת'ן אַרומטראָגען:

### פעסעלע ביר.

*Moderato.*




פעסעלע ביר,
קייטעל צו די טיר
לאָ' נישט אריין קיין פּראָסטען זעלנער,
נאָר אַנ'אָפיציר.

דאַן לאָזט מען איהם אַראָפּ און ער נעהמט זיך אָן ביי די הענד מיט איינעם פון די צוויי און דער פרייגעבליבענער זעצט זיך אויפ'ן „הענד=געזעס“ און די שפּיל געהט צו נאָך אַמאָל ווי אין אָנהויב, אזוי פּסדר.

(פאַרשפּרייט אין פּוילען).

---

(92

## חתונה=פייגעל.

זומער טרעפט זיך אָפט, אַז די שוואַלבען פליהען צוזאַמען אין א סטאַדע אין צווישערן.

די קינדער גלויבען, אַז דעמאָלט קומט ביי די פייגעל פאָר א חתונה און ווען עס מאַכט זיך אַזאַ ספּעקטאַקל, קומען די קינדער אהין אָנצולויפען און טאַנצען און שפּרינגען און זינגען אַרויף צו די פייגעל:

### באַמטשיטשע.

*Allegretto.*




באַמטשיטשע,
חתונה=פייגעל,

גי' מיר אַ שטיקעלע לעקאך!
און דאָס חזר'ן זײ איבער מעהרער מאָל.

(שעברעשין, לעלמ. קרײז).

93)

## גראָבער פויער און דינער פויער.

עס שפּילען פיער יונגלעך. און די שפּיל געהט צו אַזוי: מען נעהמט פיער האַלבע שאָלען פון וועלשענע ניס און איינער טוט זײ אַ וואָרף אין דער הויך. אַז אַלע פיער פאַלען אָפּען, מיט דער הוילער זייט אַרויף, איז מלך, ד. ה. מלך ווערט דער, וואָס האָט געוואָרפען.

פאַלען דרײ אָפּען, איז דינער פויער;
צװײ—סענדזשע (ריכטער) אָדער קאָזאַק;
אײנס—גראָבער פויער.

נאָכדעם וואַרפט אַ צווייטער און נאָכדעם אַ דריטער און צום סוף דער פיערטער.

ווען בײ אײנעם פאַלט דאָס זעלבע וואָס בײ אַ צווייטען, שיסט מען זיך אָפּ ד. ה. בײדע געהען איבער. ווען עס פאַלט בײ אײנעם פון די צוויי דאָס אײגענע, וואָס אַ דריטער איז געוואָרען (מלך, גראָבער, פויער א. ד. ג.) שיסט ער זיך אָפּ מיט'ן דריטען, בײדע געהען דאַן, הייסט עס, איבער. און אַז יעדער האָט שוין זײן נאָמען, הויבט זיך אָן: האַלט דער קאָזאַק אַ באַטעק*) אין דער האַנד און דער מלך הייסט געבען קלעפּ דעם גראָבען פויער און דעם דינעם פויער.—דער מלך באַפעהלט: „דעם גראָבען פויער זאָלסטו געבען זעקס גראָבע קלעפּ און פיער דינע קלעפּ און דעם דינעם פויער זאָלסטו געבען צוויי גראָבע קלעפּ און זעקס דינע קלעפּ“. און דער קאָזאַק פיהרט אויס דעם באַפעהל.

(לאָדז).

*) פּויליש: batog

94)

## שלי־שלך.

עס שטעלען זיך אויס יונגלעך אין צוויי רייהען, אײנע אַנטקעגען דער אַנדערער אָפּגערוקט אויף אַגעוויסע ווייטע שטרעקע, און מען האַלט זיך פעסט בײ די הענד און בײ יעדער רייה שטעהט אַן'עלטסטער.

גיט איין עלטסטער אַ געשריי צום צווייטען:

— שלי שלך!

ענטפערט דער צווייטער.

— שיק די פרוי (אָדער: שיק דיין פאָלק.)

ערשטער:

— די פרוי איז פאַרברענט.

צווייטער:

— ווער אליין פאַרברענט.

ערשטער:

— שלך—שיק!

שיקט דער צווייטער אַרויס אײנעם (ס'רוב קלויבט מען אויס אַ פלינקען און אַ שטאַרקען) ער זאָל איבעררייסען די רייה. לויפט יענער אַהין און שפרינגט צו מיט אַן'אימפּעט צו צוויי אין דער רייה זיך צוזאַמען־האַלטענדיגע הענד און אַז ער רייסט איבער, קלויבט ער זיך אויס אײנעם פון די צוויי און נעהמט איהם מיט צו זיין רייה. איבעררייסען דאַרף מען גאָר מיט'ן ערשטען שפרונג און נישט לאַנג רייסען. ווײַבאַלד אָבער ער רייסט נישט איבער, בלייבט ער בײ דער רייה און דער עלטסטער (ערשטער) רופט ווייטער אויס. דאָס געהט צו אַזוי לאַנג ביז אויף איין זייט בלייבט בלויז דער עלטסטער מיט איין „באָכאָר“ (אַזוי הייסען די יונגלעך). צום לעצט האַלט זיך דער עלטסטער פעסט בײ דער האַנד מיט'ן „באָכאָר“ און ער רופט אויס, און זיין געגנער שיקט צו איהם, און אַז מען האָט איהם איבער, נעהמט מען איהם צו דעם לעצטען „באָכאָר“ און ער אַליין געהט דורך אַ בראַנד.

## די בראַנד.

אַלע שטעלען זיך אויס א.ן צוויי רייהען. נאָהנט אײנע אַנטקעגען דער אַנדערער און דער עלטסטער לויפט אַ דורך צים וועניגסטען איין מאָל הין און צוריק (אַמאָל רעדט מען זיך פריהער אויס אויף מעהרער מאָל) און מ'איז איהם מכבד מיט קלעפּ פון פאַסקעס, געמאַכטע פאַלקעס (קנופּען פון נאָזטיכלעך), פאַלעס־עקען פון די קאַפּעטעס א. ד. ג.

בשעת'ן לויפען טאָר מען איהם נישט פאַרהאַלטען.

(וואַרשע.)

95)

### וואַריאַנט.

## אין קיכר אָדער אין מלחמה.

עס שטעלען זיך אויס יונגלעך אין צוויי רייהען אײנע אַנטקעגען דער אַנדערער, ווייט אָפּגערוקט, און יעדע רייה האַלט זיך פעסט בײ די הענד און בײם סאַמען עק פון יעדער זייט רייה שטעהט אַ קיסר.

טוט איין קיסר אַ רוף אויס צום צווייטען:

– קיסר, קיסר, איך שיק דיר חיל!

און ער שיקט אַרויס אײנעם איבעררצורייסען די רייה. בײ דעם ווילפילטען ער רייסט איבער, אַזוי פיל נעהמט ער צו פון דער רייה אַרויס צו זיין קיסר (די צאָהל רעכענט זיך שטענדיג אָנגעהויבען פון יענעם זייט, וואו עס שטעהט דער קיסר, וואָס שיקט אַרויס). אַז ער רייסט איבער בײ דעם לעצטען, נעהמט ער צו אַלע אויסער דעם לעצטען. מיט איהם האַלט זיך דאַן דער צווייטער קיסר בײ די הענד און אַז מען רייסט איהם אויך איבער, האָט ער פאַרשפּילט די מלחמה.

אַז מען שיקט אײנעם אַרויס און ער קען נישט איבעררייסען, בלייבט ער געפאַנגען בײ יענעם קיסר און יענער רופט אויס און שיקט אַרויס אײנעם איבערצורייסען זיין געגנערס רייה.

(טשערקאַסי, קיעוו. גוב.)

96)

## פעט און מאָגער.

מען מאַכט פון אַ נאָז־טיכעל אַ „פאַלקע“ (אַ פעסט צונויפגעוויקעלט טיכעל מיט אַ גראָבען אַרומגעדרעהטען און אַרויפגעצויגענעם קנופּ פ'ן אויבען) און דער אַרויסגעגאַנגענער פון צעהלען שטעהט אָן אַ זייט און טאָר נישט קוקען ווי אַלע באַהאַלטען די „פאַלקע“. ווען זיי זאָגען: „שוין“, געהט ער זי זוכען און זיי געהען איהם אומעטום נאָך און אַז ער קומט צו אָדער זוכט נאָהנט פון דעם אָרט וואו די „פאַלקע“ ליגט באַהאַלטען, שרייען אַלע:

– פעט, פעט.

און אויב ער זוכט אויף אַזאַ אָרט, וואָס איז נאָך ווייט פונ'ם באַהאַלטענעם, זאָגען זיי:

– מאָגער, מאָגער.

ווען ער געפינט די „פאַלקע“, דעמאָלט צעלויפען זיך אַלע און וועמען ער באַווייזט באַלד א־יפּ'ן אָרט צו געבען מיט איהר אַ קלאַפּ, ווערט יענער אויף זיין אָרט, און די שפּיל קומט ווייטער פאָר אַזוי ווי פריהער.

(וואַרשע).

97)

## קאַלט און וואַרם.

מען צעהלט זיך אויס, און דער אויסגעצעהלטער נעהמט אַ טיכעל און באַהאַלט עס. געהען אַלע זוכען.

ווען מען זוכט אויף אַן'אָרט, וואָס איז ווייט פון דעם באַהאַלטענעם טיכעל, זאָגט דער וואָס האָט באַהאַלטען:

— ס'איז קאַלט.

ווען מען זוכט אויף אַנ'אָרט, וואָס איז נעהנטער צום באַהאַלטענעם טינגל, זאָגט ער:

— ס'איז שוין לוי.

אַז מען קומט צו נאָך נעהנטער, זאָגט ער:

— ס'איז שוין הייס.

אַז מען קומט צו גאָר נאָהנט, שוין ביי דעם אָרט, שרייט ער:

— ס'ברענט, ס'קאָכט!

און דער וואָס געפינט עס, דער געהט עס באַהאַלטען.

(לאָדז.)

(98

# אין באַהעלטעניש.

מען צעהלט זיך אויס, דער וואָס פאַלט אַרויס, שטעלט זיך אַוועק מיט'ן פּנים צו אַ וואַנד, וואָס איז באַשטימט פאַר אַ מעטע*) און אײנער האַלט איהם צו די אויגען. טיילמאָל האַלט ער זיך אַליין צו די אויגען. בעת דעם זוכען זיך אַלע ערטער, וואו זיך צו באַהאַלטען.

מיט פאַרשטעלטע אויגען שרייט ער אויס:

— טאַטעלע, טאַטעלע, ס'איז שוין אײנסע.

ענטפערט מען איהם:

— נאָך נישט צייט.

— טאַטעלע, טאַטעלע, ס'איז שוין צווייע.

— נאָך נישט צייט.

— טאַטעלע, טאַטעלע, ס'איז שוין דרייע.

— נאָך נישט צייט.

— טאַטעלע, טאַטעלע, ס'איז שוין פירע.

— נאָך נישט צייט.

— טאַטעלע, טאַטעלע, ס'איז שוין פינעפע.

— נאָך נישט צייט.

— טאַטעלע, טאַטעלע, ס'איז שוין זעקסע.

— נאָך נישט צייט.

— טאַטעלע, טאַטעלע, ס'איז שוין זיבענע.

— נאָך נישט צייט.

— טאַטעלע, טאַטעלע, ס'איז שוין אַכטע.

— נאָך נישט צייט.

— טאַטעלע, טאַטעלע, ס'איז שוין ניינע.

— נאָך נישט צייט.

— טאַטעלע, טאַטעלע, ס'איז שוין צעהן.

— געה אַלע קינדערלעך זעהן.

דעמאָלט האָבען זיך אַלע שוין באַהאַלטען און ער לאָזט זיך אַוועק זיי זוכען. ווען ער געפינט אָדער ווען ער דערזעהט און ער גיט איהם אַ קלאַפּ אָדער אַ ריהר אָן איידער יענער באַוויזט צו צולויפען צו דער מעטע, מוז יענער זיך אַוועקשטעלען ביי דער וואַנד אויף זיין אָרט און דאָס שפיל הויבט זיך ווידער אָן.

(וואַרשע.)

*) לאַטייניש: Meta.

(99

# אין בלינצעלעך.

מען צעהלט זיך אויס און דער ערשטער אָדער דער לעצטער, וואָס פאַלט אַרויס, געהט בלינצען, ד. ה. ער שטעלט זיך מיט'ן פּנים צו אַ וואַנד—דאָס אָרט ביי דער וואַנד ווערט אויך באַנוצט פאַר אַ מעטע—און ער האַלט גור מיט די הענד צו די אויגען.

בעת דעם באַהאַלטען זיך אַלע און דער לעצטער גיט אַ געשריי:

— שוין!

געהט ער זיי זוכען און ווען ער געפינט, רופט ער איהם אָן ביים נאָמען (כדי אויף זיין אָרט זאָל נישט אַרויסלויפען קיין אַנדערער) און זיי ביידע לויפען צו דער מעטע. אויב דער וואָס איז געווען באַהאַלטען באַוויזט פריהער צוצולויפען צו דער מעטע און צו געבען אין דער וואַנד אַריין קלעפּ (פּעטש) און זאָגען דערביי הויך: איינס, צוויי, דריי (אַלס אַ צייכען, אַז ער איז צום ערשט צוגעקומען). האָט ער זיך אויסגעליזט פון צו געהן בלינצען.

ווען דער וואָס האָט געבלינצט האָט אָבער באַוויזען פריהער צו צו־קומען, האָט זיך יענער נישט אויסגעלייזט; אָבער דער וואָס האָט געבלינצט געהט נאָך ווייטער זוכען. און נאָכדעם ווי ער האָט זיך שוין מיט יעדען גע־יאָגט צו דער מעטע און עס דאָ אַ סך, וואָס האָבען זיך נישט אויסגעלייזט, איז דער ערשטער פון זיי—וואָס האָבען זיך נישט אויסגעלייזט—געהט דאַן בלינצען. נאָר אויב אַלע האָבען זיך אויסגעלייזט, געהט ווייטער דער פריה־ערדיגער בלינצען.

(לאָדז.)

(100

# אין שלעפּע=באַבע *).

צום ערשט צעהלט מען צווישען זיך און דער וואָס פאַלט אַרויס דער לעצטער, בינדט מען איהם (אָדער איהר) צו די אויגען און אַלע שטעלען זיך אַרום און פרעגען איהם (אָדער איהר):

— באַבעלע, באַבעלע, וואו געהסטו? **)

ענטפערט ער (אָדער זי):

— נאָך פיש.

— זעך דיך אַנידער און פּיש.

— באַבעלע, באַבעלע, וואו געהסטו?

— נאָך רייז.

— זעץ דיך אַנידער און שיס.

— באַבעלע, באַבעלע, וואו געהסטו?

— נאָך פּוטער קוכען.

— געה דיינע קינדערלעך זוכען.

— באַבעלע, באַבעלע, וויפיל קינדערלעך האָסטו?

— צעהן.

— געה אַלע קינדערלעך זעהען.

*) פּויליש: Ślepa baba—בלינדע באָבע. אין אַלט=קאָנסטאַנטין (וואָהלין) הייסט די שפּיל „בלינדעניש" אָדער „בלינדזעניש"; אין ביאַלע (שעדל. גוב.) „פאַרבלע־דעניש"; אין דערעטשין (גראָד. גוב.) „בלינדע העג=נער"; אין טשערקאַסי (קיעוו. גוב.)—„זשמורקע". פּויליש: żmurek, רוסיש: (זשמוריט)—פאַרמאַכן, זשמורען (די אויגען); אין כאָטין (בעסעראַב. גוב.) —„בלינדזעקייט"; אין קאָלאַטשעוו (וואַרש. גוב.) „בלינדע=קוה"; אין סטאַשעוו (ראַד. גוב.) „בלינדע קעיטש".

**) אין סאָכאַטשעוו (וואַרש. גוב.): „בלינדע=קוה", א. אַ. וו.

וואַריאַנט פון שעברעשין (כעלמ. קרייז):

— ס'קאָנד באַבאַ?—(פון וואַנען באָבע?)

— ז' מיאַסטאַ—(פון דער שטאָדט)

— וואו געהסטו?

— א. אַז. וו.

און ער (אָדער זי) הויבט אָן צו זוכען און צו טאַפּען ווּעמען פון זיי צו כאַפּען. בעת דעם ציפּען אַלע דעם פאַרבינדענעם און רייסען איהם און אַנט־לויפען. ווער עס ווערט געכאַפּט, דעם בינדט מען צו די אויגען און עס קומט ווידער פאָר ווי ביים ערשטען.

(וואַרשע).

(100א

### וואַריאַנט.

## אין זשמורקע.

— אויף וואָס שטעהסטו?

— אויף אַ פּאַס.

— וואָס טרינקסטו?

— אַ גלעזעלע קוואַס.

— וועמע'ס הענדעלעך געהען אַרום איבער'ן הויף?

— מיינע.

— אז דו וועסט זיי קוילען, וועסטו מיר אויך געבען?

— אַ מכה.

— טאָ כאַפּ זשע מיך טאַקע.

(טשערקאַסי, קיעוו. גוב.)

(101

## אין באַביצי.

קינדער נעהמען זיך צונויף און נאָכ'ן צעהלען געהט איינס פון זיי אַרום און זוכט אויף דר'ערד.

פרעגען עס די קינדער:

— באַביצי, באַביצי, וואָס קלייבט איהר?

ענטפערט עס:

— שפּענדעלעך.

פרעגען זיי:

— אויף וואָס דאַרפט איהר שפּענדעלעך?

ענטפערט עס:

— צו לעגען אַ פּייעריל.

פרעגען זיי:

— אויף וואָס דאַרפט איהר אַ פּייעריל?

ענטפערט עס:

— אויף זיצען אַנ'אָקרופּעל.

פרעגען זיי:

— אויף וואָס דאַרפט איהר אַנ'אָקרופּעל?

ענטפערט עס:

— אויסצובראָטען די אייגעלעך.

צעלויפען זיך די קינדער.

(טשערקאַסי, קיעוו. גוב.)

(102

## שטיינער און ביינער.

קינדער מאַרשירען צוזאַמען און פּאַטשען זיך אין די בייכלעך און זינגען מיט שמחה:

שטיינער

און ביינער

קלינגען אין בויך,

ס'קינד וועט האָבען אַ גוטע וואָך,

'עמיר עסען אַ גילדענע יויך.*)

(קצבּרעקין, כצלמ. קרייז).

*) מיט דעם לידעל ווערען אויך פאַרענדיגט פאַרשידענע קינדער מעשה'לעך.

(103

## באַרגעלע, גוט שבת.

באַלד ווי מען ענדיגט דאָס צעהלען ז ה, שטעלען זיך אַלע אַרום דעם אויסגעפּאַלענעם און הויבען אָן צו שרייען:

באַרגעלע גוט שבת.




— באַרגעלע, גוט שבת,

— באַרגעלע, גוט שבת.

צילט ער זיך און יאָגט זיך אויף זיי וועמען צו געבען אַ קלאַפּ אָדער אַ ריהר אָן און וויבאַלד ער באַוויזט דאָס צו טון, מוז יענער זיין דער „באַר־געלע גוט שבת" און יאָגען.

עס איז אויך איינגעפיהרט צו געבען דריי קלעפּ און דערביי צו זאָ־גען: „איינס, צוויי, דריי".

דערצו איז פאַרהאַן אַ מיטעל ווי זיך צו פאַרהיטען: ווען מען זעהט אז יענער איז נאָהנט, טוט מען זיך אַ זעץ אַנידער האַלב שטעהענדיג, טאָר שוין יענער ניט געבען קיין קלאַפּ.

(וואַרשע).

(104

## טאַטעלע פּיאָק.

נאָכ'ן צעהלען, איז דער לעצטער דער טאַטע און אַלע זענען זיינע קינדער.

זאָגט ער צו זיי:

— ברענגט מיר עסען.

לויפען זיי אַוועק און קומען באַלד צוריק און גיבען איהם אין דער האַנד אריין, מכלומרשט עסען און ער עסט (מאַכט זיך עסען).

פרעגען זיי איהם:

— 'עסט אונז איבערלאָזען?

זאָגט ער:

— יאָ, געהט שפּילען.

געהען זיי אַוועק זיך שפּילען אין קומען באַלד צוריק און פרעגען איהם:

— האָסט אונז איבערגעלאָזט?

זאָגט ער:

— ניין, כ'האָב פאַרגעסען,—ברענגט מיר צו טרינקען.

ברענגען זיי איהם צו טרינקען אין פרעגען איהם:

— 'עסט אונז איבערלאָזען?

זאָגט ער:

— יאָ, געהט אַוועק שפּילען.

געהען זיי אַוועק זיך שפּילען און קומען באַלד צוריק און פרעגען איהם:

— האָסט אונז איבערגעלאָזט?

זאָגט ער:

— ניין, כ'האָב פאַרגעסען.

שרייען זיי אויף איהם:

טאַטעלע פּיאָק.




— טאטעלע פּיאָק,

— טאטעלע פּיאָק.

יאָגט ער זיי און זיי שרייען און וועמען ער כאַפּט, שלאָגט ער און רייסט די אויערען און דער ווערט טאַטע.

בעת'ן יאָגען, באַמיהט זיך יעדער צו ציגעהן וואָס נעהנטער צו איהם און צו שרייען.

(וואַרשע).

(105

# אין פּאַני.

קינדער נעהמען זיך צונויף און צעהלען אויס צוערשט פון זיך איינעם, נאָכדעם שטעלט מען זיך אויס אין א רייה לויט'ן וואוקס פון קלענסטען (נידריגסטען) אָן.

דאָן געהט דער אויסגעצעהלטער צו צום גרעסטען (העכסטען) און פרעגט איהם:

— דאָס איז די פּאַני?

ענטפערט ער:

— ניין.

געהט ער צום צווייטען נאָך איהם און פרעגט איהם:

— דאָס איז די פּאַני?

ענטפערט יענער אויך:

— ניין.

אזוי געהט צו ביז'ן לעצטען, דעם קלענסטען. דער לעצטער ענטפערט:

— יאָ.

דעמאָלט נעהמט ער איהם אונטערן אָרעם און פיהרט איהם אָפּ א פּאָר טריט און קוקט איהם אין די אייגעלעך אריין און זאָגט מיט א לאַלעדיגע מינע:

— פיהרט מען די כלה אין שוהל אריין,

— פיהרט מען די כלה אין שוהל אריין.

אַזוי עטליכע מאָל.—איז אויב ער לאַכט נישט, איז ער א שטיק גאָלד און אויב—יאָ, איז ער א שטיק דר... נאָכדעם שטעלט ער איהם שוין אוועק אָן א זייט און געהט ווייטער צו צום גרעסטען און פרעגט איהם:

— דאָס איז די פּאַני?

— ניין.

אַזוי ווידער ביז דעם לעצטען. דער לעצטער ענטפערט.

— יאָ.

און ער נעהמט איהם אויך אונטערן אָרעם און פיהרט איהם אַפּאָר טריט און זאָגט צו איהם אַזוי ווי צום ערשטען. נאָכדעם שטעלט ער איהם אוועק נעבען דעם ערשטען און געהט ווייטער צו צום גרעסטען. אַזוי כסדר ביז עס בלייבט איבער בלויז דער גרעסטער. נעהמט דער גרעסטער צונויף אַלע קינדער און באַהאַלט זיי הינטער זיך, קומט צו איהם צו דער פיהרער און פרעגט אַיהם:

— האָסט נישט געזעהען מיינע גענז?

ענטפערט ער:

— אויפ'ן גרינעם באַרג.

דרעהט זיך דער פיהרער אויס און שרייט:

— הוסי, הוסי, דאָ דאָמו! *)

און ער דרעהט זיך באַלד צוריק אויס צום גרעסטען און זאָגט:

— ניטאָ.

זאָגט דער גרעסטער צו איהם:

— אויפ'ן בלאָהען באַרג.

דרעהט ער זיך נאָכאַמאָל אויס און שרייט:

— הוסי, הוסי, דאָ דאָמו!

און דרעהט זיך באַלד צוריק און זאָגט:

— ניטאָ.

אזוי ווערט אויסגערעכענט פאַרשידענע קאָלירען בערג. דערנאָך ווענדט זיך דער פיהרער צום עלטסטען מיט אַ בקשה:

— באָרג מיר א ברייטעלע!

ענטפערט ער:

— כ'האָב נאָך קיין מעהל נישט געקויפט.

דרעהט ער זיך אויס און געהט אָפּ א פּאָר טריט און קומט צוריק און זאָגט ווידער:

— באָרג מיר א ברייטעלע!

ענטפערט ער:

— כ'האָב נאָך נישט געראָשטשינעט (פון פּויליש: Rozczyniać).

געהט ער נאָכאַמאָל אוועק און קומט צוריק און זאָגט:

— באָרג מיר א ברייטעלע!

ענטפערט ער:

— כ'האָב נאָך ניט אויסגעקנאָטען.

געהט ער ווידער אוועק און קומט צוריק און זאָגט:

— באָרג מיר א ברייטעלע!

ענטפער ער:

— כ'האָב נאָך ניט אויסגעמאַכט.

געהט ער ווייטער אוועק און קומט צוריק און זאָגט:

— באָרג מיר א ברייטעלע!

ענטפערט ער:

— ס'איז נאָך ניט אָנגעבאַקען.

געהט ער ווידער אוועק און-קומט צוריק און זאָגט:

— באָרג מיר א ברייטעלע!

ענטפערט ער:

— געה אריין אין קאַמער און נעהם דיר.

אזוי ווי ער טוט דאָס זאָגען, הייבען אַלע קינדער אָן צו פּאַטשען מיט די הענד און צו קנאַקען מיט די צינגער.

פרעגט זיך דער פיהרער:

— וואָס איז דאָס ביי דיר?

ענטפערט ער:

— ס'פּאַלען ניסעלעך פון בוידעם.

געהט ער אַרונטער הינטער איהם זעהען, באַפאַלען איהם די קינדער און בילען אויף איהם.

(טשערקאַסי, קיעוו. גוב.).

*) אוקראַאיניש: (הוסי, הוסי, דאָ דאָמו)—געגנז, געגנז, א היים.

(106

# האַרשעל, מלך, פויער.

עס שפּילען פיער יונגלעך און זיי צעהלען צווישען זיך אויס. דער ערשטער, וואָס געהט אַרויס פון צעהלען, איז מלך; דער צווייטער איז האַרשעל; דער דריטער—פויער און דער פיערטער בלייבט א וואַרפער און אַלע פיער מאַכען זיך „פּאַלקעס" און שטעלען זיך אוועק נעבען אַ גריבעל און דער וואַרפער נעהמט דריי שטיינדלעך און וואַרפט אין גריבעל אַריין. פאַלט אַרויס איין שטיינדעל, איז דאָס מלך, דאַרף מען איהם שלאָגען מיט די „פּאַלקעס". ער אַנטלויפט אָבער באַלד צו דער גרענעץ (א באַשטימט אָרט, וואו מ'טאָר איהם שוין נישט שלאָגען), נאָר ביז ער קומט צו אַהין, לויפט מען איהם נאָך און מ'איז איהם מכבד מיט די „פּאַלקעס". נאָכדעם ווי ער איז שוין צוגעקומען צו דער גרענעץ, מעג ער דעמאָלט צוריקגעהן — און

אלע שטעלען זיך ווייטער ארום גריבעל און דער וואַרפער וואַרפט ווידער די שטיינדלעך און אז עס פאלט אַרויס צוויי אָדער דריי, איז צוויי האַרשעל; דריי — פויער און אין ביידע פעלען קומט דערנאָך פאַר דאָס זעלבע ווי ביי מלך.

(וואַרשע).

(107

## העגעל=לייכטער.

א שורה קינדער זעצען זיך אויס און איינער רוימט יעדען איין אין אויער אַריין וואָס ער איז: זילבערנער לייכטער אָדער גאָלדענער טאָץ א.ד.ג. דער אַרויסגעגאַנגענער פון צעהלען דאַרף שטעהן פון ווייטענס און טאָר עס נישט הערען, ווען ער קומט צו, שרייט ער אויס:

— העי, העי, העגעל-לייכטער!

רופט זיך אָן דער וואָס האָט איינגערוימט:

— וואָס ברויכט איהר?

זאָגט ער וואָס ער ברויך. אין אויב אַזא זאַך געפינט זיך צווישען די קינדער, געהט דאָס קינד אַרויס פון דער רייה זיצענדיגע און ער איז קיסר, ווייל ער איז דער ערשטער פון די געטראָפענע. און דער אַרויסגעגאַנגענער פון צעהלען געהט ווייטער אַוועק און קומט באַלד צוריק און גיט ווייטער א געשריי.

— העי, העי, העגעל-לייכטער!

פרעגט דער איינרוימער:

— וואָס ברויכט איהר?

זאָגט ער, וואָס ער ברויכט, און אויב ער טרעפט, געהט יענער אויך אַרויס. געהט ער ווייטער אַוועק און קומט צוריק. אַזוי כסדר ביז ער טרעפט ביז צום לעצטען. אויף דעם לעצטען דאַרף ער נישט טרעפען—דער לעצטער הייסט שאַף דר...

נאָכדעם נעהמט מען דעם קיסר און מ'זעצט איהם אַנידער און מען לעגט איהם אַרויף אַ קרוין (אַ פאָר שטיקלעך שטרוי) אויפ'ן קאָפ און די איבריגע זעצען זיך אויך אַוועק. טייל מאַכען זיך שלאָפען, לעגען זיך. און דער צייט געהט דער שאַף דר... אין כאַפּט אַראָפ די קרוין פון קיסר'ס קאָפ און אַנטלויפט, כאַפּען זיך אַלע אויף, אויסער דעם קיסר, און לויפען איהם נאָך און שרייען:

— כאַפּט א גנב, כאַפּט א גנב!

ביז מ'כאַפּט איהם.

נעהמען איהם אָן צוויי „כטראַזשניקעס" אינטער די אָרעמס און ברענגען איהם צו פיהרען צום קיסר.

פרעגט איהם דער קיסר:

— וואו ביזטו געווען?

ענטפערט ער:

— אין יענער וועלט.

— וואָס האָסטו געטון?

— כ'האָב געפונען א בייטעל מיט געלט.

— וואָס האָסטו געטון מיט'ן בייטעל מיט געלט?

— כ'האָב געקויפט שיסעל, לעפעל, טעפעל.

— וואָס האָסטו געטון מיט שיסעל, לעפעל, טעפעל?

— כ'האָב געגעבען די קינדערלעך צו עסען.

— וואו האָסטו די קינדערלעך?

— אויסגעשטאָרבען.

— און שיסעל, לעפעל, טעפעל?

— אויסגעבראָכען.

— וואָס ווילסטו, הענגען צי קעפען?

און ער קלויבט זיך אויס איינס פון די ביידע: אויב הענגען, ציהט מען איהם ביי די אויערען און אויב קעפען, קלאַפּט מען איהם מיט די הענט אין קאָפ אַריין.

(שעברעשין, כעלמ. קרייז).

(107א

## וואַריאַנט:

— וואו ביזטו געווען?

— אין יענער וועלט.

— וואָס האָסטו געזעהען?

— א פעקעלע געלד.

— פאַר וואָס האָסטו עס

נישט געטון כאַפּען?

— כ'האָב מורא געהאַט

מ'וועט מיך קלאַפּען.

— קלאַפּט איהם, קלאַפּט איהם, קלאַפּט איהם.

(נאָרשקעוו, לובל. גוב.).

(108

## אין פאַרבען.

קינדער נעהמען זיך צונויף און טיילען צוויי פון זיך אויס, איינעם א טייוועל און איינעם א מלאך. דער טייוועל געהט אַוועק, אַלע זעצען זיך דאַן אויס, און דער מלאך געהט צו צו יעדען און זאָגט איהם וואָס פאַר א פאַרב ער איז: ראָזע, בלאָה, גרין א. אַז. וו. קומט דער טייוועל צו צו שפרינגען אויף איין פוס, קלאַפּט אָן—זאָגט:

פוק, פוק.

פרעגט זיך דער מלאך:

— ווער איז?

ענטפערט ער:

— איך, דער טייוועל.

— וואָס ווילסטו?

— כ'וויל א פאַרב קויפען.

— וואָס פאַר א פאַרב?

— בלאָה (אָדער אַן אַנדערע).

איז נישטאָ אַזא פאַרב, שפרינגט ער אַוועק און קומט נאָכאַמאָל צו שפרינגען און קלאַפּט ווידער אָן און זאָגט וואָס ער וויל און אַז די פאַרב איז דאָ, פרעגט ער זיך:

— וויפיל ווילסטו?

זאָגט דער מלאך:

— א גילדען (אָדער אַוועלכע עס איז אַנדערע סומע).

הייבט זיך דער טייוועל אָן מיט איהם צו דינגען, ביז וואַנען זיי ווערען מושוה און ער באַצאָהלט איהם פאַר די פאַרב: ער גיט איהם אַ נאָך שטיקלעך פאַפיר אָדער גלאָז אָדער ער מאַכט א צעהל=באַוועגונג מיט דער האַנד, ווי ער וואָלט איהם אַריינגעצעהלט דאָס געלד. בעת דעם הויבט זיך די פאַרב אויף און אַנטלויפט. לויפט דער טייוועל נאָך און אַז ער כאַפּט זי, איז עס דעם טייוועלס קינד און עס געהט אין גיהנם אַריין. דער טייוועל שטעלט עס אַוועק אָן א זייט. נאָר אויב עס באַוויזט צוריקצולויפען צום מלאך, איז עס דעם מלאך'ס קינד און עס געהט אין הימעל אַריין. די קינדער, פאַרשטעהט זיך, באַמיהען זיך צו זיין ביים מלאך.

צום סוף, ווען אַלע פאַרבען זענען שוין אויסגעקויפט געוואָרען, ווערט א געשלעג. דער טייוועל שלאָגט דעם מלאך'ס קינדער און דער מלאך שלאָגט דעם טייוועלס קינדער,

(ראַדאָב).

(109

## אין אויסקלויבעלעך.

קינדער נעהמען זיך צונויף און טיילען פון זיך אויס א קיסר און א נאָמען=געבער. געהט דער קיסר פון זיי אַוועק און אַלע זעצען זיך אויס אוי-

פּעי דער נאָמען-געבער, וואָס געהט צו צו יעדען און גיט איהם א נאָמען. ער זאָגט, למשל: דו ביזט א גאָלדענער פאראָלאָד*), דו ביזט א גאָלדען פערד, דו ביזט א גאָלדענער פאַלעין**), אַזוי ביז צום לעצטען. אמאָל זאָגט ער אויך צו איינעם, כדי זיך בעסער צו ווייזען און צו לאַכען: דו ביזט א שטיק דר... און ווען ער האָט שוין איטליכען געגעבען א נאָמען, רופט ער דער-נאָך אויס.

קיסר, קיסר,
געה אריין, -
טרינק אויס
א גלעזעלע ווין.
(קימט דער קיסר צו).
קלויב מיר אויס,
קלויב מיר אויס
א גאָלדענעם פאַראַכאָד.

קלויבט דער קיסר אויס איינעם פון די קינדער. טרעפט ער, ווערט דער געטראָפענער קיסר און דער פריהערדיגער קיסר זעצט זיך אוועק צווי-שען די קינדער אויף דעם געטראָפענעמס אָרט און דער נאָמען-געבער גיט ווידער יעדען א נאָמען און רופט ווייטער אויס אזוי ווי פריהער. טאָמער טרעפט ניט דער קיסר דעם אָנגערופענעם נאָמען, מיז ער צוריק אוועקגעהן און דער נאָמען-געבער רופט איבער, אָבער שוין נישט אויף דעם זעלבען, נאָר אויף א צווייטען נאָמען.

*) רוסיש: פאראָלאָד.
**) פאַלאַץ.

(טשערקאסי, קיעוו. גוב.)

(110

# איינגעבעלעך.

קינדער זעצען זיך אויס אין א שורה און יעדער האַלט די הענד צו-זאמענגעלעגט מיט די פלאַכע זייטען (האַנד-טעלער) איינע צו די אַנדערע. צוויי קינדער בלייבען איבער אויסער דער שורה. איינער געהט אוועק און דער צווייטער, וואָס האַלט אויך צוזאַמענגעלעגט די הענד אויף אַזאַ אופן ווי די איבריגע, האָט אין זיי ליגען א שטיקעל פאַפיר, קרייד אָדער אַ שטיינ-דעל. געהט ער צו איטליכען צו און גיט א טו-אַריין זיינע הענד אין יע-נעמס—דאָס רופט זיך: „איינגעבען"—און ביי איינעם פון זיי לאָזט ער איי-בער דאָס, וואָס ער האָט געהאַט ליגען אין דער האַנד. נאָכ'ן איבערלאָזען, ווען ער גיט ווייטער איין, פאַטשט ער צו ביי יעדען ביידע הענד נאָכ'ן אַריינטון, כדי מ'זאָל נישט דערקענען ביי וועמען ער האָט עס איבערגעלאָזט. צום סוף טוט ער א זאָג:

— שוין.

דאַרויף קומט דער אוועקגעגאַנגענער צו און מאַכט ביי איינעם אויף די הענד. טרעפט ער נישט ביי איהם דאָס שטיקעל פאַפיר, געהט ער צוריק אוועק און מ'לעגט נאָכאַמאָל איבער; טרעפט ער יאָ, גיט דער, וואָס ביי איהם האָט מען געטראָפען, א פאַנט. דאָס ווידערהאָלט זיך אזוי לאַנג ביז עס זאַמלען זיך אָן אַ סך פאַנטען. דאַן מאַכט מען א געריכט. איינער פון די צוויי איז „אויסרופער" און איינער דער ריכטער. נעהמט דער אויסרופער א פאַנט אין דער האַנד אַריין (אָבער דער ריכטער טאָר נישט זעהען וואָס און וועמענס דאָס איז) און ער רופט אויס:

— וואָס זאָל דער טון פון דעם פאַנט.

צוליב דעם ווערען טיילמאָל כסדר'על צו געטראַכט פארשידענע קאָמי-שע זאַכען, ווי למשל, דאָס אַרויפשטעלען זיך אויפ'ן טיש און שרייען דריי מאָל קוקערעקו. ווען דער פון דער פאַנט טוט דאָס, קריגט ער דעמאָלט צו-ריק דעם פאַנט.

(ווארשע).

(111

# אין טאַמע-טאַמע טיר.*)

פינף צעהלען אויס איינעם פון זיך און די איבריגע פיער שטעלען זיך אוועק ביי פיער ווינקלען אָדער ביי פיער ביימער אָדער נעבען פיער אין פיער זייטען אוועקגעלעגטע שטיינער און דער פינפטער געהט צו צו יעדען און זאָגט:

— טאַמע-טאַמע טיר.**)

ענטפערט מען:

— דאָרט.***)

אין דערווייל, אין דער צייט ווען דער אויסגעצעהלטער שטעהט ביי איינעם און זאָגט איהם דעם פזמון, לויפען די איבריגע זיך איבער איינער מיט'ן אַנדערן, טוישען זיך מיט די ערטער. אויב דער אויסגעצעהלטער באַ-וויזט דאַן, בשעת'ן איבערלויפען, צו פאַרכאַפּען אַן אָרט ביי איינעם פון די וואָס לויפען זיך איבער, ד. ה. אויב ער באַווייזט אהינצולויפען צום פריי-געבליבענעם פלאַץ נאָך פריהער איידער איינער פון די ביידע איבערלויפער פאַרנעהמט איהם, בלייבט ער דאָרט שטעהן אַנשטאַט דעם הינטערשטעליגען איבערלויפער און יענער געהט אַרום, און דאָס שפיל געהט ווייטער אויפסניי ווי פריהער.

(וואַרשע).

*) אין סאָכאַטשעוו (וואַרש. גוב.) הייסט עס: „גראָב אין גראַטש"; אין סטאַשעוו (ראַד. גוב.):—„פאַרקויף מיר קאַשע מיט מילך"; אין פּאַרצעוו (שעדל. גוב.):—„קאַמצ-קאַמצ, טיר"; אין שישלעוויטש (גראָדנ. גוב.):—„כהאָב צו פאַרקויפען בייגעל".

**) אין סאָכאַטשעוו:—גראָב און גראַטש; אין סטאַשעוו:—פאַרקויף מיר קאַשע מיט מילך; אין פּאַרצעוו:—קאַמצ קאַמצ טיר; אין שישלעוויטש:—כ'האָב צו פאַרקויפען בייגעל.

***) אין סאָכאַטשעוו.—אף יענער גאַס.

(112

# סענאַט.

ניין יונגלעך נעהמען זיך צוזאַמען. מען מאַכט ניין קוויטלעך און אויף יעדען קוויטעל שרייבט מען אויף איינעם פון די פאָלגענדע ניין נע-מע׳ בעל-הבית, 2) בגד, 3) גנב, 4) מלך, 5) סענאַט, 6) עדות, 7) רופא, 8) תליון. יעטוועדעס קוויטעל ווערט צונויפגעוויקעלט און מען ווארפט אריין אין א היטעל און יעדער נעהמט אַרויס איין קוויטעל.

פרעגט מען:

— ווער איז דער בעל-הבית?

רופט ער זיך אָן (דער וואָס האָט אַרויסגענומען דאָס קוויטעל, וואָס דאַרויף שטעהט אויפגעשריבען בעל-הבית).

— מ'האָט ביי מיר נישט געגנב'עט.

לעגט מען די קוויטלעך צוריק אין היטעל אריין און מען ציהט נאָך אַמאָל

נאָר אויב ער זאָגט:

— מ'האָט ביי מיר געגנב'עט.

טוט מען אַ פרעג:

— ווער איז בגד? (דאָס איז געהיים-אַגענט).

רופט ער זיך אָן.

און עס קומט פאָר דער משפט.

פרעגט דער שופט דעם עדות:

— דו האָסט געזעהען, אַז ער האָט געגנב'עט?

איז אַז ער זאָגט, ער ווייסט נישט, ער האָט נישט געזעהען, לאָזט מען דעם גנב פריי און מ'ציהט איבער; נאָר אויב ער זאָגט אויף איהם עדות, אַז ער האָט איהם געזעהען גנב'ענען, משפט איהם דער שופט. באַפרייען קען ער נישט, עפעס מוז ער פסק'ענען און דווקא פעטש.

פרע ט מען דעם סענאַט.

— ווִיפִ:ל?

זאָגט ער ווִיפִ:ל.

פרעגט מען:

— קאַלטע צִי הייסע? (ד. ה. שוואַכע צִי שטאַרקע).

און ווען דער סענאַט האָט שוין געזאָגט, פרעגט מען דעמאָלט דעם רופא:

— ער וועט קענען אויסהאַלטען?

דער רופא קאָן איהם פאַרלײַכטערן פון הייסע אויף קאַלטע, פון מעהר—ווענִיגער, נאָר באַפרייען אינגאַנצען קאָן ער נִישט.

געהט מען צום מלך. דער מלך קאָן נאָר באַגנעדִיגען אָדער באַשטעטִיגען, אָבער פאַרלײַכטערן קאָן ער נִישט. אויב ער באַגנעדִיגט, ווערט דער גנב פריי און אויב ער באַשטעטִיגט, פיהרט דער תליון אויס דעם פסק.

ער נעהמט איהם אָן די האַנד בײַ צוויי פינגער, דעם מיטעל און דעם מִיטעלסטען און ער גִיט איהם אויף זיי פעטש מִיט זיינע צוויי פִינגער (אויך די זעלבע), אַזוי ווִי עס אִיז געפסק'ענט און באַשטעטִיגט געוואָרען, נעמלִיך: ווִיפִ:ל און וואָסערע (קאַלטע אָדער הייסע).

(טשערקאַסי, קִיעוו. גוב.)

(113

# טאַני, מלך, שלך, גנב.

פִיער יונגלעך וואַרפען אויס מִיט פִינף שטיינדלעך. יעדער געהט אָן. מען נעהמט די שטיינדלעך אויף דער פלאַכער זייט האַנד (דעם האַנד=טעלער) און מען וואַרפט זיי אַרִיבער אויף דער אויבערשטער זייט און דערנאָך ווִי=דער צורִיק פון דער אויבערשטער אויף דער פלאַכער זייט. כאַפּט מען פִיער, אִיז מען מלך; דריי—טאַנִי; צוויי—שלך; איינס—גנב. טאָמער כאַפּען צוויי די אייגענע צאָהל, וואַרפען די ביידע איִבער אָדער איינער פון זיי, אַזוי לאַנג בִיז די גאַנצע „סוִיטע" (קאָמפּלעט) פון טאַנִי, מלך, שלך, גנב, שטעלט זיך צוזאַמען. דעמאָלט זעצט מען זיך אויס און מען מאַכט אַ געריכט:

דער קיסר זיצט אויבען אָן און הייסט דעם טאַני (ריכטער) משפּט'ען. זאָגט דער טאַני אַרויס זיין פסק צ. ב.

— מ'זאָל דעם גנב געבען פִינף שמִיץ.

אִיז עס די עובדה פון שלך דעם פסק אויסצופִיהרען.

(טשערקאַסי, קִיעוו. גוב.).

(114

# אִיז גנבים.

איינער שטעלט זיך אַוועק בײַ אַ וואַנד מִיט'ן פּנים צו איהר און אַנ=איינגעבויגענער פּאָזע און מִיט איין האַנד האַלט ער זיך צו די אויגען און די אַנדערע האַלט ער אַרִיבערגעלעגט אויף די פּלייצעס. געהט צו ווער פון די יונגלעך, וואָס נעהמען אָנטייל אִין שפּיל, און גִיט איהם אַ פּעטשעל אִין דער האַנד אַרייִן.

פרעגט איהם דער פרעגער (אַזוי רופט מען דעם אויספיהרער פון די ראָלע צו פרעגען) וואָס שטעהט דערנעבען:

— וואָס זאָל ער זיין?

ענטפערט ער:

— אַ סטאַיקאָווע.

ווערט דער פּאַטשער אַ סטאַיקאָווע. דערנאָך געהט צו אַ צווייטער, מאַכט ער איהם פאַר אַ גנב, שפּעטער אַ דריִטער, אַ פיִערטער. און אַזוי כסדר באַקומט יעדער זיין נאָמען. וואָס מעהר אָנטיילגעהמער, דאָס מעהר אִיז די צאָהל פון די נעמען און אַמטען. ס'מוז אויך זיין אַ ריכטער און עס ווערט באַשטִימט אַנ'אָרט פאַר אַ צִירקעל.

אַז אַלע הכנות זענען שוין געמאַכט, הויבט זיך ערשט אָן

### די שפּיל.

עס שטעהען סטאַיקאָוועס און יששיקעס (געהיים=אַגענטען) אויף דער וואַך און דער גנב געהט און גנב'עט עפּעס, למשל: אַ שטיינדעל אָדער אַ צִיגעל. דערזעהען דאָס די סטאַיקאָוועס מִיט די אַגענטען, נעהמען זיי איהם כאַפּען און ווען מ'כאַפּט איהם, פיהרט מען איהם אִין צִירקעל אַריין און מען מאַכט אַ סאָנד (פּויליש: sąd) און דער ריכטער נעהמט משפּט'ען. געוועהנלִיך פאַר'משפּט ער איהם אויף אַ שווערע שטראָף, למשל: טראָגען שטיינער אָדער שפּרִינגען אויף איין פוס הִין און צורִיק איִבער אַ באַשטִימט אָרט. דער גנב הויבט אָן צו וויינען און צו בעטען דעם ריכטער (דערבײַ גלעט ער איהם):

— טייערער סענדזשע (פּויליש: sędzia), האָב רחמנות אויף מִיר, כ'האָב אַ ווייב מִיט קליינע קינדער!

אַ סך מאָל, אַז מ'ווִיל אָפּטון דעם ריכטער אַ שפּיצעל, שמִירט זיך דער גנב פריִהער איין די הענד מִיט סאַדזעס און ביים גלעטען, רייסט ער איהם אויס דאָס פּנים.

(וואַרשע).

(115

# גרענעץ.

מ'צעהלט צווישען זיך און ווער עס פאַלט אַרויס דער לעצטער, דער ווערט אַ היטער אויף דער גרענעץ.

די גרענעץ אִיז אַ באַשטִימטער טייל אָרט, אַ סך מאָל באַנוצט מען דאַרויף אַ שטיק סראַטואַר.

דער וואַכמאַן דרעהט זיך אַרום הִין און צורִיק אויף דער גרענעץ און הִיט, אָבער יעדער באַמִיהט זיך אַרויפצוגעהן אויף דער גרענעץ, צו ווייזען, אַז ער האָט נִישט קיין טורא, און ווען דער היטער לויפט צו איהם צו און ווִיל איהם כאַפּען, אַנטלויפט ער אַראָפּ פון דער גרענעץ. דאָרט האָט דער וואַכמאַן שוין נִישט קיין רעכט איהם צו כאַפּען. טאָמער כאַפּט דער היִ=טער עמִיצען אויף דער גרענעץ, ווערט יענער היטער אויף זיין אָרט און די שפּיל געהט ווייטער אַזוי ווִי פריִהער.

(וואַרשע)

(116

# אַ לאַנג פערד.

איינער שטעלט זיך בײַ דער וואַנד און אַנטקעגען איהם שטעלען זיך אַוועק פִיער. פון די שפּילער איינער הִינטערן אַנדערן, איינגעבויגען און אָנ=האַלטענדִיג זיך פעסט בײַ דעם נעבען דער וואַנד. דאָס רופט זיך לאַנג פערד

דערנאָך הייבען פִיער אָן אַרויפצושפּרִינגען, כדי צו בלייבען זיצען, איינער נאָכ'ן אַנדערען אויף דעם לאַנגען פערד. דער ערשטער דאַרף שפּרִינ=גען וואָס ווייטער אויבען אַרויף האַרט בײַ דעם ערשטען נעבען דער וואַנד, און ער דאַרף עס טון מִיט איין שפּרונג. דער פיערטער, וואָס איהם קומט אויס ביים עק, ווען ער שפּרִינגט אַרויף און בלייבט זיצען, גִיט ער מִיט די הענד דריי פּעטש אַלס צייכען, אַז ער האַלט זיך און ער זִיצט.

טאָמער מאַכט זיך און ס'פאַלט ווער אַראָפּ ביים שפּרִינגען אָדער קאָן זיך נִישט איינהאַלטען דאַרויף און מוז אַראָפּ, דאַרפען זיי זיך (די גאַנצע גרופּע פון די פִיער) לעגען און אָנשטאָט זיי געהמען שפּרִינגען די פִיער, וואָס זענען געווען „לאַנגע פערד".

(וואַרשע, לאָדז).

(117

# קאַטשעבע=לאַפּעטע. *)

עטלִיכע מיידלעך צעהלען פון זיך אויס איינע און געהען פון איהר אַוועק זיך באַהאַלטען.

דערנאָך קומט פון זיי איין מיידעלע צורִיק און זאָגט צו איהר:

— לייהט מִיר די קאַטשעבע-לאַפּעטע!

ענטפערט זי:

*) אִין וואָהלִין — קאַטשערע פון רוסִישען: (קאָטשערגאַ)—אַ געצייג אויסצושאַרען די הייסע קויהלען פון אַנ'אויווען

— געהט אין קאַמער און נעהמט אײך.

זאָגט זי:

— כ'האָב מורא פאַר די הינדעלעך.

ענטפערט יענע:

— תאַרפט זי' אַ שטיקעלע ברוים.

און חיזוס איזהם אָן אויף דעם אָרט, וואו די מיידעלעך זענען באַהאַלטען, געהט זי אהין, לויפען אַלע אַרויס פון די באַהאַלטענע ערטער און בילען אויף איהר, אַנטלויפט זי, לויפען זיי איהר נאָך, ביז תאָגען מ'כאַפּט זי.

(שעברעשין, לובל. קריין).

(118

## אַ שינדעל אַ נאָגעל.

(אַ שפּיל צו חיילן אַ קינד). מען נעהמט עס אָן דאָס הענדטעל און אָנגעהעטענדיג צוערשט בײַם קלײנעם פינגערל, זאָגט מען:

אַ שינדעל,

אַ נאָגעל,

אַ דאַך

צו

באַשלאָגען

אַזוי אַז די ווערטער קומען אויס ביז צום גראָבען פינגערל. דערנאָך צעהלט מען אויף די פינגערלעך פון הענדטעל אָדער פון ביידע הענדלעך:

מיט איינס,

מיט צוויי,

מיט דריי,

מיט פיר,

מיט פינעף,

מיט זעקס,

מיט זיבען,

מיט אַכט,

מיט ניין,

מיט צעהן.

(קראַסניסטאַוו, לובל. קריין)

(119

## קליין יודעלע.

צו פאַרשפּילען אַ קינד ס'זאָל לאַכען, נעהמט מען עס אָן בײַם הענדטעל און מען הויבט אָן דעם קלײנעם פינגערל (ד. ה. קליין יודעלע) אָן צו צעהלען כסדר אויף יעדען פינגער, מיט די ווערטער:

קליין יודעלע,

שפּיל פידעלע,

קנאַק ניסעלע,

פוטער שיסעלע,

גראָבער האַיטינג.

און דערנאָך מוט מען דעם קינד אַ קיצעל אין אָרבעלע אָדער אין העלזעל.

בוק, בוק, בוק!

(שעברעשין לובל. קריין).

(120

## שפּיל אין זעלנער.

מ'שטעלט זיך אויס פאָרען-הויז, איין פאַר הינטער דער אַנדערער און מען מאַרשירט פאָרויס און מ'זינגט:

### דאָשינקאַ.




ראַשינקאַ, ראַשינקאַ,
צימבעריבאַסאַ ראַשינקאַ,
ראַשינקאַ, ראַשינקאַ,
ראַז, דוואַ, טשי.

לעניובאַ, לעניובאַ,
צימבעריבאַסאַ, לעניובאַ,
לעניובאַ, לעניובאַ,
ראַז, דוואַ, טשי.

פיעטרושקאַ, פיעטרושקאַ,
צימבעריבאַסאַ פיעטרושקאַ,
פיעטרושקאַ, פיעטרושקאַ,
ראַז, דוואַ, טשי.

גאַנוחאַ, גאַנוחאַ, (גנב'א)
צימבעריבאַסאַ גאַנוחאַ,
גאַנוחאַ, גאַנוחאַ,
ראַז, דוואַ, טשי.

זלאָדזיעיא, זלאָדזיעיא,
צימבסריבאַסאַ זלאָדושעיא,
זלאָדושעיא, זלאָדושעיא,
ראַז, דוואַ, טשי.

(אברהם יצחק גינזבערג, ווארשע).

(121

באַראַשי סאַלדאַט,
ני סודא טודאַדאַט,
חי סודא
סודא
צימבעריבאַסאַ,
ראַז, דוואַ, טשי.

זא בשטאַ טעניא מאַט ראַדילאַס,

שאַשינקאַ
אַ! מאַשינקאַ
דזושאַ קאַפּאַראַשינקאַן
שאַשינקאַ,
מאַשינקאַ,
נאַפּלעטשאַם.

(משה סופּין, װאַרשע)

(122

זעלנער געהען
און די גאַסן,
פּרעסן בײַגעל
אומגעװאַשן.

אַראָפּ און אַרויף
נאַפּלעטשאַם.

(װאַרשע)

די זעלנער געהען,
די בײַקסען שטעהען,
אַראָפּ און אַרויף --
נאַפּלעטשאַם.

(װאַרשע)

(123

העי, העי,
קאַזאַקעי —
איקאַ,
פּיקאַ,
דאַנאַשקעי,
הע, הע, הע-הע-הע-הע
הע, הע, הע-הע, הע, הע!

העי, העי,
לעפּעלע,
האָבּען מיר גענעסען
פּאַמעלע (אַזאַ קאַמפּאַט)
הע, הע, הע-הע-הע-הע,
הע, הע, הע-הע, הע, הע!

שובאַריקאַ,
משובאַריקאַ,
הע, הע, הע-הע-הע-הע
הע, הע, הע-הע, הע, הע!

(שעברעשין, בעלם, קרײַז)

(124

העי, סאָלדאַט,
הי מאַניע,
קראַסמאַדיליטשקאַ
קראַסמאַניע.

משאַרנאַ אינאַלקאַ
משיסטאַ נאַ פּאַליאַנקאַ
טשיסטאַ נאַ פּאַטשאַיו.

העי און האַ
און פּאַניטשקאַ,
איקאַ,
פּיקאַ,
דאַניטשקאַ.

דרײַ, דרײַ,
מיקופּאַי.

נימאַ שאַסטראַ,
נימאַ בראַטאַ,
יאַ ניע פּאַידע
דאַ סאָלדאַטאַ.

(משה סופּים, װאַרשע)

(124א

מי קאַיוסי,
מי קאַיאַם,
סקאַלקאַ גאַרנאַ,
אַ קאַיאַם.

שימעלע קײַסקאַ,
שימעלע קײַסקאַ,
נאַפּלעטשאַם.

דאַמינאַ, דאַמינאַ,
דרײַ, דרײַ,
מיקופּײַ.

נימאַ שאַסטראַ,
נימאַ בראַטאַ,
יאַ ניע פּאַידע
דאַ סאָלדאַטאַ.

(װאַרשע)

(124ב

מי קאַיוסי,
מי קאַיאַם;
סקאַלקאַ בודיעט,
אַ קאַיאַם.

שימעלע בקאַשקאַ
לאַפּאַטאַטשאַם.

טלי טלי
חיסטופיי

נימא שאָסטרא,
נימא בראמא,
יא ניע פאָירע
דאָ סאָלדאטא.

(וואַרשע).

124ג)

העי, הו,
קאָזאקי.
מי נאליעתאָ,
משעתאָ, משעתאָ, משעתאָ.

משארנא גאלקא,
איקא,
חיקא,
חאלקא.

מאיא שאָסטרא,
מאָי בראטן
יא ניע פאָירע
דאָ סאָלדאט.

(יהושע זאָבערמאַן, איזשביצע לובל. גוב.).

124ד)

העי, הו,
קאָזאקי.

מי נא לעתאָ
משעתאָ, משעתאָ, משעתאָ.

משארנא גאלקא
איקא
חיקא
חאלקא.

מאיא שאָסטרא, מאָי בראט,
יא ניע פאָירע דאָ סאָלדאט.

(יהושע זאָבערמאַן, איזשביצע).

125)

רעצקא דיא,
ניע וויקאָתאָ.

סקאָלקא דיא,
פאצקא דיו.

העתן דחיזתע,
שאתע דחיזתע.

דקאָצקע דיזתע,
דקאָצקע דיזתע.

(וואַרשע)

126)

העי הו
קאָזאקי
משטא טאָ מאָיו
פיזאקי —

יא סאָלדאט
טי סאָלדאט
יא פאָלקאָתניק
טי דוראק.

(איטשע קוראַנט, דושעתיצע ראַד. גוב.).

127)

## די זעלנער געהען.

איין האַנד=פלאַך ווערט צוגעלעגט צו דער אַנדערער און מען שטעקט אַריין די פינגער פון דער רעכטער צווישען די פינגער פון דער לינקער האַנד און מ'זינגט דאָס לידעל:

די זעלנער
געהען,
די ביקסען
שטעהען.

אַרויף
און אַראָפּ,
נאַפּלע-
טשופּ.

דערביי ווערט ביי יעדען פערז, לויט'ן סדר פון לידעל, אַ האַנד פינגער צוגעמאַכט און אַ האַנד פינגער אויפגעמאַכט.

(סאָכאַטשעוו, וואַרש. גוב.).

128)

## רייטען אויף אַ פערד.

ביי דעם שפּיל שפּילען זיך דריי. איינער שטעלט זיך פאַראויס און פאַרלעגט אויף הינטען די הענד. הינטער איהם שטעלט זיך איינגעבויגען אַ צווייטער מיט דעם קאָפּ אָנגעשפּאַרט אויף דעם ערשטענס פּלייצע און האַלט זיך אָן זיינע הענד. דאַן זעצט זיך אַ דריטער אַרויף אויף דעם צווייטען און האַלט זיך אָן מיט די הענד ביי דעם ערשטענס אַקסלען און מ'נעהמט געהן (מען רייט). נאָכ'ן אָפּרייטען אַ שטיקעל וועג, טוישט מען זיך אין עס רייט אַ צווייטער, דערנאָך—אַ דריטער א. אז. וו.

(וואַרשע).

129)

## אין סטראַוש.

עס ברענט (מכלומרשט).

עס נעהמען זיך אן איינע דעם צווייטען בײ די פּאָלעס אין די קאָ־פּאָטעס און מען לויפט צו פאַרענוויז. לויפענדיג טרומייטערט מען דורך דער פויסט פון דער האַנד אלס סיגנאַל:




ווען מען קומט צו צום אָרט פון דער (מכלומרשטער) שרפה, לעשט מען מיט די הענד און מיט די פיס, מיט היטלען, מלבושים, זאמד א. ד. ג. (וואַרשע).

(130

## פאַרפוילטע מייער.

קינדער (ס'רוב מיידלעך) זעצען זיך אויס אין מ'שטעלט אנידער א שטוהל. איינס פון די קינדער שטעלט זיך אַרויף אויף דער שטוהל און שפּרינגט פון דאָרט אַראָפּ אויף דער ערד. ווער עס גיט א גוטען שפּרונג (א הויכען און א ווייטען און פאַלט ניט דערבײ אום) איז א „גוטע מייער", ווען ניט—א „פאַרפוילטער מייער" און אַלע שרייען אויף איהם:

— „פאַרפוילטע מייער, פאַרפוילטע מייער".

(קאָרעוו, לובל. גוב.).

(131

## א בענקעל.

איינער זעצט זיך האַלב שטעהענדיג. דאָס רופט מען א בענקעל. פעצט זיך א צווייטער אויף זיינע קניען (אויף דעם בענקעל).

(וואַרשע).

(132

אז מ'פיהלט ניט קיין אָנגענעהמען ריח, ציהט מען א קניפּעל פון א גאַזשיכעל און ווער ס'האָט דאָס קניפּעל אַרויסגעצויגען, איז א סימן, אז ער האָט עס געמאַכט דעם שלעכטען ריח.

(פאַרשפּרייט).

(133

## דרעהעלעך און פּעטשעלעך.

עס שפּילען צוויי.

דאָס שפּילען געהט צו אויף אזא אופן: איינע וואַרפט א פּילקע דריי מאָל אין דער וואַנד אַריין און כאַפּט זי איינס נאָכ'ן אַנדערען און זאָגט דערבײ זינגענדיג, לויט די באַוועגונג וואָס זי מאַכט מיט די הענד.

דאָס ערשטע געהט דרעהעלעך. עס באַשטעהט דאַרין, וואָס יעדעס מאָל פאַר'ן כאַפּען, טוט זי א דרעה אַרום מיט די הענד איינע אַרום דער אַנדערע דערבײ זאָגט זי:

— דרעהעלעך, איינס,
דרעהעלעך, צוויי,
דרעהעלעך, דריי.

דאַן:—פּעטשעלעך. זי טוט א פּאַטש מיט די הענד און זאָגט:

— פּעטשעלעך, איינס,
פּעטשעלעך, צוויי,
פּעטשעלעך, דריי.

וואַשעלעך. זי טוט א וואַש מיט די הענד דאָס פּנים:

— וואַשעלעך, איינס,
וואַשעלעך, צוויי,
וואַשעלעך, דריי.

האַלז. זי וואַשט דעם האַלז:

— האַלז, איינס,
האַלז, צוויי,
האַלז, דריי.

קעמעלעך. זי קעמט (זי טוט א גלעט) מיט די הענד די האָר:

— קעמעלעך, איינס,
קעמעלעך, צוויי,
קעמעלעך, דריי.

אויערינגלעך. זי גיט א ריהר אָן מיט צוויי פינגער (דעם גראָבען און דעם טײטעל־פינגער) די לעפּעל פון די אויערן, ווי זי וואָלט אָנגעטאָ אויערינגלעך:

— אויערינגלעך, איינס,
אויערינגלעך, צוויי,
אויערינגלעך, דריי.

רעכטער אַקסעל. זי גיט א ריהר אָן מיט דער לינקער האַנד דעם רעכטען אַקסעל:

— רעכטער אַקסעל, איינס,
רעכטער אַקסעל, צוויי,
רעכטער אַקסעל, דריי.

לינקער אַקסעל. ריהרט זי אָן מיט דער רעכטער האַנד דעם לינקען אַקסעל:

— לינקער אַקסעל, איינס
לינקער אַקסעל, צוויי,
לינקער אַקסעל, דריי.

ביידע אַקסעל—פאַרלעגט זי די הענד אויף די אַקסלען. די לינקע האַנד אויף דעם רעכטען אַקסעל און די רעכטע האַנד אויף דעם לינקען אַקסעל:

— ביידע אַקסעל, איינס,
ביידע אַקסעל, צוויי,
ביידע אַקסעל, דריי.

הינטער פּעטשעלעך. זי גיט א פּאַטש מיט די הענד אונטען הינ־טער זיך:

— הינטער פּעטשעלעך, איינס,
הינטער פּעטשעלעך, צוויי,
הינטער פּעטשעלעך, דריי.

פאַרטוכעל. שפּרייט זי אויף דאָס פאַרטוך און כאַפּט אין איהם אַרײן די פּילקע:

— פאַרטוכעל. איינס,
פאַרטוכעל, צוויי,
פאַרטוכעל, דריי.

איבערוואַרפעלעך רעכטער האַנד. זי לעגט אַרויף די רעכטע האַנד אויף דער וואַנד און וואַרפט די פּילקע מיט דער לינקער האַנד דורך איהר פון אונטען אַריבער אויף דער וואַנד אַרויף און כאַפּט מיט ביידע הענד:

— איבערוואַרפעלעך רעכטע האַנד, איינס,
איבערוואַרפעלעך רעכטע האַנד, צוויי,
איבערוואַרפעלעך רעכטע האַנד, דריי.

איבערוואַרפעלעך לינקע האַנד. שטעלט זי אויף דער וואַנד אַרויף די לינקע האַנד און וואַרפט דורך איהר מיט דער רעכטער האַנד אויף דער וואַנד און כאַפּט.

— איִבערוואַרפעלעך לינקע האַנד, איינס,
איִבערוואַרפעלעך לינקע האַנד, צווײ,
איִבערוואַרפעלעך לינקע האַנד, דרײַ.

איִבערוואַרפעלעך רעכטער פוס—זי שטעלט אַרויף דעם רעכטען פוס אויף דער וואַנד און וואַרפט דורך איהם אויף דער וואַנד אַרויף:

— איִבערוואַרפעלעך רעכטער פוס, איינס,
איִבערוואַרפעלעך רעכטער פוס, צווײ,
איִבערוואַרפעלעך רעכטער פוס, דרײַ.

איִבערוואַרפעלעך לינקער פוס. שטעלט זי אַרויף דעם לינקען פוס אויף דער וואַנד און וואַרפט דורך איהם:

— איִבערוואַרפעלעך לינקער פוס, איינס,
איִבערוואַרפעלעך לינקער פוס, צווײ,
איִבערוואַרפעלעך לינקער פוס, דרײַ.

רעכטע האַנד—זי כאַפּט די פּילקע אין דער רעכטער האַנד אַריין.

— רעכטע האַנד, איינס
רעכטע האַנד, צווײ,
רעכטע האַנד, דרײַ.

לינקע האַנד—כאַפּט זי אין דער לינקער האַנד:

— לינקע האַנד, איינס,
לינקע האַנד, צווײ,
לינקע האַנד, דרײַ.

אויסדרעהעלעך—טוט זי זיך אַ דרעה אויס און צוריק און כאַפּט:

— אויסדרעהעלעך, איינס,
אויסדרעהעלעך, צווײ,
אויסדרעהעלעך, דרײַ.

איִבערכאַפּעלעך—דרעהט זי זיך אויס. דעם קאָפּ שפּאַרט זי אָן אויף דער וואַנד מיט'ן פּנים אַרויף און וואַרפט אויף דער וואַנד און כאַפּט.

— איִבערכאַפּעלעך, איינס,
איִבערכאַפּעלעך, צווײ,
איִבערכאַפּעלעך, דרײַ.

אַז מען „לאָזט" (ווען די פּילקע ווערט ניִשט אויסגעכאַפּט און פאַלט אַראָפּ), געהט די צווייטע שפּילען.

נאָכ'ן „לאָזען", אויב די שפּיל קומט דערנאָך צוריק אָן צו די וואָס האָט „געלאָזט", שפּילט זי שוין פון דעם אָן וווּ זי איז פריהער געבליבען שטעהען.

(וואַרשע).

(134

## ערשטע פּאַרטי

עם שפּילען צווײ

מען וואַרפט אַ פּילקע אין דער וואַנד און מ'כאַפּט זי נאָכ'ן אָפּשפּרינגען און מען זינגט כּסדר בײַ יעדען מאָל וואַרפען:

ערשטע פּאַרטי,
צווייטע פּאַרטי,
דריטע פּאַרטי,
פאַרלאָז די קני
שיינע דאַלאָז.
פאַרשמוץ די הענד,
פאַרשפּרייט די זון,
שמײַ הויך,
שמײַ ניִדעריג,
אַ פוקס אין איין האַנד.

בײַ אַ פוקס אין איין האַנד, כאַפּט מען די פּילקע אין איין האַנד אַריין. דערנאָך געהט דער צווייטער אָן. אַז „מ'לאָזט" בײַם כאַפּען, געהט אויך אָן דער צווייטער.

(וואַרשע)

(135

## וואַרפעלעך.

מ'צעהלט זיך אויס און דער אַרויסגעפאַלענער שטעלט זיך אַוועק פון איין זייט און פון דער צווייטער זייט אנטקעגען איהם, אָפּגערוקט אַנ'ערך פון אַ דרייסיג ביז פופציג טריט, שטעהען די איִבריגע און ער וואַרפט אין דערהויך אַהין צו זײ אַ פּילקע און ווער עס כאַפּט זי, ווען זי איז נאָך ניִשט אַראָפּגעפאַלען אויף ד'ערד, דער געהט אַהין אויף יענעמס אָרט וואַרפען און דער וואָס האָט געוואָרפען געהט אַהין צו די איִבריגע כאַפּען.

אַז מ'האָט ניִשט געכאַפּט, וואַרפט וויִדער דער זעלבער וואָס פריהער.

(וואַרשע).

(136

## צעהן־צוואָנציג.

עם שפּילען צווײ. ווער ס'האָט טויזענד—האָט געוואונען.

### דאָס שפּיל

איינער געהט אָן: ער וואַרפט אַ פּילקע אין דר'ערד און יעטוועדעס מאָל ווען זי שפּרינגט אַרויף, פּאַטשט ער זי מיט דער האַנד צוריק אַראָפּ און צעהלט, דערבײַ זינגענדיג:

צעהן צוואנציג.




— צעהן,
צוואָנציג,

דרייסיג,
פערציג,

פופציג,
זעכציג,

זיִבעציג,
אכטציג,

ניינציג,
איינס. (ד. ה. איין הונדערט).

— צעהן,
צוואָנציג... א. אז. וו.
ניינציג—צווײ. (צווײ הונדערט)

צעהן,
צוואַנציג... א. אז. וו.
דריי. (דריי הונדערט).

צעהן,
צוואַנציג... א. אז. וו.
פיער. (פיער הונדערט).

צעהן,
צוואַנציג... א. אז. וו.
פינף. (פינף הונדערט).

צעהן,
צוואַנציג... א. אז. וו.
זעקס. (זעקס הונדערט).

צעהן,
צוואַנציג... א. אז. וו.
זיבע. (זיבען הונדערט).

צעהן,
צוואַנציג... א. אז. וו.
אכט. (אכט הונדערט).

צעהן,
צוואַנציג. . א. אז. וו.
ניין. (ניין הונדערט).

צעהן,
צוואַנציג,

דרייסיג,
פערציג,

פופציג,
זעכציג,

זיבעציג,
אכטציג,

ניינציג,
טויזענד.

אויסערדעם איז דערביי דאָ אַנ'אויסרעדעניש:
מיט לאַפּעלעך אָדער אָהן לאַפּעלעך.

מיט „לאַפּעלעך" הייסט, אַז מ'קען ביי יעדער הונדערט כאַפּען די פּילקע אין דער האַנד אַריין און זיך אָפּרוהען און טאָמער טרעפט זיך, אַז מ'לאָזט (די פּילקע כאַלט אַוועק אינמיטען פּאַטשען), גייט דער צווייטער אָן אין נאָך יענעמס לאָזן, ווען דער ערשטער גייט צוריק אָן, צעהלט ער ווייטער פון יענער צאָהל (הונדערט) ביי וועלכער ר'איז געבליבען שטעהן.

אָהן כאַפּעלעך—דאַרף מען כסדר פּאַטשען אָהן אַנ'אויפהער ביז טויזענד און ביי אַ „לאָזען" ווען מ'גייט איבער, הויבט מען אויפסניי אָן פון אָנהויב, פון דער ערשטער הונדערט.

(פאַרשפּרייט אין פּוילען).

---

(137

## קיצקע.

עס נעהמען זיך ציגויף עטליכע יונגלעך און מען מאַכט אַזויפיל גריבלעך וויפיל יונגלעך עס האָבען זיך צונויפגענומען. די גריבלעך ווערען געמאַכט אין איין שורה און יעדער האָט זיין באַשטימט גריבעל. שטעלען זיך אַלע אַוועק, יעדער ביי זיין גריבעל און די וואָס שטעהען פון ביידע עקען שורה, קייקלען איינער צום אַנדערן, איבער אַלע גריבלעך, אַ פּילקע און אַז זי פאַלט אַריין אין וועלכען עס איז גריבעל, אַנטלויפען אַלע אויסער יענער, וואָס אין זיין גריבעל איז די פּילקע אַריינגעפאַלען. ער כאַפּט די פּילקע און שטעהענדיג—נאָכלויפען טאָר ער נישט—וואַרפט ער זי אין איינעם פון די אַנטלויפענדיגע. טרעפט ער נישט, האָט ער אַ קיצקע, טרעפט ער יאָ, כאַפּט דער געטראָפענער באַלד די פּילקע (דער געטראָפענער טאָר אויך נישט נאָכיאָגען) און וואַרפט זי אַ צווייטען אונטער די זעלבע באַדינגונגען ווי דער פריהערדיגער.

ביי יעטווידען מאָל, ווען איינער פאַרשפּילט, לעגט מען אַריין אין זיין גריבעל אַ שטיקעל גלאָז, אַ שטיקעל פּאַפּיר אָדער אַ שטיינדעל פאַר אַ סימן, אַז ער האָט איין קיצקע. די שפּיל גייט אַזוי לאַנג ביז איינער האָט זעקס אָדער אַכט קיצקעס—קלייבט מען דעמאָלט אויס צוויי יונגלעך און זיי משפּט'ן איהם.

## דער פּסק.

מען שטעלט איהם אַוועק מיט'ן פּנים צו דער וואַנד און וויפיל מ'האָט צוגע'משפּט. אַזוי פיל מאָל וואַרפט מען איהם די פּילקע אין אחור אַריין, ער זאָל וויסען אויף נאָך אַמאָל קיין קיצקעס שוין נישט צו האָבען. (טשעריקאָסי, קיעוו. גוב.).

---

(138

## אין קליפּה אָדער אין פּאַליאַנט.*)

ביי דער שפּיל זענען דאָ צוויי געצייגען: אַ פּאַליאַנט—דאָס איז אַ לאַנג, נישט זעהר קיין ברייט ברעטעל, וואָס איז באַקוואַם צו האַלטען אין דער האַנד און אַ קליפּה—אַ דיק, לענגליך־פיערקאַנטיג פאַרשניטען העלצעל פון ביידע עקען פאַרשפּיצט אין אין דערמיט פון יעדער זייט איז אויסגעשניטען איינע פון די פיער רוימישע ציפערן: 1) I, 2) III, 3) V, 4) X.

די צאָהל שפּילער.

עס שפּילען צוויי אָדער פיער—צוויי פּאָר פון יעדער זייט צו צוויי דער ערשטער פון איטליכער פּאָר וואָס גייט אָן פריהער הייסט מאַטקע **) און דער צווייטער—באַכאָר. ***) עס קאָנען אויך שפּילען דריי—פון איין זייט צוויי און פון דער צווייטער זייט איינער—אָבער דער איינער, בשעת ער פאַרליהרט, גייט ער אָן דאָס צווייטע מאָל נישט פאַר זיך, נאָר פאַר זיין באַכאָר.

געשפּילט ווערט צ. ב. אויף טויזענט און מעהר. דאָס איז ווי מ'רעדט זיך אויס.

איידער מען הויבט אָן שפּילען מאַכט מען אַ גורל ווער פון ביידע צדדים כ'זאָל אַ גיין פריהער. מען שפּייט אָן אָדער מען מאַכט אַ צייכען אויף איין זייט פּאַליאַנט פאַר אַ סימן, און איינער פון די צדדים גיט דעם פּאַליאַנט אַ וואָרף אין דערהויך, און אַז ער פאַלט מיט דער געצייכענטער זייט פון אויבען, גייט אָן דער וואָס האָט געוואָרפען, אַ נישט—גייט אָן דער צווייטער צד.

## דאָס שפּילען.

מען מאַכט אַ מעטע, אַ באַשטימט אָרט ביי אַ וואַנד אָדער אַ צייכען אויף דר'ערד און דער וואָס דאַרף אָנגעהן, שטעלט זיך אַוועק נעבען דער מעטע און דער אַנדערער שטעלט זיך אַוועק אַנטקעגען איהם אָפּגערוקט אַנ'ערך פון אַ צעהן, פופצעהן אָדער צוואַנציג טריט. דער אָנגעהער נעהמט

*) פּויליש: grajmy w palanta—שפּילען מיר אין פּאַליאַנט.
**) פּויליש: Matka.
***) פּויליש: Bachur.

דעם פּאַליאַנט און שטעלט איהם אויף דר'ערד אַ ביסעל איינגעבויג'ן צו זיך, און האַלטענדיג איהם, לעגט ער אויף איהם אַרויף אויפגעשטעלטערהייט בײַ דר'ערד די קליפּה און מיט דעם פּאַליאַנט גיט ער זי אַ וואָרף אַהין צום צווייטען. ווען זי פּאַלט אַריין אין אַ וואַסער אָדער אין אַ רינשטאָק, הייסט דאָס „ווילִיאַז" (פון פּויליש: Wylaz—אַרויסגעקראָכען). און עס געהט אי־בער. טאָמער אָבער כאַפּט ער זי אין דער לופט, האָט דער וואַרפער פאַרלוי־רען און דער געווינער האָט הונדערט פינף און צוואַנציג און געהט אָן. נאָר אַז ער כאַפּט זי נישט, לעגט דער וואַרפער אויס דעם פּאַליאַנט אויף דר'נרר אין דער ברייט אויף אַ קאַנט אויפגעשטעלט און דער אַנדערער צילט פון דעם אָרט וואו זי איז געפאַלען—נעהנטער צוגעהן טאָר ער נישט, ער מעג זיך נאָר אויסגלייכען אַנטקעגען, אויב זי איז אוועקגעפאַלען אָן אַ זייט— און ער וואַרפט זי צו טרעפען אין פּאַליאַנט. טרעפט ער און דער פּאַליאַנט פאַלט אום, האָט דער צווייטער צד פאַרלוירען און ער געהט אָן, נאָר אויב אָבער ער האָט דעם פּאַליאַנט נישט אומגעוואָרפען, קוקט מען נאָך אויף וואָס פאַר אַ ציפער די קליפּה איז געפאַלען פ־ן אויבען און לויט דער ציפער, אַזוי פיל מאָל דאַרף דער אַנגעהר קלאַפּען מיט'ן פּאַליאַנט אָן שפּיץ קליפּה, כדי זי זאָל אוועקשפּרינגען פון דער מעטע.

בשעת'ן וואַרפען די קליפּה אין פּאַליאַנט אַריין טרעפט אַמאָל, אַז די קליפּה פאַלט אויף אַ קאַנט און מ'קען נישט אונטערשיידען וועלכער ציפער ס'איז פון אויבען. מאַכט מען אַ „שפּיצע" ד. ה. דער כאַפּער נעהמט די קליפּה צווישען ביידע הענד און וועלגערט זי אַזוי אַ פּאָר מאָל הין און צוריק, דער־נאָך לאָזט ער זי אַראָפּ אויף דר'ערד און דאַן קוקט מען נאָך דעם ציפער.

טאָמער בײַ אַ קלאַפּ, אַז ס'ווערט „ווילִיאַז", איז פאַרלוירען און דער צווייטער געהט אָן.

ווען בײַ אַ זעץ אין דער קליפּה, אַז ער האָט זי נישט אָנגערירט, רעכענט זיך נישט דער קלאַפּ, אויב אָבער ער האָט זי נאָר עטוואָס אָנגע־רירט, ווערט עס גערעכענט.

נאָך דעם לעצטען קלאַפּ מעסט מען מיט דעם פּאַליאַנט פון דעם אָרט וואו די קליפּה איז געבליבען ליגען ביז צו דער מעטע און וויפיל פּאַליאַנ־טען עס זענען דאָ, אַזאַ סומע האָט דער קלאַפּער.

גערעכענט ווערט נאָר קיילעכדיגע צאָהלען, פינף גאַנצע אָדער צעהן גאַנצע צ. ב. אַז ס'איז דאָ פון זעקס ביז צעהן אָדער פון עלף ביז פופצעהן א. אַז. וו. ווערט נאָר גערעכענט פינף אָדער צעהן א. אַז. וו.

נאָך אַלע קלעפּ, אַז ס'איז גישטאָ קיין פינף פּאַליאַנטען ביז צו דער מעטע, איז פאַרלוירען און דער צווייטער צד געהט אָן.

בײַ אַ קלאַפּ, אַז די קליפּה געהט אין דערהויך, מעג זי דער קלאַ־פּער אין דער לופט אוועקקלאַפּען, כדי זי זאָל פאַלען ווייט אוועק פון דער מעטע. באַוויזט ער זי מיט איין קלאַפּ אויך אונטערצוקלאַפּען אין דער לופט אין דער הויך, האָט ער פופציג. צוויי—איינס נאָכ'ן אַנדערן—האָט ער הונ־דערט, דריי—הונדערט און פופציג א. אַז וו. נאָכדעם, נאָך אַן'אונטערקלאַ־פּען אין דער לופט, ווערט שוין אויף דער ערד נישט געקלאַפּט (הגם ער מעג נאָך האָבען אַ סך צו קלאַפּען), אויך ווערט נישט געמאָסטען.

פאַר'ן מעסטען קען איהם דער געגנער פרעגען וויפיל ער וויל און אַז ער זאָגט אַ צאָהל, מעסט מען איבער, איז דאָ מעהר, איז פאַרפאַלען, רע־כענט זיך עס נישט און ס'בלייבט בלויז די צאָהל, וועלכע איז אָנגעגעבען געוואָרען, נאָר אויב ס'איז דאָ ווייניגער—איז די גאַנצע צאָהל פאַרשפּילט. אויב דער שותף כאַפּט זיך אויך אַרויס אַ צאָהל בעת'ן פרעגען, ווערט דאָס צוגערעכענט.

עס טרעפט אויך, אַז מען מעסט נישט, נאָר מען פרעגט דעם געגנער „וויפיל ווילסטו?" און מען קומט דורך צווישען זיך מיט אַן'אָפּשאַצונג לויט'ן אויג און אייגענעם איינזעהן.

די צאָהל וויפיל איינער האָט געהאַט בײַם פריהערדיגען מאָל ווערט צוגערעכענט.

אַז איינער געווינט די אָפּגערעדטע צאָהל, קריגט דער צווייטער אַ שטראָף.

## די שטראָף.

מען וואַרפט אוועק דעם פּאַליאַנט פון דער מעטע אָן אָדער מ'גיט אַ „שפּיצע"—מ'קלאַפּט אוועק די קליפּה און וואו עס פאַלט, מוז ער דאָרט אַהינ־שפּרינגען אויף איין פוס און שטאַהענדיג אַזוי דאַרף ער דאָס געוואָרפענע אויפהויבען און צוריק שפּרינגען צו דער מעטע. אויב ער לאָזט אַראָפּ אין דער צייט דעם פוס, קריגט ער מיט דעם פּאַליאַנט איבער דער פּיאַטע דריי קלעפּ און מוז נאָכאַמאָל איבערשפּרינגען.

(וואַרשע).

---

(139

# אין סטרולקעס.

כסטרולקעס זענען קליינע שטיינדלעך; אָפטמאָל זוכט מען אויס האַר־טע וואַסער־שטיינדלעך, וואָס מ'רופט זיי קיזעל־שטיינער (מיט זיי איז באַקוועה־מער און בעסער צו שפּילען).

צום שפּילען באַנוצט מען פינף סטרולקעס.

די צאָהל פון אויסשפּילען איז הונדערט (אַמאָל הונדערט און איינס אָדער הונדערט און צוואַנציג).

מען רעדט זיך אויס: אָהן אַ רודער צי מיט אַ רודער. אָהן אַ רודער הייסט אַז בײַם אוועקנעהמען אָדער בײַם כאַפּען אַ סטרולקע פון דר'ערד זאָלען די איבריגע, וואָס בלייבען ליגען, נישט ווערען אָנגערירט, זיי טאָרען זיך נישט אַ ריהר טון. ווען דאָס געשעהט יאָ, געהט דער צווייטער אָן.

מיט אַ גראַטש אָדער אָהן אַ גראַטש.

מיט אַ גראַטש הייסט, אַז ווען איינער האָט שוין די גאַנצע צאָהל אויסגעשפּילט, דאַרף ער צום לעצטען כאַפּען צוויי ווייט פונאַנדערגעשפּרייטע סטרולקעס. כדי צו באַשטימען ווי ווייט די סטרולקעס זאָלען ליגען אָפּגע־רוקט איינע פון דער אַנדערער, צולעגט מען די פינגער פון אַ האַנד אין אַ שפּאַן ווי צו מעסטען אַ צאָל (מען באַמיהט זיך דערבײַ וואָס בעסער צוצו־שפּרייטען די פינגער, בדי עס זאָל אויסקומען וואָס ווייטער) אין מען לעגט אַנידער איין סטרולקע בײַם עק גראָבען פינגער און איין סטרולקע בײַם עק קליינעם פינגער און אַז ער כאַפּט אויס דעם גראַטש—האָט ער געוואונען.

אויף צו באַשטימען דאָס אָנגעהן צום ערשט מאַכט מען אַ „גראַד און אום" אָדער מ'צעהלט זיך אויס.

אָנגעהן דאַרף מען:

ערשט,
אַנדער,
דריט,
שטין,
שטרול,
איבער,
גראַטש.

„ערשט"—מען שיט אויס אַלע פינף סטרולקעס מיט איין מאָל. נעהמט מען איינע אין דער האַנד אַריין. מ'וואַרפט זי אין דערהויך און מ'כאַפּט מיט איהר אויס איינציגווייז אַלע פיער און בײַ יעדען מאָל כאַפּען לעגט מען די איינע געכאַפּטע סטרולקע אוועק פון דער האַנד און מ'וואַרפט ווייטער.

געכאַפּט ווערט אויף אַזאַ אופן: ווען מ'געהמט נאָכ'ן אויסשיטען די סטרולקעס איינע פון זיי, טוט מען זי וואַרף אין דערהויך, כדי זי צוריק צו כאַפּען, און פאַר דער צייט ביז וואַנען זי פאַלט צוריק אַראָפּ אין דער האַנד אַריין, כאַפּט מען פון די וואָס ליגען, איין סטרולקע אָדער מעהר. לויט דעם סדר ווי עס קומט אויס אָנצוגעהן. אַז מען דערכאַפּט נישט, געהט דער צוויי־טער אָן.

ווען מ'געהט צוריק אָן נאָך יענעמס נישט־דערכאַפּען, שפּילט מען ווייטער פון דעם מאָל בײַ וועלכען מ'איז געבליבען שטעהן און די פריהער־דיגע אויסגעשפּילטע צאָהל ווערט צוגערעכענט.

„אַנדער"—כאַפּט מען צו צוויי,

„דריט"—כאַפּט מען צוערשט דריי און דערנאָך איינע.

„שטין"—פיער מיט איין מאָל.

„שטרול"—כאַפּט מען צו איינציגע, נאָר מען לעגט זיי נישט אוועק נאָך יעדעס מאָל כאַפּען.

„איבער"—נעהמט מען אַלע פינף סטרולקעס אין דער האַנד אַריין און מ'וואַרפט זיי אַריבער אויף דער אויבערשטער זייט האַנד און דערנאָך צוריק אין ווִיפיל מ'כאַפּט, אַזוי פיל האָט מען אין די צאָהל צ. ב. אַז מ'כאַפּט

דרײ, האָט מען דרײ און מען געהט װײטער אָן פֿין אַזאַ צאָהל װיפֿיל מ'האָט געכאַפּט, ד. ה. פֿון „דרײַט".

בײם צוריק כאַפּען פֿון „איבער", אַז מען דרעהט ניט איבער די האַנד, נאָר מ'כאַפּט זי אַװעק און אויבען אַרומער כאַפּט מען די סטרולקעס, האָט מען טאָפּעלט (צ. ב. אויב פֿיר, האָט מען אַכט). דערנאָך געהט מען װײטער אָן שפּיץ א. אַז. װ.

בײם איבערװאַרפֿען אויף דער צװײטער זײט האַנד, אַז עס בלײבט אויבען ליגען ניט מעהר װי אײן סטרולקע, איז פֿאַרלוירען און דער צװײ־טער געהט אָן.

בײם צוריקכאַפּען פֿין דער אויבערשטער זײט, אַז עס פֿאַלט אַװעק אײנע אָדער מעהר איז אויך פֿאַרלוירען.

װען אײנער האָט אויסגעשפּילט און האָט שוין געװוּנען, קריגט דער צװײטער אַ שטראָף. די שטראָף הײסט:

## „ציפּעס און גראַטשעס".

דער פֿאַרשפּילטער לעגט אַנידער די האַנד און צושפּרײט די פֿינגער און צװישען די פֿינגער לעגט מען איהם אַרײן פֿיער סטרולקעס און דער גע־װאונענער זאָגט.

אויפ'ן דאַך<br>
שטעהט אַ באָבעלע,<br>
קומט אַ פֿײגעלע<br>
און כאַפּט אַרויס אַ סטרולקעלע.

(װאַרשע).

---

## װ אַ ר י אַ נ ט.

אויפ'ן בוידעם<br>
שטעהט אַ פֿױגעל,<br>
קומט אַ מױז<br>
און כאַפּט אַרױס,<br>
קומט די קאַץ<br>
און גיט אַ גראַטש.

(לאָדז).

מיט דער פֿיפֿטער סטרולקע כאַפּט ער זײ אײנציגװײז אַרויס און בײ איטליכען מאָל גיט ער איהם אַ גראַטש אין דער האַנד אַרײן און נאָך יעדען מאָל כאַפּען לעגט ער די סטרולקע אַרונטער אונטער דעם פֿאַרשפּילטענס האַנד אויף דר'ערד. צום סוף פֿרעגט ער איהם:

— װאָס װילסטו, מילכיג צי פֿלײשיג?

אַז ער זאָגט מילכיג, גיט איהם דער געװוּנענער דרײ ציפּ אין דער האַנד אויף דער הױט, און אויב ער זאָגט פֿלײשיג, לעגט ער איהם אַרונטער אויך די פֿינפֿטע סטרולקע און רײבט איהם אײן די האַנד אויף די סטרולקעס (װאַרשע)

---

(140

## אײן זאַפּאַלקעס (שװעבעלעך).

- יונגלעך קלױבען צוזאַמען אױסגעריבענע שװעבעלעך און שפּילען מיט זײ.

### דאָס שפּיל.

מ'שטעלט זיך אַװעק בײ אַ טיש אָדער נעבען אַ בענקעל, אָפֿט בײם ברעטעל פֿון אַ פֿענסטער און אײנער געהט אָן: ער לעגט אַרויף אַ שװעבעלע אויף דעם ברײטען טײל פֿונ'ם האַנד־טעלער צוריקענדיג דעם האַנד־טעלער צום קאַנט און מיט דער ברײטער זײט איבערן קאַנט גיט ער אַ קלאַפּ מיט דער באַװעגונג אַ שלײדער צו טין דאָס שװעבעלע פֿון דער האַנד אַװעק. נאָכדעם װי אײן צד האָט אַזױ אַרום אַ שלײדער געגעבען דאָס שװעבעלע, געהט אָן דער צװײטער צד. בײ װעמען עס בלײבט ליגען אײן שװעבעלע אויפ'ן אַנדערן, האָט יענער געװאונען. אויב דאָס געשעהט ניט, בלײבען די שװעבעלעך ליגען דאָרט װאו זײ זײנען געפֿאַלען און מען געהט כסדר אָן מיט אַנדערע שװעבעלעך, ביז אײנער טרעפֿט און נעהמט זײ אַלע צו מיט אַמאָל.

(װאַרשע).

---

(141

## אײן סטאַלקעס (פּענעס).

עס שפּילען צװײ. װאַרפֿט אײנער אויס—ער נעהמט אָן אַ פּענע בײם שפּיץ און הױבט זי אויף אין דערהויך, כדי זי אַראָפּצולאָזען און ער פֿרעגט דעם צװײטען:

— הױך צי שיסעל?

זאָגט יענער צ. ב.

— שיסעל.

לאָזט ער זי אַראָפּ און אַז דער צװײטער האָט געטראָפֿען, ד. ה. אויב זי איז טאַקע געפֿאַלען מיט דער פֿלאַכער זײט אַרויף, געהט יענער אָן, אַ ניט געהט אָן דער ערשטער.

מען לעגט דעם אָנגעהער אַנידער אַ פּענע מיט דער הױכער זײט אַרויף און ער געהט אָן: ער טוט אַ דריק אויף איהר מיט דעם שפּיץ פֿון זײנע אַ פּענע בײ דעם עק פֿון דער הױכער זײט און אַז זי דרעהט זיך איבער אויף דער פֿלאַכער, קעהרט ער איבער זײן פּענע אויף דער אַנדערער זײט האַל־טענדיג בײם שפּיץ און אַזױ װי אַ פֿידלער מיט דעם סמיטשיק טוט ער מיט דער פּענע אַ ציה איבער דער פֿלאַכער זײט אין דער ברײט פֿון דער ליגענ־דיגער פּענע און אַז זי דרעהט זיך איבער אויף דער הױכער זײט, הײסט עס אײן מאָל. אַז די פּענע דרעהט זיך ניט איבער מיט'ן ערשטען דרוק אָדער ציה, קומט דעם צװײטען אָנצוגעהן און די געװאונענע מאָל װערען בײם שפּעטערען מאָל אָנגעהן ניט צוגערעכענט, אויב ער האָט ניט געװאונען די פֿולע צאָהל װעלכע איז אויסגערעדט געװאָרען פֿאַר אַ פּענע.

בײ יעדען מאָל אָנגעהן, קאָן איהם דער צװײטער צו לעגען יעט־װעדעס מאָל אַן'אַנדערע פּענע צום שפּילען.

פּענעס געהען אײן מאָל, טײל—צװײ, דרײ און פֿיער, אויך פֿינף מאָל: אַלטע אויסגעריבענע פּענעס, ניט קײן צובראָכענע, געהען מעהר־סטענטײל אײן מאָל, טײל—צװײ און דרײ מאָל. נײע, נאָך ניט קײן גע־שריבענע געהען צװײ, דרײ, פֿיער און פֿינף מאָל. דאָס װענדט זיך שוין פֿונ'ם סאָרט און גרויס פֿון דער פּענע.

לײכטערע צום געװינען געהען מעהרערע מאָל, שװערערע—געהען װעניגער.

### די סאָרטען פּענעס און זײערע נעמען.

יעדער סאָרט פּענע האָט אַ נאָמען לױט'ן אויסזעהן איהרען, די נא־מען זענען:

אַנ'אײנסעל—בײ דער זײט פֿון שפּיץ איז בולט אויסגעפּרעגט דער ציפֿער 1.

אַ בולץ, אַ ביק—אַ ברײטע, גראָבע פּענע.

אַ גימעל—די פּענע זעהט אויס װי אַ גימעל.

אַ זײגער—אינדערמיט איז אויסגעפּרעגט אַזױ װי בײ אַ ציפֿער־בלאַט פֿון אַ זײגער.

אַ זעקס און אַכטציגסטעל—אויסגעפּרעגט די ציפֿער 86.

אַ טורם—דער שפּיל־טײל זעהט אויס װי אַ טורם.

אַ ירושלים'על—אויף דער פּענע איז אויסגעפּרעגט „ירושלים".

אַ למד'ל—די פֿאָרם פֿון איהר איז װי אַ „למד".

אַ מאַנדעלװוּקע—די פֿאַרענדיגונג פֿון דער האַלבער טײל בײם שפּיץ האָט אַנ'אויסזעהען װי אַ מאַנדעל.

אַ נאַפּאָליאָנקע—אויסגעפּרעגט נאַפּאָלעאָנ'ס פֿיגור.

אַ פֿיער און אַכטציגסטעל—אויסגעפּרעגט די ציפֿער 84.

אַ קישקעלע—אַ שמאָל־לע.גליכדיגע װי אַ קישקע.

אַ קעזעל—דער שפּיץ־טײל איז פֿאַרענדיגט װי די פֿאָרם פֿון אַ קעזעל.

א רוקצר—פיי דער זייט פון שפיץ איז דא א ריגצלע צו מאכען שמעלער אדער ברייטער דעם שפאלט פון שפיץ, כדי צו קאָנען שרייבען גראָב אדער דין.

א שיבער — א זעהר לאנגע פענע.

(ווארשע).

---

(142

## אין דראָד און אום.*)

איינער האלט אין דער האנד פארמאלטערהייד עטליכע ניס און פרעגט דעם צווייטען:

— דראָד צי אום?

ענטפערט איהם יענער מיט א וועלכער עס איז צאהל און אז ער טרעפט, קריגט ער די ניס, טאמער ניט, מוז ער געבען אזוי פיל ניס וויפיל יענער האט געהאט אין דער האנד.

*) דראָד — פערענדערט פון גראָד—גליך אויף גליך, צו די פאר. למשל: צוויי, פיער, זעקס. אום—ניט גליך אויף גליך, ניט צו די פאר. למשל: איינס, דריי, פינף.

---

(143

## איינער-ביינער.

מען שטעלט איין אין א טעלערל צו עטליכע ניס, יעדער א גלייכע צאהל און איינער געהט אן מיט צוויי ניס. אז עס פאלט ארויס איינע, האט ער געווינען. אויב מעהר—דאן: איז עס א גראָד, איז פארשפילט און א צווייטער געהט אן. אויב אנ'אום—איז ווי מ'רעדט זיך אויס. אדער עס איז געווינען אדער מען האט דאס רעכט איבערצוגעהן דריי מאל, ווען עס פאלען בסדר אומ'ען.

(ראדאם).

---

(144

## אין ביטש אָדער אין קאפעל.

איטליכער גיט צו פאר אדער צו צוויי פאר ניס און מען לעגט זיי ארייַן אין א קאפעל אדער אין א היטעל מיט דער איבערשטער זייט אריינגעשטופט אזוי ווי א גריבעל און איינער געהט אן: ער ווארפט, אין דער שיעף אריין אהין צוויי ניס. אויב צום ערשטען מאל פאלט ארויס איינע— געהט ער ווייטער אן מיט דער איינע ניס, און אויב צום צווייטען מאל פאלט ארויס צוויי (מען שפילט אויך, צום ערשט זאל ארויספאלען אנ'אום און נאכדעם א גראָד), האט ער געווינען און ער נעהמט זיך צו אלע ניס.

(ווארשע).

---

(145

## אין קופקעלעך.

יעדער גיט א גלייכע צאהל ניס, אזוי, אז עס זאל אויסקימען צו פיער אויף א קופקעלע. מאכט מען קופקעלעך: דריי צוזאמענגעלעגט אזוי ווי א סגול און איינע פון אויבען. די קופקעלעך ווענען געלעגט אין דער ברייט אין איין שורה. אין א פינף-צעהן טריט אפגערוקט קלערט איינער א נוס צו טרעפען אין די קופקעלעך. אויב ער טרעפט, איז וועלכעס קופקעלע ער צעווארפט, נעהמט ער זיך צו די ניס דערנאך געהט א צווייטער, אזוי כסדר ביז צום לעצטען קופקעלע.

(ווארשע)

---

(146

## שאַרעלעך.

מען מאכט א גריבעל אין מ'שטעלט זיך פון דארט אוועק אפגערוקט, א פופצעהן-צוואנציג טריט ביי א געמאלטען צייכען און איינער טוט צו ערשט א ווארף אין דער ריכטונג פון גריבעל צוויי ניס (אמאל מעהר). דערנאך ווארפט דער צווייטער אויך אזא צאהל און וועמעס ניס עס בלייבען ליגען נעהנטער צום גריבעל, דער הויבט זיי אן צו שארען איינציגווייז אין גריבעל אריין.

אז דעם ערשטענס ניס פאלען, ביים ווארפען, אלע אריין אין גריבעל—ווארפט שוין ניט דער צווייטער, נאר ער לעגט די ניס אנידער ביים געמאכטען צייכען, וואו מען שטעהט און דער ערשטער נעהמט זיי צו שארען.

ביים ארייַנשארען א נוס אין גריבעל, ווען זי פאלט ניט אריין, גאר זי קאלערט זיך אריבער אויף דער אנדערער זייט—איז פארלוירען און דער אנדערער נעהמט שארען.

געווינען האט דער וואס שארט אריין די לעצטע נוס.

(ווארשע).

---

(147

## אין גריבעל.

מען מאכט א גריבעל און מ'שטעלט זיך אוועק פון דארט א געוויסען מהלך אויף א באשטימט ארט און איינער נאכ'ן אנדערן ווארפען צו נוס אין דער ריכטונג פון גריבעל אין וועלכע נוס עס בלייבט ליגען צום נייסטען פון גריבעל, דער געהט אן: ער טוט א שנעל מיט'ן פינגער זיין נוס אין דער ריכטונג צום גריבעל און וויבאלד זי פאלט אריין אין גריבעל, האט ער געווינען אלע ניס וואס ליגען אויף דער ערד. אויב ניט, געהט אן דער צווייטער, וואס זיין נוס איז צום נייסטען פון גריבעל.

(זשעליבאָוו, שעדל. גוב.)

---

(148

## אין ביינקע*).

איטליכער גיט א גלייכע צאהל וועלשענע ניס און מען לעגט זיי אויס אין איין שורה איינע הינטער דער אנדערער, אפגערוקט אנ'ערך פון א האלב אייל און איינער שטעלט זיך אוועק א צעהן-פופצעהן טריט ווייט אנטקעגען דער לאנגער שורה און טוט א קייקעל אהין א ביינקע און אין וועלכע נוס—פון דער זייט וואס ער שטעהט—די ביינקע טרעפט, אזוי פיל האט ער געווינען. דערנאך געהט אן א צווייטער, אזוי כסדר.

(משערקאסי, קיעוו. גוב.)

*) א קיילעכדיגע קויל פון גלאז אדער פון אייזען.

---

(149

## אין קופקע.

יעדער לעגט אריין צו פאר אדער צו צוויי פאר ניס אין א גריבעל אין איינער געהט אן מיט צוויי ניס, אז עס פאלט ארויס איינע, איז געווינען און ער נעהמט זיך צו אלע ניס פון גריבעל און מען לעגט אויפסניי אריין יעדער א גלייכע צאהל און עס געהט אן א צווייטער, לויט ווי עס ווערט אפגערעדט.

כאמער פאלט ארויס, ביים אנגעהן, מעהר ווי איינע אדער גאָרניט איז פארשפילט און עס געהט אן א צווייטער.

(טשערקאסי, קיעוו. גוב.)

(150

## וואַרפֿעל

עס שפּילען צוויי אָדער מעהר. יעדער גיט אַ וועלטצענע ניס אין מען לעגט זיי אַוועק איינע נעבען דער אַנדערער און פֿון דעם אָרט מעסט מען אָפּ דריי פּיס און איינער שטעלט זיך אַוועק אויף דעם אָרט גלייך ווי אַ סטרונע, די האַנד ציגעבויגען צום פּנים נעבען דער גאָמבע און ער האַלט אין דער האַנד אַ נוס (אויך אַ וועלשענע) און צילט צו טרעפֿען אין די אויסגעלעגטע נוס אַריין. ביים וואַרפֿען טאָר ער די האַנד ניט אָפּביגען—ניט אויסציהען פֿון אָרט. טרעפֿט ער אין אַ נוס, נעהמט ער אַלע צו. אויב ניט—גהעט אַ צווייטער אָן.

די נוס וועלכע מען וואַרפֿט, נעהמט מען זיך צוריק צו.

(שישלעוויטש, גראָדנ. גוב.).

(151

## איינס און צעהן אָדער אין טעלעריל.

יעדער זאָלצט איין (שטעלט איין) צו פּאָר אָדער צו צוויי פּאָר ניס אין אַ טעצעלע און איינער גהעט צו ערשט אָן, ד. ה. ער טוט אַ וואָרף צוויי ניס אין טעלעריל און אַז עס פֿאַלט אַרויס איינע, נעהמט ער דערנאָך אַלע ניס אין דער האַנד אַריין און וואַרפֿט זיי כסדר אין טעצעלע און יעדעס מאָל רעכענט ער צונויף די אַרויסגעפֿאַלענע, אַזוי לאַנג ביז ער צעהלט צוזאַמען צעהן. דעמאָלט האָט ער געוואונען. טאָמער זענען אַרויסגעפֿאַלען מעהר ווי צעהן האָט ער ביי דעם מאָל אָנגעהן פֿאַרלוירען און דער צווייטער גהעט אָן; דעסגלייכען, אַז עס פֿאַלט גאָרניט אַרויס.

ביי יעדען מאָל אָנגעהן נעהמט מען אַנדערע צוויי ניס.

(וואַרשע).

(152

## אין מצה (אויף ניס).

איינער ברעכט איבער אַ שטיקעל מצה אויפֿ'ן געוועדעלטען אָרט און ער שטעלט עס צוריק צוזאַמען ניט צום דעריקענען און דער צווייטער דאַרף טרעפֿען דאָס אָרט וואו ס'איז איבערגעבראָכען, אַז ער טרעפֿט, געווינט ער איין נוס אָדער צוויי; אויב ניט—פֿאַרשפּילט ער די זעלבע צאָהל.

(פֿאַרשפּרייט).

(153

## אין ברעטעל.

עס שפּילען עטליכע.

מען שטעלט אַוועק אַ ברעטעל אין דער קוואַר אָנגעשפּאַרט אָן אַ וואַנד אָדער ד. ג. און עס גהעט אָן דער ערשטער. ער לאָזט אַראָפּ אַ נוס פֿון ברעטעל. דערנאָך גהעט אָן אַ צווייטער און ער באַמיהט זיך צו טרעפֿען אין דעם פֿריהערדיגענס נוס. טרעפֿט ער ניט, בלייבט זיין נוס אויך ליגען און עס גהעט אָן אַ דריטער און אַזוי כסדר. טרעפֿט איינער יאָ, האָט ער געוואונען אַלע ניס. און עס גהעט אָן דעמאָלט דער, וואָס איז נאָך דעם געוואונענעם אין דער ריהה.

(פֿאַרשפּרייט).

(153א

יעדער גיט צו נוס און מען מאַכט פֿון זיי אַ קופּקעלע אָפּגערוקט אַ ביסעל פֿון ברעטעל אין דער מיט און עס גהעט אָן דער ערשטער: ער לאָזט אַראָפּ אַ נוס פֿון ברעטעל. און אַז ער טרעפֿט און עס צושיט זיך דאָס קופּקעלע, האָט ער געוואונען, אויב ניט, בלייבט זיין נוס ליגען און עס גהעט אָן אַ צווייטער, אַ דריטער און אַזוי כסדר,

אַז מען טרעפֿט, נעהמט מען צו אַלע ניס אפילו די, וואָס מען איז מיט זיי אָ געווינגען.

(שעדל. גוב.).

(154

## אין אַרבעס (באָבעס).

מען גראָבט אויס זיבען גריבלעך. זעקס פֿון זיי זענען אין צוויי שורות, צו דריי אין אַ שורה אין דער ברייט און דאָס זיבעטע איז איבער זיי אין דערמיט, דאָס זיבעטע איז געמאַכט ברייטער. גרעסער און דאָס הייסט „מלך".

דאַן לעגט יעדער אַריין צו איינציגע באָבעס אין איטליכען גריבעל און מען שטעלט זיך אַוועק אָפּגערוקט אַ געוויסען מהלך אויף אַ באַשטימטער אָרט און דער ערשטער, וואָס גהעט אָן, וואַרפֿט פֿון דעם אָרט אַ באָבע צו טרעפֿען אין איינע פֿון די גריבלעך. טרעפֿט ער אַריין אין איינע פֿון די צוויי שורות גריבלעך (און די באָבע בלייבט דאָרט ליגען), האָט ער געוואונען די אַרבעס נאָר פֿון דעם גריבעל, טאָמער אָבער טרעפֿט ער אַריין אין אויבערשטען, אין „מלך", האָט ער געוואונען אַלע אַרבעס פֿון אַלע גריבלעך.

אויב דער ערשטער טרעפֿט ניט, גהעט אָן אַ צווייטער, אַ דריטער און אַזוי ווייטער.

כדי דעם וואַרפֿער צו פֿאַרמישען אָדער אויך דעמאָלט ווען ער טרעפֿט ניט, ווערט אָפֿטמאָל איבערגעחזר'ט דער שפּרוך:

באָבע די לאָזע,
די רויטע קאָזע.
די מאַמע האָט דיר היינט געקויפֿט אַ פּלעצעלע
פֿון פּוטער.

פֿאַר אַ סגולה, עס זאָל זיין מזל'דיג אַריינצוטרעפֿען, וואַרפֿט מען מיט „אַנ'אָדלער". דאָס איז אַנ'אויסגעוואַקסען קעפּעל ביים קאַנט פֿון דער באָבע.

(קאָרעץ, ווהל. גוב.).

(155

## אין חזיר'ל.

וויפֿיעל אַנטיילנעהמער עס זענען פֿאַרהאַן ביי דער שפּיל, אַזוי פֿיעל גריבלעך מאַכט מען, אַלע אין איין שורה, לענג אויס, און יעדער באַקומט זיין באַשטימטע גריבעל. דערנאָך צעהלט מען צווישען זיך אויס איינעם און דער אויסגעצעהלטער שטעלט זיך אַוועק פֿאַר דער שורה גריבלעך, אָפּגערוקט אַפּאָר טריט (די איבריגע אַנטיילנעהמער שטעהען ביי דער זייט) און ער טוט אַ קאָלער אַ קאַרטאָפֿעל איבער די אַלע גריבלעך און אַז זי פֿאַלט אַריין אין איינעם פֿון זיי און בלייבט דאָרט ליגען, אַנטלויפֿען אַלע אַנטיילנעהמער חוץ דער איינער פֿון דעם גריבעל. ער טוט אַ כאַפּ די קאַרטאָפֿעל און וואַרפֿט אין איינעם פֿון די אַנטלויפֿענדע. טרעפֿט ער און די קאַרטאָפֿעל שלאָגט זיך אָן אין יענעם, לעגט מען אין דעם געטראָפֿענעמ'ס גריבעל אַ שטיינדעל ד. ה. ער האָט איין חזיר'ל. אויב דער וואַרפֿער טרעפֿט ניט, לעגט מען אַריין אין זיין גריבעל אַ שטיינדעל אין מען שפּילט ווייטער, עס גהעט אָן דער וואָס באַקומט אַ חזיר'ל.

ווען איינער באַקומט פֿינף שטיינדלעך, האָט ער פֿאַרשפּילט, איז ער אַ „חזיר'ניק", אַ „מאַטשערע" אין מען שרייט אויף איהם:

— „חזיר'ניק, פּאַשע די חזירימלעך!"

(זשעלעכאָוו, שעדל. גוב.).

(156

## אין קנעפּ, אָדער אין מאַניאַקעס.

דאָס רוב שפּילען צוויי.

איינער גיט אַ וואָרף אַ קנעפּעל (אָדער אַ מאַניאַק) אָן דער וואַנד אויף אַזוי אַנ'אופֿן עס זאָל אָפּשפּרינגען וואָס ווייטער. דערנאָך טוט דער צווייטער אויך דאָס זעלבע, נאָר ער צילט זיך שוין צו טרעפֿען צום ערשטענס קנעפּעל. טרעפֿט ער ניט און זיין קנעפּעל פֿאַלט אַוועק ווייטער ווי אַ צאָל (אַ שפּאַן פֿינגער) פֿון יענעמס, בלייבט שוין זיין קנעפּעל ליגען אויף דעם

אָרט, וואו עס איז געפאַלען און עס געהט ווידער אָן דער ערשטער מיט זיין קנעפעל און ער ציילט זיך אויך צו טרעפען אין דער נאָהנט פון א צאָל צום צווייטענס, אזוי כסדר.

אז איינער טרעפט און דאָס קנעפעל בלײבט ליגען נאָהנט פון יענעמס אויף א צאָל אָדער נעהנטער, איז געוואונען איין מאָל.

אום זיך איבערצוצייגען צי עס איז ריכטיג א צאָל.—מעסט מען אזױ: מען לעגט אַרויף דעם גראָבען פינגער אויף איין קנעפעל אין דעם קליינעם פינגער ציהט מען אויס צו פאַרלעגען דאָס צווייטע קנעפעל. אויב דאָס קנעפעל בײם קליינעם פינגער איז נאָר קוים עטוואָס פארנומען אין עס איז א ספק צי דער קליינער פינגער האָט עס די מעגליכקייט פעסט צוצוהאלטען, פראָבירט מען מיט אַ בלאָז אין דעם קנעפעל. אמאָל פראָבירט מען מיט איין אָדער דריי ליכטע שנעל, און אז עס רוקט זיך נישט אוועק פון אָרט, איז דער צאָל א ריכטיגער.

מען שפּילט אויך אויף אזא באַדינג, אז איין צאָל איז צוויי מאָל און צוויי צאָל איז איין מאָל.

בײ איינעמס אָנגעהן, אז דאָס קנעפעל פאַלט האַרט בײ דער וואַנד און עס איז אָפּגערוקט פון דאָרט ווייניגער ווי א צאָל אָדער ווייניגער ווי די לענג פינ'ם טריט, איז „דאָם" אָדער „מעטע" אין עס קומט דעם אָנגעהר איבערצוגעהן.

אז דאָס קנעפעל פאַלט אריין אין רינשטאָק געהט מען אויך איבער.

קליינע, ווי הויזען־קנעפלעך א. ד. גל. געהען דאָס רוב איין מאָל, גרעסערע, בעסערע—צוויי מאָל. מאָניאַקעס געהען צוויי, דריי און אויך פיער מאָל.

סאָרטען־נעמען פון קנעפלעך.

א קליינער—אַ שטאָלערן הויזען־קנעפעל.

אגער—א גרויסער, א פאַלטען־קנאָפּ.

סאָרטען־נעמען פון מאָניאַקעס:

א גלאָדוש—אַ גלאַטער פון אויבען.

א פאָטשטאַליאָן, אַ פּאָטשטווקע—די מעשענע קנעפּ פון די מונדירען, וואָס עס האָבען געטראָגען די רוסישע פאָסט־בעאַמטע אין פוילען.

א קריינדעל, אַנ'אָריאָל—פון אויבען מיט אַנ'אָדלער.

---

(157

## אויסצונאַרען אַ יאָ מיט אַניין מיט אַנישט.

איינער פרעגט דעם אנדערן:

— כ'וועל קענען בײ דיר אויסגענאַרען א יאָ מיט א ניין מיט א נישט?

ענטפערט דער צווייטער:

— ווי ס'וועט מעגליך זיין.

הויבט דער ערשטער אָן צו דערצעהלען פאַרשידענע זאַכען און מעשיות אמת'ע און נישט אמת'ע, וואָס ער האָט מכלומר'שט געזעהען אָדער געהערט דערצעהלען וועגען איהם אָדער וועגען זיינס א באַקאַנטען, א משפחה א. ד. ג. יענער ווידער דאַרף אָפּענטפערן אויף דער ריכטיגקייט פון דער זאַך אָדער נישט, דערבײ דאַרף ער אין זינען האָבען זיך נישט אַרויסצולאָזען מיט א יאָ אָדער ניין און נישט. טאָמער פאַרגעסט ער זיך און זאָגט אַרויס איינס פון זײ צ. ב. א יאָ. רופט אויס, דער אויסנאַרער:

— „האָב איך שוין א יאָ".

דער שמועס ווערט געפיהרט צ. ב. אויף אזא אופן:

ערשטער:

דו האָסט היינט געגעסען חזיר.

צווייטער (קען דאַרויף ענטפערן):

האָב איך געגעסען.

אָדער:

— פון וואַנען ווייסטו, אז כ'האָב געגעסען?

ערשטער:

— מעג א יוד עסען חזיר?

צווייטער

— אז כ'האָב געגעסען, מסתמא מעג איך.

ווען דער אויסנאַרער זעהט, אז ער קען איהם אויף דעם שוין נישט כאַפּען, הויבט ער אָן ווידער דערצעהלען עפּעס אַנדערש און פרעגען. און אזוי כסדר.

(פאַרשפּרייט אין פוילען).

---

(158

## שבת־לעמפּעל.

איינער זאָגט צום צווייטען:

— האָב איך וועל זאָגען, זאָלסטו זאָגען „שבת־לעמפּעל".

זאָגט דער צווייטער:

— גוט.

און דער ערשטער זאָגט:

— אלף.

— שבת־לעמפּעל.

— בית.

— שבת־לעמפּעל.

— גימל.

— שבת־לעמפּעל.

— דלת.

— שבת־לעמפּעל.

— הא.

— שבת־לעמפּעל.

— וואָו.

— שבת־לעמפּעל

— זין.

— שבת־לעמפּעל.

— חית.

— שבת־לעמפּעל.

— טית.

— שבת־לעמפּעל.

— יוד.

— שבת־לעמפּעל.

רופט דער ערשטער אויס:

— א יוד מעג אָנצינדען אין שבת א לעמפּעל?

(וואַרשע)

---

(159

איינער פרעגט דעם אנדערן:

— ווען איז ראש־חודש?

ענטפערט דער צווייטער:

— יאַמפּעלינע,

יאַמפּעליינע,

יום הששי,

יום השני.

מאָנטאָג און דאָנערשטאָג

וועט זיין ראש־חודש.

(לובלין).

(160

אַז צװײ קינדער װערען ברוגז און זײ בעטען זיך צוריק איבער, נעהמען זײ זיך אָן אײנס ס'אַנדערנס בײ דעם קלײנעם פינגער און זינגען:

רינקעלע, רינקעלע,
רוגז,
זעמיר געװאָרען
ברוגז.

רינקעלע, רינקעלע,
רינק,
זעמיר חבר
צוריק.

חבר, חבר,
אויף די װעלט;
נאָט 'עט געז געבען)
אַ זעקעלע געלד.
װאָס יעך װעל האָבען,
װעל איך דיר געבען;
האָס דו װעסט האָבען
װעסטו מיר געבען.

און אײנער פרעגט דעם צװײטען:

— װאָס װילסטו, אַ רעטאַך צי אַ רינב?

ענטפערט:

— אַ רעטאַך.
— כ'על דיר געבען אַ לעקאַך.

און ער פרעגט איהם װײטער:

— װאָס װילסטו, אַ רעטאַך צי אַ רינב?
— אַ רינב.
— כ'האָב דיך ליב.

(װיהוען, בעלס קרײז)

נאָטען צום נומער 133 פון עמוד 144

דרעהעלעך



# טרפה'נע סחורה

(פורים-שפיל)

פערשריבען און איבערגעגעבען מיט די מעלאָדיעס

## פון שמואל לעהמאן



סצענע פֿון פּורים-שפּיל „טרפה׳נע סחורה״ געשפּילט אין סאָבאָטשעט (תּאַרשאָחער תּאָיעה.)



# טרפה'נע סחורה

## פורים־שפיל

I

(אין שטוב קומט ארייגצוּלויפן א יוד, א קאָנטראַבאַנדיסט מיט א פּעקעל אויף די פּלייצעס)

**יוד:** יודען, בּני־רחמנים, לאָזט מיך באַהאַלטען אַ פּעקעל טרפה'נע סחורה! איך בין אַ טאַטע פון קליינע קינדער, עטך זאָלט נישט אויסזאָגען וואו כ'בין (ער באַהאַלט זיך)

(עס קומט אריין א „סטארשי" מיט א סטראַזשניק.)

**סטאַרשי:** כאַזיאַין, גדיע זדיעס יעווּרעיסקי קאָנטראַבאַנדיסט? ניעטו יעוואָ?

**בעל־הבית** (אָדער בעל־הבית'טע)**:** ניעטו.

**סטאַרשי** (צום סטראַזשניק)**:** שוקאַט יעוואָ.

(זיי זוכען דעם יוד און געפינען איהם נישט, געהען זיי אַוועק און קומען צוריק אריין און פרעגען זיך ווידער דאָסזעלבע און דער בעל־הבית (אָדער די בעל־הבית'טע) ענטפערט זיי, אז ער איז נישטאָ. דאָס איבערחזרט זיך עטליכע מאָל צום סוף גיט דער יוד אַ הוסט און דער סטראַזשניק געפינט איהם. שלעפּט ער איהם אַפּער פון באַהעלטעניש און דער „סטאַרשי" טוט א פייף, קומען אריין נאָך כּמה־אַזשניקעס און זיי ריגלען ארום דעם קאָנטראַבאַנדיסט. דאַן קומט אויך אריין דער נאַטשאַלניק, מאַכט מען איהם אַ וואַרע און דער „סטאַרשי" גיט אַ געשריי):

—דאַיטיע דאָראָגו! גאָספּאָדין נאַטשאַלניק אידיאָט!

**סטאַרשי** (צום קאָנטראַבאַנדיסט)**:** פּראַשפּאָרט מאַיעש?

**יוד:** וואָס ווילסטו אַ פּאַסיקעל? איך האָב נישט קיין פּאַסיקעל, סאָרע (וואָס פאַר אַ) פּאַסיקעל? כ'ווייס גאָרנישט. וואָס?

**סטאַרשי:** דאַוואַי פּאַשפּאָרט!

**יוד:** געהסט מיר געבּען אַ פּאַטש, איך קען דיר געבּען צוויי פּעטש (און ער גיט איהם אַ פּאַטש).

(דער סטראַזשניק נעהמט דאָס זעקל מיט די סחורה און ער גיט דאָס דעם „סטאַרשי" צו באַקוקען.)

**סטאַרשי** (צום יוד)**:** שווידעסטוואָ נאַ טאָוואַר מאַיעש?

**יוד:** וואָס ווילסטו פון מיר אַ פּאָר פּאָדעשוועלעך? איך האָב מיר אַ צינד געלאָזט לעגען פּאָדעשוועס, ווילסטו זיי אַראָפּרייסען.

**סטאַרשי:** שווידעטעלסטוואָ נאַ טאָוואַר.

**יוד:** וואָס ווילסטו פון מיר, ס'איז אין דרויסען אַ רעגען, ווילסטו מיר אַראָפּרייסען די פּאָדעשוועלעך. יודען, בּני־רחמנים, דעם טלית און תפילין נעהמט ער מיר צו.

**נאַטשאַלניק:** ביעריטיע יעוואָ!

(די סטראַזשניקעס נעהמען איהם אַן)

**יוד** (זינגט)**:**

איך בין אמאל געוועזן.




כ'בין אַ מאָל געוועזן אַ בּראַווער מאַן, אַ בּראַווער מאַן,
בּין איך געקומען מיט סחורה קיין דיזען לאַנד.

**אַלע** (צוזינג)**:**



**יוד:** קיין דיזען לאַנד בּין איך געקומען, בּין איך געקומען,
די רעכטע פּאָליציע האָט מיך צוגענומען.

**אַלע** (צוזינג).

**יוד:** אזוי ווי ס'איז נישטאָ קיין נייעס צו דערצעהלען, קיין נייעס צו דערצעהלען,
איך זינג מיר אליין פון צרות און פון ליידען.

**אַלע** (צוזינג).

**יוד:**

כ'האָב ארומגערייזט די גאַנצע וועלט.



איך האָב אַרומבערייזט די גאַנצע וועלט,
כ'האָב געקענט האָבען דאָס רעכטע גליק,
קיין פאַרגעניגען איז פאַר מיר קיין געלד,
צו דער תפיסה ציהט מיך צוריק.
סטאַרשי: קאַק טעביע זאָוואוט?
יוד: שינדרע־מינדרע שאַט.
סטאַרשי: קאַקאָי שינדרע־מינדרע שאַט?
יוד: משה־מרדכי, יאַנקעל־מלמד, משה זון מיך.
סטאַרשי: אָטקודעוואַ?
יוד: וואַרשאַווסקאַ גמינאַ־כאַדאַקאָווסקאַ.
נאַטשעלניק: פּיסאַט יעמו פּיאַט' ליעט קאַטאָזשינאַ ראַבאָטאַ
(דער שרייבער זיצט ביים טיש און שרייבט.)

יוד (זינגט): מיט'ן פריהערדיגען מאָטיוו.
איך בין אָפּגעפאַלען מיט צעהן פּראָצענט,
כ'האָב עס געטון גוט הערען,
זוי, דאָס פייער האָט מיין האַרץ פאַרברענט,
איך טו עס לעשען מיט מיינע הייסע טרעהרען.

יודען, בני־רחמנים,
נעהמטס מיך אַרויס פון זייערע הענד,
גיט שוין דאָ אַ קוק,
מ'שרייבט שוין פינף יאָהר אַרעסטאַנט.

אַרעסטאַנט בין איך שוין,
כ'האָב אינדערהיים אַ ווייב און קינדער,
שענקטס, ליבע יודעלעך,
איין נדבה יעדערן באַזונדער!
(דער שרייבער שטעלט זיך אויף)

אַלע (זינגען):

בלייבט שוין מיר געזונט.



בלייבט שוין מיר געזונט אַלע בײנאַנד,
מ'געהט שוין פון אייך אַוועק, אַוועק, אַוועק;
גאָט זאָל אייך געבען
איהר זאָלט פרייד און נחת דערלעבען
און אונז דאָס ביסעלע געלד.

בלייבט שוין מיר געזונט אַלע בײנאַנד,
מ'געהט שוין פון אייך אַוועק, אַוועק, אַוועק;
גאָט זאָל אייך געבען
טוי און רעגען (אָדער: געזונד און לעבען).
און אונז דעם גליקליכען וועג.
(סאַכאַטשעוו, וואַרש. גאָיעה.)

## II

יוד:
אַ גוטען פּורים, בעל־הבית לעבען,
היינט איבער אַ יאָהר זאָלט עטץ נחת דערלעבען,
גאָט זאָל אייך מכל־טוב געבען
און ישיעות ונחמות זאָל מען איבער אַ יאָהר דערלעבען.
(עס קומט אַריין דער רעוויזאָר און דער קאָנטראַבאַנדיסט באַהאַלט זיך אונטערן טיש.)
רעוויזאָר: טו ניע פּרישאָל אָדין טשעלאָוויעק צאָ מאַ זאַגראַ־ניטשני טאָוואַר?
בעל־הבית: ניעטו.
יוד: קוקערעקו!
דאָ בין איך דאָ.
(דער סטראַזשניק נעהמט איהם זוכען און געפינט איהם אונטערן טיש.)
רעוויזאָר: פּאַשפּאָרט מאַטיע?
יוד: בעל־הבית לעבען,
איהר זאָלט מיר נחת דערלעבען,
איהר האָט אַ פּאַסעק, כ'האָב אַליין אַ שטריקעל,
אפשר האָט איהר—באָרגט מיר, וועליך איהם געבען.
רעוויזאָר: פּאַשפּאָרט מאַטיע?
יוד: כ'האָב אַ שטריקעל, וויל ער גאָר אַ פּאַסעק.
רעוויזאָר: קאַק ווי נאַזיוואַטיע?
יוד: קאַק מיט בלוט און מיט אייטער.
רעוויזאָר: קאַק טוואָיאַ פאַמיליאַ?
יוד: קאַק בעזפּלאַס.
רעוויזאָר: טשטאָ מאַטיע טו טאָוואַר?
יוד: כ'האָב אַ פּאָר שאָק אייער מיט שמאַטעס,
גראַטעס
און לעג אַריין דיין קאָפּ מיט די פיס,
וועט זיין נאָך שווערער.
רעוויזאָר (צום סטראַזשניק): פּיסאַט!
(דער סטראַזשניק זעצט זיך אַוועק שרייבען.)
סטראַזשניק (צום יוד): קאַק טוואָיאַ פאַמיליאַ?
יוד: קאַק מיט בלוט און לעג אַריין די הענד מיט די פיס.
רעוויזאָר (צום סטראַזשניק): וואָזמי יעוואָ!
יוד: בעל־הבית לעבען, לייזט מיך אויס, מען געהט מיך איינזעצען.
(דער קאָנטראַבאַנדיסט נעהמט פון בעל־הבית געלד און טראָגט עס צו צום רעוויזאָר.)
רעוויזאָר: פּאָשאָל! סטראַזשניק, וואָזמי יעוואָ!
יוד: בעל־הבית לעבען, גיט מיר נאָך געלד, מען געהט מיך איינזעצען.
רעוויזאָר (שטופּט איהם): אידי!
אַלע: אַ גוטען פּורים.
(לוביטש, וואַרש. גאָיעה.)

# די יודישע זשארגאנען

(גנבים, כלי־זמר־ און בעל־עגלה־זשארגאן)

געזאמעלט און בעארבייט

פון י. טריוואקס

# די יודישע זשאַרגאָנען

## אַלגעמיינע פאָר-בעמערקונג.

די יודישע שפראַך האָט, שיינט מיר, קרוב צו צוויי צעהנ-דליג יודישע זשאַרגאָנען, דהיינו (איך רעכען-אויס בלויז די, וואָס זענען מעהר אָדער וועניגער פערטראָטען אין מיין קאָלעקציע): פון גנבים, כלי-זמר, בעלי-עגלות, אקטיאָרען, חזנים, זעצער, שניי-דער, קצבים, יוועלירען און נאָך אַנדערע. דערמיט זענען מיר ניסס בעסער אָדער ערגער פון אַנדערע פעלקער.

פרידריך קריסטיאַן בענעדיקט אַווע-לאַלעמאַן (1809–1892*), דער גרעסטער פאָרשער פון דער דייטשער גנבים (גאַונער)-שפראַך, האָט פעסטגעשטעלט אין דייטשלאַנד צוועלף שטאַנד-און פראָפעסיאָנעלע גרופען, וואָס יעדע פון זיי האָט אַ מענגע אייגע-נע ווערטער און פראַזען, אַלזאָ די גנבים, סטודענטען, יעגער, שיפער, בערגלייט (גרובען-אַרבייטער), סאָלדאַטען, סוחרים, האַנד-ווערקער און אַז. וו.).

ווי אַ סך אַנדערע געביטען פון דער יודישער פילאָלאָגיע, זענען אויך די יודישע זשאַרגאָנען לחלוטין נאָך נישט בעאַרבייט. פון אַלע האָט בלויז דאָס כלי-זמר-לשון זוכה-געווען צו דער קליי-נער זאַמלונג פון איהרע ווערטער, פערעפענטליכט פון די דרי"ם ווייסענבערג און לאַנדוי**). שפעטער האָט ה' נח פרילוצקי פער-עפענטליכט זיין אַרבייט***). אָבער וועגען דער יודישער גנבים-שפראַך האָט נאָך ביז איצט, אויף וויפיל מיר איז בעקאַנט, קיי-נער נישט געשריבען. איך גיב לעת-עתה איבער צום דרוק דריי זשאַרגאָן-קאָלעקציעס: פון די גנבים, כלי-זמרים און בעלי-עגלות. אין די דאָזיגע זשאַרגאָנען זענען פאַרהאַן אַ געוויסע צאָהל ווערטער, וואָס זענען אייגען עטליכע פון זיי, בפרט זענען אַ פאָר צעהנדליג ווערטער אידענטיש אין דער גנבים-און כלי-זמר-שפראַך. דערזעלבער פאַל איז אויך אין די זשאַרגאָנען פון אַנדערע שפראַכען; אַפילו די דייטשע גאַונער-און סאָלדאַטען-שפראַך האָבען שותפות'דיגע ווערטער. אויב אַ וואָרט חזר'ט זיך איבער אין צוויי פון אונזערע זשאַרגאָנען איז די עטימאָלאָגישע ערקלערונג געגעבען נאָר אין איינער פון זיי.

איך האַלט מיינע ווערטער-זאַמלונגען פאַר חייט נישט-אויס-שעפענדיגע. עס וועלען נאָך פערשידענע מענשען מוזען אַרבייטען ביים זאַמלען און אויספאָרשען די יודישע זשאַרגאָנען ביז מיר וועלען קאָנען האָבען אַ רעכטע אַרבייט אויף דעם געביט.

ווי ווייט איך בין געווען בכח, האָב איך געזעהן, אַז די ווערטער, וואָס איך האָב געזאַמעלט מפי-השמיעה, זאָלען זיין פאָנעטיש וואָס גענויער איבערגעגעבען. דאָס קאָן אָבער נישט געזאָגט ווערען וועגען די וואָקאַבלען, וואָס איך האָב גענומען פון ליטעראַטור-מקורים; זיי זענען איבערגעגעבען אין דער גע-שטאַלט ווי זיי זענען געדרוקט אינ'ם ליטעראַטור-מקור.

הלואי זאָל דאָס פערעפענטליכען מיינע קאָלעקציעס דער-וועקען דעם חשק ביי אונזער שפראַך-ליבהאָבער צו זאַמלען די אוצרות פון די יודישע זשאַרגאָנען. מיין זאַמלען איז ווייטער אין גאַנג, און איך וועל זעהר דאַנקבאַר זיין די יעניגע, וואָס וועלען מיר צושיקען די ווערטער, וועלכע איך האָב פערפעהלט, אָדער וועלען מיר אָנווייזען אויף מיינע טעותים.

# I. גנבים-לשון.

## פאָר-בעמערקונג****).

עס איז לייכט פעסטצושטעלען, אַז די גנבים-באַנדעס, וואָס האָבען מורא פאַר דער שיין, האָבען פאַר זייערע גע-היים-לשונות גערן אויסגעקליבען ווערטער פון פרעמדע שפראַ-כען, על-פי-רוב פון די שפראַכען פון די לאַנד-מינדערהייטען. אין דייטשלאַנד איז די גאַונער-שפראַך (אָדער ראָטוועלש, קאָ-כעמערלאָשען), דאָס לשון פון די דייטשע גנבים, איבערפולט מיט העברעאישע ווערטער, בפרט מיט די-יעניגע העברעאישע ווערטער, וואָס זענען אריין אין יודיש. דאָס זעלביגע גורל, וואָס האָט אין דייטשלאַנד געטראָפען דאָט העברעאישע, האָט אויך געטראָפען די דייטשע שפראַך אין מאַנכע לענדער, וואו די דאָזיגע שפראַך איז לגמרי געווען פרעמד, למשל ביי די סלאָווענען, אין שפאַניען א. אַ. וו. אין דער סלאָווענישער

---

*) Avé-Lallement: Das Deutsche Gaunerthum, III, 93—165 Leipzig, 1862.

**) S. Weissenberg: Die „Klesmer-Sprache", Mitteilungen der Anthropologischen Gesellschaft, Wien, 1913.— A. Landau: Zur russ-jüd. „Klesmer"-Sprache, ibidem.

***) נח פרילוצקי: לשון הכלי-זמרים בפולניה. „רשומות" I, מאסף לדברי זכרונות, לאתנוגרפיה ולפולקלור בישראל", ערוך ע"י א. דרויאנוב בהשתתפות י. ח. רבניצקי וח. נ. ביאליק, אודיסה, תרע"ח, עמודים 272—291.

****) אַ טייל דאַטען צו דער פאָרבעמערקונג האָב איך גענומען פון Mathias Mieses, Die Entstehungsursache der jüdischen Dialekte, Wien, 1916.

גנבים-שפּראַך איז דער גרעסטער טייל פֿון די געבאָרגטע ווערטער, וועלכע מען קאָן נאָך דערקענען, פֿון דייטשען שורש. די שפּאַנישע גנבים-שפּראַך, וואָס הייסט כאַראַקטעריסטיש „זשערמאַניאַ", האָט אַ טייל פֿון איהר וואָרט-אוצר איבערגענומען פֿון די דייטשע סאָלדאַטען אויף דער איבעריִשער האַלבּ-אינזעל. די געהיים-לשונות פֿונ'ם באַלקאַניִשען האַלבּ-אינזעל האָבען זייער יסוד אין דעם דיאַלעקט פֿון די העלדישע, אַלטפּעטעריש-וואוילע, אָבער שפּראַכליך-איזאָלירטע אַלבּאַניער. אין רוסלאַנד איז דאָס געהיים-לשון פֿון די סוזדאַלער הענדלער אויסגעמישט מיט גריכישע און באַרבּאַריִשע ווערטער. די שפּראַך פֿון די העלענען האָט אויך בעריייכערט די געהיימע דיאַלעקטען פֿון די רוסישע גובּערניעס ריאַזאַן און טאַמבּאָוו. אויך די פּויליִשע שפּראַך האָט אַ געוויסען חלק אין דעם רוסיִשען גנבים-לשון. דערפֿאַר ווידער האָט די שפּראַך פֿון די וואַרשאָווער פּויליִשע גנבים אַ סך בעריִהרונגס-פּונקטען מיט'ן רוסישען סוזדאַל. אינ'ם פֿראַנצויזישען אַרגאָ (Argot) זענען פֿערטרעטען כּל'ערליי לשונות: שפּאַניש, איטאַליעניִש, דייטש, ערטערווייז ברעטאָניש, אַפֿילו גריִכיש, העבּרעאיִש, אַראַבּיש און סאַנסקריט. דאָס דזשערגאָ (Gergo) פֿון די איטאַליענישע גנבים, אין וועלכען מען געפֿינט נאָך היינט גריִכישע ווערטער, האָט אין די פֿריהערדיגע יאָהרהונדערטען געטראָגען דעם ליִכטיגען טיטול „יאַנאַדאַטיקאַ", ד. ה. יאָניש-גריִכיש. אין ענגלאַנד האָט אַמאָל די גנבים-שפּראַך, דאָס סלענג (slang) געהייסען „פּעדלער-פֿרענטש" (הויזירער-פֿראַנצויזיש) אָדער „טהיִווס-לעטין" (גנבים-לאַטיין), וואָס עס ווייזט אָן אויף אַמאָליגע שפּראַכליִכע בעציהונגען פֿון די בריטישע גנבים צו דער ראָמאַניִשער שפּראַך-וועלט. אין דענעמאַרק טרעפֿט מען אין דעם געהיים-לשון פֿון די יִטלענדיִשע גנבים אַ גרויסען ענגלישען און ראָמאַניִשען שפּראַך-מאַטעריאַל. אין בעהמען ענטהאַלט די האַנטירקאַ (hantyrka) די שפּראַך פֿון די טשעכיִשע גנבים, אין אַ גלייכער מאָס דייטשע, יודישע און אונגאַרישע ווערטער.

וואָס אָנבעלאַנגט אונזער גנבים-שפּראַך, אָדער ווי י. מ. ליפשיץ רופֿט זי „ה ע נ ט ש ק ע - ל ש ו ן", בעשטעהט זי פֿון גרעסטענטיילס דערקענבּאַרע סלאַווישע (אַנ'ערך 60), העבּרעאישע (אַנ'ערך 50) און דייטשע* ווערטער, אויך אַ קליינע צאָהל געבאָרגטע פֿון דער דייטשער גאַונער-שפּראַך, פֿונ'ם פּוילישען און רוסישען גנבים זשאַרגאָן, פֿון פֿראַנצויזיש, לאַטיין א. אַז. וו. כאַראַקטעריסטיש איז די גרויסע צאָהל נעמען פֿונ'ם גנב גופֿא און פֿון די גנבים-ספּעציאַליסטען (אַזוינע זענען פֿאַרהאַן 48: אָדלער, אַכסאַניק, אָרקע, באָכניאַרוש, שאָריער, טראַסקילאַק, בלאַטער, גראַנדאָווניק, דערקאַטש, וואוילער, וואַשער, וויסטאַווניק, וועשער, טאַלטעל-געהער, טאַרכענער, יאָרקע, כאָדאָפּאָיעזדניק, כּח-געהער, כלאַמידניק, כעלבּנע-געהער, לאַטיק, לאַזכער, לאַקכער, לינקער, לעקאַך, מאַראַוויכער, מיידאַנטשיק, מיטשאַליער, נאַכט-פֿויגעל, נאָרקע, נביא, פּאָדקאָפּניק, פּאָטאָטשניק, פּאַסעק, פּאַסער, פּריץ, קיסלער, קעסטעל-שניידער, רבּי, רויטער, שאָפּענפּעלער, שופּלאַדקאַ-געהער, שטויהלער, שליאַם-געהער, שניפּער, שפּאַן, שפּרונג-געהער, שפּרינגער). אַזאַ גרויסע צאָהל בעצייכנונגען פֿון דעם גנב און זיינע ספּעציאַליטעטען פֿערמאָגט נישט אַפֿילו די סאַמע רייכסטע און אַסך אויסגעפֿאָרשטע דייטשע גאַונער-שפּראַך.

מיין ווייטער געגעבּענע קאָלעקציע האַלט איך אָבער בכלל פֿאַר אָרים; לויט איהר ווערטער-צאָהל — בסך-הכל 327 וואָקאַבלען. עס איז אַלזאָ אינטערעסאַנט דערבּיי צו פֿערגלייכען די ווערטער-צאָהל פֿון אַנדערע זאַמלונגען פֿון גנבים-לשון; לאָמיר נעהמען די דייטשע (גלייכצייטיג וועלען מיר זעהן די גרייס פֿון העבּרעאישען עלעמענט אין זיי). אין די „באַזעלער בעטריגניסען" פֿונ'ם מיטען XV יאָהרהונדערט געפֿינען מיר 24 ראָטוועלשע ווערטער (דערפֿון 5 העבּרעאיש). דער „ליבּער וואַגאַטאָרום" פֿון יאָהר 1510 ברענגט שוין אַ ליסטע פֿון 218 (העבּרעאישע 28). אין דער „וואַהלערייי" פֿון אַנדערעאַס העמפּעל, געדרוקט אין יאָהר 1687, זענען פֿאַרהאַן 199 ווערטער (4 העבּר.). אינ'ם וואַלדהאַמער „ראָטוועלש-לעקסיקאָן" פֿון יאָהר 1726 ווערען אויסגערעכענט 216 וואָקאַבלען (8 פֿון העבּרעאישען שורש). אינ'ם „באַזעלער גלאָססאַר" פֿון יאָהר 1733 זענען פֿאַרהאַן 199 ווערטער (19 העבּר.). אינ'ם שפּיטצבּובּען-לעקסיקאָן פֿון הילדבּורגהאַוזען, ערשינען אין יאָהר 1753, דערגרייכט שוין די צאָהל ווערטער 433 (26 העבּרעאישע). אינ'ם פֿולענדאָרפֿער „גאַונער-ווערטערבּוך" פֿונ'ם יאָהר 1820 געפֿינען זיך 699 וואָקאַבלען (22 העבּרעאיש). אין יאָהר 1847 האָט צימערמאַן בעאַרבּייט די בערלינער פֿערבּרעכער-שפּראַך פֿון 347 ווערטער (72 העבּרעאישע) און פֿריהער האָט דאַן געפֿונען אינ'ם ווינער ראָטוועלש 560 וואָקאַבלען (106 העבּרעאישע). טעטצנער אין זיין דויטשען ווערטערבּוך, לייפּציג, מיינט, אַז די 306 וואָקאַבלען (דערונטער 41 העבּרעאישע), וועלכע ער ברענגט, זענען „די וויכטיגסטע" אָבער די אויספּענדיגע קאָלעקציע פֿון אַווע-לאַלעמאַן איז אַסך גרעסער.

איך בין איבערצייגט, אַז נאָך אַ ווייטערדיגער זאַמלונג פֿונ'ם יודישען גנבים-לשון וועט זיך אַרויסווייזען, אַז עס איז רייכער, ווי מיין אַרבּייט שטעלט עס פֿאָר. מיין קאָלעקציע איז על-פּי-רוב צונויפֿגענומען געוואָרען אין וואַרשאָ און אַרום דער דאָזיגער שטאָדט, מייסטענס פֿון שעדלעצער ראַיאָן. די וואָקאַבלען, וואָס איך האָב גענומען פֿון שלום-עליכם'ס „מאָשקעלע גנב" (זיי זענען אַלס אַזעלכע בעצייכענט ביי יעטוועדען בעטרעפֿענדיגען וואָרט), שטאַמען, לויט אַלע וואַהרשיינליכקייטען, פֿון דרום-רוסלאַנד, בפֿרט פֿונ'ם קיעווער ראַיאָן; אַ געוויסער טייל פֿון די דאָזיגע וואָקאַבלען זענען אינגאַנצען פֿרעמד די יודישע גנבים פֿון פּוילען.

איך וויל דערבּיי נישט פֿערפֿעהלען אַרויסצוזאָגען מיין דאַנק די-יעניגע, וואָס האָבען בייגעטראָגען צו מיין קאָלעקציע, די ה"ה י. מ. ווייסענבּערג, ד. אייגעלבּערג און פּ. ווייל. אַ חוץ די ליטעראַטור-מקורים, וואָס איך האָב אויסגענוצט און זיי בעצייכענט ביי די בעטרעפֿענדיגע ווערטער, האָב איך אויך עטליכע צעהנדליג וואָקאַבלען געשעפּט פֿון דער גנבים-לידער-זאַמלונג פֿון ה' פּ. גראַובּאַרד, וואָס איז געדרוקט אין דעמזעלבען בוך.

* עס איז אינטערעסאַנט, אַז די יודישע גנבים געבּרויכען אַסך מאָל פֿון דייטש דווקא יענע ווערטער, וואָס זענען אין יודיש ניִשטאָ, למשל: אָנקעל, גראַסען, הוילען (עס איז פֿאַרהאַן: פֿערהוילען), שטויהלען, שטויהלער, שטיכע א.אַז.וו.

**אָ'בדאַצען, דאַ'צען** — צונעהמען ביי עמיצען דאָס גאַנצע געלד, אויסשטעלען איהם נקי. — פון פויליש dać, רוסיש datj — געבען, לאָזען?

**אָ'בטאָקען** — איבערגעבען מיד ליד א גע־גנב'עטען חפץ. זעה מאָקען.—זאָל עס האָבען א שייכות מיט מאָקען — דרעקסלען, אָדער פויליש tokować — פּאָרן, מזווג־זיין; tokatsia — שלאָגען (חעגען בלוט אין די אָדערן) זיך?

**אָ'בטרענען,** זעה טרענען.

**אָ'בציִהען** — אנטלויפען.
דער חאָקאבעל בעדייט אויף פּראָסט יודיש — אַחעק, אַוועקגעהן.

**אָ'בקייטלען, אָ'בשפּיליען** — אָבבינדען א פערד, כדי אַוועקצופיהרען עס.
שלום־עליכם, מאָשקעלע גנב (א ראָמאן) אין דער „יודישער פאָלקסצייטונג" I, חאַרסאָ—קראָקאָ, 1903, נומערן 19—26.

**אָ'בקליידען** — סמ'ען (א פערד).
דעם חאָקאבעל האָט אויך דאָס יודישע בעל־עגלה־לשון.

**אָ'בשפּיליען** — זעה אָבקייטלען.

**אָ'דלער** — אַן'אַנטלאָפענער גנב, אויך: א פערד.
די ערשטע בעדייטונג ביי שלום־עליכם, מאָשקעלע גנב (זעה אָבקייטלען).

**אָ'וועקפליִנטען** — אַוועק מיט דעם גע־גנב'עטען פערד.
שלום־עליכם, מאָשקעלע גנב (זעה אָבקייטלען).

**אוי'בערלופטען,** „אויף איבערלופטען" — גנבה דורך די פענסטער.

**או'סבייטשלען** — אויסבייטען א געגנב'עט פערד.
שלום־עליכם, מאָשקעלע גנב (זעה אָבקייטלען).

**אוי'סציהען** — אַנטלויפען, ארויסרייסען זיך און אַנטלויפען. זעה ציהען.

**אויסציִהען אַ פאָלקע** — אומפאַלען (חעגען א מענשען).

**אוי'כשאָכערן** — מסר'ן, אויסגעבען, דערצעהלען. זעה שאָכערן.

**או'נטערפידלען** — אָפּפירען א פערד ביי די ציגיינער.
שלום־עליכם, מאָשקעלע גנב (זעה אָבקייטלען).

**אַזנער** — זעה זנער. (?)

**אחד'לעך** — איינציגע (!).

**איינ'זאַלצען** — איינשטעלען (אין קאָרטען־שפּיל).

**איינ'שניידען** — זעה שניידען.

**אַכסאַ'ניק** — א האָטעל־גנב.— העברעאיש־גריכיש אכסניה — גאַסטהויז.

**אַמאַ'טער**—פערד־גנב.— פראַנצויזיש amatear — ליבהאָבער, בעלן.
שלום־עליכם, מאָשקעלע גנב (זעה אָבקייטלען).

**אַ'נקעלשטיפט** — אַנ'איינען צו עפענען איינעחעניגסטע טהיר־שלעסער. — דייטש Angel — א האָקען, Stift — א משחקעלע, א שטיפט.

**אַ'סקען!** — שווייג!, אויך: בעהאַלט! — פון העברעאיש הסכית—אויפמערקזאַם צוהערען זיך?

**אַרוי'סרופען** — ארויספיהרען א פערד פון דער שטאַל.
שלום־עליכם, מאָשקעלע גנב (זעה אָבקייטלען).

**אַריי'נשיבען** — זעה שיבען.

**אָ'רקע, נאָ'רקע** — א גנב.

**אָ'רקעווען** — גנב'ענען.

**באַבקעלעך** — געלד, קלינגערס. — פויליש bobka—באָבע, אויך א מין חייך צוקער־געבעקס, רוסיש babka — באָבע, בינטעל (למשל פון פלאַקס).
שלום־עליכם, מאָשקעלע גנב (זעה אָבקייטלען).

**באָ'כניאַרוש, שאָ'ריער, טראָ'סקיִלאַך** — דער פאַסער; דער אויפקויפער אָדער בעהעלטער פון געגנב'עטע חפצים. זעה חייטער באָכניע.

**באָ'כניע, שאָריע, פגר** — דער געגנב'עטע חפץ. — זאָל „באָכניע" שטאַמען פון פויליש bachnąć—ארויספלאַצען, אויסברעכען?

**באַלדאָ'ווערן**— אויספאָרשען, אויך: שלאָגען.
העברעאיש בעל־דבר— די בעטרעפענדיגע פערזאָן.
אין דער ערשטער בעדייטונג ביי שלום־עליכם, מאָשקעלע גנב (זעה אָבקייטלען). — אויך אינ'ם אַזוי־גערופענעם יודענדויטש אין דייטשלאַנד הייסט baldowern — אויספאָרשען (טעטצנער, דויטשעס חערטערבוך, ליפּציג 289).

**באַסטי'רען** — פערענדיגען. — איטאַליעניש, שפּאַניש basta—גענוג, אין דייטש—אָבגעטון, פערענדיגט.

**באַש** — געלד, זעה באַבקעלעך.
דעם חאָקאבעל האָט אויך די בלי־זמר־שפּראַך.

**באַלאַלאַי'קע, מאַנדאָלי'נע**—א ברוך, א קילע.
די חאָקאבלען חערען בענוצט אין דער ליטא.

**באַלאָני'** — א גילדען (30 פויליטע גראָשען).
דערזעלביגער חאָקאבעל מיט דער אייגענער בעדייטונג איז אויך פאַרהאַן אין דער בלי־זמר־שפּראַך.

**באָמבאָ'ן** — א נעשחאָלענער / אייער־ביטעל (א קראַנקהייט).—פראַנצויזיש bonbon — א צוקערקע.

**באַ'קער־באַלאַני'** — צחייער־גילדען (60 פוילישע גראָשען).
דערזעלביגער חאָקאבעל אין דער אייגענער בעדייטונג איז אויך פאַרהאַן אין דער יודישער בלי־זמר־שפּראַך.

**באָ'רעק** — א שליסעל.

**ב'גראַנדע** — איבערגעחאַלד, אויף כח. זעה גראַנדע.—(אין דער דייטשער גאַונערשפּראַך הייסט־עס perkoch (— פער כח).
דער חאָקאבעל מיט דערזעלביגער בעדייטונג איז אויך פאַרהאַן אינ'ם חאולגארען יודיש.

**בוי'צע** — מורא, פחד, אויך: דאָס אַנטלויפען.— פון פויליש bać się, רוסיש: boitsja—מורא האָבען, פורכטען? (חערבום: בויצען).

**בוי'צען** — מורא האָבען, אויך: אַנטלויפען. זעה בויצע.

**בו'כערן** — בעגעהן דעם נעשלעכטליכען אַקט מיט א פרויענצימער. פון העברעאיש־יודיש בחור.

**בו'צען** — שיך.— פויליש buty—שטיחעל.

**בייסקי'בל**—געשלעכטליכער פרויען־אָרגאַן.— העברעאיש בית־קבול — בעהעלטער, רעזערחואַר.
אין אַלגעמיינעם(?) יודיש חערט „בית־קבול" בענוצט איראָניש אויף א מאָגען, חאָס נעהמט אריין א סך עסענחארג.

**בימ'בער** — קעשענע־זייגער. — דייטש: bimmeln—קלינגען.
שלום־עליכם, מאָשקעלע גנב (זעה אָבקליידען).

**בי'פען** — זעה געביפּט.
בופען—פופען—שלאָפען?

**א בלאָ'ווס** — א 5־רובל־שטיק.—אַזא אסיגנאַציע איז פון בלאָהען קאָליר.
שלום־עליכם, מאָשקעלע גנב (זעה אָבקליידען).

**בלאַט** — גנב'יש, נישט געזעצליך, נישט כשר, בסוד, אויך יד־אחת'דיג. — פון דייטש platt, פראַנצויזיש plat — פלאַך, גלייך פלאַטשיג, אויך: פשוט, פּראָסט; דער p איז דאָ איבערגעגאַנגען, חי עס געשעהט טייל מאָל (למשל „ביטש" פון Peitsche), אין א בית. אין דער גנבים־שפּראַך איז דער חאָקאבעל אריינגענומען געחאָרען, אפנים, צוליב דעם. חאָס ער קאָן אויך אויסדריקען גלייכקייט, אַלזאָ אויך חברותא'קייט (אין בעצוג פון די גנבים צחישען זיך). דער חאָקאבעל איז אויך איבערגעגאַנגען אינ'ם חאולגארען יודיש: „פאָהרען בלאַט", „אריינגעהן

(אינ'ם מעאַטער) בלאַט" הייסט פאָהרען אָדער געהען אָהן אַ בילעט. אין דער דייטשער גאַונער־שפראַך בעדייט platt — פערטרויט, בסוד.—זעה בלאַטער יונג, בלאַטע נקבה.

בלאַט הויז, בלאַט הייזעל — אַ הויז פון פראָסטיטוטקעס. זעה בלאַט, בלאַטע נקבה.

בלאַטער, בלאַטער יונג — אַ גנב, אַ כלי־בוי'ניק, אַנ'אויסוואורף.— זעה בלאַט.

בלאַטע נקבה — אַ פראָסטיטוטקע.—זי קאָן האָבען דעם נאָמען סיי צוליב איהר שטענדיגען פערקעהר מיט גנבים, סיי צוליב דעם, וואָס זי איז פאַר אַלעמען גליך.— זעה בלאַט.

בלאַנק — קליין־געלד.

בעהע'לפער — שפיאָן, פאָליציי־אַגענט.

בע'זעם, קע'הרער — דער וועכטער פונ'ם הויז, סטרוזש, סטאַראָזש. — אין דער דייטשער גאַונער־שפראַך Kehr — אַנ'אַמטמאַן (אין פרייסען: אַ פאָליציי־שעף פון אַ קרייז).

בעלע'קאַכען — בעגנב'ענען. זעה לעקאַך.

בעקאַ'פען זיך, זעה פערקאַפען.

בראַנזעלע'טען — קייטען. — אינ'ם פאָלק זאָגט מען אָנשטאָט „בראַסלעט" „בראַזעלעט" (אָרעם־באַנד) — בראַנזעלעט. פויליש bransoletka.

ברונע'טקע — אַ פלוי.

גאַ'ליעס — אויגען.

גאַרגאָ'ליעס — קעשענעס.

מענדעלי מו"ס, פישקע דער קרומער.

גאַ'פע — אָהן אַ בילעט, בלאַט (זעה). — פון העברעאיש גפו, בגפו—אַליין?

דער וואָקאַבעל איז אויך פאַרהאַן אינ'ם וואולגאַרען יודיש און פויליש.

גוי'דערן — אויסזאָגען סודות.

גון — אַ באַנדיט, אַ רוצח.

גלאַנצי'ר — אַ קעשענע (פון אַ ראַטען־זשאַקעט).

געביי'ען — אָבנאַרען אין עסק(?).

געבי'פט — דורכגעטריבען, כיטרע. „אַ געביפטער יונג"—אַ דורכגעטריבענער יונג.

געפו'צט — געבאַפט.

גע'רעכעל — אַ בריף, אַ בריוועל. העברעאיש אגרת—אַ בריף.

גראַנדאָווי'ניק — אַ געוואַלד־טהוער. זעה גראַנדע, בגראַנדע.

דערזועלביגער וואָקאַבעל מיט דער אייגענער בעדייטונג איז אויך פאַרהאַן אינ'ם וואולגאַרען יודיש און פויליש.

גראַ'נדע — געוואַלדטאַט. „אויף גראַנדע" — מיט געוואַלד, בגוואַלד. זעה בגראַנדע.

דער וואָקאַבעל אין דערזועלביגער בעדייטונג איז אויך פאַרהאַן אינ'ם וואולגאַרען יודיש און פויליש.

גראַ'פען — אַרעסטירען. דייטש greifen — כאַפען, פאַנגען, נעהמען.

דער וואָקאַבעל הערט בענוצט פון די וואַרשאָווער גנבים.

אַ גרינס — אַ 3־רובל־שטיק.— אַזאַ אַסיגנאַציע איז פון גרינעם קאָליר.

שלום־עליכם, מאָשקעלע גנב (זעה אָבקליידען).

דאַ'צען, זעה אָבדאַצען.

דובעלטו'ווקע — אַ כלי צו עפענען אַ טהיר־שלאָס.

דו'רכפּעצען — שטעכען.

דע'לע, דעי'לע — אַ טהיר. — העברעאיש דלת—טהיר.

דע'צים — צעהן.

זעה די הערה צו דעם וואָקאַבעל אין דער כלי־זמר־שפראַך.

דע'רקאַטש — אַ גזלן.

שלום־עליכם, מאָשקעלע גנב (זעה אָבקליידען).

דע'רקנאַסען — זעה קנאַסען.

דרי'זשבלען — בועל־זיין.

זעה דעם וואָקאַבעל אין דער כלי־זמר־שפראַך.

האָז (אין וואַרשאָ אַרויסגערעדט: huez) — דאָס מאַכען פליטה, דאָס אַנטלויפען. „ווער אַ האָז!"—אַנטלויף! — אין דער דייטשער גאַונער־שפראַך Spinnhase—פחדן, טרוס.

האַכטלינג — (?)

האַ'מען—עסען.— אויך קינדיש.

האַ'קען — בועל־זיין; אַרויפוואַרפען די שולד אויף אַנ'אַנדערען.

הוי'לען — אַרעסטירען, נעהמען אין געפענגניש אַריין.—דייטש holen — נעהמען, ברענגען.

העכט, לעשטש, קאָ'רעסעל — אַ פרייער אַ קרבן פון די גנבים. — אַלע דריי בעצייכנונגען זענען גענומען פון פיש.

הע'כטעל — אַ שטעך־מעסער.

הענטשקע־לשון — גנבים־שפראַך.

י. מ. ליפשיץ, יודעש־רוסישער ווערטער־בוך, זשיטאָמיר, 1876, זייט 86: „הענטשקע־לשון—worowskij jazyk".

וואַוי'לער — אַ „וואוילער יונג", אַ מחוצף, בפרט: אַ גנב.— פון פראַנצויזיש voleur—אַ גנב(?).

דער וואָקאַבעל מיט דער בעדייטונג „מחוצף" איז אויך פאַרהאַן אינ'ם וואולגאַרען יודיש.

וואַוין — זנות: „געבען אַ וואוין".

וואַלו'ווקע — טעגליכע שפייז־פּאָרציע פאַר די אַרעסטאַנטען אין דער תפיסה.

דער וואָקאַבעל איז גענומען פון דער פוילישער אַרעסטאַנטען־שפראַך.

וואַ'שער — אַ גנב, וואָס בעגנב'עט שלאָפענדיגע פאַסאַזשירען אויף דער באַהן. זעה וועשער.

ווי'טיש — נאַריש, שרעקעוודיג, אומבעהאָלפען. אויך ניטש־גנב'יש.— אין דער דייטשער גאַונער־שפראַך witsch—נאַריש.

ווי'טישע נקבה — אַ טויגנישט אַ פראָסטיטוטקע. זעה וויטיש.

ווי'טישער יונג — אַ טויגנישט.

ווי'סטאַווניק — אַ גנב, וואָס גנב'עט פון די שוי־פענסטער.— פויליש wystawa—שוי־פענסטער.

וויש — אַ חלק, אַ טייל. „דו וועסט קריגען אַ וויש"—וועסט זיין אַ שותף.

דעם וואָקאַבעל האָט מען אויך בענוצט אין דער צייט פונ'ם „פּאַסיק" (שפעקולאַציע אויף שניט־סחורה אין זומער 1917 אין וואַרשאַ.

ווי'שעל — אונטערקויף־געלד, יענער זאָל נישט אויסזאָגען.

ווע'שער — אַ נאַכט־גנב, וואָס בעגנב'עט שלאָפענדיגע.

שלום־עליכם, מאָשקעלע גנב (זעה אָבקיטלען).

זאַבאָ'רען — גנב'ענען.

דעמזעלביגען וואָקאַבעל, אָבער אין דער בעדייטונג פון „נעהמען", האָט די כלי־זמר־שפראַך. (זעה דאָרט).

זאַ'טשען — דערזעהן.— האָט עס אַ שייכות מיט פויליש zaoczny, רוסיש zaocznyj—אונטער די אויגען?

זאַלאַ'בערן — גנב'ענען. „זאַלאַבערן אַ כפרה'ניטשקע"— גנב'ענען אַ הון. — זאָל עס שטאַמען פון דעמזעלביגען מקור ווי „זאַבאָרען"?

מענדעלי מו"ס, פישקע דער קרומער.

זאַר — אַ קעשענע. — פון פויליש żar, רוסיש żar—היץ, גלוט?

דער פנקס, ווילנאַ, תרע"ב, 389—390. דאָ שטעהט דאָס וואָרט אונטער אַ פראַגע־צייכען.

זו'זע — די זרע. — אינ'ם פוילישען יודיש בעדייט „זוזע" (רוסיש žiža)—סאָוס, פיש־יוך און יוך פון געדעמפּטען פלייש.

זיי'גער — א לאַבען ברויט(?).

זנער —(?)

זעקס! — ראַטעוועט דיך!(?)

זשו'ליק — א טעסער.—קליין־רוסיש žulik —א ממזר(?).

דאָס וואָרט ווערט בענוצט פון די גנבים אין וואָהלין. אין מאַנכע ערטער איז עס די אַלגעמיינע בעצייכענונג פון א „ציגיינערעל" (א טעסערעל מיט אין קלינגעל, וואָס ליגט זיך איין אינ'ם היל׳צערנעם שטילבעל).

חברה־מאַן — אַנ'אַלפאָנס.

חי, זעה כאַ.

ח'יה — א פערד.

חלו'קה — צעטיילונג (פונ'ם געגנב'עטען).— העברעאיש.

ח'פוש'ן, זעה כיפּעשען.

טאָ'וועל — בוזים־טייסטער, טאַשען־פּאָרט־פעל.

טאַ'כשעיוער(?) יאָלד — א שטאַרקער און שטרענגער יונג.

טאַ'לטלען — גנב'ענען חפצים (פון א שטוב ארויס). — העברעאיש מלטל — בעוועגען, טראָגען, דערפון דער טם מטלטלים —בעוועגליכע גיטער, שטוב-זאכען. זעה טאַלטעל. — אין דער דייטשער גאַונער־שפּראַך —נאָכשליסעל.

טאַ'לטעל — א גנבה. זעה טאַלטלען.

טאַ'לטעל, טאַלטעל־געהער — א הויז־גנב, א גנב, וואָס גנב'עט שטוב־חפצים (ערבוים: טאַלטלען).

דאָס וואָרט „געהער" ווערט צוגעלעגט צו פּליכע גנבה־ספּעציאַליטעטען, למשל: בעל־ענע־געהער, שפּרונג־געהער, בח-געהער. דאָס־לבע איז אויך אין דער דייטשער גאַונער־שפּראַך: Rotgeher — א גנב, Schück-gänge (העברעאיש שוק — א מאַרק) — ירדים־גנב.

ט'לע, טאָילע,—א הענג־שלאָס; א טלאָס.— העברעאיש תלוי — דער אויפגעהאָנגע־ר, הענגער, תולה—דער, וואָס הענגט.

ט'קען — געבען, דערלאַנגען (בפרט א פּאַטש, א זעץ). „טאָקען א יאַד" — געבען די האַנד.—זעה ביי אָבטאָקען.

דעמזעלביגען האָקאַבעל מיט דער איינענער בעדייטונג האָט אויך די כלי־זמר־שפּראַך.

ט'רכענער — דאָסזעלביגע ווי „פּאַטאָטש־ניק" (זעה).—העברעאיש טרח — בעמי־

העען זיך. אינ'ם האָלגאַרען יודיש הייסט טאַר־כענען—טראָגען, שלעפּען.

טיי'טעל — א פּיקע, א טפּיז, א באַגנעט. אויך: א סאָלראַט.

טינזי'פעסל — איינלעגמעסערעל, ציגיינע־רעל.—פון העברעאיש-יודיש טנופת—קוים?

טיך — א געשטופערייַ פון קעטענע-גנבים צווישען עולם, כדי די גנבות זאָלען לייכט געראָטען.

טיק־טאַק — א קעטענע־זייגער. זעה בימ־בער.

טלוק — זעק, קלאַפּ (ערבוים: טלוקען).

טלוקען — שלאָגען, אויך: בועל־זיין. — פּויליש klakać קוילערן (אין בויך), רוסיש tlakatj—שלוכצען. דער a איז דאָ איבערגעגאַנגען אין או אַזוי ווי אין „קלומעק" (פון tlumek).

דעמזעלביגען האָקאַבעל האָט זעלטען אויך דאָס האָלגאַרע יודיש. אין דער בעלי-עגלה־שפּראַך האָט ער לגמרי אַנ'אַנדער בעדייטונג (זעה דאָרט).

טע'כערן — כאַפּען (א גנב). שלום־עליכם, מאָשקעלע גנב (זעה אָבקליידען).

טעלעמע'טשע, טעלעפּע'טשע — א זעק, א שטורק, א שטורך, א קאָפּ (מיט'ן פוס).

טע'לער „ריין ווי א טעלער"—נישט צו דער־קענען, אַז מען איז בעגאַנגען א גנבה. שלום־עליכם, מאָשקעלע גנב (זעה אָבקייטלען).

טראַ'סקיליאַך — זעה באָכניאַרזש.

טרע'נען — טהוען דעם געשלעכטליכען אקט מיט א פרויענצימער. — יודיש „טרע־נען"—איבעררייסען געגעהטס, דייטש tren-nen—צעשיידען בכלל.

דער האָקאַבעל איז אויך אָנגענומען אינ'ם האָלגאַרען יודיש.

טשאַק — ליגען, שקר (ערבוים: טשאַקען).

טשאַ'קען — זאָגען ליגען, אָבנאַרען.

דער האָקאַבעל איז אויך פאַרהאַן אינ'ם האָלגאַרען יודיש.

טשוק — א פּעקעל. — רוסיש tjuk — א פּאַק.

יאַד — א האַנד. „טאָקען א יאַד" — געבען די האַנד.—העברעאיש יד—האַנד.

יאַט — „א יונג מיט ביינער", א קרעפטיגער האָוילער יונג".

דער האָקאַבעל איז אויך פאַרהאַן אינ'ם האָלגאַרען יודיש.

יאָלד — נישט קיין גנב. — העברעאיש ילד — א קינד.

דער האָקאַבעל איז אויך פאַרהאַן אינ'ם האָלגאַרען יודיש אין פוילען מיט דער בע־דייטונג „נאַר" (אַזוי האַרקאַווי, ספּיוואַק־יהואש. נאָר ביי ליפשיץ ווערט עס איבערגעזעצט מיט frant, szczegol [פּראַנט, שהיצער], און ביי שטראַק—Prahlhans, Gigerl [פּראַנט, בעריהמער]). מענדעלי מו"ס (אין פּיטקע דעם קרומען) פאַרטייטשט „יאָלד"— א בעל־הבתי'ש קינד.

יאָ'רקע— א גנב(?). זעה אָרקע, נאָרקע.

יאָ'רקעווען—גנב'ענען(?). זעה אָרקעהען, נאָרקעהען.

יונג — דער מענליכער געשלעכטס-אבר.

יעשאַ'יע-בער — זעה שאַבער.

כאַ — א געהאַלד, א געשריי.—פון העברע־איש חי—לעבעדיג?

כאָדאָפּאָ'יעזדניק — גנב פון א פאָהרענדי־גען צוג אראָב.— פּויליש chodzić רוסיש choditj—געהן, רוסיש pojezd — באַהן־צוג.

כאַ'לפענען—ארויסנעהמען פון א שופלאָד.— העברעאיש חלף—בייטען.— אין דער דייטשער גאַונער־שפּראַך Halfner — א הענקסלער.

כאָ'מעט — א האַנד־זייגער(?) דייטש Kum-met, פּויליש chomąt, רוסיש chomut.

כאָנ'ע — א פּראָסטיטוטקע.

אין וויען זאָגט מען: „כאָנטע".

כיל'יען — געהן.

זעה די הערה צו דעם האָקאַבעל אין דער כלי־זמר־שפּראַך.

כי'פּעשען — זוכען, בעזוכען, רעווידירען.— העברעאיש חפּש—זוכען, אויספאָרשען, חפּוש—זוכונג.

כח געהער — א גנב, וואָס סטראַשעט מיט א רעוואָלווער.

זעה די הערה צו טאַלטעל־געהער.

כלאַמי'דניק — א מלבושים־גנב.— פון רו־סיש chlam—בעבעכעס, כל'ערליי אַלטע זאַכען?

כמאַ'רע — א וועכטער, א הויז־וועכטער. זעה בעזעם.— פּויליש chmara— גרויסע מאַסע, רוסיש chmara—[טהאַרצער] וואָלקען.

כעלבענע-געהער — געוועלבער־גנב, וואָס אָפּערירט בעגינען, אידער מען עפענט דאָס געשעפט.—זאָל עס האָבען צו טהון מיט העברעאיש חלבנה—גאַלבאַנום?

זעה די הערה צו טאַלטעל־געהער.

כע'לבענען — בעגנב'ענען א קראָם. זעה

כעלבענע־געהער.

כפּוה'ניטשקע — א הון. „זאלאבערן א כפרה'ניטשקע״— גנב'ענען א הון. — הייסט אזוי, ווייל זי ווערט בענוצט אויף צו שלאָגען מיט איהר כפּרות.
מענדעלי מו״ס, פישקע דער קרומער.

לאַווי'רען — בעזוכען, אונטערזוכען; נאָכ־שפּירען.

לאַ'טעק — אָרעמער גנב.— אין האָלגארען פּוילישען יודיש, אזוי ווי אין פּויליש, בעצייכענונג פון אנ'אָבגעריסענעם סוביעקט בכלל.

לאַטכענען, לאַקכענען — גנב'ענען, אויס־כאַפּען.—העברעאיש לקח — גענומען, אַזעקגענומען.
דער הָאקאָבעל ווערט אויך בענוצט אין'ם האָלגארען יודיש.

לאַ'טכער, לאַ'קכער — א גנב, אנ'אויסכאַ־פּער.
י. מ. ליפשיץ, רוסיש-יודישער ווערטער־בוך, צווייטע פערבעסערטע אויפלאגע, זשי־טאָמיר 1874, זעצט־איבער דאָס וואָרט poddiewało—„דער לאַטכער, גנב, כאַפּער־בעיגעל, אָיסכאַפּער״.

לאָך — תּפיסה, געפענגעניש.
אין דער דייטשער גאַונער־און סאָלדאַ־טען־שפּראַך הייסט עס Kasten.

לאַ'מדען — דער בעגנב'עטער, וואָס איז געוואָהר געוואָרען, וואו די גנבה געפינט זיך.— העברעאיש למדן—געלערנטער. זעה מעיוחען. דער היפך: טמומפּ.

לאָ'קשען — שמיק. „מען האָט איהם געגע־בען לאָקשען״—מען האָט איהם גע־שמיסען.

לינק — גנב'יש.— אין דער דייטשער גאַונער־שפּראַך בעדייט link—פאַלש.

לינקס, „אויף לינקס״—אומשולדיג.

לי'נקער — א גנב.—אין דער דייטשער גאַונער-שפּראַך הייסט Linkschnel־ler—א פרייער גנב.

לעווי'רען — זעה לאַווירען.

לע'טקעוויטש — א קבצן, אנ'אָבגעריסענער. פון פּויליש lato, רוסיש lieto—זו־מער, ווייל ער געהט שלעכט (לייכט) אָנגע־טהון?

לע'כעם — דער רעוויראָווי (פּאָליציי־עלט־סטער פון א שטאָרט-רעוויר). — זאָל עס שטאַמען פון העברעאיש לחם — ברויט? זעה ראַף.

לע'קאַך — א גנב.—דאָס נישט קיין שייכות מיט'ן העברעאישען סובסטאנטיווום לקח— לעהרע, נאָר שטאַמט פון'ם ווערבום לקח אין אָנלעהנונג צו לאַקכענען אלס וואָרט־שפּיל צו לעקעך—א מין געבעקס. (ווערבום: בעלעקעכען).

לעשטש — זעה העכט.

מאַ'טרען — זעהן, קוקען. — פון רוסיש ?(s)motriet
דער הָאקאָבעל איז אויך פאַרהאַן אין דער כלי־זמר-שפּראַך.

מאַי'כעל — א שטעך־מעסער.
דער הָאקאָבעל איז אויך פאַרהאַן אין'ם פּויל'שען גנבים-זשאַרגאָן.

מאַנדאָלי'נע — זעה באַלאַלאַיקע.

מאַ'ניפעסט — זנות. דאָס געהן פון עטלי־כע מאנסליט אויף א מאָל צו איין פּראָוויענצימער.
דער הָאקאָבעל איז אויך פאַרהאַן אין דער פּוילישער גנבים-שפּראַך.

מאַסעמאַ'טען — א ביטעלע מיט געלד; א גנבה־אונטערנעהמונג.— העברעאיש משא ומתן—פערקעהר, געשעפט.— אין דעם אזויגערופענעם יודענדויטש Massematten —גנב'ישע געשעפטען.

מאַ'סקאַס — א מין נאַבשליסעל.

מאַראַווי'כער — א קעשענע-גנב.—העברע־איש מרויח—פערדינט, א פערדינער.— אין דער גאַונער-שפּראַך הייסט דערזעלבער פאַכמאַן Goldzieher.
שלום־עליכם, מאַשקעלע גנב (זעה אָבקיטלען).
וועגען דעם מאַראַוויכער איז פאַרהאַן א יודיש פאָלקס-לידעלע:

מאַרעוויכער,
גנב'ע גיכער!
שטעק די האַנד
אין זאַר אַריין.

זעה, זעה היט זעך,
ניט פארשיט זעך,
זעה קיין סאָכער זאָל ניט זיין.

(דער פנקס, ווילנאָ, תרע״ב 389—390).

מראַאווי'כערן — גנב'ענען פון די קעשענעס ארויס. זעה מאַראַוויכער.

מ'בין — זעה מייווען.

מו'המע — א בעל-הבית'טע פון א „הייזעל״, א סוטענערקע.
דער הָאקאָבעל איז אויך פאַרהאַן אין'ם האָלגארען יודיש.

מיידאַ'נטשיק — עלטסטער, רבי (פון מאַ־ראוויכערס). רוסיש Majdanszczik —גנב, פאַסעק־שפּילער.
שלום-עליכם, מאַשקעלע גנב (זעה אָבקליידען).

מיי'ווען (מבין) — דאָסזעלביגע ווי „לאַמ־דען״. דער שטומפּ איז מייווען (אָדער לאַמדען) געוואָרען״—דער בעגנב'עטער האָט זיך דערוואוסט: ווער עס איז דער גנב, וואו די גנבה געפינט זיך און א. ח.—העברעאיש־יודיש מבין—פערשטענדיגער, פערשטעהער.

מיי'ווען-זיין — דערזעהן די גנבה. זעה מייוחען.

מיי'לעך —פּאָליציי-מאַן.—העברעאיש מליץ — א פאַרשפּרעכער.

מיי'רע מאַכען — אָראָבנעהמען א טייל פון עפּעס, למשל א פּאָר הויפענס תּבואה פון א זאַק.
„מירע״ הייסט אויף יודיש א געוויסע גריס טייג צום באַקען די מצות. רוסיש miera, miara—מאָס.

מי'שטאַליע'ר — א גנב(?).— זאָל עס זיין פערקריפּעלט פון „שטויהלער״?

מלי'נע — דאָס אָרט, וואו די גנבים לעגען־אָב די געגנב'עטע חפצים.— העברע־איש מלונה—וועכטער־ביידעל.

מ'ליץ — זעה מיילעך.

מע'געלע — זאַק פון די גנבים.
אין גרויס־פּוילען רופט מען „מעגעלע״ דאָס העלזעל פון אנ'עוף, וועלכעס מען פילט־אָן מיט מעהל, פעטס און א. ח.

מע'נטע — א פּאָליציאַנט, אויך א סאָלדאַט. פון פראנצויזיש manteau, דייטש Mantel. צוליב זייערע שינעלען?

מרויח'ער — זעה מאראוויכער.

משא-ומתן — זעה מאַסעמאַטען.

נאַכט-פּויגעל — א גנב.

נאַלען — עפענען א ביטעל.

נאַריטעס(?) — א געשווילעכץ(?) — פּויליש naryw, רוסיש naryw — א געשוויר.

נאָ'רקע, אָ'רקע, יאָ'רקע — א גנב.

נביא — „טרעפער״, פערמיטלער ביים אָב־געבען צוריק געגנב'עטע חפצים געגען א בעלויהנונג.
שלום־עליכם, מאַשקעלע גנב (זעה אָבקיטלען).

נקבה — א פּראָסטיטוטקע.
דער הָאקאָבעל איז אויך אָנגענומען אין'ם האָלגארען יודיש.

סאָ'כער — א פּנים לימודישע אויסשפּראַך

פון „שאַבער" (זעה).

אינ'ם פנקס (ווילנא, תרע"ב, 889—890) שטעהט דאָס וואָרט אונטער א פראגע-צייכען.

סאַלע'פ — מעגליכער געשלעכטס-אבר.

דערזועלביגער וואָקאבעל אין דערזועלבער בעדייטונג איז פאַרהאַן אינ'ם בלי-זמר-לשון.

סאָ'קען, סע'קען — זיצען אין געפענגניט, זיין ארעסטירט.— אינ'ם וואולגארען יודיש „סעקען"—זיצען: „ער האָט זיך שוין אנידערגעסעקט". — זאָל זיך עס נעהמען פון פויליש siedzić, רוסיש sidjetj?

סוס — א פערד.—העברעאיש.

סטאַ'וויאַק — א בעריהמער, א פלאָקענשיסער, א פוסטער בעל-גאוה'ניק.

דער וואָקאבעל איז אויך פאַרהאַן אינ'ם וואולגארען יודיש און פויליש.

סטי'רענען — ארויסציהען פון דער קעשענע ארויס.

סלי'כע — מסירה. (ווערבום: סליכענען).

סלי'כענען — מסר'ן, אויסגעבען. — פויליש słuchać, רוסיש słuchatj—הערען, האָרכען.

סלי'כענער — א מסור. (ווערבום-סליכענען).

סע'מער — א מעסער. — אנ'אנאגראמע פון „מעסער".

סענ'טעווען — זעה צ י נ ט ע ו ע ן.

סע'קעל — א ראמען-ביטעל.

סע'רלעפ — א פוס (?)

סראָ'קען — שפילען אין קאָרטען, בפרט פראָפעסיאָנעל.—עס זאָל שטאמען פונ'ם העברעאישען שחק — לאכען, אויך שפילען. זעה ס ר א ק ע ר.

דער וואָקאבעל איז איבערגעגאנגען אין אלגעמיינעם וואולגארען געברויך, בפרט אין וואַרשאַ.

סראָ'קער — א קאָרטען-שפילער, בפרט א פראָפעסיאָנעלער. (ווערבום: סראָקען).— אין דער דייטשער גאונער-שפראך בעדייט Żoker א פראָפעסיאָנעלער שפילער.

דער וואָקאבעל איז איבערגעגאנגען אין אלגעמיינעם וואולגארען געברויך, בפרט אין וואַרשאַ.

פאָדקאָ'פניק — דער גנב, וואָס גראָבט זיך אונטער, אונטער א וואנד, כדי ערגעץ אריינצוקומען.—פויליש—podkopać,—רוסיש—podkopatj—אונטערגראָבען.

פאָטאָ'טשניק — א גנב, וואָס גנב'עט פון די פוהרען אראָב. (ווערבום: פאָטאָטשען).

פאָטאָטשען—גנב'ענען פון די פוהרען אראָפ. זעה פאָטאָק, פאָטאָטשניק.

פאָטאָ'ק — א גנבה פון א פוהר אראָב. (ווערבום: פאָטאָטשען).

פאַ'טעק (?) א פעקעל-גנב.

פאָלעוואַ'טשקע — א וועכטעל-קעטענע.

פאַ'לקע — אזא אייזענדעל צו עפענען צהיהאלבע טהירען.

פאַ'סער — גנבות-אויפקויפער און בעהעלטער. — אויך פויליש paser.

פאַ'רע — מאכט: „ער האָט פארע" — ער האָט וועך עס זאָל זיך אָננעהמען פאר איהם.

פי'גר — די גנבה.

פוך — בוזים-קעשענע (?).

פו'צען — כאפען, פאקען, צונעהמען.

פי'טע — די גנבת.

פלאַנ'כענען — קראפירען, שטארבען. — אין דער דייטשער גאונער-שפראך plan-ten — בעהאלטען.

פלו'מפעל — דער כאפ, דאָס כאפען „טהון א פלומפעל"—א כאפ טהון—אין דער דייטשער סאָלדאטען-שפראך plaimpen — מאכען איבונגען מיט דער ביקס.

פליי'טעווען — אנטלויפען.—העברעאיש פלט—ראטעווען זיך דורך אנטלויפען, פלטה רעטונג דורך אנטלויפען.

פסי'כענען — עפענען (א שלאָס).--העברעאיש פתח—עפענען, פתיחה—עפענונג.

פע'מפיק — א קינד. — אין דער דייטשער גאונער-שפראך Piep—קינד.

דער וואָקאבל איז אויך פאַרהאַן אינ'ם וואולגארען יודיש.

פרנ'סה — די גנבה, דאָס גנב'ענען.

פוי'געל — א פערד.

שלום-עליכם, מאַשקעלע גנב (זעה אָבקיטלען).

פיי'פער — באהן, צוג, אויך פאבריק מיט א קוימען; א טריפער (א קראנקהייט).

פע'דער — א מעסער.

פע'טער — בעל-הבית פון א „הייזעל" א סוטענער. — אין דער דייטשער סאָלדאטען-שפראך Vetter—פעלדפעבעל.

דער וואָקאבעל איז אויך פאַרהאַן אינ'ם וואולגארען יודיש.

פערכמאַ'רעט — פערשלאָפען.

פערפו'צען — פערכאפען, זעה פ ו צ ע ן.

פע'צען — זעה ד ו ר כ פ ע צ ע ן.

פערדי'נען — גנב'ענען.

פערקאַנ'יענען — פערקויפען. זעה ק א נ י ע נ ע ן.

פערקאַפען זיך, פערשיטען זיך — ווערען ארעסטירט, דורכפאלען.—עהנליך אין דער דייטשער גאונער-שפראך verschüt gehn — ווערען ארעסטירט, אָבער ver-kapern—בעהאלטען זיך.

פערקעשער—(?)

פערקי'פען שלאָגען ביז צום טויט. זעה ק י פ ע ן.

פערשי'טען זיך זעה פ ע ר ק א פ ע ן ז י ך.

פערשמי'רען — פערדרייבען, אָבחרש'ן זעה ש מ י ר ע ן.

פריי — די פרייהייט. „די פריי זאָל מיך אזוי דינען"—איך זאָל אזוי זיין אויף

דער פרייהייט (גנב'ישע שבועה).

פריי'ער — דאָס זעלבינע ווי „יאָלד", נישט קיין גנב.—אין דער דייטשער גאונער-שפראך Freier — דער סוביעקט צום בעגנב'ענען.

אינ'ם פוילישען יודיש, אזוי ווי אין פויליש, בעדייט „פרייער"—א מענש, וואָס איהם איז ליבט אָבצונארען. אויף דייטש—דער חתן, דער, וואָס שדכ'ענט זיך צו א מיידעל.

פריץ — א יונגער גנב.

צוג, „מאכען א צוג" — בענעהן פלינק א גנבה.

צו'גראַפען — זעה ג ר א פ ע ן.

צונג, „געבען צונג" — אויסזאָגען.— אין דער דייטשער יענער-שפראך הייסט Hals geben—בילען, האַקען.

צו'קער — הונגער. „איך האָב צוקער—איך בין הונגעריג.

צי'נטעווען — זיצען ארעסטירט. זעה צ ע נ ט ר ע ו ע ן.

שלום-עליכם, מאַשקעלע גנב (זעה אָבקליידען).

ציפ — א קלאפ.

צעדרי'נדזשעט — נעפלעפט.

צענ'טרעווען — זעה צ י נ ט ע ו ע ן

צעפסי'כענען — זעה פסיכענען.

קאַלאַמאַזשניע — טורמע, תפיסה. „צינטעווען אין קאלאמאזשניע" — זיצען אין געפענגעניש.

שלום-עליכם, מאַשקעלע גנב (זעה אָבקיטלען).

קאַ'ניענען — קויפען. — העברעאיש קנה — קויפען, קניה—דער קויף.—אין דער

דײַטשער גאַונער־שפּראַך kongen קויפֿען. זעה פֿ ע ר ק אַ נ י ' ע נ ע ן.

קאָ'סע — אַ מעסער.

קאָ'רעסל — זעה ה ע כ ט.

קווי'טשער — אַ חזיר. (?)

קו'טאַס — דער מענליכער אבר.
דער װאָקאַבעל װערט איבערהויפּט בענוצט פֿון פּראָסטיטוטקעס.

קיטש — דאָס מויל, אויך: די תּפיסה, געפֿענגעניש. „מאַך קיטש!"—שוויַיג שטיל.— זאָל עס שטאַמען פֿון װאָרט „קוטשע" — די פֿינסטערע נאָרע אונטער'ן קאָך־אויװען, װאו מען האַלט געװעהנליך הינער?

קיס, קי'סל — אַ בײַטעל, אויך אַ קעשענע.— העבּרעאיש כּיס—אַ בײַטעל, אַ קעשענע.—אין דער דײַטשער גאַונער־שפּראַך Kies— געלד.

קי'סלער — אַ קעשענע-גנב, זעה ק י ס.
נ. פּרילוצקי, זאַמעלביכער, I, 29.

קי'פֿען — שלאָגען, קילען, הרג'ענען.—זאָל זיך נעהמען פֿונ'ם אות קוף (פּוילישע אויסשפּראַך: קיף), װאָס שטעהט צום אָנהויב פֿונ'ם װאָרט „קילען"?
דער װאָקאַבעל איז אויך פֿאַרהאַן אינ'ם װאָלגאַרען יודיש.

קלאַפּקאָ'װע — אָספּאָר־קעשענע.

קלונג. „געבען אַ קלונג אין מאָרדע"—דערלאַנגען אַ זעץ אין פּנים אַרײַן.

קלי'נגען — בערימען זיך.

דער װאָקאַבעל װערט בענוצט פֿון די גנבים אין װאַהלין.

קלופֿט — אַ פּאַלטאָ, אַן'אויבער־בגד.—אין דער דײַטשער גאַונער-שפּראַך Kluft— קליידונג.
זעה די הערה צו דעמזעלבּיגען װאָקאַבעל אין דער פּלי־זמר־שפּראַך.

קלי'פּטאָ'ריע — אַ פּעקעל מלבּושים (?).

קנאַ'יען — זעה ק נ אַ ס ע ן.

קנאַ'סען, קנאַ'יען — דערזעהן, װערען אויפֿמערקזאַם. „ער קנאַסט" אָדער „ער קנאַיעט"—ער זעהט.

קניי'דעל אַ שיס־קויל.

דער װאָקאַבעל איז אויך פֿאַרהאַן אינ'ם װאָלגאַרען יודיש.

קסי'װע — פּאַס, דאָקומענט. — העבּרעאיש כּתיבה—דאָס שרײַבען, כּתיבה—חתונה־אַקט.
דער װאָקאַבעל איז אויך פֿאַרהאַן אינ'ם װאָלגאַרען יודיש.

קע'הרער — דער שטעכער פֿונ'ם הויז, סטרוזש, סטאָראָזש. זעה ב ע ז ע ם.

קעז — געלד. פֿון העבּרעאיש כּסף—זילבער, געלד, אָדער כּיס — אַ בײַטעל? אין דער דײַטשער גאַונער-שפּראַך Kies — געלד.

קע'סטעל־שניי'דער — קאַסע-ברעכער.

קראַ'טען — די תּפיסה. „הינטער די קראַטען"—אין געפֿענגעניש.

קרי'ען — בעהאַלטען.— פֿון פּויליש kryć רוסיש krywetj – פֿערבאָרגען.
דער װאָקאַבעל איז אויך פֿאַרהאַן אינ'ם װאָלגאַרען יודיש. די פּריזיוהניקעס אין פּוילען פּלעגען „ז י ך ק ר י ע ן".

קרעל — ברויט.
דעמזעלבּיגען װאָקאַבעל האָט אויך די פּלי־זמר־שפּראַך.

ראַף — אַ רעװיראָטי. זעה ל ע כ ע ם.
ראַ'שטע — הויז, שטוב.
זעה די הערה צו דעם װאָקאַבעל אין דער פּלי־זמר־שפּראַך.

ר'בי — ראש פֿון אַ גנבים-באַנדע.

אַ רוי'טינקס — אַ 10־רובל־שטיק — אַזאַ אַסיגנאַציע איז פֿון רויטען קאָליר.
שלום-עליכם, מאָשקעלע גנב (זעה אָבקליידען).

רוי'טער, זעה ש פּ אַ ן.

רויך, אַ פּעקעל רויך — אַ פּעקעל פּאַפּיראָסען.

שאַ'בער, טאָיע-בער — ברעך-אײַזען.— העבּרעאיש שבר — צעברעכען. אין דער דײַטשער גאַונער-שפּראַך הייסט Schabber— אַ דלאָטע, אַ שטעם־אײַזען.

שאָ'כער — אַ זעהער, אַ צוקוקער. זעה שאָכער'ן, ס אָ כ ע ר אין דאָס לידעלע בײַ מ אַ ר אַ ח י כ ע ר.

שאָ'כערן — פֿערמסר'ן, אויסגעבען. — העבּרעאיש שחור—שװאַרץ.

שאָ'פּענפּעלער — דער גנב, װאָס לויפֿט אַרײַן אין אַ געשעפֿט, כאַפּט עפּעס און אַנטלויפֿט, אויך דער, װאָס גנב'עט אין די קראָמען, פֿערשטעלענדיג זיך פֿאַר אַ קונה.— אין דער דײַטשער גאַונער־שפּראַך Schottenfeller—געװעלבער-גנב.
שאָ'ריע — זעה ב אָ כ נ י ע.

שאָ'ריער — זעה ב אָ כ נ י אַ ר ז ש.

שאַש — אַ שנאַפּס. — זאָל עס זײַן אַן איבעראַרבּײַטונג פֿון יי"ש (—יין־שרף, בראָנפֿען) אָדער בלויז אַ סובּסטאַנטיװאַום פֿונ'ם װערבום „שאַשקען"?

שאַ'שקען — טרינקען, מאַכען אַ שנאַפּס.— העבּרעאיש שתה—טרינקען.

שװאַ'ליער — אַ רובּל.
זעה די הערה צו דעמזעלבּיגען װאָקאַבעל אין דער פּלי־זמר־שפּראַך.

שופֿלאַ'דקע־געהער — אַ גנב, װאָס בעגנב'עט פֿלינק די שופֿלאָד־קאַסעס און געשעפֿטען.

שטויה'לען—גנב'ענען.—דײַטש stehlen— גנב'ענען. אינטערעסאַנט, װאו די דײַטשע גנבים בענוצען אַ העברעאישען װערבּום ge-neffen (פֿון נגב), און די יודישע דוקא אַ רײַן דײַטשען.

שטויהלער — אַ גנב. זעה ש ט ו י ה ל ע ן.

שטומפּ — דער בעגנב'עטער, װאָס װייסט נישט, װאו די גנבה געפֿינט זיך. דער היפּך: ל אַ מ ד ע ן, מ ע י ה ע ן.
י. מ. װייסענבערג, אַ טאַטע מיט בנים.

שטריי'כלע — געשלעכטליכער אַקט. — זעה מלוקען.

דער װאָקאַבעל איז אויך פֿאַרהאַן אינ'ם װאָלגאַרען יודיש.

שטי'כע—דאָס אײַנגעשטעלטע געלד בײַם קאָרטען שפּילען.—דײַטש Stich דער שטאָך, די װזיאַטקע אין קאָרטען-שפּיל (דאָס װאָרט „שטאָך" אין דעם זין ברענגט ליפּשיץ, הײַנט װערט עס כמעט נישט בענוצט).

שטע'כהאָלז (?) — אַ קעשענע (?)

שי'בען, „אַרײַנשיבען אַ העכטעל"—אַרײַנרוקען אַ מעסער. — דײַטש Schieben — בעװעגען, רוקען. — אין יודיש װערט דאָס װאָרט „שיבען" אָנגעװענדעט בלויז אויף צװיי פֿאַלען: אַרײַנזועצען די מצות אין אויװען (דורך אַ ספּעציאַליסט, דעם „שיבער") און רוקען דאָס אויװען־רעקעל (דעם „שיבער") צװישען דעם אויװען-גוף און קוימען.
אין דער דײַטשער גאַונער־שפּראַך הייסט Schieber—דער, װאָס גנב'עט זיך אַרײַן („אײַנשלײַכער").

שיין — אַ לאָמפּ.

שי'פּעל — סיפֿילים. „פֿאָהרען אויף אַ שיפּעל"—האָבען סיפֿילים.

שי'סען — גנב'ענען.
שלום-עליכם, מאָשקעלע גנב (זעה אָבקיטלען).

שלי'אַם — בעגינען, פֿאַרטאָג; „געהן אויף שליאַם"— אַרײַנכאַפּען זיך צו גנב'ענען אין אַ שטוב, װען דער בעל־הבּית שלאָפֿט.
זעה אויבען ש ל י אַ ט ע ן.

שלי'אַם־געהער — הויז-גנב, װאָס טהוט זײַן אַרבּײַט בײַ נאַכט (זעה שליאַם).

### צו דער יודישער פילאָלאָגיע: די יודישע זשאַרגאָנען

**שליאַ'מען** — טלאָפּען. — פֿון דייטש-Schlam-mern — דרומלען? — זעה טליאם.

**שמיר'ען** — היטען, בעוואכען. זעה שמירער (?).

**שמי'רער** — פּאָליציאַנט. — העברעאיש טמר — היטען, שמירה — די בעוואכונג. אין דער דייטשער גאַונער-שפּראַך Schammer — א וועכטער.

**שנייי** — א נאָז-טיכעל. — פֿון קאשנע (פראַנצויזיש cache-nez — נאָז-פֿערשטעקער) — א האַלז-טיכעל, אָדער ווייל א נאָז-טיכעל איז געוועהנליך פֿון ווייסען צייג? — אין דער דייטשער גאַונער-שפּראַך schnee-weiss — רייך.

**שנייי'דען** — טפּילען אזארטנע אין קאָרטען. — דייטש mit dem König schneiden — שטעכען (נעהמען) מיט'ן קעניג (ביים קאָרטען-שפּיל).

**שני'פֿער** — א נאכט-גנב בכלל. — אין דער דייטשער גאַונער-שפּראַך schniffen — גנב'ענען.
שלום-עליכם, מאָשקעלע גנב (זעה אָבקייטלען).

**שע'כטוווקע** — א מיידעל.
עהנליך אין דער כלי-זמר-שפּראַך: שעכטע, שעכטעל.

**שער** — פרענט, פֿערלעג-אייזען.

**שפּאַן, רוי'טער** — סתם א גנב.
שלום-עליכם, מאָשקעלע גנב (זעה אָבקייטלען).
אין דעם צעטעל גנבים-ווערטער, וואָס געפינט זיך אין דעם דייטשען ווערטערבוך פֿון טעטצנער, (לייפּציג) ווערט spannen איבערגעזעצט מיט schmiere stehn.

**שפּיי'ער** — א רעוואָלווער.
דער וואָקאַבעל איז אויך בענוצט געוואָרען פֿון די רעוואָלוציאָנערען און בכלל קאָנספּיראַטיווע מענשען.

**שפּאָ'רען** — פּאָליציי.
שלום-עליכם, מאָשקעלע גנב (זעה אָבקליידען).

**שפּרונג**, „אויף שפּרונג" — דרייסטע גנבה אין דער אָנוועזענהייט פֿון די שטוביגע.

**שפּרונג-געהער** — זעה שפּרינגער.

**שפּרי'נגער** — טלעסער-ברעכער, שלעסער-אָבשלאָגער.
שלום-עליכם, מאָשקעלע גנב (זעה אָבקליידען).

**שפּרי'נגער שפּרונג-געהער** — פלינקער גנב, וואָס גנב'עט פֿון הייזער ארוים, מיטענס פֿאַרטאָג.
זעה די הערה צו „טאַלטעל".

**שקאַ'טאָס** — הור, פּראָסטיטוטקע.

**שקאַטי'רען** — האָבען געשלעכטליכע בעציהונגען.

**תו'לה** — זעה טויל.

# II. כלי-זמר-לשון.

אינ'ם כלי-זמר-לשון, דער זשאַרגאָן, וואָס פֿערשווינדט צוזאַמען מיט'ן אַלטען כלי-זמר-טיפּ, איז קודם-כל אויפֿפֿאַלענדיג די גרעסערע צאָהל אַנאַגראַמעס (לאַקל, דאָיל, שיט, און אַנד.). ווייטער וואַרפֿט זיך אין די אויגען די אידענטישקייט פֿון מאַנכע ווערטער מיט וואָקאַבלען פֿון יודישען גנבים-לשון. די זעלבע אייגענשאַפֿט האָבען אויך די זשאַרגאָנען פֿון אונזערע פֿעלקער, למשל, די דייטשע גנבים-שפּראַך און דאָס סטודענטען-לשון האָבען בשותפֿות'דיגע אויסדריקען.

אינטערעסאַנט זענען די עטליכע קענטיגע לאַטייניש ווערטער (דעצים, סקריפּען). מען קאָן זיך משער-זיין, אַז די דאָזיגע ווערטער האָבען די יודישע כלי-זמרים איבערגענומען פֿון די אַמאָליגע רופֿאים, וואָס קומענדיג אין ענגער בעריהרונג מיט די אַמאָליגע דאָקטוירים, די גוטע קענער און געברויכער פֿון לאַטיין, האָבען זיי עפּעס דערפֿון גע'ירש'ענט.

בכלל איז צו בעמערקען אַ זשאַרגאָן-קרובה'שאַפֿט צווישען די כלי זמרים מיט די רופֿאים און שערער. כמעט אַלע ראַזירער אויף דער פּוילישער פּראָווינץ קענען די כלי-זמר-שפּראַך, און אַ'אַנזעהעוודיגער טייל פֿון אונזער קאָלעקציע איז טאַקע פֿון זייער מויל געזאַמעלט. די קענטניש פֿון דער כלי-זמר-שפּראַך צווישען די שערער נעהמט זיך דערפֿון, וואָס אַמאָליגע צייטען האָט נישט זעלטען איין מענש זיך בעשעפֿטיגט מיט ביידע, אין אַ געוויסער מאָס נבזה'דיגע, פּראָפֿעסיעס.

דאָס כלי-זמר-לשון ווערט אויך פֿערשטאַנען פֿון די סאַרווערס און פֿון דעם איבעריגען קלאַפּער-געצייג, וואָס האָט אַ שייכות צו דער יודישער חתונה.

אין דער כלי-זמר-שפּראַך בעמערקט מען אַ סך גבול-פּה ווערטער. דאָס ע'קלערט זיך דערמיט, וואָס, ראשית, זענען די כלי-זמרים, קלים און טיקלעך בעל-עבירה, שנית, איז עס אַ שפּראַך בלויז פֿונ'ם איינ־יגען מענליכען געשלעכט.

---

די צוויי פּערעפּעטליכטע אַרבייטען אויף דעם געביט פֿונ'ם כלי-זמר-לשון, האָב איך שוין אויבען דערמאָהנט (אין די פֿוס-נאָטען צו דער אַלגעמיינער פֿאָר-בעמערקונג). אייניגע ווערטער האָט מיר געגעבען פֿון זיין זאַמלונג ה' יהודא עלזעט, פֿאַר וועלכע איך דריק איהם דאָ אויס מיין דאַנק; ליידער זענען מיר דער גרעסטער טייל פֿון זיינע ווערטער פֿערלאָרען געגאַנגען. מיין זאַמלונג האָב איך געמאַכט איבערהויפּט אונמיטעלבאַר פֿון כלי-זמרים אָדער שערער אין וואַרשע, און ביים בעאַרבייטען זיי האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז אַ טייל פֿון זיי איז אידענטיש מיט די ווערטער אין פּרילוצקי'ס זאַמלונג און אויך מיט ד"ר ווייסענבערג'ס. מיין זאַמלונג פֿערפֿולשטענדיגט די ערשטע צוויי, און אַלע דריי צוזאַמען קאָנען דינען פֿאַר אַ יסוד צו אַ גרינדליכער פילאָלאָגישער אַרבייט אויף דעם געביט.

---

**אָ'בטאָקען — דערלאַנגען, געבען** (אַ זעץ, אַ פּאַטש).

דעם װאָקאַבעל „טאָקען“ אין דערװײַזלבער בעדייטונג האָט דאָס גנבים-לשון.

**אווע'קכיליען — אַוועקגעהן.**

זעה כיליען.

**אויספראָ'בען — געוואָהר ווערען.**

זעה פּראָבען.

**או'נטערהאַלטער — צווייטע פידעל, סעקונדע.**

שלום-עליכם, „סטעמפּעניו“, ווארשא, 1913, זייט 24.

**אוּסי' — פאַרהאַן.**

דעם וואָקאַבעל האָט מיר איבערגעגעבען ח' מ. מ. הורוויץ פון לובאַוויטש (מאָהיליוער גובערניע). די כלי-זמרים אין פוילען ווייסען דערפון נישט.

**אָ'זנע — אַ זייגער.**

**אַ'לטיפקעס — קאַרטאָפעל.**

**אמאַי' — אַהיים. „כיליע אַמאַי“ — געה אַהיים.**

אַנ'אַנאַגראַם פון אַ היים.

**אַנווע'רזען — אַנשפילען.**

„ווערזע-אַן דעם סאַהאַן אַ שניאַסקע“ — שפּיל-אָב דעם מחותן אַ שטיקעל, שפּיל איהם אויס פאַר אַ בלאַזען.

זעה ווערזען.

**אנטכי'ליען — אַוועקגעהן.**

זעה כיליען.

**אַנטראַ'לען — אַוועקפאָהרען.**

זעה ראַלען.

**אַניי' — נישטאָ.**

פּויליש ani, נישט. אַהער גילט די הערה צום וואָקאַבעל „אוּסי“.

**אַנמאַ'טכינען — אָנקוקען.**

זעה מאַטכינען.

**אַקרי'ל, אָקרעל — ברויט, חלה.**

בײַ מענדעלי מו"ס געפינען מיר „זאַבאַרעט אַ קרעלי“ (פישקע דער קרומער, קאַפּיטעל 15). — ד"ר ווייסענבערג ברענגט קריל און ד"ר לאַנדוי פערגלייכט עס מיט акрек (לויט ראַמאַנאָוו, „ווערטערבוך פון די בעלי-מלאכות-זשאַרגאָן אין מאָהילעווער, קאַלוגער אין פּענזער גובערניעס“ א. אַז. וו.).

**אָ'רזשע — צובייס.**

אַהער גילט די הערה צום וואָקאַבעל „אוּסי“.

**אַרײַנטער'כענען — אַרײַנשטעקען, אַרײַנזעצען.**

**באַווערבען — אײַנשמירען, אײַנריכטען.**

זעה ווערבען.

**באָ'זשניק — לעקאַך.**

בײַ ק. עסטרייכער אין זיין „Z szwargot więzienny“ (קראָקאַ, 1903) הייסט boski ברויט.

**באַ'לישניק — דאָסזעלבע וואָס לאַבושניק** (זעה).

**באָ'טשקאַר — אַ חסיד.**

רוסיש boczko, פּויליש boczka — אַ פאַס. — אַ רמז דערויף, וואָס די חסידים האָבען ליב אַ סך צו טרינקען? — דער וואָקאַבעל איז פערצייכענט געוואָרען אין לאָדז און בענדין.

**באַלאַני' — אַ גילדען** (30 פּוילישע גראָשען).

**באַסווי'דען, באַסמי'דען — בעזעצען** (די כלה).

זעה סווידען.

**באַ'קער — צוויי, אויך אַ צווייער** (2 גראָשען).

געהיים-ווערטער-זאַמלונגען פון צענטראַל-רוסלאַנד פון דאַבראָוואָלסקי, שעין און סמירנאָוו: באַקראַ, באַקרי אין דער בעדייטונג פון צוויי.

**באַקער=באַקער — (2+2) פיר.**

**באַקער=באַקער=סטראָם — (2+2+3) — זיבען.**

**באַקער=באַקער=ספעם — (2+2+5) — ניין.**

**באַקער=דעצים — צוואַנציג.**

**באַקער=סטראָם — זעקס** (צוויי מאָל דריי).

**באַקערניק — אַ צווייער, אַ קאָפּיקע.**

**באַ'ריען, בע'ריען, באַריאַלען — עסען.**

לויט דער השערה פון ד"ר ווייסענבערג שטאַמט עס פון העברעאישען בְּרְיָה עסען — (זעה שמואל-ב' י"ג ז').

**באַריאַ'ל — הונגעריג.**

**באַריאַ'לניק — עסער, פרעסער; דאָס מויל; אַ לעפעל.**

**באַריאַ'נסקע — מויל; פּנים.**

**באָרל, בערעל — אַ רובל.**

**באַש — געלד.**

דעם וואָקאַבעל האָט אויך דער יודישער גנבים-זשאַרגאָן. בכלל ווערט ער בענוצט פון געמיינעם קלאַס און יודישע גאַסען-הענדלער. ער איז אויך שכיח אין דער געשטאַלט פון Posch, Posche, Pasche אין דייטשען גנבים-לשון אין דערזעלבער בעדייטונג: געלד. די סברה, עס זאָל שטאַמען פון העברעאישען „פשוט“ איז פאַלש. ער שטאַמט צוואָהרשיינליכסטען פון ראָמאַנישען שורש poche — אַ בייטעל, אַ קעשענע. דיזעלבע השערה זאָגט ערויס דרויאַנאָוו.

**בויע — זנות.**

„זי דעלעט די בויע“ — זי איז צום „האָבען“.

אַהער גילט די הערה צום וואָרט „אוּסי“.

**בי'בערן — דאַווענען, לערנען.**

בײַ די דייטשע גנבים בעדייט דער ווערבום „בעטען זיך“, בײַ די פּוילישע bibrać — שעפּטשען.

**ביבערניק — אַ נוסח-קענעווידיגער; אַ סידור.**

**בי'זען — זיבען.**

אַנ'אַנאַגראַם.

**ביס — צוואַנציג.**

לאַטייניש bi — צוויי מאָל (?). — אַהער גילט די הערה צום וואָרט „אוּסי“.

**ביסאַפאַנס — פינף און צוואַנציג.**

פערבינדונג פון „ביס“ מיט „פאַנס“ דורך „א“ (פראַנצויזיש á צו א. אַז. וו. אָדער רוסיש a און). — אַהער גילט די הערה צום וואָרט „אוּסי“.

**בי'רגאַלען — בריסט פון אַ פרוי.**

בענוצט אין דערזעלבער געגענד ווי „אוּסי“.

**בסאַן — דער חתן.**

דער וואָקאַבעל איז פערצייכענט געוואָרען אין לאָדז. — זעה שוויסאַן, שמאַטשאַן.

**בסאַנ'קע — די כלה.**

**בערי' — זעה באַריען.**

**בערי'אַלען — זעה באַריען.**

**בראַטאַן — ברודער.**

סלאַוויש brat, ברודער.

**בראַטאַ'ניכע — שוועסטער.**

**ברמאַעכע — זעה זבראַמעכע.**

**גראַבישקע — אַ האַנד.**

עסט־ייכער ברענגט דאָס פּוילישע גנבים-וואָרט grabcia — אַ האַנד.

**דאָיל — אַ מענש, אַ בעווייבטער.**

אַנאַגראַם פון יאָלד (זעה).

**דאָי'לעווקע — אַ ווייב, אַ חתונה געהאַטע** (אַ מיידעל הייסט שעכטעל).

**דזשאָכען — לאַכען.**

אַנ'ענהליך וואָרט „זשאָכען“ (זעה).

**דעס — צעהן. „דעסאַפאַנס“ — פינפצעהן.**

אַהער גילטען די הערות צו „אוּסי“ און „ביסאַפאַנס“.

**דעצימער — אַ צעהנער** (5 קאָפּ.).

**דעצעם — צעהן. „דעצעם מיט כאַשמיל“ — עלף.**

לאַטייניש decem:

**דעצים=דעצים — הונדערט.**

(צעהן מאָל צעהן).

**דריזשבלען — שלאָפען, פאָפען, אויך האָבען געשלעכטליכע בעציהונגען.**

זאָל עס זיין פון „דרימלען“? דער וואָקאַבעל איז אויך פאַרהאַן אין יודישע גנבים-זשאַרגאָן, אָבער בלויז אין דער וואולגאַרער בעדייטונג.

**האַכטלינג — אַ מעסער.**

דער וואָקאַבעל איז אויך דאָ אין גנבים-לשון; — בעמערקונג פון יהודא עלזעט: עס שיינט מיר, אַז עס איז דאָ אַ מעסער-פירמע „האַרטלינג“; דער ריש ווערט דאָ בלויז פערביטען אויף אַ כף.

**וואַרז'אַק ווערז'אַק — דער הינטען, דאָס געזעס.**

זעה ווערזען.

**ווא'רעם — פּיאַווקעס** („ווערעם“).

**ווא'רפליע ווערפליע — אַ פידעל.**

**ווע'רבעל — פויק.**

**ווער'זען — לאָזען לופטען (נפיחות); שפּילען, איבערהויפּט שלעכט שפּילען.**

יודיש-פאָלקסטימליך בעדייט דער ווערבום: ברעכען, מייקעטען. — ד"ר לאַנדוי ברענגט לויט ראָמאַנאָוו'ן Bapaать — שטוהל-גאַנג.

**וועַ'רזאַק**—זעה וואַרזאַק.

**ווערפּליע**—זעה וואַרפּליע.

**זאַבּ'אָרען**—צונעהמען, נעהמען.

פּויליש zabierać, רוסיש забрать דעם וואָקאַבּעל האָט אויך דאָס גנבים-לשון.

**זאַבּ'ערעס**—הענד.

פון זאַבּאָרען.

**זביאָ'רען**—זעה זאַבּאָרען.

**זאַקידריוועַן** — אָנצינדען די ליולקע, פערריכערן.

**זבּראַם** — פּאָטער. „זבּראַם-זבּראַם"—אַ ציידע.

**זבּראַ'מיכע**—מוטער.

**זי'קרעס**—אויגען.

שלום-עליכם, סטעמפּעניו, זייט 15;

**זערקאַ'לניק**—אַ לײַכטער.

**זשאָכאַ'לניק**—אַ חזן, אַ זינגער, אַ משורר.

**זשאָ'כען**—זינגען, אויך לאַכען (זעה דזשאָכען).

**זשיכאַ'לניק**—זעה זשאָכאַלניק.

**זשלאָבּ**—אַ גוי, בפרט אַ פּויער.

אין אוקראַינאַ רופט מען| אַזוי אַ פּראָסטאַק, אין ליטאַ—אַ גנב.

**זשלאָ'בּעווקע**—אַ גויע.

**חצי-שוואָ'לעו**—האַלבּער רובּל.

**טאָס**—הונדערט.

וואָהרשײַנליך אנאַגראַם פון sto. ד"ר ווייסענבערג פערצייכענט דאָס וואָרט אין דרום-ר סלאַנד.

**טאָ'קען**—געבּען, אַריינגעבּען אין האַנד אַריין.

דרויאַנאָוו (רשומות I, בעמערקונגען צו נח פּרילוצקי'ס „לשון הכּלי-זמרים בפולניה") ברענגט אַ סבּרה, אַז טאָקען שטאַמט פון העברעאישען וואָרט תּקוע איבּ'ם זין פון געבּען עמיצען עפּעס אָהן זיין וויסען.

**טע'נטלען, טי'נטלען**—שרייבּען.

**טע'נטלער, טי'נטלער**—שרייבּער, סעקרעטאַר.

**טע'רין, טירען**—רעדען, זאָגען.

**טע'רכענען**—גאָלען, ראַזירען.

דאָס וואָרט איז פאַרהאַן אין יודיש אין פערשידענע בעדייטונגען. ביי לאַ-טוסניקעס-שניידער: „צונויפטערכענען"—צונויפשטיקעווען, צונויפנעהמען. „טער-כען" — שלעכט נייהען. „טערכען" — דאָסזעלבּע ווי שטורכען, שטויסען מיט'ן עלענבּויגען.

**טע'רכער**—אָרימאַן, בּעטלער.

אין דער דייטשער גנבים-שפּראַך: טאַרכענער.

**טשאָ'ווען** — האָבּען געשלעכט-ליכע בּעציהונגען.

**טשאַפּ**—געלד.

**טשעק**—קלאַפּ, פּאַטש, זעץ.

**טשעקאַ'ל** — אַ גרויסער פּויק; אַ שערעל.

**טשעקאַ'ליע**—ראַזורע, פּריזיר-אַנשטאַלט.

**טשיזשע, צוזע** — דער מענש, איבּערהויפּט וועגען אַ זייטי-גען, וואָס געהערט נישט צו דער בּראַנזשע.

מ סטער-זאָך: „טשיזשע טראָקט קליוועי" זאָגט איין שערער-יונג צום צווייטען וועגען אַ גאַסט, ד. ה. ער גיט אַ שענעם טרינק-געלד.

וואָהרשיינלעך פון רוסיש чужой, אַ פרעמדער.

**טשיקאַ'לניק** — ראַזירער, שע-רער.

**טשי'קען**—קלאַפּען, זעצען, פּאַ-טשען; שערען; אויך טון דעם געשלעכטליכען אַקט.

רוסיש чикать, קלאַפּען מיט אַ שטע-קען אָדער מיט אַ כּלי דורך עפּענען און פערמאַכען, למשל מיט אַ שערעל.

**יאָ'לד**—אויך: טשיזשע יאָלד, ז. טשיזשע)—אַ יוד (אַ גוי הייסט זשלאָבּ); וואָס געהערט נישט צום פאַך: נישט קיין כּלי-זמר, נישט קיין ראַזירער א. א. וו.

זעה דאָס וואָרט אין גנבים-זשאַר-גאָן. אין פּוילען ווערט עס בּרייט בּע-נוצט איבּ'ם זין פון נאַר, נישט-פּראַקטי-צירטער א. ד. גל.

**יאָ'לדיש**—יודיש (לשון)

**יאָ'לדעווקע**—פרוי פון אַ מאַן, יודענע.

(אַ גוי'ע הייסט זשלאָבּעווקע).

**כּתי'בה**—שריפט, בּריף, בּילעט, פּאַס.

דאָס וואָרט האָט אויך די גנבים-שפּראַך.

**כאַט**—אַכט.

אַנאַגראַם.

**כאַשמי'ל**—אַ גראָשען, אײַנס.

**כאָ'נע**—אַ זונה.

**כיד'קע**—געשווינד, גיך.

שלום-עליכם, סטעמפּעניו, ז. 15.

**כיל'ניק**—פוס; שוך.

**כיל'ניק-מאַכער**—שוסטער.

**כי'ליען**—געהן.

עס איז וואָהרשײַנליך פּרילוצקי'ס השערה: פון העברעאיש „הלוך", יודיש „הולכען". אין די רוסישע געהיים-זשאַרגאָנען איז хлищь, хлить געהן.

**כעשטע'ל**—מיידעל.

זעה שעכטעל.

**לאַבּושי'נסקע**—כּלי-זמרים-לשון.

**לאַ'בּושניק**—כּלי-זמר.

קאַרלאָוויטש אין זיין ווערטערבּוך פון די פּוילישע זשאַרגאָנען בּרענגט labuśniak איבּ'ם זין פון הולטאַי (לויט פּרילוצקי).

**לאַ'בּערען**—שפּילען, אויך שפּי-לען אין קאָרטען א. ד. גל.

ד"ר ווייסענבּערג איז משער, אַז לאַבּערן איז אַן אַנאַגראַם פון בּאַלען (שפּילען אויף אַ בּאַל). „לאַבּערן אין סטאָרקעס"—שפּילען אין קאָרטען.

**לאַ'בּראָשניק**—לאַבּושניק (ז.)

**לאַזש**—שלעכט, מיאוס.

**לאַזשאָ'ר, לאָזשוק**—נישט קיין אָרענטליכער מענש.

**לאַזשאָ'רניק**—אָרעמאַן; שלעכ-טער מענש.

**לאַפּ**—רב.

**לאַפּעכע**—רביצין.

**לאַקל**—די כּלה.

אַנאַגראַם פון כּלה מיט'ן פערקלע-נערונגס-למד צום סוף.

**לוי'בּיש**—פּויליש.

**לי'פּקע**—ווייס בּרויט, חלה.

וואָהרשײַנליך איז גערעכט פּרילוצ-קי, עס זאָל זיין אַן אַנאַגראַם פון בּי-קע (בּולקע).

**מאַ'טכען, מאַ'טכענען** — זעהן, קוקען.

שטאַמט וואָהרשיינליך פון רוסישען חערבים смотреть.

**מאַטעריאַ'לניק**—אויג.

**מאַ'טרינצע**—שפּיגעל.

**מאַסיקאַ'נקע**—פרויען-קלייד.

**מאַסקאַטניעס**—הויזען.

**מאַ'סקאָקלעס**—אייער.

אין פּויליש געפינט זיך דאָס וואָרט miskać, misić אין דער בעדייטונג פון קאַסטרירען, מסרס-זיין.

**מע'נטע**—פּאָליציסט; סאָלדאַט.

דאָס וואָרט האָט אויך דער גנבים-זשאַרגאָן. ד"ר לאַנדוי מיינט, עס זאָל שטאַמען פון אונגאַריש mente—קורץ רעקעל פון הוזאַרען, וואָס איז געשטריקט מיט זילבּער. דרויאַנאָוו אין זיינע הערות צו פּרילוצקי'ס אַרטיקעל ווייזט אָבּער ריכטיג אָן אויפ'ן געוועהנליכען געבּרויכ-טען וואָרט מאַנטעל.

**מע'נטעס**—לשון רבּים פון מענ-טע; פּאָליציי, מיליטער בּכלל.

**מְהֻטָּם**—ווער איז זי?

דאָס וואָרט אין דער געשטאַלט און מיט די נקודות בּרענגט שלום-עליכם אין סטעמפּעניו, זייט 15. זאָל עס זיין אַ הרכּבה פון די העברעאישע ווערטער „מי היא" (ווער איז זי) און סלאַוויש lam (דאָרט)?

**נאַ'טכינען**—שטינקען.

קאַרלאָוויטש אין זיין Słownik gwar polskich בּרענגט natcha איבּ'ם זין פון דושנעקייט.

**נע'סקים**—נישט, ניין.

לאַנדוי ציטירט לויט ראַמאַגאָוו דאָס רוסישע געהיים-וואָרט нескекь

**סאָבּאַ'נען**—בּעהאַלטען.

פון פּרילוצקי'ס זאַמלונג. ער פיהרט אָן דאָס פּוילישע sobić — אַנגרייטען, רוסיש собина — אַ פערמעגען, וואָס אַ מענש האָט זיך אָנגעגרייט.

**סאַהאַ'ן** — אַ הונד; אַ חסיד; אַ מחותן.

דאָס וואָרט אין די אַלע דריי בּע-דייטונגען נעהם איך בּלויז פון פּרילוצקי'ן. מיר איז עס קיינמאָל נישט אויסגעקומען צו הערען.

**סאַוורי׳, סאַרווי׳—פיש**

ווייסענבערג ברענגט „סאוולי׳, פריי לוצקי „סאלחי״. ביידע מיינען, עס זאָל שטאַמען פון נעמען פין געוויסע פיש. מיר שיינט, אז עס שטאַמט פין יודישען וואָרט „סארווער״ (פון ראָמאַנישען שורש ser-vice בעדינען). ז. סקאלניק.

**סאַל׳עפ׳פ — קאָפּ, און שפּאָטיש אויך דער הינטען, דער מענליכער גליד.**

**סאַל׳עפ׳ניק—נאַר.**

**סאַרווי—סאַוורי** (זעה).

**סאַרעס — האָר.**

העבר. שערות.

**כווידאַ׳לניק—בדחן. בעסווידען—בעזועצען די כלה.**

**סווי׳דען, סמידען—ויצען.**

לאנדוי איז משער פון רוסיש видѣть.

**סווי׳זעכץ—הויז, דירה.**

**סטאַ׳כניען, סטע׳כניען — שטעהן, שטעלען.**

פויליש stać, רוסיש стать.

**סטאָר׳קעס—קאָרטען.**

ווייסענבערג ברענגט לויט טראכטענבער׳ס блатная музыка דאָס וואָרט стиркаи—געצייכענטע קאָרטען (כדי צו מאכען שקרות אין שפילען).

**סטראָם—א פערד.**

ביי גינטנער („דאס ראָטוועלש דעס דויטשען גאאונערס״) געפינט זיך „סטראָמער״ אין דער בעדייטונג פון א לערן-אינגעל ביי א האַנדווערקער בעל-מלאכה.

**סטראָם — דריי. „דעצעם מיט סטראָם״—דרייצעהן. „סטראָם-דעצעם״—דרייסיג. סטראָם-סטראָם-סטראָם״—ניין.**

אין פערשידענע רוסישע זשארגאָנען געפינען זיך стром, строма, стро-мига אין דערזעלבער בעדייטונג.

**סטראָמער, סטראָ׳מניק — א דרייער (3 גראָשען); א דריי רובלדיגס.**

**סטראָמובעל — א דריי רובלדיגס.**

**סטראַשי׳, סטראַשי׳ל—חתונה.**

ווייסענבערג ברענגט די פאָרם: „סטריסליע״ און לאנדוי שטיצט די עטימאָלאָגיע פון דעם וואָרט אויף דעם אוקראאינישען wessylje אָדער פויליש wesele (!).

**סמאָסאַ׳ן, שמאָטשאַ׳ן — דער חתן.**

וואהרשיינליך דער חתן. אין יודיש ווערט אָפט, אויסצודריקען גרינגשעצונג, געבענטשעט א וואָרט מיט א שין און מם צום אנהויב, למשל: „וואָס טויג מיר דיין עסען-שמעסען״.

**סמאַסאַ׳נקע, סמיסאַ׳נקע — די כלה.**

**סמאַריאַ׳ן — א חסיד.**

**סמאַר — א זקן, אַנ׳אַלטער מאַן.**

**סמאַ׳ריכע — א זקנה, אַנ׳אַלטע פרוי.**

**סמוריאַ׳ן — א הונד.**

**סע׳ווען — זיבען.**

אין ענגליש sewen, אָבער ס׳איז וואהרשיינליכער פון העברעאיש „שבעה״. „דעצים מיט סעווען״ — זיבעצען.״ סעווען-דעצעם״ — זיבעציג.

**ספיאָ׳כע, שפליאָ׳כע — פלייש.**

דאָס רוסישע גנבים-לשון האָט (לויט סמירנאָוו׳ס ווערטער-בוך) דעם וואָקאבעל спех.

**ספיאָ׳כעס — בריסטען.**

**ספעם — פינף. דעצים מיט ספעם — פופצעהן. ספעם-דעצים פופציג.**

דרויאנאָוו אין רשימ׳ית ברענגט לויט פ. טיכאנאָוו (טשערניגאָווסקיע סטארצי, טשערניגאָוו ,1899) пень, פינף.

**ספע׳ם-דעצים — א פינף-רובלדיגע אסיגנאַציע.**

**סקאַ׳לניק — א סאַרווער אויף א חתונה.**

אויף אוקראאיניש הייסט Skałka א שפענדעל.

**סקאַ׳לניטשקע — סאַרווערקע, קעכין.**

**סקריפאַ׳לניק — בלייפעדער, פעדער.**

**סקרי׳פען. — שרייבען**

לאטייניש scribe

**סראָם — פיר. „דעצעם מיט סראָם״ — פערצען. „סראָם-דעצעם״ — פערציג.**

**סראָם-דעצים — אַ פערציגער (20 קאָפּיקעס).**

ביידע לעצטע ווערט זיינען פון פרילוצקי׳ס זאַמלונג, געהערט פון איין מענשען.

**פּאָ׳בען פריבי׳ווען — זיין.**

**פּאָטשאַ׳כיען, פּאָטשע׳כניען — שטאַרבען.**

זאָל עס זיין אומישנע בענוצט אין היפכדיגער בעדייטונג פון פויליש po-ciecha, רוסיש потѣха (פרייד) ? —

**פאַנס — פינף.**

זעה הערה צו „זיספאַנס״.

**פטירע, פטיע — פיר, אויך א פירער (4 גראָשען). „דעצים מיט פטיע״ — פערצעהן. „פטיע-דעצים״ — פערציג.**

ד״ר לאנדוי ברענגט לויט ראָמאַנאָוו׳ס „געהיים-שפראַכען ביי די סלאַווען״ אין butyra פון четыре אָדער cztery און רומעניש patru.

**פטי׳רעניק — א פערציגער (40 גראָשען).**

**פיטיו׳ק, פעטיוק — א קינד, א יונגעל.**

ד״ר לאנדוי פערגלייכט דאָס וואָרט צום רוסישען пеихюх — טפש, גולם. אין ליטא זאָגט מען אויף א נאר „פעטאך״.

**פליס — מקוה.**

פון פלוס Fluss. פרילוצקי׳ס חקירה וועגען Fliess פאַלט אוועק.

**פערדאַק, פערדיאַק — פעלדשער.**

זעה ווייטער „רעפטיאַק״.

**פראָ׳בען — זעה פאָבען.**

**פראָ׳בען — אויספּאָרשען.**

ביי שלום-עליכם אין „סטעמפעניו״ זייט 15: „פראָבע-אויס״— ווער געוואַהר.

**פשאָט — זעקס. „דעצעם מיט פשאָט״— זעכצעהן. „פשאָט-דעצעם״ — זעכציג.**

**פשיכי׳ליען, פשילע׳כען — קומען, אריינקומען.**

זעה כיליען. דעם פרעפיקס przy פויליש.

**פאָרקע׳רעט — שכור.**

פון „פערקעהרט״, איבערגעדרעהט, אז מ׳טער׳ן גלעזעל. מען זאָגט אויך: „איבערקעהר׳ען די כוסה״.

**פלי׳סערן — משתין-זיין.**

**צאַ׳מען — בעצאָהלען.**

פון דייטש zahlen ?

**צו׳זי, צוזע׳ניכע — די דאָזיגע (פרוי), אויך די פרוי.**

**צו׳זע — דער דאָזיגער, אויך דער מענש, דער מאַנס-פּאַרשוין.**

**צי׳טאָ, ציטער — שנעל, גיך.**

לאטייניש און איטאליעניש cito. אויך אין אנדערע שפראכען בענוצט.

**קאַדראָ׳ל—פאַפּיראָס, ציגאַרעט.**

**קאַטרי׳שקי, קאַטערו׳כע — א היטעל.**

די ערשטע פאָרם איז פארצייכענט אין פוילען, די צווייטע אין דרום-רוסלאנד. ביי ראָמאַנאָוו (זעה אויבען) געפינט זיך דאָס זעלבע וואָרט אין דער אייגענער בעדייטונג.

**קאָלפאַ׳ן — א רב; א גרויסער מענש; הויכער בעאַמטער, פאָליציימייסטער; א פריץ.**

איך מיין, אז עס האָט א שייכות מיט „קאָלפאַק״, ווייל א רב און דעסגלייכען א הויכער בעאַמטער צייכענען זיך אויס מיט זייער קאָפּ-בעקליידונג. — ביי דייטשע גנבים הייסט Kolbik דער ריכטער.

**קאַטראָ׳שניק — היטעל-מאַכער.**

**קאַריאַ׳לעכץ — משקה, בראָנפען אָדער ביר.**

**קו׳דרען — רויכערן (טיטון).**

ד״ר ווייסענבערג פערצייכענט אין דרום-רוסלאנד. דער שורש איז רוסיש кудракь. די רוסישע היטעל-מאכער אין דריבין, מאָהילעווער גוב., זאָגען אויף זייער געהיים-לשון кудромить — רויכערן.

**קיטש — געפענגעניש, תפיסה.**

דאָס וואָרט האָבען די פויליש

יוכישע און אויך דײַטשע גנבים! עהנליך אין יודיש: קוטשעמענס. בײַ אונז אין שטעטעל (מעזריטש, שעדלעצער) פלעגט מען רופען „קיטשע" די יאַך אונטער דער קיך, וואו מען פלעגט האלטען הינער.

**קיפּרי'וּוען — קויפען.**

אין דרום-רוסלאַנד פאַרצײַכענט ד"ר ווײַסענבערג „קאָמפּ-יוּוען". ד"ר לאַנדוי פערגלײַכט עס מיט רומעניש cumpăre.

**קליוו — גוט, שיין, אויך אַ סך.**

אין די רוסישע געהײם-שפּראַכען клевый אין דער פּוילישע גנבים-שפּראַך klawy. פון טשעכיש klawry, גוט.

**קליפּט — אויבער-מלבוש.**

זעה דאָסזעלבע וואָרט אין דער גנבים-שפּראַך. בײַ דײַטשע גנבים kluft.

**קליפּ'טען-שטי'קער, קלי'פּ-טשיק-מאַכער — שנײַדער.**

**קליוּוע'ץ — גביר, גיטער מענש, קלוגער א. אַז. וו.**

**קלי'נגער — שמש; דינער.**

**קליס, קליסאַ'לניק, קלײַ'סער — גנב.**

עס קען האָבען אַ שײַכות מיט „קיכ-לער", וואָס בעדײַט אין דער דײַטשער גנבים-שפּראַך קעשענע-גנב (פון העברע-איש „כיס").

**קנאַ'סען — זעהן, קיקען; ווײַ-סען; קענען.**

**קעז — זעקס.**

חאַהרשײַנליך אנ'אַנאַגראַם. אין גנבים-לשון בעדײַט „קעז" געלד איבער-הויפּט (פון כסף).

**קעפּ — באַנקע.**

**קערע', קערע'ל — בראָנפען.**

בײַ די פּוילישע גנבים kira.

**קערא'לניק — אַ שכור.**

**קערען — טרינקען בראָנפען, שכורן.**

אין די רוסישע און פּוילישע געהײם-זשאַרגאָנען кершить, kierzyć, און אנדערע עהנליכע פאָרמען.

**קראָ'זשע — בראָנפען.**

**קרעל — ברויט.**

זעה אַקרעל.

**ראַ'בישקע — האַנד.**

**ראָל — וואָגען.**

בײַ די דײַטשע גנבים Rolle, אַ וואגאן.

**ראָ'לניק — בעל-עגלה, פוהרמאַן.**

**ראָ'לען — פאָהרען.**

**ראַשוויאַ'לניטשקע — אויסגע-לאַסענע פרוי.**

**ראָ'שווינען — טון דעם גע-שלעכטליכען אַקט.**

זאָל דאָס זײַן אַ ציגישע אַנאַגראַם פון „ראש" — קאָפּ?

**ראַ'שטי — הויז, צימער, שטאָדט.**

אין דרום-רוסלאַנד האָט ד"ר ווײַסענ-בערג פערצײַכענט די פאָרם „ראַשלי".— פון דײַטש Rast — אַברוה?

**ריפּקע — פרויען-אָרגאַן.**

**רע'ווציקער — פערציגער (40 גראָשען).**

אנ'אַנאַגראַם.

**רע'פּטיאַק — אַ דאָקטאָר.**

זאָל עס שטאַמען פון רופא?

**שאַב — דאָס זעלבע וואָס באַש.**

אנ'אַנאַגראַם.

**שאַ'כטע — זעה שעכטעל.**

**שוואַ'לער — אַ רובל.**

ד"ר ווײַסענבערג און אַזוי אויך שלום-עליכם אין סטעמפעניו ברענגען די פאָרם „סמאלער". ד"ר לאַנדוי'ס עטי-מאָלאָגיע פון taler איז גאַנץ חאַהר-שײַנליך.

**שוואַ'נציווען — טאַנצען.**

אין דרום-רוסלאַנד: שמאַלצעווען.

**שוואַרץ — נאַכט.**

בײַ די דײַטשע גנבים אָפט געברויכט.

**שווי'זשיק — יונגעל, בחור.**

**שוויטאַ'ן — חתן.**

זעה שמאָטשאַן, סמאַסאַן.

**שוויסאַ'נסקע — כלה.**

**שו'סטער — קאַרגער מענש.**

**שטאָ'לפער — פּלײַט.**

**שיט — טיש.**

אנ'אַנאַגראַם.

**שופר — טראָמפּייט.**

**שלאַ'מען — שלאָפען.**

**שמאָטשאַ'ן — חתן.**

זעה כמאַסאַן, שוויטאַן.

**שניאָ'טשקע — שטיקעל. אַ שניאָטשקע סאַוורי" — אַ שטיקעל פיש. אויך ציניש וועגען אַ פרויענצימער.**

פּרילוצקי'ס הערה: „פון szmitka אין אַ פּוילישען דיאַלעקט (קאַרלאָוויטש, V, 310)—אַ שטיקעל (ברויט) און שטאַמט פון דײַטשען schnitt".

**שע'כטע, שע'כטעל — אַ מיידעל; אַ טאָכטער.**

אין פּאָלקסט מליכען פּויליש זאָגט מען szichta אויף אַן אויסגעלאַסענער פרוי. ראָמאַנאָוו, וואָס געפינט עס אין די רוסישע געהײם-שפּראַכען, ווי'ל עס אָב-לײַטען פון יודישען וואָרט „שיקסע" (?).

**שפּאָלט — אַ דאָקטאָר.**

דאָס פּאָלק רופט אירגעניש שפּאַלט יעדען „דײַטש", ד. ה. איר-פּעאיש-געט-לײַדעטען. וואַהרשײַנליך צוליב'ן שפּאַלט אינ'ם זשאַקעט אָדער אויבער-מלבוש.

**שפּע'נעריל — פינף-רובלדיגע אַסיגנאַציע.**

שלום-עליכם ברענגט, דאָס וואָרט אין „סטעמפּעניו". גאַנץ בעשײַנפערליך פון „ספּעס" — פינף.

# III בעל-עגלה-לשון.

דאָס דאָזיגע לשון, אַזוי ווי די גנבים-שפּראַך, איז נאָך פון קיינעם פילאָלאָגיש נישט בעריהרט געוואָרען. פון ליטעראַרישע מקורים האָב איך בענוצט בלויז איינעם — שלום אַש'ס „יאַטישע טאָכטער".

לויט מיין השערה, איז דאָס בעל-עגלה-לשון נישט קיין סך גרעסער, ווי אונזער זאַמלונג.

אַלע ווערטער זענען פון גרויס-פּוילען, פון וואַרשא מיט דער סביבה.

דעם הויפּט-טייל פון דערדאָזיגער קאָלעקציע האָבען מיר געליפערט די ברידער סאַלאָמאָן, וואַרשא.

---

**אַבקליידין** — סמ'ען (אַ פערד).
דעמדאָזיגען וואָקאַבעל האָט אויך די יודישע גנבים-שפּראַך.

**אָדלער, חיה, נבילה** — דאָס פערד.

**אויסגעקנעכעלט** — אויסגעלענגקט די פוס-זויל.

**אויפגעבלאָזענער טיט** — אַ לופּט-מענש, אַ קליינער סוחר.
שלום אַש, די יאַטישע טאָכטער.

**אונטערגעריסען** — מיט הייַלען אונטער די היפּטען, אויסגעמאָגערט.

**אייערמאַן** — אַן אָגיער, אַ פערד-זכר.

**געלער רמאַי** — אַ רויט פערד, אַ קאַשטאַן.

**גריטשאַק** — אַ ווייס פערד מיט ברוינע פלעקען.

**דראָנזשיק, דראָנזשעליק** — דאָס פערד, וואָס גערט געשפּאַנט אײפ'ן דרענגעל, דאָס דריטע, רעכט-זייטיגע פערד. זעה אָנטשעפּעניש.

**האַנד, „אויף דער האַנד"** — דאָס פערד איז געשפּאַנט (ביים טאָפּעל-געשפּאַן) אין דער לינקער זייט; נעבען איהם גערט דער בעל-העגלה. — זעה לייטש.

**הייער** — אַ 5-ער'ל (5 פּוילישע גראָשען). — פון ה' (הא)=5.

**וויוועך** — מין מאַכל, וואָס מען גיעט דער קאָבילע נאָכ'ן געבערין; דאָס מאַכל בעשטעהט פון אויסגעקוועטשטע געקאָכטע קאַרטאָפּלעס געמישט מיט קלייען.

**וונענטנער** — אַ פערד-זכר, וואָס איז נישט גוט אויסקאַסטרירט געוואָרען.

**זאַגאָזשדזשען** — אריינקלאַפּען דעם אופנאַל (הופנאַגעל) אין פלייש אַריין.

**זאַטראַטעווען** — צעקאַלעטשען זיך, רייבען מיט דער פאָדקעווע איין פוס אין אַנדערען און מאַכען זיך דערמיט וואונדען.

**זאָנעוו** — אַ גילדען-קאָרופּציע פון העברעאיש זהוב = אַ גילדען אויף דעם וואולגאַרען וואָרט זנב = אַ ווידעל.

**זייכען** — משתין-זיין (וועגען פערד). —

**זמאָרע** — דער שד, וואָס מוטשעט ביינאַכט די פערד אין דער שטאַל, פלעכטענדיג זיי די גזשיבעס און אַז. וו.
עטוואָס וועגען דעם געפינט זיך אין דער „יעווריייסקאיא ענציקלאָפּעדיא", אַרטיקעל Cyeвѣpie.

**חיה** — אַ פערד. — זעה אָדלער.
שלום אַש, די יאַטישע טאָכטער.

**חצי-פויגעל** — אַ האַלבער רובל.

**טלוקען** — האָבען עצירות, אויך: גוססען, וואַרפען זיך אין קאָנוואולסיע פאַר דער פגירה (וועגען אַ פערד).
דעמזעלביגען וואָקאַבעל האָט אויך דאָס וואולגערע יודיש און די יודישע גנבים-שפּראַך, אָבער מיט לגמרי אַנ'אַנדער בעדייטונג.

**טעקסע** — (?)
שלום אַש, די יאַטישע טאָכטער.

**טשאָלענט** — אַ דינסט-מויד.
שלום אַש, די יאַטישע טאָכטער.

**יאַטיש** — בעל-הבית'יש.
שלום אַש, די יאַטישע טאָכטער.

**יודער** — אַ צעהנער (10 פּוילישע גראָשען). פון י' (יוד)=10

**כאָלעיען** — קרענקען. — העברעאיש חולה=קראַנק.
דאָס וואָרט ווערט אויך געברויכט אינ'ם וואולגאַרען יודיש.

**לאַמפּערקע** — אַ טרונק בראָנפען.
שלום אַש, די יאַטישע טאָכטער.

**לאַקם** — טויג צו גאָרנישט (?).
שלום אַש, די יאַטישע טאָכטער.

**(אַ) לולב מיט אַנ'אֶתרוג** — אַ גרויס מיט אַ קליין פערד, צוזאַמען געשפּאַנט.

**לייטש, „אויף דער לייטש"** = דאָס פערד, וואָס, איז געשפּאַנט (ביים צוויי-געשפּאַן) אין דער רעכטער זייט. געוועהנליך איז עס דאָס בעסערע פערד, וואָס געהט גוט אפילו ווען עס איז

**דערווייטערט פונ'ם בעל-העגלה.** — זעה האַנד.

**מאַטקע, מאַטשערע, מאַמע, (אויך) בעל-הבית'טע, שוועסטער, קלאַטש** — די קאָבילע, דאָס פערד-נקבה.

**מאַס** — משא, לאַסט.

**מיסטיגען** — אָפּפען-זיין (וועגען פערד).

**מעמער** — אַ 40-ער (40 גראָשען, 20 קאָפּ). — פון מ' (מם)=40.

**נְבֵלָה** — זעה אָדלער.

**פויגעל** — אַ רובל. „חצי-פויגעל" = אַ האַלבער רובל.

**פוקסענלאַנד** — ווייטקייט, מרחקים: „ער איז שוין אין פוקסענלאַנד" = ער איז שוין לאַנג אַוועקגעפאָהרען.

**פּראַנצויז, „געהן ווי אַ פּראַנצויז"** = האָבען אויסגעקרימטע פיאַטעס.

**צו'לאָזען** — פּאָרן, מזווג-זיין (אַ פערד-זכר מיט אַ פערד-נקבה).

**צעריסענע שפּיל** — דאָס פערד-נקבה נאָכ'ן געשלעכטליכען אַקט.

**קאָלטון** — אַ פערפּלאָנטערטע גריווע פונ'ם פערד; מען טאָר אים נישט אָבשערן; ווייל ווען

מען טהוט עס, גלויבען די בעלי־עגלות, פגר'ט דאָס פערד.

קאָפּ — דער מיטעלסטער טייל פונ'ם ראָד, וואָס בעוועגט זיך דירעקט אויפ'ן אַקס.
פויליש .piasta

קאַשטאַן — א רויט פערד.
זעה געלער רמאי.

קיטעל — אַ ווייס פערד, אַ שימעל.

קיילען אין קאָפּ — אַריינקלאַפּען קלינעס אינ'ם קאָפּ (זעה), ער זאָל נישט צופיל אָבשטעהען פונ'ם אַקס.

רמאַי — זעה געלער רמאי.

שוועסטער — זעה מאטקע.

שטענגעל — אַנ'אויסיואוקס אונטער דער פערדיש'ער קאָפּיטע.

שטרייכען זיך — געהענדיג רייבען איין פוס אינ'ם אַנדערן, בפרט די הינטערשטע פיס.
פויליש .strichować

שיסען מיט'ן תּחת, פּאַטשען מיט'ן זאָד — צוריקשלאָגען מיט די הינטערשטע פיס, ווען מען דערלאַנגט עס מיט דער בייטש.

שעק — אַ שוואַרץ פערד מיט ווײַסע פלעקען.

שפּאַק — אַ שוואַרץ־חײַס פערד.

שפּיצאַק — דאָס פערד, וואָס איז צוגעשפּאַנט צום לאַנגען דראָנג און געהט פאָרויס פאַר די צוויי, צום וואָגען געשפּאַנטע פערד.

שרעק — אַ ווייס פערד, מיט גרויסע שוואַרצע פלעקען.
דייטש .Apfelschimmel — זאָל דאָס חאָרס האָבען אַ שייכות מיט דייטש schräg = קרום?



# דער יודישער ווארט-אוצר

(ווערטער-בוך לויט בעגריף פאמיליעס)

געזאמעלט און בעארבייט

פון שמעון שפיגעל

# דער יודישער וואָרט־אוצר.

פֿאָלגענדע אַרבייט איז אַ קאַפּיטעל פֿון אַ ווערק אונטער'ן נאָמען „דער יודישער וואָרט־אוצר" אָדער „דער פּאַסענדער אויסדרוק".

דער ציל פֿון דאָזיגען ווערק איז קודם כל צו געבען דעם ליטעראַט, זשורנאַליסט, איבערזעצער, לעהרער און בכלל יעדען, וואָס זיין אַרבייטס־געביט איז די יודישע שפּראַך, אַ גוטען, ברויכבאַרען אינסטרומענט פֿאַר זיין אומנות. דאָס פֿעהלען פֿון אַזאַ נוצליך ווערקצייג לאָזט זיך פֿיהלען אין דער שטאַרקסטער מאָס און האָט אויך געהאַט זעהר פֿאַטאַלע פֿאָלגען פֿאַר די ענטוויקלונג און בערייכערונג פֿון דער יודישער שפּראַך און ליטעראַטור.

אַ פֿאַקט איז, אַז אין קיין שום שפּראַך זעהט זיך נישט דער גייסטיגער אַרבייטער געגענאיבער אַזעלכע שוועריגקייטען, ווי אין יודיש, אין ערגעץ איז ער נישט אָנגעוויזען אַזוי אויסשליסליך אויף זיך אַליין און אין ערגעץ קומט איהם נישט אויס צו זיין אין אַזאַ גרויסער מאָס אַ פּיאָנער און מחוקק, ווי אין דער יודישער שפּראַך.

נישט בעזיצענדיג וועלכע עס איז שפּראַך־פֿיהרער, קיין וויסענשאַפֿטליכע גראַמאַטיק, קיין אַקאַדעמישע ווערטער־ביכער א. אַז. וו., פֿערטרעטען איהם די קלאַסיקער פֿון דער ליטעראַטור נאָר זעהר ווייניג די סיסטעמאַטישע וויסענשאַפֿטליכע שפּראַך־בילדונג און דעם זייט לאַנגע דורות פֿעסטגעזעצטען און קולטיווירטען שפּראַך־געברויך פֿון די אומות־העולם. צום טייל ווימלען די יודישע קלאַסישע ווערק מיט אַזויפֿיל באַרבאַריזמען און זענען אַדורכגענומען מיט אַזאַ גראַמאַטיקאַלישער זאָרגלאָזיגקייט, אַז מען קאָן זיי טיילמאָל בשום אופן נישט שטעלען אַלס מוסטער פֿון אַ גוט, ריכטיג יודיש. הוץ דעם — און דאָס איז דאָס וויכטיגסטע — די ענטוויקלונג פֿון דער שפּראַך קאָן נישט בלייבען אויף איין אָרט. די פֿאָרשטעלונגס־וועלט פֿון מענדעלע'ן, שלום־עליכם'ן א. אַ. איז נאָך נישט דער היינטיגער עולם ומלואו. אויף איבערצוגעבען די מאָדערנע גרויסע, ברייטע וועלט מיט איהרע אַלע ערשיינונגען אין שפּיגעל פֿון דער שפּראַך, מוז דער דאָזיגער שפּיגעל גאָר אַנדערש זיין געשליפֿען. ווערט דאָך היינט די שפּראַכקונסט, אַלס אַזעלכע, געטריבען ביז צו דער אויסערסטער ראַפֿינירטקייט.

די הינטערשטעליגקייט פֿון דער יודישער שפּראַך־ענטוויקלונג בעווייזט אַמבעסטען די יודישע איבערזעצונגס־ליטעראַטור. אָדער דאָס בעסערע בוך בלייבט ס'רוב — נאַטירליך, אויב דער איבערזעצער איז געוויסענהאַפֿט און פֿערשטעהט זיין זאַך — נישט איבערזעצט, אָדער עס ווערט אַריינגעקוועטשט אין סדום־בעטעל פֿון זיין שפּראַך־בעגאַבונג. עס איז אָבער קלאָר, אַז נישט קוקענדיג אויף אַ גרעסערען אָדער קלענערען שפּראַך־טאַלענט, מעהר אָדער מינדער אינטואיציע און ווערטער־זכרון, קאָן דאָס פֿלעגען און קולטיווירען די יודישע שפּראַך נישט זיין די אויפֿגאַבע פֿון אַ יחיד, נאָר עס מוזען דערויף זיין געווענדט די אָנשטרענגונגען פֿון כלל; עס מוזען געהען האַנד אין האַנד געשיכטליכע פֿאָרשונג, טעאָרעטישע וויסענשאַפֿט, גראַמאַטיקאַלישע לעהרע נעבען שעפּפֿערישער שפּראַך־אינטואיציע און נאָוואַטאָרישער דרייסטקייט.

דאָס אַלץ איז נאָך לעת עתה אַ הלכתא למשיחא. דאָס וואָס מען קאָן שוין אויפֿטון פֿאַר'ן יודישען שרייבער, דאָס איז, איהם אויף ווי ווייט מעגליך שוין צו פֿערגרינגערען דעם געברויך פֿון דער שפּראַך, געבענדיג איהם אין די האַנד אַריין פּראַקטישע הילפֿס־ביכער, ברויכבאַרע שפּראַך־קאָמפּענדיום'ס א. אַז. וו. אפֿילו ביי „זיי", וואו יעדער מאַכט אַדורך אַ סיסטעמאַטישע בילדונג אין זיין מאַמע־לשון, וואו כמעט אַלץ איז געאָרדענט און גערעגעלט, וואו ער לעבט ס'רוב אין דער אויסשליסליכער איינפֿלוס־ספֿערע פֿון זיין שפּראַך, אויך דאָרט זענען די דאָזיגע הילפֿס־האַנדביכער אין אַ סך פֿאַלען דורכאויס נויטיג פֿאַר יעדען שריפֿטשטעלעריש טעטיגען מענש. דער אונטערשיד צווישען אַנדערע שפּראַכען און יודיש איז אָבער דער, וואָס אויב ערגעץ אַנדערש וואו זוכט מען ד ע ם אויסדרוק, ד. ה. אַ בעזונדערען טאָן אָדער אַ בעזונדערע וואָרט־שאַטירונג, זוכט מען אין יודיש אָפֿט נאָר אַן אויסדרוק, וואָס זאָל, הגם בלויז אומגעפֿעהר, איבערגעבען דאָס געמיינטע. און אָפֿט, זעהר אָפֿט — יגעת ולא מצאת תאמין — זוכט מען דעם דאָזיגען, איינציגען, בדחק'דיגען אויסדרוק אויך אומזיסט. נישט זעלטען ליגט דער אויסדרוק, אַזוי צו זאָגען, אויף דער צונג, און ער לאָזט זיך נישט פֿאַסען.

עמפֿינדענדיג אַליין זעהר שטאַרק דעם דאָזיגען מצב, האָב איך צום בענוצען ביי מיינע ליטעראַרישע בעשעפֿטיגונגען, אָנגעהויבען מיר צו מאַכען נאָטיצען, צוזאַמענצושטעלען רשימות פֿון סינאָנימען, אויסדרוקען און זעלטענערע ווערטער. וואָס מעהר די דאָזיגע רשימות זענען זיך פֿונאַנדערגעוואַקסען, אַלץ מעהר האָבען זיי מיר געבראַכט נוצען, און אויך להיפוך, וואָס מעהר איך האָב געהאַט פֿון זיי נוצען, אַלץ מעהר אַרבייט האָב איך פֿערווענדט צו קאָמפּלעטירען זיי און פֿערפֿאָלקאָמענען. מיט

דער צייט בין איך געקומען צום בעשלוס, אַז עס וואָלט געווען גלייך אָט דעם פֿלייס און די מיה צוּגענגליך צו מאַכען פֿאַר'ן כּלל. איך האָב דאָס מאַטעריאַל אָנגעהויבען צו בעאַרבייטען און אויסצוגעשטאַלטיגען אויף אַ זעלבסשטענדיג בוּך.

נישט האָבענדיג געהאַט פֿאַר זיך קיין שום ענטשפּרעכענד מוּסטער, האָב איך שוין לכתחילה זיך געהאַלטען בײַ די פֿאָל־גענדע צוויי עיקרים: 1) די ווערטער דאַרפֿען זיין געאָרדענט נישט לויט'ן אַלף־בית, נאָר לויט בעגריפֿען; 2) געגענאיבער יעדען בעגריף דאַרף זיך, ווען נאָר מעגליך, געפינען זיין געגענזאַץ. די איינטיילונג איז געווען אַ גענוּג פּרימיטיווע, אַלגעמיינע. דאָס מאַטעריאַל האָט דערהויפּט געהאַט אַ שייכות מיט'ן מענשליכען לעבען, מיט זיין טעטיגקייט, אייגענשאַפֿטען א. אַז. וו.: רייך און אָרעם, שעהן און מיאוס, אמת און שקר, פֿרעהליך און אומעטיג, ליבע און האַס, עניוות און שטאָלץ, מוט און פּחד, פֿרומקייט און אַפּיקורסות, בּריה און שלימזל א. ד. גל.

ענדליך, נאָך עטליכע יאָהר אוּמזיסטען אַרוּמזוּכען, איז מיר אַריינגעפֿאַלען אין דער האַנד אַ דייטשע בעאַרבייטונג פֿון אַן ענגליש ווערק, וואָס האָט פֿאָרגעשטעלט מיט זיך אַן אידעאַל מוּסטער פֿון דעם, וואָס עס האָט מיר פֿאָרגעשוועבט אין געדאַנק. דאָס דאָזיגע ווערק הייסט: Thesaurus of English Words and Phrases. פֿון Dr. P. M. Roget עס איז ערשינען אין יאָהר 1852 און האָט שוין אויסגעהאַלטען אַרוּם 40 אויפֿלאַגעס. עס ווערט בענוּצט אוּמעטוּם, וואו נאָר עס ווערט גערעדט די ענגלישע שפּראַך. לויט'ן דאָזיגען ענגלישען אָריגינאַל, וואָס איז בעוואוּנדערנסווערט צוליב זיין העכסט וויסענשאַפֿטליכע, לאָגישע קלאַסיפֿיקאַציע און זיין ראַציאָנעלע פּראַקטישע ברויכבאַרקייט, זענען אין אַנדערע שפּראַכען ערשינען פֿערשידענע בעאַרבייטונגען און נאָכאַהמוּנגען.

דאָס ווערק ענטהאַלט כּמעט דאָס גאַנצע ווערטער=מאַ־טעריאַל פֿון דער ענגלישער שפּראַך, און האָט פֿאָלגענדען

# פּלאַן פֿון דער איינטיילונג.

| קלאַס. | אָבטיילונג. |
| --- | --- |
| I. אַבּסטראַקטע בעציהוּנגען . . . . . . . . | 1. עקזיסטענץ<br>2. בעציהונג<br>3. קוואַנטיטעט<br>4. אָרדנוּנג<br>5. צאָהל<br>6. צייט<br>7. פֿערענדערוּנג<br>8. סבה און פּעולה |
| II. שטח . . . . . . . . . . . . . . | 1. שטח בכלל<br>2. שטחפֿערנעהם<br>3. פֿאָרם<br>4. בעוועגוּנג |
| III. שטאָף . . . . . . . . . . . . . | 1. שטאָף בכלל<br>2. אוּנאָרגאַנישע שטאָפֿען<br>3. אָרגאַנישע וועלט |
| IV. ווערטער בנוגע גייסטיגע פֿעהיגקייטען . . . . | 1. בעגריפֿסבילדוּנג<br>2. מיטטיילונג פֿון בעגריפֿען<br>3. מיטלען צו דער געדאַנקען־מיטטיילונג |
| V. ווילען . . . . . . . . . . . . . | 1. אינדיווידועל (בנוגע די ווערלענדע פֿערזאָן)<br>2. אינטערסאָציאַל (בנוגע אַנדערע)<br>3. בנוגע בעזיץ |
| VI. געפֿיהל, נייגוּנג און געמיטסבעוועגוּנג . . . . | 1. בכלל<br>2. בנוגע די עמפֿינדענדיגע פֿערזאָן<br>3. בנוגע אַנדערע (סימפּאַטיע; אַנטיפּאַטיע)<br>4. זיטליכע עמפֿינדונגען<br>5. רעכטס־אינסטיטוּציעס<br>6. רעליגיעזע עמפֿינדונגען און איינריכטונגען. |

חוץ אויף קלאַסען און אויף אָבטיילונגען, איז נאָך דער וואָרט-אוצר געאָרדענט לויט לאָגישע פּרינציפּען אויספיהרליכער אין 1000 בעגריף-פאַמיליעס, יעדע מיט אַ בעזונדערען כסדר'דיגען לויף-נומער. אַ גענויער איבערזיכטס-פּלאַן דינט כדי לייכט זיך צו קאָנען אָריענטירען איבער די 1000 בעגריף-פעכער.

צום סוף געפינט זיך אַ פולשטענדיג אַלפאַבעטיש רעגיסטער פון אַלע ווערטער, וואָס קומען פאָר אין בוך. נעבען יעדען וואָרט געפינט זיך דער נימער פון דער בעגריף-פאמיליע, אונטער וועלכען מען קאָן געפינען דאָס וואָרט, ווי אויך אַלע עהנליכע פערוואַנדטע ווערטער.

לאָמיר איצט אָננעהמען, אַז מיר זוכען אַנ'אויסדרוק אָדער אַ גאַנץ בעזונדערס כאַראַקטעריסטישען אויסדרוק פאַר אַ געדאַנק, אָדער דער דאָזיגער אויסדרוק ליגט אונז „אויף דער צונג". למשל, מיר ווילען וועגען עפּעס אַנ'אומזיסטער פּעולה זאָגען, עס איז אַ דאַנאַאידען-אַרבייט. מיר זוכען אויף אין אַלפאַבעטישען רעגיסטער עפּעס אַ וואָרט, וואָס איז, הגם נאָר בקרוב'דיג, אַנאַלאָגיש צו דער אידעע, וואָס מיר האָבען אין זין. אומעטום, הן ביים וואָרט „אומזיסט", הן ביי „ערפאָלגלאָז", הן „אונפּרוכטבאַר", „רעזולטאַטלאָז", „אַדורכפאַלען", „נישט דערגרייכען" א. אַז. וו. אומעטום ווערט אונז אָנגעוויזען צום נומער 732; דאָרט געפינען מיר טאַקע יענעם אויסדרוק אָדער אַ שפּאָרע צאָהל אַנדערע, אפשר נאָך פּאַסענדערע אויסדרוקען.

אויב אַ וואָרט געהערט צוליב דער פערשידענאַרטיגקייט פון זיינע בעדייטונגען צו פערשידענע בעגריף-פאַמיליעס, ווערען אין אַלפאַבעטישען רעגיסטער אויך אויסגערעכענט די לעצטע ווי אויך זייערע נומערען. למשל:

„וואָהר"

| | |
|---|---|
| עקזיסטענץ . . . . . | 1 |
| געוויסהייט . . . . . | 774 |
| וואָהרהייט . . . . . | 494 |
| בעיאָהונג . . . . . | 535 |
| וואָהרהאַפטיגקייט . . . . | 543 |
| געטריי . . . . . | 883 ,772 |
| רעכטשאַפענקייט . . . . | 839 |

דאָס פאָלגענדע קאַפּיטעל „די צייט" איז די זעקסטע אָבטיילונג פון קלאַס I (אַבסטראַקטע בעציהונגען) און ענטהאַלט 34 בעגריף-פאַמיליעס (106—139).

# צ ײַ ט.

## א) צײַט, אבסאָלוט.

**106. דויער ;** פעריאָד; טערמין; צײַטרוים, (-שטח); סעזאָן; זמן; עראַ; (צײַט-) אָבשניט; עפּאָכע; תקופה; דור; צײַטאַלטער 114.

צווישענצײַט; פויזע; אונטערברעכונג; צווישענשפּיל; עפּיזאָד 599; אינ-טעררעגנום; פּראָבע-, קאַרענץ-, בעקלעהרצײַט א.; בין הזמנים.

לאַנגע דויער 110.

**וו.** אָנהאַלטען; העגגען, שוועבען נאָך 475; דויערען; פאָרטזעצען; אויסהאַלטען; בעשטעהען; בײַם אַלטען בלײַבען, לאָזען א. א. וו. 150.

די צײַט פערברענגען, פערטועדען, אויספילען, פערנעהמען א. א. וו.; אָבשלעפּען; אויסציהען א. 110; (אונטער דער אַש הײַטער-) טלײַען 382; (ווינ-טער-) יעהרען א. 353.

**אדי. א. אדוו.** פאָרטגעזעצט; דויערענד; פערמאַנענט; בתמידות; בקביעות; בעשטענדיג 150; בצת, בשעת (וואָס, דעם); דער-ווײַל; לעת עתה; בינו לבינו; בין כה וכה; אונטער דער צײַט; דערצווישען; בינתים 221, 228, ביז אַהער; ביז; ביז איצט 122; נאָכאַנאַנד כסדר; תמיד; אימער; שטענדיג; א צײַטלאַנג; פון טאָג צו טאָג; פון אָנהויב ביז צום סוף.

**107. צײַטלאָזיגקייט ;** אין קײן שום צײַט.

קורצע דויער.

**אדי. א. אדוו.** קײנמאָל; קײנמאָל נישט; בשום אופן; אין קײן שום צײַט; ad calendas Graecas; חול המועד פורים (שבועות); ווען אין הימעל איז (וועט זײַן) א יריד.

קוים ווען עס איז; כמעט קײנמאָל נישט.

**108. בעשטימטע דויער אָדער טײלווײַזער צײַטרוים.**

**פעריאָד ;** צײַטרוים; ווײַל; סעקונדע; מאָמענט; רגע; מינוט; שעה; שטונדע; טאָג; מעת לעת; וואָך; חודש; מאָנאַט; יאָהר; anno; סעזאָן; זמן; פריהלינג; זומער; הערבסט; ווינטער; לעבענסצײַט; מענשענעלטער.

שמיטה; דעצענניום; דעקאַדע; יאָהרצעהנדלינג; יאָהרהונדערט; -טויזענד; כיליאַדע; מיללעננױם. — שטײנאַלטער; בראָנז-, אײַזענצײַט.

**אדי. א. אדוו.** שעה'ווײַז; (אַל) טעגליך; טאָג-טעגליך; יום יום; בכל יום; דבר יום ביומו; וועכענטליך; מאָנאַטליך; יעהרליך; מדי שנה בשנה; הונדערטיעהריג; דעמאָלט; דאַן 119; פעריאָדיש 138.

**109. אונבעשטימטע דויער.**

**לויף** (פון דער צײַט); פאָרטשריט; פערלויף; משך; שטרוים, פער-געהען, פערפליסען א. א. ח. פון דער צײַט; מיט דער צײַט.

**110. לאַנגע דויער.**

**אריכת ימים ;** א לאַנגע (אונענדליכע) צײַט; יאָהרהונדערט; יאָהרטויזענדער; עאָנען; נצחיות; אײביגקייט; אונענדליכקייט; אין-סוף; ענדלאָ-זיגקייט; סוף כל הדורות; אלף השישי; לדור ודור ולנצח נצחים; לעולם ועד; עדי עד; א שאָק מיט יאָהרען; עלף און נײַנציג יאָהר.

דויערהאַפטיגקייט; ווײַטערפעסטאַנד; פאָרטדויער; בעשטענדיגקייט 150; אורך ימים; לאַנגלעביגקייט; איבערלעבען; פערפעטואיטעט. לעבענספערלענגערונגס-קונסט; מאַקראָביאָליק.

**111. קורצע דויער.**

**פערגענגליכקייט ;** אונבעשטענדיגקייט; שטערבליכקייט; מאָרט-יאַליטעט 360; (צײַט-) שפּאַן; קורצקייט; קורצלעביגקייט.

שנעלקייט 132; פלעצליכקייט; אינטעררעגנום; אינטערים; פּראָוויזאָריום.

זײַפענבלאָז אײנטאָגפליג; קיקיון בן יומו; שטויב 362; חלום יעוף; ציץ נובל; אבק פורח; בן תמותה.

**וו.** פערגענגליך זײַן א.; פערגעהען; פערפליסען; אַוועקפליהען; אַוועק-אײַלען; אַוועקקומען; פערשווינדען; פערוועהען; פערוועלקען; פערבליהען 659;

צײַטענטפֿערנונג; פֿערצעגערונג; פֿער-אויסציהונג; פֿערשלעפּונג, אָדער פֿערלענגערונג פֿון דער צײַט; שהיה; פּראָלאָנגאַציע 133.

וו. דויערן; האַלטען; אָנ-, אויסהאַלטען; צעגערען; פֿערצעגערען; פֿערשיבען; דוחה, מדחה זײַן; מעכּב זײַן; אָבלעגען; זיך מיישב זײַן; זיך ישוב'ן; (אָב-) וואַרטען 133; צײַט לאָזען 683; פֿערלענגערען; מאריך (ימים ושנים) זײַן; פֿערשפּרײַטען; פּראָלאָנגירען; איבּערדויערען; איבּערלעבּען; אָבשלעפּען; וואַרטען; האַרען א. אַז. וו.; פֿערלאָזען אין די לאַנגע באַנק אַרײַן; פֿערלאָזען; אַנטישאַמבּרירען 886; מעדיקען 133; בּלײַבּען; נישט פֿערגעהען; תקומה האָבּען 112; אָנ'איבּיגקײַם דויערען; דויערען אַ יאָהר מיט אַ מיטוואָך.

אַדי. א. אַדוו. דויערהאַפֿט; דויערעוודיג; בּן-קיימא; בּעשטענדיג; פּערמאַנענט; בּתמידות; בּקביעות; כּראָניש; אונפֿערגענגליך; אונצעשטערבּאַר; לאַנגלעבּענד; לעבּענסלאַנג; (אויס-) דויערענד; אימערגרין; פֿערענגירענד; אונאויפֿהערליך.

פֿערצעגערט; פֿערלענגערט; אָבגעלעגט; נדחה; דילאַטאָריש א. 133; — אונבּעענדיגט; שוועבּענד; נישטערלעדיגט.

לאַנג; אימער; תמיד; שטענדיג; כסדר; נאָכאַנאַנד; דעם גאַנצן ליבּען, לאַנגען טאָג; יאָהראויס, יאָהראײַן; כּל ימיו; דורכ'ן גאַנצין לעבּען; עטערנעל 112.

צו שטויב ווערען 360; דויערען פֿון אסתר תענית בּיז פּורים.

אַדי. א. אַדוו. פֿערגענגליך; אונבּעשטענדיג; וואַנדעלבּאַר; פֿאַר איבּערגעהענד; פֿערשווינדענד א. אַז. וו.

טעמפּאָרער; צײַטווײַליג; פּראָוויזאָריש; צײַטליך; פֿאָרלויפֿיג; לעת עתה; לשעה; דירת עראי; אינטערימיסטיש; קורצלעבּיג; עפֿעמער; קורזאָריש; amantium irae; קורץ; בּקיצור (נמרץ); פּלעצליך (פּלוצים; פּלוצלינג; פּליצאַלבּען); שנעל; געשווינד; אײַליג; בּחפּזון (-דיג); ראַש (יג); אויף איין פֿוס; רגע כּמימרא; כּהרף עין; זאָפֿאָרט; תיכּף ומיד; תוך כּדי דבור; גלײַך; בּאַלד; אומר ועושה; אומפֿערהאָפֿט; אומסגעריכט; ניט האָצאַ ניט פּאַצאַ; מיט איינמאָל; פֿיקס און פֿערטיג; פֿלינק; אויגענבּליקליך.

בּליצשנעל; עקספּראָמפּט; קנאַל און פֿאַל; הײַנט רויט, מאָרגען טויט 149.

## 112. בּעשטענדיגקײַט: פּערפּעטואיטעט; נצחיות; איבּיגקײַט; אל-מות; אונשטערבּליכקײַט; איממאָרטאַליטעט; אַטהאַנאַזיע; וויטערדויער; אומפֿערגענגליכקײַט; אײַנצעשטערבּאַרקײַט א. אַז. וו. 110; גלײַכקײַט 27; סטאַבּיליטעט 150.

וו. בּעשטענדיג; אונענדליך; איבּיג א. אַז. וו. זײַן; ווײַטערדויערען; ווײַטערבּעשטעהען; אויסהאַרען; אָנ-, אויסהאַלטען; בּעשטאַנד, האַפֿט, קיום האָבּען; קיין ענדע נעהמען; (פֿעסט) בּעזעסען זײַן; דירת קבע האָבּען; זײַן וואויגוואָרט מאַכען א. אַז. וו. 184.

אַדי. א. אַדוו. בּעשטענדיג; בּתמידות (דיג); בּקביעות; פּערפּעטועל; איבּיג; כּסדר; ענדלאָז; אונענדליך; אונאויפֿהערליך; אונשטערבּליך; אונפֿערטילגבּאַר; אונאויסראָטבּאַר א.; אימער; תמיד; שטענדיג; הײַסער און הײַסער; נאָכאַנאַנד 136; גלײַכאַרטיג 16; חי לאַנג די וועלט שטעהט.

## 113. צײַטפּונקט.

אויגענבּליקליכקײַט: מאָמענט; רגע; אויגענבּליק; סעקונדע; מינוט; אָטעמצוג; בּליץ (-שטראַהל, -שלאַג); פּלעצליכקײַט א. אַז. וו. 111.

וו. קורצע צײַט דויערען, אָנ-, האַלטען; פֿערגענגליך, אויגענבּליקליך זײַן; (אוים-) בּליצען א. 111, עקסטעמפּאָרירען 612, 674.

אַדי. א. אַדוו. אויגענבּליקליך; כּהרף עין; מאָמענטאַן; פּלעצליך; זאָפֿאָרט; מיט איינמאָל; אויף איינמאָל; אָהן צײַטפֿערלוסט; געגענוועַרטיג; איצט בּעת; אַ מאָל; דאַן 119; פֿריה; שפּעט 116, 117.

## 114. צײַטמאָס: צײַטבּערעכענונג; צײַטרעכענונג, — חשבון; כּראָנאָלאָגיע; כּראָנאָמעטריע; שטונדענמאָס; רעגיסטרירונג; דאַטום; עפּאָכע.

אַלמאַנאַך; לוח; קאַלענדער; טאָגבּוך; כּראָניק; אַנאַלען; פּנקס; רעגיסטער; צײַטאָבּשניטע צײַטאײַנטײַלונג; ערע 106; טערמין 142; צײַט (ען) פֿאָלגע; consecutio temporum א. 116, 117.

אינסטרומענט פֿאַר צײַטבּערעכענונג. זײגער; כּראָנאָמעטער; זונענזײגער; שטונדענגלאָז; רעגולאַטאָר; טאַקטמעסטער; וואַסערזײגער; כּראָנאָסקאָפּ.

קאַלענדערמאַכער; כּראָנאָלאָג; כּראָנאָגראַף; צײַטרעכנער; אַנאַליסט 553; יודעי העתים.

וו. די צײַט בּעשטימען, בּערעכענען, אויפֿפּאַסען; אָנגעבּען א. אַז. וו.; דאַטירען; רעגיסטרירען; טאַקט האַלטען, (אויס-) שלאָגען, אָנגעבּען א. אַז. וו.; טערמין בּעשטימען, פֿעסטזעצען, צעלעגען א. אַז. וו. 142.

אַדי. א. אַדוו. כּראָנאָלאָגיש; כּראָנאָמעטריש; כּראָנאָגראַמאַטיש א. אַז. וו.

## 115. אונריכטיגע צײַטבּערעכענונג.

אַנאַכראָניזמוס: צײַטרעכנונגספֿעהלער; פּראָלעפּזיס; טעות'דיגע, אונריכטיגע א. אַז. וו. צײַטבּעשטימונג; צײַט-טעות'דיגקײַט, פֿעהלער א. אַז. וו.; אַנטיציפּאַציע.

וו. אונריכטיג דאַטירען; (פֿאָסט-, אַנטע-), פֿאָרדאַטירען; נאָכדאַטירען; אַנטיציפּירען; אַנ'אַנאַכראָניזמוס בּעגעהען א.; די (ריכטיגע) צײַט פֿערפֿעהלען, פֿערנאַכלעסיגען, פֿערגעסען. די צײַט אָהן אַכט (פֿאַרבּײַ געהען) לאָזען.

# ב) רעלאַטיווע צייט.

## 1. צייטפֿאָלגע.

**116. פּריאָריטעט ;** אַנטעצעדענץ; פֿאָרעקזיסטענץ; פּרעצעדענץ. פֿאָרלויפֿער; פֿאָרגענגער; פּרעלודיום א. אַז. וו. 64; (פֿאָר-)אָהנונג 121; מבשר; דעמערונג; פּרוזדור; אינטראָדוקציע; איינלייטונג; הקדמה; מבוא; פּראָדראָם(וס); פֿאָרפֿייער; פּעסטאָווענד; ערב. — בכור; ערשטלינגע; בכורים.

**וו.** פֿאָראויסגעהען; פֿאָראויסקומען; פּרעעקזיסטירען; איינלייטען; מקדים זיין; איינפֿיהרען; דעמערען; אָנקינדיגען; מבשר זיין א. אַז. וו. 511.

**אדי. א. אדוו.** קודם(צר); קודם כל,—המעשה; צופֿויר; בראשונה. לפני; פֿאָראויסגעהענד; צוערשט; פֿריהער ; גיכער (פֿערגאַנגענהייט) 122; שוין; a priori 476.

**117. פּאָסטעריאָריטעט ;** נאָכפֿאָלגע; פֿאָלגע; סוקצעסיע; סע־קווענץ; ערבפֿאָלגע; נאָכפֿאָלגער 65.

**וו.** פֿאָלגען; נאָכקומען; נאָכפֿאָלגען א. (ווירקונג) 154; (זיך) נאָכ־שלעפּען 133; — פּאָסטדאַטירען.

**אדי. א. אדוו.** נאָכפֿאָלגענד; נאָכקומענד א. אַז. וו.; פֿאָלגליך; נאָך; נאָכהער; שפּעטער; זייט; זייט דעם; דערנאָך; דערויף; נאָך-,אויף וואָס; פּאָסטדילוּוויאַניש; אחר(י) כן; (ל)אחר המעשה; נאָכגעבוירען; נאָכגעלאָזען (הינטער זיך) א. אַז. וו.; פּוסטריט נאָכגעהען; a posteriori 476; תיכף ל...

**118. געגענוואַרט ;** הוה; פּרעזענס; יעצטצייט; דער יעצטיגער מאָמענט, צייטפּונקט א.; די געגענוואַרטיגע עפּאָכע, קריזיס, שעה א. אַז. וו.; אונזער צייט; לעבענסצייט; צייטליכעס דאָזיין.

**אדי. א. אדוו.** עכשו; געגענווערטיג; יעצט (איצט, איצטער, צינד, אַצינדערט); אויגענבליקליך; עבען; מיד; דירעקט; מאָמענטאַן 113; אין בעגריף; בדעה; אָט; אין דער צייט; היינט; אין היינטיגען טאָג; הייער; הייעריג; דאָסיעהריג; פֿון לויפֿענדען יאָהר; c. a.

**119. פֿון דער געגענוואַרט פערשידענע צייט.** אין אַנ'אַנדערער צייט; אַנדערע צייטען; אונבעשטימטע, בעשטימונגסלאָזע צייט; אַאָריסטוס.

**אדי. א. אדוו.** דעמאָלט; צו יענער צייט; ווען; בעת; בשעתו אויף וואָס; אַ מאָל; ווען עס איז; געלעגענטליך 134; מאַנכעסמאָל 70; אָפֿט 137; אַנ'אַנדער מאָל; דאַן; אין פֿערשידענע צייטען; בראשונה.

**120. גלייכצייטיגקייט :** סינכראָניזמוס; קאָעקזיסטענץ; קאָאינצידענץ; בן חדור; צייטגענאָסע; מיטוועלט; נעבענוועלט; איזאָמראָניזמוס; גלייכקייט; איבעראיינשטימונג; צוזאַמענטרעפֿען א. אַז. וו. פֿון דער צייט; קאָניונקטור 134.

**וו.** צוזאַמענטרעפֿען, צוזאַמענפֿאַלען א. אַז. וו.; קאָעקזיסטירען; — בעגלייטען 88.

**אדי. א. אדוו.** גלייכצייטיג; סינכראָניש; קאָאינצידירענד; סימולטאַן; צוזאַמענטרעפֿענד; איבעראיינשטימענד; גלייכאַלט; בן גילו; קאָנטעמפּאָרער; גלייכאייביג; איזאָכראָן(יש); a tempo; רעכטצייטיג 134. צוזאַמען; בעת, בשעת (דעם, וואָס, מעשה); בין כך ובך; בין נה וכה; בינו לבינו; בינתיים ווען; א. אַז. וו.; אין דער זעלבער צייט; באותו רגע; צוגלייך; מיטאַמאָל; חי איינס א.; pari passu 106; דערווייל.

**121. צוקונפֿט ;** עתיד; פֿוטורום; די קומענדיגע, זיך דערנעהענטע־רענדע, בעפֿאָרשטעהענדע א. אַז. וו. צייט; בקרב השנים; נאָכצייט; נאָכוועלט; עתידות; שפּעטערדיגע טעג, שעה'ן, יאָהרען א.; מילעננום; וועלטענדע; דער יום הדין; אין שויס פֿון דער צייט; ימות המשיח; סוף כל הדורות.

פֿאָראויסזיכט; פֿאָרגעפֿיהל; (פֿאָר-)אָהנונג 477; אַנטיציפּאַציע; אויס־זיכט; פּראָספּעקט; ערוואַרטונג 507; האָריזאָנט; ערבערכט; ירושה; ערבשאַפֿט; יורש; נאָכוועלט; די נאָכקומענדע; נביאות; פּראָפֿעציי־אונג.

**וו.** אין' די צוקונפֿט קוקען, אָבוואַרטען; פֿאָראויספֿיהלען; אָהנען; אַנטיציפּירען 132; זיך פֿרעהען אויף 827; אין אויסזיכט האָבען; פּלאַנען; האָרען, וואַרטען (אויף) 133; ערוואַרטען 507, 858; בעפֿאָרשטעהען; זיך דער־נעהנטערען; אָבוואַרטען; מורא האָבען (אַז עס זאָל נישט); בעדראָהען; צו־גרייטען.

**אדי. א אדוו.** צוקינפֿטיג; קומענדיג; להבא; לעתיד לבוא; בקרוב; בעפֿאָרשטעהענד; זיך דערנעהנטערענד; צוגרייטענד; דראָהענד א. אַז. וו.; נאָחנט; נאָהנטסטענס; אין נאָהנטסטען טאָג, חודש א.; אין די טעג; ערוואַר־טענד 507. פֿאָראויסזיכטליך; שליסליך; עווענטועל; אפשר'דיג; אַלענפֿאַלס; in spe;

**122. פֿערגאַנגענהייט ;** עבר; פּערפֿעקטום; אימפּערפֿעקטום א. אַז. וו.; געוועזענע, פֿערגאַנגענע, פֿריהערדיגע צייטען, טעג א. אַז. וו.; אין דער אַלטער צייט; פֿאַרצייטענס; אין ווייטע (פֿערפֿלאָסענע) טעג, שעה'ן, יאָהרען א. אַז. וו.; אין אַלטערטום; פֿאַר (זייט) אונגעדענקליכע צייט(ען).

פֿאָרוועלט; דילוּוויום; אַרכעאָלאָגיע; פּאַלעאָלאָגיע; אַרכעאַאיזמוס; ריקבליק; דערמאָנונג; עראינערונג; זכרונות.

פֿאָרצייט; פֿאָרעקזיסטענץ; פּרעעקזיסטענץ; אבות 166; — אַלטערטימער; אַנטיקוויטעטען 551; קדם; קדמון; מקדמת דנא.

**וו.** פֿערגעהען; פֿערפֿליסען; פֿערשווינדען; פֿערלאָשען ווערען; פֿער־וועהען; צוריקבליקען; צוריקפֿיהרען; (זיך) דערמאָנען; עראינערען; די פֿער־גאַנגענהייט צוריקרופֿען, אויפֿפֿרישען; דעם בליק צוריקוואַרפֿען; פֿריהערדיגע טעג, פֿערגאַנגענע צייטען, בילדער פֿון דער פֿערגאַנגענהייט אויפֿראָלען, אויפֿ־מישען, ברענגען פֿאַר די נשמה א. 104; אַלטע וואונדען אויפֿריסען 505.

**אדי. א. אדוו.** פֿערגאַנגען; פֿערפֿלאָסען; אָוועקגעצייכען א. אַז. וו.; ריקבליקענד; רעטראָספּעקטיוו; לשעבר; בדיעבד; ויהי.. (בימי...); עד כה; בימים ההם.

בעוועזען; פֿערגעסען; נישט צוריקברענגליך; פֿערעלטערט; אויפֿגע־

אימנינענט; אין בעגריף; בדעה; אין אָנקומען; שפּעטער; נאָכהער; דערנאָך; אַכדעס; בהדרגה; פּאַמעליך; מן הסתם; וואהרשיינליך; קרוב לאמת 472; זאָ-פאָרט; במהרה בימינו; גלייך; תיכף ומיד; פריהער אָדער שפּעטער; מאָרגען א.; אַמאָל; אין לויף, משך פון דער צייט; proximo; באַלד; ערב פון; אין פאָר-אויסגעצט פון; פאָרדערהאַנד; פאָרלויפיג; פון איצט אָן; מכאן ואילך; מהיום והלאה; פון איצט, היינט אָן און ווייטער; נאָך א קורצער (לאַנגער) צייט.

ווארעמט 104.

פריהער; אָנומעלט; קירצליך; אָקאָרשט; צולעצט; אַמאָל; פאַרצייטענס; פאַראיבער; פאַרביי; זייט דעמאָלט; פאַר דעם; ביז איצט; ביז אַהער, -לאַנג; אַמאָליג 116; צופוירן; אוגלענגסט; זאָנסט; cidevant; עליו השלום; quondam; אין אַלים'ס צייטען; דעמאָלט; אוועק; פאַרביי; פאַרפאַלען; (איזה-)געלעבט א. אַז. וו.; שוין; גילבער; לענגסט; לאַנג צוריק; אין איין שעהנעם טאָג א.; אַמאָל (איז) געווען; א מעשה שהית.

## 2. צייט אין בעצוג אויף א באַזונדערען צייטפּונקט אָדער צייטרוים.

**123. נייקייט**; בייאיגקייט; נייעס; פרישקייט; אונריפּקייט; אונ-נוּטיגקייט.

נייערונג; חידוש; ערנייערונג; נאָוויטעט; נייצייט; צייטגייסט; ערשט-לינגע 116.

**אדי. א. אדוו.** ניי; פריש; אונרייף; אונצייטיג; פאַרצייטיג; ניימאָ-דיש; מאָדערן; נייגעבוירען; רענאָווירט; אָנומעלט; אָקאָרשט; קירצליך א.; פרעמד (אַרטיג) 81, 83; פונקניי; פרישפאַרביג; פריש ווי א רויז; נייגעבאַקען; ערשט פון אויווען אַרויס; ערשט פון דער נאָדעל אַוועק.

אָבגענוצט; איבערגעקייעט; אָבגעטראָגען; צערמורשט; עלטערשוואַך 128; נוצלאָז 645; — אין חדש תחת השמש; אלט ווי מתושלח; גישט מעהר אין, לויט דער צייט; ex usu.

**124. אלטערטום**; אַנטיקוויטעט; עלטער; רייפקייט; צייטיגקייט; אורשפּרונג; צערמורשטקייט; סעניאָריטעט; בכור; ערשטגעבוירענער; עלטסטער; רעליקוויע 505; (פאָר-)אבות 166; — דילווויום.

אַנטיקוואַר; אַלטערטומספאָרשער; חוקר קדמוניות; ראַריטעטענזאַמלער א.

**אדי. א. אדוו.** אלט; אַלטערטימליך; אַנטיק; קלאַסיש 242; פאָר-עלטערט 551; אַלטפעטעריש 851; עהרווירדיג; פרימיטיוו; פאָרוועלטליך; (אַנ-טע-)דילוויאַניש; אורשפּרינגליך; מקדמי ארץ.

איינגעוואָרצעלט; אָנגעבוירען; פאַרביינערט; פאָססיל; איבערגע-לעבט.

**125. מאָרגען**; פאַרמיטאָג; פריהשעה; אנברוך אויף טאָג; מאָרגענ-רויקייט; דעמערונג; מאָרגענרויטקייט; אוראָרא; עאָס; זונאויפגאַנג; מזרח השמש; יחות השמש; כאור (הבוקר); לפנות בוקר; כלחוך (השור); (באַלד) בעגינען; עס ערגעהמט זיך אויף טאָג; האָהנקריי; כעלות השחר; מאָרגענשטערן; פריהמאָר-גען; השכמה; ווען גאָט אַליין שלאָפט נאָך; פארטסע לראָגע; פאָרטש—מאָרטש; אשמורת הבוקר; מיט'ן טאָג צוגלייך; אין דער פריה. — מיטאָג; מערידיאַן. טאָג-און נאַכטגלייכקייט; Aequinoctium. ס'איז שוין גרויסער טאָג; מיטאָגצייט; יום צוועלף; נאָך האַלבען טאָג; בייטאָג; צו מיטאג; אין מיטען העלען טאָג; ווען ווייסען טאָג אריין. חודש האביב; פריהלינג; זומער; ימי הקיץ; בליה-צומען, -רויזענצייט; פלאָרעסצענץ.

**126. אווענד**; ווען דער טאָג נייגט זיך צום סוף; שקיעה; פאָרגאַנג; אָוועגדדעמערונג; בין הערבים; בין השמשות; לפנות היום; לפני ערב; נעילהצייט; שפּעט נאָכמיטאָג; מבוא השמש; צו מנחה; תחילת אָווענד; בין מנחה למעריב; ארום פאַרנאַכט(ליך שוין); אָנברוך פון נאַכט; זונאונטערגאַנג; ווען די זון זעצט זיך; אָווענדזון, -רויטקייט, -גלאַנץ, -גאָלד, -שטערן, -שטילקייט 493, -רוה 683; פאַרנאַכט; אָווענדצייט; צווישען טאָג און נאַכט; ווען די נאַכט פאַלט צו; פעספער; נאָך דער ערשטער אַשמורה, משמר; שפּעטליך; אין דער טיפער נאַכט; האַלבע נאַכט; חצות; בייגאַכט; אויף דער נאַכט; אין דער נאַכט; הערבסט; שפּעט-, נאָכהערבסט; נאָך-אַלטווייבערזומער; ווינטער. — בן זקונים.

**127. יוגענד**; קינדהייט; יונגלישע, מיידלישע עלטער; ילדות; בחרות; בחרות; מינדערייעהריגקייט; אונמינדיגקייט; מינאָרענניטעט; דער יונגערער; ... נצט-, יונגסטגעבוירענער.

... וויג; קינדערשטוב; קינדערשיכלעך; האַלבע הויזען; חדר 541; חניך; צעג-... ינגן; מאַנבאַרקייט 131.

**וו.** אונטערוואַקסען; זיך אויסבילדען, ענטוויקלען 144; רויפּש זען ... אין די הויך; קנאָספּען; (אויפ-)בליהען א. 194; די קי רשיכלעך אויססון.

**אדי. א. אדוו.** יונג; יוגענדליך; פריש; ק דיש; קינדעריש; קינד-... ך; מיידלהאַפט; מיידליש; יונגליש; בלוטיונג א.; באָרדלאָז; אָהן א חתימת זקן; ... נאָרענן; יוניאָר.

**128. עלטער**; גרייזענעלטער; זקנה; זקן; שיבה; בעיאָהרט-קייט; מאַראַזמוס; עלטערשוואַכקייט; אָבגעלעבטקייט; צערמורשטקייט; צווייטע קינדהייט; דער עלטערער; עלטסטער; סעניאָר; דאָאיען; גרייז; גרייזין; אַלטיטשקער; זיידעשי; זקן; בא בימים; א בעטאָגטער מענש; סב; סבא.

**וו.** (זיך) עלטערען; גרוי ווערען; קומען צו יאָהרען; זיין אין די יאָה-רען א. אַז. וו.

**אדי. א. אדוו.** אלט; בעיאָהרט; אין די יאָהרען; הויכבעטאָגט; גרוי, (קעפּיג, -האָריג); זילבער-, ווייסלאָקיג; בעשנייט; עהרווירדיג; פאָרעלטערט; פער-רעסט; איבערגעלעבט 124; אויסגעדינט; דינסטאונפעהיג 158, 160.

פאַטריאַרכאַליש; פאָרוועלטליך; אָנגעשטאַמט; אורשפּרינגליך.

ערשטגעבוירען; senior; מאַיאָרענן.

אווענד פון לעבען; מיט איין פוס אין גרוב; אויף דער שוועל פון יענער וועלט; שמעקען מיט קברות-בלעטלעך.

**129. זייגלינג**; תינוקות של בית רבן; וויקעלקינד; שויסקינדן

**130. ועטערא**; גרייז; אבות; אמהות; פאַטריאַרך; זיידע; גרויס-

ברוסט־קינד; װיגענקינד; עולל; טף; יונק; קלײנװאַרג; די קלײנע װערעם; פּי־קערס; יונגער װעלטבירגער; בײבי; שטאַמהאַלטער; קדיש(־זאָגער).

קינד; קינד פֿון ליבע; נעבענ־, בײקינד; באַסטאַרד; בענקאַרט; ממזר.

יונג(על); בחור('ל, עך); שגץ; שיקסע; שקאָץ; עכבראָש; װעװדיק קונדס; הײַסע חברה('ניק); חדר־, דרדקי־, גמרא־, חומש רשי יונגעל (בחור).

פֿאָטער; באָבע; גרויסמוטער; גרײַזין; אַ בן מאה, שבעים א. אַ. װ.; מתושלח. עלטסטע; זקני(־העם); אבות 166; שטאַמהאַלטער; שטאַמפֿאָטער; אבי אבות ה..; אבות אבותינו; ישיש; באָבעשי; אַלטיטשקע.

מײדעל; מויד; ילדה; בתולה; פֿרײלין; יונגפֿרוי; דעמויזעל; דאַמע; דאַנגאַ; למדין; מיס; מרת.

שפּראָצלינג; חוטר מגזע...; (מ)זרע; אַ (קלײנע) פֿלאַנץ; היהגדעל; פּופּע; רויגען; קאַלב; רינד; לאַם א. אַז. װ. 366.

**אדי. א. אדוו.** קינדליך; קינדיש; קינדעריש; יונגליש; מײדליש; קינדערמעסיג; אונענטװיקעלט; אַהרײף; גישט צײַטיג; האַלב־דערװאַקסן 674; 651; באָרדלאָז; אָהן אַ חתימת זקן; יוגענדליך; (בלוט־)יונג; אונערפֿאַהרען; שפּאַרונגסלאָז 491.

**131. מאַנבאַרקײט;** בגרות; רײַפֿקײט; צײַטיגקײט; פּובערטעט; נוביליטעט; מאַטוריטעט; מינדיגקײט; פֿוליעהריגקײט; מאַיאָרענגיטעט; מאַנהײט; מאַנהאַפֿטיגקײט; אין שענסטען עלטער; אין די בעסטע יאָהרען.

מאַן; דערװאַקסענער; בעל זקן; מינדיגער; בר מצוה; בן שמונה עשרה; אַהרך; אַדולטוס 373; עפּעבען; בוגרת; פֿרוי; מאַטראָנע 374.

**אדי. א. אדוו.** פֿוליעהריג; מינדיג; מאַיאָרען; אויסגעװאַקסען; אויסגעבילדעט; רײף; צײַטיג; ענטװיקעלט; מענליך; מאַנבאַר; דערװאַקסען; פֿרויענהאַפֿט; ראוי לחופּה; הײראַטספֿעהיג; מאַטראָנענמעסיג; — עלטליך.

## 3. צײַט אין בעצוג אויף װירקונג און צװעק.

**132. פֿריהצײַטיגקײט;** פֿאַרצײַטיגקײט; בלא עת; פּינקטליכ־קײט; דיוק; דיקנות; רעכטצײַטיגקײט; עקזאַקטקײט; פּראָמפּטהײט; געשװינדיגקײט; שנעלקײט; תכף; האַסטיגקײט 684; געאײל; חפזון; אַנטיציפּאַציע; פּלעצליכ־קײט 111.

**וו.** פֿריה, רעכטצײַטיג, פּינקטליך א. אַ. װ. זײַן; מקדים זײַן; צופֿריר־קומען; (פֿאָראויס־) פֿאַרלאַפֿען 505; פֿאַרלויפֿען (דעם װעג); בע־, צואײַלען; עקספּעדירען; פֿאָרירען; דרענגען; איבעראײַלען; אַנטיציפּירען — זיך לאָזען אײַנשרײַבען; פּרענומערירען; (אַ פּלאַץ) בעשטעלען, רעזערװירען א. אַ. װ.

**אדי א. אדוו.** פֿריה; צײַטיג; פֿריהצײַטיג; בײַצײַטען(ס); פֿריעס־טענס; גיכער א.; פּינקטליך; בדיוק; שנעל; געשװינד; פֿלינק; אײַליג; פּראָמפּט; פֿערפֿריהט; פֿאַרצײַטיג; איבערגעאײַלט א. אַ. װ.; אַנטיציפּאַנדאָ; אַלטע נשמה 674; פּלעצליך 111; אונערװאַרטעט 508; עקזאַקט; (אָט) באַלד; זאָפֿאָרט; גלײַך; באַלדיג; רעכטצײַטיג; מיט דער מינוט; אויפֿ'ן זײַגער; בײַ דער ערשטער געלעגענהײט.

**133. פֿערשפּעטיגונג;** פֿערצעגערונג; לאַנגזאַמקײט; זוימעװ־דיגקײט; פֿערלענגערונג; אָבלעגונג; פּראָלאָנגאַציע; פּראָקראַסטינאַציע; פֿער־שלעפּונג; מעדיקײַרײַ; כובד ראש; ישוב (הדעת); איבערלעגונג; פּראָראָגאַציע; — חרטה־, בעדענקצײַט; (עשרת) ימי התשובה; — ajournement (לאַנגדויערענדיג) 110; (לאַנגזאַם) 275; אָפּ־פֿערשלעפּונגססיסטעם; אָבהאַלט 142.

פֿערזוימניש; זעה: נאַכלעסיגקײט 460.

**וו.** שפּעט זײַן, קומען א. אַ. װ.; פֿערצעגערען; מאַהר זײַן; (אָב) װאַרטען; (זיך) אויפֿהאַלטען; צוריקבלײַבען; הינטערשטעליג זײַן; נאָכהינקען (זיך) נאָכשלעפּען; זיך צײַט נעהמען 275, 623; (לאַנג) דויערען 110. נחמן װערען.

אָבלעגען; פֿערציהען 110; אויף די לאַנגע באַנק אָבלעגען; אַ זאַך בע־שלאָפֿען 451; פֿערשלעפּען; פֿערלענגערען; פּראָלאָנגירען; טעמפּאָריזירען; בע־קלערען; זיך (לאַנג) בעזינען, מיישב זײַן, ישוב'ן; מעדיקען; פֿערװײַלען; זוי־מען; מסלסל זײַן; מאריך זײַן; ציהען (די נשמה עמ.); באַלאַמוטשען; פֿער־נאַכלעסיגען; אָבשטעלען; אויפֿגעבען; פֿערזוימען; פֿערשלאָפֿען; פֿערפֿעהלען. — פֿון דער נאַכט, דונקעלקײט איבעררײַשט, איבער־ בעפֿאַלען װערען; בענאַכטיגט װערען 421.

**אדי. א. אדוו.** שפּעט; פֿערשפּעטיגט; צעגערענד; לאַנגזאַם; אונפּינקטליך; זוימעװדיג; זוימיגן דילאַטאָריש 110; ריקשטענדיג; הינטערשטעליג; בנעימות; גישט געאײַלט; ענדליך; צולעצט; אין דער עלפֿטער שעה. עבר זמנו (בטל קרבנו).

**134. געלעגענהײט;** שעת הכושר; אָפּאָרטוניטעט; אָקאַזיע; (גינס־טיגער) צײַטפּונקט; שעת רצון; קאָניונקטור; דרעה־, װענדפּונקט; קריזיס; װענ־דונג; רעכטצײַטיגקײט; רעכטע, ריכטיגע, פּאַסענדע, גוטגעװעהלטע א. אַז. װ. צײַט; סעזאָן; צײַטגעמעסקײט; דבר בעתו.

פֿײַערצײַט; פֿײַערטאָג; 685; פֿרײַצײַט.

**וו.** די געלעגענהײט כאַפּען; פֿון דער געלעגענהײט אַ געברויך מאַ־כען; די געלעגענהײט בעניצען, אָנװענדען א. 677; געלעגען קומען 644, 646.

אַ געלעגענהײט, תירוץ, סבה געבען, ביטען א. אַז. װ.; עקסטעמפּאָרי־רען 612, 674.

**אדי. א. אדוו.** געלעגען; רעכטצײַטיג; a tempo 646; צײַטגעמעס;

**135. אונצײַטיגקײט.** אינאָפּאָרטוניטעט; אונגעלעגענהײט; אונ־צײַטגעמעסקײט; אונשיקליכקײט; שלעכט געװעהלטע צײַט; — מפּיל; נפֿל'ע 732.

**וו.** אין דער אונרעכטער צײַט קומען, בעלעסטיגען; שלעכט אָנקומען 732; די געלעגענהײט פֿערזוימען, פֿערלירען, פֿערפּאַסען, פֿערנאַכלעסיגען, אַרויס־לאָזען פֿון דער האַנד א. 671; דעם אויגענבליק פֿערגעהען, פֿערשװינדען לאָזען א. אַז. װ.; די צײַט אונבענוצט לאָזען, פֿערשװענדען 683; — צודרינג־ליך זײַן; זיך אַרײַנ־אויפֿדרענגען 682.

**אדי. א. אדוו.** אונגעלעגען; אונצײַטגעמעס; אונצײַטיג; אונפּאַסענד; אינאָפּאָרטון; זשענאַנט; mal à propos; אונגינסטיג; איבערגעאײַלט; צודרינג־ליך; איבערלעסטיג. אונפּינקטליך; צו שפּעט 133. — אונבעטראַכט 452.

אין אַ בעזער, שלימזל'דיגער שעה, מיגוט; אַ רעשטעל צו די צרות...

## מאַטעריאַלען צו דער יודישער פֿילאָלאָגיע: דער יודישער וואָרט-אוצר.

סעזאָנגעמעס; גינסטיג; קריטיש; פּרעקער.
געלעגענטליך; אגב אורחא; בײַ געלעגענהײט; פּײַליפּיג; לענגסטענס שפּעטסטענס. מאַסגעבענד; אויסשלאַגגעבענד.
איצט אָדער קײנמאָל; אַלץ אין דער צײַט; דער אימפּולס פֿון מאָמענט 612.

## ג) צײַט אין בעצוג אויף חזרה.

**136. אָפטקייט:** פֿרעקווענץ; ווידערקעהר; חזרה; ווידערהאָלונג 104; איבערחזר'ערונג; ווידערערשײַנונג; ערנײַערונג 90.

**וו.** ווידערהאָלען; איבערחזר'ען; רעפּעטירען; ווידער געשעהען, פּאַסי-רען, פֿאָרקומען; בעניײַען; אויפֿפֿרישען; אָפֿט געשעהען א. אַ. וו.

**אדי. א. אדוו.** טעגליך; יעדע שעה; אַלטעגליך א. אז. וו.; ווי-דערהאָלט 104; צאָהלרײַך; פֿיל מאָל; אונאויפֿהערליך; יעדעס מאָל; אָפֿט; עפּטערס; ווידער; ווידער אַ מאָל; אָבער אַ מאָל; דיטאָ; da capo; בעשטענדיג; בסדר; נאָכאַנאַנד 141; מאָנכעס מאָל 70; געלעגענטליך; דאָ און דאָרט; געוועהנליך; בכלל; איבעראַל; אומעטום; צו יעדער צײַט; מעשים ככל יום 613.

**137. זעלטענקייט;** ראַריטעט; יקר-המציאות; אויסנאַהמע א. אַ. וו. זעה 79.

**אדי. א. אדוו.** זעלטען; קוים; פֿעראַײנצעלט; מאָנכעסמאָל 70; דאָ און דאָרט; עטליכע מאָל 104; נישט אָפֿט; בײַשפּיל א. ז. וו. 31.

---

**138. פּעריאָדיצ׳טעט;** רעגעלמעסיגע חזרה, ווידערקעהר; פּינקטליכקייט; אַבוועקסלונג; וועקסעל; חילוף; אָבלעזונג; רײַהענפֿאָלגע; ריטמוס; טאַקט; פּולס; פּולסלויף; דופּק; הקפה; רונדע; קרײַזלויף; ראָטאַציע; אומדרעהונג; פּער-יאָד(ע); ציקל(וס); טורנוס. עיבוריאָהר, -טאָג; עקזאַקטען; יאָהרטאָג; יאָהרצײַט; געדעכטניסטאָג; שמיטה; יובילעאום; יובל; שמיטה; צענטערנאַריום; סעקולאַר-פֿײַער; פּעטטליכקייט 840; — זונ׳וענדע; סאָלסטיטיום; זונענווייסקײַט 196,

**וו.** אין רעגעלמעסיגער אָרדנונג אָדער פֿאָלגע ווידערקעהרען, פֿעה-לען א. אַ. וו.; פּאַסירען; קומען; געשעהען; אָבוועקסלען; (זיך) אָבלעזען; פּול-סירען; טאַקטירען; אינטערמיטירען.

**אדי. א. אדוו.** פּעריאָדיש; רעגעלמעסיג; ציקליש; ריטמיש; אינטערמיטירענד; אָבוועקסלענד; דער ריִה נאָך; ראשון ראשון; אײַנס איבערס אַנדערע; אַלטערנירענד; טעגליך; (אַל-)יעהרליך א. אַ. וו.; ביכעקסטיל 103; פּינקטליך ווי די זון.

**139. אונרעגעלמעסיגקייט** פֿון דער חזרה, ווידערקעהר; אירעגולאַריטעט; רעגעללאָזיגקייט; אונגעהיסקייט א. אַ. וו.; — פֿערענ-דערליכקייט 149.

**אדי. א. אדוו.** אונרעגעלמעסיג; געגען די רעגעל 243; רע-געללאָז; אַבנאָרם; אירעגולער; אונגעוויס; אונבעשטימט; אונפּינקטליך; רוק-שפּרונגהייז; לוינענהאַפֿט; קאַפּריציע: 607, 808; אונבעשטענדיג; פֿלאַטער-האַפֿט; חילקירליך.

---



# א י ד י א ט י ז מ ע ן

(מאטעריאלען צו דער פֿראזעאלאגיע פון דער יודישער שפראך)

געזאמעלט און בעארבייט

פון יהודה עלזעט

# אידיאָטיזמען.*

## (מאַטעריאַלען פאַר דער פראַזעאָלאָגיע פון דער יודישער שפּראַך.)

איך רעד מיר נישט איין, דאָס מיר וועט זיך איינגעבען מיט א מאָל אויס־בּוּשעפען אַלע אידיאָטיזמען; איך גלויב אָבער דאָך צו האָבען אין מיין רשות א אָנגעזעהענעם טייל פון זיי, פון וועלכען עס וועט זיך איינגעבען תופס צו זיין דעם מהות פון די ספּעציעל יודישע אויסדרוקען און רעדענסאַרטען, וועלכע ווערען אין אַזאַ זין און אָרט ווי אין יודיש נישט בענוצט און געברויכט אין קיין שום אַנדער לשון, אָדער וואָס ס'איז גאָר אָפּט אינגאַנצען נישט מעגליך זיי איבערצוגעבען אין אַנ'אַנדער שפּראַך.

איידער איך טרעט צו צו איינצעלנע ווערטער און רעדענסאַרטען וועל איך ברענגען עטליכע אינטערעסאַנטע מוסטערן, וואָס זענען כאַראַקטעריסטיש פאַר יודיש, דערביי מוז איך אויך אויפמערקזאַם מאַכען דאָס איך וועל דאָ אין דער דאָזיגער אַרבייט מיינער נישט ברענגען די אונגעהײַערע מענגע פון אידיאָטיזמען וואָס בּאַציהען זיך אָדער וואָס זענען גענומען פון דאַווענען, ווי א שטייגער: „לאָד מיך צום ונתנה תוקף", „האוחז ביד איז די בעסטע תפלה" א. ד. ג. ווייל זיי געפינען זיך אַלע אינ'ם ערשטען טייל פון מיין בוך „דער וואונדער-אוצר פון דער יודישער שפּראַך".

§ 1. דער יוד האָט ליב, אום בולט אויסצודריקען זיין געדאַנק און מיין, און אום זיי צו בעטאָנען, צו בענוצען זיך מיט טאָפּעלט-לשון ד. ה. מיט צוויי ווערטער וואָס זענען אין זין ענליך איינס צום צווייטען און ער איז כופל הענין במלות שונות, תוך כדי דבור.

בעזונדערס האָט מען ליב צובענוצען זיך מיט ווערטער וואָס זענען ענליך אין קלאַנג און קלינגען ווי א גראַם.

אַזוי זאָגט מען:

1) „דאַר—כּוואַר" (אויסגעדאַרט ליב)[1]

2) מיט „האַק—פּאַק"[2]) מיט האַק און פּאַק[3])

3) נאַרסט זיך אַליין, פערשלאָגסט זיך „האַכע—באַכע"[4])

צו די לעצטע צוויי רעדענסאַרטען מוז איך צו געבען, דאָס עס איז דאָ אויף יודיש א רעדענסאַרט „הַכֹּל בַּכֹּל כַּאֲשֶׁר לַכֹּל"[5]) וואָס איז צוזאַמענגעשמאָלצען געוואָרען פון די האַלבע פסוקים „בכל מכל כל" וואָס מען זאָגט אין ברכת-המזון, און „הכל כאשר לכל" פון קהלת ס. ב. איך האָב אויך געהערט זאָגען א וואולגערישע אָרט: „הַכַּל, בַּכַּל, מִכַּל, פַּלַעקַעל"

איך האַלט פאַר נישט איבעריג צו געבען דאָ א קליין מעשה'לע פון „מעשה נסים"-בוך. וואָס איז געפינען געוואָרען אין אַרכיוו פון ווערמייזער קהלה.[6])

א יוד פון ווערמייזע, וואָס ס'איז איהם זעהר שלעכט געגאַנגען, האָט זיך מיישב געווען אַוועק צוציהען זיך פון דער שטאָדט אין א דאָרף אַריין. ער האָט אָבער מורא געהאַט ער זאָל נישט געשטראָפט ווערען, וואָס ער וועט ניט קענען זאָגען קיין ברכו און קדיש, ער איז דעריבער געגאַנגען פרעגען דעם רב. האָט דער רב איהם בעגענטפערט, נעהם דעם פאַק און לעג אַריין אין זאַק און ציה זיך איבער. דער יוד קוקט איהם אָן מיט ערשטוינונג. טייטשט ער איהם אויס: נעהם דעם „ב"ק"—ברכו און קדושה פון שטאָדט און לעג אַריין אין „ש"ק"—שנאה, קנאה, וואָס הערשען דאָרט, וואָס דאָס לעצטע וועגט איבער ס'ערשטע און ציה זיך אין דאָרף וואו דו וועסט טאַקע נישט הערען קיין ברכו און קדושה, וועסט אָבער פערשפּאָרען די שנאה—קנאה פון שטאָדט. אויף דייטש הייסט: Hack und Mack שונד; פּעבעל. (זעה: דודען, „רעכטשרייבונג". לייפּציג 1915.)

4) „בעניט און בעקליידט"[7]) „בעקליידטאון בעניט"[8])

5) „קידער—ווידער"[9])

„קידער-ווידער אויף מעסער-שטעך"[10]) „איך מיט איהר אַלץ אדרבה ואדרבה, און זי אַלץ קידער—ווידער"[11])

6) „אַ רייסעניש—בייסעניש"[12]) „אַ בייסעניש—אַ רייסעניש"[13])

7) געהעזען מיט זיי קוּצעניו—מוּצעניו[14])

*) עטליכע פּרקים פון א גרעסערע אַרבייט.

8) „ס׳גריבעלט און שוויבעלט“[15]

9) „אין ליידען און פריידען“[16]

10) „טשאַקענדיג—און קנאַקענדיג“[17]

11) „די גישטודירטע—גיצירטע“[18]

12) „ר׳האָט נישט קיין קינד נישט קיין רינד“[19]
קיין קינד, קיין רינד“[20] „אָהן קינד, אָהן רינד“[21].

13) „האַנדלען—וואַנדלען“[22] דרצה—שמי“[23]

14) „צווייט און צושפרייט“[24]

15) „מ׳וועט דיך בינדען און שינדען“

16) „געהאַנגען און געפאַנגען“

ווען מען טוט אָב אַ זאַך איינס צוויי, און מען קאָן שוין נישט צוריק ציהען, זאָגט מען אַזוי.

איך גלויב אַז עס ברויך צו זיין פערקעהרט: „געפאַנגען און געהאַנגען“.

17) אָבגעקאָסט „מָמִים מיט דָמִים“[25] ד. ה. געלד מיט בלוט. פערגרייזט פון „ממון“.

18) „כ׳געב עס דיר אַוועק מיט קִנְיָן און מִנְיָן.

19) „געקאָנט יעהופעץ מיט אַלע בריקלעך, מיט אַלע אַנטיקלעך“[26]

20) „אויף פוסטע פעלדער אין וויסטע וועלדער“[27]

21) „לעבעדיג און הויך, אַז ס׳זאָל געהן אַ רויך“[28]

22) „יאָהרען ציהען... יאָהרען פליהען“[29]

23) „געהמען אַ מיידעל ווי זי שטעהט און געהט“[30] (אָהן נדן און „אויסשטייער“)

„פאַר זייער שענקייט וועגען פלעגט מען זיי געהמען ווי זיי שטעהען און געהען“[31]

„געבליבען ווי ער שטעהט און געהט“[32]

24) ביי א. בערנשטיין איז דאָ אַ שפריכווערטליכע רעדענסאַרט „מען מוז זיך שטרעקען, נאָך די עקען“, [אָדער: דעקען.][33]
ספעקטאָר[34] ברענגט: „מען דאַרף זיך שטרעקען נאָך די עקען“.

ביי „מענדעלי מוכר ספרים“ געפינען מיר: „זי האָט שוין געפרובט איבער־דינען, ווי מען זאָגט, אַלע עבודה־זרות, זיך שטרעקען אין אַ ל ע עקען, נאָר אומזיסט די מיה“[35]

„זי האָט זיך פאַרגענומען צו טאָן אַלע מיטעל, זיך שטרעקען נאָך די עקען ביז זי וועט איהר׳ס אויספועל׳ן“[36]

אין ב. XII „אַ סגולה צו צרות“ ז. 9. הייסט אָבער ביי איהם זיך „שטרעקען נאָך די עקען“ יוצא זיין פאַר אַלע, טון לויט די אומשטענדען.

ב. V ז. 18 האָט ער ביידע טייטשען צוזאַמען: „אַ שמעק דאָ, אַ שמעק דאָרט, אַ שאָקעל מיט׳ן קאָפּ דעם, אַ שאָקעל מיט׳ן קאָפּ יענעם...“

אַלצדינג האָבען זיי געטאָן, זיך געשטרעקט, ווי מען זאָגט, אין אַלע עקען, אויף דייטש זאָגט מען אָבער: „Man muss sich nach der Decke strecken“. Wer sich nicht nach der Decke streckt, den bleiben die Füsse unbedeckt“.[37]

§ 2. מען בענוצט זיך מיט טאָפּעלע אויסדרוקען אויך נישט געגר...

1) „לויפען איבער שטאָק איבער שטיין“[38]

2) נישט געוואָלט „הערען און וועהען“[39]
„מען הערט נישט מען זעהט נישט“[40]

„אַ שטילינקע, ווי מען זאָגט, מען הערט זי נישט מען זעהט זי נישט...[41]
„אַ שטילער שכן, מען הערט איהם נישט מען זעהט איהם נישט“[42]
נישט געזעהען נישט געהערט[43]) ביי פרצ׳ן האָבען מיר; „חיל... הערען און געדענקען.“[44])

3) „געהויכט און געקרוינט“[45]

4) „ס׳איז יאַוונע וויאַסנע“[46]

5) „נאַקעט און בלויז“[47]

6) „געהט אָרום פוסט און פּאַס“[48]
„פּיסטע פּאַס“[49]

7) מיט צרות מיט אַנגסטען[50]

8) „קינד און קייט“[51]

9) „ווי ער וועט זיך קעהרען און ווענדען[52] „ווי ער קע... זיך און ווענדט זיך“[53]

10) „מימרות און זאָגעכצען“[54] „דיבורים מיט מימרות... מעשיות[55]

11) „שאַנד און שפּאָט“[56] מען זאָגט אויך שאַנד... שפּאָט און שאָדען“. אויף העברעאיש זאָגט מען: „אַ חַרְפָּה אַ בּוּשָׁ...

12) „פון שענסטען און בעסטען“[57] „דאָס שענסטע... בעסטע“[58] „צום ערשטען און בעסטען יור“[59]

13) „קורץ און גוט“[60] „קורץ און שאַרף“[61]

14) שאַ—שטיל.

15) שאַ—קיטש.[62]

16) „ניטאָ—שטאָ“[?][63]

17) „שפּיט—קרעק“[64]

§ 3. עס ווערען געטאָפּעלט אויך העברעאישע ווערטער:

1) „געהייזען מיט אותות ומופתים“

2) „באשר—בכן“[65]

3) „בזוי מְבוּזֶה מאַכען“[66]

4) „הִשָׁמֵר וְהִזָּהֵר“[67] „הִזָּהֵר וְהִשָּׁמֵר“[68] „הִזָּהֵ... וְהִזָּהֵר“[69]

5) „זאָגט צו הָרים וּגְבָעוֹת“[70]

6) „אַ חַרְפָּה אַ בּוּשָׁה“[71]

7) „מוֹדֶה וּמִתְוַדֶּה“[72]

8) „נִבְהָל וְנִשְׁתּוֹמֵם געוואָרען“[73]

9) אַ „עָנִי וְאֶבְיוֹן“.[74]

10) .קבצנים דלפנים"[75]

11) .עזות מחוצף ארצע פיאסכע"[76]

12) .נישט קיין קרוב נישט קיין גואל"[77]

13) .ס'איז שוא—ושקר"[78] .ס'איז שקר וכזב"[79] ,,א שקרן, ...ן"[80]

14) .זאָל גאָט שומר ומציל זײַן"[81]

15) .נסים ונפלאות"[82]

16) ,,א שריד ופליט"[83]

17) ס'איז פְּלְאֵי—פְּלָאִים[84] אַ הַפְּלֵא וָפֶלֶא[85] !

§ 4. אויסערגעוועהנליך אינטערעסאַנט איז דאָס טאָפּלען העברעאישע ... דורך א דרעה אין וואָרט אַליין.

1) .בדיל—הדל מאַלען"[86]

2) .בזיל הזול"[87] .ביזוי—בזיון"[88] .בזוי—בזיונות"[89]

3) ,,ער האָט זיך היטב ומיטב"[90]

4) .חולשה—חלשות"[91] .חילשי—חלשות"[92] .חילע-...ת"[93]

6) ,,כל—ולך" (פּאַראָדיע אויף ,,כּל-וכל".) ,,דער ...אַלץ-אין טאָ...אַנדער, ...ולך אין דער שטאָדט"[94]

7) ,,זאָגט ער זיך פשט—פּשוט אָב"[95]

8) .מיאוּם און מאוּם"[96]

9) צרות—צרוּרות"[97] בעציהט זיך צו די רייד פון די חכמים: ...נצו צרות צרורות זו לזו".

10) ,,א רשע—מרוּשע"[98] א ,,רשע מרוּשע"[99] פון ה' טריה־אַקס ... געהערט אויך: ,,גנב מגוּנב."

11) .ס'איז ליצי—ליצנות צו מאַלען דערפון".

§ 5. דאָס זעלבע טרעפט אויך אין יודישע ווערטער ווען מען רעדט מיט ...ן פּערלטונג:

1) .געזאָגט-געזאַגט"

2) .זאָגעכצער און זאַגעכצער"

3) ,,אַ מִיש-מַאַש"[100]

4) .שלינג און שלאנג" ארומגעהן.[101]

§ 6. טויטאָלאָגיעס, טאָפּעלונג פון יודישע און העברעאישע ווערטער פו... ...ן טייטש:

1) .גוט יום-טוב"

2) .א דרדק—יונגעל", (וואָס לערנט ,,קמץ-אלף" אָדער עברי.)

3) .קריאת-שמע לייענען"[102]

4) .האנד-תקיעת-כף"[103]

5) .מים-אחרונים-וואסער"[104]

6) .פינסטער—חשך"[105]

7) ס'איז ,,כזוב—ליגען"[106]

8) .נקי—ריין ווי א טעלער"[107] .נקי—ריין ווי גאָלד"[108]

9) .ס'איז חי געלעבט"[109] .און חי געלעבט"[110] .חי וועט הייסען געלעבט"[111]

10) .א שאגת-אריה-קול"[112]

§ 7. די פאָלגענדע יודישע רעדענסאַרטען זענען לויט'ן בוי, ב...ב דייטשע, דאָך געפין איך, דאָס זיי האָבען א געהיסען שייכות צו דעם דאָזיגען פּרק און איך ברענג זיי.

1) .צוקער-ים"[113] ,,האניק—זיסע ווערטער"[114] ,,עסיג-וויערע"[115]

2) ,,אסור—חזיר"[116]

3) .אייז—קאלט"[117] .קאלט—אייז"[118]

4) .בילד—שען" .א דאמע—א בילד"[119]. ,,שען א פּאָטרעט"[120])

5) .אדם—נאַקעט"[121]

6) ,,שטאָק—נאכט"[122] .שטאָק פינסטער"[123] ,,שטאָק-פינגערע-נאַכט"[124] ,,שטאָק בלינד"[125]

7) .פיטש-נאַס"[126] דער המון זאָגט—,,פליטש-נאַס"

8) .פונק-נײַ". ,,שפּוגעל-נײַ"[127]

§ 8. א טויטאָלאָגיע, ווי זיין בעגריף ווערט איבערגעחזרט אויף אַ כך לשונות:

1) .כדומה למשל"[128]

2) ,,א שטייגער, כדומה, למשל,"[129]

3) ,,א שטייגער, כדומה נאָפּשיקלאַד"[130]

4) .כדומה, למשל, צום בײַשפּיל, נאַפּרימיער"[131]

5) ,,א שטייגער, למשל, כדומה, נאַפּשיקלאַד"[132]

6) ,,א שטייגער, פּאַר-עקזעמפּעל,[133] נאַפּשיקלאַד, כדומה, למשל, נאַפּרימיער, צום בײַשפּיל"[134]

§ 9. דאָ וועל איך ברענגען עטליכע משונה'דיגע רעדענסאַרטען:

1) ,,אדם א מענש, קאַטשקע דרעה דיך" (אָדער: ריק זיך)[135] ,,אדם א מענש, צבור אַ פֿייגעל, קאַטשקע ריק זיך"[136]

2) ,,מיטט אויס בוידעם-פּאָלעצע"[137] ,,קען צונויפפיהרען א וואַנד מיט א וואַנד, לאָקש-בוידעם-פּאָלעצע"[138] ,,דאָס יענע לאָקש בוידעם"[139] ,,דאָס יענע לאָקש בוידעם ציבעלע"[140] ,,פון דעם, פון יענעם, לאָקש, בוידעם, ציבעלע"[141] ,,לאָקש-בוידעם-ציבעלע. או פּ'ך הימעל א יאריד"[142]. ,,ווען ס'זאָל מעגלך זײַן א סודר אין דעם קאָפּ אַרײַנצוקוקען, האָט'ט אַזש אָנגעלאָפּט א קווינדעל זעוועגדיג, וו' עס דרעהט זיך דאָרט פאַר דיר עפּ ס בוידעם-פּאָליצע, קאַטקעריע-אַפּעניע, יאָקבענ ברעטיל, אינדיק-זוימען, קאַטשקעפּיטער, כיכה ווער אלע אינאיינעם."[143] ,,ווייס איך וואָס קאָטש.ן הייסט? אינדיק-זיכען צי קאַטשקעפּוטער..."[144]

3) ,,ס'א גראם!"[145] ,,א געראַם אביסעל!"[146] (ד. ה. וואָס רעדסטו? וואו קומט דאָס צו דעם? עס גראַמט זיך דאָך ניסט.) ,,גראם—שטארם!

וואָס איז שייך דאָס דערמיט"[147] **"שטראם-גראם מאך מיר א האר-מידער"**[148]

4) מיין פערדס-בייטש-שטעקעלע, איז געווען ביי זיין זיידענס וואָגען א פלעקעלע"[149] "פערדס-פוס-פּאָדקאָווע אייניקעל"[150] "פערדס-פוס-פּאָדקעווע"[151] ווי מען זאָגט, מיין פערדס-בייטש-שטעקעלע"[152] "דעם פערדס בייטש-שטעקעלעס פּאָדקאָווע"[153]

§ 10. עס זענען פון הוילע קלאַנגען און אויסרופען געשאַפען געוואָרען ווערטער:

1) "א **טאַראַראַם** מיט א **הו-הא**."[154] "אַ געטומעל א הו-הא"[155] א הו-הא, א יריד"[156] "אהו-הא ווי להבדיל אין שוהל"[157]

2) **"פערטאַראַראַמט"**[158]

3) "איהר מיינט איך אמת'ן אז ער איז א **אי-יאי-יאי**?"[159] "מען זאָגט אויך: ס'איז אפילו ניט קיין **אי-אי-אי**."[160]

4) "אַמאָל איז געווען **טע-טע-טע**! און היינט—**עט**..."[161]

5) "אך, הייסט עס, בין גאָרנישט, מיין ווילען איז **עט-שמעט**...?"[162]

6) "ער איז א גאַנצער **פּיש... פּיש... פּיש**..."

7) "**פּויק** גלייך אונטער די פערד"[163]

8) "און פון דאָרטען איבער דער גרעניץ טיו, טיו קיין בראָד"[164]

9) מיט'ן **הא** וואָס אַ לעדיגגעהער מאַכט בשעת יענע' האקס האַלץ.[165]

10) אַפילו דער הכידישער **עי** איז דאָך עפּעס א גאַנצער שם דבר.

§ 11. דאָס לעבען פון א מענש, ווי הייליג, ווי טייער איז דאָס ביים יודען!

"סכנת—נפשות!" צי קען מען אין אַן אַנדער לשון איבערגעבען די דאָזיגע צוויי ווערטער? צי פערמאָגט אַן אַנדער לשון די דאָזיגע צוויי ווערטער? אין די לשונות פון פעלקער קאָנען די ווערטער סכנת-נפשות נישט האָבען דעם קלאַנג וואָס אין יודיש פאַר דעם יוד, וואָס ביי "סכנת-נפשות" פאַלען אַוועק אַלע הזהרות און געבאָטען פון דער תורה; דאָס "לעבען פון מענשען", דאָס איז דאָך דאָס העכסטע און הייליגסטע!

דער יוד מיט זיין ליבּ האָבען גוזמאות און מפליג צו זיין יעדע זאַך, דערביי ביי זיין פיינד האָבען החלוקות, כעס און קריגערייען, איז א ליאַדע וואָך באַלד ביי איהם סכנה-נפשות, בלוט, מעסער-שטעך א. אַז. וו.

1) "ער גייט מיט סכנת-ופשית"[166] "מיך אז מען צובעכט איז מיש סכנת-נפשות"[167] "ס'איז **מסוכן-נפש**"[168]

2) **"דם-שונאים"**[169] **"שונאים אויף מעסער-שטעך"**[170] **"צעריסען אויף מעסער-שטעך"**[171]

3) "א כעס, **א רציחה**"[172] "מיט א גוואַלד, **מיט א רציחה**"[173] "ס'איז ניטט געהעריג געוואָרען אַזאַ רציחה"[174] "**ער איז מלא רציחה**"[175]

4) ער איז "**מלא גזלן**"[176] ער קוקט אויף זיי מלא גזלן"[177] "אויף מיר איז ער גזלן" [אין כעס][178] "ווערט ער גזלן [זיין כעס][179]

5) "**ציטערט אימת-מות**"[180] "מורא געהאַט אימת-מות"[181]

6) **גרייט איהם דורם צו זיין**"[182] "מען וואָלט איהם **גידורם'ט**"[183] "קאַפּאַבעל איהם דורס צו זיין"[184] "**גרייט איהם דורם צו זיין מיט דער ראיה**"[185] די לעצטע רעדענסאַרט איז גענומען פון דעם גלויבען, אַז ס'איז דאָ אַזאַ שלאַנג וואָס טייט מיט די אויגען[186]

# אַנמערקונגען

1) "מענדלי מוכר ספרים" ב. 1 "הבהמות" 59.
2) זעה שלום עליכם ב. X— ז. 331 "מבול" 82.
3) ש"ע XIII—242. "כתבים פון א וואַיאַזשאָר" 119. ממו"ס IX "א גרויע האָר" ז. 5. ב. II ז. 31, 9.
4) ממו"ס ב. XV—31 ש"ע III—21. "יודישע קינדער" 159. ב. X זעה אויך "יאָסעלע סאָלאָוויי" 147: "האַקע—באַקע, געגז, איינגעמאַכץ".
5) ממו"ס XIV "חג האסיף" ז. 11.
6) S. Rothschild: Aus Vergangenheit und Gegenwart der ...elit'schen Gemeinde Worms. Frankfurt a/M. 1905 s. 45.
7) ממו"ס V ז. 46. 8) דינעזאָן "הנאהבים והנעימים" ז. 19.
9) ממו"ס IV—65 V "איבער א שטאָדט" 9.
10) ממו"ס ב. II ז. 102. 11) ממו"ס ב. XI ז. 144.
12) ממו"ס ב. VIII ז. 410. שלום-עליכם ב. XI ז. 332.
13) ממו"ס ב. II ז. IX. 14) ש"ע X—152.
15) שלום עליכם, "מנחם מענדל", "שלים-שלים-מזל".
16) ממו"ס VII—137. 17) ש"ע XIII—20. 18) דינעזאָן, "הנאהבים...
19) ש"ע VII—134. 20) ש"ע סאָלאָוויי 152, כתבים פון א וואַיאַזשאָר...
21) ש"ע XII—198. 22), 23) ש"ע III פרעהל. קאַמפּ. ז. 35.
24) ש"ע XI—392, "לכבוד יו"ט" 82. 25) כּפּצקטאָר. ב. II ז. 67
26) ש"ע "סטעמפּעניו" 56. 27) דינעזאָהן "הנאהבים" 36.
28) ש"ע ב. XIII ז. 249. 29) פרץ, "רבי'נס ציבעק" 26.
30) ש"ע XIII—41. "יאָסעלע סאָלאָוויי" 159.
31) כתבים פון א וואַיאַזשאָר". 189, 261.
32) ש"ע II—225, "מאָטיל פּייסי" 62 זעה אויך ממו"ס II—91; VI—
33) "שטרעקען". 34) ב. I ז. 138.
35) ב. VII ז. 235. 36) ב. VII ז. 12.
37) Deutsches Sprichwörterbuch, Dr. Franz Tetzner, ...pzig.
38) זעה "כילדערשמוק" ז. 442. 39) ש"ע, "יאָסעלע סאָלאָוויי" 101.
40) פרץ, פאָלקסט. 29. 41) ש"ע X—14.
42) ש"ע XIII—106. 43) ש"ע "לכבוד יו"ט" 23.
44) ב. II ז. 217. 45) ממו"ס VI—53. ש"ע XI—191.
46) שלום עליכם: "מנחם-מענדל", "עס פידעלט גיסט" ב. XII—43.
47) ממו"ס II—18.
48) "יאָסעלע סאָלאָוויי" 31, ש"ע ב. X ז. 176.
49) ש"ע III "אַלעמען גלייך" ז. 5.
50) ש"ע: "מנחם-מענדל", "עס פידעלט נישט".
51) ש"ע: "לכבוד יו"ט" 284. פרץ ב. II—185 פאָלקסט. 52 ממו"ס VII—52.
52) ש"ע: "כתבים פון א וואַיאַזשאָר" 51. 53) ממו"ס XVI—4.
54) ש"ע IX—236. 55) ש"ע III "צווייַ אנטיסעמיטען".
56) ממו"ס ב. VI ז. 16.
57) "מנחם מענדל"—"שלים-שלימזל". "סאָלאָוויי" 11.
58) פרץ: "וואָס אין פידעלע" 23. 59) פרץ, פאָלקסט. 100.
60) ש"ע I—89. "כתבים פון א וואַיאַזשאָר" 69.
61) ש"ע "מבול" 79. 62) ממו"ס I "אַלטע מעשה" 3; II 96, X— VI—66.

63) דינעזאָן, „הנאהבים״ 6. 64) ממו״ס XV—25.
65) שלום עליכם: „כתבים פון א וואַיאַזשאָר״ 50.
66) גאָלאָמב: „מלים בלשוני״. 67) ש״ע III „אלעמען גלייך״ ז. 24;
68) „מנחם-מענדל״—„עס פידלט ניסט״.
69) ש״ע XIII—75. „מנחם מענדל״—„מיליאָנען״.
70) ש״ע, „1-טער ראָמאַן״ 21.
71) ש״ע III „אַלעמען גלייך״ 10. אויך „צווייַ אַנטיסעמיטען״.
72) „מנחם-מענדל״. „מיליאָנען״. 73) ממו״ס VIII—248.
74) ממו״ס XV—38. 75) דינעזאָהן. „יאָסעלע״ 17.
76) ש״ע. „ערשטער ראָמאַן״ 22.
77) ש״ע: III „אקדמות״. „מאָטיל פייסי״ 59.
78) „מנחם-מענדל״—„פּאַפּירלעך״.
79) מנחם-מענדל״ „עס פידעלט נישט״.
80) ש״ע: „יודישע קינדער״ 133. דער אויסדרוק איז גענומען פון מעריבֿ-
וונען. גאָלאָמב צייכנט נ״שט אָן.
81) ש״ע: III „מילכיגס״ 5.
82) זעה גאָלאָמב. דינעזאָן, הערשעלע 9. 83) „גאָלאָמב״;
84) ממו״ס I „אס פות״ 6.
85) ממו״ס I „אַלטע מעשה״ 17 (בזיל-זול). „מנחם מענדל״—„פּאַפּיר-
לעך״, „מיליאָנען״.
86) ש״ע II—247. 87) גאָלאָמב. „מלים בלשוני״.
83) אין „ברכת המזון״ זאָגט מען: „הוא הטיב הוא מטיב וכו׳״.
89) ס׳וואָרט „חלשות״ אין יודיש איז אינטערעסאַנט אַן און פאַר זיך.
ס׳איז א חלשות״ הייסט אַ מיגעלדיגע, מיאוסע זאַך (ווייל מען קאָן חלש׳ן
זעהענדיג אָדער הערענדיג.) זעה. ממו״ס ב. IX. ז 64.
90) ש״ע III—43. 91) ממו״ס I אַלטע מעשה 22 זאָגט דער עם הארץ
חילע—חלאָמעס״.
92) ש״ע III—14. ממו״ס IV—96. VI—75.
93) פרץ, פאָלקסט. 59; 91) דינעזאָהן. „הנאהבים״ 17.
95) פרץ, פאָלקסט. 177. 96) ש״ע, „יודישע קינדער״ 101.
97) ש״ע, „לכבוד יו״ט״ 207. 98) ש״ע: „לכבוד יו״ט״ 120.
99) ממו״ס IV—14, VIII—250, VI—14, II—67, דינעזאָהן,
„יאָסעלע״ 92.
100) ממו״ס XI—104: אזוי הייסט דאָס צוזאַמענרופען קינדער מיט
זייערע רבי׳ס א־ער בעהעלפערס צו לייענען אַלע פאַרנאַכט שמע, ביי אַ קינד וואָס
איז נאָך ניט געמל׳ט. מ׳זאָגט אויך „לייען קריאת שמע״ (ממו״ס V—37) און
ג״ט „לייען שמע״.
101) ממו״ס ב. X—ז. 31. ב. VII—28—29.
102) ש״ע III „אַלעמען גלייך״ 13. „מנחם מענדל״—„מיליאָנען״.
103 ש״ע VII—12.
104) אזוי זאָגט מען אין קויל (Kolo) קאָל. גוב.
105) „כתבים פון א וואַיאַזשאָר״ 150. „פרעהל. קאָמפּ.״ 39.
106) ש״ע לכבוד יו״ט 184.
107) „יאָסעלע סאָלאָוויי״ 92. „מנחם מענדל״—„פּאַפּירלעך״.
108) ש״ע II—118. 103) ממו״ס V „איבער אַ שטאָדט״ ז. 14.
110) „יאָסעלע סאָלאָוויי״ 124, 8.
111) ש״ע „לכבוד יו״ט״ 281. XIII—94. ממו״ס II—27. XI—6.
112) ממו״ס V „איבער אַ שטאָדט״ 13.
113) ממו״ס VI—46. 114) ממו״ס VIII—251.

115) ממו״ס I „הבהמות״ 13. 116) ש״ע XI — ל״ג.
117) ש״ע XII—137. 118) ש״ע XII—59.
119) ש״ע II—117, „יודישע קינדער״ 205. פרץ II—105.
120) ש״ע I 122, „לכבוד יו״ט״ 19. 121) ממו״ס VIII—345.
122) ממו״ס I „הבהמות״ 39. 123) ממו״ס VIII—254.
124) ש״ע XII—15. „סנדר בלאַנק״ 29, ממו״ס ב. II ז.—XXII.
125) פרץ: II 144, 90, „ממו״ס I הבהמות ז. 8. ב. VI—53
„שפּאַנעל-ניי״.
126) ש״ע III „פרעהל. קאָמפּ.״ 25. ב. X—ז. 268.
127) ש״ע III „אַלעמען גלייך״ 10. ב. XIII—110.
128): ש״ע: ב. X ז. 76. 129) ש״ע „מבול״ 85.
130) ש״ע „מבול״ 391.
131) פראַנצויזיש: „Par exemple״ אַלטע לייט פלעגען זיך ביי אונז
(אין פלאַצק) מיט דעם וואָרט בענוצען און זאָגען: ל׳געב דיר אַ נ׳„עקסטעמפּעל״.
132) ש״ע XI—365.
133) אזוי איז עס ביי א. בערנשטיין „אדם״: דער וואַריאַנט איז דאָ ביי
ממו״ס XI—100, X—48, VIII 254. זעה אויך XVI 16 „גאָה ריק זיך בן-אדם-
134) ש״ע II—226, XIII—13.
135) ממו״ס I „אַלטע מעשה״ 8.
136) ממו״ס VI—66. 137) ש״ע XII—273.
138) ש״ע III „דאָס נייע כתרילעווקע״ 29, 28, ב. VII—85.
139) ש״ע VII—37, II—119. 140) וואַיאַזשאָר״ 132.
141) ממו״ס IX—48 וועגען „סוכה-שער״ וויל אַך צוגעבען דאָס ביי
ש״ע ב. I ז. 88, געפינט זיך: „אַ קוויטעל—דאָס איז אַ סוכה-שער״ ד. ה. אַ זאַך
וואָס איז גאָר גישט ווערט. זעה אויך א. בערנשטיין, „סכה-שער״. „מען מעג איהם
שיקען נאָך אַ סכה-שער״. זעה דאָרט.
142) ממו״ס VI—39. 143) ש״ע „סטעמפּעניו״ 68, 47.
144) ממו״ס VII—28.
145) ממו״ס II—19, X—43. 146) ש״ע X—18, XIII—104.
147) א. בערנשטיין „פערד״ 11. 148) דאָרט 15.
149) ממו״ס II ז. 85 ב. VII ז. 5—פּאָדקאָווע.
150) ש״ע ב. VII—34. 151) ש״ע „לכבוד יו״ט״ 245.
152) ש״ע VII—141. 153) ש״ע XI—298.
154) „כתבים פון אַ וואַיאַזשאָר״ 165.
155) מנחם-מענדל. „מיליאָנען״. 156) ש״ע I—59.
157) דינעזאָן, „הנאהבים״ 32. 158) ש״ע „מאָטיל פייסי״ 57.
159) ממו״ס VII—42.
160) ממו״ס VIII—322 זעה אויך III—124 וועגען „צט״, „גע״.
161) „כתבים פון אַ וואַיאַזשאָר״ 34.
162) „וואַיאַזשאָר״ 45. 163) ממו״ס I הבהמות 15.
164) ש״ע II—117. 165) ש״ע „יודישע קינדער״ 26.
166) ש״ע II 181; 167) ש״ע X—195.
168) ש״ע II—172, „סאָלאָוויי״ 172. 169) ש״ע IX—263.
170) ש״ע I—189. 171) „כתבים פון אַ וואַיאַזשאָר״ 33.
172) ש״ע „יודישע קינדער״ 26.
173) ש״ע I—150. XII—193 „מאָטיל פייסי״ 72.
174) „מאָטיל פייסי״ 40, ש״ע I—150.
175) כתבים פון אַ וואַיאַזשאָר 60.
176) „מאָטיל פייסי״ 142. 177) דאָרט: 125.
178) פרץ II 104. ש״ע I—171. 179) ש״ע „יודישע קינדער״ 94.

180) ש״ע XII—55. 181) פרץ, פאָלקסט. 113.
182) ש״ע II 117, 102 „מאָטיל פייסי״ 7.
183) ש״ע „יודישע קינדער״ ז. 186.
184) זעה „תולדות הטבע״ אבראַמאָוויץ ב. III ז. 139 ווילנא, תרל״ג ארך „שרה חנצי״ שרייט אויף דעם איידעם איתרען: „ס׳איז אַ פּיפּערנאָטער װאָס איז דורס מיטן קוק״. (שלום-עליכם: „דער גט״, „הויזפריינד״ I ז. 59).

## נעמען פון מענשען.

**אביי.** „פון אמר אביי, איז ניט קיין ראיה״ (ווען איינער בצרופט זיך אויף דער מיינונג פון אַ בעריהמטען מענשען, אָבער דער אַנדערער וויל די מיינונג ניט אָננעהמען. א. בערנשטיין: „ראיה״ 2.

**אברהם.** אברהם אבינו איז אין די רעדענסאַרטען בעקאַנט מיט דער מצות מלה און זיין הכנסת-אורחים.

אזוי זאָגט מען אויף איינעם, וואָס טראָגט זיך אַרום מיט אַן׳אונאָנגענעהמע זאַך און קען זי ניט פּטר׳ן: „ער טראָגט זיך דערמיט אַרום (וואר, ער האַלט זיך דערמיט) ווי אברהם אבינו מיט דער מילה״, (זעה א. בערנשטיין) „אַרומטראָגען״ 1, און „האַלטען״ 2, ער ווייזט אָן אויף תנחומא פ׳ וירא ד׳.

אויך זאָגט מען: „אַן׳ערענדער בעדאַרף צו האָבען אין זיך די מעלות פון אברהם אבינו (אַ מכניס-אורחים) און פון משה רבינו״ (אַ עניו פאַר די געסט) א. בערנשטיין. „רעגנדער״ 2.

פאַרהאַן נאָך אַ רעדענסאַרט צום נאָמען אברהם „אברה׳מצל, וואָס הערט מען אין דיין קרעמעלע?״, (א. בערנשטיין. „אברהם״).

**אדם.** „אדם-נאַקעט, חוה באָרוועס״ (א. בערנשטיין „אדם״ 4) מען זאָגט אויך: „אין אדם׳ס קליידער״ (אדם-נאַקעט) ספּעקטאַר „יודישע וועלט״ ווילנא תרס״ג ז. 98.

פערוואָרפענע ערטער הייסען: „מקומות ווי אדם הראשון איז ניט געוועזען״, (שלום עליכם, „כתבים פון אַ וואָיאַזשאָר״ ז. 70). „ווי אדם הראשון׳ס פוס האָט נאָך קיינמאָל נישט געטרעטען״ (ש״ע „וואָיאַזשאָר״ ז. ז. 95, 101). מ׳זאָגט אויך אויף אַ קליין מקום: אדם הראשון האָט דאָרט נישט געפּישט״. דאָס אַלץ בעציהט זיך צו דער גמרא ברכות ל״א. וועלכע זאָגט אויפ׳ן פסוק אין ירמיה ב-י״א „ארץ לא עבר בה איש ולא ישב אדם שם״ — כל ארץ שגזר עליה אדם הראשון לישוב נתישבה וכל ארץ שלא גזר עליה אדם הראשון לישוב לא נתישבה.

אין וואָלאָזשין פערצעהלט מען אַ שענעם אַנעקדאָט אויף די בלאָטעס וואָס זענען דאָרט שטענדיג. מ׳זאָגט, אז זיי נעהמען זיך דערפון, דאָס בשעת מען האָט געוויזען אדם הראשונ׳ען וואָלאָזשין און מ׳האָט איהם געזאָגט, אז דאָס דאָזיגע קליינע שטעדטעלע וועט האָבען אַזאַ גרויסע ישיבה און גרויס-גענען אַזוי פיל חכמים וסופרים, האָט ער געזאָגט: וואָס, אַזאַ גרויסע ישיבה אין אַזאַ קליין שטעדטיל? און האָט דערביי געגעבען אַ שפּיי אויס, און פון דעם דאָזיגען שפּיי זענען געבליבען די בלאָטעס עד היום הזה.

**איוב.** „איובס צרות״ (ש״ע „מבול״ 374) צוזאַמען מיט „איוב׳ס בשורות״ שטעלט מען פיינד.

**ר׳ אָץ.** „דער גאַנצער חידוש איז, ער איז ר׳ אָץ׳ס אַנ׳אייניקעל״... (מיט אירָאָניע אויף אַן׳ איינגערעדטען מיוחס. ספּעקטאָר. „עניים ואביונים״, ז. 62).

**איטשע מאיר.** „אַנ׳איטשע מאיר״ הייסט אַ בטלן, אַ חסיד, באַזונדערס אַ פוילישער חסידישער בטלן. „איהר זענט איטשע מאיר׳ס פלאָנטען״ (שלום עליכם, ב. XII ז. 133).

וועגען די נעמען איטשע מאיר, בנימן א. ד. ג. ביי דעם גנבה׳שען לשון פון קאָרטען-שפּילער, זעה ביי שלום עליכם׳ן ב. XII ז. 93.

**בוני.** „געשלעפּט פון בונין צו שמונין״ (ממו״ס ב. XV ז. 29) „אַרומשלעפּען זיך פון בונין צו שמונין״ (ש״ע ב. X ז. 311) „לויפט פון שמונין צו בונין״. (ש״ע ב. IX ז. 231 „וואָיאַזשאָר״ ז. 160).

**בארטעק.** אַ פּויערען-נאָמען. אַלס פּאַראָדיע אויף „תנא-ברא״ זאָגט מען: „אַ תנא-באַרטעק״ (אַ פּויער).

**בעני.** „חצפט זיי בעני״ (ש״ע ב. III „דאָס נייע כתריל-ווקע״ ז. 9 „לכבוד יו״ט״ ז. 169, ז. 217).

**בלעם.** „בלעם׳ס מויל האָט ער״. אויף אַ שונא וואָס קען שען און אַ סך רעדען.

**בלק.** „ער לערנט מיט איהם בלק״ ער לערנט איהם אָהן שכל(?). (ש״ע ב. III ז. 25 „לכבוד יו״ט״ ז. 94, ממו״ס „טאַקסע״ ז 72) א. בערנשטיין („לערנען״ 3,) זאָגט, דאָס בלק איז אַ שווערע סדרה און די קינדער קריגען ביים לערנען די סדרה גוט געשלאָגען.

**גוג—מגוג.** „הויך און גרויס ווי גוג ומגוג״ (מנדלי מוכר ספרים „מענשעלע״ ז. 63). אַזאַ גוג-מגוג (שלום עליכם, „יודישע קינדער״ ז. 207).

**גאָנטע.** „אַ גאָנטע גזלן״. (שלום עליכם, לכבוד יו״ט ז. 197). מ׳זאָגט אויך: „אַזאַ גאָנטוש נאַר״, „גאָנטע גזלן״ מיינט מען געוויס דעם אָנפיהרער פון די קאָזאַקען „גאָנטאַ״, וועלכער האָט חרוב געמאַכט אומאַן ה׳ ו׳ ז׳ תמוז תקכ״ח.

**גבריאל.** „האַלט מיך פאַר׳ן מלאך גבריאל, און געטרוי מיר ניט פיל״ (א. בערנשטיין. „געטרויען״.) אין פּוילען ווערט דער נאָמען אויסגעשפּראָכען: „גאַווריהל״.

**גרונים.** „ער האָט אַ פּנים ווי משה גרונים״ (א. בערנשטיין: אַזוי זאָגט מען אין פּוילען פון אַ מיאוסען מענשען).

**דלפון.** גאָלאָמב אין זיין „מלים בלשוני״ שרייבט: מיט דעם נאָמען הייסט איינער פון די עשרת בני המן (אסתר ט, ז). און מיט דעם רופט מען אַ פערשטעלטען רייכען, אָדער אַ פּוסטען פּראַנט. ער דערקלערט אַז דאָס איז איבער׳ן קלאַנג „דל״, וואָס געפינט זיך אין דעם דאָזיגען נאָמען.

די צווייטע ערקלערונג איבער די פּיש „דלפנים״ (דעלפינעס) וואָס זענען לויט דער גמרא בכורות ה. פּרין ורבין כבני אדם און זענען דעריבער בעל-מטופל׳ס און מיט דעם אויך אָרימע לייט — איז לעכערליך.

מעגליך אַז דער זין פון דעם צונאָמען איז, וואָס אַ דייטשער איידעלמאַן און פּרינץ הייסט „פאָן״. יוּ ען(?) רעכענען דאָס פאַר אַ גאַנצען טיטעל, אַזוי זאָגט מען: „ער איז אַ פאָן!״ אַנ׳אָרימער פּראַנט, אַנ׳אָרימער פּרינץ הייסט אַלזאָ אַ דל-פון.

ביי א. ב. „אַ דלפון, ווי אין פּסוק שטעהט״.

**המן.** איינער פון די פּאָפּולערסטע פּערזאָנען אין די יודישע רעדענס-אַרטען: „ער׳האָט געהאָט, ס׳זאָל אויף איהם קומען המנ׳ס מפּלה״ (יאָסעלע סאָלאָוויי״ ז. 70 א בערנשטיין „המן״ 7).

אַ רשע, אַ צורר ישראל הייסט: „אַ המן״ („אַ המן אַ פּריסטאַוו״, שלום עליכם ב׳ II ז 215. „אָט דער המן הרשע״ ש״ע „יודישע קינדער״ ז. 193) „ער דערצעהלט אויף זיי המנ׳ס מסירות״ (שלום עליכם, „יודישע קינדער״ ז. 197 „כתבים פון אַ וואָיאַזשאָר״ ז. 129. זעה די גמרא מגלה י״ג: ליכא דידע לשנא בישא כהמן).

ווען איינער איז מלא כעס, מלא רשעות, זאָגט מען: „ער איז מלא חמה״ (מנדלי מוכר ספרים ב ? „הבהמות״ ז 27) ס׳בעציהט זיך צום פּסוק

„וימלא המן חמה". בײַ א. בערנשטײן: „וימלא הכן חמה" מאַכט רש״י „ט' מאָוו אַ יאַ זדראָוו" („המן" 5, בײַ ממו״ס „טאַקסע" ניעחאַי ליודי מאָוו, אַ יאַ זדראָוי.) אויך: „וימלא המן חמה" מאַכט רש״י „געשמאַ-דיר-פֿאַר פֿיל" א. בערנשטײן „המן" 4: די רעדענסאַרט הײסט: איך פֿרעג ניט פֿיל נאָך דיר. די אָבּשטאַמונג איז מיר אָבער אומבעקאַנט. איך וויל דאָ צוגעבען דאָס בײַ מענדלי מוכר ספרים ב. VIII ז. ז. 251, 257 איז דער נוסח: „געסמאַהע אײך (דיר) פֿאַרפֿול" אויך ב. XI ז. ז. 24, 169 איז אזוי דער נוסח: „בעסמאַהע". (דער טײַטש: דאָס זעלבע ווי—„לאָד מיך צום נתנה תוקף", רוף מיך קנאַקניסעל".) ב. XII „אַ סגולה" ז. 16 אָבער איז דער נוסח: „געשמײע", ב. IX ז. 73 „געשמײע אײך פֿאַר פֿול" ב. X ז. 85 געשמאַיע". זעה אָבער מנחם מענדל („אָדעסער בירזע") „וואָס וואַקסט בײַ דיר אזוי געלמעיה דיגו?" (געשווינד) ווען ס'קומט אַרײַן אַ רשע אין שטוב, אָדער אזוי אויף אײנעם מיט ליצנות, זאָגט מען: „ויבא המן!" בײַ א. בערנשטײן („המן" 3) „ויבא המן, מאַכט רש״י: טשאַרט יעוואָ פּריניאָס!".

אין המנ'ען האָבען יודען דערלעבט אַ גרויסע נקמה און מען איז זיך נאָך נוקם אין איהם יעדעס יאָהר מיט גרעגער'ן און קלאַפּען מיט די פֿיס און „המן-קלאַפּערס" בײַ'ם דערמאָהנען זײַן נאָמען בײַ דער מגילה. דעריבער זאָגט מען: [פֿלעגט איהם מוטשען מיט ווערטער] און נוקם זײַן זיך אין איהם ווי אין המנ'ען". (ספּעקטאָר, „יודישע וועלט" ווילנא תרס״ג ז. 132).

ווען מען הערט נישט און ס'אַרט נישט עמיצענס רעד און געשרײען, זאָגט מען זעהר זיכּערליך: „ער הערט איהם ווי המן דעם גרעגער" (שלום עליכם ב. I ז. 213 ב. XII ז. 226 „מבול"—261) ווען אײנער האַלט זיך זעהר גרויס, זאָגט מען: „גרויס ווי המן" „ר'האַלט זיך גרויס ווי המן אויף דער תליה". מ'זאָגט אויך, „גרויס ווי המן אין דער ליטא" (פּאַראָדיע אויף „תליה").

פּורים עסט מען „המן-טאַשען" (ספּעקטאָר ב. III ז. 225) פֿון דעם איז ענטשטאַנען די פֿאָלגענדע שענע רעדענסאַרט: אַ מצוה, זאָל זיך אַ הונד נישט גלוס-טען קײן המן-טאַשען, אַז ער הערט נישט די מגילה" (ש״ע „מבול" ז: 367) איך גלויב אַז „המן-טאַשען" איז פֿערגרײַזט פֿון „מאָהן-טאַשען" ש״ע ב. I ז. 160 פּורים המן-טאַשען מיט מאָהן. זעה נאָך בײַ א. בערנשטײן „המן" 1 („וואָס טויג מיר ד' פּ״א אין הסן?"). און „המן" 2 („ווי קומט המן אין דער „מה-נשתנה" ארײַן?) „ס'איז נישט מאהבת מרדכי, ווי משנאת המן" (א. ב. „המן" 6. ער האָט נישט אויפמערקזאַם געמאַכט אַז דאָס איז אורשפּריגגליך געזאָגט געוואָרען אויף חרבונה'ן דאָס זײַנע רײד (אסתר ז. ט.) זענען נישט געזאָגט געוואָרען מאהבת מרדכי, נאָר משנאת המן.

**הדס.** „הדס שטינקט די גאַנצע וואָך און שבת צוגאַכטס שמעקט זי" (וואָרטשפּיל צווישען דעם פֿרויען נאָמען „הדס" און דעם בשמים-ביקס.—פֿון אײנע אַן'אונזויבערע פֿרוי, מיט'ן נאָמען „הדס". א. בערנשטײן. איך מוז צוגעבען, דאָס פֿיר נעהמען צו דער ברכה איבער בשמים דעם הדס פֿון די סוכות'דיגע ארבע מינים. עס פֿלעגט אָבער אויך זײַן אַ „זילבערנער הדס" (ש״ע „סענדער בלאַנק" ז. 46 אָדער: „זילבערנע בשמים שטעקעלעך" (פּרץ ב. VIII „אַ חנוכּה לעמפּעל" 274).

**וואָיטעק.** אַ גראָבער קאָפּ, אַ חם, פּוילישער פּויערען-נאָמען Wojtek.

**ויזתא.** אַ ויזתא—הײסט אַ נאַר, אַ שוטה. פֿאַר וואָס איז ויזתא אַ נאַר? פֿרעגט מען, און מען ענטפֿערט: ווײַל ר'האָט געזעהען מען הענגט אַלע ברידער און ער איז נישט אַנטלאָפֿען און געוואַרט ביז מען וועט איהם אויך הענגען.

**זרש.** אַ זרש—אַ רשע'טע, אויפֿ'ן נאָמען פֿון המנ'ס ווײַב.

**חוזעק.** וועגען די דאָזיגע פּערזענליכקײט זענען פֿערהאַן אַ מענגע אַנעקדאָטען, זעה א. בערנשטײן. דעריבער זאָגט מען „חוזעק מאַכען" (מנדלי מוכר ספרים ב. II ז. 57 ב. I „הבהמות" ז. 61 „מסעות" ז. 69. ליצנות מאַכען) „מאַכט פֿון מיר חוזעק" (ש״ע ב. X ז. 65 ממו״ס XVI ז. 39) „אַ חוזעק מאַכעניש" (ממו״ס ב. I „מעשה" ז. 17) „האָט אַ פּנים פֿון חוזעק" (מאָטיל פּײסי ז. 141 „ס'איז מעשה חוזעק" (דינעזאָהן, „הערשעלע" ז. 39) „חוזעק אין דער ברייט" (זעה א. ב. „חוזעק" 2. חוזעק האָט נישט געקאָנט אַרײַן אין שטוב ווײַל ער האָט געהאַלטען דעם שטעקען אין דער ברייט. מ'פֿלעגט פֿערצעהלען די מעשה אַנדערש: חוזעק כאַפּט זיך גײַ נאָכט אויף מיט אַ שמחה: ס'בין געוואָקסען; ס'בעט איז ביר צו קורץ געוואָרען! מען זינדט אָבער אָן אַ ליכט, זעהט מען ער ליגט אין דער ברייט.

**חמעלניצקי.** „פֿון חמעלניצקיס צײַטען" (א. בערנשטײן). כמו״ס XV ז. 68 ב. IV ז. 153) „נאָך פֿאַר חמעלניצקיס צײַטען" (ש״ע ב. III ז. 35. ב. XI ז. 66).

חמעלניצקי איז דער בעקאַנטער קאָזאַקען-פֿיהרער וואָס האָט אַלע חורבנות אָנגעמאַכט אין יאָהר ת״ח.

**חיה.** „ס'איז אַ ראיה, פֿון דער אַלטע באָבע חיה" (שערצהאַפֿטע רעדענס-אַרט, ווען אײנער ברענגט אַ ראיה, וואָס זי געהער זיך גאָר ניט אָן צום ענין. א. בערנשטײן „ראיה" 1).

**חוה.** „זי איז ציעקאַווע, ווי די מוטער חוה". (א. בערנשטײן. „צעקאַווע") „אַלע ווײַבער האָבען ירושה פֿון זײער מוטער חוה" (א. בערנשטײן: „ווײַב" 20, — זײ זענען נײַגיריג) זעה אויך אויבען „אדם".

**חדקא.** „ער איז אָנגעקומען ווי רבי חדקא צו שלש סעודות" (א. בערנשטײן, „שלש סעודות" ר' חדקא האַלט אַז מ'מוז עסען אין שבת פֿיר סעודו (שבת קי״ז, ב').

**חם.** אַ פּויער אַ חם. (חם—פּנענ'ס פֿאָטער.)

**חושים.** דן'ס זוהן. לויט דער אגדה איז ער געווען אַ טויבער (זע סוטה י״ג). אויף אַ טויבען זאָגט מען: „אַ טויבער חוש". „אַ חוש" הײסט אַז יעדער וואָס געהט אַרום פֿערחושט.

זעה בײַ ממו״ס (ב. VI ז. 4) „אַ ביכעל חושים"(?) בײַ ש״ע: „ער אַ חושים" (ב. XIII ז. 112) „אַ שטיקעל חושים" (ב. I ז. 236) „אַ חושים'דיגער („מבול" ז. 22) „זײ נאָר נישט אַ חושים" (ש״ע ב. I ז. 17).

**טרײטיל.** „ר' טרײטיל! נעהמט אָפּ דעם בײטעל, (אזוי זאָגט מען צו אײנעם, וואָס מען פֿערלאַנגט פֿון איהם, ער זאָל צאָהלען. א. בערנשטײן).

**טיטוס.** „אַ רשע אַ טיטוס" (זעה ש״ע „יודישקינדער" ז. 206).

**ירבעם בן נבט.** אזוי הײסט יעדער חוטא ומחטיא את הרבים.

**יאקעל בן פלעקעל.** טפּש, שוטה. שלום עליכם, ב. X ז. 185.

**ישמעאל.** דער טערעק הײסט: „דער פֿעטער ישמעאל", (ממו״ס „אַלטע מעשה" ז. 16).

**יון.** וועגען „פֿאָניע" אָדער „יון" זעה א. בערנשטײן „יון", „הונט" 22 „יוד" 44.

**יעקב.** „אַז מען גיט ניט יעקב'ן, גיט מען עשו'ן". (א. בערנשטײן „געבען" 1. וואָס מען וויל ניט געבען אויף גוטס ווי צדקה א. ד. ג. מוז מען געבען אויף שלעכטס, ווי צ. ב. אויף אַ דאָקטאָר). דאָס איז גענומען פֿון דער גמרא ב״ב י״ד: „אם זכיתם לרעבו של יעקב, ואם לאו—לשבעו של עשו", זעה אויך תוספות, תענית סוף ע״א דף ט. זעה אויך א. בערנשטײן „עשו" 2, 1. זעה אויך א. ב. „יעקב".

אויפֿ'ן פּסוק „עת צרה היא ליעקב" (ירמיה ל. ז.) זאָגט מען זעהר שען: „עת צרה היא—ליעקב"—קעדז בידאַ, טאָ דאָ זשידאַ.

**ישראל.** „וואָס עס וועט זײַן מיט כל-ישראל (בײַ דינעזאָהן „הנאהבים והנעימים" ב. III ז. 35— „כלל ישראל") וועט זײַן מיט רבי ישראל" (א. בערנ-שטײן) „ישראל". ש״ע ב. VII ז. 68).

**יענטע.** „די אײגענע יענטע, נאָר אַנדערש געשלײערט". ש״ע ב: VII ז. 10 (א. בערנשטײן. יענטע איז אַ פֿרויענגאָמען. די רעדענסאַרט, געברויכט מען,

חען א מענש זאָגט די אייבענע זאַך חי פריהער, נאָר מיט אנדרע ווערטער). „אַ יענטע" הייסט אויך א „טאָפּ-יודענע". א פּשוטע יודינע, נישט קיין „ציוויליזירטע", נישט קיין „מאַדאַם". „אַז איך וועל זאָגען אַז ס'איז אַזוי בעשערט, וועט איהר זאָגען אַז איך זאָג עס ווי א יענטע!" (דינעזאָהן, „הנאהבים והנעימים" ב. II ז. 43) „א יענטיסעס בעשפּרעך" (דאָרט ז. 40) ביי שלום-עליכם'ן (ב. XI ז. 138): „אמתע יעוטע מירעלס".

**יאַחנע.** „ער מיינט ר'האָט בעטראָפען אויף א יאַחנע פון די נאַלעח-קעס" (שלום עליכם, ב. XII ז. 7).

**יתרו.** „ער האָט יתרו'ס נעמען" (שבעה שמות היו ליתרו. מכלתא, יתרו' א. בערנשטיין).

די וועלט זאָגט; דעריבער האָט יתרו געהאַט זיבען נעמען, חייל ר'האָט גע-האַט זיבען טעכטער און אַז מ'מאַכט חתונה א טאָכטער מוז מען באַנקראָטירען און זיך משנה השם זיין.

**יאַגעלע.** „א נייעס, קראָל יאַגעלאָ איז מת". (א. בערנשטיין. וועג א גער פערצעהלט אַנ'אַלטע מעשה).

**יוסל.** „צווישען אַלע שוסטערס איז דער בעסטער שניידער יוסל דער סטאָליער" (שערצהאַפט שפּריכוואָרט. א. בערנשטיין „שוסטער" 4).

„צוויי פיהרען: „יוסל משה פיהרט וואַסער, און גאָט פיהרט די וועלט", (א. בערנשטיין, „פיהרען". שערצהאַפטער פערגלייך אויף דעם וואַסער-פיהרער וואָס פיהרט אַרום ס'קליינע שטעדטיל ביי דער נאָז).

**כתריאל.** „אַזא כתריליק, א קבצן שבקבצנים" (ש"ע „יודישע קינדער" ז. 180) „כתריליקעס, קבצנים דלפנים", (ש"ע ב. XIII ז. 121) „כתריליווקע" איז די בעקאַנטע שטאָדט פון שלום-עליכם'ס העלדען.

**יוס'לע.** אויף גנבה'יש לשון הייסט אַזוי א גנבה'יש פערד („א יוסלע")· איך גלויב, אַז דאָס שטאַמט דערפון, וואָס יוסף האָט געזאָגט: „גֻנֹּב גֻנַּבְתִּי מארץ העברים" (בראשית, מ'—ט"ו).

**לוט.** „שכור-לוט" („פישקע" ז. 72 „סטעמפּעניו" ז. 29) „לוט-שכור געוועז" (פּרץ, „וואָס אין פידעלע" ז. 14) „שכור חי לוט" (שלום עליכם, „לכבוד יו"ט" ז. ז. 216, 262).

די וועלט פרעגט: פאַרוואָס זאָגט מען נישט שכור ווי נח? נח איז דאָך געווען פאַר לוט'ן? און דער תירוץ איז: נח האָט שוין נישט געהאַט קיין קינדער אויסצוגעבען, איז נישט קיין עולה וואָס ר'האָט געטרינקען. לוט האָט אָבער געהאַט צוויי טעכטער אויסצוגעבען און ר'האָט געטרונקען, איז ער טאַקע א שכור.

**לבן הארמי.** אַזוי הייסט יעדער שווינדלער: „לבן-ארמי'ס תלמידים" (ממו"ס „קליאַטשע" ז. 57).

**לעקיש.** (אין דער גמרא געפינט מען א נאָמען לקיש, ר' שמעון בן לקיש). א טפש, א נאַר א גולם. „א לעקיש, שפּילט זיך נאָך מיטן שאָטען" (שלום עליכם, ב. I ז. 137) „וואָס א לעקיש בין איך?" (ממו"ס ב. I „הגלגולים" ז. 6. ב. V ז. 66 ב. XI ז. 18) ביי שלום עליכם'ן („לכבוד יו"ט ז. 200). „מיינט ער אַז לעקיש איז זיין פעטער". חען איינער פרעגט: „ווער?" ענטפערט מען מיט ליצנות: „לעקיש בער". (די לעצטע רעדענסאַרט ווייזט געווענ פעסט, דאָס „לעקיש" איז א נאָמען).

**למך.** „ר'איז א למך, ווייסט נישט פון א לעבען" (מענדלי מוכר ספרים ב. II) „שטעהט ווי א למך" (ממו"ס ב. VII ז. 76).

**לאה.** זעה א. בערנשטיין „אויסנעהמען" און ווייטער „רחל".

**מתושלח.** „דער אַלטער מתושלח" (שלום עליכם, „כתבים פון א וואַיאַזשאָר" ז. 151). מתושלח'ס יאָהרען (ממו"ס ב. II ז. 38) מתושלח האָט געלעבט צום לענגסטען 969 יאָהר, בראשית ה' כ"ז.

**מאַטיע.** זעה ווייטער „רש"י".

**משה.** „משה רבינו'ס עניוות" (א. בערנשטיין). „משה רבינו"2. והאיש משה ענו מאוד, במדבר, י"ב, ג') זעה אויך א. ב. „רענדאַר" 2. „משה רבינוס תורה און ווייבערשע קאה שנאה, וועלען אייביג דויערן" (א. ב. „משה רבינו" 3) „משה רבינו האָט אויך ניט געקענט מיט יודען אויסקומען" (א. ב. „יוד" 48).

„וואָס מיר דערצעהלען איז תורת משה" (אמת, שלום עליכם ב. II ז. 207). „אמת ווי תורת משה" (א. ב. „אמת" 8. אַלס פּאַראָדיע זאָגט מען אויך: „אמת, ווי תורת לאַקשען).

חען איינער האָט א טענה צום צווייטען, פאַרוואָס ער האָט א געוויסע זאַך איהם נישט געטון, פרעגט יענער: „וואָס בין איך דיין משה מחוייב?" נהום סאָקאָלאָוו האָט אמאָל געשריבען: „כמו שמחוייב", איך גלויב אָבער אַז אונזער רעדענסאַרט איז נישט פערגרייזט און זי בעציהט זיך טאַקע צים נאָמען „משה", אויך ממו"ס (ב VIII ז. 365) שרייבט: „משה מחויב'ניקעס". מעגליך אַז דאָס איז דערפון, חאָס יודען האָבען ביי יעדע קליינינקייט געהאַט טענות צו משה'ן, גלייך ער איז טאַקע מחויב זיי אַלץ צוליב צו טון. און משה רבינו האָט טאַקע אַמאָל געפרעגט: „האנכי הריתי את העם הזה אם אנכי ילדתיהו, כי תאמר אלי שאהו בחיקך?" (במדבר י"א, י"ב). עס קאָן אויך זיין, אַז מען מיינט דאָ סתם אַנצוחאַפּען א נאָמען, אַזוי זאָגט מען אויך: „ר האָט זיך בעהאַלטען, און משה זוך מיך!". „ר'האַלט זיך משה גרויס!". „זעה נאָר דעם משה גרויס!" (אויף א שטאָלצען) דער מהר"ם מינץ פלעגט זיך חתמנ'ען „משה טרוד משה מינץ" גידעמאַן וואונדערט זיך אויף דיזער דאָזיגער טאָפּעלטער חתימה. איך גלויב אָבער דאָס מען פלעגט דאַמאָלס אויך זאָגען אויף א פערנומענעם מענשען: „משה טרוד". אויף א מענש, חאָס איז צו חייך, זאָגט מען מיט איראָניע: זעה נאָר דעם „דאַברי מאָשעק" „העריסטער משה, ווי די גויה ברא-טעט?" (א. בערנשטיין, חען איינעם איז שוין אַלץ איינס, וואָס מ'וועט אויף איהם זאָגען). פּרץ שרייבט („פאָלקסטימליכע געשיכטען" 62) „ביי גרויסע פּריצים הייסען אַלע יודען משה". היינט הייסען זיי אַזוי ביי אַלע פּאָליאַקען. בעזינדער'ס איז בע-קאַנט „מאָשקאָ" אַלס א „מה-יפית" יוד. א „מאָשעק", הייסט חיינט אויך א נ'אַסימילאַטאָר, וואָס רעכענט זיך נאָר מיט'ן ווינק פון'ם פּריץ.

אין די יודישע שפּריכווערטער האָבען מיר: „ר' משה (דער שענקער יוד) מעג. מאָשקאָ דער פּשוט'ער (דער רענדאַר), טאָר נישט!" (א. ב. „משה").

זעה נאָך א. ב. „משה רבינו" 1 „פּנים" 9, „משה רבינו'ס פּאָליאַקען"— רופט מען די „פּאָליאַקען פון משה-רבינו'ס גלויבען"—אַסימילאַטאָרען. „משה רבינו'ס פערדעלעך" (מענדלי מוכר ספרים" ב. I „הבהמות" ז. 57) הייסט א געוויסער מין ווערעמיל.

**משה מרדכי.** ביי שלום עליכם'ן „הלך משה מרדכי, אָהן א זיי גע-זונד (I ז. 9, 241, XI-211.) „הלך משה-מרדכי מאַרש!" ב. VII ז. 86.

**מאַטשעק.** א פּוילישער פויערען-נאָמען. אַזוי רופט מען יעדען חם און גראָבען קאָפּ. „מאַטשעק האָט קיין וואָגען, קובא האָט קיין פערד" (א. בערנ-שטיין). מ'זאָגט אויך: „וואָיטעק האָט קיין פערד"—א מעשה וואָס הויבט זיך נאָך גאָר נישט אָן. א ביצה שלא נולדה. (זעה אויך א. ב. „מאַטשעק).

**מארישקע.** „ער פאָהרט איבער מארישקעס גאָרטען קיין ירושלים" א. בערנשטיין: „פאָהרען" 5. מארישקאַ—א קריסטליכער פרויען-נאָמען; חען איינער וויל קומען צו זיין ציל, נישט אויף קיין גלייכען וועג. איך גלויב: חען איינער לעגט די טומאה אין דער יראה אַריין, מ'טרעפט איהם אין מארישקעס גאָרטען זאָגט ער—ער פאָהרט דאָרט אַרום נאָך ארץ-ישראל.

ביי א. ב. „גלויבען" 1. ווילכט מיר גיט גלויבען—פרעג זשע שלמה לעבען, געה צו ר' לייבען. ביי אונז: געה צו משה לייב'ן.

**מיקיטע.** (פויערען-נאָמען) „אַז אָך און וועה צום דאָרף, וואו מיקיטא איז דער וואָוויס". (אויף א קהלה וואָס האָט א שלעכטען פּרנס.) א. בערנשטיין „דאָרף".

**מאַזעפּאַ.** דער נאָמען פון בעריהמטען העטמאַן פון קליינרוסלאַנד. אויף יודיש: אַ מאַזעפּאַ, אַ פּערזעהעניש" (אויף אַ מיאוסען מענש. (שלום עליכם, "יודישע קינדער". ז. 120).

**מענדעל.** "אויב ער הייסט מענדל, מעג מען עסען פון זיין פענדעל". (פערלאָזען זיך אויף איהם) [שלום. על כם ב. VII ז. 45.]

**נטע.** "רב נטע האָט תמיד חרטה" (א. בערנשטיין).

**נאַפּאָליאָן.** "ס'איז נאָך פון נאַפּאָליאָנס-צייטען", "חען נאַפּאָליאָן איז נאָך געווען אַ יונקער.

**נאַטע.** אַ נאַטקע גנב" (ממו"ס ב. XV ז. 41 ב. XI ז. 140. "פּישקע" ז. 71). אויף די נגה"ש וואָס שטעהען אויף די חנוכה-טרענדעלעך (נס גדול היה שם) זאָגען קינדער, אז ס'מאַכט: נאַטע גנב האַקט שלעסער.

**נח.** "נח מיט'ן קאַצען-מח" (א. ב.) "נח מיט זיבען גרייזען" (א. ב. "זויאעל" נישט ריכטיג. ממו"ס ב. VI ז. 75—"זויהאכ") וועגען אַ "בן-נח" האָב איך געשריבען אין אַ צווייטען פרק.

**סאָביעסקע.** יאַן סאָביעסקע, דער בעריהמטער פּוילישער מלך. "אַ היטעל פון סאָביעסקעס צייטען" (ספּעקטאָר, "קאַליקעס" ז. 102.)

**עוג מלך הבשן.** גרויס ווי עוג מלך הבשן.

**עמלק.** אזוי בעצייכענט מען די דייטשען. ביי א. בערנשטיין: "זאַקס עמלק" (אזוי רופט מען די זאַקסען, ווייל זיי זענען אַנטיסעמיטען) זעה אויך א. ב. "תמחה" "אויף דעם דאָזיגען עמלק" (רשע. ש"ע "יודישע קינדער" 207.)

**עשו.** "ער האָט געמאַכט אַ געשעפט, ווי דער פעטער עשו" (אַ שלעכט געשעפט, ווי עשו, וואָס האָט "פערקויפט די בכורה פאַר אַ טאָפּ לינזען" א. בערנשטיין "געשעפט" 1).

"עשו האַלט זיך פאַד באַקיעם און זאָגט צו יעקב'ן הלעיטני" (א. ב. "עשו" 2 דאָס שפּריכוואָרט דריקט אויס ווי די קריסטען לאָזען דעם יודען שטאַרק פיהלען דאָס גלות).

"עשו פרעגט ווי מען גיט מעשר פון שטרוי" א. ב. "עשו" 3. אויף אַ פאַלשען מענש, אַ צבועק. זעה רש"י בראשית. כ"ה, כ"ז).

"ער שטעקט אַרויס ס'חזיר פיסעל (ווי עשו, ווילענדיג ווייזען ווי ס'חזיר אַז ס'איז כשר, האַבענדיג געשפּאָלטענע קלאָהען. זעה רש"י בראשית כ"ו, ל"ד).

עשו—הייסט בכלל אַ נישט-יוד, בעזונדערס האָט מען געהאַלטען די פּאָליאַקען פאַר עשו'ס קינדער, ווי די טערקען פאַר ישמעאלים, דייטשען פאַר עמלקים און רוסען פאַר יונים א. ד. ג.

דער רמ"א שרייבט אין זיין תשובות סימן צ"ה: "עדיף טפי פת חריבה ושלוה בה במדינו אלו וכאמרם ז"ל: או בטולך או בטולא דבר עשו אשר במדינות אלו אשר אין שנאתן גברה עלינו כמו במדינות אשכנז". "דאָך זאָגט מען: עשו און יעקב קענען זיך קיינמאָל ניט אויסגלייכען" (א. ב. "עשו" 1) מען בענוצט אויך דעם מאמר חז"ל: "בידוע שעשו שונא ליעקב".

עשו פיגורירט אין נאָך בילדליכע רעדענסאַרטען: "אַ געזונדטער עשו" (ממו"ס VI ז. 64) "אַ גראָבע קאָפּ, אַן'עשו" (דינעזאָהן. "יאָסעלע" ז. 11) "אַ פויער, אַן'עשו" (דינעזאָהן, "יאָסעלע" ז. 28, 41).

"אַן'עשו, אַ המן" (ש"ע "יאָסעלע סאָלאָווייי" ז. 129) "דער עשו (גזלן) האָט זיך אין איהם צו רעדט" (ש"ע "יודישע קינדער" ז. 71) "דער עשו האָט זיך אין איהם אָנגעצונדען". (דער כעס, די רציחה).

**פּנדרא.** אזוי רופט מען הייגט אַלס צונאָמען יָעדען, וואָס הייסט ר' ספּ. זעה אָבער "טוב-בטין" פון ר' זלמן מרגלית, דאָס פּנדריא איז כנוי ליוסף (אַלזאָ אַ פערזויגענער נאָמען, אָבער נישט קיין צונאָמען). אין ספר "שלחן-המערכת" שרייבט, דאָס לויט'ן ערוך איז פּנדירא אַזאַ כלי-זמר. (באַנדורא ?) ואולי הי' איש ששמו יוסף בעל כלי זמר יקראוהו כן, ומזה נשתרבב לאחרים. מ'מוז אָבער וויסען אַז ישו הנוצרי הייסט "בן פּנדירא" און דער פאָטער זאָל זיין יוסף (אַלזאָ יוסל פּאַנדרא) וועגען דעם דאָזיגען נאָמען "פּנדרא" זעה יוסף קלויזנער "ישו הנוצרי".

**פּינטאָ.** "פּינטאָ איז רייך געוועזען, און איז געשטאָרבען אַן'אביון" (פּינטאָ איז געוועזען אַ גרויסער גביר אין אַמסטערדאַם. א. בערנשטיין) מיר שיינט אַז אין נח פּרילוצקיס "פאָלקס-לידער". איז דאָ אַ ליד וועגען אַ פּינטאָ, וואָס ס'זאָל זיך איהם האָבען פערקלאַפּט די טיר פון זיין אוצרות-קאַמער, בשעת ער איז אינווייניג געוועזען, און ער האָט מעהר נישט געקאָנט אַרויס און ער איז ביי זיינע אוצרות געשטאָרבען פון הונגער.

**פּוטיפר.** "רש"י מאַכט פאַר זיך און פּוטיפר מאַכט פאַר זיך" (זעה א. בערנשטיין. רש"י 4)

**פּנחס.** "פּנחס בן אלעזר בן אהרן הכהן!" אז ער האָט ניט קיין געלד איז ער פּאָרט אַ פּאַרך". (א. בערנשטיין "געלד 42 אַ יחסן אָהן געלד האָט קיין חשיבות).

**פּרעה.** "עס איז שוין צרות אויף פּרעה" (זעה א. ב. "צרות" 6. אַז ס'איז אויף איינעם גרויסע צרות).

"ס'זאָל אויף איהם קומען פּרעה'ס מכות" (שלום עליכם, ב. XIII—ז. 145) "אַזאַ פּרעה!" (רשע, רוצח) (ש"ע "יודישע קינדער" 207.

בערשפּרייט איז אויך די אגדה, אַז פּרעה האָט געשחטען יודישע קינדער און זיך גע אָדען אין זייער בלוט. דעריבער זאָגט מען אויף אַ ביטערען פּאַרשוין: "ער באָדט זיך אין אונזער בלוט!" (ש"ע יודישע קינדער" 208. זעה אויך ז. 232)

**פייבל.** "לאָז עס זיין פון טייבל, אבי עס הייסט פייוול. (אַבי אַ קינד אבי געלד, לאָז עס זיין פון וואַנען ס'איז. א. בערנשטיין, "טייוועל" 2, ממו"ס "פּישקע" 127).

**פּיקהאָלץ.** "שוטה בן פּיקהאָלץ" (?.) ש"ע ב. VII ז. 16. ב. XII ז. 236. ב. III "פרעהליכע קאָמפּ. ז. 41, "יודישע קינדער" ז. 101).

**ר' צאָק.** אויף אַן'איינגערעדטען יחסן זאָגט מען: ר' צאָק'ס אַן'אייניקעל (זעה אויבען "אין"). ביי שלום עליכם (ב. VII ז. 69) "ר' צאָצלעס אַן'אייניקעל"

**קרח.** אין פּסחים קי"ט. פערצעהלט די גמרא, דאָס פון די דריי אוצרות וואָס יוסף האָט בעהאַלטען, האָט קרח געפינען איינעם. קרח איז אַלזאָ געוועזען אַ גרויסער עושר.

מ'זאָגט דעריבער אויף יודיש: "קרח'ס אוצרות" (ממו"ס ב. VIII ז. 250; ב. XV ז. 77) "רויטשילד'ס פערמעגען מיט קרח'ס עשירות" (ש"ע "מזול" ז. 57) "ממון קורח" (ממו"ס ב. VI ז. 4. "מנחם מענדל" "ס'פידעלט זיך נישט"); "רייך ממון קורח!" (סאָלאָווייי ז. 97). "רייך ווי קרח" (ממו"ס ב. XV ז. 77) "אָנגעשטאָפּט מיט געלד ווי קרח" (ממו"ס ב. XV ז. 11).

אזוי זאָגט מען אָבער נאָר אויף "אַ קורח" ד. ה. אויף אַ "קאַרגען-גביר" אַ בן-נח, אַ נהרג על פחית משוה פרוטה (זעה אויך "מנחם מענדל"—"ס'פידעלט נישט" "ר' נתן—קרח, דבר אחר גדול").

"איינגעזונקען ווערען ווי קרח" (ש"ע ב. XII ז. 107) "אַריין ווי קרח" (ש"ע ב. III "פרעהליכע קאָמפּ." ז. 39).

"אַז עס געהט די סדרה קרח, קומט אויף קאַרשען, רעטיך, חריין" (א. בערנשטיין, קר"ח—ר"ת קאַרשען, רעטיך, חריין. אַ קאַלענדאַר רעגול).

מען זאָגט אויך, דאָס "פּרשה קרח בעקומט מען יאַגדעס". דען ווען קרח איז אַריין אין דער ערד, זענען די יאַגדעס אַרויס.

**קאָלאָמבוס.** זעה אַש "אַמעריקאַ" ז. 26, אַז אין אַמעריקאַ רופען די ווייבער ס'לאַנד—"קאָלאָמבוס".

**קאַטערינאַ.** (א. ב. נייעס 2) "אַ נייעס, קאַטערינאַ איז מתו!" (אויף אַן'אַלטע מעשה. קאַטערינאַ—די בעריהמטע רוסישע מלכה).

מען פערצעהלט אַן'אַנעקדאָט. אַ רבי געהט אַרויס אויף דער נאַכט און הערט ווי אַ קאָזאַק שרייט: "קאַטערינאַ מאַ'אָדיצאַ פּאַידי סיודאַ!" דער רבי גלייבט אַז

עס איז אַ בת-קול און טייטשט עס אַזוי אויס: פּת-רנה מלא דצה פּודה שדי!" (חסידים וואָס פּייצהען זיך אין זינגען וועט השי"ת אויסלעזען).

**קובא.** זעה אויבען „מאַטשיק".

**רמב"ם.** (זעה א. ב. „קלאַפּ" 3).

**רעמסס.** „מאַכען פּתום און רעמסס" (א. ב. „מאַכען" 2).

**רש"י.** ר"ת: ר' שלמה יצחקי, דער בעריהמטער רבי פון יודען, דער מפרש פון תורה, נביאים, כתובים, ש"ס און מדרש.

„רש"י איז מיט זיין בעוואָרעניש חלילה נישט מזוגע" (מענדלי מוכר ספרים' „פּריזיוו" 88. ווען איינער וויל זאָגען אויף זיך צי אויף אַ צווייטען דאָס ער ווייסט וואָס ער רעדט. ווי רש"י, וואָס איז שטענדיג גערעכט, ווי מען זאָל אויף איהם נישט פרעגען) זעה אויך א. ב. רש"י 2 ממו"ס VII ז. 209 „זאָרג נישט, רש"י האָט שוין בעוואָרענט!" (ממו"ס ב. II ז. 110; איך האָב די זאַך שוין בעוואָרענט, ווי רש"י, וואָס האָט אימער אין זיינע קורצע פּירושים בעוואָרענט די הארבסטע קשיות)

„ער פרעהט זיך גלייך ער וואָלט געטראָפען רש"י'ס אַ בעוואָרעניש מיט'ן כלומר" (ממו"ס ב. VIII ז. 313. ווען איינער פלעגט טרעפען רש"י'ס אַ „כלומר" ד. ה. וואָס רש"י האָט מיט'ן „כלומר" געמיינט צו בעוואָרענען, האָט ער זיך זעהר געפרעהט.)

ווען מען וויל עפּעס אַ פּסוק פערטייטשען בליצנות, זאָגט מען דעם פּסוק און מ'לעגט צו: „מאַכט רש"י אַזוי און אַזוי". זעה ביי בערנשטיין: „גאַפּ", „המן" 3, 4, 5. אין „יעקב" שלום עליכם פלעגט זיך מיט דעם פּאָרם שטאַרק בענוצען. „כל זמן שהנשמה בקרבי" — מאכט רש"י עס מאָטיע!" (וואר. רייב מאָטיע די סעודה!) (א. ב. „רש"י" 1) דען אָנשטאָט — טייטשט רש"י פלעגט מען זאָגען: מאכט רש"י: דאָס האָט געגעבען אַנ'אָרט צום פאָלגענדען שענעם שפּריכוואָרט: „רש"י מאַכט און מאַכט, און מען געהט פאָרט נאַקעט און באָרוועס" (א. ב. „רש"י" 3) זעה אויך א. ב. רש"י 4.

„ער דרעהט זיך ווי רש"י אין „בהעלותך" (א. ב. „דרעהען". אין בהעלותך איז דאָ ווערע ערטער ווי רש"י מוז זיך דרעהען ביים מפרש זיין)

**רבקה.** „אז מען זעהט נישט שרה די בלינדע, איז רבקה די שווארצע שענער" (א. ב. „זעהען" 1) (זעה ווייטער „שרה")

**רחל.** „אויסרעדען ברחל בתך הקטנה" אויפ'ן פּסוק „ברחל בתך הקטנה" (בראשית כ"ט. י"ח) שרייבט רש"י: דאָס יעקב האָט בכיון אַזוי אויסגערעדט מיט לבנ'ען בפרטות אז ער זאָל איהם יישט קענען בענארען, צום סוף האָט דער שווינדלער איהם סיי ווי סיי בענארט.

אַ שערצהאַפטען נוסח זעה ביי שלום עליכם (ב. X ז. 24. און ב. VII ז. 18). מ'זאָגט אויך מיט ליצנות: „ברחל בתך הקטנה—לאה דיין עלטעסטע די מיאוסע". ביי א. בערנשטיין („אויסנעהמען"): „מען נעהמט אויס „ברחל בתך הקטנה" און מיט אַ שטיקעל ליכט, און מען בעקומט פאָרט די אַלטע בלינדע לאה".

**רויטשילד.** „מען דאַרף דערצו האָבען רויטשילדס פערמעגען" (ש"ע „מאָטיל פּייסי" ז. 67. „לכבוד יו"ט" ז. 106). אַ קבצן רופט מען אויך אָן מיט ליצנות — „רויטשילד" („ניט'ן נאָמען רויטשילד האָט מען איהם אין פתרילעווקע געקרוינט דערפאַר, ווייל ער איז געווען אין שטאָדט דער גרעסטער קבצן. (שלום עליכם, „לכבוד יו"ט 106).

**שלמה.** „געה ש"י אני שלמה!" („שלום עליכם" ב. XI ז. 31. בעציהט זיך צו דער בעקאַנטער אגדה וועגען שלמה המלך). שערצהאַפט ווערט געזאָגט: „אז משה רבינו איז יאָ ארומגעגאַנגען אויפ'ן בארג סיני און געשריגען „אני שלמה!"—ווער האָט איהם געהערט?" (אַזוי זאָל אַמאָל אַנ'ערענדער געזאָלט צונויפמישען די ביידע מעשות, א. בערנשטיין. „משה רבינו" 1).

„צלע הויקערס זענען קרום, נאָר שלמה המלך'ס הויקער איז גלייך" („הויקער" רגלך מבית רעך'. משלי כ"ה, י"ז. א. בערנשטיין „הויקער" 1).

„שלמה המלך'ס חכמה" שמ'ט אויך, ווען איינער מיינט ער'איז קלוג, זאָגט מען: „ער מיינט ער'איז קלוג ווי שלמה המלך!".

**שבתי.** זעה „שכנא".

**שכנא.** „שכנא, וואָס לויפסטו". „—לאָז מען מיינעם ליהאנדעל" (זעה אָבער ביי א. בערנשטיין צוויי אַנדערע נוסחאות אַהנליכע מיט אַ וואַריאַנט „שבתי" און אַ גאַנצען טייטש דערויף).

**שרגא.** „מיט שרגא רופט מען אויף, אָבער אַ קאָן מען ניט אויסנעהמען" (שרגא איז דער שם הקודש פון „פּייוול" און אין קאָרטען-שפּיל הייסט אַ שרגא" ווען מען האָט פיר קאָרטען פון פיר קאָלירען. שעל, רויט, גרין אייכל).

**שמשון.** „קינדער מגדל צו זיין מוז מען האָבען קרח'ס עשירות א שמשון הגבור'ס גבורה" (א. בערנשטיין. קינדער 52).

**שמעיה.** „מיין שמעיה בעל פרנסה!" (שלום עליכם, ב. VII ז. 46) „וואַקסט געשמעיה'דיג" (?) געשווינד? ש"ע, „מנחם מענדל"—„אָדעסער בירזע") „אַזוי געשמעיה'דיג אז מיר האָבען קיין צייט נישט געהאַט" (שלום עליכם „יודישע קינדער" ז. 112) פערשמייעט—צוטראָגען, בעשעפטיגט.

**שבתי צבי.** „אבי נישט קיין שבתי צבי'ניק" („סענדר בלאַנק" ז. 90)

**שמבא פלאכטע** מיט די טעפּ. זעה נח פרילוצקי: דיאַלעקטאָלאָגישע פאָרשונגען ז. 224.

**שלומיאל.** אַ בטלן, אַ שלימזל'ניק, זעה נ. פרילוצקי: „דיאַלעקטאָלאָגישע פאָרשונגען" ז.

**שרה.** „זעה רבקה". „אז שרה (עשרה) איז צעהן איז רבקה עלף" (א. ב. אַזוי האָט געדרינגען אַנ'עם הארץ). זעה א. ב. אוין „שרה" 2. אַנ'עם הארץ האָט געזאָגט דאָס דער תענית „עשרה בטבת" איז דערויף וואָס שרה איז געווען בעהאַלטען אין קאַסטען, (זעה רש"י בראשית י"ב—י"ד).

**שלום.** „וואָס קעהר זיך אָן „שלום" (אַ מענער נאָמען) צו מחלוקת" ש"ע „סטעמפּעניו" ז. 20) ביי א. בערנשטיין („שלום" 1) „אויף שלום שטעהט די וועלט, אָבער ניט אויף שלום שכור". „פון שלום וועגען מעג מען אפילו אַ ליגען זאָגען—אָבער שלום טאָר קיין ליגען ניט זאָגען"—(זעה א. ב. 3, 4).

**שמעלקע.** 1) „גאָט איז אַ פאָטער. שמואל שמעלקע איז זיין דינער" (שלום עליכם ב. VII ז. 46 ליצנות'דיג. „וואָס ביסטו פאַר אַ ר' שמעלקע?" (ש"ע ב. II ז. 20). „ער האַלט זיך אין שטוב ווי אַ גאַנצער רב שמעלקי" („מבול" 296) „שמעלקעס... שענע, רייניגע, מורינו'ס" ממו"ס ב. II ז. 88. דאָס מוז אַלץ אָבשטאַמען פון ר' שמעלקי „פּרעשבערגער רבי".

2) „ווער ס'איז אַ שטיקעל שמעלקע" (מקורב, מחותן. „מבול" 233) „אַ גאַנצער שמעלקע" (מקורב) (ממו"ס ב. VI ז. 65). „אַ נאָהענטער שמעלקע" ממו"ס ב. I „הבהמות" ז. 41 ב. VI ז. 97 ב. XI ז. 140 ש"ע ב. X ז. 235) „אַ צו נאָהענטער שמעלקע" (ממו"ס ב. VIII ז. 290 ב. XVI ז. 6)

**שמענדריק.** (זעה שלום עליכם, ב. XII ז. 83) „שמינדריקעס" (ש"ע ב. VII ז. 48) „שמינדער בגעץ", און „שמענדר בגעץ" (ש"ע ב. XII ז. 83 ב. X ז. 184 ש"ע X ז. 321) זעה אָבער „מענדלי מוכר ספרים" „די קליאַטשע" ז. 43 אין אַנ'„אָבשפּרעכעניש": „אויבען זיצט שמענדריג בן געץ און פּאַסעט ווילדע קעץ..."

אַ „וועה-חכם" אַ גאַנצער „מאַנדראַל" רופט מען: „אַ גאַנצער אויבער-שמאַנדריק!", אין מעזריטש: שמויגער בגעץ.

**תמר.** „ער רוימט איהר איין דעם סוד, וואָס יהודה האָט איינגע-

רוימט תמר'ן" (א. בערנשטיין. בעציהט זיך צו מעשה יהודה ותמר. בראשית ל"ח). „טאָמער איז אַ יודענע!" (א. ב. „טאָמער". ווערטשפּיל מיט „תמר", ווען איינער זאָגט צו אָבטוכטער). ריגסינגער: ווען איינער קלערט צו פיל איבער: „טאָמער...."

**תרח.** (אברהם אָבינו'ס טאַטע). „אַ'אַלטער תרח" (פּרק. „הכנסת כלה" ז. 91 ממו"ס ב. III ז. 57. ש"ע „לכבוד יו"ט ז. 29). „פון תרח'ס צייטען" (געדענקט אַלץ פון תרח'ס צייטען. ממו"ס ב. IV ז. 21); „אַ תרח!" (אַ עקיש. ממו"ס ב. I „הבהמות" ז. 23). האָהאָ! פּרישאַל הרוו, גאַ דרך! (פערצהאַפּטער אויסרוף, ווען איינער קומט נאָך לאַנגען נאָכקלערען אויף דעם ריכטיגען וועג. א. בערנשטיין „תרח").

## עופות, בהמות און חיות.

§ 1. **ס'איז נישט פויגעלדיג.** (ש"ע ב. XII ז. 175 „מבול" ז. 159) די געשעפטען זענען נישט פויגעלדיג (שלום עליכם, ב. II ז. 99. ב. VII ז. 36) די סעודה איז נישט אַזוי פויגעלדיג (שלום עליכם „לכבוד יו"ט" ז. 266 ד. ה. נישט ווי אַמבעסטען.

אויך אויף גייסטיגע געפיהלען ווערט דער דאָזיגער אויסדרוק בענוצט. אַזוי שרייבט שלום עליכם: „נישט פויגעלדיג אויף דער נשמה" (מבול ז. 229). געפיהלט זיך נישט אַזוי פויגעלדיג (שלום עליכם, ב. X ז. 61).

די אָבשטאַמונג פון דעם אויסדרוק איז אַ גאַנץ איינפאַכע: די פייגעל לעבט זיך לייכט און גרינג, זיי טאַנצען, שפּרינגען און זינגען גאַנצע טעג, אַזוי אַז דער מענש איז זיי שטענדיג מקנא. מאַטיאָס VI 26 זאָגט: „זעהט די פויגעל: זיי זייען ניט און שניידען ניט און זאַמלען ניט אין שפּייכלערס און גאָט שפּייזט זיי דאָך!" אויף יודיש זאָגט מען אויך: „אַ פרייער פויגעל"! (ממו"ס „מסעות בנימן" ז. 35) אויף אַ מענש, וואָס לעבט אָהן דאגות. „זינגט ווי אַ פרייער פויגעל" (פּרץ ב. II ז. 151) „אַנ'עק צו זיין זיס לעבען פון אַ פרייע פייגעלע" („סטעמפּעניו" ז. 70) מען זאָגט אויך אויף לייכטע פּערזאָנען: „גרינגע פויגעלעך". „ל'האָב מיר גאַ־לאָזט איינרעדעז גרינגע פויגעלעך" (ש"ע ב. VII ז. 48) „ס'זאָל זיך דיר גיטש גלוסטען קיין גרינגע פויגעלעך" (ש"ע. „מנחם מענדל"—„פּאַפּירלעך") מען זאָגט אויך: „וואָס האָב איך צו זאָרגען?—זאָל זיך אַ פייגעלע אין וואַלד זאָרגען!".

§ 2. **„אַ קול פון אַ בת־היענה".** (ש"ע. „יאָסעלע סאָלאָוויי" ז. 116).

§ 3. **„אַ כפרה־הינדעל".** אַנ'אָבלייזער, וואָס לייט פאַר פרעמדע זינד אומזיסט און אום גישט. (זעה ממו"ס „מענשעלע" ז. 133. „פישקע" 101 ש"ע ב. IX ז. 269).

אין דער צייט פון די „לאַפּערס" האָט אַ „כפרה־הינדעל" געהייסען, אַ געכאַפּט קינד, וואָס מען האָט אָבגעגעבען פאַר אַ סאָלדאַט פאַר אַ גבירישע קינד. מענדלי מוכר ספרים רופט אָן יענע צייט „ימי הכפרה הינדלעך". (ממו"ס ב. VII ז. 167).

§ 4. „בין איך מיר **אויך אַ בהמה** און פגר אין דער טשערעדע" (זעה מנחם מענדל—„מליאָנען") „צום פגר'ן בין איך אויך אַ בהמה".

§ 5. **„בהמה בצורת אדם".** (אַ גרויסער נאַר. שלום עליכם, ב. I ז. 96. געפינט זיך אין „רוח־חן" לר' יהודא אבן תבין פ"ג, און אין שבט־יהודה). מען זאָגט אויך: „בהמה בצורת פערד" (ש"ע ב. ב. VII—43, I—241, XII—83). „בהמה בצורת קעלביל" (ש"ע ב. III אַ פרעהליכע קאָמפּ. ז. 28).

§ 6. **„אַ גלאַטע, אַ כשר'ע בהמה"**—אַ יוד אַ תם, אַ נאַאיווער מענטש. (ש"ע III „מיין ערשטער ראָמאַן" ז. 25 „כתבים פון אַ האָיאַזשאָר" ז. 225) „אַנ'ערליכער נאַר. אַ כשר'ע בהמה" (טאָקסאָ" ז. 72) „ריינע בהמות, כשר'ע קעלבלעך" (ש"ע III „פּרעהל. קאָמפּ. ז. 36). בײַ שלום עליכם'ן געפינט מען אַזאַ פראַזע: אַ שוועסטער, אַ שענע פרה אדומה אַ גאָטס בהמה'לע" (ש"ע ב. XI ז. 348) אויך: אַנ'אידיאָט, אַנ'אָקס פון בארג סיני"; „זיי ניט קיין אָקס פון בארג סיני" (שלום עליכם, ב. XI ז. 346 און 376).

§ 7. **„כלחוך השור".** (פאַרטאָג). „פּריה כלהוך השור" (מנדלי מוכר ספרים „פּריזיון" ז. 17) דאָס איז נישט בלויז אַ וואָולגערישער טייטש. נאָר עס בעציהט זיך דערצו, וואָס בעלד פאַרטאָג פלעגט מען טרייבען די בהמות אין פעלד אַרויס. זעה ממו"ס: „אויפשטעהן כלחוך השור און היידא צו דער אכילה אין פעלד אַריין" (ב. I „הבהמות" ז. 31) „פּריה כלהוך השור, איידער אונזער ציג מיט די כעאַדע איז אין פעלד אַריין" ב. VII ז. 260).

§ 8. **„אַ קוה איז געפלויגען** איבער'ן דאַך און געלייגט אַנ'איי" (זעה א. בערנשטיין. ממו"ס „מסעות" ז. 10. שלום עליכם ב. XIII ז. 166 ב. X 80) ד. ה. אַ נאַרישע, אונגלויבליכע זאַך.

§ 9. **„ווי אַ קעלביגער מגיד קוועטשט זיך".** (זעה ממו"ס ב. I „הבהמות" ז. 37. „מסעות" ז. 82).

§ 10. **„קעלבערנע התלהבות"** (ממו"ס ב. I „הבהמות" ז. 55) בײַ פּרץ'ן: „אַ קעלבערנער קל והומר". ווענען „קעלבערנע יוצרות" זעה „וואונדער־אוצר" ב. I.

§ 11. **ער געהט זיך זיין אקסען־שריט.** ד. ה. ער געהט זיך אויף זיין אויסגעטרעטענעם וועג, געלאַסען און נישט געלאָפען. (זעה שלום אַש „אַמעעיקאַ" ז. 35 „פון שטאָדט אין דאָרף" ז. 13) דען „אָקסען ווי ס'איז בעקאַנט זענען נישט קיין לויפערס, געהען זיי טריט בײַ טריט" שרייבט „מענדעלי מוכר ספרים" (ב. XIV „דער הילוף" ז. 7).

§ 12. **„פערפאַלען די קוה מיט'ן שטריק"** (אָדער: שטריקעל) זעה א. ב. „פערפאַלען". אַזוי זאָגט מען ווען מ'איז זיך שוין מייאש פון אַ געשעפט, און מ'הערט שוין אויף צו זוכען אַנ'עצה ווי אַזוי מציל צו זיין דעם שאָדען. (שלום עליכם. ב. XI ז. ז. 35, 223 כתבים פון אַ וואָיאַזשאָר ז. ז. 195, 179 ספעקטאָר ב. I ז. 79.

§ 13. „געזוכט, ווי מען זאָגט, **פון אַ געפּגרט פערד די פּאָדקאָוועס"** מענדלי מוכר ספרים ב. II ז. 103.

§ 14. **ציגען זאָלען אַזוי וויסען** פון פרעמדע גערטנער, ווי ער חיים, וואָס עס טוט זיך מיט איהם". (ש"ע מנחם מענדל.— „מיליאָנען") „ציגען זאָלען אַזוי וויסען אין פרעמדע גערטנער שפּרינגען" (ש"ע ב. VII ז. 76 ב. XIII 104.

§ 15. אויף איינעם וואָס איז זיך טועה, זאָגט מען: ס'האָט זיך איהם אויסגעוויזען **„אַ סיטע ציג פאַר אַ בארנעבוים"** „אויסגעוויזען אַ קוצע קוה פאַר אַ בארנבוים". (זעה שלום עליכם ב. X ז. 82 און ב. XII ז. 43.)

§ 16. **„דער קהלישער צאַפּ"** (ממו"ס ב. VI ז. 59) אַזוי פלעגט מען רופען די תקיפים, וואָס פלעגען לעבען אויף קהל'ס חשבון. געגומען איז עס דערפון, וואָס עס פלעגט גאַנץ אָפט טרעפען דאָס אַ יוד האָט זיין מעוברת'ע ציג פערגעסען צו „פערקויפען" אַ גוי, און עס איז געבוירען געוואָרען אַ בכור. דעם בעל־הבית האָט זיך נישט געגלוסט צו האָדעווען דעם צאַפּ, וואָס קיין נוצען האָט ער פון איהם נישט. קיין כהן האָט איהם אויך נישט געוואָלט נעהמען, איז ער געבליבען אַ קהלישער, צרומגעדרעהט זיך אוים'ן שוהל־הויף, געכאַפּט פון די מזוזות, גענעשטיגט אוים'ן בית החיים. א. אַז. וו.

דער „תיש הקהל" איז געוועזען אַ שם דבר, אַזוי אַז אפילו היינע מיט בערנען האָבען זיך אויך מיט איהם שטאַרק פעראינטערעסירט. (זעה היינריך היינע „איבער לודוויג בערנע" ערשטעס בוך).

די „גאָלדענע יוגענד" פלעגט מען ווידער רופען: „פּאַנסקע-צאַפּעס", דען די פריצישע צאַפּעס פלעגען שפּרינגען אין פרעמדע גערטנער און יעדער האָט מורא געהאַט זיי צו פערטשעפּען. (זעה שלום עליכם, „מבול" ז. 323. אויך ש"ע ב. II ז. 235 „נגידישע קינדער—פּאַנסקע צאַפּעקלעך).

§ 17. לשטעה ווי א הם, **האָטש נעהם מעלק מיך אוים.** (מענדלי מוכר ספרים ב. IX „א גרויע האָר" ז. 19).

§ 18. „לית דעתיר מחזירא" נישט דאָ קיין רייכערס ווי א חזיר, האָבען שוין די חכמים געזאָגט. אומעטום האָט ער זיין עסען, ער איז קיין איבערקלויבער נישט, יאָ גוט—נישט גוט, ריין און אומריין, אַלץ איז פאַר איהם גוט.

אויף יודיש רופט מען אָן „חזיר", **„דבר-אחר"** א קאַרגען גביר, וואָס אַלץ איז איהם צו וועניג, יעדער גראָשען איז איהם א שאָד, ער האָט אַלץ מורא ער וועט נישט האָבען גענוג.

„א נגיד, א קמצן, א חזיר" (ש"ע „וואַיאַזשאַר" ז. 127) „א גרויסער דבר-אחר, א קמצן" (ש"ע ב. II ז. 220) „ממון קורח, דבר אחר גדול" (ש"ע מנחם מענדל") זעה אויך ביי שלום עליכם'ן „אבי נישט קיין דבר אחר ביד חזקה שתים". דאָס בעציהט זיך צו דער הגדה, וואו עס שטעהט: דבר אחר: ביד חזקה—שתים. (זעה שלום עליכם, „וואַיאַזשאַר" ז. 17. אויך „מאַטיל פּייסי" ז. 48 זי האָט פיינד א חזיר, א נגיד איז א חזיר. ביי ממו"ס ב. VI ז. 68 „א רייך חזיר". זעה אויך א. בערנשטיין": „ווילסט זיין א גביר—זיי זיבען יאָהר א חזיר" (לעב ווי א חזיר' וועסט האָבען געלד).

§ 19. **ווי קומט א רב האנדלען מיט חזירים?** (שלום עליכם. „מנחם-מענדל", „מיליאָנען").

§ 20. „**אסור-הזיר**" ממו"ס ב. II ז. 82. ב. VII ז. 251 ב. VI ז. 33. „זיינס א גראָשען איז מיר אסור חזיר" (ממו"ס ב. IX ז. 60) מען זאָגט אויך: „**טריף ווי חזיר**" (ש"ע ב. I ז 186), „**פיינט ווי חזיר**" (ש"ע VII ז. 82), „**ווי א יוד האט פיינד חזיר**" (ש"ע ב. II ז. 86) „ווי א כשר'ער יוד האָט פיינד חזיר" (ש"ע „מבול" ז. 28 ב. XII ז. 32).

§ 21. „פיי א חזיר א מצוה צו רייסען", (ממו"ס ב. VI ז. 34. זעה בפרטות „וואונדער אוצר", „דער מענשליכער קערפּער" רעם פּרק איבער „האָר".

§ 22. מען זאָגט א ווערטעל: „ווען די **קראָה וואלט נישט געשטאנען אויפ'ן חזיר**, וואָלט מען עס געמעגט עסען".

מען מיינט אָבער נישט דעם פויגעל קראָה (סאָראָקא) נאָר דעם „קרא" (= דער פּסוק, די תורה. ווען נישט די תורה שטעלט אוועק א פּסוק און אסר'ט איהם, וואָלט מען איהם געמעגט עסען.

דאָס וואָס די סאָראָקע האָט ליב זיך צו שטעלען דעם חזיר אויפ'ן רוקען, בענוצט מען אַלס משל דאָס דער טמא גנעהט צום טמא, ווי די חכמים זאָגען: לא נתנם הלך עורב אצל זרזיר אלא מפני שהוא מינו. מען זאָגט דערויף אויך דעם פּסוק „כל עורב למינהו" אזוי שרייבט „שלום עליכם" „ווי א סאָראָקע אויף א חזיר" און „מענדלי מוכר ספרים", „איינע פון זיי שטעלט זיך א חזיר אויפ'ן רוקען". (זעה שלום עליכם ב. IX ז. 238 און ממו"ס ב VII ז. 221).

§ 23. אין דער פערהילונגס שפּראַך פון פאָלק ווערט ס'חזיר אָנגערופען נישט בלויז „דבר-אחר", נאָר אויך „דאָס וואָס קוויטשעט". (ש"ע ב. I ז. 22. „בשר-קוויטש", „זייט גיט **דאס וואס קוויטשעט**" מ'זאָל מיינען ס'איז **פון דעם וואס קוויטשעט**" (ש"ע ב. XI ז. 211, ב. X ז. 314 אויך ב. I ז. 160).

§ 24. „**א חזיר** מעג אפילו אַרויסשטעלען די הינטערשטע פיסלעך" (ממו"ס XV—33) בעציהט זיך צו דעם, וואָס די חכמים זאָגען אויף עשו'ן. זעה רש"י בראשית כ"ו, ל"ד „עשו היה נמשל לחזיר... החזיר הזה כשהוא שוכב פושט טלפיו לומר שאני טהור, כך הוא היה גוזל וחומס ומראה עצמו כשר.

מ'זאָגט אויך: „זעה נאָר ווי ער ציהט אויס ס'חזיר פיסעלע", ווען איינער א רשע וויל זיך ווייזען פאַר א צדיק.

§ 25. אין יודיש הייסען מיוחסים גרויסע—„בערען". „רבנים, **גרויסע לייט, בערען**" (ממו"ס „ענטדעקונג" 5) „אַזא משפחה. לויטער בערען" ממו"ס ב. IX ז. 64) „לויטער בערען" (מיוחסים) (ממו"ס ב. VII ז. 190) בערען אַלס מיוחסים זענען געווען בעקאַנט אין גאַנצען צפון אין די אַלטע צייטען. דער בער האָט פערנומען אין די לעגענדעס אַזאָרט ווי ביי אונז דער לייב אַלס וואַלד-קעניג. זעה ד"ר שראַדער: „בילדער-שמוק דער דויטשען שפּראַכע" בערלין 1912 ז. 227.

§ 26. די ציגיינער פלעגען אַרומפיהרען בערען און ווייזען מיט זיי קונצען און אָנמאַכען ליצנות און געלעכטערס (זעה שלום עליכם מנחם-מענדל' „מיליאָנען"; ממו"ס ב. VI ז. 92). ווען מען מאַכט פון איינעם א „נאַרען-קאָפּ", א ליצננת, און א פּנים פון חוזק, הייסט עס **„ער האט געמאכט פון איהם א בער"** (זעה ממו"ס ב. VI ז. 134. ש"ע ב. XII ז. 90, „לכבוד יו"ט" ז. 16).

§ 27. **„איז לא פדלתם**, האָט איהר נישט **געטאנצט מיט'ן בער"** (ש"ע ב. III „פרעהליכע קאָמפּ. ז. 22).

§ 28. „ווער ס'פערשרייבט זיך גישט מים אַלט טאָג פריהער, **דער קושט א בער"** (ש"ע ב. XI ז. 220).

§ 29. „האָט זיך געטראָפען א נס, עס איז **געפּגר'ט א בער אין וואלד"**, א בער אין וואַלד האָט געמוזט פּגר'ן", „וואָס איז ער אַזוי מילד?—עפּעס א בער אין וואַלד טאַקע געפּגר'ט" (זעה ש"ע „יודישע קינדער" ז. 179. ממו"ס ב. VII ז. 144. ש"ע ב. X ז. 141).

§ 30. **„קאלט, האטש וועלף צו טרייבען"** (ממו"ס ב. VI ז. 72 ב. VII ז. 12).

§ 31. **„לאכט מיט גרינע ווערים"**. „עס קומט אָן מיט גרינע ווערים". „איך לאַך און ווערים עסען מיך". „א שטילער וואָרים". „א ווערימדיגער בחור" (זעה ממו"ס ב. V ז. 66 „איבער א שטאָדט" 6. ממו"ס ב. XV ז. 92, VIII ז. 393. ש"ע ב. XII ז. 124; ש"ע ב. VII ז. 84. דינעזאָהן, „יאָסעלע" ז. 34 ממו"ס ב. VIII ז. 400. מען זאָגט אויך: ס'קומט אָן מיט ווערים. ממו"ס „איבער א שטאָדט" ז. 15 ש"ע ב. XII ז. 73).

---

## דער אל"ף בי"ת.

ערשטענס מוזען מיר בעטראַכטען די רעדענסאַרטען וואָס בעציהען זיך צום וואָרט „אות"—בוכשטאַב.

„**ער קאן קיין אות נישט**" זאָגט מען אויף אַן עם-הארץ. אויף א געוויסען רבי וואָס מען האָט איהם נישט געהאַלטען פאַר קיין גרויסען למדן, האָט דער עולם מתנגדים געזאָגט מיט ליצנות: „אז ער קאָן נישט קיין אות, ווי אַזוי קאָן ער קענען א מופת?".

ווען צוויי כתבים זענען איינשטימיג מיט אַלעם געגוי, הייסט עס דאָס זיי שטימען „אות באות".

דעריבער זאָגט מען בכלל אויף צוויי זאַכען וואָס זענען לגמרי ענהליך: „ס'איז אות באות ס'זעלבע"[1].

אויף איינעם וואָס שרייבט קיין בריף נישט, זאָגט מען: „מען זעהט גיט פון איהם, ניטאָ פון איהם קיין **תמונת אות**"[2] „קיין צורת אות"[3].

א יוד אַן גאַנצען אַלפאַבעט, וואָס זאָל לגמרי נישט קענען לעזען איז כמעט זוי גאָר נישט געווען בנמצא, דער חילוק איז נאָר געווען וואָס דער עם הארץ האָט נאָר געקאָנט אין די גרויסע געפינטעלטע אותיות פון סידור און חומש, דער למדן

האָט אָבער בעקאַנט אויך די קליינע רש״י אותיות א. אַז. וו. דעריבער הייסט אַ וואוילקענעוודיגער מענש: „ער קאַן אין די קליינע אותיות"[4], „געניט אין די קליינע אותיות"[5], „אין די דריבניטשקע, די קליינע"[6], „אין די שווארצע פינטעלעך"[7] אַז מען הויבט אַ קינד אָן צו לערנען, לערנט מען איהם ס'ערשטע „אל״ף בי״ת".

דעריבער הייסט יעדער אָנהויב: „אל״ף בי״ת"[8]. בעזונדערס הייסט יעדער ראשית לימודים „אלף בית". „ער האָט מיט מיר אָנגעהויבען דעם אלף בית פון דער מלאכה": ווי מען האַלט די נאָדעל, ווי מען בעדאַרף אַ שטאָך טון א. אַז. וו.[9] ווילענדיג זאָגען: פון אָנהויב ביזן סוף, זאָגט מען: „פון אלף ביז תי״ו"[10].

„כ'האָב מיך געברוילט צו שטעלען באַלד פון דער אל״ף", הייסט באַלד פון אָנהויב[11]. אויף גאָר אַ גרויסען עם-הארץ זאָגט מען: „ער קאָן ניט קיין צלם פאַר קיין אל״ף". (ער דערקענט נישט קיין חילוק צווישען אַ צלם און אַן אַלף, וואָס זעגען גאַנץ עהנליך)[12].

„לא מיט אַן אַלף"[13] זאָגט מען, ווען מען וויל דעם ניין שטאַרק בעטאָנען. טייל זאָגען בפירוש: „לא מיט אַן אַלף נישט מיט קיין וא״ו".

ביי שלום-עליכם'ן[14] געפינט מען נאָך אַ וואוילערישע פאָרם: „אָבער לא מיט אַ לאַנגען ל״ף!" מען זאָגט אויך: „לא מיט אַ ספּאָדיק"[15]. צי זאָל דאָס אפשר זיין ווייל דעם „לא" וואָס דער ספאָדיק-טרעגער (דער רב) זאָגט איז נישט צום ענדערן?[16] מיר מוזען וויסען דאָס בכלל ווען מען וויל זאָגען אַז איינער איז דער תקיף און געביטער הייסט עס „ער געהט אין ספאדיק"[17], אין ווארשע זאָגט מען אויך: „אָבער לא מיט אַ קעסעל-פויק".

„דו ביסט ביז בין איך גימל" זאָגט מען אלס וואָרטשפּיל פון „ביז" און „בי״ת". גימ״ל איז דער אָנהויב פון גוט. „ס'וועט שוין זיין גימ״ל"[18] „דאָרט קאָן מען מאַכען גימ״ל"[19]. „ס'איז גאַלע גימ״ל צרום און ארום"[20].

„זאָל איך אַזוי וויסען ביז און גימעל און דלו״ת"[21] די גימל ווייזט אויס איז דאָ גאָר אומשולדיג אריינגעפאַלען. „אל״ף בי״ת גימ״ל דל״ת—אמת-ברכה-גנבה-דלות" זאָגט דאָס פאָלק זעהר שען און געלונגען[22].

„ער וואוינט דל״ת על דל״ת[23], „איך וויל נישט שטעהן אין זיינע דל״ת אמות"[24] „מען טאָר ניט שטעהן אין זיינע דל״ת אמות"[25] בהמות ברויכען עסען היי. ווען מען וויל זאָגען דאָס מען גיט זיי נישט צו עסען, נאָר מען קומט אָב מיט אבי וואָס, זאָגט מען, דאָס „מען ווייזט אַ הא אין סידור"[26].

מען פערצעהלט אויך אַן אַנעקדאָט: נאָ'ארענדאַר איז געקומען צום רבין, פכן די קוה האָט אויפגעהערט צו געבען מילך, זאָגט דער רבי אַז דאָס איז אַן עונש ווייל ער האָט פוגם געווען אין ה״א העליון פון פרה. דער רענדאַר קומט אַהיים און פערצעהלט דעם רבינ'ס ווערטער, שטעהט דערביי אַ ליטוואַק, זאָגט ער: גיכער האָסט דו פוגם געווען אין הא התחתון, האָסט דו קוה נישט געגעבען צו עסען קיין היי, גיט זי קיין מילך נישט.

ווען איינער ברויך צו געבען אַ טעם אויף זיינס אַ מעשה און מען זעהט דאָס ער דעררעדט נישט, מען זעהט אַז עפּעס ליגט איהם אויפ'ן הארצען, עפּעס איז געוועזען און ער זאָגט עס נישט ארויס, זאָגט מען צו איהם: „זאָג ארויס! ס'מוז דאָך עפּעס שטעקען אַ פינטעלע אין דער הא!" דען ס'איז פאַראַן אַ הא אַ נח אין נראה, די הא ווערט נישט אויסגעשפּראָכען, נאָר ווען ס'איז אין איהר אַ פינטעלע (אַ מפּיק-הא) דאַן זאָגט מען זי ארויס. אַנעקדאָט: אַ פאָטער האָט געגנב'ט היי, האָט ער אָנגעזאָגט דעם יונגעל ער זאָל נישט אויסזאָגען, דען ער וועט איהם שלאָגען. אין חדר ביים לערנען שרייט דער רבי: „זאָג אויס די ה״א!"—כ'האָב מורא, דער טאַטע וועט מיך שלאָגען!" ענטפערט ס'יונגעל.

דאָס וואָרט „חרם" ווי אַלע שלעכטע זאַכען, וויל דער יוד צומאָל איבער'ן מויל נישט ברענגען, און ס'איז קיין וואונדער נישט. ווען מיר דערמאָהנ'ען זיך וואָס פאַר אַ שרעקליכע זאַך דער חרם איז געוועזען, דעריבער זאָגט מען פערשטעלט: „מען דאַרף איהם לייגען אין די דריי אותיות אריין" אָדער: „אריינלייגען אין דער חי״ת"[27].

„אַ בחור אָהן אַ חי״ת, זעהט אויס ווי אַ פיעס" זאָגט די וועלט. ד״ה אַ בחור אַן עם הארץ, דען „בחור" אָהן „חי״ת" מאַכט „בור"[28].

„אַ „יוד" איז דאָס קלענסטע בעשעפעניש, אָבער איטליכען גרויס אין די אויגען". ס'איז אַן אָנגעהער צום קליינטשיקען אות יו״ד און צו דער ענאה צו יודען לאָטש זיי זענען שפּל'ר פון אַלע[29].

„למ״ד-וא״ו", 36 צדיקים מוז ווי בעקאַנט יעדעס דור האָבען[30]. דאָס פאָלק שטעלט זיך די דאָזיגע צדיקים פויר אין געשטאַלט פון אָרעמע בעלי-מלאכות, פון צלע פערלאָטעטע, אַ מאָל גאָר גאַנץ פּראָסטע מענשען און דערביי בעהאַלטענע צדיקים, וואָס זעלטען ווערט איינער פון זיי נתגלה דורך אַ צופאַל. יעדער פון די דאָזיגע צדיקים, הייסט „אַ למ״ד-וואָווניק".

אויף אַ צבוע, אַ פערשטעלטען מענש, אַ בעהאַלטענער רשע, זאָגט מען מיט ליצנות: „ער איז פון די למ״ד-זיי״ן".

ביי א. בערנשטיין געפינען מיר[31] דאָס אויף אַ שלעכטען חוב זאָגט מען: „שרייב דערויף צוויי פייצן", דען צוויי פייצן מאַכען „פער-פאַלען". ביי נרצ'ן געפינען מיר אָבער: „שרייב דערויף דריי פייען"[32] דריי פייצן זאָלען מאַכען „פעוונע פער-פאַלען"[33].

מען זאָגט אויך: „פאַר דריי פייצן זאָל גאָט אָבהיטען: פאַר פלייטשערס, פישערס, פורמאַנעס".

אַ פערשטעלטען צדיק, רופט מען אַן „אַ צדיק אין פעלץ" א. בערנשטיין[34] פערטייטשט, דען דאָס אות „צדיק" און וואָרט „פעלץ" איז דאָך „אַ שלעכטע צדיק" דעריבער רופט מען אַן דעם שלעכטען צדיק, „אַ צדיק אין פעלץ" איך האָב נאָך געהערט אַזוי: ווען עס איז קאַלט, איז דאָ אַן עצה אייַנצוהייצען דעם אויווען, דאַן איז וואַרעם פאַר אַלע, דער וואָס זאָרגט אָבער בלויז פאַר זיך נישט פאַר'ן צווייטען, נעהמט און טוט זיך אָן דעם פעלץ און איהם אַ״ט נישט ווען דער צווייטער פריהרט, אַזאַ איינער הייסט „אַ צדיק אין פעלץ". „איך האָב איהם אָבגעגעבען דעם חוב עד פ״א-אלף" ד. ה. עד פרוטה אחרונה.

ביי שלום עליכם'ן לעזען מיר אָבער: „אויסגערייניגט די קעשענעס עד לפ״ק"[35]. „ס'ווערט אַלץ אויספערקויפט עד לפ״ק[36]. ווי עס מאַכט „עד לפ״ק" בין איך נישט קלוג.

אויך פון די נקודות זעגען דאָ איינציגע רעדענסאַרטען.

ביי א. בערנשטיין[37] „אַז דאָס מזל וויל ניט, מאַכט קמץ בי״ת בא" ביי שלום-עליכם'ן איז אָבער די גרסה: „אַז עס געהט נישט, מאַכט קמץ-בית—מע"[38].

„פתח-שין—שאַ"[39] איך גלויב אַז דאָס טאָפּלען איז דאָ נישט ביוזן לחיזוק, נאָר די אָבשטאַמונג זאָל זיין פאָלגענדע: עס קומט אויס, ווען מען ברויך איינעם מזהיר צו זיין ער זאָל נישט רעדען אין דער אַנוועזענהייט פון אַן ערל, אין אַזאַ פאַל פלעגט מען רעדען „העברעאישמעריש" ווי אַ שטייגער: „יהודי בלא! דבר'ט ניט"[40]. „דער ערל איז כל'עס (כל-אות) מבין א. ד. ג.

אין אַזאַ פאַל זאָל מען אויך האָבען געזאָגט „פתח-שין!" דער יוד האָט פערשטאַנען דעם טייטש-„שאַ!" דער אַנדרער אָבער נישט, דערנאָך ברבות הימים איז געוואָרען אין היימישע קרייזען אויך דער מנהג צו זאָגען: „פתח שין—שאַ!".

מיט איראָניע זאָגט מען: „ער מיינט איך בין אַ קינד—אַ מלאפום קינד בין איך!"[41] „דערטאַפּט אַ מלאפום קינד"[42].

צום סוף איז כדאי צו צוגעבען, דאָס יודען האָבען ליב גרעסערע סומען

אָנצוזרופען אויף לשון-קודש, בעזונדערס מיט אותיות. מאה אלף—רי״ש אלף[43] חמש מאות טאָלער[44]. „אז מען שאַצט א יוד ריי״ש אלפים פערמאָגט ער דאָך קיין 100 טויזענט אויך ניט[45]. דער מיומנ׳ער כ״ף-ה״אער[46]. נון אלף רו״כ[47]; קין רו״ב[48]. שי״ן קארבען, רי״ש, קי״ן[49]. מאה אלף קארבען, און אפשר רי״ש אלפים[50]. א ת״ק׳צרל״[1].

## אָנמערקונגען.

1) „יאָסעלע סאָלאָוויי״ 124. 2) פרץ, פאָלקסא. 60.
3) ש״ע I—80. 4) ש״ע III פרעהל. קאַמפ. 23.
5) ש״ע III „אלעמען גלייך״ 11.
6) „מנחם-מענדל״, „פאַפירלעך״. 7) ש״ע VII—34.
8) ש״ע VII—19. 9) ש״ע XII—12.
10) זעה א. בערנשטיין. „טאַטע״ 1. „אות באות דער טאַטע דער ספור״ (אויף א זוהן וואָס האָט אלע חסרונות פון פאָ״ער).
11) ממו״ס XVI—„גשרפים״ 15. פרץ, פאָלקסט. 179.
12) אש. „אמעריקא״ 111. 13) ש״ע VII—55, ממו״ס II—26.
14) ממו״ס XVI—39. 15) ש״ע I—3.
16) דינעזאָן, „הערשעלע״ ווארשא תרנ״ה 63.
17) „צוריק פון אלף בית״ ש״ע XII—110, „הויבט אן נאָך א מאָל פון אלף בית״. ש״ע XIII—96. 18) ממו״ס VI—30.
19) ש״ע I 53. X—173, „די גאַנצע מעשה פון אלף ביז תי״ו״ ש״ע VII—26. אויף גריכיש: „פון אלפא ביז אָמעגא״. אין די אייראָפעאישע לשונות: „פון א ביז זעט״. 20) זעה א. בערנשטיין „שטעלען״ 2.
21) זעה א. ב. „קענען״ 6. ש״ע III „ערסטער ראָמאַן״ 25, „וואַיאזשאָר״ 223. לכבוד יו״ט 236 און VII—57.
22) א. ב. „לא״. 23) ב. III „דאָס נייע פתריליוּקע״ 11.
24) ש״ע „יודישע קינדער״ 95. 25) פערגלייך מיט פרץ׳ס „שטרימעלע״;
26) זעה ש״ע I 115 „א יודענע וואָס געהט אין כפאָדיק״. דאָרט 172: „ער געהט ביים טאַטען אין ספאָדיק״.
27) ש״ע X—138. 28) ש״ע X—233.
29) ש״ע XI—ז. 332. א. בערנשטיין „גימ״ל ברענגט א שפּריכוואָרט: „וואַיל איז דעם וואָס מאַכט תמיד „גימ״ל״ און ער שרייבט: ווייל דאָס וואָרט „גוט״ הויבט זיך אָן מיט דעם בוכשטאַב „ג״. ער איז מוסיף: דאָס שפּריכוואָרט איז גענומען פון דעם שפּיל אין דרעהדעל אים חנוכה, ווען א יונגעל וואַרפט „ג״ געהמט ער אויס זעם „גאַנצען״ קאָן.
30) ש״ע X—103. 31) „חיסען״ 7. א. בערנשטיין ברענגט זעהר א שעָן שפּריכוואָרט: „ווער עס ווייסט נישט פון ביי״ז, ווייסט ניט, וואָס „גימ״ל״ בעטייט״. וואָרטשפּיל. ביי״ז—ביה „גימ״ל״—„גוט״. ווער עס ווייסט נישט פון שלעכטס, ווייסט אויך נישט דאָס גוטע צו שעצען.

אין דער מלחמה-צייט איז אויך אויפגעקומען דער בעגריף: גימ״ל-טרייע, א נאָמען מיט וועלכען עס ווערען אָנגערופען די אָרטאָדאָקסען פון „אגודת ישראל״ אדער „שלומי אמוני ישראל״, ווייל בכתב און בדפוס געברויכען זיי דאָס וואָרט גאָט נישט אנדערש, נאָר אין דער פערקירצטער פאָרם שרייבענדיג בלויז ס׳ערשטע אות ג׳.
32) ש״ע ב. III „פרעהליכע קאַמפּ.״ 48. זעה מסכת „שבת״ דף ק״ד.
33) ספקטר III ז. 181 (ווארשא תרצ״ב). 34) „יאָסעלע סאָלאָוויי״ 83.

35) „כתבים פון א וואַיאזשאָר״ 52;
36) זעה ממו״ס III—124, I „הבהמית״ 52. ש״ע I—10.
37) „חית״ ס׳ערכטע אות פון וואָרט „חרם״. ממו״ס V—66, 49.
38) א. בערנשטיין. „בחור״ 1. 39) א. ב. „יוד״ 10.
40) זעה גאָלאָמב „מלים בלשונ״ די קוועלען.
41) „שרייבען״ 5. 42) „א כלי זמר טויט״ 211, „מרת חנה״ 326.
43) זעה מיין „וואונדער אוצר״ I ז. 41, וועגען אָבשטאַמונג פון דער ראָזיגער רעדענסאַרט. 44) „צדיק״ 2.
45) ש״ע III „פרעהל. קאַמפּ.״ 14, זעה אויך „מנחם-מענדל״ „פאַפירלעך״.
46) ש״ע „לכבוד יו״ט״ 153, 136.
47) „מזל״ 7. 48) ב. VII—ז. 48.
49) זעה א. בערנשטיין „שא״ ממו״ס XVI—7, ש״ע X—263 XI—244. „מבול״ 261.
50) ש״ע „מנחם-מענדל״, „שלים שלימזל״, „מאָטיל פייסי״ 72 ש״ע XI—352. 51) ממו״ס VIII—323.
52) „כתבים פון א וואַיאזשאָר״ 205.

## פון חומש רש״י און גמרה.

§ 1. „ס׳איז עפּעס נישט גלאַט דער פּסוק״ (ש״ע X-149) „אָט דאָס מיינט טאַקע דער פּסוק!״ (ש״ע ב. X ז. 64 ב. VII ז. 39 ממו״ס ב. VIII ז. 323).

§ 2. „פון ששת ימי בראשית״ (ממו״ס XVI ז. 4 מנחם-מענדל—„מיליאָנען״).

§ 3. „וואָס פאַר א סמיכות הפּרשה איז עס?״ ש״ע ב. XI—ז. 271. ב. X—ז. 17. ב. XI ז. 14). ווי בעקאַנט דרשנען אָפט די חכמים „סמיכות-הפּרשיות״. ד. ה. „למה נסמכה פרשה זו לחברתה?״.

§ 4. „מה ענין שמיטה אצל הר סיני?״ (זעה רש״י ויקרא כ״ה, א).

§ 5. ואם תאמר מה נאכל? (ויקרא כ״ה—כ׳ וכי תאמרו מה נאכל).

§ 6. רודפין עד חרמה. (פאָלקסט. געשיכטען ז. 213. פונ׳ם פּסוק. במדבר י״ד, מ״ה ויכים ויכתום עד החרמה).

§ 7. אויסרעדען ברחל בתך הקטנה (זעה ב. שלום עליכם, ב. X ז. 24 ב. VII ז. 18 און דאָס פריהערדיגע קאַפּיטעל: נעמען פון מענשען״.)

§ 8. זאָגען „ישקני״ (ש״ע ב. I ז. 87). מ׳זאָגט אויך: „זאָגען דעם אנדערען פּסוק פון שיר השירים״, אויך זאָגט מען: „בעטען אויף א חתונה״ (?)

§ 9. „אין קול ואין כסף״ (ש״ע ב. VII ז. 87) פּאַראָדיע אויף מלכים ב׳ ד׳ ל״א אין קול ואין קשב).

§ 10. אויבגעדינט כל עבודה-זרות שבעולם (פּרץ ב. VIII ז. 59). איבערגעדינט כל עבודה-זרות אין דער וועלט. (מנחם מענדל—„א בכבוד׳ע-פּרנסה״. ש״ע ב. XI ז. 388. „כתבים פון וואַיאזשאָר״ ז. 72 ד. ה. אַלץ שוין פּראָבירט. (גענומען פון רש״י יתרו י״ח, י״א).

§ 11. הויבען נישט א, צו וויסען פון קיין פּתרון פון קיין חלום (פּרץ ב. VIII ז. 59). פון קיין פּותר פון קיין חלום (ש״ע „סענדער בלאַנק״ ז. 82. ב. XIII ז. 81) גענומען פון רש״י מקץ בראשית מ״ט, ווי דאָס

...נג כדנאצר האָט נישט געוואוסט נישט דעם פתרון נישט דעם חלום.

§ 12. מען זאָל מיר אָנשיטן א שטוב מיט גאָלד (שלום עליכם, ב. 1 ז. 183) ער מעג איהם אָנשיטען א שטוב מיט רענדלעך, („רסקמ־פעניו" ז. ז. 27—46) גענומען פון במדבר כ"ב, י"ח).

§ 13. „מאכען פסום און רעמסס" שלום עליכם, XI ז. 184.

§ 14. „געהאַט צו דערצעהלען יציאת מצרים חידושים ונפלאות" (מבול ז. 53).

§ 15. וואס האב איך חוטא בייגעל געוועזען?" (שלום עליכם. ב. XI ז. 195). פאַראָדיע אויף „חוטא בעגל" (ש"ע ב. 1 ז. 98 ב. XII ז. 53). בכלל ווערט דער אויסדרוק „חוטא בעגל זיין" בענוצט נאָר מיט איראָניע און קאַטאָוועס.

מען זאָגט אויך אויף איינעם, וואָס לעגט די גאנצע שולד אויפ׳ן צווייטען: לעגט אויף איהם דעם גאַנצען „קוילעטש-בייגעל". (פּאַראָדיע אויף קול שבעגל). ביי פּרץ׳ן לייענען מיר אָבער: „לעג נישט דעם גאנצען בייגעל אויף דער תורה" („איבער שריפות" ז. 54).

אויף אַנ׳אנדער אָרט שרייבט ער: „מיר וואָס האָבען שוין לאַנג די בייגעל פערגעסען" (?) [ב. VIII ז. 32].

§ 16. עד חצי המלכות (ש"ע ב. XI ז. 257) [אסתר ה׳ ו׳].

§ 17. עסען און טרינקען כיד המלך (פרץ ב. II ז. 156, אסתר א. ז).

§ 18. אז דער צער פון טראגען איז יא אזוי גרויס, (ש"ע ב. XI ז. 259 ב. VII ז. 19 ב. XIII ז. 22) זעה רש"י בראשית כ"ה כ"ב אויפ׳ן פסוק „אם כן (אז ס׳צער פון טראָגען איז יאָ אזוי גרויס) למה זה אנכי (צו וואָס זשע האָב איך געבעטען אויף קינדער).

§ 19. „עלי כתיב" (ער מיינט זיך. פרץ „סויטע שטאָדט" ז. 147. זעה רש"י בראשית כ"ד, ל"ט. אמת׳דיג שטעהט דאָרט אלי כתיב, נישט אולי. נאָר מ׳זאָגט עלי כתיב.

§ 20. ר׳פערמאגט נישט מיין מיסט (סענדר בלאַנק ז. 24). ר׳פערמאָג גיט ס׳מיסט פון זיין פאָטער. (בלאַנק ז. 65) גענומען פון רש"י בראשית כ"ו, י"ג שהיו אומרים זבל פרדותיו של יצחק ולא כספו וזהבו של אבימלך).

§ 21. תמות נפשי עם פלישתים, (שלום-עליכם, ב. XIII ז. 49). שופטים ט"ז, כ"ט.

§ 22. „לערנען מיט איהם בלק" (ממו"ס ב. I „אלטע מעשה" ז. 25) „ס׳איז כסדר געגאַנגען די סדרה בלק". (מנדלי מוכר ספרים, „דער פריזית" ז. 100) ד. ה. כסדר שלעגט.

§ 23. „כצפיחית בדבש" (ממו"ס ב. II ז. 29) פון שמות ט"ז ל"א. ווערט בענוצט איראָניש.

מ׳פערצעהלט אויך אַנ׳אַנעקדאָט. א יונגעל פרעגט דעם רבי, וואָס איז דער טייטש כצפיחית בדבש? זאָגט דער רבי: ווען יודען זענען ארויסגעגאַנגען פון מצרים, האָבען זיי אין דער מדבר געהאַט מן, וואָס זיין טעם איז געוועזען כצפיחית בדבש.

אָבער וואָס איז דער טייטש כצפיחית בדבש? פרעגט ווייטער ס׳יונגעל.

די ברידער האָבען פערקויפט יוסף׳ן קיין מצרים, דערנאָך איז געוועזען הונגער, זענען אלע יודען אַראָפּ נאָך מצרים און האָבען דאָרט געאַרבייט בחומר בלבנים ביז גאָט האָט זיי ארויסגענומען פון מצרים און 40 יאָהר געגאַנגען אין דער מדבר, האָבען זיי געגעסען מן, וואָס זיין טעם איז געוועזען כצפיחית בדבש.— אָבער וואָס איז דער טייטש כצפיחית בדבש?

אברהם האָט געהאַט א זוהן יצחק, יצחק א זוהן יעקב, יעקב האָט געהאַט צוועלף זיהן, האָבען די ברידער פערקויפט יוסף׳ן וכו׳ וכו׳ ס׳זעלבע. אז דאָס יונגעל פרעגט ווייטער זיין פראַגע, הויבט דער מלמד אָן פון תרח׳ן, פון נח׳ן, פון אדם הראשונ׳ען ביז ער קומט ווייטער צום מן, אז ער האָט געהאַט א טעם כצפיחית בדבש. ווען ס׳יונגעל פרעגט אָבער ווייטער: וואָס איז דער טייטש כצפיחית בדבש? זאָגט דער רבי: דו שייגאַץ איינער, ווילסט נאָר וויסען, וואָס ס׳איז געוועזען פאַר אדם הראשונ׳ען אויך? דאָס טאָר מען נישט אַריינקלערען!

§ 24. „רעדען אויף ננתקה אויך" (ממו"ס ב. I ספר הבהמות ז. 8 זעה אויך א. בערנשטיין. בעציהט זיך צו תהלים ב׳, ב׳, ג׳. על ה׳ ועל משיחו, ננתקה.

§ 25. רש"י איז מיט זיין בעוואָרעניש חלילה נישט משוגע „פריזית" ז. 88 ממו"ס; דאָס פריהערדיגע קאַפּיטעל גענומען פון מענטשען)

§ 26. אז איך וועל געבען א יעדער מיט׳ן ב־ור וועט זיין ויאמר און ער האָט געזאָגט אל—צו משה—משה׳ן לאמור—אזוי צו זאָגען! (שלום עליכם, ב. XI ז. 330) ד. ה. כ׳וועל מיט איהם רעדען דבורים!

§ 27. הינטער די הרי חשך (שלום עליכם ב. I ז. 13, זעה תמיד ל"ב וועגען אלכסנדר מוקדון).

§ 28. אבי אבות הטומאה׳ניקעס (ממו"ס ב. I אלטע מעשה ז. 24. ש"ע „מבול" ז. 384. א בעקאַנטער תלמודישער טערמין. אין יודיש— א ירבעם בן נבט, דער מקור פון אלעם בייזען.

§ 29. ער האָט מיר אויפגעגעבען א שווער לייענען — (א שווערע אויפגאַבע. ממו"ס ב. IX ז. 20, ביי פּרץ ב. VIII ז. 203 ער האָט מיר פערגעבען א לייענען. א „לייענען" פלעגט הייסען די גמרא, וואָס מען האָט געגעבען די קינדער צי בחורים זיי זאָלען אליין לערנען. דער פלאָצקער רב ר׳ יונה מרדכי זלאָטניק האָט מיר דעריבער געזאָגט זיין השערה, אז דאָס וואָרט א „לייענען" איז נישט פון לייענען—לעזען, נאָר פון וואָרט „אליין"—אליין לערנען".

§ 30. קליין, דאָר ווי א גרוגרת דר׳ צדוק (ממו"ס „מענטשלעך" ז. 126 ש"ע „וואָיאזשאָר" 174).

§ 31. א בן־נח, א קאַרגער. (בעציהט זיך צום תלמודישען כלל: בן נח נהרג על פחות משוה פרוטה, א קאַרגער הייסט אויך „א נהרג על פחות משוה פרוטה" שלום עליכם כתבים פון א וואָיאזשאָר ז. 127. יאַסעלע סאָלאָווייז ז. 129. ד. ה. ער לאָזט זיך הרג׳נען פאַר א ליאַדע וואָס.

§ 32. געה שריי אני שלמה! („וואָיאזשאָר" ז. 177 בעציהט זיך צו דער אגדה וועגען שלמה המלך,). זעה דאָס פריהערדיגע קאַפּיטעל „נעמען פון מענטשען".

§ 33. איך בין נס פון די עשרה בטלנים, (ש"ע ב. VII ז. 139) א בעקאַנטער תלמודישער טערמין, זעה מגילה ג: איזו היא עיר גדולה, כל שיש בה עשרה בטלנין.

§ 34. צוזייט און צושפּרייט אויף אלע זיבען ימים. (ש"ע „לכבוד יו"ט ז. 83. זעה גטין דף נ"ו: דאָס טיטוס האָט געהייסען מען זאָל נאָך זיין טויט זיין אש פערשפּרייטען אויף זיבען ימים.

§ 35. „א מה־יעשה׳ניק" (שלום עליכם ב. VII ז. 152 „לכבוד יו"ט" ז. 207) זעה ברכות ל"ב. משל לאדם שהיה לו בן.. ותלה לו כיס על צווארו והושיבו על פתחן של זונות, ומה יעשה אותו הבן שלא יחטא.

§ 36. שהי פהי (ממו"ס I הבהמות ז. 52) זעה מגלה י"ג: דמפסק לכולא שתא בשה"י פה"י רש"י: שבת היום, פסח היום.

§ 37. שווער כקריעת ים־סוף (יאַסעלע סאָלאָווייז ז. 34. א בעקאַנטער תלמודישער אויסדרוק.

§ 38. ניט געוואוסט קיין צורת מטבע (שלום עליכם, ב. XI ז. 96)

§ 39. ער לעבט בעל כרחו (זעה ממו"ס ב. XV ז. 27) אז מען פרעגט אויף אַנ׳אָרמאַן, וואָס האָט קיין פרנסה נישט, פון וואַנען לעבט ער דאָרט? ענטפערט מען: ער לעבט פון „על כרחך" (זעה אבות פ"ד משנה כ"ח: ועל כרחך אתה חי).

§ 40. די בתולה ווייזט איז איבערגעוואקסען למעלה

**מעשרים אמה** (פרק „רײַזע בילדער" ז. 295. בעציהט זיך צו דער הלצה: אין דער משנה אָנפאַנג סוכה שטעהט: סוכה שהיא גבוהה למעלה מעשרים אמה פסולה. וואו איז אָבער אַ בתולה (וואָרטשפּיל מיט „פסולה") שהיא גבוהה למעלה מעשרים אמה?

§ 41. **וואַרפען דעם גט פאַר די פּים** און סטראַשען (שלום עליכם, ב. X ז. 75).

§ 42. **שלשה שאכלו**—ער עסט פאַר דרײַ (ש"ע ב. VII ז. 144).

§ 43. ווי די גמרא זאָגט: **הא גברא והא טראַסקא.** (ש"ע ב. VII ז. 146 ד. ה. געענדיגט און אראָפּ פון מאַרק.

§ 44. פון דער גאַנצער **גמרא קאָן ער מכות,** (פאַרהאַן אַ מסכת „מכות", ער קאָן אָבער מכות. ממו"ס I „אַלטע מעשה" ז. 14).

---

## רעדענסאַרטען.

§ 1. „נאָך אַ ביין שטאָדט! **פון שטאָדטענלאַנד אַ שטאָדט!"** (ש"ע „מאָטיל פּייסי" ז. 159) פּיקסיגע פּעלעלעך פון פּיקסענלאַנד" (פּרץ. ב. VIII ז. 110): אַ יוד פון יודענלאַנד (ספּעקטאָר. „יודישע וועלט" ווילנא תרס"ג. ז. 82).

§ 2 **אַ ווערטיל ארויסצורעדען איסר!** (שלום עליכם: „יודישע קינדער" ז. 191). אַ ווערטיל אַרויסצורעדען דער יצר הרע פון שפּילען!" (שלום עליכס, דאָרט ז. 225.

§ 3. „דאַרף מען מאַכען אַ רעכנונג, וואָס **מען קאָן** און וואָס **מען דאַרף** און וואָס **מען מוז** קויפען" (שלום עליכם. „לכבוד יום-טוב" ז. 159).

בעציהט זיך צו אַנ'אַנעקדאָט: אַ שדכן איז געקומען שדכנ'ען אַ יוד אַ שדוך פאַר זײַן טאָכטער, פרעגט ער איהם: וויפיל ער וויל איהר געבען נדן. — וויפיל כ'וויל געבען? זאָגט דער פאָטער—וועלען וואָלט איך געוואָלט געבען כאָטש אַ האַלבען מיליאָן! „טאַ, וויפיל קאָנסטו געבען? זאָגט דער שדכן. „קאָנען קאָן איך קיין גראָשען אויך נישט געבען!" זאָגט ווייטער דער פאָטער. „טאָ, וויפיל דאַרפסטו, וויפיל מוזטו געבען?", „מוזען? אָט אַזוי פרעג, מוזען מוז איך געבען כך וכך!".

§ 4. „דאָ **שטעלט** ער זיך, דאָ **מעקט** ער זיך" (שלום אַש. „מאָטיחען" ז. 109). אַזוי זאָגט מען אויף איינעם, וואָס מאַכט אַ נייעם חוב אום צו בעצאָהלען אַנ'אַלטען חוב.

ס'ווערט אויך בענוצט: „דאָ שטעל זיך נישט, דאָ מעקט דיך נישט" אויף איינעם, וואָס „מ'לאָזט איהם נישט אויף די אויגען" ד. ה. וואָס ער טוט, בעפעלט אַלץ נישט.

די דאָזיגע רעדענסאַרטען זענען גענומען פון „העגגלעך-שפּיל" וואָס מען שפּילט מיט קרייד, דאָ שטעלט מען זיך און דאָ מעקט מען זיך. גענוי די איינצעלהייטען פון'ם שפּיל זענען מיר שוין נישט בעקאַנט. כדאי צו זאַמלען אַלע פאָלקס- און קינדער שפּילען ווי „ציגען-וואָלף" א. ד. ג.

§ 5. „**אַ העלפט** גיב דער וואַנד, **אַ דריט חלק** אין ים אַריין **די רעשט**—אָרמע לייט" („שלום עליכם" ב. XI 240). אַזוי זאָגט מען אויף די רייד פון אַ ליגנער.

עהנליכעס אין אַ קינדער רעטעניש. מ'זאָגט איינעם נעהם דיר אַ געוויסע סומע אין זין אַריין, ווען יענער בעהאַלט זיך אין זין אַריין די סומע, וועלכע ער זאָגט נישט אויס, זאָגט מען צו איהם: די וואַנד גיט דיר צו נאָך אַ מאָל אַזוי פיל און איך גיב דיר צו כך וכך (למשל—18).

דערנאָך זאָגט מען ווייטער: אַ העלפט דערפון וואַרף אין ים אַריין, די וואַנד גיב אָב ס'איהריגע, יעצט איז דיר געבליבען 9. (שטענדיג בלייבט איבער פונקט אַ העלפט פון דעם וויפיל מען גיט יענעם צו פון זיך).

§ 6. „וואו האָט איהר אַרבייט? **אַ שכור** האָט פערלוירען **אַ ניכטער** האָט געפינען". (שלום עליכם ב. XIII ז. 141).

§ 7. „מען וועט אין ערגיץ נישט געפינען מען זאָל אפילו **זופּען און זוכען**". (כּפעקטאָר ב. I ז. 80) זעה רש"י אָנפאַנג פּרשת וישב: משל למרגלית שנפלה בין החול, אדם ממשמש בחול וכוברו בכברה עד שמוצא המרגלית.

§ 8. „**לא-יחרץ-געלד**" (זעה שלום עליכם. „כתבים פון אַ וואָיאַזשאָר", ז. ז. 53, 211. און ש"ע ב. XIII ז. 63). אַזוי רופט מען דעם שוחד-חורש" וואָס מען גיט אַ מסור, אַ סטראַזשניק א. ד. ג. „אַ שטופּ אין די צעהן אַריין" ער זאָל נישט בילען, מסר'ן.

בעציהט זיך דערצו, וואָס אויף דעם פּסוק „לכלב תשליכון אותו" (שמות כ"ב, ל.) דאָס אַ נבלה און אַ טריפה זאָל מען וואַרפען דעם הונד, זאָגען די חכמים, אַז דאָס קומט דעם הונד אַלס „לא-יחרץ-געלד", ווייל ער האָט אויף די יודען נישט געבילען ווען זיי זענען אַרויסגעגאַנגען פון מצרים. (זעה רש"י: למדך הכתוב שאין הקב"ה מקפח שכר כל בריה, שנאמר (שמות י"א) ולכל בני ישראל לא יחרץ כלב לשונו, אמר הקב"ה תנו לו שכרו.

§ 9. „ער הייסט ווי מ'האָט איהם **אַ נאָמען געגעבען**" (פּרץ ב VIII ז. 211) ווען מען וויל נישט זאָגען דעם נאָמען.

§ 10. „הרי את מקודשת לי, **בטבעת** זו, האַלט מיך צו, **איך פליה, איך פליה**" ש"ע ב. XI ז. 330).

§ 11. „**איז לא חפצתי**, האָב איך **נישט געכאַפּט**" (שערצהאַפט).

„איז לא צחקתי" (האָב איך נישט געטראָפען). שערצהאַפט. (זעה בראשית י"ח, ט"ו).

ביי שלום עליכם'ן: „איז אינה מיט די קנישעס" (אַ פּאַראָדיע אויף „אינה מקודשת". זעה ממו"ס ב. VIII ז. 257. „הא, נישט צופֿ־ידען? נו, איז אינה מקודשת".

§ 12. „ווי הייסט גיט? **גוט וואָס גוט הייסט**" (דינעזאָן, הערשעלע. ז. 139).

§ 13. **רק אַ סוחר!** (מיט ליצנות אויף איינעם אַ שלים-מזל) שלום עליכם. כטעמפּעניו ז. 91.

§ 14. **אַ גאַנצער „יאַ טעבי דאַם"** (ש"ע ב VII ז. 19. מנדלי מוכר ספרים ב. XV ז. 72).

§ 15. „באָבּסקע מעשות, פּוסטע מיהלען, **באַצרעס, פּידרוך מיט לאַקריצע**" (שלום עליכם. ב. XIII ז. 42).

§ 16. „**פאַר אונז נישט אויף זיך**" (?) פּרץ. „פאַרשאָלטענע ברונע" ז. 44.

§ 17. ווען איינער פערשטעהט נישט וואָס מען רעדט, זאָגט מען צו איהם: „**גוט מאָרגען!**" (ווי צו איינעם, וואָס שטעהט פון שלאָף אויף) אָדער: „**ביזט אַ היגער?**" (אַז אַלץ איז איהם פרעמד ווי אַ ווילד פרעמדען).

„— וואָסער סאַמאָוואַר? פרעגט ער. — גוט מאָרגען! זאָג איך, - איהר זענט אַ היגער?" (שלום עליכם, כתבים פון אַ וואָיאַזשאָר. ז. 175)

— ער האָט דען אַ ווייב? — „מזל טוב דיר! ביזט אַ היגער?" (ש"ע ב X ז. 134).

§ 18. „נאָט אייד גאָר פלוצלים **מאַווע-מאַווע מאַקע!...** גוט מאָרגען, געלע, רעטיך טראָג איך". (מנדלי מוכר ספרים, ב. I „אויף אסיפות" ז. 4).

וועגען די ערשטע העלפט, זעה א. בערנשטיין: „מבוי", „מבוי, מבוי, מבוי" אַ חדר יונגעל האָט אַ גאַנצע וואָך געלערנט עירובין, וואָס חויבט זיך אָן מיט׳

וואָרט „מבוי", און שפּת ביים פערהערען האָט ער גאָר געזאָגט „מפוי". באַלד ס'ערשטע וואָרט נישט געקאָנט. דאָס איז א גאַנץ אַלטער אנעקדאָט. זעה „קונטרס האחרון מהש"ך" ענדע פונ'ם ערשטען חלק „יורה-דעה", וואו ער שרייבט אויפ'ן ט"ז: „קורא אני עליו כמו שכתב ה„בית-יוסף" בתשובותיו דף נ"ח סוף ע"ב על ההוא שואל שדומה כמו ששונה כל מסכת עירובין ושואל אח"כ אם קורין מבוי או מבוי".

וועגען די צווייטע העלפט: מען פערצעהלט, איינער האָט געטראָפען א טויבען און זאָגט איהם „גוט מאָרגען!", ענטפערט דער טויבער: „רעטיך טראָג איך". דעריבער זאָגט מען אויף יעדען וואָס ריעדט נישט צו דער זאַך: „גוט מאָרגען!— רעטיך טראָג איך!".

ביי מענדעלען לעזען מיר אבער „געלע, רעטיך טראָג איך!" (זאָל דאָס זיין א פּרוּוען נאָמען?).

אויך ביי שלום עליכם, ב. X ז. 272 און ב. XI ז. 338 „א גוט מאָרגען געלי, רעטאָך טראָג איך"!) „געלע"—א נאָמען, אָדער „געלע רעטאָך"?).

§ 19. „א שטומער וואָלט עס דאָך נישט אויסגערעדט אין א יאָהר!" (סטעמפּעניו 90) „א שטומער וואָלט עס ניט אויסגערעדט אין צ יאָהר וואָס דו אין א מינוט", (סאָלאָוויי" 140). „רעד" שוין, מען מוז ביי איהם קויפען א וואָרט" (ש"ע ב. VII ז. 59).

§ 20. „זי האָט זיך נישט געגנאַרט, זי האָט בעקריגען אזא פּאַרציע, אז ס'איז איהר פינסטער געוואָרען אין די אויגען". (שלום עליכם, „מבול" ז. 239 פונ'ם יודישען „סגי-נהור-לשון").

§ 21. „גיה טעמע פלעהער!" (שלום עליכם. „לכבוד יום-טוב" ז. 251).

§ 22. דאָס איז א מענש, וואָס ביי אונז רופט מען איהם: א מענש וואָס קאַטאָרי"... (שלום עליכם ב. XII ז. 184).

§ 23. „איך בין ביי] זיי ס'אויבערשטע פון שטויסעל (פערצהאָפּט: דען דעם שטויסעל'ס ביידע זייטען זענען דאָך גלייך). „ס'מיטעלסטע פון חריין און דאָס אונטערשטע פון בענשען"(?) [שלום עליכם, ב. X ז. 47].

זעה אָבער ש"ע „מנחם-מענדל" („שלים-שלים-מזל") „יודען זענען גאָר ס'אויבערשטע פון כריין".

§ 24. מיט'ן גרעסטען בזיון, מיין איך מיט'ן גרעסטען כבוד" (שלום עליכם, ב. X ז. 243).

§ 25. מאַד גיש קיין פוילע תנועות און זאָג באָם. (ש"ע ב. VII ז. 69).

§ 26. „ס'איז א סברה די יונגערע מעג זיך שוין אבשערען וואָרום זי איז שוין איבער די שלשים". שלום עליכם. ב. XII ז. 25).

דאָס איז פון די שענסטע יודישע ווערטלעך. אזוי זאָגט מען אויף א מיידעל דאָס זי מעג שוין חתונה האָבען, ווייל זי איז שוין אין די יאָהרען (איבער די דרייסיג). בענומען איז עס דערפון וואָס אנ'אבל אָדער אבלה, מעגען ערשט נאָך די שלשים זיך אָבשערען.

אויך א מעדעל ביי דער חופה פלעגט מען אָבשערען די האָר.

מען זאָגט אויך: „זי מעג שוין הערען שפּילען, זי איז שוין נאָך די שלשים".

§ 27. „ביי איהם צו געווינען א גראָשען, איז ווי צאַפּען פון א וואַנד וויין" (שלום עליכם, ב. X ז. 220, די בעלי „קבלה מעשיות" פלעגען זיך בע-מי'ען די דאָזיגע קונץ צו בעווייזען).

§ 28. „ער צעהלט די גרויפּען אין טאָפּ אריין" (א קאַרגער, מענדלי מוכר ספרים. „מענשעלע" ז. 118.)

§ 29. ס'מקוה וואַסער איז געדיכט אז מ'קאָן עס שניידען מיט א מעסער (א יודישע גוזמא, ממו"ס ב. VII ז. 39).

§ 30. „מ'הערט איהם ווי דעם מילכיגען קלינגער". (ממו"ס ב. V ז. 25 „פישקע" ז. 39).

§ 31. לב יודע מרת גיטל. (פּאַראָדיע: מרת נפשו. ממו"ס „טאַקסע" ז. 41).

§ 32. יאָ, אמת, „ער וויל"—„זי ניט" (דינעזאָהן. „הנאהבים והנעימים" ז. 32. א וואָרטשפּיל פון „ער וויל זי ניט").

§ 33. איהם ארויפציהען אויפ'ן טיש און איהם שינדען די הויט. אָדער ווי מען זאָגט אין חסידיש לשון; „גוט אָפּקאַרקעווען" (?) [דינעזאָהן „הנאהבים והנעימים ב. II ז. 50].

אין פּלאָצקער געגענד הייסט עס: „א משכנתא (מישעקאַנטע) מאַלען".

§ 34. „שפּילט זיך מיט מיר אין בעהעלטערליך" שלום עליכם, „לכבוד יום-טוב" ז. 262. בענומען פון דעם קינדער-שפּיל אין „בעהעלטערליך": מען צעהלט ביז יו"ד. אָדער הושיעה ה' את עמך וואָס האָט אויך צעהן ווערטער, דער צעהנטער ווערט דער „גנב" און מוז שטעהן מיט צוגעמאַכטע אויגען ביז די איבריגע בעהאַלטען זיך. דערנאָך געהט ער זוכען. ווער ס'בעווייזט צו צו קומען צו דער „מעטע" (ציל. ס'אַרט ווי דער „גנב" איז געשטאַנען) נישט געכאַפּט ווערט בעפרייט, דער וואָס ווערט אָבער געפינען און געכאַפּט פאַר דער „מעטע", ווערט „גנב".

§ 35. „א קינד א מזוזה'לע" (—וואָס מען ברויך עס קושען ווי א מזוזה. שלום עליכם. ב. X ז. 23).

§ 36. ער איז אביסעל „פּערלעקט" (בעטרונקען. מנדלי מוכר ספרים ב. V „טאַקסע" ז. 35).

ער איז ב„גלופין" „פּערלעקט" „פּערקנאַקט" (ממו"ס „מסעות בנימין" ז. 102).

§ 37. „די פּיאַני העיר" (א פּאַראָדיע אויף „פּני העיר". (ממו"ס ב. 1 אלטע מעשה ז. 5).

§ 38. ווייסט נישט מאי דקאמרי רביצין. (פּאַראָדיע אויף לן ידע מאי דקאמרי רבנן. (ממו"ס „דער פּריזיוו" ז. 42.)

§ 39. — זיצט! — „איך קאָן באַשטעהן" וואָרט שפּיעל „שטעהן"— און „באַשטעהן". (הויזפריינד, ב. I „דער גט" ז. 58.)

§ 40. — מאַטעלע! — „זעה נאָר ווי זי פּאַרציהט איהם אביסעל אויף א שטריקעלע" (וואָרט שפּיל מיט „פּאַרציהען דעם נאָמען", מעראַי-דעלען, פּערווייכערען. (הויזפריינד. ב. I „דער גט" ז. 48).

§ 41. מיתה משונה קאַלירען. (ש"ע ב. XIII ז. 57) א מיתה-משונה נגון (ש"ע, לכבוד יו"ט, ז. 147).

§ 42. „סטמא זיין" (אבחורש'ן.) [מנדלי מוכר ספרים ב. VIII ז 287 זעה דאָרט. אויך שלום עליכם „כתבים פון א חאַיאַזשאָר" ז. 19 „דעם זשא-דאָר איז מען מטמא אלע וואָך"].

§ 43. „עסען עסט מען דאָ מכות מיט בכורות". (ממו"ס ב. XV ז. 97 שלום עליכם ב. VII ז. 76. ב. X ז. 258 ב. XII ז. 23).

§ 44. „ס'מוז דאָ עפּעס זיין א סרכה" (נישט אינגאַנצען „גלאַט-כשר". פּרץ. „פאַלקסטימליכע געשיכטען" ז. 212).

§ 45. „הער אויף ארומצוטראָגען שלח-מנות" (פּליאַטקעס, רכילות, מאַטלער". שלום עליכם. „יודישע קינדער" ז. 146).

§ 46. „א היהנער פּרעסער א כל בו'ניק". (פּרץ ב. II ז. 40 שלום עליכם ב. XII ז. 108.)

דאָס וואָרט „היהנער" זאָל זיין א פערמ'לונג פון וואָרט „הורען".

§ 47. „קליין תהלים" רופט מען עס ביי אונז און מען מיינט א קערטעל". (ש"ע ב. XI ז. 269).

§ 48. „גרייט אייך פעסטער צו די **לאָקשען** וואָס מען טיילט ידרינגען..." (שלום אש. „מאַטיוועַן" ז. 120), לאָקשען פון קאַנטשיק, שמיץ.

§ 49. **בודק חמץ זיין** (בּעגנב'נען. מנחם-מענדל „מיליאָנען").

§ 50. דאָס איז אַ יוד, וואָס האָט ליב **„אויסקאָכען וואַסער"**. ד. ה. אָבזאָגען זאָגט ער נישט אָב, נאָר ער הייסט קומען מאָרגען, איבער-מאָרגען (ש"ע „לכבוד יו"ט" 286, 243 „סאַלאָוויי" 7,99, ביי ש"ע ב. XII ז. 52 הייסט עס: עגמת-נפש יענעם אָנטון. ב. XI ז. 388 (דערצערנען, דערכּעס'ן) סטעמפעניו ז. 89, 90 אויסגעקאָכט די וואַסער—זיך גוט אויסגעדינגען.

§ 51. „אַז איך זאָג אייך „בנים" נישט „זיהן" איז משמעות אַז דאָס זענען דריי הויכע **קלאָפּערס** מיט הויכע **רגלים** מיט געזונדטע **ידים** וואָס קאָנען גוט אַרבּעטען און גוט **אכל'ן**. (שלום עליכם. „מבול" ז. 109) יעצט איז שוין קלאָר — „מיט ראַפּאַלעסקעס „**פּים**" אָדער שוואַלבּעס „**רגלים**". (ש"ע ב. XI ז. 277).

§ 52. אויסגעפּאַשעט דעם „**בּן**" איהרען (סאַלאָווי ז. 133) די קעלינס בּנ'אָקי (מבול ז. 339) דעם אויסגעגעבּענעם „בּאָן". (ספעקטאַר. ב. II ז. 9).

§ 53. „אַ ביסעל גיכער! — איהר קומט אַ פּנים פון **גיבען לאנד!**" יאָסעלע סאָלאָוויי. ז. 177 אַ פּאַראָדיע אויף „ביחון לאנד").

§ 54. „ירדן איז דער טייטש אַ גוזמא, אַ סך, **אירדן**". (מנדלי מוכר ספרים, „מסעות" ז. 89).

§ 55. „**האַנדעלט מיט יקנה"ז**" (וועגען יקנה"ז זעה פּסחים ק"ב עה שלום ע יכם ב. VII ז. 46).

§ 56. „אַ גאַנצער כּל ולך" (ממו"ס ב. IV ז. 96).

§ 57. „האָסט נאָך נישט **געקושט די מזוזה**" דאָס הייסט פּרעה זיך ניט. האָסט נאָך נישט געענדיגט, ס'קאָן דיך נאָך טרעפען עפּעס נישט פּויר-געזעהענעס, ווי „אל יתהלל חוגר כּמפתח", דען אַז מען געהט אַרויס פון אַ שטוב' קושט מען די מזוזה.

§ 58. **א כּפול שמונה'דיגער קבּצן.** (מנדלי מוכר ספרים בּן VIII ז. 369) כּפל שמונה'ד גע פּעטס. (שלום עליכם ב. X ז. 70).

מהדרים מן המהדרים זולען נאָך דאָס י"דע פון די אַלט ציצית זאָל זיי כּפול-שמונה פון אַלט דרימער צוזאַמענגעדרעהט.

§ 59. „**סגי-נהור לשון**". דאָס מוז אודאי קיין שום לשון נישט אַזוי האָבען ווי יודיש. אַ בלינדער הייסט אין דער גמרא „סגי נהור" ער זעהט אַ סך, אים נישט צו שענדען גאָטס אַ בּעטעפּעניש. יעדער אַזעלכער אויסדרוק, ווי למשל, „כ'וועל דיר אָבשפּילען אַ פריהמאָרגען" (מ'מיינט אַנזידלען, ביי חתונה'ס שפּילט מען צומאָרגענס אין דער פריה אָב יעדען מחותן אַ „דזיען דאָבריי") א. ד. גל הייסט „סגי נהור לשון".

§ 60. „ער איז עפּעס **לא עליכם'דיג**" נישט וואו עס געהער צו זיין ווען מען רעדט וועגען אַ שלעכטע זאַך, האָט מען מורא דאָס בלויז מיט'ן רעדען וועט מען אהער בּרענגען די צרה, דעריבּער זאָגט מען: „נישט היינט גע-דאַכט", „נישט דאָ געדאַכט" אד"ג. דעריבּער זאָגט מען אויך „ער איז לא עליכם קראַנק" (זעה איכה א' י"ב לא אליכם כּל עוברי דרך. אַזוי בּרויך מען אויך זאָגען: לא אליכם, נישט לא עליכם). דערפון זאָגט מען שוין אויך: ער איז עפּעס „לא עליכם'דיג".

§ 61. מ'מוז זעהען **וואו דער חמור שטעהט.**

„חמר" איז אַנ'אייזעל, „חמר" איז אויף אַרמיש „וויין". פון וואַנען ווייסט מען, ווען מען בּענוצט דאָס וואָרט, צי מען מיינט וויין צי מען מיינט אַנ'אייזעל, — זעהט מען: שטעהט דער חמר אין שטאַל, מיינט מען אַנ'אייזעל, שטעהט ער אין קעלער איז עס וויין.

מען זאָגט אויך:

מ'מוז דאָך זעהען, וואָס פאַר אַ פּנים דער חמר האָט.

דער זין: יעדע זאַך מוז מען זעהען לויט די אומשטענדען.



# יודישע ווארט־פארשונג

(סעמאזיאלאגישער און עטימאלאגישער עטיוד)

פון נח פרילוצקי

# ייִדישע וואָרטפאָרשונג *).

## „אובער“ און „אודער“.

### (סעמאַזיולוגישער און עטימאָלאָגישער עטיוד).

### I.

די צוויי בינדווערטער 1) האָבען אין דער ייִדישער שריפט-שפּראַך באַזונדערע, שטרענג אָפּגעזונדערטע באַטייטונגען.

1) „אובער“ איז אַנטקעגנעזעצענדיק 2) בינדוואָרט. אין טייטש און פונקציע, גלייך דעם נה״ד aber 3); די פּוילישע jednak, ale, lecz; די רוסישע но, однако.

עטליכע ביישפּילען:

„לב טוב“ 4) (פּוריצק תק״נ—1790): „אל זיין עשין אונ אל זיין טרינקן זאל ער דרום עשין אונ טרינקן דאז ער וויל גיזונד זיין דר מיט דאז ער ווערט גאט קענן דינן מיט גיזונגדן לייב דען ווען איין מענש שוואך איז דאז ער זיין גיזונד ניט רעכט האט דר וועלבר מענש דר קאן הש״י ניט רעכט דינן ער איז צו שוואך דר צו מיט אל זיין זאכין אונ אין אל זייני עסקים אין אל זייני העגדיל דיא ער טוט אוף דר וועלט זאל ער דרום טון דאז ער גאט וויל רעכט דינן אבר דער דא עשט אונ טרונקט אונ דר זיך צו זיין ווייב ביהעפט פון זיינן וואזל לושט וועגן דר איז ערגיר או די בהמה דען די בהמה טוט דאך אלז פון אירן גוף וועגן דען דיא בהמה האט קיין יצר טוב ניט בייא זיך זא קאן זיך ניקש אנדרשט טאן דען וואז צו אירן גוף גיהערט אבר דר מענש האט איין יצר טוב בייא זיך“... (א׳ b).

נתן נטע האַנאָווער 5), „שפה ברורה“ 6) (ווילנער מאַנוסקריפּט פון יאָר תע״ד—1714) קל״ג: „אבל צריך. אבר מען דרף“.

יוסף וויצענהויזען 7), תנך-איבערזעצונג (אַמסטערדאַם 1679): „דיא דא היטן דיא פאלשי נארהייט. ווערדן אירי גינאד [דיא גאט מיט אינן גיטאן האט] פאר לאזן: [אביר] איך וויל מיט לובנדיגר שטים צו [פאר] דיר שעכטן“ [יונה ב׳ ז׳—ח׳].

יקותיאל בלִיץ 8), תנך-איבערזעצונג (אַמסטערדאַם 1676—1679): „גאטש וואורט גשאך צו (יונה) דער זון פון (אמתי) אום צו זאגין: מאך דיך אויף זייא גין נאך דיא גרושי שטאט (נינוה) אונ׳ זייא אויש רופין (מייני וואורטין) קעגין איר. דען איר ביזש איז אויף גשטיגין. פאר מיינש אן גזיכט: אביר (יונה) מאכיט זיך אויף. אום צו פליהין נאך (תרשיש) פאר דאש אן גזיכט גאטש“... [יונה א׳ א׳—ג׳].

„מנורת המאור“ 9) (אַמסטערדאַם תפ״ב—1724): „אך קען מן

1) קאָניונקציעס. — 2) אדווערזאַטיוו. —

3) =מה״ד aber (aver), abe (ave)=אה״ד abur, avur [קלוגע 3]. —

4) פון ר׳ יצחק בן אליקום אויס פּויזען (צום ערשטען מאָל געדרוקט אין פּראָג 1620). —

5) געבוירען אין קראָקע (?), געשטאָרבען דעם 14 יולי 1683 אין אונגאַרישען ברוד (מייִרען). —

6) געדרוקט צום ערשטען מאָל אין פּראָג 1659 אודער 1660. —

7) געלעבט אין אַמסטערדאַם אין 17-טען יאָרהונדערט. —

8) געבוירען אין ווִיטמונד, געלעבט אין דער צווייטער העלפט פון 17-טען יאָרהונדערט. —

9) איבערזעצט אף ייִדיש פון ר׳ משה פראַנקפורט דיין (געבוירען 1672, געשטאָרבען 1762); צום ערשטען מאָל געדרוקט אין אַמסטערדאַם תס״א (1701). —

*) די אַרבייט פון נח פּרילוצקי גיבען מיר אויף׳ן פערלאַנג פון׳ם אויטאָר און זײַן אייגענער אָרטאָגראַפיע. די רעד.

זאגן דש גאט האט דארום גהיישן דיא תורה בשיידן אין אלי לשונות דר ווארטן דש דיא אומות העולם זאלן ניט מיינן דש אין אונזר תורה עטוואש און רעכט חלילה שטיט. דש ניט גיהער צו זיין. אבר נוא ווערן זיא זעהן דש אלש וואש אין דר תורה שטיט איז אייטל זאכן דיא דען מענשן פירן אין רעכטן וועג אום גאט צו דינן“ [א׳ b]; „גם מוז איך אימליכן צו ווישן טון. דער אין דיזן ספר לייאנט. וויא איך בין גיקומן אן (הלכות קדושת החבור) וואו אין בשיידן איז פיל ווייבר זאכן. זוא האב איך זיא וועלן איבר הופפן דען איך האב מורא גהאט פיליכט מעכט איין לייכט פערטיגר מענש דריבר קומן אונ זעלט דרוויש לאכין אודר שפאטין. אבר וויא מיר הנעלה כמר חיים דרוקיר גזאגט האט וויא ער האט איבר דרוקט דש (לב טוב) דא שטיט אך זעלכי דיגים דרינן. זוא האט ער (להגאון אב״ד שהיה בימים ההם) גפרעגט. וויא ער זיך דר מיט פר האלטן זאל. זוא האט ער אים גענטפרט חלילה ניקש אויז צו לאזן. דען אין אונזר תורה שטיט ניקש בין אך קיין חוצפה אודר עזות-קייט“... [ב׳].

„שמחת הנפש“ 10) (זולצבאַך תקנ״ד — 1794): „ווען איינר קיין עירוב תבשילין גמאכט האט דארף ער אונ׳ זיין הויז גזינד ניקש קאכן אויף שבת אפילו פר אנדרי לייט אבר אן אנדרן טאג יום טוב צו מארגנש ווען ער קאכט צו דער יום-טוב סעודה מעג ער אין איטליכן טאפף איין שטיק מער צו ליגן“; „... דרום מאכט מן שלוש סעודות דעם זעלביגן שבת נאך טיש עש מוז אבר איבר איין האלבי שעה נאך מיטאג זיין“ (ג״ו b).

„בן המלך והנזיר“ (ושולקעוו, תקל״א — 1771): „... פון דען נעכטיגן טאג ווייל ער פר בייא איז שוין גגאנגין קען זיך דער מענטש פיל (ראיות) נעמין וויא ער זאל זיך נוהג זיין. אבר זיין לערנונג איז שוין ווארין אפ גהאקט“... [י״ג]; „אדמה דוא ערד טושט דען מענטשין פיל גאב געבין. אבר עש איז איין פאלשי גאב ווייל ער טוט ניט לנג לעבין“ [י״ד].

משה ורת אײדלין 11), „מלאכת מחשבת“ (פּראָג תקל״ה — 1775): „בסי׳ ח׳ האבי גישריבן דש איך אלי לימודי׳. אין פראג אונ׳ אנטווארט איין גריכט. דא מיט מען פר שטיהן זאל צו וואס מען דען זעלביגן לימוד ניטיג האט. אבר דורך דיא פראג קאן מען לייכט פר שטיהן אלז ווען דר זעלביגה לימוד ניכט ווער. קענט דיא פראג ניכט באנטווארט ווערן“ (ח׳); „... אונד דש איבריגה וואש מיר דר גאך אין העגדין בלייבט. ווערט מיין רווח זיין. זעלט איך אבר ווידר אלים פר האפין זעהן. אלש וויניג קונים פינדין טעהט. ווערדי איך מיט זולכין ווערק אויף הערן“... (ט׳).

משה מאַרקוזע, „ספר רפואות הנקרא עזר ישראל“ 12) (פּוריצק תק״נ — 1790): „מיר האנדלין: מיר לערנן: דרייען ליגן זאגן: חנופה טרייבן: קורין גירעט: קאכן: בראטין: ברענן: מאסערן: הוספות געבען: עין הרע אפ שפרעכן: אלם אלס: אוף טייטש: ווארום אבר ווען מיר איינר צום אנדרן שרייבין: שרייבין מיר גראד אוף לשון קודש“; „שטיינס גיקלאגט ניט פאר לומדים גיקלאגט: וויא פיל טאווינט שרייבין לשון קודש: עס איז אבר קיין טייטש: קיין לשון קודש. קיין רייטשעס לשון ניט“ (ד׳).

„ספר היראה“ 13) (לוווּוּ תקנ״ב — 1792): „זער יוא שמוסט איז ער עובר אויף איין לאו ודברת בם וולשט רידן אין די תורה אבר ניט לערי ריד“...; „אונ אוב דיין חבר איז בצער זאל דיר אוך באנג טאן אונ ניט פרייא דיך ווען אים איין סיבה צו הגדן קומט אבר פרייא דיך ווען אים גוט איז“.

י. אַקסענפעלד 14), „דער ערשטער יודישער רעקרוט אין רוסלאַנד“ (לייפּציג 1862): „הײַנט זענען בײדע נעבּיך פֿר דער צײַט גישטאָרבּין,

10) פון ר׳ הענדעל קירכהאַהן (געלעבט אף דער גרעניץ פון 17 און 18 יאָרהונדערט). געדרוקט צום ערשטען מאָל אין פראַנקפורט אַפּ׳ן מײַן 1707. —

11) געבוירען 1725, געשטאָרבען 1786 אין פּראָג. —

12) זעי מײַנע „זאַמעלביכער פאַר ייִדישען פאָלקלאָר, פילאָלאָגיע און קולטורגעשיכטע“ II ערשטע העלפט (וואַרשע 1917). —

13) פון ר׳ יונה גירונדי (געשטאָרבען אין טאָלעדאָ 1263). העברעישער אָריגינאַל צום ערשטען מאָל געדרוקט 1490. —

14) געבוירען 1798 (?) אין פּאָדאָליען, געשטאָרבען אַרום 1868 אין פּאַריז. —

זײַ זאָלין אָבער אַצינדערט לעבין, וואָלטין זײַ הנאה גיהאַט״ (16); „אז דער קייזר הייסט אמיידיל ווענִיקר פין 18 יאָהר, און אינגיל וועניגער פין 20 יאָהר זאָל ניט מאַרין חתונה האָבין, מיז מען איהם ניט האַרציק דאַנקין דער פאַר. דער אָקאַז איז אָבער נאָך ניט אַרוים גיקימין, און אפשר וועט מען דרינגין אַנדערש מאַכין מיט די יאָהרין, אפשר אויף 16 און 18 יאָהר״... (17).

ש. עטינגער1), „סערקעלע״. (וואַרשע 1875): „ווען איך וועל אַמאָהל פאַר מיר זיין. וועל איך נאָר האַלטין קריסטליכע דינסטין...— ווען וועט אָבער שוין דאָס זיין״... (11); „גלייבט מיר עס וועלין מיר נאָך גרינגע ווערים אָן קומען איידער איך וועל מיט אים פערטיג ווערין. נאָר איך בין דאָך אָבער דרויף אַנגעהן״... (26).

א. מ. דיק2), „דער אונצייטיגער בעזוך״ (ווילנע 1878): „עס איז דאָרט גיט צוא זעהען ניט איינעם פון דער קיפּמאַנישע קלאַסע ווייל זייא האָבין קיין צייט, אונ שיקין אַהין פון יוצא וועגען זייערע פרויען מיט זייערע טעכטער, אָבער פיל מעהר אום צוא טאָן דאָרט אַשידוך מיט זייא אַלם אום צוא קורירען זיך״ [4—5].

מענדעלי מוכר-ספרים3), „דאָס ווינשפינגערל״4): „יענער איז בייא אייך חשוב, אַ זעהר אָנגעלייגטער גאַסט, נאָר כל-זמן איהר בעדאַרפט בייא איהם עפּיס אָנשטעקען, קוים אָבער האָט איהר אַרויסדערטאַפּט בייא איהם יענץ וואָס טויג, וואָלט איהר שוין גערען געוועזען זייער פּטור צו-ווערען, ווייא איין אויסגעקוועטשטע ליטאָנע״ (3); „ווען אַזאַ גדלי-הערש זאָל געוועזען אָנשפּאַרען אין פּאַריז, וואָלט ער געגאַנגען אין גאָלד, געטראָגען וואָלט מען איהם דאָרט אויף די הענט. אין קאַבצאַנסק אָבער איז ער געגאַנגען נאַקעט אונ באָרפיס״ (13).

י. י. לינעצקי5), „דאָס חסידישע יונגעל״ (אָדעס 1897): „דער ערשטער טהייל... איז... דאָך אַרויסגעקומען אינ׳ם ביך נאָך עטוואָס צו דער-ליידען... דעם צווייטען טהייל אָבער, אַזוי ווייא איך האָב איהם אַוועקגעשיקט אין רעדאַקציע – אַזוי האָט זיא איהם באַלד, אָהן מיין וויסען, געגעבען אין דרוקק״... (5); „אמת, דיא תורה, וואָס דער מלאך האָט מיט מיר געלערענט ביי דער מאַמען אין בויך, האָט מיך אַביסעל געטישעט אין מיין פינסטערער לאַגע דאָרט, צום אונגליק איז אָבער מיין מלאך געוועהן אַ גרויסער פּייפער״...(7).

שלום-עליכם6) „יקנה״ו״ (קיעוו 1894): „אויפען שטערען? אמת. אבער דא? ביי מיר אין הארצען?״ (20); „היינקים איז אבער נערעכט. דיא בערזע איז נאר א קאָרטענשפּיל״ (27).

י. ל. פרץ7), „בילדונג״8): „דאָס איז אָבער נור דער אָדלער פון רענדעל, דאָס רענדעל האָט אָבער אַ רעשקע אויך״ (7); „דאָס פאָלק איז איין אייביגע בלום... בייא טאָג, ווענן דיא זונן שיינט, ווענן דער מענשען-גייסט ענטוויקעלט זיך, לעבט זיא אויף, ענטוויקעלט איהרע בלעטטער; קוים אָבער קומט דיא פינסטערע נאַכט, מאַכט זיא זיך צו, קאָרטשיט זיך איין, פערשליעסט זיך אין זיך אַליין״... (20).

א. האַרקאַווי9) 8: „אָבער״ (=but, however); ד. הורוויץ10) 15: „אבער״ (= „אבל״); י. דרייזין11) 317: „אבער״ (=однако). —

2) אויך „אודער״ איז אַנטקעגנזעצענדיק בינדוואָרט. איבער אין טייטש = דעם לאַטייניש aut; דעם נה״ד oder12); די פוילישע albo, bądź; דעם רוסישען или.

„לב טוב״: „... אונ זיין פלייש אונ זיין בלוט וואל טאג אן טאן אן דר וואלין אז אום שבת אדר אז אן י״ט״... (א׳ b); „דער מענש זאל רידן אין דר תורה אונ פון די מצות וויא מן דיא מצות האלטן זאל אונ וואו אסור איז אדור מותר איז אדר וואו טריפה איז אודר וואז כשר איז״... (ב׳).

נתן נטע האַנווער l. c., קל״א: „או יותר טוב. אדר אין בעשר״.

יוסף וויצענהויזען l. c.: „עש איז קיין אורט פון זאמין. אודר פייגן. אודר וויין שטאק. אודר מילגירום״.. [במדבר כ׳ ה׳]; „אוני ער שלוג דא מיט אין דען קליינין טאפף. אודר גרושין טאפף. אודר קעסיל. אודר פפאן״... [שמואל א׳ ב׳ י״ד].

יקותיאל בלִיץ l. c.: „אוני שלוג אין דאש שווענִיג צוביר. אודר אין דען קעסיל. אודיר אין דער טפפאן. אודיר אין דען פאט״... [שמואל א׳ ב׳ י״ד].

„מנורת המאור״: ... „דרויש לאבין אודר שפאטין״, „אין אונזר תורה שטיט ניקש ביז אך קיין חוצפה אודר עזותקייט״ [ב׳].

„שמחת הנפש״: „יום טוב וואו מן ניט טראגן דארף איז אסור אויז דען הויז צו טראגן אודר אויז דען עירוב עשין צו דיא בהמות בֵיינר צו איין הונד״...; „דו עיקר איז דו פלייש אודר דו שטיק פיש מוז בווארנט זיין ביז שבת״ (נ״ו b).

„בן המלך והנזיר״: „פילייכט וועלין קומן גנבים אודר נאכט רויבר״... (ט׳ b); „וולשט דיר ניט מערין פיל סחורה אודר געלט (י׳).

מ. ז. איידלין l. c.: „איך טוהי, ייעדן התראה. דש קיינר דיזזש ספר נאך דרוקן זאל. עז מאג זיין וואש פר איין לשון אודר בוך שטאבן עז וויל. עש זייא גאר אודר עט וואו דער פון״ (ט׳); „ווען מען מיר גיבט צווייא צאהל אדר מער״... (י״א).

משה מארקוזע l. c.: „... איינר פון דיא גיין: אדר ער ווייסט אליין א ביסעלע: אדר ער וועט מיך קענען: אונד וועט זיך וועלין פאר מיין ספר אן נעמין״...; „נאך מעהר וועלין זיך פינדן אונד וועלין זאגן: אדר זייא וועלין פראגין: ווארום ווען ער איין גוטר דאקטיר איז: וויא פיל לייט זאגין: ווארום האט ער גישריבן אוף טייטש״.. (ד׳).

„ספר היראה״: „אונ ווען דר יצה״ר וועט אים ה״ו אן רידן זאל ניט בלד אויף שטין זאל ער זיך זעלבשט ענטפרן ווען מיך העט גירופן איין בעל חוב אודר איין אנדרר מענש עפש פון ריווח וועגן העט איך תיכף אוף גשטאנן פין חיי שעה וועגן אודר ח״ו עש העט איין שריפה גוועזן אין שטאט אז זאל ניט הפסד ממון האבן אודר ווען איך העט בדארפט צו איין שׂרה צו גין אז מן זאל עפס בייא אים אויש רעכטן דא העט איך תיכף אויף גישטאנן״...

י. אקסענפעלד, l. c.: „דיא באָרד איז וויא צים אויף גיהעפט פין אַמכה אָדער פין פּאָקין״ (6); „אז עמיצער וויל ניט פאָלגין עפּיס אַמצוה. אָדער ער טיהט איין עבירה אקעגין דער תורה, וועט איהם השי״ת שטראָפין״... (10).

ש. עטינגער l. c.: „זיא מיינט איך וועל זיא איבער בעטין אודער איך וועל מיך מצער זיין״... (44); „מאַלע עס שטאַרבט אין שטאָט איין עושר אוידער איין שיינער יוד״... (53).

א. מ. דיק, l. c.: „... מיט דער גרעסטער געניטעקייט (סמעטליוואסין) אָדער בעסער צו זאָגין וויא עכטע פאָסטעיאַלצעס״... [4].

מענדעלי מוכר-ספרים, l. c.: „... נאָר וויא דיא מעשה איז, אויב איהר קענט, אָדער קענט נישט, פאַר מיר איז אַלץ גלייך״ (2); ... „דאָס אַלע חלומות, וואָס אונז וועלבערט, אָדער אַנדערע האָט געחלמט, זאָל אויף אונז אַלע זיין צו גוטען״ (10).

---

1) געבוירען אין וואַרשע 1799 (אין חודש דעצעמבער); געשטורבען ערום 1855 אין דורף זשדאַנוו (לובל. ג. זאמושטש. ק.). —

2) געבוירען אין ווילנע 1807, געשטורבען דורטען 1893. —

3) געבוירען 20 דעצעמבער 1835 אין קאַפּולע (מינסק. ג.); געשטורבען אין אדעס 1918. —

4) אין שלום-עליכם׳ס „יודישער פאָלקסביבליאָטעק״ I (קיעוו 1888). —

5) געבוירען אין וויניצע (פּאָדאָליען) 1839; געשטורבען אין אדעס 1915. —

6) געבוירען 18 פעברואַר 1859 לעבען פּערעיאַסלאַוו (פּאָלטאַוו. ג.), געשטורבען 1916 אין ניו-יאָרק. —

7) געבוירען 25 מאַי 1851 אין זאמושטש (לובל. ג.) געשטורבען 1914 אין וואַרשע. —

8) „דיא יודישע ביבליאָטעק״ I (וואַרשע 1891). —

9) „יידיש-ענגלישעס ווערטערבוך״ (ניו-יאָרק 1910). —

10) „ספר המלים וְשַארגָני-עִבְרִי״ (אָדעס 1903). —

11) «Полный Русско-Новоеврейскій Словарь» (וואַרשע 1913).

12) = מה״ד oder, אה״ד odar. די געוויינליכע אה״ד און מה״ד פאָרמען זענען אָהן r: אה״ד — odo, עלטער — eddo; מה״ד — ode, od [קלוגע 331]. —

י. י. לינעצקי: l. c. 16 : „חוץ דער עפּיצ'ידינער ריח, מיט'ן טערפּקע־ביטטערליכען טעם פֿון דער מקוה־וואַסער, אָדער, בעססער געזאָגט; פֿון דער פּאַמאַיגער־יאַמאַ״ [1] ...

שלום־עליכם l. c.: „אז עס קומט דער זומער, פאהרט מען מאַכען די קור — אדער קיין באַדענקראַנץ, אדער קיין פראַנצענזואַלין״ (8); „איין מאל פאר אלע מאל, זאגט מיר יאָ אדער ניין — לאָם איך וויסען, לאָם איך מיך אויפהערען צו פּלאָגען אומזיסט״ (21).

י. ל. פּרץ, „אינג'ם פּאסט־וואַגען״ (l. c. 33): ... „מײַן נישט זעפּילו איין „אויסנאַהם״, אַ „געבילדעטע״ מיט נײַע אידעען, אָדער איין „אידעאַל״ בכלל״; „ווענן איך האָר אָדער איך לעז עפּים שלעכטס״...

ליפשיץ [2]) 1: „אודער״ (или); הורוויץ 16; „אדער״ (=„אז, אם״); הארקאַווי: 14: „אָדער״ (either — or =) (or either she or.

## II.

מונדאַרטליך ווערען די צוויי בינדווערטער, פֿון וועלכע ס'איז די רייד, געברויכט איינס אין טייטש פֿון אַנדערען.

1) „אובער״ אין טייטש „אודער״ איז נורם אין אַלע, קען מען זאָגען, פּויליש־יידישע מונדאַרטען. אין וואַרשע הערט איר: „כ'פֿאַר־אַוועק אובו אוף צוויי אובו אוף דראַ וואָכן״; „מ'וט מו [3]) גיפּאַסקנט: 25 ריבילי קאַרע אובו 5 טאָג אַרעשט״; „אײַנם פֿין די צוויי: אובע נעב נעלט, אובע ניש״...; — אין פּולטוסק (וואַרש. ג.): „כ'ל קימע אובע מאָאַנטיק, אובע מיטוואָך״; — אין ווישקווו (וואַרש. ג., פּולטוסק. ק.): „...מ'זול'אַ [4]) באַצאָלן אובאַ מ'זול'אַ אָפּגעיבם די סחורה״; — אין ראַדזימין (וואַרש. ג.): „כ'ווילי פֿאָרן אובע האַאַנט, אובע מורגן״; — אין גריצע (וואַרש. ג.): „דראַ אובע פֿיע [5]) מאָעל״; — אין טאַרטשין (וואַרש. ג. גריצ. ק.): „כ'פֿאַלאַנק [6]) אובע גנלעט אובע די קי [7]) ציקריק״; — מוגעליניצע (וואַרש. ג. גריצ. ק.): „כ'ו גינאַט [8]) בא מע [9]) אובע צוויי, אובע דראַ ריבילי״; — אין בלענדוו (וואַרש. ג., גריצ. ק.): „אובע ס'אי דאָאָ, אובע ס'אי ניש דאָאָ״; — אין וואָרקע (וואַרש. ג., גריצ. ק.): „אובע אי' זיל'צעך [10]) איני־טענעמע, אובע ניש״...; — אין אַמשינוו (וואַרש. ג., בלוינ. ק.): „אובע יו, אובע ניין״...; — אין סקערנעוויץ (וואַרש. ג.): „שילדיק איז אובע דאַ טאַטע אובע דאַ זון״; „כ'ו באַצאָאַלט 48 אובע 50 פֿעניג״; — אין לובלין: „כ'ל קימע אובאַ זינטיק אובאַ מיטוואָך״; — אין ווישעגרוד (פּלוצק. ג. און ק.): „אובער איר ט'קים [11]), אובער ניש״; —

---

1) אים אַלגעמײַן קומט אין דעם ווערק די קוניונקציע „אודער״ זייער זעלטען פֿור. עס איז אין אים גורם די קוניונקציע: צי (=„אודער״). צ. ב. אף ז' 198, לומיר אָנלאַפען: „דאַרף זיך אָבזיכען אַ בערלינער, צי אַ מתנגד, צי טאָקע אַ חסיד פֿין אַ־ג־אַנדער רבי'ן, און איבער עפּעס אַ מחלוקת'ל, אַ נצחון'דעל, צי אַ גבול־פּה אויף דער לעהרערקע ... זאָל ער אויך אַ קאַטועסעל — זיי אַ מסור טיהן, אַזוי, גאר פֿאַר אַ שפּיטצעל... און ס'לאָזט זיך אוים מיט אָסטראָג!.. צי איינער איז געזעססען פֿאַר אָבקויפֿען אַ גנבה'לע ... איהר פֿערשטעהט אַ חמא? אַז איהם קומט אַשטייגער עטליכע גילען פֿין איין עריל פֿאַר בראַנפֿען אין שיינקעל, און דער עריל ברענגט איהם אַ גנבה'שע פּאַאר הינדיקעס, צי אַ קיפּערגע פּאָן, און גיט עס איהם אָב פֿאַר האַלב אומזוסט״... —

2) „יודעש־רוסישער ווערטער ביך״ (זשיטומיר 1876). —

3) „מ'הוט מיר״... — 4) „מ'זול איר״... — 5) „פֿיר״ (4). —

6) „איך פֿארלאַנג״. — 7) „קו״. — 8) „כ'הוב געהאַט״. —

9) „בא מיר״. —

10) „איר זולט זיך״. — 11) „וועט קומען״. —

אין נייוואָקורטשין (קעלצ. ג., סטולבנ. ק.): „אובע דיע עט קימע, אובע מיע עט קימע״; „ס'מיז אַזוי זאָאַן: אובע אַ דין תורה, אובע ציישן מענטשן״. — אַנאַלוגיש אין זשעראַרדוו, וויסקיט (וואַרש. ג., בלוינ. ק.), וולוצלאַוועק, סוכאַטשעוו, לויוויטש (וואַרש. ג.), מלאַווע, שעפּס (פּלוצק. ג.), אוסטרוו (לומז. ג.), גוווראָוו (לומז. ג., אוסטרולענק. ק.), טשענסטאָכוו (פּעטריק. ג.), קליין־ביאַלע (פּעטריק. ג. ראַוו. ק.), קעליץ, זשעליעכוו, סוכין, סטעניזשיץ (לובל. ג., גאַרוו. ק.), מעכיוו (לובלינ. ג., לעווערט. ק.), לענטשיץ (קאַליש. ג.), וולוין (קאַליש. ג.), א. אַ. וו. א. אַ. וו. א. אַ. וו.. די געאָגראַפישע מאַפּע פֿאַר דערדוזיקער דערשײַנונג דאַרף ערשט צונויפֿגעשטעלט ווערן.

ענליך אין אײניקע דרומרוסלענדישע יידישע מ״ם. צ. ב. אין וועננרווע (שערלעצ. ג.): „אובאַ גיי, אובאַ בלאַאַב״; „כ'ו גינימען אובאַ אַריבילי, אובאַ אַמאַרעק״...; „אובאַ אַרויסנעמען אַ פּאַסאַזשישיין, אובאַ צריגיבם ס'געלט״. — אין בוסלייוו (קיעוו. ג., קאַנעוו. ק.): „כ'וכם גיזאָקט: אובער ער זול זעך שטעלן, אובער ר'זול אַוועקפֿאָ־ן״. — ליפשיץ 1 ברענגט: „אובער״ — אין טופּעלער טייטש: a) однакоже; a; но; b) = „אודער״.

אויך אין דער ליטע. למשל, אין כיסלאַוויץ (מוגילעוו. ג. אַמטשיסלעוו. ק.): „אובער זול ער מיר באַצולן דעם חוב, אַניט זול ער מיר געבם די דירה״...; אין דווינסק (וויטעבסק. ג.): „כ'וויל אובער געלט, אובער סחורה״. — אַנאַלוגיש אין ציעכאַנוויץ (גרודנ. ג., בעלסק. ק.) א. אַ. וו. — דרייזין 179 זעצט־איבער דאָם רוסישע или: „אובער, אודער״. —

2) אַקעגען־ושע, קען מען הערען „אודער״ אין טייטש „אובער״.

אין וואַרשע: „ע' טצענט אַפּיליש גראַכט; די זאַך איז אודו אַזוי״...; „...אודו עיו ט'שוי' ניש צריק פֿאַכאַסמענע?״ [12]); „...אודע וואָס ט'זאַאַ [13]) דאַ סוף!?״; „...אודע כ'ל דעך [14]) פֿאַשפּעיטיגן!״; „... די פֿרוו טאַאַנע איז אודו גיוועין באַם פּרוקורוו אין לויוויטש, אוט'ו נ'ו [15]) גיזאָקט״...; „עטץ 'אָקט [16])״,

---

12) אין שמועס קומט אויס, אַז דער, וואָס נעמט דאָם ווארט, הייבט גלײַך די ערשטע פֿראַגע אָן מיט „אובער״: דאָס וויל ער ענפֿערן אַף אַ פֿריערדיקען זאַג פֿון פּאַרטנער. — אַמאָל איז דער „אובער״ אָנקניפּונג צו אַ שוין פֿאַרענדיגט געשפּרעך: מיט דער קוניונקציע ווערט דאַן אַרײַנגעפֿירט אַ נײַער געדאַנק, וואָס שטײט, אין דער אודער יענער הינזיכט צי ריכטונג, אין היפּך אודער אין סתירה צום אינהאַלט פֿון שוין גערעדטען. — ענדליך, קען דער „אובער״ זײַן ענפֿער אַף אַן'אײגענעם געדאַנק אודער קלער, וואָס איז אויפֿגעשווומען אלס אָפּקלאַנג פֿון געוועזענעם שמועס, אודער אַזוי אין צוזאַמענהאַנג מיט אים, און הוט מיטגעבראַכט אַ געוויסען ספק בנוגע צו די רייד פֿון פּאַרטנער, צי גלאַט דאָם באַדערפֿעניש נאָכאַמאָל צו הערען פֿון אים בארויגענדיקע ווערטער און פֿאַרזיכערונגען, אַז עס וועט טאַקי זײַן אַזוי, ווי ער מיינט צי זאָגט־צו, אודער אַז עס וועט טאַקי נישט געשעיען דאָס, וואָס דאַרף, לויט זײַן מיינונג אודער פּרוגנוזע, נישט געשעיען.

אין יענע מונדאַרטען, וואָס „אודער״ פֿאַרטרעט דורט „אובער״, זעיען מיר דעם „אודער״ אָנהייב־זאַץ אין דער ערשט־כאַראַקטעריזירטער רולע. —

13) „וועט זײַן״. — 14) „דוך״. — 15) „הוט ער איר״. —

16) „עטץ זאָגט״. —

אַ נאַרלמאַן הוט'ן גינעין פֿינעף ריבּלי, אודר יאָך װײַס דעך דאַפֿין גאָאַניש!" 1); — ר י ש י ן (3 מאָל פֿון װאַרשע): „...כ'וב אודע אַ קװיטל!"; — אין אַ בריף אוים בּ ו ל י מ ו װ (װאַרש. ג., בלוינ. ק.): „זייה טאַנין אז זייה האנדלין נישט דערמיט עס איז אדער איידים אז ער האט יא גיהאנדילט מיט אלטע שטיװעל"; — מ י נ ס ק-מ אַ ז ו װ ע צ ק י (װאַרש. ג.): „מיז'עך, הײַסט עס, אַאַנצאָלן? ס'איז אודע ניש מעיגלעך!"; — נ ו װ ו י ד װ ו ר (װאַרש. ג. און ק.): „...אודע פֿאַקױפֿן אַ פֿרעמדן מענטש קו מע יו?"; — פּ י אַ ס ע ט ש נ ע (װאַרש. ג. און ק.): „...װולטן זײַ אודע גינעירן, זוסט שטאַרבם"; — ק ו ט נ ע (װאַרש. ג.): „...אודער, צים בּײַשפּיל, אז כ'קריג די סחורה ניש צריק, אודע 2) קען עך צריק אָפּמאָנע באַם סוחר?"; — גאַרװולין (לובל. ג.): „יו, בּיסט גראַלט, אודע גע'מע מאַא סחורה צריק, כ'ו דעך ניש ד'װאַאַל, פֿין װאָס צי לעיבם!"; — זאַמישטש (לובל. ג.): „...אודע ס'אי נוך ניש פֿאַשפּעטיקט?". — אַנאַלוגיש אין יעזיור-נע (װאַרש. ג. און ק.), א י ל ע װ ע (װאַרש. ג., סובאַט. ק.), װ י ש-קװ, זשעראַרדאָװ, ראַדזימין (װאַרש. ג.), זאַקראָטשין (װאַרש. ג., פּלונסק. ק.), ר אָ ד ע ם, א. אַ. װ.

אין הוליסקוו (פּודוליע, באַלטער ק.): „...האָן 3) פֿיש באַגײַט מין זעך, אודער האָן קײַן בּרונפֿן 4)". — אַנאַלוגיש אין בּערדיטשעװ (קיעװ. ג.).

אָנמערקונג. — אויך אין אײניקע מיטעלדײַטשישע געגענדען װערט oder געברויכט אָנשטאָט aber 5). —

III.

די מונדאַרטליכע אײגענטימליכקײטען לאָזען זיך נאָכװײַזען אויך אין דרוקזאַכען.

1) אין אײניקע אויסגאָבען פֿון „עץ חיים" 6) קומט „אובער" פֿור אין טאָפּעלער פֿונקציע: a) אין דער אײגענטלי-כער טײַטש פֿון דעם בּינדװאָרט; b) אין טײַטש „אודער". דער װוקאַבעל „אודער" איז אין די דאָזיקע אויסגאָבען גאָר נישט בנמצא! איך הוב דאָס קונסטאַטירט פֿאַר דעם פּ ו ר י צ ק ע ר אויסגאָב (תק"נ — 1790), פֿאַר'ן נ ו װ ו י ד װ ו ר ע ר (תקנ"ז — 1797), אוסטרער (תקע"ד — 1814) און װאַרשעװער (תקצ"ז — 1837). למשל — פֿון באַקװעמליכקײַט װעגען, װעל איך די בּײַשפּילען אויסשרײַבען אוים דעם אוסטרער אויסגאָב (די איבּעריקע זענען, לײַדער, נישט פּאַגינירט) —:

1) פֿון די װאַרשעװער-געבּירטיקע געברויכען אַטײל בּלויז די פֿורם „אובער", אין בּײדע טײַטשען (די פֿורם „אודער" באַנוצען זײ לגמרי נישט); אַנדערע געברויכען „אובער" אין טײַטש „אודער", און „אודער" אין טײַטש „אובער". —

2) = „צו". —

3) „אָהן". — 4) פֿון אַ פֿולקסליד. —

5) זעי:

„Die Deutsche Sprache", von Otto Behaghel... IV Auflage. Wien-Leipzig 1907. — s. 132. —

6) ס'איז די יודישע איבּערזעצונג פֿון „קיצור שני לוחות הברית". דאָס העברעישע, אָנגעשריבען פֿון ר' יחיאל מיכל ב"ר אברהם סג"ל עפּשטײן (געלעבּט סוף 17 יאָרהונדערט אין פּראָסטיץ), איז צום ערשטען מאָל געדרוקט געװאָרען אין פֿירט (אודער אַמסטערדאַם) תמ"ג (1683). די יודישע איבּערזעצונג איז אַרוים צום ערשטען מאָל אין פֿראַנקפֿורט אַפּ'ן מײַן 1720. —

a) „כתיב (נר מצוה ותורה אור) דר פסוק איז אזו צו פֿר טייטש די מצוה איז גגליכן צו איינם ליכט צו לייכטן פֿר דעם מענשן וויא דר פסוק שרייבט (מצות ה' ברה מאירת עינים) איז טייטש די מצות פֿון גאט זי זענן לויטר זו דר לייכטן די אויגן אונ די תורה איז גגליכן צו איינם פֿלאם. פֿייאר צו לייכטן צו אירי. לערנר א ב ר דר נאר וואש קיין תור' לערנט דר גיאט אין דר פֿינצטר"... 7); ... „דר מיט קאן ער אנדרי לייט שטראָפֿן אונ לערנן גוט אונ פֿרום צו זיין א ב ר דש מוז מן אויך די לייט געבן צו פֿר שטין וואש אין טייטש תוכחת מוסר"... 8); ... „דענשט מאל אז מן איינם מבוה איז זעהט מן אז דר. זעלביגר וויל קיין שטראף אן נעמן א ב ר איער מן איז מבזה איז ער שולדיג צו שטראפֿן"... 9); ... „(בשעת מעשה) אז ער זעהט אז יענר איין מעשה רע הט גטאן מעג שטראפֿן ווער עש איז ווען ער נאר זעהט גיט רעכטי מעשים פֿון יענם ער מאג זיין ווער ער וויל א ב ר נאך דעם אז מן די מעש' שון גיטאן הט אונ מן ווערט עש גיוואר גבירט ניט אין איטליכן צו שטראפֿן"... 10); ... „אונ ער 11) זאל זי קנסינן אונ אן שטראפֿן אז ער זאל די 12) יראה איין בשטאנד מאכן א ב ר דר פרנס טאר (ח"ו) ניט ווארפֿן איין מורא אויף די לייט דאש ער וויל הערשן איבר זי. ניט פֿון גאטץ וועגן גייארט ער וויל וויזין אז דר 13) פרנס אזו 14) אונ מן זאל (תרבות) פֿר אים האבן"... 15); ... „וועו גלייך אונזרי חכמים שרייבן זער זיך גמיין טוט הלטן אונ הלט זיך גיט חשוב קיגן די גמייני לייט אזו איז מן דעם זעלביגן מוחל אלי זייני עבירות: דש ווערט רידן ווען מן אים 16) טוט רידן אליינט וואש ווידר 17) זיין כבוד איז א ב ר ניט פֿר לייט: דעשט מאל ווען ער 18) בעט אים 19) מחילה זאל ער ניט אום דר בארמיג זײַן אונ זאל יענם מוחל זיין א ב ר ווען איינר איז דעם פרנס מבזה אונ מזלזל פֿר לייט אזו טאר דר פרנס אליינט קיין משפט טאן נייארט ער מוז זיין זאך אן קלאגן פֿר אנדרי קהלש לייט..." 20); „כל ישראל זענן (ערב) איינר פֿר דען אנדרן אונ ווען א ב ר ער האט שון יענ' נשטראפֿ' אונ מן וויל זיין שטראף ניט אן נעמן אזו איז ער פטור פֿון ערבות..." 21); „נוא איז דאך גינוג בשייד-ליך גוויזן וואש פֿר איין גרושה זאך איז די לייט צו שטראפֿן דרום אוך אזו רעכֿט אונ בילך צו דר לענגן די ריד וואש שטראפֿן אן גיט אזו וייט אז די אכֿט 22) מיט ברענגט א ב ר די לייט איז גאנץ וויניג פֿר הגדן וואש. ווישן צו שטראפֿן אונ דש מיינש נעמט קיין שטראף אן..." 23); „שרייבט רש"י עש איז איין משל צו איינם הערט דר דא זווידט זייני שאף נוא וועלכֿשט נעמט זיך אין זיינם זין צו עשין דש זעלביגי שאף עסט אונ דר האלט זיך ביי זיינם לעבן א ב ר וועלכֿי שאף ניט אכֿט דש עשן אזו מוז דש שאף שטרבן אונ דר הערט הט קיין שולד ניט דראן" 24); „דש מעג מן ווישן ווען די לייט אכטונג גיבן אונ הערן צו וואש דר למדן גזאגט אונ שטראפֿט אונ פֿאלגן אים וויא ער זי פֿיר זאגט מעג מן ווישן אז דר למדן זעלבשט איז גוט אונ פֿרום: א ב ר ווען דר למדן הלט ח"ו זעלבשט ניט וואש ער דיא לייט פֿיר זאגט אזו ווערן זייני ריד גוויש ניט אן גנומן" 25); „...איצונד שרייבט דר (ל' הקודש קיצור שלה) גרוש' קבל' זאכֿן וואש דעם גמיינן מאן ניט קומט אזו ווייסט 26) צו לערנן א ב ר דר גאנצר כלל איז דר פֿון וואש דר מענש טוט אויף דעם עולם דא מכֿט ער איין צייכֿן דר מיט אויף דעם הימל..." 27); — א. אַ. װ., א. אַ. װ. א. אַ. װ. 28). —

7) בּלאַט ב', שורה 5 רעכֿטס. — 8) ש' 31. — 9) ש' 39. —

10) ש' 6 לינקס. — 11) ד. ה. דער פּ ר נ ס. —

12) דאַטיװו פֿעמינינו! —

13) טעות הדפוס; דאַרף זײַן: „ער" (זעי אין פּ ו ר י צ ק ע ר אויסגאָב). —

14) דאַרף זײַן: „איז" (זעי פּ ו ר י צ ק' אויסגאָב). —

15) ש' 36. — 16) דעם פּ ר נ ס. — 17) „קעגען". —

18) דער באַלײדיגער. — 19) דעם פּרנס. —

20) ב' b, שורות 8 און 10 רעכֿטס. — 21) ש' 4 לינקס. —

22) טעות הדפוס, דאַרף זײַן: „מ אַ כֿ ט" (זעי פּ ו ר י צ ק' אויסגאָב). —

23) ש' 17. — 24) ש' 28. — 25) ש' 40. —

26) דרוקפֿעלער; דאַרף זײַן: „װײַט" (זעי פּ ו ר י צ ק ע ר אויסגאָב). —

27) ג', שורה 2 רעכֿטס. —

28) דורט ש' 29; ש' 12 לינקס; ד', ש' 32 רעכֿטס, ש"ש 25 און

b) ...„אזו וויישט מן ניט וואש איין מצוה אבר איין עבירה איז וועןֿ מן ניט גילערנט הט..." 1); ...„קיינם צו פֿר שונין ער מאג זיין ווער ער וויל איין רב אבר מנהיג..." 2); ...„מן גיהער אן צו זאגן ביי איינם זב אבר ביי איינם מנהיג און דר רב אבר מנהיג איז שולדיג יענם צו לערנן..." 3); „ווער עס איז זוכה צו זיין איין פרנס אבר איין מנהיג אבר איין ממונה אין איין קהלה אזו איז עש פשיטא פֿון הש"י..." 4); ...„איטליכר פרנס קאן ווארפֿן איין מורא אויף ויינה לייט (לשם שמים) אז ער זאל זייני לייט ציהן אין גוטי וועג אונ מעג מאכן (תקנות) עש מעג זיין צו גאטש זאכן אבר אין וועלטליכי זאכן..." 5); „אוך זאל דר פרנס זייני לייט ניט בשווערן מיט (מס) אבר מיט אנדרי גאבונג..." 6); „איין איטליכר פרנס אבר רב זאל מדריך זיין אירי לייט תורה אונ מצות..." 7); „אירי הערן זענן גיוועזן ווי דיא הינדן אונ וויא די הערשן די קיין הערט האבן וואש זאל זיא ווירדן אבר וואש זאל אלטונג אויף זיא געבן אזו הבן ישראל דעש' מאל קיינם גיהאט וואש זאל ויא פֿירן אבר שטראפֿן..." 8); „דא מכט ער איין צייכן דר מיט אויף דעם הימל הן צו גוטן אבר צו ביזן ח"ו..." 9); „נאך איין יראה אין פֿר האנדן ער טוט אלש גוטש פֿון וועגן אז עש זאל אים אבר זייני קינדר קיין אום גליק צו קומן אבר עש זאל אים קיין היזק אין זיינם געלט צו קומן אבר עש זאל אים אן זיין פרנסה ניט מנגלין אבר זייני קינדר זאלן אים ניט שטרבן ביי זיינם לעבן פֿון דעשט וועגן היט ער זיך איין עבירה צו טאן..." 10); „ווער ווערט מצות ציצית מקיים זיין איער איך זעלט אים איין (טלית גדול) אבר איין טלית קטן געבן..." 11); „וועןֿ דיר וואש צו קומט עש מעג זיין גוט אבר ביז אלש 12) דאך ניט מבטל זיין פֿון גאטש דינשט..." 13); „דר כלל איז ווי איר לייגט פֿון אובן ארונטר אבר כסדר אזו מכט עש יראה" 14); ...„גלייך אז וועןֿ איין פֿלעק קומט אין איין גוט זיידן קלייד פֿון איל אבר פֿעץ..." 15); „דרום זאל דר מענש ניט איבריג טראכֿטן ווארום עש איינם וואול אבר איבל גיט" 16); „אונ וועןֿ גלייך אז ווערן ח"ו זעלכי יסורים אז ער קאן ניט לערנן אבר זיין תפלה טאָן פֿר גרושי יסורים נאך דענוך היישט עש דאך (יסורים של אהבה)" 17); „וועןֿ איינר זיין קנעכט אויש שלאגט איין צאן אבר איין אויג מוז ער דעם קנעכט פֿרייא לאזן..." 18); ...„זעלכי יסורים וואז הש"י שטראפֿט אז דר מענש זאל פֿר מיאוסט ווערן אבר אז דר מענש זאל גאר מכולה ווערן..." 19); „צו שטרייטן מיט וואז ער טויג צו (כלי זיין) אבר אנדרי זאכן..." 20); „וועןֿ מן טלית גדול אבר טלית קטן אן ציהט זאל מן אזו זאגן: דא בין איך אוף מיר מקבל מקיים צו זיין היינט אונ אלי טאג אלי מצות וואס מיר ווערן צו האנדן קומן עש זייא פֿון דיא צווייא הונדרט אונ אכט אונ פירציג (מצות עשה) אבר פֿון דרייא הונדרט אונ פֿינף אונ זעכציג (מצות לא תעשה)..." 21); ...„אונ דו תורה מיינט ניט אליינט זיך ריין צו האלטן פֿון הרבי עבירות אז ווי זנות אבר אנדרי עבירות דעשט גלייכן אפילו זעלכי זאכן וואש דיר מותר איז דהיינו ויין צו טרינקן אבר אנדרי זאכן ווערשטו וועלן דיך אימר שיכור טרינקן: אבר דעשט גלייכן די תורה האט דיר מתיר גיוועזן איין וויב צו נעמן אזו ווערשטו וועלן אום גין מיט דיין וויב ווי דר האן מיט די הען אפֿן וואר פֿר לייט אבר אלי צייט דרום שרייבט מן אייך האלט דיך היילג מיט וואש דיר גלייך מותר איז זאלשטו דיך בתרבות אונ היילג האלטן: אונ דר וויל אז מן קאן קיין מאל נאך קיין שיעור שטעלן מיט דעם עשין אבר טרינקן ווי פֿיל דר מעג' זאל עשין אבר טרינקן אבר אנדרי מענשליכי זאכן דרום הט דש דר מענש אין זייני מאכט אייני איטלכר נאך נאטויער נאך ניט איבריג עש זייא מיט זיין עשין אבר טרינקן אבר אנדרי וועלטליכי זאכן..." 22); — א. אַ. ו. א. אָ. ו. 23).

c) נאָך אײַן לענגערע ציטאַטע, אין וועלכער „אובער" קומט פֿור לעבענאַנאַנד אין בײַדע טײַטשען: „דעשט גלייכן די מצוה שבת איז אוך גיוואגן קיגן (תרי"ג מצות) אונ דו זאלשט ווישן אז פֿון איטליכה מצוה ווערט איין מלאך מליץ בשאפֿן: אבר 24) פֿון איין גוטי מחשבה קאן קיין מלאך בשאפֿן ווערן בייארט ער מוז דיא מחשבה ארויש רידן דרום גהער איין איטלכר ארויש רידן זייני גוטי (מחשבה) וויא מיר גשריבן האבן איר זאלט ווישן דיא מצות וואש מיר טאן (תרי"ג מצות) מכט מן איין קרון אונ וועןֿ מן תורה לערנט ווערט אוך איין קרון גימכט אונ די קרון פֿון די תורה איז איבר אלים אבר 24) עו זענן פֿיל מדות פֿר האנדן דהיינו וואש דעם מענשן אן בילאנגן איז אן זיין הרץ דהיינו איין גוט הארץ אבר 25) אין ביזה הרץ צארניג אבר 25) ווילג ליבשאפֿט אבר 25) פֿיינטשאפֿט פֿרייד אב' 25) טרויארג גשיקטיקייט אבר 25) טרעגהייט ווינג צו געבן אבר 25) איבריג צו געבן אונ נאך פֿיל מין ענייגים זיין פֿר הנדן וואש אן דעם מענש איז פֿון גוטי מדות אבר 25) ביזי מדות..." 26).

אַנמערקונג. — אין ווילנער אויסגאַב פֿון „עץ חיים" (1863) קומט „אובער" פֿור נור אין זײַן אייגענטליכער טײַטש. אַנשטאָט דעם „אובער" אין טײַטש „אודער" פֿון די אויבנגענדערמאַנטע 4 אויסגאַבען, הוט דער ווילנער אויסגאַב: „אודער". —

2) „אובער" אין טײַטש „אודער" זעען מיר נאָך אין אַ עלטער ווערק, — אין „ספר החיים" (אַמסטערדאַם 1695), פֿון וועלכען ד"ר מ. גרונוואלד ברענגט 27) די פֿולגענדיקע ציטאַטע:

„אונ' דער דא אן שפרעכֿט זאל זיין הענד וועשען אונ' לעגען אויף דען קאפּ פֿון קראנקן עס זיי איין קליין קינד אבער איין אלטער אונ זאל זאגן: מיט די הילף פֿון גאט דען אלמעכטגן דער דא האלט אלע קראנקן דער זאל אפּ טון פֿון דיר אלע וועטאג אונ' ביזן בעגעגנים וואס דיר איז אן געקומען עס זיי פֿון איין ביזן לופֿט דער אויף דיר איז ווארן געשיקעט אבער פֿון איין מענשן ביזן אן בליק: עס זיי פֿון איין מאן אבער פֿרא עס זיי פֿון אלט אבער יונג: זאל דיר ניט שאדן אן דיין לייב אונ' לעבן ניט אן דיין הערץ נאך ניט אן דיין לונג" 28) ... —

3) עלטער פֿון „עץ חיים" איז אויך „ספר החיים" 29) פֿון ר' שמעון פֿראַנקפֿורטער 30). אין פֿירטער אויסגאַב 31) (תקכ"ז—1767), וועלכען איך הוב אין מײַן ביבליוטעק, קומט

33 לינקס; ד' b, ש' 14 רעכֿטס, ש' 22 לינקס; ה', 10 און 13 לינקס; ה' b, 5, 9, 14, 47 (רעכֿטס), 18, 23 (לינקס); ו', ש' 16 לינקס; א. אַ. ו. — אין די אַלע בײַשפּילען קומט „אובער" פֿור אין דער אייגענטליכער טײַטש פֿון דעם בינדוואָרט. —

1) ב', ש' 18 רעכֿטס. — 2) ש' 43. — 3) ש"ש 8—9 לינקס. —
4) ש' 15. — 5) ש' 34. — 6) ש' 40. —
7) ב' b, ש' 16 רעכֿטס. — 8) ש"ש 24, 25. —
9) ג', ש' 4 רעכֿטס. — 10) ש"ש 35—37. —
11) ג' b, ש' 11 לינקס. —
12) דאַרף זײַן „זאלשט" (ווי פֿורינצקער אויסגאַב). —
13) ד', ש' 9 רעכטס. — 14) ש' 21. — 15) ש' 44. —
16) ה', ש' 17 לינקס. — 17) ש' 33. —
18) ש' 37. — 19) ש' 43. —
20) ה' b, ש' 17 רעכטס. — 21) ש"ש 5, 8 לינקס. —

22) ו', ש"ש 9 פֿפֿ. רעכטס. —
23) אין די אַלע ציטאַטען קומט דאָס בינדוואָרט פֿור אין טײַטש „אודער". —
24) אין זײַן אייגענטליכער טײַטש. — 25) = „אודער". —
26) ה' b, לינקס. —
27) אין זײַן אַרבעט: „אוּם האַוזאַפּוטהעקע אונד הײַלסעגן" („מיטטײַלונגען דער געזעלשאַפֿט פֿיר יידישע פֿולקסקונדע", האַמבורג, 1900, העפֿט 1, ז' 48). —
28) פֿון וואָסער „ספר החיים" די ציטאַטע איז גענומען, קען איך לעת-עתה נישט פֿעסטשטעלען. —
29) געדרוקט צום ערשטען מאָל תס"ג (1703), לויט בן-יעקב („אוצר הספרים", ווילנע 1880, ז' 187 נומער 566) — אין אַמסטערדאַם, לויט אלעזר שולמאַן („שפת יהודית-אשכנזית וספרותה"..., ריגע תרע"ג, ז' 76) — אין פֿראַנקפֿורט-אַם-מײַן. —
30) געבוירען אין שווערין (דײַטשלאַנד), געשטורבען אין אַמסטערדאַם 1712. —
31) צוויי טיילען: I (בלעטער א'—פ"ו) — העברעיש; II (פ"ו—קכ"ח) — יידיש. —

אויך פֿור „אוֹבער“ אין בײדע טײַטשען ¹) [a) אין דער אײַגענט-ליכער, b) = „אוֹדער“]. — גלײַכצײַטיג זעיען מיר „אוֹבער“ אין דעם װערק אויך „אוֹדער“ (אין זײַן געװײַנטליכער טײַטש), הגם דרײַ מאָל אַזױ זעלטענער װי „אוֹבער“ (אין דער טײַטש „אוֹדער“). צ. ב.:

a) „מארגן װערט איר קרינן אייער גוטן לון אבר די מצות מוזט איר טאן הײנט“ [פ״ז b]; „אונ׳ זיא זאל (װידוי) זאגן (װידות בריא) אבר ניט (װידות שכיב מרע)“ [פ״ח]; „די פֿרײנד מאגן (מיד) בײא אים גין אבר פֿרעמדי זאלן ניט איער גין ביז נאך דרײא טאג“ [פ״ט] א. אַ. װ. ²).

b) „פֿיל לײבט שלאָפֿט ער אבר טוט זײן צורך“ [פ״ח b]; „װען ער (חולי מעיים) אבר (חולי הראש) אבר ביזה אויגן הט. זאל מן ניט (מבקר חולים) זײן“; „...דען אײנר דער אײן שװעריקײט הט אויף זײן הערץ אונ׳ װערט קראַנק אבר ער נעמט זיך אין די קראנקהײט װאש צו הערצן דז ברענגט אים צום טוט“ [פ״ט] א. אַ. װ. ³).

c) „אויף פֿאטיר אודר מוטר אודר אויף זײן פֿרײנט קבר זײן גויט צו קלאגין“ [אַ׳ן שַערבלאַט]; „פֿון דען טוט איז קײנר אנטפֿרײט. עז זײא יונג אודר אלט“ [פ״ז b]; „װען זײן הענד אודר פֿים צום בעט ארויש הענגן...“ [צ׳ b], א. אַ. װ. ⁴).

d) אַ פּאָר ציטאַטען, אין װעלכע „אוֹבער“ קומט פֿור לעבענאַנאַנד אין בײדע טײַטשען: — „װען דר חולה אין אײן בעט ליגט מאג מן װאול בײא אים זיך זעצן אויף אײן באנק אבר ⁵) שטול װען ער אבר ⁶) אויף דער ערד ליגט טאר מן זיך ניט בײא זײן בעט זעצן“ [פ״ט b]; „אך דען אל די קינדר די לעבנדיג גיבארן װערן אונ׳ שטערבן אי מן זי יודשת איז מן זי מל אויף דען קברות מיט אײן גלאז אבר ⁵) שערבן אבר ⁶) מיט קײן מעסר“ [קט״ז]. —

e) אין די ציטאַטעןשטײַען לעבענאַנאַנד „אוֹבער“, אין טײַטש „אוֹדער“, און „אוֹדער“: — „דוא ליגשט קראנק פֿיל לײבט מעכשטו פֿר געשן דרום זאג װער איז דיר שולדיג אבר ⁵) אב דו אײנם האשט װאז צו ביװארן געבן אודר ביזטו אײנם אנדרן שולדיג אבר ⁵) האט דיר אײן אנדרר עטװאז צו ביװארן געבן...“ [פ״ט b]; „אונ׳ װען זי מיט שיף אבר ⁵) מיט װאגן מוזטן פֿארן אדר אויש דען תחום גין זאל קײנר מער מיט אז די מן מוז הבן צו דער קבורה אפֿילו פֿאטר אדר מוטר אבר ⁵) קינדר טארן ניט מיט פֿארן: װען אבר ⁶) גכרים דא זײן מוז מן אלש לאזן טאן דורך זי װי דען ערשטן טאג ניט מער אין שיף אבר ⁵) װאגן אדר אויז דען תחום מעגן די מן ניטיג הט צום מת מיט פֿארן“ [קט״ו b]. —

4) אויך אין „קוֹמעט“ (װאַרשע 1857) טרעפֿען מיר „אוֹבער“ אין אײַגענטליכער טײַטש ⁷) און אין טײַטש „או-דער“ ⁸). גלײַכצײַטיק װערט אין דעם װערקעל געברויכט אויך די פֿורם „אוֹדער“ ⁹). —

5) אין „דיא האלץ העקיר אין װאלד“ (לעמ-בערג 1878) קומט קײן אײן מאָל נישט פֿור „אוֹדער“: בלויז „אוֹבער“ אין בײדע טײַטשען ¹⁰).

6) אין „מעשה נורא מהצדיק המפורסים רבי ר׳ אלימלך מיליזענסק זי״ע“ (לעמבערג 1879) אויך אַזױ ¹¹).

7) אין „סיפורי מעשיות“ II (לעמבערג 1882) קומט פֿור אײן מאָל „אוֹדער“ (ז׳ 31). נורם אין דעם ביכעל איז: „אוֹבער“ — אין בײדע טײַטשען ¹²).

8) אין „מעשה פֿון אײן גולדען פֿײגעלע מוט אײן פֿעסאַלע װײַן“ (לעמבערג 1883) קומט קײן אײן מאָל נישט „אוֹדער“: בלויז „אוֹבער“ אין בײדע טײַטשען ¹³).

9) אַנאַלוגיש אין „אײן װאונדערליכע געשיכטע װאס האט זיך גיטראפֿין מיט אײן פֿעריל סוחר אין פעטערסבורג“ (לעמבערג 1884) ¹⁴).

10) אין „דער פֿערפֿורטער שידוך אָדער דרײא חתונות אין אײן נאַכט“ (װאַרשע 1883) זעיען מיר: „אוֹבער“

---

¹) די רײַד איז דאָ, נאַטירליך, נור פֿון צװײַטען (יידישען) זלק. —

²) פ״ט b (4 מאָל), צ׳ (2 מ׳), צ׳ b (5 מ׳) א. אַ. װ. — אין די אַלע ציטאַטען הוט „אוֹבער“ זײַן אײַגענטליכע טײַטש. —

³) פ״ט (נאָך 5 מאָל!), פ״ט b (4 מ׳), צ׳ b, צ״ב, צ״ה b, צ״ו b (2 מ׳), צ״ו (5 מ׳), צ״ז b (3 מ׳), צ״ח (3 מ׳), צ״ח b, צ״ט (4 מ׳), צ״ט b (5 מ׳), ק׳ (2 מ׳), ק׳ b, ק״א (2 מ׳), ק״ב (2 מ׳), ק״ג (3 מ׳), ק״ג b, ק״ד (3 מ׳), ק״ה b (2 מ׳), ק״ו b, ק״ז, ק״ז b, ק״ח, ק״ח b (3 מ׳), ק״ט (2 מ׳), ק״ט b (2 מ׳), ק״י (2 מ׳), ק״י b (3 מ׳), קי״א (2 מ׳), קי״א b (7 מ׳), קי״ב, קי״ג, קי״ג b, קי״ד (3 מ׳), קי״ד b (5 מ׳), קט״ו (7 מ׳), קט״ו b (6 מ׳), קט״ז (3 מ׳), קט״ז b (2 מ׳), קי״ז (3 מ׳), קי״ט (2 מ׳), קי״ט b (2 מ׳), ק״כ, ק״כ b, קכ״א (2 מ׳), קכ״א b (2 מ), קכ״ב, קכ״ב b, קכ״ג b, קכ״ד (2 מ׳), קכ״ה, קכ״ה b, קכ״ו. — הובען מיר, אַלזױ, אין דעם ספר 130 מאָל „אוֹבער“ אין טײַטש „אוֹדער“. —

⁴) פ״ט b, צ״ב b, צ״ה, צ״ו (3 מ׳), צ״ז b, צ״ה, ק״ג (2 מ׳), ק״ה b, ק״ו, ק״ז b, ק״ט, ק״ט b (3 מ׳), ק״י b (2 מ׳), קי״ד, קי״ד b (3 מ׳), קט״ו b (3 מ׳), קט״ז b (2 מ׳), קי״ז, קי״ז b, קי״ח (7 מ׳), קכ״ח. — סך-הכל 41 מאָל אין גאַנצען בוך. —

⁵) = „אוֹדער“. — ⁶) אין אײַגענטליכער טײַטש. —

⁷) צ. ב. אַף ז׳ 6: ... „שװין פֿין לאנגע צײטין אהער, הער איך אלס זאגען, אז יעדערן בעזונדער איז פֿערמיסט זײן (פרנסה) צום בײא שפּיהל, איז אײנער א מלמד, װאלט ער גערין געװעזען א בעל מלאכה, איז אײנער א בעל מלאכה, װאלט ער גערין געװעזין א סוחר, דער סוחר װידער איז מקנא דעם חלפֿן, קארץ קײנער איז נישט צו פֿרידען פֿין זײנע געשעפֿטין, עס האט אביר א חכם א מאהל גיזאגט, אז מען מײנט עס דאך נישט מיט דעם גאנצען הארץ“...; זעי אויך אַף ז״ז 8, 9, 10 (2 מאָל), 11, 13 (2 מ׳), 14 (2 מ׳), 15, 18, 19, 21, 23, 25, 29, 31 (2 מ׳). —

⁸) אַלס אויסנאַם: דאָס רײַמט זיך דורך די פּױליש-יידישע מונדאַרט פֿון מחבר. צ. ב.: „דער נאך װעט ער טראַכטין, אביר גאר זאגין“... [5]; „לאז מען נאר דעם מלמד פליצלינג אנידער שטעללן בײא דעם װערק-שטעלל..., אביר דעם בעל מלאכה װאס געװוינט איז צו ארבעטן פליצלינג ארײן שטעללן אין א האנדל“... [6]; זעי אויך אַף ז״ז 7, 13, 19. —

⁹) „צ״ב, מאן זאגט..., אדיר װען עס טרעפֿט זיך“...; „אײנער װאס שטאהלט אײן מעססער, אדיר אײן זקסט“... [3]. זעי אויך אַף ז״ז 4, 6, 7 (2 מ׳), 9, 13 (3 מ׳), 15, 16, 18, 23, 24, 29. —

¹⁰) אין אײַגענטליכער באַטײַטונג: „דו זאָגסט אַז חוה אונ גװעזון אײן פּרעסורון. װס פּר אײן נארושקײט אונ אָבור גװעזון פֿון אדם װס ער הט גופאָלגט צו הוה“... (ז׳ 3); „האָבון אָן גוהױבון דוא מויז צו װכון אונ האָבון װא אָבור נושט גוקאָנט גופונגון“ (6).

אין טײַטש „אוֹדער“: „װיא זײא האָבון דער װעהן אײן הערש אָבור אײן אונד װענון זײא אום נאָך גולאָפֿון“ (2); „מור אַרבײטון אַזױ װיא דו שקלאַװין אָבור װיא דוא בהמות אונ פעלד טאג אונד נאַכט“ (3). —

¹¹) „אוֹבער“ אין אײַגענטליכער טײַטש — אַף ז״ז 4, 7, 10, 11, 12, 15, 17, 18, 20; „אוֹבער“ אין טײַטש „אוֹדער“ — אַף ז״ז 2, 3, 9, 12, 14, 18, 23, 26. —

¹²) אין אײַגענטליכער — אַף ז״ז 9, 10, 11, 16, 19, 20, 24, 26, 29, 30; אין טײַטש „אוֹדער“ — אַף ז״ז 8, 14, 15, 16, 17, 18, 19, 24, 27. —

¹³) אַלס „אוֹבער“ (ז״ז 4, 7 — 13, 15, 16) און אַלס „אוֹדער“ (ז״ז 6, 7. —

¹⁴) אַלס „אוֹבער“ [ז״ז 1, 2, 6, 7, 10] און אַלס „אוֹדער“ (5, 9 (2 מאָל) 10], —

אין אײַגענטלִיכען טײַטש[1]) און אין טײַטש „אוֹדער"[2]); אויך „אוֹדער"[3]).

11) מ. שלײַפשטײַן, „דיא נײַע זאַבאַװעס אויף דעם װאַרשאָװער פּלאַץ" (װאַרשע 1897) 4: „אָװאַ עֶר קוּמט מיר פאָהר אַזויא װיא יֶענֶע שְׁלַאנְגֶען װאָס טְראָגין זיבען יאָהר אָבֶער[4]) װיא יֶענֶע יוּדינֶע װאָס זיא האָט גיבוֹרין אַ פּאָר". —

12) אין „סערקעלע" װאַרפט זיך דורך: „נוּא װײסט איהר זע װאָס מחותּנֶעסטֶע לֶעבין איך װעל שוין אײך דָס אויך צוּ לִיב טאָהן איהר זאָלט דֶר נאָך נישט זאָגין אַז אָבֶר[4]) אַזוֹ"... (50); אין „יודישען פּאַר-פּסח"[5]) (װאַרשע 1881) װאַרפט זיך דורך: „אַ מִנְהָג איז ניט קײן דין, אַ דין האָט דאָך אַ מָקוֹר און אַ שוֹרֶשׁ אין דער תּוֹרָה, אָבֶער[4]) צום װײנֶעגסטֶען אין דֶער גְּמָרָא". — אין די בײדע בײַשפּילען איז עס אפשר דרוקגרײַז, װעלכער איז אָבער פּסיכאָלאָגיש װיִער כאַראַקטעריסטיש: דאָס האָט דער װאַרשעװער װעצער אים געמאַכט. —

# IV.

1) דאַנגען, אין דוד זאַהיקס[6]) דראַמע „דיא ראָזע ציװישען דערנער" (פּעטריקאָװ 1884) באַגעגענען מיר קײן אײן מאָל נישט דאָס בינדװאָרט „אוֹבער". עס איז אין דעם בוך נוֹרם „אוֹדער" אין בײדע טײַטשען. אַזוי:

a) „אַ מֶעדיל װאָס זיא איז שײן גיקלײדעט און איז ניט גילֶעהרֶענט, זֶעהט זיא אויס װיא אַ געפּוּצט פֶערד אָדער װיא אַ טאַק" (40—41). — „איך זֶעה טאַטאַניא אַז װען דוּא דאַרפסט אַרוּסיש קװיטעל שרײַבען אָדער עפּװאָס איבערלײגען, אַזוי מוּזסטוּ דיא אָן קוּמען צוּא אַ פְּרֶעמדען" (41). — „װאָס ניצט דיר רײַװעלע צוּא זײן אַװיסט צוּקראַצטע (אַריסטאָקראַטקע) אָדער װיא רופט מען דאָס אַ מאַנירטע צוּא אַגעשמירטע (געשטודירטע)" (41). — „נאָהר אין אײַך הײנגט אָן מײן גליק. אָדער מײן אוּמגליק" (61). — „אַלזאָ בעט איך דיך אַז דוּא זאָלסט מיר פאָלגען אויף אײנס פוּן דיא 2 זאַכען. אָדער אויף טױדט, אָדער אויף לֶבען; אָדער ברענג מיך צוּא אַגיטען צװעק, אָדער פאַרברען מיך אין גאַנצען"... (66). — „פלאַמענדיגע ליעבע! אויף אײנס פוּן דיא בײדע זאַכען טהוּא מיר צוּא ליעב, אָדער פאַרברען מיך אויף פּאַפּעל מיט דעם פלאַם פוּן ליעבע, אָדער ברענג מיך צוּ אַ ציעל פוּן גליק"... (71). — „מוּזט װיסען זײן אַז קײן זוּן אָדער נאָך אַטאָכטער האָבען זײא ניט חוּץ מיר" (73). [אין די אַלע ציטאַטען „אוֹדער" אין אײגענטליכער טײַטש].

b) ... „אֶמֶת אַקאָנפּעקט איז זיס, און אַפּענסנע גיט צוּא חן, נאָהר זאָגט מיר איך בעט אײַך. װען מיר זֶעהן אַ הוּנגעריגען. אַנאַקעטין און מיר װילען איהם העלפען. װיא אַזוי איז גלײַבער. צוּא מיר זאָלען איהם גיבין אַקאָנפּעקט און אַנטהוּן אַפּענסנע, צוּא מיר זאָלען איהם גיבען אַשטיק פלײש מיט ברױט. און אָנטהוּן אַװאַרעמען פּעלץ. אָדער אַ יאָ איהר שװײגט הא?" (5). — „נאַ דיר אַזאַ מין שלאַק! אַ יוּד דוּא געהסט דיר אוים שמוֹנֶה-עֶשְׂרֵה מְהֵיכִי תֵּיתֵי. פאַר װאָס ניט. אָדער װיהין קער נאָך צוּא פאַרטשעפּען זיך און פאַלען?" (12). — „האָט דאָס ביסיל שרײַבען און לָשוֹן קוֹדֶשׁ אוים לײגען איז טאַקע נאָהר מֵעַצְמִי. אָדער טאַקי נאָהר מֵעַצְמִי מַמָּשׁ" (16). — „װען ניט דאָס שטיקעלע איבער שלאַג װײס איך שוין װאָס עס װאָלט גיװעהן. האָט דאָס שטיקעלע איז אָדער אויף דעם גאַנצען קאָפּעלע" (24). — „אַזאַ בעסטיע! מע האָט מיר אָדער געזאָגט" (26). — „אפשר מײנסטוּ אַז איך װעל איהר שװײגען אָט דער בעסטיע! אָט דער פערדריפּיטער גנב-טע? אָדער גאָהר

גיין!" (27) „שַׁטְיָא טִפְּשׁוּת! אויף װאָס איך בין קאַרג אָדער אויף אַזעליכע זאַכען בין איך דער ערשטער באַלען" (30). — „... אַזוי לאַנג געסטאַרעט ביז מע האָט חָרוּב געמאַכט דיא הײליגע דרוק. נאָ אָדער איצט װײסט איהר שוין פאַר װאָס מע באַקוּמט הײנט ניט אַזאַ סִידוּר" (31). — „אֶמֶת מע רופט אײַך אויך רײזעלעס מאַמקע, אָדער קײן בלוּט האָט איהר אויף איהר ניט פאַרגאַבען" (32). — „מײַגער איז דאָך אַ מְלַמֵּד, האָט בײא מיר הײנטיגען זומער גילעהרענט צִפּוֹרָה דער קְצִיב-טעם אַ קַדִּישׁ-על נאָהר איך בין אײַך דאַראָף ניט אויבען, האָט מײַגער זוך אַמאָהל שטאַרק גינעמען מיט איהר קַדִּישׁ צוּם חוּמש לעהרנען, איהר קלײנער איז דאָך אָדער אַ גרױסער גוי איז מײַגעם אַזוי שטאַרק געקומען צוּם האַרצען, אַז ער האָט אַזש פאַר כַּעַס מיר געװאָרפען בײדע פאַנטעפעל אין קאָפּ" (34). — „אַ ציצען קלײד אַרט מיך גיט אַז עס איז קורץ, אָדער אַ װאָהלענס, קאָסט דאָך בליט" (36). — „מײַגער שרײַט תאַפּט איהם אַ קרײנק ער ציטערט פאַר דעם דַלּוּת, אָדער מיך קרײנקט װאָס איהר האָט דאָס קלײד איזבאַװעט" (37). — „איך קען זיך דוּך יאָ פאַר אַ װאָהל װײַבעל אין דער יוּגענד, בַּאֲשֶׁר הײנט ביסטוּ אַ גאַנצער טשלען מיט דעם טיטיל, פּעסי דיא קנײטעל לײגערען, אָדער... אָדער, רײסט מיר ניט אויף מײן מויל"... (37). — „אַזוי װיא איך מאַך גאָהר דיא בְּרָכָה, אַנאָזש דער גאַנצער עוֹלָם אין 1 קול אין 1 גילעכטער, אָדער איצט מְנַחֵם האָט מען דיר שוין אין אֶחָת טאַקי אַרײנגישטיפּט דיא תּוֹכֵחָה" (40). — „נאָ טאַכטערזאַניא, אָדער הײנט ביסטוּ שוין ב״ה גלײַך מיט אַללע מעדליך" (40). — „דוּא זאָלסט װעלען אַ יוּדענען לעהרער ער זאָל דיך לעהרנען יוּדיש שרײַבען װאָלט איך מיך שוין אֶפְשַׁר מְיַשֵּׁב גיװעהן, אָדער אַ לעהרער אויף טְרֵפָה-פָּסוּל גײן! כְּלאָטע! דאָס איז ניט גיװעהן אין אונזער מִשְׁפָּחָה, אין עס װעט ניט זײן" (41). — „אֶמֶת דיר װײזט זיך אוים אַז עס איז גלײַך, נאָהר בײא דײנע טאַטע מאַמע איז דאָס אָדער זעהר קְרִים" (41). — „אַללע קלײניקײט און נאַרישקײט קען מען גיך אוים לעהרנען, אָדער ניט בילדונג" (44). — „זײן טודריספּעל איז אַ תְּרוּשׁ-עמדיג בחורעל אָדער 3000 קערבלעך נדן איז פאַר מיר צוּא שװער" (46). — „מִילָא דעם חָתָן מוּז מען מאַכען אַ ליטעיש שטרײמעל חלעבען אָן דעם שטרײמעל קען ער האָבען אַ פָּנִים װיא חוּזק, אָדער דעם מְחוּתָּן מאַכען אַשטרײמעל פאַר 200 קערבליך איז שוין אַרציהָה מְהֵיכִי תֵּיתָא אַשטרײמעל פאַר 15 קערבליך קומט איהם צוּא מאַכען, אָדער גיט פאַר 200 קערבליך" (47). — „זיא פאַרשטעהט גוּט רוּסיש, דײטש, פראַנצױזעש, און קען זעהר גוּט האַנד אַרבײט אָדער איך האָב. גאָט צוּא דאַנק זיך גאָהר גיט גילעהרענט" (49). — „אֶמֶת זײא זענען ניט קײן חֲסִידִים, אָדער יוּדען זענען זײא דאָך" (50). — „איך האָב געלײענט אין אַסֵפֶר, װען מָשִׁיחַ װעט קוּמען און דיא טױדטע װעלען לעבעדיג װערען, דענסטמאָהל װעט מען העסען דעם לִוְיָתָן מיט דעם שוֹר הַבּוֹר, אָדער ניט אויף יענער װעלט" (51). — „איך באַשטעה! איך באַשטעה! (שטילערהײט): אָדער טאַקי נאָהר אויף אַכַּלָּה צוּא װערען, און חֲתוּנָה האָבען מיט דעם װאָס מיר װעט גיפעלען" (51). — „איך האָב דאָך שוין עפּעס איבער גיזעהן כְּלָבִים מַזִּיקִים פאַר זיך. אָדער אַזאַ מין כֶּלֶב האָב איך נאָך ניט באַגעגענט" (56). — „העם דיר נְבֵילוֹת, טְרֵיפוֹת, צוּא זעצטערײד, װער טשעפּעט דיך? אָדער װאָס פאַר אַשײכוּת האָסטוּ מיט יוּדעשע מַאֲכָלִים הא?" (56). — „דיא גַבָּאִים האָט דער רוּחַ גיט גענומען זײא האָבען זיך פריער גיט באַװאָרענט, אָדער פאַר װאָס זאָהלען מיר בלײבען אָן פַּרְנָסָה?" (58). — „האָב זשע דיא קרײנצינע דײן שֵׂכֶל בײא זיך, איז זיא דאָך אָדער אַ דוּראַק"... (60). — „אַשטײגער בײא אײַך לְמָשָׁל איז דאָס אַ הֶדוּשׁ אַז אַ שַׁדְכָן זאָהל טאַקי איך בעט איבער אײער כָּבוֹד ערלעגען, אָדער לְמָשָׁל בײא מיר איך בעט אײַך איבער אײער כָּבוֹד איז דאָס גיט פוּן דיא חִדּוּשִׁים" (62). — „װעגען „יְהוֹשֻׁעַ בֶּן נוּן" האָסטוּ העֶרשײַנט דיא ליכטיגע זהוּן נאָך איהר צײט אָם צוּא געװײנען מיט זײן אַרמײע דעם נִצָּחוֹן פוּן דיא אֱמוֹרִיִּים, אָדער פוּן דאַמאָלס אָהן האָט נאָך אַזאַ װאוּנדערליכע זאַך ניט גישעהן" (66). — „נאָהר דיא ליעבע איז אָדער שטאַרקער פוּן הײזען" (67). — „אַז מע זאָגט: װענט האָבען אױערען. און שְׁכֵינוּת האָבען אויגען דאָס איז נאָהר געזאָגט קענען פערברעכערם. אָדער האָרענטליכע מענשען באַהיט גאָט פוּן שלעכטע נאָך רײד" (69). — „נאָהר גײן! מײן האַרץ איז פאַרלאָרען אָדער גיט מײן שֵׂכֶל!" (70). — „איך װײס אַז נאָך פינסטערניש װערט ליכטיג, אָדער נאָהר זומער צײט" (71). — „דיא זוּהן שײַנט אָדער גיט פאַר אוּנז. זיא שײַנט פאַר דיא גליקליכע, װעליכע זענען צוּא פרידען מיט זײער לעבען. אָדער ניט פאַר אַזעליכע אוּמגליקליכע פּאַרליעבטע װיא מיר זענען" (72). — „װען דעם מענשען איז פרײליך אויף דעם האַרצען, װײזט זיך אים אוים אַז יעדען איז פרײליך, אַז יעדער נאָך װאָס

1) ז״ו 4, 14, 15, 21, 23, 27, 30, 31, 35, 44, 47, 52, 53. —

2) ז״ו 49 (2 מאָל), 54 (2 מאָל). —

3) טיטעלבלאַט; ז״ו 3, 26, 32, 44. —

4) = „אוֹדער". —

5) פוּן משה-אהרן שאַצקעס (געבוירען 1825 אין קאַרלין, מינסקר ג.; געשטאָרבען 24 אויגוסט 1899 אין קיעװ). —

6) אַ דרומרוסלענדישער שרײַבער (װי ס'איז צוּ דערקענען אין לשון פוּן זײן װערק). —

אַרױס אױף זינגט אונז מאַנצט אַלֶלֶע פְריַיט זיך, אָדֶעֶר װען עֶס איז אִיהם שְלֶעכְט, װײַזט זיך אִיהם אױס אַלֶלֶעס װײגט" (72). — „דֶערװײל איז מִיר אָדֶער מִינְקֶעל אונ פִינְסְטֶער פון אַלֶלֶע זײַטען" (72). — „מײן ליעבֶע צוּא דיר האָט אַזױעק גענומֶען מײן גאַנץ האַרץ, אָדֶער מײן שֵׂכֶל מיט מײן פאַרװײעסט האָט זיא נאָך ניט באַרירט" (72). — „אֶמֶת איך האָב דיר צוּא געזאָגט צוּא פאָלגען דיך אױף אללעסען, אָדֶער ניט דַאראַף" (73). — „אמת דיא ליעבע צװינגט מיך דאראף אז איך זאהל מיט דיר אנטלויפען אפילו אין עקװעלט, אָדֶער מײן פאַרװײעסט אונ מײן בַּחַנְנוֹת אױף מײנֶע העֶלְטֶערְען דֶער לאָזט מיך ניט צום אַנְטְלױפֶען" (73). — „װען איך זאהל פילען אז עס איז מעגליך װאָהלט איך מיך שױן לאנג דאראף אַסְמִיעֶליוֶועט, איך װײס אָדֶער זעהר ניט אז דיא געבילדיטע קלאססע זעהט בייא זייא אױס װיא משוּגע" (74). — „איך װאָלט אױך צוּא געגומען דעם טױדט מיט פרייד... נאָר דער טױדט איז אָדֶער אגרױסער צוּא לְהַכְעִים-ניק" (74). — מֶע שְׁרײַט מו"ט, מאַקי אֲפִילוּ מיט וֶועהֶגענְדִיגֶע שְׁטִימֶען אָדֶער עֶס איז פאָרט מו"ט" (80). [אין די אלע ציטאַטען — „אודער"=„אובער"].

2) אין „שבחי בעש"ט" (עלטערער אױסגאַב; יאָר און אורט פֿון דרוק פֿאַ'ן שער גישט אָנגעגעבען) װאַרפֿט זיך דורך: „דר בע"ש מיט דעם װײַב זענין גיזעסן לוסטיג אודר[1]) דר אורח איז גיזעסין מיט גרױס צער"... —

## V.

1) אין די פּױליש-יידישע מונדאַרטען װערט „אובער" געברױכט אױך אַלס סובאָרדינירענדיק בינדװאָרט אין בײַזאַץ, װאָס שטעלט-פֿאָר אומדירעקטען פֿרעגזאַץ[2]).

צ. ב.: „יאַך פֿרעגין, אובו אַ' װיל קױפֿן"; „כ'װײַס ניש, אובו ר' עט מסכים זאַא" (װאַרשע); — „פֿרעגין די גאַנצע שטאָאַט, אובע ל'בין אַ גנב" (זשעראַרדעװ, װאַרש. גוב. בלױנ. ק.); — „יעך פֿרעגין עס, אובע אַ' װיל" (לױװיטש); — „יעך פֿרעגין עס, אובע דע ציקע אי ניט" (קוטנע); — „זאָל ער שװערן, אובער ס'קימט'ן געלט" (לודזש); — „קענע זי מע ניש ענפֿערן געגוו, אובע מ'קען, אובע ניש?" (קױל, קאַליש. ג.); — „ע פֿרעיקט מעך, אובע יעך קענ'ים" (גװאָזדקאָװשין, קעלצ. ג. סטאָלבניצ. ק.); —

אין אַ טײל מונדאַרטען, װידער: אוֹיב. צ. ב, אין קאַלושין (װאַרש. ג., נאָװאָמינסק. ק.): „עט מע זעיע, אויב זײַ זענע אַלט". — אין „קומעט": „מען װײס װידער נישט װען ער װעט קימען, אין אויב ער װעט קימען"... [19], „דאראַרף איז אַזױ נישט געװיס אויב ער האָט זיך פֿאַר יענים מאהל אױך װען באַװיזען" [30]. מענדעלי-מוכר-ספרים l. c.: „ער האָט בעװעצט זײַנֶע געליבְּטֶע קינדֶער יִשְׂרָאֵל, ציפֿריעדען זײא דאָרט, פֿאַר גרױס ליבשאַפֿט, מיט אַלֶע זײַנֶע נסיונות, אויב זייא װעלען קענען אױסהאַלטען יודעשקייט" (2).

אין ליבאַװע: „כ'פֿרעג עס, אײַבער ער װיל". אין קאָלנע (לאָמז. ג.): „טוט אַ קוק יעצט, אײַבער די טראָטוואַרן גײען". — „אײַבער" איז „אויב" (לױט דער ליטװישער אױסשפּראַך: „אײַב") מיט צוגע-װאַקסענער נישטאָרגאַנישער זילב -ער (מיר זעען דירװזיקע זילב אױך אין די אַדװערבען „איצטער, אַצינדער" וכו').

אין מאַטשעװיץ (לובל. ג., גאַרװאָל. ק.): „פֿרעיג עך מעך, אויבע ל'וב גיט גיטיע". —

„אובע ר'וט יו גיקױפֿט מעיל, אובע ר'וט ניש גיקױפֿט, װײַס עך ניש" (ביזשיגין, קאַליש. ג.).

אַנאַלאָגיש אין קאָמאַראָװ (לובל. ג., טאָמאַש. ק.) א. אַ. װ. —

2) זעלטען אפילו, הוב איך געהערט „אודער" אין דער-אײגענער רולע.

צ. ב.: „ס'אי נאָך אַ פֿראַגע, אודער[8]) דער בעל-הבית װעט באַשטײן" (בענדין, פּעטריק. ג.) —

## VI.

1) „אובער" איז אין יידישען אױך אַדװערב מיט דער טײַטש: „נאָכאַמאָל, װידער"[4]).

אין סרוצק (װאַרש. ג., פּולטוסק. ק.), למשל: „װאַאַטער אַ פֿראַגע אין אובער אַ פֿראַגע, װידער אַ פֿראַגע אין אובער אַ פֿראַגע"...

משה מאַרקוזע, „ספר רפואות הנקרא עזר ישראל" (פּאָריצק 1790): „...מאַנים לײט נעמן בתולות. בעקומן װידער בתולות: אונד בעגראַבן אבר בתולות"...; „דער רעקטוך"[5]) [װאַרשע 1876 (?)] 8: „װידער מיט דער נאַז. אָבֶער מיט דֶער נאָז".

װי מיר זעיען, קומען אין די אַלע בײַשפּילען לעבענאַנאַנד „װידער" און „אובער" אין אײן טײַטש, בײַטען זיך: דער סטיל זאָל נישט זײַן מאָנאָטאָניש; דערבײַ װערט צום ערשטען געברױכט „װידער" (אודער „װײַטער") און דערנאָך ערשט „אובער".

אין דער אַלטער יידישער איבערזעצונג פֿון „אחד מי יודע" (אױס דער הגדה) לײענען מיר: „אײנש דאַש װײש איך. אײניג איז אונזר גאָט. דער דאָ לעבט. אונ' דער דאָ שװעבט. אין דעם הימל אונ' אױף דער ערד. — צװײא אונ' דאַש איז אבר מער אונ' דש זעלביג װײש איך. צװײא טאַבּיל מאַיזיש. אײניג איז אונזר גאָט. דער דאָ לעבט וכו'. — דרײא אונ' דאַש איז אבר מער אונ' דש זעלביק װײש איך. דרײא זײן דיא פֿעטר. צװײא טאַביל מאַיזיש. אײניג וכו'". װײַטער גײען: „פֿיר אונ' דאַש איז אבר מער"...; „פֿינף אונ' דאַש איז אבר מער"..., א. אַ. װ., ביז „דרײַצעהן אונ' דש איז אבר מער"[6]). — דער „אובער"[7]) הוט דאָ די טײַטש: „װידער, נאָכאַמאָל, נאָך".

2) אין אײניקע פּױליש-יידישע מונדאַרטען קומט דער אַר-װערב פֿור מיט u. צ. ב. אין װאַרשע: „אָאָבו געלט און אָאָבו געלט"...; „װידע 5 רובו, אָאָבע 5 רובו"...; — אין

---

1) = „אובער". —

2) אין אַנדערע מונדאַרטען װערט אין דער רולע געברױכט דאָס בינדװאָרט צי (צוליב דער פּראָקליטישער שטעלונג געװײנטליך אױסגע-שפּראָכען מיט רעדוצירטען װאָקאַל: צ'). — צ. ב., אין קרעמעניץ: „כ'פֿרעיג'ים, צ' אַ װיל קױפֿן"; „כ'װײַס ניש, צ' אַ'ט מסכים זאַן"; „קענט'אַ מע ניש ענפֿערן גיכוו, צי מ'קען, צי גישט?". — י. י. לינעצקי l. c.: „מֶע װײסט ניט, צי איז מֶען דאָס, װאָס מֶע איז" (7).

3) אַנאַלאָגיע מיט'ן קרעמעניצער צ'. — צ' װערט אין קרעמעניץ געברױכט אױך אַלס אַנטקעגענזעצענדיק בינדװאָרט. מ'זאָגט דאָרט: „אודאַ גיב אודאַ גישט", אָבער: „כ'בין בא אים געװען צװײ צי דרײַ מאָל" [דער „צי" איז דאָ = „אודער"; אין „צי" איז דער װאָקאַל קורץ, מחמת דער װאָקאַבעל קומט דאָס רוב אױס אין אומבאַטאָנטער שטעלונג]. —

4) אַנאַלאָגיש װי אין אה"ד, מה"ד און נה"ד [קלוגע 3]. —

5) קאָמעדיע פֿון אברהם-בער גאָטלאָבער (געבוירען 1811 אין אַלטקאָנסטאַנטין, װאָלין. ג., געשטאָרבען 1899 אין ביאַליסטאָק, גראָדנ. ג.). —

6) „ספר תחנות" (פֿראַנקפֿורט-אַפּ'ן-מײן תע"ד—1714), קצ"ג b — קצ"ד b. — זעי אױך „מעלה בית חורין והוא סדר הגדה של פסח" (דיהרנפֿורט תקנ"ו—1796), כ' b. —

7) אין אײניקע יידישע פֿאָלקסלידער — איבערזעצונגען פֿון דעם „אחד מי יודע" — איז פֿון דעם „אובער" געװאָרען „אודער" (דער-

ראַווע (פּעטריק. ג.): „כ'זבם ווידע גיזאָקט אין אַאַבע ני-אַקט"...— אנאַלאָגיש אין ראַדזימין, וכ'.

3) אין וואַרשע אויך: „ווידעראַמאָל געלט אין אָבער-אַמאָל[1]) געלט".—מ. מ. לעפין[2]), „ספר קהלת" (אָדעס 1873) ד': „ער געהט קיין דרום און דרעהט זיך אויס קיין צפון, אַרום אונ אַרום געהט אויס דער ווינד, אונ אַזוי קומט אָבער אַמאָהל אַרוים אויס דער אייגענער ווינד".—שלום-עליכם l.c.: „קיין גוטען מיטוואָך נאָך נישט געהאַט פון דער חתונה אָן, אַז משטיינסגעזאָגט נאָר געטראַגען איהם אונ געהאַט אונ ווידער אַמאָל איהם געטראַגען אונ געהאַט אונ אָבער אַמאָל פער-גאַנגען איהם אויף טראַגען" (87); „אַז אָך אונ וועה איז מיר, אַז איך האָב מיך בעדאַרפט פערשלײַערען נאָך אַמאָל אונ זיך גט'ען אונ אָבער אַמאָל פערשלײַערען זיך און ווידער אַמאָל גט'ען זיך, ימח שמו וזכרו" (100)[3]).

אַנמערקונג.— די אַדווערבען „אובער, אָבער, אויבעראַמאָל, אָבעראַמאָל", ווי ס'איז צו זעין פון די גע-בראַכטע בײַשפּילען, הובען אַנטקעגנזעצנדיקען ניואַנס. זײַ געבען איבער אַ „נאָכאַמאָל", וואָס וואָלט נישט באַדאַרפט פאָר-קומען, הײַסט עס מאָקי אַ „ווידעראַמאָל", אַ נישטגע-ווינטשטען, אַ ניטאָנגענעמען „נאָכאַמאָל".—

## VII.

צו דער עטימאָלאָגיע פון די צווײַ וואָקאַבלען, פון וועלכע ס'איז די רייד אין דעם עטיוד, לוזט זיך באַמערקען פאָלגענדיקס:

1) אין די ליטווישע מונדאַרטען איז o אין „אובער" פאַרשטענדליך, מחמת אַקעגען מה"ד קורצען a אין אַלטאָפענער זילב הובען זײַ אַלס נורם ô אודער o[4]). אין די פּוילישע און דרומרוסלענדישע מונדאַרטען, דאַנעגען, וואָס הובען אַקעגען מה"ד קורצען a אין אַלטאָפענער זילב לויט געזעצליך û (עווענטועל u)[5]), איז דער o אין דעם דערמאַנטען וואָקאַבל אַ דערשײַנונג, וואָס וואַרט נאָך אַף דערקלערונג[6]). דער u אין אַדווערב „אָבער" פון די פּויליש-יידישע מונדאַרטען[7]) איז דער-פאַר לויטגעזעצליך.

2) עס נײַטיגט זיך אויך אין דערקלערונג דער o אין „אודער", מחמת דער אַנטשפּרעכער פון מה"ד קורצען o אין אַלטאָפענער זילב איז אין יידישען לויט געזעצליך: oj (אין די פּוילישע, אין אַנײַקע דרומרוסלענדישע, אין די גאַליציישע, בוקאָ-ווינער, בעמישע, מעהרישע, אונגאַרישע און סלאָוואַקישע מונד-אַרטען) אודער ej (אין די ליטווישע און אַנײַקע דרומרוסלענ-דישע) [זעי וועגען דעם מײַנע „שמעלבלכער פאַר יידישען פאָלקלאָר, פי-לאָלאָגיע און קולטורגעשיכטע" II, צווייטע העלפט, ז"ז 213—240][8]).—

[פּאָסטסקריפּטום].— שוין נאָך דעם, ווי דער גאַנצער עטיוד איז געווען אָפּגעזעצט, איז מיר, ענדליך, געלונגען צו באַ-קומען פון דײַטשלאַנד אָסקאַר ווײַזעס אינטערעסאַנט בוך[9]).

מיר לײַענען דורט[10]), אַז אין די מיטעלדײַטשישע און אויבערדײַטשישע מונדאַרטען ווערט oder געברויכט אין טײַטש aber, און aber אין טײַטש oder. פון שלעזיען ביז צום ריין קען מען הערען: „du abber[11]) ich"—.aber אַנשטאָט oder קומט-פאָר אפילו אין די בריף פון יוהאַן פרידריך דעם גרויסמוטיגען[12]).

ווײַזעס רעכענט, אַז aber הוט געקענט אָננעמען די טײַטש oder, און די oder טײַטש aber, אַדאַנק דער מיטעלדײַטשישער בײַפורם ader[13]), וועלכע איז געווען באַקאַנט נאָך אין דער מיטעלהויכדײַטשישער צײַט[14]).

שוין מה"ד הוט ader, אויסער דער טײַטש oder, געהאַט אויך די טײַטש aber[14]).

ader קלינגט ענליך ווי aber[15]), און דאָס הוט עס געקענט ברענגען דערצו, די ערשטע קאָניונקציע זאָל איבערנעמען די טײַטש פון דער צווייטער, און די צווייטע די טײַטש פון דער ערשטער.

נאָך דעם, ווי ader (וואָס הוט תחלת געהאַט נור די טײַטש oder) הוט אָנגענומען נאָך די טײַטש aber, הוט אויך oder גע-קענט אָננעמען די צווייטע טײַטש (די טײַטש aber).—

די פאַרקירצונגען, וואָס קומען-פאָר אין דעם עטיוד:
אה"ד = אַלטהויכדײַטשיש (די הויכדײַטשישע שפּראַך ביז יאָר 1100).
מה"ד = מיטעלהויכדײַטשיש (די הויכדײַטשישע שפּראַך אין דער עפּאָכע צווישען 1100 און 1350).
נה"ד = נײַהויכדײַטשיש (די הויכדײַטשישע שפּראַך פון 1350 אָן).
קלוגע = Friedrich Kluge: „Etymologisches Wörterbuch der deutschen Sprache", Strassburg 1915.—
טיאַנדער = K. Tiander: „Deutsch-Russisches Wörterbuch", St.-Petersburg 1911.
לעקסער — Matthias Lexer: „Mittelhochdeutsches Taschenwörterbuch", Leipzig 1908.—

פאַר, אפשר, וואָס די פאָלקסמאַסע הוט מיט דער צײַט אויפגעהערט צו פאַרשטיין די טײַטש פון „אובער" אַף דעם אורט, הוט זי אים פאַרביטען מיט „אודער", וועלכער הוט, לויט איר אויפפאַסונג, מער געפּאַסט דאָ). זעי אין ערשטען באַנד פון מײַנע „יידישע פאָלקסלידער" (וואַרשע 1911): „אײַנס, אײַנס, אודער מער!... צווײַ, צווײַ, אודער מער!" א. א. וו. (די לידער נומער 97 און 98).—

1) נה"ד: abermals, abermal [טיאַנדער 5].—

2) מענדעל לעפין (אודער לעווין, אודער סאַטאַנאָווער, אודער מיקולאַיעווער), געבוירען 1741 אין סאַטאַנאָוו (פּאָדאָליען), געשטאָרבען 1819 אין מיקולאַיעוו (פּאָדאָליען).—

3) כאַראַקטעריסטיש: אין ביידע פאַלען בײַ שלום-עליכם'ן זאָגען דאָס פרויען!—

4) זעי מײַנע „זאַמעלביכער פאַר יידישען פאָלקלאָר, פילאָלאָגיע און קולטורגעשיכטע" II, צווייטע העלפט (דרוקט זיך) ז"ז 267 ff.—

5) דאָרטען, ז"ז 284—300 (דערהויפּט די טאַבעלע אַף ז' 300).—

6) אפשר שטעקט די דערקלערונג דערין, וואָס „אובער" שטייט אויס ענקליטיש (ד. ה. אין אומבאַטאָנטער פּאָזיציע, אין שאָטען פון פריערשטייענדיקען וואָרט)?—

7) דאָרטען, ז"ז 286—292.—

8) אפשר שטעקט אויך דאָ די דערקלערונג דערין, וואָס „אודער" קומט אויס אין ענקליטישער שטעלונג?—

9) Prof. Dr. Oskar Weise: „Unsere Mundarten, ihr Werden und ihr Wesen". Leipzig und Berlin. 1910.—

10) ז. 119.— 11) = „אודער".— 12) ווײַזע ז' 120.—

13) = oder.— 14) זעי: לעקסער 2.—

15) ביידע פאָרמען הובען אַף 4 קלאַנגען 3 בשותּפותדיקע (a, e, r), און אונטערשיידען זיך נור אין אײן קלאַנג (די ערשטע פאָרם הוט d, די צווייטע b).—

